# וואָלקאָווישקער יזכור-בוך

רעדאַקטירט
פון
ד״ר. מאָזעס איינהאָרן

ערשטער באַנד

ניו-יאָרק, 1949




# צום אָנדענק פון
# מיין אומגעקומענ־
# נער פאַמיליע און
# חרוב־געוואָרענער
# וואָלקאָווויסקער
# ק ה י ל ה

יזכור

וואָלקאָוויסק

סוויסלאָטש · ליסקאָווע

פּיעסק · פּאָרזעווע

וואָלפּ · זעלווע

אַמסטיבאָווע · רוזשנאָי

מאָסט · איזאַבעלין

ראָש · קרעמיאַניצע

יאַלאָווקע

ת נ צ ב"ה

# אינהאַלט

## ערשטער באַנד

## צווייטער באַנד




די ערשטע ידיעות וועלכע זיינען אָנגעקומעןביים סוף פונ׳ם לעצטען וועלט־קריג וועגען דער גרויזאַמער אויסראָטונג פון מיליאָנען אידען אין אייראָפּע האָבן, פאַרשטעהט זיך, ערשיטערט יעדען איינעם פון אונז און, צו דער זעלבער צייט, כמעט ווי אָפּגעטעמפּט אונזערע חושים. אַזוי גרויס איז געווען דער חורבן און אַזוי ברייט אין פאַרנעם איז געווען דער צאַרן, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסען אויף אונזערע אומגליקליכע ברידער און שוועסטער אין דער אַלטער היים, אַז ס׳האָט אַזש ביי פילע פון אונז אָפּ־גענומען דאָס לשון און מיר זיינען געבליבען ווי פאַרגליווערטע אין אָנגעזיכט פון די מורא׳דיגע גיהנום־ליידען, וואָס אונזערע נאָהענטע און טייערע האָבען געהאַט אויסצושטעהן, און אין אָנגעזיכט פון דער שרעקליכער אכזריות, וואָס די דייטשע רוצחים האָבען צוזאַמען מיט זייערע מיטהעלפער פון אַנדערע פעלקער, אַרויסגעוויזען כלפּי דער שוצלאָזער און אונטער־דריקטער אידישער באַפעלקערונג. אָבער צוזאַמען מיט׳ן גרויסען צער, וואָס האָט אונז אַלעמען אַרומגעכאַפּט אויף אונזער נאַציאָנאַלען אומגליק — די פאַרניכטונג פון אַ דריט־חלק פון אונזער פאָלק — האָט זיך, נאָך דער ערשטער אויפטרייסלונג, אָנגעהויבען אויסצושיילען ביי פילע פון אונז דער פּערזענליכער וועהטאָג, דער צער אויפ׳ן אומקום פון קרובים און פריינט, חברים און לאַנדסלייט. ס׳האָט דערוואַכט ביי אונז אַ נאָגענדע בענקשאַפט און אַ רצון אויסצוגעפינען אַלע פּרטים וועגען דעם טויט פון אונזערע ליבסטע און וועגען די עינויים וואָס זיי האָבען געהאַט אויסצושטעהן אין זייערע לעצטע יאָרען.

ביי מיר פּערזענליך איז אָט דער רצון געקומען צום אויסדרוק אין אַ רייזע וואָס איך האָב אונטערגענומען קיין ארץ־ישראל באַלד ביי דער ערשטער מעגליכקייט — אין יאָר 1945 — כדי צו קריגען פון די געצעהלטע

גערעטעוועטע יחידים פון וואָלקאָוויסק, וואָס זיינען דאָן אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, געניויע ידיעות און איינצעלהייטען וועגען דעם שיקזאַל פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג בכלל און פון מיין פאַמיליע בפרט. די ידיעות, וואָס איך האָב דאָרט באַקומען, האָבען מיר דאָן געגעבען דעם ערשטען אַלגעמיינעם איבערבליק איבער׳ן גאַנג פון די טראַגישע געשעהענישען אין וואָלקאָוויסק — און האָבען מיך אויפגעטרייסעלט ביז צו דער טיפעניש פון מיין האַרצען.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך אומגעקערט קיין ניו־יאָרק האָב איך באַשלאָסען צו פאַראייביגען, אין דער פאָרם פון אַן אומפּאַסענדען בוך, די וואָלקאָוויסקער קהילה, וואָס איז אינגאַנצען חרוב געוואָרען און פון וועלכער עס איז קיין זכר ניט געבליבען. אָבער, אויסער דעם ביסעל אינ־פאָרמאַציע, וואָס איך האָב געקראָגען אין ארץ־ישראל וועגען דער חורבן־תקופה, האָב איך ניט געהאַט קיין שום מאַטעריאַל — קיין שום ליטעראַרישע און געשיכטליכע שילדערונגען און בילדער — וואָס איז געווען נויטיג כדי אויפצושטעלען אַ לעבעדיג בילד פון דער אַלטער היימשטאָט. איך האָב זיך דעריבער געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט וואָלקאָוויסקער פאַראיינען און יחידים איבער דער גאַנצער וועלט — אַרגענטינע, קאַנאַדע, דרום־אַפריקע, אויסטראַליע, ארץ־ישראל, מעקסיקאָ, ענגלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע, איטאַליע, דייטשלאַנד, פוילען, א. א. — וועלכע האָבען מיר, לויט מיין בקשה, צוגעשטעלט אויטענטישע מאַטעריאַלען: עראינערונגען, גע־שיכטליכע באַשרייבונגען, שילדערונגען, כראָניקעס, בילדער, נומערען פון דער וואָלקאָוויסקער צייטונג ״וואָלקאָוויסקער לעבען״, א. א. וו.

איך בין געווען זעהר ערמוטיגט פונ׳ם האַרציגען אָפּרוף וואָס איך האָב געקראָגען פון אונזערע לאַנדסלייט אין אַלע עקען וועלט. יעדער וואָלקאָוויסקער האָט זיך באַמיט מיר אַרויסצוהעלפען אין דער וויכטיגער אויפגאַבע וואָס איך האָב אויף זיך גענומען: ווער ס׳האָט אַליין געשיקט מאַטעריאַלען און ווער ס׳האָט צוגעשטעלט נייע אַדרעסען פון וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט ביי וועלכע ס׳האָט זיך געפונען וויכטיגער מאַטעריאַל.

אויסער דעם האָב איך פערזענליך אַראַנזשירט, אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע אַמעריקאַנער שטעט, באַגעגענישען און אינטערוויוען מיט פיל וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט, און פאַרצייכענט פאַרשידענע עפּיזאָדען, פאַקטען, נעמען פון וואָלקאָוויסקער עסקנים און פערזענליכקייטען, רשימות פון כלל־טוער אין די פאַרשידענע פּאָליטישע, געזעלשאַפטליכע, קולטורעלע און סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס און חברות פון אונזער ליבער היימשטאָט. אַ באַזונדערס־שווערע אַרבייט איז געווען צו אידענטיפיצירען די נעמען פון די מענשען אין די גרופּען־פאָטאָגראַפיעס, וועלכע מ׳האָט מיר צוגעשיקט.

ס׳איז אויך געווען נויטיג צו עקזאַמינירען, צוזאַמענשטעלען און רעדאַקטירען דעם גאַנצען מאַטעריאַל, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמעלט. אָבער אין אַלגעמיין איז דאָס ״וואָלקאָווויסקער יזכור־בוך״ אַ קאָלעקטיווע שאַפונג פון אונזערע וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט איבער דער גאַנצער וועלט.

אַזוי ווי וואָלקאָוויסק האָט געדינט אַלס קולטורעלער, עקאָנאָמישער און געזעלשאַפטליכער צענטער פאַר פיל קליינע שטעטלעך פון איר אומ־געבונג, וועלכע האָבען אויך געטיילט איר טראַגישען און ביטערען גורל, האָב איך געפונען פאַר נויטיג צו ווידמען אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פונ׳ם בוך צו אייניגע פון די דאָזיגע שטעטלעך, וועגען וועלכע ס׳איז מיר געלונגען צו קריגען גענויע אינפאָרמאַציע איבער זייער לעבען און טראַגישען סוף. מיר ווייסען, אַז ניט נאָר די לאַנדסלייט פון די דאָזיגע שטעטלעך, נאָר אויך אונזערע וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט — וועלכע זיינען געווען ענג פאַרבונדען מיט די אַרומיגע שטעטלעך און האָבען דאָרט געהאַט פיל קרובים פריינט און באַקאַנטע — זיינען זעהר פאַראינטערעסירט צו וויסען די פּרטים וועגען דעם גורל פון די שכנות׳דיגע שטעטלעך.

די שילדערונג פון די טרויעריגע פּאַסירונגען אין וואָלקאָוויסק פאַר־נעמט אינ׳ם בוך אַריבער הונדערט־און־פופציג זייטען און גיט אַ גענויען איבערבליק איבער אַלעס וואָס ס׳האָט פּאַסירט אין וואָלקאָוויסק, אָנהויבענדיג פונ׳ם זומער, 1939, ביז צום מורא׳דיגען סוף.

פון באַזונדערס גרויסער באַדייטונג איז דער גענויער באַריכט, וואָס ווערט פאַרעפענטליכט אינ׳ם בוך, וועגען דעם גורל פון אַלע וואָלקאָוויסקער אידען, משפחות און יחידים — איינגעטיילט לויט די גאַסען אין וועלכע זיי האָבען געוואוינט. דער באַריכט גיט יעדען וואָלקאָוויסקער אידען די מעגליכקייט צו וויסען גענוי ניט נאָר וועגען דעם גורל פון זיינע אייגענע פאַמיליע־מיטגלידער נאָר אויך כמעט וועגען אַלע וואָלקאָוויסקער אידען. אַזאַ פולער באַריכט איז אַ זעלטענהייט אין אונזער גאַנצער חורבן־ליטעראַטור פון די לעצטע יאָרען. דעם באַריכט האָט צונויפגעשטעלט אונזער ליבער און איבערגעגעבענער לאַנדסמאַן יצחק טשאַפּער, וועלכער איז געבוירען געוואָרען אין וואָלקאָוויסק און האָט דאָרט געוואוינט אַלע זיינע יאָרען. ער האָט דורכגעמאַכט דעם גאַנצעןליידענס־וועג פון אונזער באַליבטער היימ־שטאָט און איז איינער פון די ווייניגע וואָלקאָוויסקער וועלכע זיינען לעבען־געבליבען נאָכ׳ן גרויסען חורבן.

אינ׳ם בוך איז אויך פאַראַן אַן ענגלישע אָפּטיילונג אין וועלכער ס׳ווערען געגעבען אַ תמצית׳דיגע באַשרייבונג וועגען וואָלקאָוויסק און איר לעבען און אַ גענויע שילדערונג פון די טראַגישע געשעהענישען אין וואָל־קאָוויסק ביז צו איר אונטערגאַנג. דאָס איז געטאָן געוואָרען צוליב דעם,

כדי אויך די יוגענד, וואָס שטאַמט פון וואָלקאָוויסקער עלטערען און באַהערשט נית די אידישע שפּראַך, זאָל האָבען די מעגליכקייט זיך צו באַקענען מיט דער היימשטאָט פון זייערע עלטערען.

אינ׳ם בוך זיינען פאַראַן קרוב צו דריי הונדערט פאָטאָגראַפישע בילדער, וועלכע לעבען־אויף די גאַנצע שטאָט — כמעט אַלע וואָלקאָוויסקער גאַסען און אַנשטאַלטען, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, פּאַרטייען און שולען — אַזוי, אַז כמעט יעדער וואָלקאָוויסקער וועט געפינען אינ׳ם בוך דאָס הויז אין וועלכען ער איז געבוירען געוואָרען און אויך פיל פּנים׳ער פון זיינע נאָהענטסטע און באַליבטסטע מענשען.

איך קען דאָ ניט אויסרעכענען די נעמען פון אַלע די יעניגע, וועלכע האָבען מיר געהאָלפען צוזאַמענשטעלען דעם בוך, ווייל דאָס וואָלט פאַרנומען צופיעל פּלאַץ. די צאָל פון די דאָזיגע מענשען איז זעהר גרויס. הונדערטער וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט פון אַלע טיילען וועלט האָבען בייגעטראָגען זייער חלק צו דער דאָזיגער אַרבייט. איך שיק דאָ אַלעמען מיין אויפ־ריכטיגען דאַנק פאַר זייער מיטהילף אין דער שאַפונג פונ׳ם ״יזכור־בוך״.

כאָטש דאָס ״וואָלקאָוויסקער יזכור־בוך״ טראָגט אַ לאָקאַלען כאַראַק־טער, שפּיגעלט עס פונדעסטוועגען, אין אַ געוויסער מאָס, אויך אָפּ דאָס לעבען און שאַפען פון הונדערטער מזרח־אייראָפּעאישע אידישע שטעט און שטעטלעך אין די לעצטע צוויי דורות. אין כמעט אַלע אידישע קהילות פון מזרח־אייראָפּע האָבען עקזיסטירט און זיך ענטוויקעלט עהנליכע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, אַנשטאַלטען און שולען, ווי די וואָס האָבען זיך געפונען אין וואָלקאָוויסק. דאַריבער איז דאָס ״וואָלקאָוויסקער יזכור־בוך״ פון גרויס אינטערעס אויך פאַר׳ן אַלגעמיינעם אידישען לעזער־פּובליקום, פאַר יעדען אידען וואָס וויל זיך נעהענטער באַקענען מיט׳ן עכטען אידישען לעבענס־שטייגער. אויך דער צוקונפטיגער אידישער היס־טאָריקער וועט קענען שעפּען פונ׳ם בוך וויכטיגען מאַטעריאַל פאַר זיינע פאָרשונגען איבער דעם אידישען לעבען אין מזרח־אייראָפּע.

איך וויל דאָ באַזונדערס אויסדריקען מיין האַרציגסטען דאַנק און אַנערקענונג צו די פאָלגענדע פּערזאָנען, וועלכע האָבען מיר געטריי מיט־געהאָלפען אין דער צוגרייטונג, באַאַרבייטונג, צוזאַמענשטעלונג און רע־דאַקטירונג פונ׳ם „וואָלקאָוויסקער יזכור־בוך״: חיים ווײַנער — באַקאַנטער העברעאיש־אידישער שריפטשטעלער און טשאַרלס ה. קאָוען — באַוואוסטער ענגליש־אידישער פּובליציסט. איך גיב דאָ אויך אַ יישר־כוח דעם באַגאַבטען מאָלער נאַטע קאָזלאָווסקי פאַר זיינע פיינע אילוסטראַציעס צום בוך.

**ד״ר. מאָזעס איינהאָרן**

# מיין פאַמיליע

## די פאַמיליע איינהאָרן

איידער איך הויב אָן צו באַשרייבען מיין חרוב־געוואָרענע געבורטס־שטאָט וואָלקאָוויסק — איר געשיכטע און אַנטוויקלונג, אירע טרוימער און בויער, אירע טיפען און פערזענליכקייטען — דערלויב איך מיר צו געבען אַ קורצע שילדערונג פון מיין אייגענער משפחה, די פאַמיליע איינהאָרן. איך בין זיכער, אַז מיינע וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט, וועלכע האָבען גוט געקענט מיין משפחה, וועלען פאַרשטעהן דעם אינערליכען דראַנג וואָס טרייבט מיך דאָס צו טאָן.

די פאַמיליע איינהאָרן איז אַ אַלטע, גרויסע און פאַרצווייגטע משפחה. די איינהאָרנ׳ס זיינען צעשפרייט אין פאַרשיידענע לענדער, און ווען איך זאָל דאָ וועלען ברענגען די לעבענס־געשיכטע און כאַראַקטעריסטיק פון זיי אַלע, וואָלט עס פאַרנומען זעהר פיל פלאַץ. איך וועל זיך דעריבער באַגנוגענען מיט דעם וואָס איך וועל דאָ דערמאָנען די גאָר־באַוואוסטע פון צווישען די איינהאָרנ׳ס און די יעניגע וועלכע זיינען מיר אַמבעסטען באַקאַנט און נאָהענט. איך וועל אָנפאַנגען מיין שילדערונג מיט אַ קורצער באַשרייבונג פון מיין פאַמיליע־בוים (לויט דער אינפאָרמאַציע וואָס ס׳האָט מיר צוגע־שטעלט דר. שמעון איינהאָרן פון תל־אביב) — אָנהויבענדיג פון ר׳ עוזר׳ן, דער זעקסטער דור פאַר מיר.

ר׳ עוזר, וועלכער האָט געוואוינט אין גראָדנער געגענד, איז געוועזען דער איידעם פון ר׳ צבי הירש יאַנאָווער און דער שוואָגער פון ר׳ יהושע צייטלין און ר׳ אהרן ברוידע. ר׳ עוזר׳ס זוהן איז געוועזען ר׳ איסר.

ר׳ איסר האָט געהאַט דריי זיהן: צבי הירש (דער בכור), וועלכער איז געוועזען מיין עלטער־זיידע, זאב וואָלף (וועלכער האָט מחבר געוועזען אַ פיינעם פירוש אויף מדרש־רבה) און עוזר „דער מאָסקווער״.

עוזר „דער מאָסקווער״ האָט געהאַט אייניגע טעכטער און פיר זיהן: איסר „דער גרויסער״ (מען האָט אים אַזוי גערופען ווייל ער איז געוועזען אַ הויכער), וועלכער האָט געוואוינט אין גראָדנע, שמואל־לייב (וועלכער איז אַוועקגעפאָרען אויף אַ פאָרשונגס־עקספעדיציע קיין נאָרד־אַפריקע און איז דאָרט נעלם געוואָרען), יצחק און אליהו.

איסר „דער גרויסער" האָט געהאַט דריי זיהן: אברהם (רב פון סו־כאָוואָליע), מענדעל און משה (וועלכער האָט געוואוינט אין ביאַליסטאָק).

אברהם (דער סוכאָוואָליער רב) האָט געהאַט דריי טעכטער און דריי זיהן, פון וועלכע ס'איז באַזונדערס באַקאַנט פּראָפעסאָר מאַקס איינהאָרן (באַריהמ־טער מאָגען־ספּעציאַליסט אין ניו־יאָרק).

מענדעל'ס אַ אייניקעל איז דר. שמעון איינהאָרן (אַ באַקאַנטער העברע־איסט און למדן), וועלכער האָט געוואוינט אין מינסק און איז בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ מיליטערישער דאָקטאָר; ער האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין תל־אביב, וואו ער וואוינט ביז צום היינטיגען טאָג, און איז טעטיג אויף זיין געביט — אַלס ספּעציאַליסט פאַר נערוועז־קראַנקהייטען.

משה האָט געהאַט דריי טעכטער און דריי זיהן, צווישען וועלכע ס'זיינען געווען באַזונדערס באַקאַנט: אהרן איינהאָרן (באַוואוסטער אידישער שרייבער און מיטאַרבייטער פון'ם וואַרשעווער „היינט"), וועלכער איז אומגעקומען דורך די נאַציס, און יוסף איסר — אַ אַגראָנאָם און איינער פון די ערשטע לעהרער אין „מקוה־ישראל" און פּאַרפאַסער פון העברעאישע ווערק אויפ'ן געביט פון אַנאַטאָמיע און אַגראָנאָמיע. ער איז אויך באַקאַנט אלס דער קלאַסישער איבערזעצער פון קאַרלייל און היפּאָליט טען אויף העברעאיש.

אליהוס קינדער — חיים משה, איסר, לאה און חאַשע — האָבען אויס־געוואַנדערט קיין אַמעריקע. זייערע קינדער — באַוואוסטע סוחרים, אינ־דוסטריעלער און פּראָפעסיאָנאַלען — וואוינען אַלע אין די פאַראייניגטע שטאַטען.

צבי הירש, מיין עלטער־זיידע, האָט געהאַנדעלט מיט טערפּענטין און גע־וואוינט אין סלאָנים, וואו ער איז אויך געשטאָרבען.

חיים עוזר (מיין זיידע) איז געווען דער עלטסטער זוהן פון צבי־הירש'ען. חיים עוזר איז געווען דער ערשטער איינהאָרן וואָס האָט זיך באַזעצט אין וואָלקאָוויסק, וואו ער האָט אויך געהאַנדעלט מיט טערפּענטין. מיין זיידע חיים עוזר איז געשטאָרבען יונגערהייט און נאָך זיין טויט האָט זיין פרוי דבורה (מיין באָבע) ווייטער אָנגעפיהרט מיט'ן מסחר פון טערפּענטין און שפּעטער געעפענט אַ אַפּטייק־קראָם. מיין זיידע חיים עוזר האָט געהאַט זעקס זיהן און דריי טעכטער: רבקה־עלקע, יוסף־איסר (מיליטערישער דאָקטאָר אין מאָסקווע), שמואל, שאול־זלמן, בלומע, קדיש־בנימין, יצחק־זעליג (געווען אינזשעניר אין פּעטערבורג און געמאַכט פאַרשיידענע ערפינדונגען), צביה און צבי־הירש (מיין פאָטער).

רבקה־עלקע האָט געהייראַט ר' דוד שלמה גראָדזענסקי (רב פון איוויע) — און זייער זוהן איז געווען דער באַריהמטער רב און גאון ר' חיים עוזר



צבי הירש איינהאָרן
מיין פאָטער
געשטאָרבען אין וואָלקאָוויסק אין יאָר 1918

ZWI HIRSCH EINHORN
My Father, died in Wolkovisk, 1918.

גראַדזענסקי (פון ווילנע), וועלכער איז געשטאָרבען ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. רבקה־עלקע׳ס אַ טאָכטער (אַ שוועסטער פון ר׳ חיים עוזר גראַדזענסקי) איז געווען פאַרהייראַט צו הרב ר׳ יצחק קאָסאָווסקי (וועלכער איז געווען רב אין וואָלקאָוויסק).

שמואלים זיהן זיינען געווען: חיים עוזר (אַדוואָקאַט אין וואָלקאָוויסק) און יאַנקעל (האָט געהאַט אַ באַקאַליי־קראָם אין וואָלקאָוויסק), וועמעס זוהן וולקע (שמואל איינהאָרן) וואוינט איצט אין תל־אביב און איז דאָרט אַ באַקאַנטער סוחר און אימפּאָרטער.

קדיש־בנימין איז געווען דאָקטאָר־מעדיצין און אויך — אין משך פון אַ באשטימטער צייט — קאַזיאָנער ראַבינער אין וואָלקאָוויסק; זיין זוהן איז דער באַוואוסטער אידישער דיכטער דוד איינהאָרן.

מיין פאָטער צבי־הירש איז געווען דער אינגסטער זוהן פון מיין זיידען ר׳ חיים עוזר, און ער האָט נאָך דעם טויט פון זיין מוטער דבורה איבערגע־נומען איר אַפּטייק־קראָם אין וואָלקאָוויסק. ער איז דעריבער געווען באַ־קאַנט אין וואָלקאָוויסק אונטער׳ן נאָמען „הערשל דער אַפּטייקער״.

***

דער גורל האָט געוואָלט, אז איך זאָל נאָך יונגערהייט אָפּגעריסען ווערען פון מיין היים. אַלס אַ יונגער אינגעל בין איך אַוועקגעפאָרען קיין ארץ־ישראל צו לערנען אין דער העברעאישער „הרצליה״־גימנאַזיע, און שפּעטער האָב איך שטודירט מעדיצין אין אַמעריקע. אָבער איך בין שטענדיג גע־בליבען צוגעבונדען צו מיין ליבער פאַמיליע און היימשטאָט. די וואַרימע האַרציגע אַטמאָספערע פון אונזער הויז איז מיר געבליבען אין זכרון פון מיינע פריהסטע קינדער־יאָרען — און איך האָב מיך שטענדיג באַמיהט אָנ־צוהאַלטען די פאַרבינדונג מיט מיינע נאָהענטסטע און טייערסטע. אַלס שילער פון דער „הרצליה״־גימנאַזיע פלעג איך זומער־צייט קומען צופאָרען אַהיים אויף וואקאַציע, און אויך שפּעטער, אַלס דאָקטאָר אין אַמעריקע, פלעג איך פון צייט צו צייט באַזוכען מיין פאַמיליע אין וואָלקאָוויסק. פאַרשטעהט זיך, אַז איך האָב שטענדיג אָנגעהאַלטען אַ שריפטליכען קאָנטאַקט מיט מיין משפחה, וועלכע איז מיר געווען איינגעבאַקען אין האַרצען.

## מיין פאָטער

ווי לעבעדיג שטעהט פאַר מיינע אויגען מיין פאָטער מיט זיין סימפּאַטישען אויסזעהן. ער איז געווען פון מיטעלען וואוקס און האָט פאַרמאָגט פיינע געזיכט־שטריכען און אַ געדיכטען קאָפּ האָר. ער איז געווען גוט און איידעל און אַלע וואָלקאָוויסקער איינוואוינער, סיי אידען און סיי קריסטען, האָבען



מיכלע קאַגאַן-איינהאָרן
מיין מוטער
געשטאָרבען אין וואָלקאָוויסק אין יאָר 1926

MICHLIA KAGAN EINHORN
My Mother, died in Wolkovisk, 1926.

אים רעספּעקטירט און זיך באַצויגען צו אים מיט גרויס צוטרוי. מענשען פלעגען קומען זיך צו עצה'ען מיט אים וועגען זייערע קראַנקהייטען און אַנדערע ענינים, און ער איז קיינמאָל ניט מיד געוואָרען ארויסצואווייזען זיין גוטסקייט און געדולד צו אַלעמען און אויפנעמען יעדען איינעם מיט אַ האַרציגען שמייכעל. ער פלעגט שרייבען הונדערטער אַדרעסען פאַר די איינוואוינער פון שטאָט צו זייערע קרובים און פריינד אין אַמעריקע. ער האָט געהאַט טיפע ידיעות אין דער וויסענשאַפט פון פאַרמאַצעווטיק און אין טעראַפּיע. ווען איך בין שוין געווען אַ דאָקטאָר־מעדיצין און פלעג פאָרען אַהיים קיין וואָלקאָוויסק אויף באַזוכען, פלעג איך דורכקוקען זיינע פאַרבליבענע פאָרמולעס און זיך ממש וואונדערען אויף זיין גרויסער קענטעניש פון פאַרמאַצעווטיק. איך אַליין, אין מיין אייגענער פּראַקטיק, האָב זיך ניט אָפּגעהאַלטען פון צו באַנוצען זיך מיט פילע פון זיינע פאָרמולעס, וועלכע האָבען זיך אָפט אַרויסגעוויזען צו זיין זעהר דערפאָלגרייך.

ער האָט זיך באַצויגען מיט גרויס ליבשאַפט צו זיינע קינדער און האָט זיי אַלעמען געגעבען אַ גוטע דערציהונג. ער איז געווען אַ רעליגיעזער איד — ער פלעגט דאַוונען יעדען פריהמאָרגען — אָבער ניט קיין פאַנאַטיקער, און ער האָט זיך באַצויגען מיט טאָלעראַנץ צו אַלע מענשען. ערב פסח פלעגט ער צוגרייטען חרוסת און פיל וואָלקאָוויסקער פלעגען צו אונז קומען נעמען חרוסת פאַר די סדרים. ער האָט מיט זיין גוטסקייט און איידעלקייט געדינט אַלס אַ גלענצענדער ביישפּיל פאַר זיינע קינדער, און נאָך זיין טויט, ו' טבת תרע"ט (1918), האָבען מיינע שוועסטער, פעשקע און ראָזע, איבערגענומען די מצווה פון שרייבען אַדרעסען פאַר וואָלקאָוויסקער איינוואוינער צו זייערע אַמעריקאַנער קרובים און פריינד.

## מיין מוטער

מיין מוטער מיכלע האָט געשטאַמט פון לידע און איז געווען די טאָכטער פון ר' חיים לייב קאַגאַן, אַ אָנגעזעהענער לידער סוחר און עסקן. לידער אידען פלעגען ביי אים איינלייגען געלט פון יתומים, אָרימע כלות א. אַז. וו. ביז'ן היינטיגען טאָג דערמאָנען נאָך די לידער לאַנדסלייט אין אַמעריקע דעם נאָמען פון ר' חיים לייב קאַגאַן מיט גרויס אַכטונג און רעספּעקט.

מיין מוטער האָט אויסגעזעהן אַריסטאָקראַטיש. זי איז געווען הויך און שלאַנק און שעהן. זי איז געווען אי גוט אי איידעל, און האָט ליב געהאַט זיך אָנצוטאָן עלעגאַנט. זי האָט אויך פאַרמאָגט אַ הויכע אינטעליגענץ און אַ טיפען פאַרשטאַנד. זי איז געווען שטאַרק איבערגעגעבען צו אירע קינדער און האָט, צוזאַמען מיט מיין פאָטער, געשאַפען אין אונזער הויז די וואַרימע



ליזע איינהאָרן־חאַראַך
מיין שוועסטער
געשטאָרבען אין תל־אביב אין יאָר 1946

LISA EINHORN CHARACH
My oldest Sister, died in Tel Aviv, 1946.

אטמאָספערע, וואָס האָט אונז, קינדער, צונויפגעקניפּט איינער מיט'ן אַנ־דערען אין די ענגסטע פאַרבינדונגען פון ליבשאַפט און איבערגעגעבענקייט.

ווען מיין מוטער איז אין יאָר 1926 שווער קראַנק געוואָרען, האָב איך פאַרשלאָסען מיין אָפיס אין ניו־יאָרק און בין אַוועקגעפאָרען קיין וואָלקאָוויסק. אַלע קינדער זיינען געווען פאַרזאמעלט אין הויז. מיינע שוועסטער ליזע, ראָזע און פעשקע זיינען מיט איר געווען אין משך פון דער גאַנצער צייט פון איר קראַנקהייט און אויף איר אויפגעפּאַסט. זי איז געשטאָרבען דעם ערשטען טאָג שבועות תרפ"ו (1926).

מיינע עלטערען האָבען געהאַט זיבען קינדער: שמואל, ליזע, עוזר (אָסקאַר), ראָזע, דאָרע, איך און פּאָליע (פעשקע).

שמואל איז געשטאָרבען ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד — אינגאַנצען פינף יאָר אַלט.

## מיין שוועסטער ליזע

מיין עלטסטע שוועסטער ליזע האָט געהייראַט מיט שמשון חאַראַך און געוואוינט אין וואַרשע און אין לאָדזש, ביז זי האָט, צוזאַמען מיט איר מאַן, עולה געווען קיין ארץ־ישראל, אין אָנהויב פון די דרייסיגער יאָרען, און זיך באַזעצט אין תל־אביב.

אין אירע יונגע מיידעלשע יאָרען איז ליזע געווען פאַררעכענט אַלס איינע פון די שעהנסטע און אינטעליגענטסטע מיידלעך פון וואָלקאָוויסק. זי האָט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט איר גוט האַרץ און געווען זעהר איבער־געגעבען צו איר געבורטס־שטאָט מיט אירע וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס. מיר, די אינגערע קינדער, פלעגען שטענדיג אַרויפקוקען צו אונזער עלטערער שוועסטער ליזע מיט גרויס פאַרעהרונג און ליבשאַפט.

נאָך דעם לעצטען וועלט־קריג, אין יולי 1945, באַלד ווי ס'האָט זיך נאָר געמאַכט די ערשטע מעגליכקייט, בין איך אָפּגעפלויגען פון ניו־יאָרק קיין ארץ־ישראל צו באַזוכען מיין שוועסטער ליזע. די אייראָפּעאישע מלחמה האָט זיך דאַן נאָר־וואָס געהאַט פאַרענדיגט, און איך בין געווען אפשר דער ערשטער ציווילער, וואָס איז געקומען נאָך דעם קריג קיין ארץ־ישראל. די אויסעראָרדענטליכע פרייד, מיט וועלכער מיין שוועסטער האָט מיך אויפגענומען, האָט דאָך ניט געקענט פאַרלייכטערען די שרעקליכע אַנגסט וואָס זי האָט געפילט. איר ליבע צו דער משפחה איז שטענדיג געווען אַ טיפע, און אזוי ווי זי האָט אליין ניט געהאַט קיין קינדער, זיינען ראָזע'ס און פעשקע'ס קינדער געווען איינגעבאַקען אין איר האַרצען גלייך ווי זיי וואָלטען געווען אירע אייגענע.



אָסקאַר איינהאָרן
מיין ברודער
אומגעקומען פון די נאַציס אין טשענסטאָכאָוו אין יאָר 1944

OSCAR EINHORN
My Brother, slain by the Nazis in Czenstochova, 1944.

זייענדיג אין ארץ־ישראל, האָב איך אויסגעפונען דורך קאָטליאַרסקי'ן, רויטמאַנ'ען און שיינע ליפשיץ — די לעבען־געבליבענע עדות פון די טראַגישע פּאַסירונגען אין וואָלקאָוויסק — וועגען דעם ביטערען גורל פון מיין משפחה, וואָס האָט געטיילט דעם שיקזאַל פון אלע וואָלקאָוויסקער אידען. ס'האָבען מיר אָבער געפעלט דער כוח און דער מוט איבערצוגעבען די שרעקליכע נייעס צו מיין שוועסטער ליזע, מיט וועלכער איך האָב זיך, בשעת מיין באַזוך אין ארץ־ישראל, שטענדיג געהאַלטען צוזאַמען. זי פלעגט מיך טעגליך פרעגען, אויב איך האב עפּעס אויסגעפונען נייעס פון וואָלקאָוויסק, און פלעגט זיך אַרומטראָגען מיט דער האָפנונג, אַז אפשר איז דאָך עמיצער פון אונזער משפחה לעבען געבליבען. „אויב ראָזע און פעשקע זיינען לעבען געבליבען — פלעגט זי אָבער צו דער זעלבער צייט טענה'ן — וואָלטען זיי דאָך זיכער געפונען אַ וועג צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט אונז, און אויב זיי זיינען באמת אַלע אַוועק פון דער וועלט, דאַן האָט פאַר מיר ניט קיין זינען דאָס ווייטערדיגע לעבען".

צוריקקומענדיג קיין אַמעריקע האָב איך איר רעגעלמעסיג געשריבען אויספירליכע בריוו און זי געטרייסט. איך האָב איר געשיקט פיל מתנות, כדי זי זאָל וויסען, אז זי איז שטענדיג איינגעבאַקען אין מיין האַרצען. זי האָט אָבער, ליידער, ווייניג געשריבען און איך האָב אָפט געמוזט וואַרטען אַ לאַנגע צייט אויף אירע בריוו, וועלכע האָבען שטענדיג געאָטעמט מיט גרויס ליבשאַפט און איבערגעגעבענקייט.

ווי אַ דונער אין מיטען העלען טאָג האָט מיך געטראָפען די שרעקליכע ידיעה, אַז מיין שוועסטער ליזע איז פּלוצים קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען — ט"ו סיון תש"ו (יוני 1946).

## מיין ברודער אָסקאַר

מיין ברודער אָסקאַר האָט יונגערהייט פאַרלאָזען דאָס הויז און אַוועק קיין טאַשקענט, און שפּעטער זיך באַזעצט אין סאָסנאָוויץ, וואו ער האָט געהייראַט און געעפענט אַ געשעפט פון אָפּטישע און פאָטאָגראַפישע אַרטיקלען. ס'איז אים געגאַנגען גוט און ער פלעגט פון מאָל צו מאָל פאָרען קיין וואָלקאָוויסק זיך צו זעהן מיט דער משפחה. ער האָט געהאַט דריי קינדער. בשעת די נאַציס האָבען פאַרנומען סאָסנאָוויץ און האָבען דאָרט איינגעפירט אַ געטאָ, איז אים געלונגען צו קריגען אַ אַרישען פּאַספּאָרט און זיך אויסצובאַהאַלטען אַלס אַריער אין טשענסטאָכאָוו. אין יאָר 1944 האָבען די נאַציס אויסגעפונען וועגען אים און אים דערשאָסען. איין טאָכטער זיינע, טערעניא, וואָס איז געווען פאַרהייראַט און געוואוינט אין אָסטרין, איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אירע צוויי קליינע קינדער. די צווייטע טאָכטער, האַלינא, איז אַוועק־



ראָזע איינהאָרן־פּשעניצקי
מיין שוועסטער
אומגעקומען אין אוישוויץ אין יאַנואַר 1943

ROSA EINHORN PSHENITZKI
My Sister, slain by the Nazis in Auschwitz, January, 1943.



דאָרע איינהאָרן
מיין שוועסטער
געשטאָרבען פון טיפוס אין וואָלקאָוויסק אין יאָר 1919.

**DORA EINHORN**
My Sister, died of typhus in Wolkovisk, September, 1919.



פאַליע איינהאָרן־יאַנאָווסקי
מיין שוועסטער
אומגעקומען אין טרעבלינקע אין דעצעמבער 1942

PAULA EINHORN YANOVSKI
Slain by the Nazis in Treblinka, December, 1942

געשיקט געוואָרען קיין טערעזיענשטאַט וואו זי איז געווען צוויי און אַ האַלב יאָר אין דעם דאָרטיגען קאָנצענטראַציע־לאַגער, און איז על פּי נס געבליבען לעבען. אירע צוויי קינדער זיינען אויך לעבען געבליבען. אָסקאַר׳ס פרוי און זיין זוהן, יערזשי, האָבען געוואוינט אין וואַרשע, וואו זיי האָבען געלעבט אַלס אַריער די גאַנצע צייט פון דער מלחמה און זיי זיינען אויך ניצול געוואָרען פון טויט.

## מיין שוועסטער ראָזע

מיין שוועסטער ראָזע איז געווען זעהר באַליבט אין וואָלקאָוויסק. זי האָט פאַרמאָגט פיל שעהנקייט און גרויסע אינטעליגענץ. זי איז געווען זעהר איידעל און גוט־האַרציג. זי איז אויך געווען — אַזוי ווי מיין מוטער — הויך, שלאַנק און גראַציעז. זי האָט געהאַט געדיכטע שוואַרצע האָר, גרויסע שוואַרצע אויגען, פיין־געשניצטע געזיכט־שטריכען און אַ שמייכעל, וואָס האָט אויסגעדריקט גרויס גוטסקייט און סימפּאַטיע צום מיט־מענשען. זי איז געווען איבערגעגעבען מיט׳ן גאַנצען האַרצען צו די אָרימע און אונטערדריקטע, און זי האָט זיך אין איר יוגענד באַטייליגט אין דער בונדיסטישער באַוועגונג. אין די לעצטע יאָרען איז זי אויך געווען פאַראינטערעסירט אין ארץ־ישראל.

ראָזע האָט געענדיגט די רעגירונגס־גימנאַזיע אין גראָדנע, און נאָכדעם שטודירט אין וואַרשע, וואו זי האָט געענדיגט אַלס דענטיסטין נאָך פאַר׳ן ערשטען וועלט־קריג, און געעפענט אַ קאַבינעט אין וואָלקאָוויסק. איך געדענק נאָך היינט, מיט וואָס פאַר אַ פרייד מען פלעגט זיך ביי אונז אין הויז גרייטען פאַרען אָפּנעמען ראָזע׳ן פון דער באַן־סטאַנציע ווען זי פלעגט, אַלס גימנאַזיסטין, קומען פון גראָדנע אַהיים אויף פסח.

אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען אַלע מיינע שוועסטער (אויסער פעשקע׳ן) אַוועק קיין רוסלאַנד — און ראָזע איז שפּעטער אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס דענטיסטין אין מינסקער זעמסטוואָ. ווען מיין פאָטער איז, אין יאָר 1918, קראַנק געוואָרען, האָט זיך ראָזע אומגעקערט קיין וואָלקאָוויסק און אויפגעפּאַסט אויף מיין פאָטער ביז צו זיין פּטירה. זי האָט אויך ווידער געעפענט איר קאַבינעט אין וואָלקאָוויסק און דערוואָרבען אַ גרויסע פּראַקטיק. זי איז געווען איינע פון די פּאָפּולערסטע דענטיסטינס אינ׳ם גאַנצען ראַיאָן. זי האָט שפּעטער געהייראַט מיט אינזשעניר מוליע פּשעניצקי, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויס געשעפט פון עלעקטרישע און גלאָז אַרטיקלען. זי האָט אָבער ווייטער אָנגעהאַלטען איר פּראָפעסיע. ווען ס׳איז געבוירען געוואָרען איר ערשט קינד, אַ מיידעלע, האָט זי עס אַ נאָמען געגעבען דאָרע — נאָך איר ליבער יונג־פאַרשטאָרבענער שוועסטער.



טערעניאַ איינהאָרן־
גרינקראוט

מיין ברודער׳ס טאָכטער

אומגעקומען פון די נאַציס מיט
אירע צוויי קינדער





קינדער פון מיין פאַמיליע

רעכטס: מילע און הירש׳ל, מיין שוועסטער פעשקע׳ס קינדער — אומגעקומען אין טרעבלינקע אין דעצעמבער 1942.

לינקס: יוליק און האַנקע, מיין ברודער׳ס אייניקלעך, אומגעקומען פון די נאַציס מיט זייער מוטער טערעניאַ.

ראָזע האָט באַהאַנדעלט אירע פּאַציענטען — סיי אידען און סיי קריס־טען, סיי רייכע און סיי אָרימע — אויף אַ גלייכען אופן, ניט קוקענדיג אויף דעם צי זיי האָבען געקענט צאָלען אָדער ניט. זי איז שטענדיג געווען גרייט צו העלפען אָרימעלייט, און זי פלעגט בײשטייערען מיט אַ ברייטער האַנט פאַר יעדען גוטען צוועק, אידישען און ניט־אידישען צוגלייך. די וואָל־קאָוויסקער אידען האָבען זי פאַררעכענט אַלס זייער ערשטע בירגערין. אין צייט פון דער נאַצי־הערשאַפט, ווען די רוצחים האָבען קאָנצענטרירט אַלע וואָלקאָוויסקער אידען אין די בונקערס און ראָזע האָט געקראָגען אַ ספּע־ציעלע דערלויבעניש צו בלייבען אין שטאָט און אָנצוגעהן מיט איר פּראַקטיק אַלס דענטיסטין — פלעגט ראָזע צושטעלען צו דר. מאַרעק קאַפּלאַן און דר. יצחק רעזניק (וועלכע האָבען זיך דאַן געפונען אין די וואָלקאָוויסקער בונ־קערס) די פּעקלעך שפּייז, וואָס קריסטען פון זייערע שטעטלעך האָבען פאַר זיי צוגעשיקט.

ראָזע איז אויך געווען זעהר געשעצט ביי דער וואָלקאָוויסקער קריסט־ליכער באַפעלקערונג און ס׳איז מערקווירדיג: אפילו מאַנכע פון די רוצח׳ישע געסטאַפּאָ־לייט האָבען געהאַט דרך־ארץ פאַר איר באַצויבערענדער פּערזענ־ליכקייט, און זיי האָבען איר זאָגאר געוואָלט דערלויבען — בשעת זיי האָבען אָוועקגעשיקט די לעצטע וואָלקאָוויסקער אידען קיין אוישוויץ — צו פאַר־בלייבען אין שטאָט אַליין, אָהן איר טאָכטער דאָרע, אָבער זי האָט באַשלאָסען צו טיילען דעם שיקזאַל פון אַלע וואָלקאָוויסקער אידען, און איז אומגעקומען אין אוישוויץ.

ראָזע׳ס טאָכטער, דאָרע, האָט פאַרמאָגט פיל פון איר מוטער׳ס שעהנ־קייט און אינטעליגענץ — און זי האָט אויך גע׳שמ׳ט מיט אירע פעהיגקייטען אויפ׳ן געביט פון גימנאַסטיק. זי איז געווען שטאַרק איבערגעגעבען צו איר מוטער. ווען די נאַציס האָבען געבושעוועט אין וואָלקאָוויסק, האָט דאָרע געהאַט אַ מעגליכקייט זיך צו ראַטעווען. סטעווקאַ, די קריסטין וואָס האָט זי אויפגעהאָדעוועט און אויף איר אַכטונג געגעבען פון קינדערוויז־אָן, האָט זי געוואָלט נעמען צו זיך אין דאָרף. אָבער דאָרע האָט זיך ניט געוואָלט שיידען פון איר מוטער און איז געבליבען אין וואָלקאָוויסק. זי איז שפּעטער אומגעקומען אין אוישוויצער לאַגער.

## מיין שוועסטער דאָרע

מיין שוועסטער דאָרע איז אויך געווען זעהר אַ שעהנע און אַ גוטע און איז געווען באַליבט ביי אַלע וואָס האָבען זי געקענט. זי האָט געענדיגט מיט אויסצייכענונגען די וואָלקאָוויסקער פּרויען־גימנאַזיע און איז אַריינגעטראָטען



מיין פאַמיליע אין יאָר 1910
רעכטס צו לינקס: מיינע שוועסטער — ראָזע, דאָרע, ליזע און איר מאַן שמשון



שוועסטער ליזע אויף איר באַזוך
אין וואָלקאָווויסק אין יאָר 1938



מיין שוועסטער ראָזע אלס גימנאַזיסטקע
אין גראָדנע

פון רעכטס: פעשקע׳ס קינדער; פון לינקס: דאָרע (ראָזע׳ס טאָכטער)

אין אוניווערזיטעט אין וואַרשע. אָבער ווען דער ערשטער וועלט־קריג האָט אויסגעבראָכען און ס'האָט זיך אָנגעהויבען די דייטשע אָקופּאַציע, איז דאָרע אָנטלאָפען קיין אָדעס, וואו זי האָט געענדיגט איר שטודיום אַלס דענטיסטין. שפּעטער איז זי אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס דענטיסטין אין מינסקער זעמסטוואָ, וואו זי האָט געאַרבייט צוזאַמען מיט איר שוועסטער ראָזע. אומגעפער ניין חדשים נאָך מיין פאָטער'ס טויט איז דאָרע צוריקגעפאָרען אַהיים אויף ראש־השנה. אויף דער באַן האָט זי זיך אָנגעשטעקט מיט טיפוס, און איז אָנגעקומען קיין וואָלקאָוויסק זעהר קראַנק. כאָטש מען האָט איר געגעבען די בעסטע מעדיצינישע באַהאַנדלונג, איז זי דאָך, מיט צוויי וואָכען שפּעטער, געשטאָרבען — אין בליהענדען עלטער פון 24 יאָר — ה' תשרי תר"פ (1919).

אין יאָר 1921 האָב איך באַזוכט וואָלקאָוויסק. עס זיינען שוין דעמאָלסט געהאַט אַוועק איבער צוויי יאָר זינט דאָרע איז געשטאָרבען, דאָך האָבען מיין מוטער און מיינע שוועסטער נאָך אַלץ געטרויערט נאָך איר, און ראָזע פלעגט יעדען טאָג באַזוכען דאָרע'ס קבר.

## מיין שוועסטער פּאָליע (פעשקע)

מיין שוועסטער פּאָליע (פעשקע) האָט נאָך אין אירע יונגע יאָרען איי־בערגענומען די לייטונג פון מיין פאָטער'ס אַפּטייק בשעת ער איז געווען קראַנק, און זי האָט אויך נאָך זיין טויט אָנגעפירט מיט דער אַפּטייק. מיר האָבען אַלע הויך געשעצט איר חוש פון פאַראַנטוואָרטליכקייט. זי איז געווען שטאַרק איבערגעגעבען און געטריי צו דער משפחה. זי האָט געלערענט אין דער וואָלקאָוויסקער גימנאַזיע און פאַרבראַכט אין וואָלקאָוויסק כמעט אַלע אירע יאָרען. זי האָט חתונה געהאַט מיט יוסף יאַנאָווסקי, אַ סוחר, און האָט געהאַט צוויי קינדער: אַ זוהן, וועמען זי האָט אַ נאָמען געגעבען נאָך מיין פאָטער, און אַ טאָכטער, וועמען זי האָט אַ נאָמען געגעבען נאָך מיין מוטער. זי איז אויך אומגעקומען, צוזאַמען מיט איר מאַן און ביידע קינדער, אין די גאַז־קאַמערען פון טרעבלינקע.

***

איצט בין איך — אויסער מיין ברודער'ס זוהן און טאָכטער — געבליבען דער איינציגער פון אונזער גרויסער משפחה. דאָס איז אַלעס וואָס איז גע־בליבען פון מיינע עלטערען'ס קינדער. איך פאַרשטעה ניט און באַגריף ניט די וועגען פון גאָט.



**די איינציגע לעבען-געבליבענע פון מיין גאנצער פאמיליע**

האלינא און יעזשי איינהארן — מיין ברודער׳ס קינדער



**קינדער פון מיינע שוועסטער**

רעכטס : דאָרע (**ראָזע׳ס טאָכטער**) און מילע (**פעשקע׳ס טאָכטער**) ; לינקס : דאָרע — **אומגעקומען אין עלטער פון 18 יאָר אין אוישוויצער לאַגער.**



דר. מאָזעס איינהאָרן

MOSES EINHORN, M.D.

# וואָלקאָוויסק מיין היימשטאָט

פון דר. מאָזעס איינהאָרן, ניו־יאָרק

משה׳קע — הירשעל דעם אַפּטייקער׳ס זוהן, ראָזע דער דענטיסטקע׳ס אַ ברודער

---

# די געשיכטע פון וואָלקאָוויסק

## אַביסעל געשיכטע, דאַטען און ציפערען

אַ רייכע היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט פאַרמאָגט וואָלקאָוויסק, וואָס פאַר־נעמט אַ חשוב׳ען פּלאַץ אין דער געשיכטע פון פּוילען, רוסלאַנד און ליטע, שוין אָפּגערעדט פון דער וויכטיגער היסטאָרישער באַדייטונג, וואָס וואָל־קאָוויסק האָט געהאַט אלס אַ גרויסע אידישע קהילה, אַ עיר ואם בישראל. אז איך טראכט פון דער גרויסער פאַרגאַנגענהייט און טראַגישער געגענוואַרט, פון וואָלקאָוויסק — שווימט ביי מיר אויף אַ ים מיט זכרונות און טרויעריגע מחשבות און ס׳איז מיר כמעט אוממעגליך זיך צו קאָנצענטרירען אויף דער באַשרייבונג פון געשיכטליכען „אַמאָל״ אין וואָלקאָוויסק. מען קען זיך אָבער ניט העלפען. איך דענק, אַז אין וואָלקאָוויסקער „יזכור״־בוך מוז קומען אַ קורצע, תמצית׳דיגע באַשרייבונג פון דער געשיכטע און טאָפּאָגראַפיע פון שטאָט. איך וועל דערפאַר דאָ פּרואוון איבערגעבען אין אלגעמיינע שטריכען אַ קורצע טאָפּאָגראַפישע שילדערונג פון וואָלקאָוויסק.

## די געאָגראַפישע און טאָפּאָגראַפישע לאַגע

וואָלקאָוויסק, אַן אויעזדנע שטאָט אין גראָדנער גובערניע, געפינט זיך ביים טייך וואָלקאָויא, אויף דער ביאַליסטאָק־באַראַנאָוויטשער באַן־ליניע. די שטאָט ליגט אין אַ טאָל, ארומגערינגעלט פון דריי זייטען מיט בערג. די אלטע וואָלקאָוויסקער באַן־סטאַנציע שטעהט צווישען בערעסטאָוויץ און



א אַלגעמיין בילד פון וואָלקאָוויסק
(פאָטאָגראַפירט פון ראָשער באַרג ; פון דערווייטענס זעהט מען דעם שלאָסבאַרג)

זעלווע. די שטאָט וואָלקאָוויסק גופא איז 90 קילאָמעטער פון ביאַליסטאָק און 112 קילאָמעטער פון באַראַנאָוויטש. די וואָלקאָוויסקער ערד איז זאַמדיג און בערגיג. די בערג, וואָס געפינען זיך אויף דער דרום־זייט פון דער שטאָט, טראָגען דעם נאָמען „שוועדישע בערג" און האָבען דעם אויסזעהן פון אָקאָפּעס. לויט פאַרשיידענע טיילען געווער וואָס מען האָט דאָרט געפונען, ווייזט אויס, אַז די דאָזיגע בערג האָבען געדינט ווי באַפעסטיגונגען אין די צייטען פון דעם שוועדיש־פוילישען קריג.

די בלאָטעס אין דער וואָלקאָוויסקער געגענד געפינען זיך איבערהויפּט ביי דער זייט פון דרום און מזרח־דרום. די גרעסטע בלאָטעס געפינען זיך ארום נאָווי־דוואָר. אַ פערט־חלק פונ׳ם אויעזד באַשטעהט פון וועלדער. די וועלדער באַשטעהען מייסטענס פון סאָסנע־בוימער. פון מערב צו מזרח ציהט זיך די פּאָליעסיער באַן־ליניע ביאַליסטאָק־באַראנאָוויטש.

אין וואָלקאָוויסקער אומגעבונג געפינען זיך צוועלף קלענערע שטעטלעך, וואָס האָבען געהאַט אידישע ישובים: 1) איזאבעלין, 2) יאַלאָווקע, 3) לאַפּיניצע, 4) ליסקאָווע, 5) אמסטיבאָווע, 6) נאָווי־דוואָר, 7) פּיעסק, 8) ראָש, 9) סווִיסלאָטש, 10) זעלווע, 11) וואָלפּ, 12) פּאָרזעווע.

די ערשטע ישובים אין וואָלקאָוויסקער געגענד זיינען געווען אין זאביעקאָווציזנע אין זאמקאָווען וואַלד, עטליכע קילאָמעטער פון וואָלקאָ־




א רוסישע מאַפּע פון גראָדנער גובערניע פאַר'ן ערשטען וועלט-קריג

וויסק. עס זיינען נאָך דאָרטען פאַראַן שפּורען פון שטיינערנע פונדאַמענטען.

## די אָפּשטאַמונג פון'ם נאָמען „וואָלקאָוויסק"

לויט די שריפטען פון בולאקאָווסקי — פון'ם סוף פון 17טען יאָרהונ־דערט (די שריפטען זיינען געווען אין דער ביבליאָטעק פון די גראַפען סאפּיעהא און רוזשנאַי, איבערגעזעצט אויף רוסיש און פאַרעפענטליכט אין יאָר 1881 אין דער ווילנער צייטשריפט „ווילענסקי וועסטניק") — איז אויפ'ן פּלאַץ פון וואָלקאָוויסק אַמאָל געווען אַ געדיכטער וואַלד, וואו עס האָבען זיך אויפגעהאַלטען צוויי באַנדעס באַנדיטען. דער פירער פון איין באַנדע האָט געהייסען וואַלקאָ, דער פירער פון דער צווייטער באַנדע — וויסעק. די דאָזיגע באנדעס פלעגען מאַכען רויב־אָנפאַלען אויף רייזענדע. אַ מאַן מיט'ן נאָמען זאבעיקאָ האָט געכאַפּט די באַנדיטען, זיי אויפגעהאנגען, און האָט באַפוילען איבערצובויען די באַהעלטענישען, וואו די באַנדיטען האָבען זיך אויפגעהאַלטען, אין הייזער. דעם דאָזיגען נייעם ישוב האָט ער אַ נאָמען געגעבען וואָלקאָוויסעק, אויפ'ן נאָמען פון די באנדיטען וואָלקאָ און וויסעק. אויף דעם אָרט, וואו עס האָבען געוואוינט די באַנדיטען, האָט מען אויפגע־שטעלט אַ גרויסען דענקמאָל. שפּעטער האָט מען דעם דענקמאָל צעהאַקט און באַנוצט אַלס פונדאמענט אויף צו בויען אַ צערקווע.

## עפּיזאָדען און פאַקטען לויט'ן כראָנאָלאָגישען סדר

אין דעם יאָר 1000 האָט מאקס פוסטא אויסגעגראָבען אַן אָזיערע, לעבען וועלכער ער האָט אויסגעבויט אַ „סוויענטינע" (אַ הייליגע געביידע) מיט'ן נאָמען ניאי. שפּורען פון דער דאָזיגער אָזיערע געפינען זיך אין זאַמקאָוועץ וואַלד און הייסען „מאקסאקאָווי לוג". אויף דרום־זייט פון דעם ישוב איז געווען די „סוויענטינע סמיגוזא", אויף דעם פּלאַץ וואו עס געפינען זיך איצט די „פּאָהיבלאָווער בלאָטעס" דאָרטען האָט זיך וויגהייטעס אל. וויהעאיס אויסגעבויט אַ גרויסען פּאַלאַץ (שפּורען געפינען זיך ארום דעם שוועדישען באַרג). דער דאָזיגער ישוב האָט זיך זעהר פאַרגרעסערט אין 11טען יאָרהונדערט. לויט די שריפטען פון בולאקאָווסקי, זיינען די יאַדזוויג־גער, אין דער נאַכט פון'ם 15טען אויפ'ן 16טען פעברואַר פון יאָר 1038, באַ־פאַלען וואָלקאָוויסק, דערמאָרדעט אירע איינוואוינער, צוגערויבט זייער פאַר־מעגען און פאַרברענט די שטאָט. ווייטער ווערט דערצעהלט, אז אין די יאָרען 1124־1130 איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרפלייצונג פון'ם טייך ביעטופי, וואָס האָט פאַרניכטעט די שטאָט. אין יאָר 1224 האָבען די טאטארען חרוב געמאַכט אַ גרויסען טייל פון דער שטאָט, וואָס האָט דאַן געהערט צו אַ רוסישען גראַף. נאָכ'ן טויט פון'ם גרויסען ליטווישען קניאַז דינגאָלד, זיינען די מאָנגאָלען באַפאלען רוסלאנד און האָבען, צוזאמען מיט אנדערע




דער שלאָס-באַרג



דער בראָם פון די ראַד-קראָמען

שטעט אויך פאַרניכטעט וואָלקאָוויסק. שפּעטער אָבער האָט זי מענדאָג צוריק אויפגעבויט. אין יאָר 1252 האָט דער וואָלינער קניאַז וואַסיל פאַר־נומען די שטאָט. אזוי ארום האָט וואָלקאָוויסק געהערט אַמאָל צו די רוסען און אַמאָל צו די ליטווינער. ענדליך, אין יאָר 1258, איז געשלאָסען געוואָרען אַן אָפּמאַך, לויט וועלכען וואָלקאָוויסק האָט געהערט צו מענדאָג׳ען (אַ ליט־ווינער), וועלכער האָט אויפגעבויט אַ שעהנעם פּאַלאַץ (א טייל שטיינער פון דעם פּאַלאַץ זיינען שפּעטער פאַרנוצט געוואָרען אויף מצבות).

נאָך דער דערמאָרדונג פון געדימין ביי ווילאַן איז וואָלקאָוויסק צוזאמען מיט נאָוואָגרודעק איבערגענומען געוואָרען פון זיין יונגסטען זוהן קאָריאַט, וועמעס מוטער איז געווען די רוסישע גרעפין יעווני. ער האָט זעהר פיל פאַרשעהנערט און פאַרבויט די שטאָט. זיין זוהן אלעקסאנדער האָט, צוזאַמען מיט אָלגערט׳ען, געמאַכט אין יאָר 1365 אַן איבערפאַל אויף די קשיזשאקעס (קרייץ־ציגלער) און האָט געבראַכט קיין וואָלקאָוויסק פיל רויב און געפאַנגענע. ער האָט די שטאָט נאָך מער פאַרשעהנערט.

צוואנציג יאָר שפּעטער האָט יאגעללאָ אָפּגעטראָטען די שטאָט וואָלקאָ־וויסק צו וויטאָלד׳ען און האָט באַקומען דערפאַר די טראָקער געגענד.

אין יענער צייט האָט וואָלקאָוויסק באַקומען אַ היסטאָרישע באַדייטונג, ווייל אין יאָר 1385 האָט דער קעניג יאַגעללאָ געשיקט שליחים פון וואָלקאָ־וויסק קיין קראָקע און מודיע געווען, אַז ער וועט, צוזאמען מיט דעם גאַנצען ליטווישען פאָלק, אָננעמען דעם קאַטוילישען גלויבען, אויב יאדוויגא וועט ווערען זיין פרוי און די פּאָליאַקען וועלען אים דערוועהלען אַלס אַ קעניג. די אונטערהאַנדלונגען האָבען זיך לאַנג געצויגען און יאגעללאָ האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער, וואוינענדיג אין אַ פּאלאץ אין וואָלקאָוויסק, וואו ער האָט אויך שפּעטער אויפגענומען די פּוילישע שליחים — וולאָגען פון לובלין, פּיאָטער שאפּראנועץ פון קראָקע, מיקאָלאי פון זאוויכאָיסק און קריסטיאַן פון אָסטראָוו. דאָרט איז אויך צווישעןביידע צדדים געשלאָסען געוואָרען (אין 1386) דער הסכם וועגען דעם, אז דאָס גאנצע ליטווישע פאָלק זאָל אָננעמען די קאַטוילישע רעליגיע. פון דאַן אָן האָט זיך יאגעללאָ גערופען „דער קעניג פון פוילען, דער ערשטער קניאַז פון ליטע און דער הערשער פון רוס״. עס איז דאָרט אויך געשלאָסען געוואָרען אַן אָפּמאַך, לויט וועלכען דער קעניג יאגעללאָ האָט זיך פאַרפליכטעט צו קומען קיין לובלין דעם 2טען פעברואַר אויף אַן אַלגעמיינעם צוזאַמענפאָר. פון דאַן אָן האָט וואָלקאָוויסק ווידער אויפגעבליהט. מ׳האָט אַהין געבראַכט אייניגע גלחים, אז זיי זאָלען לערנען מיט׳ן פאָלק דעם קאַטוילישען גלויבען און די געצענדינער האָט מען גע׳רודפ׳ט און פאַרטריבען.




די בולוואַרנע גאַס

רעכטס : **די הייזער פון מאָניע גאַלאַי, קאָברינסקי, מאַראַנץ, פאָליאַטשעק** ; לינקס — **די צערקווע.**



די ברייטע גאַס




די בולווארנע (קאָשטשושקע) גאַס

רעכטס די הייזער פון: חאַנטאַוו, מאַזאַווער, גאַליאַצקי (דער שערער); לינקס: אַבראַמסקי, גאַלאַי (דער קצב) און אפרת.

דורך די איינוואוינער פון ראָש (ביי וואָלקאָוויסק) איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַ טריאומף־טויער, דורך וועלכען יאגעללאָ איז ארייגעפאָרען צו־זאמען מיט אייניגע פאַרטרעטער פונ׳ם פוילישען אדעל. יאגעללאָ, וועלכער איז געווען זעהר צופרידען פון דער שעהנער אויפנאַמע, האָט צוגעזאָגט אויסצובויען אַ קאָשציאָל. די דאָזיגע הבטחה האָט פאַרווירקליכט דער גרוי־סער קניאַז וויטאָלד, וועלכער האָט אויפגעבויט דעם קאָשציאל פונ׳ם הייליגען מיקאָלאי. אין יאָר 1409 איז דער גרויסער מיסטוש אולריק פון יונגינגען (דייטשלאַנד) פלוצים, אין אַ זונטאָג־טאָג, דעם 16טען מערץ, איבערפאַלען די שטאָט וואָלקאָוויסק, דערמאָרדעט אַ סך מענשען, פאַרברענט די שטאָט און מיטגענומען פיל געפאנגענע. שפעטער אָבער, אַ דאנק דעם וואָס וואָל־קאָוויסק געפינט זיך צווישען גרויסע וועלדער, איז די שטאָט ווידער אויפ־געבויט געוואָרען.

אין אָנהויב 16טען יאָרהונדערט האָט אלעקסאנדער, דער גרויסער ליט־ווישער קניאַז, געגעבען דער שטאָט פיל רעכט און פריווילעגיעס — און




די אויטאָבוסען סטאַנציע אויף דער ברייטער גאַס
רעכטס צו לינקס די הייזער פון: מאָרדעצקי, לייטוס, לאַפּין, איינהאָרן, שיף, סלוצקי;
אויף דער אַנדערער זייט זעהט מען דעם זשעמשניק׳ס הייזער.

דאָס איז באַשטעטיגט געוואָרען אין יאָר 1507, אין דער תקופה פון זיגמונד דעם צווייטען. אין 16טען יאָרהונדערט האָט זיך שוין וואָלקאָוויסק גע־רעכענט אַלס איינע פון די ערשט־קלאַסיגע ליטווישע שטעט, און אַלס אַ וויכטיגע אויעזדנע־שטאָט פון נאָוואָגרודאָווער גובערניע. אין וואָלקאָוויסק האָבען זיך פיל מאָל צונויפגעזאַמעלט די סעימען.

אין יענער צייט זיינען אין וואָלקאָוויסק געווען 9 גאַסען: סלאָנימער, יאסיקאָווער, ביסקופּיער, יעזואיצקע, ווילנער, פּיעקארסקע, פּיעסקער, זאַמ־קאָווע און פּיאטראָשאָווסקער. ביז צום היינטיגען טאָג זיינען פאַרבליבען אייניגע שפּורען פון די גאַסען ביים טייך ראָש. אין דער סלאָנימער גאַס זיינען געווען שמידערייען, און אויך אַ יעזואיטען־אַנשטאַלט, וואָס איז איבער־געבויט געוואָרען אין יאָר 1598 דורך אָסקיערקע.

וואָלקאָוויסק איז פאַרניכטעט געוואָרען אין די צייטען פון דעם שוועדיש־פּוילישען קריג, ווען ס׳האָט געהערשט יאַן קאזימיעזש. אין יאָר 1656 איז די שטאָט ארומגערינגעלט געוואָרען פון דריי זייטען: פון דרום — די שוועדען, פון צפון־מזרח — פּויליש־ליטוויש מיליטער, פון צפון־מערב — די טאטארען. דריי טעג האָט אָנגעהאַלטען אַ שווערער קאַמף, און ענדליך

זיינען די שוועדען באַזיגט געוואָרען. אַלס אָנדענק פון יענער צייט איז ביז היינט פארבליבען דער שלאָס־באַרג (שוועדישער באַרג). דער באַרג איז געווען 50 מעטער הויך. פריהער איז ער געווען נאָך העכער.

אין יאָר 1662, בשעת דעם קריג מיט רוסלאַנד, איז וואָלקאָוויסק ווידער אינגאַנצען חרוב געוואָרען.

הונדערט יאָר שפעטער, אין 1762, האָט וואָלקאָוויסק געצעהלט נאָר 112 הייזער, און אין יאָר 1792 זיינען שוין דאָרט געווען מער ווי 1000 הייזער, אַ קאַטוילישער קאָשציאָל און אַ צערקווע. אין יאָר 1794 איז וואָלקאָוויסק געוואָרען אַן אויזעדנע־שטאָט פון סלאָנימער גובערניע. שפעטער איז זי אַריבערגעגאַנגען צו דער ליטווישער גובערניע, און אין יאָר 1802 — צו גראָדנער גובערניע.

אין יאָר 1812 איז אין וואָלקאָוויסק געווען די הויפט־קוואַרטיר פון דער צווייטער רוסישער ארמיי. בשעת נאפאָלעאָנ'ס ריקצוג, צווישען 15טען און 16טען נאָוועמבער, איז דאָרט פאָרגעקומען אַ זעהר פאַרביסענער קאַמף צווישען סאקסנ'ס רוסישען קאָרפוס (פון 28,000 סאָלדאַטען) און ריינער'ס פראַנצויזישער אָפּטיילונג. ס'האָט געדראָט די פראַנצויזען אַ געפאַר אַרומ־גערינגעלט צו ווערען און זיי האָבען זיך געמוזט צוריקציהען, און דערביי איז די שטאָט שרעקליך חרוב געוואָרען, אזוי, אז ס'זיינען אין איר פאר־בליבען נאָר אַ פאָר געצעהלטע הייזער. די שטאָטישע אַנשטאַלטען האָט מען געמוזט איבערפירען אין דעם שכנות'דיגען דאָרף איזאבעלין.

אין יאָר 1817 זיינען שוין אין וואָלקאָוויסק ווידער געווען 156 הייזער, אין יאָר 1860 — 492 הייזער, און אין יאָר 1891 — האָט שוין די שטאָט געהאַט 910 הייזער, 5 מאגאזינען פון פאַרשיידענע סחורות און 334 קראָמען. אייניגע יאָר פאַר'ן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1910, איז שוין וואָלקאָוויסק געווען אַ גרויסע שטאָט, וואָס האָט פאַרמאָגט 14,593 איינוואוינער.

אין „וואָלקאָוויסקער לעבען", פון 15טען יאַנואַר 1932, איז געדרוקט געווען אַ באַריכט וועגען די רעזולטאַטען פון דער פאָלקס־ציילונג, וואָס איז דאַן דורכגעפירט געוואָרען. לויט דעם דאָזיגען באַריכט האָט וואָלקאָוויסק אין יענעם יאָר פאַרמאָגט אַן אַלגעמיינע באַפעלקערונג פון 15,147 נפשות מיט 2006 וואוין־הייזער.

# די געשיכטע פון די אידען אין וואָלקאָוויסק און די שטעטלעך

ס'איז פאַראַן אַ היסטאָרישער מקור („רעגעסטע אי זאפיסקי"), וואו ס'ווערט דערמאָנט וועגען אידען, וועלכע האָבען געוואוינט אין דער וואָל־קאָוויסקער געגענד אין יאָר 1577. ס'ווערט דאָרטען געבראַכט, אז אין יאָר 1577 איז באַשטימט געוואָרען איינצומאָנען, צוליב דער מלחמה־געפאַר, 12 גראָשען פון יעדען איינעם (פער קאָפּ) — אריינגערעכענט אידען.

אין פינקס ועד ארבע ארצות ווערען געבראַכט אַ פּאָר פּרטים וועגען דעם שטייער, וואָס וואָלקאָוויסקער אידען האָבען געצאָהלט און איינגעמאָנט פאַר'ן ליטווישען קניאַז אין די יאָרען 1680 און 1693.

אין וואָלקאָוויסק און אין דער נאָהענטער אומגעבונג זיינען אין יאָר 1766 געווען 1,282 אידען, און אין דעם גאַנצען אויעזד — 4,781 אידען.

אין יאָר 1797 זיינען געווען אין וואָלקאָוויסק 1,829 קריסטען, און אידען און קאַראַאימער — 1,477.

אין יאָר 1847 זיינען אינ'ם גאַנצען וואָלקאָוויסקער אויעזד געווען 5,946 אידען. פון זיי זיינען געווען אין די פאָלגענדע ישובים:

| שטאָט | צאָל אידען |
|---|---|
| וואָלקאָוויסק | 1,429 |
| זעליוויאַן | 856 |
| איזאבעלין | 297 |
| לאפּיניצע | 88 |
| ליסקאָווע | 232 |
| אַמסטיבאָווע | 304 |
| נאָווידוואָר | 53 |
| פּאָרזאָווע | 397 |
| פּיעסק | 662 |
| ראָש | 287 |
| סווּיסלאָטש | 997 |
| יאַלאָווקע | 372 |




נאַפּאָלעאָנ'ס הויז אויף דער פּריצישער גאַס
(אין דער הויז איז נאַפּאָלעאָן איינגעשטאַנען בשעת זיין מאַרש אויף מאָסקווע אין יאָר 1812)

אין יאָר 1860 זיינען אין וואָלקאָוויסק געווען — פון דער אַלגעמיינער צאָל פון 3,472 איינוואוינער — 1,518 אידען.

אין יאָר 1891 זיינען אין וואָלקאָוויסק געווען 8,057 איינוואוינער, פון וועלכע 1,934 זיינען געווען פּראַוואָסלאַווע, 2,752 קאַטאָליקען, 16 פּראָ־טעסטאַנטען, 23 מאַכמעדאַנער און 3,232 אידען. אין יענעם יאָר זיינען אין וואָלקאָוויסק געווען 19 פאַבריקען (טאַבאַק, ליכט, ציגעל, א. אַז. וו.), און ס'איז אויך געווען (נאָך פון פריהער) די באַקאַנטע טוך־פאַבריק פון פּינעס און זאַבלאָדאָווסקי, וואָס איר יעהרליכער אומזאַץ איז געווען פופציג טויזענט רובעל.

אין יענעם יאָר (1891) זיינען אין וואָלקאָוויסק געווען צוויי צערקווען, איין קאַטוילישער קאָשציאָל, אַ אידישע שוהל, זעקס בתי־מדרשים, איין פאָלקס־שול פון צוויי־ קלאַסען, איין אַנפאַנגס־שול, אידישע חדרים, איין אַפּטייק, דריי ציווילע שפּיטאָלען, פיר מיליטערישע שפּיטאָלען, איין פּאָסט. דער קאַטוילישער קאָשציאָל איז אויפגעבויט געוואָרען דורך יאַן לענטאָווסקי אין די יאָרען 1841־48.

אין אויעזד (אויסער דער שטאָט) זיינען אין יענעם יאָר (1891) געווען אויף 129,102 איינוואוינער — 11,571 אידען. ס'זיינען געווען 220 פאַבריקלעך

(מילען, גאַרבאַרניעס, א. אַז. וו.). מען האָט אין יענעם יאָר ארויסגעגעבען 588 פּאַטענטען. ס'זיינען געווען 36 סוחרים פון צווייטער קאַטעגאָריע, 325 קליינהענדלער. דער האַנדעל איז מייסטענס פאָרגעקומען אויף די מאַרקען און ירידים. דאָס רוב סוחרים זיינען געווען אידען, ווייל מען האָט זיי ניט צוגעלאָזט צו קיין שום אַנדער זאַך. פאַר אידען איז געווען פאַרבאָטען צו באַזיצען ערד און זיי האָבען אויך ניט געקענט אַננעמען קיין מלוכה־שטעלעס.

אין יאָר 1897 זיינען אין גאַנצען אויעזד (אויסער וואָלקאָוויסק) געווען 12.942 אידען, וועלכע האָבען אויסגעמאַכט 9% פון אַלע איינוואוינער. אין וואָלקאָוויסק גופא זיינען געווען 5,528 אידען, וואָס האָבען באַטראָפען 53% פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אויך פון אַ גרויסער צאָל שטעטלעך פון וואָלקאָוויסקער אויעזד זיינען די אידען געווען מער ווי 50% פון דער באַפעלקערונג.

אין יענעם יאָר (1897) זיינען געווען די פאָלגענדע צאָלען פון אַלגעמיינע איינוואוינער און אידען אין די אונטען־דערמאָנטע שטעט:

| שטאָט | אַלגעמיינע באַפעלקערונג | אידען |
|---|---|---|
| זעלווע | 2,803 | 1,844 |
| זעליוויאַן | 600 | 81 |
| איזאַבעלין | 963 | 454 |
| ליסקאָווע | 876 | 658 |
| אַמסטיבאָווע | 1,228 | 389 |
| נאָווידוואָר | 1,481 | 183 |
| פּיעסק | 2,396 | 1,615 |
| פּאָרזאָווע | 2,028 | 931 |
| סווּיסלאָטש | 3,099 | 2,086 |
| יאַלאָווקע | 1,311 | 743 |

אין יאָר 1910 זיינען געווען אין וואָלקאָוויסק 14,593 איינוואוינער, פון זיי 55% אידען. אין שטאָט זיינען געווען צווי פּראוואָסלאווּנע צערקוועס, איין קאַטוילישער קאָשציאָל, און איניגע סינאַגאָגען.

אין יענעם יאָר (1910) זיינען אינ'ם גאַנצען וואָלקאָוויסקער אויעזד געווען 187,200 איינוואוינער, פון זיי 82% ווייס־רוסען און 12% אידען. אינ'ם גאַנצען אויעזד זיינען געווען 14 שטעטלעך און 1,031 דערפער און באַוואוינטע גיטער.

וואָלקאָוויסק האָט איבערגעלעבט צווי גרויסע שריפות. די ערשטע שריפה איז פאָרגעקומען אין יאָר 1886. דעמאָלסט זיינען כמעט אַלע הייזער



דער אַריינפאָר צום אַלטען וואָקזאַל

(וואָס זיינען געווען געבויט פון האָלץ) פאַרברענט געוואָרען. שפּעטער איז אַ גרויסער טייל פון דער שטאָט איבערגעבויט געוואָרען פון ציגעל. אין דער צווייטער שריפה, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1908, זיינען פאַר־ברענט געוואָרען אַ טייל פונ'ם צענטער פון דער שטאָט, די גאַנצע ברייטע גאַס, דאָס מצרים געסעל, און אויך דער שוהל־הויף מיט דער אַלטער היס־טאָרישער שוהל, און די בתי־מדרשים. אָבער וואָלקאָוויסק איז שנעל איבער־געבוי־ט געוואָרען. אויך אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע, איז פאָרגעקומען אַ שריפה, אין וועלכער אַ גרויסער טייל פון דער כאַלאַדיאָסקער גאַס איז פאַרברענט געוואָרען.

אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1915, איז וואָל־קאָוויסק איינגענומען געוואָרען דורך די דייטשען. אין יענער צייט איז אַ טייל פון דער באַפעלקערונג אַנטלאָפען טיף קיין רוסלאַנד, אָבער די מערסטע פון זיי האָבען זיך אומגעקערט נאָך דער מלחמה.

אין יענער מלחמה זיינען אין וואָלקאָוויסק צעשטערט געוואָרען דער אַלטער וואָקזאַל און די קאַזאַרמעס פון דער זעכצענטער בריגאַדע. נאָך דער




דער הויפט-וואָקזאַל (צענטראַלנע)

נולחמה אין וואָלקאָוויסק אַריבערגעגאַנגען אונטער דער פּוילישער הער־שאַפט. אין די יאָרען ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה איז וואָלקאָוויסק פיל פאַרשעהנערט און פאַרגרעסערט געוואָרען. גאַנץ קאַרטשיזנער געגענד איז פאַרבויט געוואָרען און באַזעצט געוואָרען פון אידען. אַלטע, קליינע שטיבלעך זיינען אומגעבויט געוואָרען אין פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין גרויסע מויערען. וואָלקאָוויסק איז געוואָרען איינער פון די וויכטיגסטע אייזענבאַן־פונקטען. עס זיינען געווען צוויי שעהנע באַן־סטאַנציעס — אַלט־ און נייַ־וואָלקאָוויסק. דאָס וואָלקאָוויסקער שלאַכטהויז איז געווען באַריהמט אין גאַנץ פוילען און איז געווען איינגעריכטעט לויט דער נייעסטער טעכניק. די צעמענט־פאַבריק אין ראַש איז אויך געווען זעהר באקאנט. אַחוץ די פאַר־שיידענע אמבולאטאָריעס, זיינען אין וואָלקאָוויסק אויך געווען צוויי שפּיטאָלען — איינער אַ אידישער און דער צווייטער אַ פּוילישער.

אין דעם צווייטען וועלט־קריג, בשעת דעם דייטשען אָנפאַל אויף רוס־לאַנד, איז ניינציג פּראָצענט פון דער שטאָט חרוב געוואָרען. אין משך פון'ם 22טען ביז צום 29טען יוני 1941 איז די שטאָט שרעקליך באָמבאַרדירט



מינצ'עס ציגעלניע לעבען שלאָס-באַרג

געוואָרען דורך די דייטשען. בשעת דער נאַצישער הערשאַפט זיינען די אידען פון וואָלקאָוויסק און פון דער אומגעבונג קאָנצענטרירט געוואָרען, דעם 2טען נאָוועמבער 1942, אין די בונקערס לעבען די קאַזאַרמעס. פיל טראַנס־פּאָרטען מיט אידען זיינען אוועקגעשיקט געוואָרען אינ'ם פאַרניכטונגס־לאַגער אין טרעבלינקע. דער לעצטער טראַנספּאָרט איז אָפּגעגאַנגען פון וואָלקאָ־וויסק דעם 26טען יאַנואַר, 1943, קיין אוישוויץ. דאַן איז וואָלקאָוויסק גע־וואָרען אידען־ריין. ביים צוריקטרעטען פון די נאַציס, אין יאָר 1944, איז אויך דער קליינער טייל שטאָט, וואָס איז פאַרבליבען גאַנץ, חרוב געוואָרען. ביים היינטיגען טאָג געפינען זיך אין וואָלקאָוויסק אַרום 18 אידען — אייניגע האָבען זיך אומגעקערט פון רוסלאַנד און אייניגע האָבען אַלס פאַרטיזאַנער אין די וועלדער פון וואָלקאָוויסק זיך געראַטעוועט.

# די "סימפאָניע" פון ערב שבת

גלייך ווי איך פאַרמאַך די אויגען און קאָנצענטריר מיינע געדאַנקען אין די זכרונות פון מיינע יוגענד־יאָרען, הויבען אָן אָפּקלינגען אין מיינע אויערען די פאַרשטאָרבענע טענער פון אַ גרויסער סימפאָניע — די ס י מ פ אָ נ י ע פ ו ן ע ר ב ־ ש ב ת א י ן ו ו אָ ל ק אָ ו ו י ס ק. דאָס איז געווען אַ סימפאָניע, אין וועלכער ס'האָבען זיך באַטייליגט פיל אינסטרומענטען און שפּילער, און זייערע פאַרשיידענאַרטיגע קולות און קלאַנגען האָבען דורכגע־דרונגען גאַנץ וואָלקאָוויסק און געשאַפען די אייגענאַרטיגע אַטמאָספערע פון דאָנערשטאָג־און־פרייטאָג אין וואָלקאָוויטסק, וואָס האָט פאַרמאָגט אזוי פיל האַרמאָניע און שעהנקייט, און זיך איינגעקריצט אינ'ם זכרון און אין דער נשמה פון יעדען וואָלקאָוויסקער אידען אויף שטענדיג.

די סימפאָניע פון ערב־שבת האָט זיך אָנגעהויבען נאָך דאָנערשטאָג אינדערפריה, ווען פון אלע זייטען שטאָט זיינען געקומען אידישע בעלי־בית'טעס און דינסט־מיידלעך איינקויפען אויף שבת. שוין פאַרטאָג האָט מען געבראַכט פון שעכטהויז דאָס פלייש אין די יאַטקעס פון די קצבים. אונזער הויז האָט זיך געפונען פונקט אַנטקעגען די קראָמען, און פון די קראָמען אוןביידלעך און טישלעך מיט פאַרשיידענע סחורות האָט זיך גע־טראָגען אַן אומאויפהערליכער הו־האַ פונ'ם שבת'דיגען מסחר — פון דער ערב־שבת'דיגער סימפאָניע — און מיך אויפגעוועקט פון מיין זיסען קינדער־שלאָף. אָבער גלייך ביים אויפשטעהן האָט מיך ארומגענומען אַ טיף געפיהל פון פרייד: היינט איז דאָנערשטאָג און מאָרגען איז פרייטאָג — ערב־שבת! דער טומעל אין גאַס איז אַן ערב־שבת'דיגער, די קולות זיינען פון ערב־שבת, דער גאַנצער רעש נעמט זיך פון די צוגרייטונגען לכבוד שבת. אַלעס איז אַ טייל פון דער ערב־שבת'דיגער סימפאָניע.

### דער שפּייז־צענטער

אנטקעגען אונזער הויז איז געווען דער ש פ י י ז ־ צ ע נ ט ע ר פון דער שטאָט. די מערסטע יאַטקעס זיינען געווען קאָנצענטרירט אין אַ רייהע קראָמען אַנטקעגען אונז. דאָרט זיינען אויך געווען די פרוכט־טישלעך און די קראָמען און ביידלעך פון ברויט און חלה, בייגעל, צוקערקעס, קעז און פּוטער, א. אַז. וו. . . . די שטאָט איז געקומען אַהינצו איינקויפען אויף שבת,




דער מאַרק אַנטקעגן די קראָמען

פון דערווייטענס זעהט מען די הייזער פון: קאַרעשעל פון די תבואה (ראָטפּאַרד), מאַלסקי, באַיאַרסקי, פיינשטיין און בליאַכער.

און די גאַנצע געגענד איז געווען שוואַרץ פון מענשען און געקאָכט מיט האַנדעל, מיט קויפער און פאַרקויפער, מיט דינגעניש און מיט טענות און מענות. די ווייבער פלעגען זיך מקדים זיין און קומען פאַר־פריה. עפּעס אַ קלייניגקייט — ערב־שבת! מען דאַרף דאָך באַווייזען באַקען, קאָכען, רוימען, פּרעגלען, אויסצוואָגען די קינדערלעך און צוגרייטען אַלעס וואָס ס'איז נויטיג לכבוד שבת. יאָ, ערב־שבת איז זיך יעדערער מקדים. יעדערער וויל זיין פון די ערשטע קונים, כדי אריינצוקריגען דעם שעהנסטען חלק, די בעסטע פּאָרציע פליישׁ, דאָס געשמאַקסטע שטיקעל לעבער, די באַ'טעמ'טסטע חלה. און דערפאַר, איז די ענגשאַפט ביי די קצבים גרויס און דער פּדיון, קיין עין־הרע, אזוי שפע'דיג. און די טענות פון די ווייבער און די ענטפערס פון די קצבים פלעכטען זיך אריין אין דער ערב־שבת'דיגער סימפאָניע.

## די קצבים

אָט שטעהען זיי פאַר מיינע אויגען די וואָלקאָוויסקער קצבים — געזונטע, פעסטע אידען, פון וועלכע ס'זיינען געווען גאַנצע פאַמיליעס וואָס האָבען זיך פאַרנומען מיט דער פרנסה, ווי, אַ שטייגער, יהודה הערש, דער קצב, מיט זיין ברודער און שוועסטער. אָפט איז דער



די ראד־קראָמען אוןביידלעך אַנטקעגען איינהאָרנ׳ס
און שיפ׳ס הייזער

פאַך איבערגעגאַנגען בירושה — פון פאָטער צו זוהן — און אז עס פלעגט קומען דאָנערשטאָג, דער טאָג פון גרויסען פדיון, ווען אפילו דער אָרימסטער איד באַמיהט זיך איינצוקויפען אַ שטיקעל פלייש אויף שבת, פלעגען אלע בני־בית, דער מאַן צוזאמען מיט זיין פרוי און קינדער זיין פאַרנומען ביי דער ארבייט. יאָ, זיי שטעהען נאָך פאַר מיינע אויגען אָט די שטאַרקע אידען ווי דעמבעס: יהודה הערש דער קצב, וועלכער איז געווען דער צושטעלער פון פלייש פאַר דער 16טער בריגאַדע, וואָס איז איינגעשטאַנען אין שטאָט; זיין ברודער אייזיק דער קצב און זיין שוועסטער מירקע די קצביטע; הערשעל אָדעס; די צוויי ברידער יואל און זלמן; איטשקע סינייקעס; אברהמיקע סינייקעס און זיין פרוי חיה; חיים און חנהילע סוקעניק (זי איז אויך געווען באַקאַנט אַלס חנהילע די קצביטע); נחום דער קצב; משהיקע יהודה לייב; דוד דער קצב; ריינעלע די קצביטע; שעפסעל דער קצב; אַלטער און שרה סאוואולסקי — וועלכע האָבען זיך געפונען אַביסעל אין דער זייט פונ׳ם צענטער. דאָס זיינען אַלץ געווען אידען איינגעוואָרצעלטע,



אַ ווינקעל פון גרינסען-און-פּרוכט-מאַרק

וואָלקאָוויסקער איינוואוינער פון דורי־דורות, מענשען מיט גבורה אין גוף און מיט וואַרימע אידישע געפיהלען אין זייערע הערצער.

## דער פיש־מאַרק

און ביים טראָטואַר אַנטקעגען דעם צענטער פון די קראָמען איז דער פ י ש ־ מ אַ ר ק. אַהינצו ציהען זיך די קונים איינצוהאַנדלען פרישע פיש לכבוד שבת. קען דען זיין אַ שבת־סעודה אָהן דעם גוטען שטיקעלע געפילטע פיש? און דער פיש־האַנדעל איז אין וואָלקאָוויסק געווען אַ מין מאָנאָפּאָל. ער האָט זיך קאָנצענטרירט אין די הענט פון באַשטימטע פאַמיליעס; אָבער די פיש־הענדלער האָבען ניט אויסגענוצט זייער פּריווילעגירטע לאַגע און ניט באַריסען דעם עולם און ניט אָפּגענאַרט זייערע קונים, און שטענדיג צוגעגרייט פאַר די אידישע הייזער די בעטע קאַרפּען מיט די גרויסע העכט. שרה די פישערקע (צאַלי'ס פרוי), אסתר די ברוקירערקע און שיינע לאה (דוד שלמה'ס פרוי) האָבען געוואוסט זייער חוב צו די וואָלקאָוויסקער בעלי־בתים; אין די ערגסטע וועטערען זיינען זיי געקומען מיט זייערע וואָגענס לעבעדיגע פיש. די שטילע קולות פון די זיך־צאַפּלענדיגע פיש, דאָס שפּריצען פון'ם וואַסער אין וועלכען זיי האָבען זיך געפונען, און דאָס פאַרטעמפּטע וואַרפען זיך פון די פיש אין די קאָשיקעס פון די בעלי־בית'טעס האָבען זיך אריינגעוועבט אין דער ערב־שבת'דיגער סימפאָניע.

## די פרוכט־הענדלער

און רעכטס־צו, אויף'ן בערגעל, שטעהען די פ ר ו כ ט ־ ה ע נ ד




אַ בילד פון דער ברייטער גאַס אין יאָר 1910

ל ע ר — און די ערב־שבת׳דיגע קונים לאָזען זיך פונ׳ם פיש־מאַרק איינ־צוקויפען גרינס און פרוכט אויף שבת, פירות אויף קאָמפּאָט. יעדער פרוכט־הענדלער האָט אַ חזקה אויף זיין פּלאַץ און די חזקה געהט אַריבער פון עלטערען צו קינדער. פונ׳ם פרוכט־מאַרק טראָגען זי׳ך קולות און געשרייען. — דאָס קריגט זיך די פרוכט־הענדלערקע אסתר מאָטשעס מיט אירע קאָנ־קורענטקעס, די דריי שותף׳טעס: לאה וויגדערטשיכע, וואָס איר מאַן איז געווען אַ ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט, פייגע ראָכע שאַלאַכמאַניס און מענדעל מגיד־קורדאָברי. ניט לייכט איז געווען פאַר דער אָרימער אסתר מאָטשעס צו פיהרען אַ „קאַמף" מיט דריי ווייבער מיטאַמאָל, איבערהויפּט איז געווען שווער זיך שטעלען אַנטקעגען לאה וויגדערטשיכע, וואָס איז געווען אַ אידענע אַ קאָזאַק און האָט געהאַט א מויל אויף שרייפלעך, און פלעגט זיך אָפּט פאַר־מעסטען ניט נאָר אַנטקעגען אסתר מאָטשעס נאָר אויך אַנטקעגען דער פרוכט־הענדלערקע שיינע ראַדזשערס, וואָס האָט אויך געהאַנדעלט מיט פרוכט צוזאַ־מען מיט איר מאַן זלמן ראַדזשערס און טאָכטער שרה עלקע. אָבער וואָס טוט מען ניט צוליב דער ביטערער פרנסה? אָפטמאָל פלעגען טאַקע פליהען בוריקעס פון איין הענדלערקע צו דער צווייטער, ווען מען האָט זיך צוקריגט איבער אַ רייכען קונה, אָבער זאָרגט זיך ניט! אידישע גזלנים! אַ שעה שפּעטער, נאָך דער אַרבייט, פלעגט מען זיך איבערבעטען און געהן צו־זאַמען אַהיים און פיהרען שמועסען וועגען בעלי־בית׳ישקייט און מסחר, אזוי

ווי ס'וואָלט גאָרניט געשעהן. דער ערב־שבת'דיגער פדיון האָט באַזאָרגט מיט פרנסה פיל פאַמיליעס פון פרוכט־הענדלער, ווי די קוואטשוקיס, וועלכע האָבען זיך געפונען אין פאַליאַטשעק'ס הויז, און דוד הירשעל, וואָס זיין פרוכט געשעפט האָט זיך געפונען אין קעלער פון עפשטיינ'ס הויז. דוד הירשעל איז געווען אַ הויכער איד, אַ פריינדליכער, וועמענס קעלער איז שטענדיג געווען פול מיט קונים, צוליב די גוטע פרוכט וואָס ער פלעגט האָבען און צוליב זיין האַרציגען שמייכעל, מיט וועלכען ער פלעגט שטענדיג אויפנעמען זיינע קונדען. אין דעם קאַלטען קעלער האָט געהערשט אַ וואַרימע, אַנגענעמע אַטמאָספערע, וואָס האָט צוגעצויגען דעם עולם. און אויך די קולות פון די קאָנקורירענדיגע פרוכט־הענדלערקעס און די גלייכווערטלעך פון דוד הירשעל'ען זיינען געווען אַ טייל פון דער טענער־רייכער ערב־שבת'דיגער סימפאָניע.

## דער שלייפער

אָבער אַט הערען זיך גאַנץ אַנדערע קלאַנגען. דאָס אויער פאַרנעמט אַ מין זשומען און קריצען, און דאָס אויג זעהט פונקען פייער וואָס טראָגען זיך אין דער לופט — דאָס טוט זיין געוועהנליכע ארבייט דער שלייפער, וואָס פלעגט שארפען די מעסערס פון די וואָלקאָווויסקער בעלי־בית'טעס. ער טראָגט אויף זיינע מאָגערע אַקסלען זיין גאַנץ געשעפט — זיין שלייף־ראָד — און אַז ער שטעלט זיך אַוועק אויף זיין שטענדיגען פלאַץ, צווישען זלמן־לייב'ס הויז און מאיר שיפ'ס הויז, יאַווען זיך באַלד זיינע געטרייע קונדען. איבערהויפט איז ביי אים אַ גרויסער באַטריב דאָנערשטאָג און פרייטאָג: איין בעל־בית'טע שאַרפט דאָס ברויט־מעסער און אַ צווייטע — דאָס פלייש־מעסער. און ביי דער זייט שטעהט אַ אינגעלע און שאַרפט זיין קליין טאַשען־מעסערעל, מיט וועלכען ער שניצט אויס אין חדר, אונטער'ן טיש, אַלערליי שפּילעכלעך. דער קלאַנג פון די מעסערס און דאָס זשיפען פון דעם שלייף־שטיין הילכען־אָפּ אין דער לופט און, באַגלייט פון שפּריצענדיגע פייער־פונקען, זיינען זיי זיך מצרף צו דער גרויסער ערב־שבת'דיגער סימפאָניע.

## די בעקערס

דער שלייפער שלייפט די ברויט־מעסערס און די בעלי־בית'טעס דער־מאָנען זיך, אַז דער עיקר פעלט נאָך אויף שבת — חלה און ברויט. און אַלע ווייבער לאָזען זיך אַוועק איינקויפען ברויט אויף שבת. לויט דעם ברויט וואָס איינער האָט געגעסען אויף שבת קאָן מען דערקענען זיין סאָציאַלען שטאַנד: ווער ס'קויפט נאָר פּשוט, שוואַרץ ברויט, אויף צו עסען מיט געזאַלצענעם הערינג, און ווער ס'קויפט די ווייסע, זוייכע, נגיד'ישע חלה;




די ברייטע גאַס
(אויפ׳ן בילד פון רעכטס ראַכמילעוויטש׳עס הויז)

ווער ס׳קויפט די בעלי־בית׳ישע בולקע, און ווער ס׳פאַרגינט זיך גאָר בייגעל. אָבער אַלע מוזען אָנקומען צו דער הויפט־שפייז — ברויט, און דאָס פאַרשאַפט פרנסה צו די בעקערס און ברויט־הענדלער פון דער שטאָט: כתריאל דער בעקער (אין סלוצקי׳ס געסעלע) און הערשעל יאָשעס — וואָס פאַרקויפען ברויט צו די פויערים; מינדעל (חנא דעם מלמד׳ס פרוי), וואָס האָט פאַרקויפט ברויט מיט בולקעס; די בעקערס פון די ביידלעך — צירעל מרדכי חיימיס און שפעטער מאַני (אינ׳ם ערשטען ביידעל), סענדער סאלאמאָן (אינ׳ם צווייטען ביידעל) און אלי חיים מיט זיין ווייב יהודית אינ׳ם דריטען ביידעל). דער געברויך איז געווען גרויס און די שפע האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגען צו די בעקער פון דער צערקווע־געסעל און פון די אנדערע געסלעך, ניט ווייט פון מאַרק: משה דער בעקער; חאַצקעל דער בעקער — אין אָסטראָגער גאַס; ראַניע די בעקערקע — אין סלוצקי׳ס קעלער; מאיר שאָשעס — אין דער חסיד׳ישער געסעל; שלמה דער בעקער — אין יאָסעל שוסטאַק׳ס מויער; זלאַטע די בעקערקע — פון זאמאָשטשע (וואָס האָט געהאַט אַ ביידעל אין מאַרק); פייוועל דער בעקער — לעבען ביינוש׳עס

סטאָלעריי; אייזיק דער בעקער — לעבען גאַליאַצקי דעם שוסטער'ס הויז. אָבער די מערסטע יונגע קונים, יונגעלייט און בחורים, פלעגען זיך ציהען צום ביאַליסטאָקער בעקער, וועמען עס האָבען אַרויסגעהאָלפען אין געשעפט זיינע דריי שעהנע מיידלעך — סלאָווע, עטעל און פערעל, און די יוגענד איז גערן געגאַנגען אַהין איינקויפען כדי צו כאַפּען אַ קוק אויף די דריי קראַסאַוויצעס. עס זיינען אָבער נאָך געבליבען קונים פאַר די אַנדערע בעקער אויך; מאָטשע — וואָס פלעגט פאַרקויפען בולקעס; שפרה אייזיקס די בעקערין; זיידקע יאָשעס (לאַזאַראָווסקי) — אין דער גראָדנער גאַס, און יאַנקעל בערעל דער בייגעל־בעקער. די חלות און די בולקעס און די ברויטען און די בייגעל פלעגען פאַלען מיט אַ שטילען גערויש אין די קאָשיקעס פון די קונים און צוגעבען זעהר שטילען בנעימות'דיגען טאָן צו דער ערב־שבת'־דיגער סימפאָניע.

## דער היצעל

און צווישען אָט די אַלע קולות הער־ט זיך דאָס פאַרטויבענדיגע האַווקען פון הינט. דאָס האָבען זיך אַלע הינט פון שטאָט צונויפגענומען — ווי ס'איז זייער מנהג געווען אַלע דאָנערשטאָג און פרייטאָג — ביי די יאַטקעס, ווייל זיי האָבען דערשמעקט, אַז ערב־שבת, ביי אזא שפע, וועט זיי מסתמא אויך אָפּפאַלען אַ ביין, און פיליכט — האָבען זייערע הינטישע הערצער געהאָפט — וועט דער קצב אליין זיין אין אַ גוטער שטימונג, צוליב'ן גרויסען פדיון, און זיי צו־וואַרפען אַ פעטען ביין אָדער אַ טריפה'נע שטיק פלייש. אָבער דער הינטישער מלאך־המות, דער היצעל, האָט אויך ארויסגעקוקט אויף ערב־שבת. ער האָט געוואוסט, אַז דאָנערשטאָג און פרייטאָג וועלען אלע הינט זיין פאַרזאַמעלט אויף איין פלאַץ, און ער האָט זיך מקדים געווען און געקומען פאַר־פריה צו זיין באַשטימטען פלאַץ, צווישען די הייזער פון יהושע דעם חסיד און לייזער־חיים דעם בלעכער. און אזוי שטעהט ער — אַ הויכער און אַ רויטער — און גיט אכטונג, ביז ער כאַפּט פלוצים אריין אין דער פעטליע פון זיין שטריק אַן אָרימען הונט, וואָס רייסט זיך און מאַכט גע־וואַלדען, און אלע הינט לויפען נאָך מיט קולי־קולות און בילען יאָמערליך, ביז דער היצעל ווערט פאַרשוואונדען מיט זיין קרבן אין דער ריכטונג פון גראָדנער גאַס, און די הינט צעגעהען זיך אויף צוביסלעך — טרויעריגער און אַביסעל ערפאַרענער ווי פריהער, פאַרזונקען אין געדאַנקען, אַז איי־גענטליך האָט דאָס גאַנצע הינטישע לעבען די ווערט אַ שמעק טאַבאַק — אָט לעבט מען און מען באַלעקט זיך מיט אַ פעטען ביין און אָט פאַלט מען אריין מיט'ן הינטישען קאָפּ אינ'ם היצעל'ס פעטליע אריין, און אַלעס איז פאַראיבער. דאָס בילעריי פון די הינט און די יללות פונ'ם געפאַנגענעם



דער היצעל
געמאָלען פון שמואל ראָטבאָרט

הונט ביים היצעל גיסען זיך אויך אריין אין דער ערב־שבת׳דיגער סימפאָניע און גיבען איר צו אַ געוויסע אייגענאַרטיגקייט.

## צוקערקעס און מילכיקס

צוקערקעס אויף שבת האָט מען איינגעהאַנדעלט ביי דרעזעל אַלטעיס (וואָס האָט גע׳ירש׳ענט איר טישעל פון איר מוטער אלטע) און ביי פריידע חיה לייטוס (וואָס האָט געהאט אַ קראָם לעבען אונזער הויז). פאַראַן אויך פרויען וואָס קויפען־איין קעז און פוטער פאַר די בני־בית ביי נאכע אָדעס מיט זיין פרוי כאשע (וואָס האָבען געהאַט אַ קראָם), ביי יקותיאל דעם מילכיגען מיט זיין פרוי באַשע (וואָס זיינען געשטאַנען אין אַביידעל) און ביי יאָספע־חיים נחום אהרנים (אויך אין אַ ביידעל).

***

און דערמיט האָט מען פאַרענדיגט די קניות אויף שבת און מען איז געגאַנגען צופרידענע אַהיים: אַ דאַנק־גאָט, שוין אַלעס צוגעגרייט אויף שבת, אזוי ווי ס׳פירט זיך ביי אידען. און די טריט פון די זיך־צוריקקערענדיגע בעלי־בית׳טעס האָבען אָפּגעהילכט מוטיג און מונטער אויף די וואָל־



דער חדר
געמאָלען פון שמואל ראָטבאָרט

קאָוויסקער גאַסען און זיך אויך צוזאַמענגעשמאָלצען מיט דער גרויסער ערב־שבת'דיגער סימפאָניע.

## מען איז מעביר די סדרה אין די חדרים

פונוואַנען הערען זיך פלוצים אזויפיל זיסע יונגע קינדער־קולות? אַ־האַ! ס'איז דאָך היינט פרייטאָג און איצט איז דאָך עלף אַזייגער, און אין דער גאנצער שטאָט, אין אלע חדרים און אין דער תלמוד־תורה איז מען מעביר די סדרה. און דער אלטער ניגון פון טראָפ צעטראָגט זיך אומעטום און פילט־אָן די גאַנצע לופט מיט אידישקייט, מיט תורה. פון איבעראַל, פון אַלע גאַסען, דערהויבט זיך דער טראַדיציאָנעלער ניגון און קלינגט־אָפּ לויטער און קלאָר. יונגע אידישע קינדערלעך זיינען מעביר די סדרה און די הערצער פון די דערוואַקסענע צעוואַרימען זיך און צוגעהען פון גרויס זיסקייט. די אויערען כאַפּען אויף די באַקאַנטע טענער וואָס קומען פון די פילע חדרים, וואו די מלמדים לערנען זייערע תלמידים און חזר'ען מיט זיי איין דעם „פזר" און דעם „שלשלת". ביי די מלמדים איז היינט די

„מוזיק"־שטונדע און יעדער איינער פון זיי טוט זיין אַרבייט געטריי און מיט חשק. אָט שטעהען זיי מיר אלע פאר די אויגען: שמעון אָדעס דער מלמד, מיט דער געלער באָרד (וואָס האָט געוואוינט אויף שפרה'ס געסעלע, ביי נאכע דעם מילכיגען) — אַ איד וואָס פלעגט אָפּשפּרעכען אַ עין־הרע מיט אַ ביינדעל; נפתלי דער מלמד (וואָס האָט געוואוינט אויף דער ברייטער גאַס) — אַ איד וואָס האָט געהאַט שעהנע מיידלעך און איז געווען באַריהמט אַלס גרויסער וויצלינג; משה בער ליפעיס — אַ איד אַ קפדן, וואָס האָט געהאַלטען אין חדר אַ שטרענגע דיסציפּלין; זלמן ארעשטאנט — וואָס אויף אים פלעגט מען זאָגען, אז ער מאכט פון פראים מענשען; נחמן דער מלמד (וואָס האָט געוואוינט אין לאַפּינ'ס הויז); לייב־אַרע דער מלמד — אַ איד אַ פרומער, מיט אַ שווארצער באָרד, און אַ גרויסער בעל־צדקה (געוואוינט אויף דער מצרים־געסעלע לעבען דער ברייטער גאַס); אייזיק לולב (גע־וואוינט אויף דער גראָדנער גאַס); משה הערשעל דער מלמד.

די יונגע קולות פון די קינדער טראָגען זיך אַלץ העכער און העכער, די קינדער־כאָרען פון אלע חדרים און פון דער תלמוד־תורה מישען זיך אויס אלע צוזאמען און שאַפען איינעם פון די שעהנסטע טיילען פון דער ערב־שבת'דיגער סימפאָניע.

***

די פרייטאָג'דיגע מיטאָג־שטונדען רוקען זיך אָן, און די אידישע בעל־בית'טעס ווערען שטאַרק באשעפטיגט: מען קאָכט און מען באקט, מען רייניגט דאָס הויז און מען צוואָגט די קינדערשע קעפּלעך — אַלץ לכבוד שבת. די שטאָט־לופט ווערט אָנגעפילט מיט דעם זיסען ריח פון די שבת'־דיגע מאכלים — די געפילטע פיש, דער געשמאַקער טשאָלענט, און דער מחיה'דיגער זופּ. און דער ריח פון די מאכלים צוזאמען מיט'ן זשומען פון די טעפּ רייצען די נאָז־לעכער און לאַסטשען די אויערען — און ווערען צו־נויפגעגאָסען מיט דער ערב־שבת'דיגער סימפאָניע.

## די כלי־זמר באַגלייטען חתן־כלה

און פלוצים דערהערט זיך פונדערווייטענס, ווי אַ פידעלע פאַרגעהט־זיך אין אַ ניגון וואָס וועקט און רופט, מאָנט און טענה'ט און ענדיגט זיך דאָך מיט פרייד, מיט בטחון. דאָס שטעלט מען אַ חופה אין וואָלקאָוויסק — אזוי ווי דער מנהג איז געווען, אז די מייסטע חופות זיינען פאָרגעקומען פרייטאָג נאָכמיטאָג — און די חתן־כלה ווערען געפירט אין שוהל אריין, און די אידישע כלי־זמר באַגלייטען זיי מיט מוזיק, און די בדחנים זינגען־אויס זייערע גראַמען און מאַכען דעם עולם צו וויינען און צו לאַכען. אָט זיינען זיי דאָ אלע לויט'ן סדר: משה אייזיק דער פידלער — ער געהט



א חופה אין וואָלקאָוויסק

אויפ׳ן בילד אין צענטער זעהט מען אהרן ליפשיץ און אַהרע דעם שמש

צום אַלעם ערשטען, ער איז דער פיהרער פון דער קאַפּעלע; ישראל, זיין ברודער — דער צווייטער פידלער; בערעל־לייב דער פידלער — אויך אַ ברודער פון משה־אייזיק׳ען; איטשעלע דער פידלער — דער פאָטער פון די דריי ברידער; מרדכי מיט׳ן קלאַרינעט; לייזשקע באנדורע — אַ זויכער, אַ בלאָנדער, מיט בלויע אויגען — דער ראָמאַנטישער בדחן; משה דער טרובאַטש, פסח לעווקאָוו, אויפ׳ן פלוט (דער „פאַפּייאַל״) אַ שוואַרצער, מיט שוואַרצע גרויסע אויגען; ישראל — משה אייזיקס זוהן — וואָס האָט געשפּילט אויפ׳ן קאָרנעט. די חתונה־פּראָצעסיע ציהט זיך פון דער מילנער גאַס איבער דער לענג פון דער ברייטער גאַס ביז צום שוהל־הויף. פאַראויס לויפען די קינדערלעך, ביי וועלכע יעדע חתונה איז אַ יום־טוב. די מחותנים געהען נאָך די חתן־כלה מיט ברענענדיגע ליכט אין די הענט. און די קאַפּעלע פאַרגעהט זיך אין אַ „פרעהליכעס״, וואָס צוזאַמען מיט די קולות פון די טאַנצענדיגע מחותנים, פלעכט עס זיך אריין גאַנץ נאַטירליך אין דער ערב־שבת׳דיגער סימפאָניע.




מילנער גאַס לעבען פוילישען קאָסטשאָל

## הערשעל דער סופר און חנה־חיה די יורש'טע

ווייזט אויס, אז ס'איז שוין שפעט נאָכמיטאָג, ווייל אָט קומט שוין אָן פון דער כאָלאָדאָיסקער גאַס הערשעל דער סופר, וועלכער געהט אַרום דערמאָנען אידען, אז דער הייליגער שבת הויבט זיך באַלד אָן. ער פלעגט דערשיינען, אָט אַ דער טייערער איד, אין זיינע אידישע בגדים — אַ לאַנגער קאַפטאַן מיט א גארטעל און א סאמעטען היטעל — און פלעגט ניט מיד ווערען רופענדיג: „אידען, שבת! שבת, אידען!" דאָס פלעגט ער אויף אזא אופן דערמאָנען די קרעמער, אז ס'איז שוין צייט צו פאַרמאכען די קראָמען. און פון דער צווייטער זייט, פון דער ברייטער גאַס, קומט אָן חנה־חיה די יורשיטע (האַצקעל דעם יורש'עס פרוי). נעכטען, דאָנערשטאָג, איז זי געווען זעהר פאַרנומען, ווייל דאָנערשטאָג פלעגט זי זאַמלען איבער דער גאַנצער שטאָט, אין איר ברייטען פאַרטוך: ברויט, חלה, ליכט — און עס איסטיילען פרייטאָג צווישען די נויט־באַדערפטיגע. אָבער איצט האָט זי שוין פאַרענדיגט איר ארבייט, באזאָרגט די אָרימע־לייט מיט אַלעס וואָס ס'איז נויטיג אויף שבת, און זי דערשיינט אַן אויסגעפוצטע, אין אירע שבת'־דיגע בגדים, אין אַ טשיפיק און מיט אַ טערקישער, פיל־פאַרביגער פאַטשיילע. זי געהט אונטערטאַנצענדיג און רופט: „ווייבלעך, שבת! ווייבלעך, שבת!"

און די שבת־אויסרופען פון הערשעל דעם סופר און פון חנה־חיה דער יורש'טע מישען זיך אויס מיט דעם קלאַפּען פון די שלעסער, וואָס די קרעמער ציהען ארויף אויף די טירען און לאָדענס פון זייערע געשעפטען — און אַלעס צוזאמען ווערט פאַרוועבט אין דער גרויסער ערב־שבת'דיגער סימפאָניע.

## די פּראָצעסיע אין שוהל אַריין

פאַרנאַכט־צו. די מלכה שבת איז געקומען מיט איר גאַנצער פּראַכט אין שטאָט אַריין. פאַרשוואונדען דער וואָכעדיגער רעש, געשלאָסען די געשעפטען, אָפּגערוימט דער מארק — און פון אלע גאַסען הויבט זיך אָן ציהען אַ שעהנע פראָצעסיע אין שוהל אריין, צום דאַוונען. דאָס איז די פּראָצעסיע פון די וואָלקאָוויסקער בעלי־בתים. לויט זייער קאָפּ־צודעק קען מען דערקענען זייער געזעלשאַפטליכען שטאַנד: די רייכע טראָגען צילינ־דערס אויף די קעפּ; דער מיטעל־קלאַס — סוחרים און בעלי־בתים — טראָגען הארטע קאַפּעליושען; די בעלי־מלאכות און קליינע קרעמערלעך — פשוט'ע היטלען. ביי די פרויען איז אויך דאָס זעלבע: רייכע פרויען זיינען אָנגעטאָן אין היט; די אָרימערע וואַרפען אַריבער אויף די קעפּ פשוט'ע פאַטשייעלעס; עלטערע פרומע פרויען טראָגען פאַרוקען. אַלע באַטייליגען זיך אין דער פראָצעסיע, זיי געהען מיט זייערע קינדערלעך און האַלטען סידורים'לעך אין די הענט.

אָט באַווייזט זיך דער אַלטער רב ר׳ אבא יעקב באָרוכאָוו, מיט זיין לאַנגער באָרד און שטאָלצען געזיכט. פוןביידע זייטען געהען־מיט די שמשים אהרן און ידידיה. און אָט קומט־אָן אַ גאַנצע רייהע חשוב'ע בעלי־בתים, אויפ'ן וועג אין דער הויפּט־שוהל אריין. ווייזט אויס, אז היינט דאַווענט דער חזן קאַפּעל מיט זיינע משוררים, וויל צווישען די וואָס געהען אין הויפּט־שוהל אַריין געפינען זיך אויך פילע מתפללים פון אַנדערע שוהלען און בתי־מדרשים. קיין עין־הרע אָן עולם שפּאַצירט עס היינט אין שוהל אריין — די גאַנצע „סמעטענע" פון דער שטאָט! און פון אַלע גאַסען שטראָמען די מענשען: פון דער מילנער גאַס — אפרים זילבערמאַן, שמואל גראָדזענסקי, אלי לייב ראַכמילעוויטש, שאול מינץ, אהרן ליפשיץ, משה לייב כמעלניצקי און שלום לעוו; פון דער ברייטער גאַס — אברהם עפשטיין, לייב העלער (ווייס), אברהם אליי מארקוס, אשר יודזשיק, אבא יודע ווינעצקי, שמואל חיים ביילקעס, משה יעקב פינקעלשטיין, משה לפידות, ניסן יאַנאָווסקי, זעליג באַרטנאָווסקי, זלמן לייב סלוצקי, לייזער יודזשיק, נחום האַלפּערין, נחום לייטוס, עקיבא יודזשיק, יעקב ווינשטיין, זלמן איסר גאָלדבערג, אליהו שייקעוויטש, מאיר שיף, און יהושע צוקערמאַן;




די גרויסע שוהל

פון שפרה׳ס געסעלע — נפתלי הערץ נאַכימאָווסקי, פייוועל דער שוחט, כתריאל דער בעקער, מאַני דער בעקער, שמעון אַדעס און בערעל שמחהים (קושניר); פון דער אָסטראָגער גאַס — יעקב ברעסטאָ־וויצקי (דער דיין), אייזיק ניימאן, יואל אַמסטיבאָווסקי, הענאַך ניימאַן, ברעס־טאָוויצקי (פון פאָטשט), יעזערסקי דער האָלץ־סוחר, וויינשטיין דער באַנקיר, דוד הובאר און שלום ווינאָגראַדסקי; פון דער בולוואַרנער גאַס — מאַניע גאַלאַי, ישראל אפרת, יעקב אבראמסקי, יהודה פערעכאַדניק, גאַליאצקי דער שערער, בער פאַליאטשעק און הערשעל מאַזאָווער; פון דער צערקאָוונער געסעלע — חיים עוזר איינהאָרן, יוסף ברעסטאָוויצקי (דער בירער), גאַליאצקי דער שוסטער, ביינוש דער סטאָליער און גדליהו פערעשעצקי; פון דער כאָלאָדאָיסקער גאַס — יעקב סאַלמאַן; פון דער ווילנער גאַס — קאָפּעל איסר וואָלקאָוויסקי; פון דער גראָדנער גאַס — יהושע דוד פּאָפּע, טוביה פענסטער, שלום באַראַש, יודעל בערעשקאָווסקי, שמואל דוד יונאָוויטש, אברהם זלמן קורץ און לייזער שאַליוטע; פון דער טאָטאַרסקער געסעלע — אהרן שיפּמאַנאָ־וויטש; פון דער נייער געסעל — זונדעל קאַפּלאַן, שמעון

זאַמאָשטשאַנסקי, כתריאל דער שניידער, עוזר קאַפּלאַן, יצחק פּיסעצקי, משה מאיר דער מלמד און יעזערסקי דער לערער; פון אַנטקעגען די קראָמען: — איטשע נאָוואָגרודסקי, יקותיאל בערעשקאָווסקי, יאַנקעל איינהאָרן, זאב בליאַכער און ישראל גרשון זאַקהיים; פון אונטער דעם טייך — משה שפירא, זלמן חפץ, אביגדור בלאַך און לייב פינעס.

די מערהסטע פון זיי געהען היינט, ווי געזאָגט, אין דער הויפּט־שוהל, וואו עס דאַווענט קאַפּעל דער חזן מיט זיינע משוררים (פון וועלכע דער וויכטיגסטער איז געווען ישראל דער טאָקער, ידידיה דעם שמש'ס זוהן — ער איז געווען דיריזשאָר פון כאָר); אָבער פילע געהען אויך דאַווענען אין די אַנדערע בתי־תפילה פון'ם שוהל־הויף: דער הילצערנער בית־המדרש, „דער מויער", די „חייטים־שוהל" און די „עין־יעקב" שוהל, און אין די איבעריגע וואָלקאָווויסקער שוהלען און בתי־מדרשים: כאַלאַדאַיסקער שוהל אויף דער כאַלאַדאַיסקער גאַס, ליעווים בית־המדרש — אין דער מילנער גאַס, „תפארת בחורים" — אין דער נייער געסעל, זאַמאָשטשער בית־המדרש — אויף זאַמאָשטשע, ר' מאיריקעס בית־המדרש — אין דער אָסטראָגער גאַס, פּאָליאַקאָווים בית־המדרש — אין דער גראָדנער גאַס, קארטשיזנער בית־המדרש — אויף קאַרטשיזנע, דער קליינער בית־המדרש — אונטער הערשעל־יאַנקעל'ס הויז אויף דער ברייטער גאַס, און דאָס חסידיישע שטיבעל — לעבען טייך.

פון אַלע שוהלען שטראָמט־אַרויס פיל ליכט וואָס באַלייכט די גאַנצע שטאָט. און דאָס געזאַנג פון קאַפּעל דעם חזן מיט זיינע משוררים, און די לוסטיגע התלהבות'דיגע קולות פון די מתפללים, וועלכע זינגען־אויס מיט חשק דעם „לכו נרננה" און די אַנדערע שבת'דיגע תפילות, פילען־אָן די לופט מיט דערהויבענקייט און רוחניות'דיגקייט און פיהרען אַריבער די ערב־שבת'דיגע סימפאָניע אין דער הייליגער שבת־אַטמאָספערע.

*****

פ ר י י ט אָ ג ־ צ ו ־ נ אַ כ ט ס. דער עולם איז שוין צוריק־געקומען פון שוהל און מאַכט קידוש. די שבת־ליכט באַלייכטען דעם פיין־געגרייטען טיש און שיינען אַרויס דורך די פענסטער אין גאַס אריין. די קולות פון די שבת'דיגע זמירות און פון'ם בענשען פילען־אָן דעם חלל פון דער גאַס און שאַפען אזוי־ארום די פאָרטזעצונג פון דער ערב־שבת'־דיגער סימפאָניע.

## די יוגענד שפּאַצירט און זינגט

נ אָ ך ד ע ר ס ע ו ד ה. די קעראָסין־לאָמפּען אין די הייזער לעשען זיך אויס צוביסלעך און די ליכט צאַנקען און געהען אויס. נאָר די



אַ גרופּע חברים מיט משה איינהאָרן אויף זיין באַזוך אין וואָלקאָוויסק
אין יאָר 1921

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, זיצען: טעוועל סמאַזאַנאָוויטש, משה׳קע איינהאָרן, פּערעל הובאַר; צווייטע רייהע: דוואָרעצקי, יודעל כוואַלאָווסקי, אברהם קלמן לעוו, מילע קאַפּלאַן, סיאָמע גאַלין, לוטשע גלעמבאָצקי, מישע גאַלין, ישראל הובאַר.

פינקעלדיגע שטערען אין הימעל באַלייכטען צוביסלעך די פינסטערע גאַסען. דער עלטערער עולם געהט שלאָפען נאָך דער פעטער סעודה, אָבער די יוגענד פילט־אָן די גאַסען. מען געהט שפּאַצירען. די פּאַרטיי־מענשען — ציוניסטען, בונדיסטען — קלייבען זיך צונויף אין זייערע אייגענע קרייזען, אין הייזער פון באקאנטע, צו דיסקוטירען פאַרשיידענע פּראָבלעמען, הערען נייעס און זיך אונטערהאַלטען. די „אומפּאַרטייאישע" שפּאַצירען סתם אויף די טראָטוארען פון די גאַסען — די פּריצישע גאַס, אָסטראָגער גאַס און



די פריצישע גאַס

מילנער גאַס — און ראָמאַנסירען. מען טרעפט זיך מיט באַקאַנטע מיידלעך, מען וואַרפט זיך איבער מיט ווערטער, פראַזען, און מען דערגעהט, אומבאַמערקטערהייט, צו די געסלעך ביים טייך.

אָט דערשיינט דער דעמאָלט־יונגער דוד איינהאָרן. ער האָט געוואוינט מיט זיינע עלטערן אין קאַלאָסאָיסקי׳ס הויז ביים סוף פון דער ברייטער גאַס אַנטקעגן דער צערקווע. איינהאָרן איילט זיך צום הויז פון זיין פריינדין סאָניע פאַרבער. אַן אינטערעסאַנטע מיידעל איז זי געווען אָט די סאָניע פאַרבער, און ביי איר אין הויז פלעגט זיך צוזאַמענקומען די רעוואָלוציאָנער־געשטימטע יוגענד. איינהאָרן לויפט אַ פאַרסאָפּעטער. זיינע קעשענעס זיינען פול מיט בראָשורען און פאַרשריבענע פּאַפּירען וואָס אַנטהאַלטען פאַרצייכנטע געדאַנקען און איבערלעבונגען פון דער גאַנצער וואָך. ביי סאָניע׳ן אין הויז וועלען דאָך זיין אַלע זיינע באַקאַנטע און ער וועט מיט זיי קענען אַלעס אַרומשמועסען און הערען זייערע מיינונגען וועגען זיינע יוגענדליכע לידער. אין די פרייטאָג־אָוועגטען ביי כאַניע פאַרבער אַנטוויקעלט זיך און



**אַ גרופּע וואָלקאָווויסקער גימנאַזיסטקעס אין יאָר 1912**
רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, זיצען: **מילע קאַפּלאַן, זשעניע פרענקעל**; צווייטע רייהע: **דאָרע איינהאָרן, פרידע האַלפּערן, לוטשע גלעמבאָצקי, סאָניע קלעבאַנסקי.**

ווערט רייף דער טאַלאַנט פונ'ם שפּעטערדיגען פּראָפעסאָר פון די „שטילע געזאַנגען". פון סאָניע'ס הויז טראָגען זיך אין גאַס אַריין די פייערליכע קלאַנגען פון רעוואָלוציאָנערע אידישע און רוסישע לידער.

אין הויז פוןביילע רבקה קושניר (בערעל שמחה'ס טאָכטער) — אין שפרה'ס געסעלע — קומען זיך צונויף די בונדיסטען — בערעל קאַרפּאָוויטש, די ברידער ליקאָווסקי, זיידעל דער איינבינדער, משהיקע זאַקראַי, יאַנקעל לעווין, זוים נעמזער, ראָזע איינהאָרן, משה כתריאליס — און דיסקוטירען זייערע פּאַרטיי־ענינים און זינגען די „שבועה" און „דער געזאַלצענער ים". ביי דוד הובאריען אין הויז קומען זיך צונויף די ציוניסטען — די ווינאָגראַדסקיס, נחום האַלפּערין, די נאָוואָגרודסקיים — און זייער געזאַנג פון „התקוה" און „שם במקום ארזים" טראָגט זיך מוטיג און הויך איבער די וואָלקאָוויסקער גאַסען און פילט זיי אָן מיט האָפנונג און פרייד פון אויפלעבונג. און ביי ליוטשע גלעמבאָצקע אין הויז קומט זיך צונויף אַ גאַנץ אנדער גרופּע. אַן אינטעלי־גענטע און וואונדערבאַר־שעהנע מיידעל איז זי אָט־אָ די ליוטשע. ביי איר קומט זיך צונויף די אַזוי־גערופענע „גאָלדענע יוגענד" — גימנאַזיסטען, גימ־נאַזיסטקעס, יונגע סטודענטען און אַנדערע „אינטעליגענטען" — און פּאַר־



א שפּאַציר מיט דער „לאָטקע” אויפ'ן טייכעל
אויפ'ן בילד זיינען פאָטאָגראַפירט: יאַנקעל צוקערמאַן, פריילין ראַבינאָוויטש (דעם שטעפער'ס טאָכטער) און איצעל טשאָפּער.

ברענגען געמיטליך. איר הויז, אין יאנאָווסקי'ס געסעל, איז ווי באַשאַפען געוואָרען דערפאַר. אַ שעהן הויז מיט אַ רחבות'דיגען גאַניק — לעבען טייך. ווער איז ניט געקומען אַהינצו? אַלע האָבען מיט פאַרגעניגען באַזוכט דאָס דאָזיגע גאַסט־פריינדליכע הויז: ישראל הובאר, יאנקעל ניימאן, זשעניע פרענקעל, פרידע האַלפּערן, פערעל און ליזע הובאר, דבורהילע איינהאָרן, מיליע קאַפּלאַן, משה בנימין שאַלאַכאָוויטש, יודעל כוואַלקאַ, טעוועל סמאַזאַנאָוויטש, די גאַליִנס, די דוואָרעצקיס, די כמעלניצקיים — די גאַנצע אזויגערופענע „רוסישע אינטעליגענץ”. פון דאָרטען פלעגען זיך הערען די טענער פון „אָטשי טשאָרניע” און אַנדערע רוסישע ראָמאַנטישע לידער, וועלכע פלעגען זיך אויסמישען מיט די קלאַנגען פון די אידישע פאָלקס־לידער, וואָס ס'האָבען געזונגען די פאַרליבטע שפּאַצירענדע פּאָרלעך אויף דער פריצישער גאַס און אין די פינסטערע געסלעך. און אָט אַ די אַלע יוגענד־ליכע קולות צוזאַמען מיט די געזאַנגען פון די רעוואָלוציאָנערע און נאַציאָנאַלע הימנען האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין מעכטיגען שטראָם, וועלכער האָט געשאַפען דעם קלימאַקס, דעם פּראַכטפולען פינאַל פון דער גרויסער באַצויבערענדער סימפאָניע.

# די וואָלקאָווויסקער רבנים און דיינים

די וואָלקאָוויסקער קהילה האָט פאַרנומען אַ בכבוד'יג אָרט צווישען די ווייטיגסטע קהילות אין גראָדנער געגענד. ווייזט אויס, אַז אירע בעלי־בתים זיינען געווען גרויסע לומדים און תלמידי־חכמים. אויך די וואָלקאָ־וויסקער רבנים, אין משך פון די לעצטע 150 יאָר, זיינען געווען פאַררעכענט צווישען די באַריהמטסטע גאונים ביי אידען און זיי האָבען ארויפגעלייגט זייער שטעמפעל אויף דער שטאָט.

איך האָב, לײדער, ניט געקאָנט געפינען קיין גענויע פּרטים און איינ־צעלהייטען וועגען אַלע באַריהמטע וואָלקאָוויסקער רבנים. דאָס ביסעל וואָס מיר איז געלונגען צו קריגען גיב איך דאָ איבער, ווי ווייט מעגליך, אין אַ כראָנאָלאָגישען סדר.

## די ערשטע רבנים אין וואָלקאָוויסק

אין דער צייט פון דעם ווילנער גאון איז דער וואָלקאָוויסקער רב געווען — ר' אביגדור ז"ל. זיין זוהן, ר' שמואל, איז געוואָרען דער אידעם פון אַ ווילנער גביר, ר' יודע יסוד. ר' שמואל איז שפּעטער אויפגענומען גע־וואָרען אַלס רב אין ווילנע, בתנאי אז ער זאָל אַוועקפאָרען אויף עטליכע יאָר זיך לערנען רבנות — הלכה למעשה — ביי זיין פאָטער אין וואָלקאָוויסק.

נאָך ר' אביגדור'ס פּטירה האָט פאַרנומען דעם כסא־הרבנות אין וואָל־קאָוויסק ר' בנימין דיסקין ז"ל, אַן אידעם פון אַ וואָלקאָוויסקער גביר. ר' בנימין דיסקין האָט פיל בייגעטראָגען צו דער גייסטיגער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. זיינע צוויי זיהן, ר' יהושע לייב דיסקין ז"ל און ר' אברהם שמואל דיסקין ז"ל, זיינען געווען באַוואוסט אלס גדולי־התורה. דער ערשטער זוהן זיינער, ר' יהושע לייב דיסקין (געבוירען אין יאָר 1818), איז געווען רב אין בריסק און שפּעטער געוואָרען דער הויפּט־רב פון דער אשכנז'שער קהילה אין ירושלים, און האָט דאָרט געגרינדעט דעם באַריהמטען „בית־יתומים דיסקין", וואָס טראָגט נאָך עד־היום זיין נאָמען. אין דער צייט וואָס ר' בנימין דיסקין איז געווען רב אין וואָלקאָוויסק, האָט זיך אָנגעהויבען די קאַלירפולע עפּאָכע פון דעם וועלט־באַריהמטען גאון און קאָוונער רב, ר' יצחק אלחנן ספּעקטאָר ז"ל — באַקאַנט דורך זיינע חיבורים „באר יצחק",


הרב ר' שמואל ז"ל (ר' אביגדור'ס זוהן)

„עין יצחק", „נחל יצחק" און נאָך אַנדערע ספרים — און וואָס איז בשעתו געווען די צענטראַלע פיגור אין דער רבנ'ישער וועלט, סיי אַלס פוסק און סיי אלס מנהיג פון דעם רוסישען אידענטום. אויף זיין נאָמען עקזיסטירט אויך אין ניו־יאָרק די באַריהמטע ישיבת ר' יצחק אלחנן („ישיבה־קאָלעדזש"). מיר ווילען זיך דאָ אַביסעל לענגער אָפּשטעלען וועגען ר' יצחק אלחנן ז"ל, ווייל אין זיין לעבענס־געשיכטע האָט וואָלקאָוויסק פאַרנומען אַ וויכטיגען פּלאַץ.

## הרב ר' יצחק אלחנן ז"ל אין וואָלקאָוויסק

ר' יצחק אלחנן איז געבוירען געוואָרען אין יאָר 1817 (תקע"ז) אין דעם שטעטעל ראָש, נישט ווייט פון וואָלקאָוויסק. זיין פאָטער, ר' איסר, איז געווען רב פון שטעטעל. ווען ר' יצחק אלחנן איז נאָך ניט אַלט געווען קיין 12 יאָר, איז זיין מוטער געשטאָרבען. זיין פאָטער, ר' איסר, האָט באַ־שלאָסען, אז די ראַטזאַמסטע זאַך וועט זיין אים חתונה צו מאַכען, כדי ער זאָל זיך געפינען אין אַ וואַרעמער היימישער אַטמאָספערע. דער יונגער

יצחק אלחנן האָט שוין דאַן גע׳שמ׳ט אלס עילוי און מען האָט אים גערעדט די בעסטע שידוכים פון דער געגענד. איינער פון די שידוכים וואָס מען האָט אים גערעדט איז געווען מיט אַ גביר׳ס אַ טאָכטער פון דער דער־בייאיגער שטאָט וואָלקאָוויסק. פאַר׳ן שרייבן די תנאים האָט מען איינ־געלאַדען דעם חתן צו דער כלה׳ס עלטערען אין הויז אויף אַ שבת. עס זיינען אַהין געקומען די שעהנסטע בעלי־בתים און לומדים פון וואָלקאָוויסק צו נעמען דעם יונגען חתן אויף אַ פאַרהער.

ביי אַ שעהן־געדעקטען טיש, מיט דעם בעסטען גביר׳ישען כיבוד, זיינען געווען פאַרזאַמעלט די חשוב׳סטע בעלי־בתים פון וואָלקאָוויסק און דער עילוי האָט שטאַרק אויסגענומען מיט זיין לומדות. נאָר פּלוצלינג איז גע־שעהן אַ זאַך, וואָס האָט אַלעמען צעטומעלט. דער יונגער יצחק אלחנן האָט צוגערוקט צו זיך דאָס טעלערעל מיט דעם געשמאַקען גביר׳ישען איינגע־מאַכטס און, זייענדיג פאַרטיפט אין לערנען, האָט ער פאַרגעסען וואו ער האַלט אין דער וועלט און גענומען עסען מיט די הענט. דעם גביר׳ס פּנים האָט אויפגעפלאַמט פון בושה. אויך אויף דער כלה האָט די קאָמישע פּאַסירונג געמאַכט אַ שלעכטען איינדרוק און זי האָט מיט איינגעשפּאַרטקייט גע׳טענה׳ט, אַז זי וויל ניט קיין חתן וואָס עסט איינגעמאַכטס מיט די הענט. עס איז געוואָרען אויס שידוך. אָבער די כלה איז פאַרבליבען אַ מויד איר גאַנץ לעבען, און זי האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאָט.

ווען ר׳ יצחק אלחנן איז געקומען צוריק קיין ראָש, האָט שוין דאָס גאַנצע שטעטעל געוואוסט פון דער מעשה און מען האָט זי צעטראָגען אויף טעלערלעך. אָבער זיין פאָטער, דער רב פון ראָש, האָט מצדיק געווען דעם דין און גע׳טענה׳ט, אַז מן הסתם איז די כלה ניט געווען ראוי צו זיין יצחק אלחנן׳ס פרוי. און ר׳ יצחק אלחנן איז ווייטער געזעסען און געלערענט.

אין עטליכע חדשים שפּעטער איז דער קיידאַנער רב דורכגעפאָרען ראָש און האָט זיך, ווי דער שטייגער איז, אַריינגעכאַפּט אינ׳ם רב׳ס הויז, זיך דורכשמועסען אין לערנען. דער קיידאַנער רב איז נתפּעל געוואָרען פון דעם יונגען יצחק אלחנן׳ס גאונות און ער האָט אים גערעדט אַ שידוך אויך מיט אַ וואָלקאָוויסקער מיידעל, דעם גביר ר׳ לייזער יעזערסקעס טאָכטער, שרה רייזע. דער שידוך איז מיט מזל דורכגעפירט געוואָרען. ר׳ יצחק אלחנן האָט געקראָגען 300 רובעל נדן און איז 6 יאָר געבליבען עסען קעסט ביים שווער, וועלכער האָט דאַן געוואוינט אין דעם גרויסען הויז אויף מילנער גאַס, און ר׳ יצחק אלחנן איז געזעסען און געלערענט בהתמדה אין דעם הילצערנעם בית־המדרש.

ר׳ בנימין דיסקין, וועלכען מיר האָבען פריהער דערמאָנט, איז דער־מאָלסט, ווי געזאָגט, געווען רב אין וואָלקאָוויסק. ר׳ יצחק אלחנן איז געוואָרען זיין תלמיד און געלערענט אין דעם קיבוץ, צוזאַמען מיט דעם רב׳ס זוהן, ר׳ יהושע דיסקין, ר׳ ברוך מרדכי ליפשיץ (וואָס איז אויך געווען אַן אידעם פון אַ וואָלקאָוויסקער גביר) און חיים זעליג סלאָנימסקי, דער שפּעטער־באַוואוסטער רעדאַקטאָר פון „הצפירה״. ר׳ ברוך מרדכי ליפשיץ איז שפּעטער געוואָרען רב אין וואָלקאָוויסק און דאָרט געגרינדעט די וואָל־קאָוויסקער ישיבה. ער איז גוט באַקאַנט אין דער אידישער וועלט דורך זיין זעהר פּאָפּולערען ספר „ברית יעקב״. ר׳ יצחק אלחנן האָט אויפ׳ן זעקסטען יאָר פון זיינע קעסט ביים שווער זיך אַרומגעזעהן, אַז עס איז ניט קיין פּלאַן צו לעבען ביים שווער׳ס טיש און ער האָט באַשלאָסען צו ווערען אַ רב. ער האָט געקראָגען סמיכה ביי ר׳ בנימין דיסקין, און אין עלטער פון צוואַנציג יאָר איז ער געוואָרען רב אין דעם קליינעם שטעטעל איזאבעלין. און מיט יאָרען שפּעטער איז אָט דער וואָלקאָוויסקער קלויזניק געוואָרען רב אין קאָוונע. מען דערצעהלט, אז איינמאָל איז ר׳ יצחק אלחנן געפאָרען אויף קבר־אבות אין זיין געבורטס־שטעטעל, ראָש. אויפ׳ן וועג איז ער דורכגע־פאָרען וואָלקאָוויסק, וואו די גאַנצע שטאָט איז געקומען אים מקבל פּנים זיין. צווישען דעם גרויסען עולם איז אויך געווען אַן אַלטע צעבראָכענע פרוי — זיין אַמאָליגע כלה, וועלכע האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאַט.

## הרבנים ר׳ יצחק אייזיק חבר ז״ל און ר׳ יחיאל בן־אהרן העלער ז״ל

נאָך ר׳ ברוך מרדכי ליפשיץ זיינען אין וואָלקאָוויסק געווען די פאָל־גענדע צוויי רבנים: ר׳ יצחק אייזיק חבר און ר׳ יחיאל בן־אהרן העלער. הרב חבר איז שפּעטער געוואָרען רב אין טיקטין און ער איז דער מחבר פון „שאלות ותשובות בנין עולם״, „הערות בש״ס״ און פון דעם ספר „בית יצחק״, וואָס איז געדרוקט געוואָרען אין סעדילקאָוו, אין יאָר תקצ״ו. הרב העלער איז געווען איינער פון די פיר באַוואוסטע ברידער־רבנים פון יענער צייט, וועלכע האָבען געטראָגען דעם נאָמען העלער, און האָבען געשטאַמט פון דער פאַמיליע פון רבנו יום־טוב ליפּמאַן העלער, דער „בעל תוספות יום־טוב״. הרב יחיאל העלער איז געבוירען געוואָרען אין קאידינאָוו (מינס־קער גובערניע) אין יאָר 1814 און איז געשטאָרבען אין פּלונגיאַן (קאָוונער גובערניע) אין 1861. ער איז אין משך פון זיין לעבען געווען רב אין גלוסק (מינסקער גובערניע), וואָלקאָוויסק, סואוואַלק און פּלונגיאַן. ער האָט געשריבען אין דייטש אַן אָפּהאַנדלונג איבער די „שמונה פרקים״ פונ׳ם רמב״ם, און איז אויך דער מחבר פון „עמודי אור״.

## הרב ר׳ אברהם שמואל ז״ל

נאָך זיי איז געווען רב אין וואָלקאָווּיסק ר׳ אברהם שמואל ז״ל, דער זוהן פון ר׳ בנימין דיסקין. מיט ר׳ אברהם שמואל׳ען האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע עפּאָכע פאַר דער לומד׳ישער וואָלקאָווּיסק און פאַר איר רעליגיעזען דערציהונגס־וועזען בכלל. די וואָלקאָווּיסקער ישיבה איז שטאַרק פאַר־גרעסערט געוואָרען. באַגאַבטע בחורים פון די אַרומיגע שטעטלעך האָבען זיך געצויגען קיין וואָלקאָווּיסק, כדי צו לערנען אין דער ישיבה, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער השגחה פון דעם גרויסען גאון, ר׳ אברהם שמואל, דער ברודער פון ר׳ יהושע דיסקין. ר׳ אברהם שמואל האָט זיך אויסגע־צייכענט מיט זיין אייגענאַרטיגער קריאת־התורה און כמעט יעדען שבת פלעגען די בעלי־בתים קומען אין אַלטען מויער בית־המדרש זיך צוהערען צו זיין תורה־לייענען.

אגב, ר׳ אברהם שמואל׳ס אַ טאָכטער, מינדעל צירעל, איז געוואָרען די פרוי פון ר׳ איטשע לעוו, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ רייהע הייזער אויף מילנער גאַס.

## הרב ר׳ יונתן עליאַשבערג ז״ל

נאָך ר׳ אברהם שמואל׳ען איז געוואָרען רב אין וואָלקאָווּיסק דער באַ־וואוסטער גאון ר׳ יונתן עליאשבערג ז״ל.

ר׳ יונתן האָט געוואוינט ביי חיים וואַרשעווער (דעם שניידער) אין הויז, אויף מילנער גאַס. ער האָט געהאט דריי טעכטער: עטעל, ראָכטשע און ראָנקע.

ווי ס׳גיט איבער הרב יצחק קאָסאָווסקי, געוועזענער וואָלקאָווּיסקער רב, איצט אין יאָהאַניסבורג, איז נאָך הרב עליאשבערג׳ס פטירה (ער איז נעשטאָרבען זעהר יונג), די רבנות־שטול אין וואָלקאָווּיסק פאַרבליבען ליידיג זיבען יאָר, ביז עס איז געקומען הרב אבא יעקב באָרוכאָוו ז״ל.

הרב יונתן ז״ל איז געווען אַ גרויסער רב און אפילו באקאנט געווען אַלס איינער פון די גאוני התורה אין יענעם דור. ער איז געווען אַ חכם, אַ סופר און אַ דענקער, און אלע חכמי־הדור און גרויסע משכילים פלעגען זיך מיט אים צונויפשרייבען און אים זעהר שעצען. צווישען איינעם פון ר׳ יונתנ׳ס ספרים האָט הרב קאָסאָווסקי געפונען אַ בריף, געשריבען פון רש״י פין ז״ל פון ווילנע, וועלכער איז געווען איינער פון די אָנגעזעהענע משכילים און געלערנטע פון יענעם דור און אויך איינער פון די „חובבי ציון״. אין דעם דאָזיגען בריף איז באַהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען אַ חשוב׳ער אסיפה, וואָס איז פאַררופען געוואָרען פאר דער ערשטער ציוניסטישער קאָנ־פערענץ אין קאַטאָוויץ, מיט אומגעפער זעכציג יאָר צוריק.



הרב ר׳ יונתן עליאַשבערג ז״ל

הרב ר׳ יונתן עליאשבערג ז״ל איז געווען דער מחבר פון „קסת יהונתן״ און „ספר המדות״. ער האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף דער אידישער קהילה פון וואָלקאָוויסק און ער איז דאָס געווען דער, וועלכער האָט אַריינגעפיהרט דעם אידעאַל פון חיבת־ציון צווישען די וואָלקאָוויסקער אידען. נאָך אים האָט פאַרגעזעצט אין דער זעלבער ריכטונג זיין נאָכפאָלגער, הרב באָרוכאָוו ז״ל, און אַ דאַנק דער השפעה פון די ביידע רבנים האָט זיך וואָלקאָוויסק אויסגעצייכענט פון די איבעריגע ארומיגע שטעט מיט איר איבערגעגעבענקייט צום נאַציאָנאַלען אידעאַל. דאָס האָט געווירקט דערויף, אַז אַ גרויסע צאָל פון די וואָלקאָוויסקער אידען האָבען עולה געווען קיין ארץ־ישראל און האָבען זיך דאָרט באַזעצט פיל יאָרען פאַר דער איבערקערעניש אין אייראָפּע — און אגב דורכדעם ניצול געוואָרען פון אַ זיכערען טויט.

## הרב ר׳ אבא יעקב באָרוכאָוו ז״ל

ווי געזאָגט, איז נאָך ר׳ יונתן עליאשבערג געוואָרען רב אין וואָלקאָוויסק דער גאון ר׳ אבא יעקב ב״ר יחיאל מיכאל הכהן באָרוכאָוו. ער האָט געקראָגען סמיכה אויף רבנות פון ר׳ יצחק אלחנן ספעקטאָר. נאָכדעם ווי ער איז געווען רב אין פאַרשיידענע קהילות — מיישיגולא, קופּישוק, וואקשנע און



הרב אבא יעקב באָרוכאָוו ז"ל

פּאָלאָצק — איז ער אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין וואָלקאָוויסק אין יאָר 1903 (תרס"ג). די וואָלקאָוויסקער ישיבה, וואָס איז געגרינדעט גע־וואָרען אין יאָר 1887 (תרמ"ז), דורך דעם גאון ר' ברוך מרדכי ליפשיץ, איז אַ דאַנק הרב באָרוכאָוו'ס השפעה פאַרגרעסערט געוואָרען אין כמות און אין איכות. די צאָל פון די תלמידים איז געוואַקסען ביז צו דריי הונדערט, וועלכע זיינען געווען איינגעטיילט אין פינף קלאַסען.

אין יאָר 1923 (תרפ"ג) האָט הרב באָרוכאָוו — וועמעס צוויי זיהן (איינער אַ באַוואוסטער העברעאישער שריפטשטעלער און דער אנדערער אַ באַ־קאַנטער דאָקטאָר, לייטער פון דער היגיענישער אָפּטיילונג פון „הדסה" האָבעןביידע געוואוינט אין ירושלים, — באַשלאָסען אַוועקצופאָרען קיין ארץ־ישראל (דער דריטער זוהן פון הרב באָרוכאָוו איז געווען רב אין מאָלדען, לעבען באָסטאָן). די וואָלקאָוויסקער קהילה האָט מכבד געווען איר אַלטען געעהרטען רב מיט אַ שעהנער מתנה און האָט אים מיט גרויס כבוד אַרויס־באַגלייט אין וועג אריין.

ווען הרב באָרוכאָוו איז אין יאָר 1928 (תרפ"ח), וואוינענדיג אין ירושלים, אַלט געוואָרען אַכציג יאָר, האָט דער באַוואוסטער העברעאישער שריפט־

שטעלער, ר׳ בנימין, פאַרעפענטליכט וועגען אים אינ׳ם ארץ־ישראל׳דיגען זשורנאַל „ההד״ אַן אינטערעסאַנטען אַרטיקעל, וועלכען מיר גיבען דאָ איבער אַביסעל פאַרקירצט:

„אַז דו באַגעגענסט די דאָזיגע טייערע געשטאַלט אין די ירושלים׳ער גאַסען, וואו ער געהט זיך זיין וועג צניעות׳דיג, ניט וועלענדיג דערוועקען אַ וועלכע עס איז אויפמערקזאַמקייט, קריגסטו דאָס געפיהל אז דאָס איז די געשטאַלט פון אַ גדול בתורה פון די אַמאָליגע דורות, וואָס תורה און מידות זיינען אין זיי געווען באַהעפט צוזאַמען. דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות האָט געהאַט דאָס פאַרגעניגען אים צו באַגלייטען, ווען ער איז גע־פאָרען איניגע טעג, צוזאַמען מיט הרב אברהם יצחק הכהן קוק ז״ל, איבער אידישע קאָלאָניעס און דערפער אויף אידישער ערד אין ארץ־ישראל. די גאַנצע נסיעה איז באַשטאַנען פון תורה און יראה און פרייד מיט׳ן לאַנד.

„לאָמיר דאָ פאַרצייכענען אין קורצען די געשיכטע פון זיין געבענטשט לעבען.

„ער איז געבוירען געוואָרען אין חודש טבת אין יאָר תר״ח, אין דער שטאָט דאַרשושניק אין קאָוונער גובערניע. זיין פאָטער איז געשטאָרבען ווען ער איז נאָך געווען יונג. ער האָט געוואוינט אין דער שטאָט וואראָנא. זיינע רבים האָבען אָנערקענט זיינע גרויסע פעהיגקייטען און צו אים גע־זאָגט: „מיר קענען דיך מער ניט לערנען, געה אין בית־המדרש און לערען אליין״. אין בית־המדרש זיינען געווען די ספרים פון די ראשונים: דער רשב״א, דער ריטב״א און אַנדערע. דאָס אינגעל, וואָס איז נאָך קיין בר־מצוה ניט געווען, האָט זיך אַליין איינגעוואוינט צו לערנען די גמרא צו־זאַמען מיט די ראשונים. די „ראשונים״ זיינען פאַר אים געוואָרען זיינע לעהרער און באַגלייטער. די דאָזיגע געוואוינהייט איז ביי אים געוואָרען אַ צווייטע נאַטור.

„ער קומט נאָכדעם קיין באלטראָמאנץ און לערענט דאָרטען אינ׳ם בית־המדרש, צו דער זעלבער צייט, ווען ס׳האָט דאָרטען אויך געלערענט דער גאון ר׳ מאיר שמחה ז״ל פון דווינסק. די גרעסטע געשעהעניש אין זיינע לערען־טעג איז געווען, ווען ער האָט געלערענט דריי יאָר ביים גאון ר׳ יהושע לייב דיסקין ז״ל, צוזאַמען מיט הרב דיסקינ׳ס זוהן, דעם פאַר־שטאָרבענעם גאון ר׳ ירוחם דיסקין. אין יאָר תרל״ג לערענט ער נאָך אַ האַלב יאָר אין בית־המדרש פונ׳ם גאון ר׳ יצחק אלחנן אין קאָוונע און ער קריגט אויך פון אים סמיכה.

„אומגעפער פופציג יאָר איז ער געווען רב. ס׳גיסט זיך ביי אים צו־נויף זיין נאַטירליכע אייגענשאַפט מיט זיין גרויסקייט אין תורה, כדי אים

צו פאַרלייכטערען זיין אַרבייט און אים מאַכען באַליבט ביי אַלעמען. זיין נאַטירליכע אייגענשאַפט איז געווען ליב צו האָבען מענשען אָהן שום אונטער־שייד, מיט אַ פשוט׳ער ערליכער ליבשאַפט.

„ער האָט זיך אויך מתעסק געווען אין געזעלשאַפטליכער ארבייט, וואָס ברענגט הילף צו קראַנקע און אָרימע מענשען. ער האָט געקראָגען אַ גוטען נאָמען אויך צווישען די קריסטען, און זיי פלעגען זיך צו אים ווענדען, ער זאָל משפט׳ען צווישען זיי און אידען אין פאַל פון געלט־סיכסוכים. אַמאָל פלעגט אויך דער רעגירונגס־ריכטער אים איבערגעבען קאָמפליצירטע משפטים.

„ער איז בכלל געווען באַליבט ביי אַלע קלאַסען פונ׳ם ציבור. אין איין שטאָט, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב, איז אָנגעגאַנגען אַ שרעקליכע מחלוקת צווישען די מתנגדים און די חסידים, וואָס האָט אָנ־גענומען אַ זעהר שווערע פאָרם. אָבער אַ דאַנק זיין השפעה איז זי בטל געוואָרען און ביידע צדדים פלעגען צו אים קומען מיט ליבשאַפט און חבר׳־שאַפט. די ליבע צו ארץ־ישראל האָט שטענדיג אָנגעפיהלט זיין נשמה, און ער איז, פאַרשטעהט זיך, געווען פון די ערשטע מנדבים פאַר׳ן ישוב ארץ־ישראל און פאַר די ציוניסטישע פאָנדען און ער פלעגט אויך אַנדערע מענשען מאַכען ענטוזיאַסטיש פאַר דעם דאָזיגען ענין. אָבער טראָץ דעם, איז ער געווען באַליבט אפילו ביי די „בונדיסטען", וועלכע פלעגען אויך קומען אָפט הערען זיינע דרשות, און אז ער האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל, האָבען זיי אים אויך געשיקט אַ וואונש־בריף אויף העברעאיש.

„צוזאַמען דערמיט האָט ער ניט אויפגעהערט צו לערנען. ער האָט ארויסגעגעבען זיין ספר „שאלות ותשובות חבל יעקב" אין צוויי אויפלאַגעס. אין דעם דאָזיגען ספר איז אויך פאַראַן אַ בריף־אויסטויש צווישען אים און דעם גאון ר׳ יצחק אלחנן ז״ל. הגם ר׳ יצחק אלחנן איז שוין דאַן געווען אַלט און „די מלאכה פון שרייבען איז אים שווער אָנגעקומען" און ער האָט ניט געקענט „מאריך זיין", האָט ער זיך פונדעסטוועגען ניט געקענט אָפּ־זאָגען פון דעם פאַרגעניגען „פון צו שפּאַצירען אין זיינע אָנגענעמע רייד". פאַרשטעהט זיך, אַז דער „שפּאַציר" איז געמיינט אין חידושי תורה.

„ווען ס׳איז געוואָרען אין יאָר תרפ״ג פופציג יאָר, זינט הרב באָרוכאָוו איז ארויף אויף דעם כסא־הרבנות, האָט ער באַשלאָסען זיך אָפּצוזאָגען פון דער רבנות און עולה צו זיין קיין ירושלים, צום גרויסען צער פון דער וואָלקאָווישקער קהילה.

„דאָס וואוינען אינ׳ם הייליגען לאַנד האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקען רושם און האָט אָנגעפילט זיין נשמה מיט שמחה און פרייד. אויך אין ארץ־

ישראל איז זיין וואונש געווען מרבה־תורה צו זיין ביי אידען, און צוזאַמען דערמיט אריינצוברענגען שלום און חבר'שאַפט צווישען אלע קרייזען פונ'ם ציבור. אין דעם דאָזיגען גייסט האָט ער גערעדט אויף דער אסיפה פון די רבנים פונ'ם גאַנצען לאנד, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים, לויט דער איינלאַדונג פון דער חברה „משמרת שבת". זיינע רייד האָבען געמאַכט אַ שטאַרקען רושם אויף אַלע צוהערער."

ווען הרב באָרוכאָוו איז נפטר געוואָרען אין ירושלים (אין יאָר 1936 האָט זיין טויט אַרויסגערופען גרויס טרויער אין וואָלקאָוויסק. אין „וואָל־קאָוויסקער לעבען" (פונם 8טען מאי, 1936) איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אַ גרויסער אַרטיקעל פון ח. ג. הרכבי, וואָס האָט געגעבען אויסדרוק צום צער פון די וואָלקאָוויסקער אידען. מיר ווילען דאָ ברענגען דעם דאָזיגען כאַראַקטעריסטישען אַרטיקעל (מיט אייניגע פאַרקירצונגען):

„ווי אַ שווערער קלאַפּ אויף אַ וואונד האָט אונז געטראָפען די בשורה וועגען דער פּטירה פון הגאון ר' אבא יעקב באָרוכאָוו ז"ל.

„ס'איז אונז באַשערט געווען צו פאַרלירען איינעם פון די שעהנסטע און גרעסטע גייסטער פון אונזער דור, איינעם פון די איידעלסטע רעפּרע־זענטאַנטען פון רוח ישראל סבא, אַ ריז אין חכמת התורה און אַ הויפּט־פיגור אין דעם עולם הרבנים, אַ שר וגדול בישראל.

„די דאָזיגע גרויסע אבידה פון אונזער גאַנצען פאָלק איז אָבער אומ־פאַרגלייכליך ווייטאָגדיגער פאַר די אלע, וועלכע האָבען געהאַט די זכיה צו קענען דעם דאָזיגען גדול הדור פּערזענליך און אוממיטעלבאַר צו געניסען פון די אויסשטראַלונגען פון זיין ליכטיגען גייסט, פון זיין גרויסער, גאוניש־עניוות'דיגער פריינדשאַפט.

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 77

הרב ר' אבא יעקב באָרוכאָוו און די עלטסטע פון שטאָט
מיט די וואָלקאָוויסקער רעליעף דעלעגאַטען פון ניו־יאָרק
(נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה)

פון רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: נפתלי הערץ נאַכימאָווסקי (הערצל דער מלמד), זלמן חפץ, אברהם ניסן קראָנענבערג, בעריל דאַמאָוווסקי (דעלעגאַט), הרב אבא יעקב באָרוכאָוו (דער רב), אביגדור פּערעלמוטער (דעלעגאַט), יצחק נאָוואָגרודסקי (איטשע שמואל יונה'ס), מאָניע גאַלאַי, אייזיק ניימאַן, הושיע נאַקדימאָן.

צווייטע רייהע: זונדעל קאַפּלאַן, יעקב ברעסטאָוויצקי (דער דיין), אהרן סאָלאָדאָווניק (פריידקעס), יוסף שאַפּירא (וואַטעשטשינער), הערשעל דער סופר, יוסף קאַלגאַווין, זעליג באַרטנאָווסקי, גדליה (פון אַמיניטש).

דריטע רייהע: אַהרע דער שמש, יצחק נאַכימאָווסקי, מאיר שיף, מיכל זאַן־מאַזיע, יקותיאל בערעשקאָווסקי, לייב טשאַפּער (פון זאַמאָשטשע).



הרב ר׳ אבא יעקב באָרוכאָוו און די עלטסטע פון שטאָט מיט די וואָלקאָוויסקער רעליף-דעלעגאַטען פון ניו-יאָרק
(נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה)
נעמען אויף זייט 76

„דאָס איז געווען אַ מנהיג מיט אַ וואַרעמער פּאַטערליכער באַציהונג. דעריבער איז דער וועהטאָג פון דער אידישער וואָלקאָוויסק פּילפּאַך גרעסער.

„ווען מ׳זאָל וועלען אין קורצען כאַראַקטעריזירען די פּערזאָן פון הגאון ר׳ אבא יעקב באָרוכאָוו ז״ל, וואָלט מען קענען זיך אויסדריקען, אז ער איז געווען אויסער אַ גדול־הדור, אויך אַ ערליכער מוסטער פון אַ פּאַטערליכען מנהיג פון אַ עיר ואם בישראל.

„הגאון ר׳ אבא יעקב ז״ל, אָדער — ווי מ׳רופט אים לויט זיין גרויסען ווערק — דער „חבל יעקב״, האָט אין זיין דערמאָנטען ספר געבראַכט צום אויסדרוק אַ סינטעז פון צוויי סיסטעמען: דעם דרך הפלפול און דעם אַזוי־גערופענעם דרך ההבנה. דער „חבל יעקב״ — אַ באַדייטענדע דערשיינונג מיט פינף־און־פופציג יאָר צוריק! ווי מ׳קען עס איבריגענס זעהן אויך פון די געדרוקטע תשובות צום מחבר — האָט דערוואָרבען אַ גרויסען רוהם און אַ גאַר וואַרימע באַציהונג אין דער תורה־וועלט.

דער „חבל יעקב״ געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון די בעסטע הלכה־ווערק, אין וועלכע בקיאות און חריפות, עמקות און פלפול, גיסען זיך צו־זאַמען אין אַ גרויסער, קרעפטיגער און עסטעטישער האַרמאָניע.

„און דער זעלבער גייסט פון האַרמאָניע, וואָס מיר געפינען אין אַזאַ גרויסער מאָס אין דעם „חבל יעקב״ האָט אויף אַ פּרעכטיגען אופן אַרויס־געשטראַלט פון זיין גרויסען שעפער.

„דאָס איז געווען אַ גרויסער גייסט־אריסטאָקראַט, אַן אציל־הרוח, ווי מ׳זעהט עס זעלטען. זיין גרויסע אצילות האָט אים אָבער אבסאָלוט ניט גע־שטערט אונטערצוהאַלטען פריינדשאפטליכע באַציהונגען מיט יעדען, ווער נאָר עס האָט געהאט די געלעגענהייט צו קומען מיט אים אין באַריהרונג. זיין באַנעמונג איז געווען אזא הארציגע, אז זיצענדיג ביי זיין טיש איז כמעט פאַרשוואונדען געוואָרען יעדע דיסטאַנץ צווישען דעם גרויסען גאַסט־געבער און זיין גאַסט. מ׳האָט זיך געפילט ביי אים כמעט ווי אַ קינד ביים פאָטער. און מ׳דאַרף צוגעבען, אז די דאָזיגע באַציהונג איז געווען דורכאויס נאַ־טירליך, אָהן אַ שפור פון קינסטליכער העפליכקייט, וואָס קומט געווענליך ארויס איבערטריבען און געשמאַקלאָז. דאָ האָט מען געפילט די ריינסטע פשטות פון אַ גאון, פאַר וועלכען ס׳איז געווען קלאָר, אַז די חשיבות פון מענשען הויבט זיך ניט אָן ערשט ביי גאונות, נאָר אז יעדער ערליכער מענש, אָהן שום אונטערשייד, איז גענוג ווערטה צו ווערען געשעצט און געליבט.

„ער האָט טאַקע פשוט ליב געהאט מענשען. פאַר יעדען און צו יעדער צייט האָט ער געהאַט אַ פריינדליך וואָרט, אַן אַנעקדאָט, אַ דערמוטיגונגס־

וואָרט ביי אַ שווערער סיטואַציע, אַ שטיק פון זיין גוטען, טייערען האַרצען, וואָס שלאָגט שוין מער ניט.

„דאָס איז געווען זיין אייגענאַרטיגער מקל נועם, זיין אינערליכע קראַפט, וואָס האָט אים אזוי באליבט געמאכט ביי זיין עדה און וויט אויסער די גרעניצען פון זיין עדה, וועלכע האָט ארויסגערופען אזויפיל יראת־הרוממות און געהאָרכזאַמקייט צו זיין פערזאָן.

„זיין גאונות בתורה און זיין גאונות אין מידות, זיין גייסטרייכקייט, די קערענדיגקייט און זאַפטיגקייט פון זיין אַרט דרשנות, און קודם כל זיין יראה, וועלכע איז געווען קודמת לחכמתו, זיין לעבהאַפטער אינטערעס פאַר דעם בנין הארץ ברוח התורה, און באַזונדערס זיין אינערליכע גלייכגעוויכט, זיין שטאַנדהאַפטיגקייט ביי אַ פערזענליכען אומגליק, וואָס האָט ניט באַ־וויזען צו ברעכען זיין שטאַרקען און גרויסען גייסט, — דאָס אַלץ צוזאמענ־גענומען אין איין פערזאָן, שטעלט־פאַר מיט זיך אַ פענאָמען פון גייסטיגער און מאָראַלישער עשירות, אַ מוסטער פון עכטער גדלות האדם, אַ פאר ותהלה פון דער משפחת הרבנים אין דער גאַנצער וועלט."

## הרב יצחק קאָסאָווסקי

נאָכדעם ווי הרב באַרוכאָוו ז"ל איז אַפּגעפאָרען קיין ירושלים, איז אויפגענומען געוואָרען אַלס רב אין וואָלקאָוויסק דער גאון ר׳ יצחק בן ר׳ שאול קאָסאָווסקי, וועלכער האָט אָנגעהאַלטען די רבנות־שטעלע אין וואָל־קאָוויסק פון אָנפאַנג תרפ"ה (1925) ביז צום סוף פון יאָר תרצ"ג (1933), ווען ער איז אַפּגעפאָרען קיין יאָהאַניסבורג (זיד־אפריקע), כדי צו ווערען דאָרט דער הויפּט־רב פון דער אגודת הקהילות ביאָהאַניסבורג ובמדינת טראנסוואל.

הרב קאָסאָווסקי איז געווען נישט נאָר אַ רב אין וואָלקאָוויסק, נאָר אויך אַ פיהרער פון אָרטאָדאָקסישען אידענטום, און האָט אויף אלע רבנים־צוזאַמענפאָרען פאַרנומען אַ פראָמינענטען פּלאַץ אַלס טעאָרעטיקער און באַ־גרינדער פון דער אידישער אָרטאָדאָקסיע.

הרב ר׳ יצחק קאָסאָווסקי איז געבוירען געוואָרען אין וואַרשע, יום ה׳ לחודש תשרי שנת תרל"ה. ער איז דער זוהן פון הרב שאול קאָסאָווסקי ז"ל א״ן אייניקעל פון הרב ר׳ חיים לייב שחור פון „מיר", פון דער פאַמיליע פון דעם באַריהמטען גאון ר׳ דוד מירער (דער פאַמיליע־נאָמען איז געענדערט געוואָרען פון „שחור" אויף „קאָסאָווסקי" צוליב די דעמאָלסדיגע פאַרהעל־טענישען אין רוסלאַנד). הרב קאָסאָווסקי׳ס מוטער איז געווען צירעל רודקין, פון דער שטאָט ביטען, די טאָכטער פון הרב הנגיד ר׳ זאב רודקין ז"ל.



הרב יצחק קאָסאָווסקי

הרב קאָסאָווסקי האָט נאָך זיין בר־מצוה געלערענט תורה ביי זיין שוואָגער, הגאון ר׳ יוסף דוד רודקין, רב אין אנטיפאָליע און שפּעטער אין סיעמיאַטיטש. מיט אים האָט הרב קאָסאָווסקי געלערענט זעקס יאָר און אין יאָר תרנ״ח איז ער אוועק לערנען אין דער באַריהמטער ישיבה פון טעלז. דאָרט האָט ער געלערנט צוויי יאָר מיט דעם באַריהמטען גאון הגר״א גאָרדאָן ז״ל. אין יאָר תר״ס האָט ער געהייראַט אין ווילנע די טאָכטער פון דעם באַרימטען גאון הרב דוד שלמה גראַדזענסקי פון איוויע, דער פאָטער פון גרויסען גאון ר׳ חיים עוזר גראַדזענסקי פון ווילנע. ער איז געבליבען אין איוויע אין הויז פון זיין שווער, און נאָכ׳ן טויט פון זיין שווער, אין תמוז פון יאָר תרס״ד, איז ער געוואָרען רב אין איוויע. דאָרט איז ער געבליבען ביז צום אָנפאַנג פון יאָר תרע״ו (בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה), ווען ער האָט געמוזט צוליב פּאָליטישע סיבות פאַרלאָזען זיין פּלאַץ און איז אוועק קיין רוסלאַנד. דאָרט איז ער אויפגענומען געוואָרען אָלס רב אין דער שטאָט מאריופּאָל (ביים אזאָפישען ים), וואו ער האָט אָנ־געהאלטען דאָס רבנות מיט גרויס כבוד ארום זעקס יאָר, ביז׳ן אָנפאַנג יאָר תרפ״ב (1922), ווען ער האָט פאַרלאָזען דאָס באָלשעוויסטישע רוסלאַנד און



הרב יצחק קאָסאָווסקי מיט די מיטגלידער פון „תפארת-בחורים"



הרב יצחק קאָסאָווסקי מיט דר. יעקב סעדלעצקי
באַגריסען דעם וואָיעוואָדע

זיך צוריקגעקערט קיין וואַרשע. אין ווינטער פון יאָר תרפ"ג האָט ער אָנ־גענומען דאָס רבנות אין דער שטאָט יאַגוסטאוו, און דאָרט געבליבען צוויי יאָר. פון דאָרט איז ער אריבער קיין וואָלקאָוויסק, אין אָנפאַנג יאָר תרפ"ה (1925), וואו ער האָט איבערגענומען דאָס רבנות. ער איז אין וואָלקאָוויסק פאַרבליבען ביז ענדע יאָר תרצ"ג (1933), ווען ער האָט נאָך פילע איינלאַ־דונגען באַשלאָסען אָנצונעמען דעם כסא הרבנות אין זיד־אפריקע.

הרב יצחק קאָסאָווסקי האָט געקראָגען סמיכה אויף רבנות פון די פאָל־גענדע רבנים־גאונים: הגר"א גאָרדאָן והגר"ש שקאָפּ (ביי וועמען ער האָט געלערענט), הגאון ר' דוד פרידמאן מקארלין, הגאון ר' רפאל מוואָלאָזשין און הגאון ר' חיים מבריסק.

אין יאָר 1946 האָט הרב קאָסאָווסקי פאַרעפענטליכט אַ ספר דרשות אונטער'ן נאָמען „שבת ומועד", וועגען וועלכען די קריטיק האָט זיך זעהר גוט אָפּגערופען און וואָס ווערט פיל פאַרקויפט אויך אין אַמעריקע.

הרב קאָסאָווסקי'ס צוויי זיהן וואוינען אין ארץ־ישראל. איינער פון זיי איז דער אדוואָקאַט דוד שלמה שחור־קאָסאָווסקי, וועלכער איז אויך אַ גרויסער למדן. דער דריטער זוהן, ר' מיכל קאָסאָווסקי, איז פריהער געווען רב אין זעלווע און איצט איז ער רב אין זיד־אפריקע.

אַן איידעם פון הרב קאָסאָווסקי, הרב יהודה לייב הכהן קאגאן, געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק. הרב קאַגאַן איז אָנגעקומען קיין וואָלקאָוויסק אַלס איידעם פון הרב קאָסאָווסקי אין יאָר 1929. ער האָט אַ געוויסע צייט גע־האָלפען פיהרען דעם ראַבינאַט אין וואָלקאָוויסק. ער איז נאָכדעם אויפגע־נומען געוואָרען אין אנטווערפּען (בעלגיע) אַלס ראש בית־הדין און גרינדער פון דער דאָרטיגער ישיבה „שערי תורה". אין זומער 1940 איז ער אַנט־לאָפען און זיך באַזעצט אין ליאָן (פראַנקרייך), וואו ער האָט אָנגענומען דאָס רבנות פון דער ליאָנער אָרטאָדאָקסישער קהילה „ישורון". פון דאָרט איז אים שפּעטער געלונגען צו קומען קיין אמעריקע, און איצט איז ער דער ראש־ישיבה פון דער ישיבה „ר' ישראל סאלאנטער" אין ניו־יאָרק.

ס'איז כדאי צו דערמאָנען, אגב אורחא, אז אויך דער גאון ר' חיים עוזר גראָדזענסקי ז"ל, דער ווילנער רב, וואָס איז געווען באַקאַנט בכל תפוצות ישראל — שטאַמט אויך פון וואָלקאָוויסק, פון זיין מוטער'ס צד, וועלכע איז געווען פון דער איינהאָרן־פאַמיליע. ר' חיים עוזר איז אַ שוואָגער פון הרב קאָסאָווסקי, און אין די תשובות, וועלכע זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען אין זיין באַוואוסטען ספר „אחי־עזר", ווערען אויך מערערע מאָל דערמאָנט הרב קאָסאָווסקי, זיין זוהן, דוד שלמה (וואָס איז איצט אַדוואָקאַט אין תל־אביב) און אויך זיין איידעם הרב קאגאן.



הרב ר׳ יצחק רובינאָוויטש מיט די מיטגלידער פון ועד־הקהלה
אין יאָר 1937

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, זיצען: דער שוחט, אַ אומבאַקאַנטער, אַנשיל בליאַכער, זאב גלאַצער, דער ראש הקהלה זאַליסטאָווסקי, הרב יצחק רובינאָוויטש (דער רב), מלך חאַנטאָוו, חנא קאַבושאַצקי, יוחנן גאַלאַי (דער קצב); צווייטע רייהע: אַבראַשע אַפּענבערג, ראובן רוטשיק (רעדאַקטאָר), וואָלאַך (דער שמש פון שוהל), אַ אַנגע־שטעלטער אין שלאַכט־הויז, דער חזן פון שוהל, קאַפּוטשעווסקי (אַ אַרבייטער אין קהלה), מאַלמעד (דער נייער שוחט), דער געלער, מרדכי לייב קאַפּלאַן (רעדאַקטאָר).

### הרב ר׳ יצחק ראַבינאָוויטש ז״ל

נאָך הרב קאַסאָווסקי איז אין וואָלקאָוויסק אויפגענומען געוואָרען — אַ פּאָר יאָר פאַר דער לעצטער וועלט־מלחמה — אַלס רב ר׳ יצחק ראבינאָוויטש (פון מאָטעלע לעבען פּינסק). נאָכדעם ווי די דייטשען האָבען פאַרנומען וואָלקאָוויסק, איז ער אַוועקגעפאָרען מיט זיין פאַמיליע צו זיינע עלטערען קיין סטוטשין, און איז דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט דער סטוטשינער אידישער באַפעלקערונג.

## די וואָלקאָוויסקער דיינים

וואָלקאָוויסק האָט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט אירע באַריהמטע דיינים.

### הדיין ר׳ יעקב אברהם שטיין ז״ל

איינער פון די די אַמאָליגע חשוב׳ע וואָלקאָוויסקער דיינים — נאָך אין דער צייט ווען הרב ר׳ ברוך מרדכי ליפשיץ האָט פאַרנומען דעם כסא־הרבנות אין שטאָט — איז געווען הגאון ר׳ יעקב אברהם שטיין. אין ספר

„ברית יעקב" פון הרב רב"מ ליפשיץ ווערט געבראַכט אין אַ תשובה — וואָס דער רב האָט דאַן געענטפערט און גע'פסק'נט הלכה למעשה — אַז דאָס איז געווען מיט דער צושטימונג פון הרב ר' יעקב אברהם שטיין. ער איז אויך געווען דיין ומורה־צדק שפּעטער אין די צייטען פון גאון ר' יונתן עליאשבערג ז"ל. אין וואָלקאָוויסק האָט מען דערצעהלט, אַז ווען הגאון ר' יהונתן האָט זיך מיישב געווען מיט'ן דעמאָלסדיגען גאון־הדור, ר' יצחק אלחנן ז"ל, וועגען געוויסע פּרטים אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין נייעם אַמט, האָט אים דאַן ר' יצחק אלחנן געזאָגט בזה הלשון: זייט וויסען ווען איר האָט ביי אייך אין שטאָט אַלס אַ דיין — דעם גאון ר' יעקב אברהם!

אין זיינע יונגע יאָרען האָט ר' יעקב אברהם ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות־שטעלע. ער איז דאַריבער געוואָרען אַ סוחר, און האָט פּאַר פיל יאָרען געהאַלטען דעם זעלוועער מיהל. שפּעטער, ווען ער איז געווען געצוואונגען צו ווערען דיין אין וואָלקאָוויסק, איז ער שוין דאַן באַרימט געווען אין דער גאַנצער געגענד אַלס גאון וגדול. אפילו גויים פלעגען קומען זיך באַ־ראַטען מיט אים, און זיינס אַ וואָרט איז ביי זיי געווען הייליג.

***

צווישען די באַוואוסטע וואָלקאָוויסקער דיינים פון די לעצטע יאָרען זיינען געווען: ר' מנחם יוסף בן הרב ר' עזריאל הכהן וואָלק, ר' טוביה ראוויצקי און ר' יעקב ברעסטאָוויצקי.

## הדיין ר' מנחם יוסף וואָלק (ר' מענדעלע) ז"ל

ר' מנחם יוסף וואָלק איז געווען זעהר באַליבט אין שטאָט און אַלע האָבען אים געקענט אונטער'ן נאָמען ר' מענדעלע. ער איז געווען דער מחבר פון „נר מצוה" און „שקל הקודש". זיין ספר „נר מצוה" איז דער־שינען אין יאָר 1907 און ביים סוף פונ'ם ספר איז פאַראַן אַ רשימה פון אלע וואָלקאָוויסקער בעלי־בתים, וועלכע האָבען אים געהאָלפען אַרויסגעבען דעם ספר.

ר' מענדעלע האָט געוואוינט אין הינדע־ביילע'ס מויער, אין שפרה סלוצקע'ס געסעלע, וואו ס'האָט געוואוינט מאניע דער בעקער (שפּעטער האָט פייוועל דער שוחט אָפּגעקויפט דעם מויער). ר' מענדעלע האָט געהאַט דריי טעכטער: יהודית, אסתר און צביה.

## הדיין ר' טוביה ראַוויצקי (ר' טעוועלע) ז"ל

ר' טוביה ראוויצקי איז געווען באַקאַנט אין שטאָט אונטער'ן נאָמען ר' טעוועלע. זיין פרוי איז געווען די שוועסטער פון די יעזערסקי'ס — די וואַלד־סוחרים. זי האָט געהאַט אַ שניט־קראָם אין די ראַד־קראָמען. איידער ר' טעוועלע איז געוואָרען וואָלקאָוויסקער דיין איז ער געווען ראש־ישיבה



הדיין ר׳ טוביה ראַוויצקי (ר׳ טעווועלע) ז״ל

אין וואָלקאָוויסק. ער האָט געוואוינט אויפ׳ן שוהל־הויף אנטקעגען נפתלי דעם מלמד. ער האָט געהאַט איין זוהן, הערשעל, און עטליכע טעכטער.

## הדיין ר׳ יעקב ברעסטאָוויצקי ז״ל — דער לעצטער דיין

ר׳ יעקב ברעסטאָוויצקי איז געבוירען געוואָרען אין ליסקאָווע אין יאָר 1867, ביי אָרימע עלטערען. נאָך אַלס קינד איז ביי אים געשטאָרבען דער פאָטער און זיין מוטער האָט אים געשיקט לערנען. אין דער ישיבה, וואו ער האָט געלערענט, האָט ער זיך שטאַרק אויסגעצייכענט אַלס עילוי, און נאָך אין די גאָר יונגע יאָרען האָט ער באַקומען סמיכות אויף רבנות. נאָך דער חתונה האָט ער געעפענט אַ שניט־קראָם, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט זיין וואוינונג. אויפ׳ן טיש, וואו מען פלעגט מעסטען די סחורות, זיינען תמיד געלעגען אָן אַ זייט דער יורה־דעה און דער חושן־משפט, אין וועלכע ר׳ יעקב פלעגט תמיד אריינקוקען.

ר׳ יעקב האָט זיך נוהג געווען איינינגע מאָל אין יאָר צו פאָרען קיין וואַרשע, לאָדזש און ביאַליסטאָק איינצוקויפען נייע סחורות. ער איז באַקאַנט געוואָרען אין דער סוחרים־וועלט אלס אַ מענש מיט אַ קלוגען קאָפּ

און אַלס גרויסער למדן און מען האָט אים אָנגעהויבען אַרויסרופען אויף גרויסע בוררות׳ען. וועגען צוויי פון זיי ווילען מיר דאָ איבערגעבען.

אין אַ געוויסען זומערדיגען טאָג האָט זיך אין דער רוהיגער און שטילער שטעטעל ליסקאָווע אריינגעריסען אַ קארעטע, געשפּאַנט מיט צוויי פערד, און זי איז פאַרפאָרען פאַר ר׳ יעקב׳ס הויז. עס זיינען אריינגעקומען צו אים צוויי אידען מיט לאַנגע בערד, האָבען אַוועקגערופען דעם בעל־הבית אין אַ באזונדערען צימער און אים דערצעהלט, אז אין זייער שטאָט רוזשנאָי איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געשטאָרבען די פרוי פון מאָטשע פּינעס. די חברה־קדישא האָט געהאט אַ הארץ אויף איר מאַן, דעם גרויסען און קאַרגען גביר, ר׳ מרדכי פּינעס, וועלכער איז געווען אַ באקאנטער פאַברי־קאַנט אין שטאָט. האָט די חברה־קדישא אויסגענוצט די געלעגענהייט און האָט גענומען אויף צרכי־ציבור די סומע פון פיר טויזענד רובעל פאַר קבורה־געלט. נאָך שבעה האָט זיך ר׳ מרדכי פּינעס ארומגעקוקט און ער האָט באַשלאָסען צו מעלדען די זאַך צו דער רעגירונג, פאַר וועלכער ער האָט זיך באקלאָגט, אז מען האָט אים באַ׳גזל׳ט און פון אים מיט געוואַלד ארויסגעצויגען אזא גרויסע סומע פאַר קבורה־געלט. די חברה־קדישא־לייט זיינען גלייך אַרעסטירט געוואָרען און עס איז געוואָרען חושך ואפלה אין שטאָט. דעריבער זיינען די צוויי אידען געקומען צו ר׳ יעקב׳ען און אים געבעטען, ער זאָל זיך מטריח זיין און גלייך אַוועקפאָרען קיין סלאָנים, וואו ביי דעם אָשמיאַנער רב וועט פאָרקומען אַ דין־תורה צווישען דער חברה־קדישא און מאָטשע פּינעס. מיט גרויס מיה איז ר׳ יעקב׳ען געלונגען משפּיע צו זיין אויף מרדכי פּינעס, אז ער זאָל מבטל מאַכען די תביעה.

די צווייטע געשיכטע איז געווען ווען ר׳ יעקב האָט פּלוצים באַקומען אַ טעלעגראַמע פון אַ געוויסען קאָמיסיאָנער, ה׳ ניימאן אין ביאַליסטאָק, צו קומען אַהין וועגען אַ וויכטיגען ענין. אויף דער באַן־סטאנציע האָט מען אים דערקלערט, אז עס האנדעלט זיך וועגען אַ סיכסוך, וואָס האָט אויסגע־בראָכען צווישען פערד־הענדלער אין גראיעווע (וואָס איז זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען האַרט לעבען דער דייטשער גרעניץ), און אז די אידען ווילען, ער זאָל קומען צום גראיעווער רב אויף אַ בוררות. דער ענין איז געווען אַ דעליקאטער, ווייל יעדער צד האָט געדראָהט צו מסר׳ען פאַר דער רעגירונג וועגען דעם אַרויסשמוגלען פערד פון רוסלאַנד קיין דייטשלאַנד, אַ זאַך וואָס האָט געמיינט אַ גרויסע תפיסה־באַשטראָפונג. עס האָט ר׳ יעקב׳ען, אַ דאַנק זיין גלייכגעוויכט, געלאַסענקייט און גרויסער חכמה, זיך איינגעגעבען משפּיע צו זיין אויף די פערד־הענדלער, אז זיי זאָלען מאַכען שלום צווישען זיך.



ר׳ יעקב ברעסטאָוויצקי ז״ל, דער דיין

אין ליסקאָווע גופא פלעגט מען גאַנץ אָפט קענען טרעפען ר׳ יעקב׳ען אין דאָרטיגען רעגירונגס־געריכט, זיצענדיג אָן אַ זייט אויף אַ באַנק און זיך צוהערענדיג צום גאַנג פון די משפטים, אין וועלכע עס זיינען ארויס־געטראָטען די באַקאַנטע וואָלקאָוויסקער אַדוואָקאַטען — חיים עוזר איינהאָרן און ישראל אפרת.

ערב יום־כיפור פלעגט ר׳ יעקב באַזוכען די שווער־קראַנקע מענשען, וועלכע ער פלעגט קומען באַרוהיגען און זיי מאַכען לייכטער אויפ׳ן האַרצען, אז עס איז ניט נויטיג פאַר זיי מקיים צו זיין אלע חומרות פונ׳ם תענית. ימים־נוראים פלעגט ער דאַווענען פאַר דעם עמוד מוסף אָדער נעילה מיט גרויס דבקות און השתפכות הנפש. ר׳ יעקב איז געווען באַליבט ביי די ליסקאָווער אידען ווי אויך ביי די קריסטען פון דער אַרומיגער געגענד. סחורה פלעגט מען ביי אים קויפען אויף נאמנות — דאָס הייסט, ער פלעגט זאָגען דעם קונה וויפיל די סחורה קאָסט אים און וואָס ער וויל פאַרדינען אויף דעם, און זיין וואָרט איז ביי אלעמען געווען הייליג.

זעהר אָפט פלעגט ר׳ יעקב איינגעלאַדען ווערען דורך הרב באַרוכאָוו צו קומען מיט אים צוזאַמען פאַרהערען די ישיבה־בחורים אין וואָלקאָוויסק.

אין משך פון אַ לאַנגער צייט האָט ר׳ יעקב ניט געוואָלט מאַכען די תורה אַלס אַ „קרדום לחפור בה״, אָבער נאָכ׳ן ערשטען וועלט־קריג איז ער אריבער מיט זיין פאמיליע קיין וואָלקאָוויסק און אָנגענומען דעם פאָר־שלאָג צו זיין דיין אין שטאָט. ער האָט דאָרט געאַרבייט אין דער גרעסטער סאָלידאַריטעט מיט הרב הגאון באָרוכאָוו. נאָך דעם אָפּפאָר פון הרב באָרוכאָוו קיין ארץ־ישראל, איז ר׳ יעקב געבליבען אַ געוויסע צייט אליין, ביז עס איז אויפגענומען געוואָרען אלס רב אין שטאָט הגאון ר׳ יצחק קאָסאָווסקי, און אויך מיט אים האָט ער געאַרבייט די גאַנצע צייט אין גרויס ידידות.

סמיכות אויף רבנות האָט ר׳ יעקב געהאַט פון פיל רבנים, צווישען זיי אויך פון ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק ז״ל, דעם בריסקער רב. ער איז געשטאַנען אין שריפטליכע פאַרבינדונגען מיט פיל גאוני־הדור, ווי הרב יחזקאל ליפשיץ פון קאליש, דער מחבר פון ספר „המדרש והמעשה״, ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי פון ווילנע, ר׳ יוסף ראָזין (דער עילוי פון ראָגאַטשאָוו), ר׳ שמעון שקאָפּ (ר׳ שמעון בריאַנסקער) און אנדערע. אלס גרויסער ליבהאָבער פון דער רבנ׳ישער ליטעראַטור, האָט ער דערוואָרבען אַ זעהר רייכע לומד׳ישע ביבליאָטעק.ליידער איז זי אָבער פאַרברענט געוואָרען אין דער באָמבאַר־דירונג פון וואָלקאָוויסק דורך די נאַציס.

ר׳ יעקב איז קראַנק געוואָרען אַ פּאָר יאָר פאַר דעם לעצטען וועלט־קריג און ער איז געשטאָרבען אין 1939, בלויז איינציגע טעג פאַר׳ן אויסברוך פון צווייטען קריג. וועגען יעקב ברעסטאָוויצקי דעם דיין שרייבט הרב יצחק קאָסאָווסקי אין זיין ארטיקעל, וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אינ׳ם בוך „חורבן וולקוביסק״, וואָס איז דערשינען אין תל־אביב, דאָס פאָלגענדע:

„ר׳ יעקב ברעסטאָוויצקי דער דיין איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ מענש וואָס האָט אלע זיינע טעג פאַרבראַכט אין לערנען תורה מיט גרויס התמדה. ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט תורה אין זיין טאָג־טעגליכען לעבען, און דערצו האָט ער געהאַט אַן אויסערגעוועהנליכען זכרון. ער איז געווען באַקאַנט אַלס אַ מומחה אין הוראה נאָך איידער הרב הגאון ר׳ אבא יעקב הכהן באָרוכאָוו האָט אים באַשטימט אלס דיין פון שטאָט. נאָכדעם ווי איך בין געוואָרען רב אין וואָלקאָוויסק, איז ר׳ יעקב געווען מיין בעסטער און איבערגעבענסטער פריינד און ער איז געווען מיין רעכטע האַנט אין משך פון אלע יאָרען וואָס איך בין געווען רב אין וואָלקאָוויסק. ווען איך האָב פאַרלאָזען די שטאָט, אין יאָר תרצ״ג, איז ער פאַרבליבען אָנפירען מיט די שטאָטישע ענינים ביז צו זיין פטירה״.

וועגען דעם דיין, ר׳ יעקב ברעסטאָוויצקי, האָבען מיר אויך באַקומען די פאָלגענדע שילדערונג פון ה׳ יצחק בערעשקאָווסקי (פון תל־אביב):

אין יאָר 1920, צוויי מאָנאַטען איידער די באָלשעוויקעס האָבען פאַר־נומען וואָלקאָוויסק, זיינען פון אמעריקע געקומען צוויי דעלעגאַטען, אביגדור פערלמוטער און חנא נאַכימאָווסקי, וועלכע האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט געלטער פאַר קרובים אין וואָלקאָוויסק און דער אומגעגענד, אין דער סומע פון אַכציג טויזענט דאָלאַר. דערווייל האָבען זיך די באָלשעוויקעס דער־נעהענטערט צו די גרעניצען פון דער שטאָט. נאַכימאָווסקי איז באַלד צוריק אָפּגעפאָרען קיין אַמעריקע, און פערלמוטער איז פאַרבליבען מיט'ן געלט, ניט קענענדיג עס פאַרטיילען צווישען די באַטרעפענדע אידען. דער רב האָט דאַן גערופען אַן אסיפה, צו וועלכער עס זיינען געקומען בעלי־בתים און אויך אַ געוויסע צאָל פאַרשטעהער פון דער יוגענד. פערלמוטער האָט געוואָלט ווי אַמשנעלסטען אָפּפאָרען פון וואָלקאָוויסק און איבערלאָזען דאָס געלט אין געטרייע הענט פון אייניגע חשוב'ע בעלי־בתים. ר' יעקב איז געווען געגען דעם און האָט פאָרגעשלאָגען, אז דאָס געלט זאָל איבערגע־געבען ווערען צום רב אויף זיין אחריות. דער רב האָט ניט מסכים געווען צו נעמען דאָס געלט. מען האָט דאַן געבראַכט דעם ענין צו אַן אָפּשטימונג. די מערהייט איז געווען פאַר דעם, אז דאָס געלט זאָל איינגעלייגט ווערען אין די הענט פון אייניגע חשוב'ע בעלי־בתים. קורץ פאַר דער אָפּשטימונג, ווען ר' יעקב האָט געזעהן, אז זיין פאָרשלאָג איז נוטה דורכצופאַלען, האָט ער פאָרגעשלאָגען צו רופען אַ הפסקה פון צעהן מינוט. געוויסע בעלי־בתים זיינען געווען געגען דעם, אָבער די יוגענד האָט איבערגעוואויגען און מען האָט דערקלערט אַ הפסקה. דאַן האָט ער צונויפגערופען די יוגענדליכע פאַר־שטעהער מיט דעם אַמעריקאַנער דעלעגאַט, פערלמוטער, און פאַר זיי דערקלערט די לאַגע, אז די רוסען וועלען גאָר אינגיכען פאַרנעמען די שטאָט און מען וועט אין די זוכונגען אין די הייזער פון יעדען איינעם פון די בעלי־בתים צונעמען דאָס געלט צוזאַמען מיט'ן גאַנצען פאַרמעגען. אָבער אויב עס וועט זיין איינגעלייגט ביים רב, וועט מען קענען דאָס געלט ווי עס איז אָפּראַטעווען. דער רב האָט דאַן איינגעשטימט צו נעמען דאָס געלט און עס באַהאַלטען ביי זיך אין הויז.

אין יולי 1920 איז טאַקע מקוים געוואָרען ר' יעקב'ס נבואה. די רוסען זיינען אריין אין שטאָט, האָבען אַרויסגעשיקט איבער די הייזער די „טשעקא"־לייט, צווישען וועלכע עס האָבען זיך אויך געפונען אייניגע אידען, כדי דורכצופיהרען די זוכונגען אין די הייזער. צווישען די „טשעקא"־לייט האָט זיך אויך געפונען דער וואָלקאָוויסקער איד בערעל דזשיק. ר' יעקב האָט דאַן גערופען צו זיך בערעל'ען און האָט אים דערצעהלט די געשיכטע מיט דעם געלט, וואָס איז פאַרבאהאלטען ביים רב אין הויז. ער האָט דערביי אונטער־

שטראָכען די וויכטיגקייט אָפּצוהיטען דאָס געלט פאַר דער אידישער קהילה אין וואָלקאָוויסק, כדי מען זאָל זיך קענען אויסקויפעןביים שונא ווען עס וועט נויטיג זיין. ער האָט אויך דערמאָנט בערל׳ען וועגען דער גרויסער הילף, וואָס די שטאָט האָט געגעבען זיין פרוי און זיינע קינדער אין דער צייט ווען ער איז געווען פאַרשיקט פון דער צאַרישער רעגירונג. דעריבער דאַרף עס זיין זיין פליכט צו העלפען ראַטעווען די אידען פון זיין געבורטס־שטאָט, ווען די געפאַר פון אַ זיכערען פּאָגראָם לויערט איבער זייערע קעפּ. ר׳ יעקב האָט ענדליך משפיע געווען אויף בערל׳ען, און ווען די זוכונג איז דורכגעפירט געוואָרען אין רב׳ס הויז, איז בערעל דזשיק געשטאַנען אויפ׳ן פלאַץ וואו דאָס געלט איז געווען פאַרבאהאלטען און ארויסגעגעבען די באַ־פעלען צו די סאָלדאטען, וואָס האָבען דורכגעפירט די אונטערזוכונג אומעטום צו זוכען, אַחוץ אין דעם פלאַץ אויף וועלכען ער איז געשטאַנען. ווען די זוכונג איז פאַרענדיגט געוואָרען האָט ער אונטערגעשריבען דעם נויטיגען דאָקומענט, אז מען האָט אין רב׳ס הויז גאָרניט געפונען, און די סאָלדאַטען האָבען זיך אָפּגעטראָגען. אזוי ארום האָט ר׳ יעקב אָפּגעראַטעוועט דאָס געלט.

און ווי ער האָט טאַקע פאָראויסגעזעהן, האָט דאָס פוילישע מיליטער, אין אָקטאָבער 1920, פאַרנומען וואָלקאָוויסק מיט דער אומגעגענד. ביי זייער ארייגנגאַנג אין שטאָט איז דאַן געפאַלען אַ באַריהמטער פוילישער קאפּיטאן, און דעריבער האָבען די פּאָליאקען, באלד נאָך זייער איבערנעמען די שטאָט, דערקלערט, אז אלס נקמה וועלען זיי אויס׳שחט׳ען די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פון שטאָט.

די גזירה איז אָבער ממש אָפּגעשריהען געוואָרען צוליב דעם, וואָס מיט דער הילף פון דער אָפּגעראַטעוועטער סומע געלט פון אַמעריקע האָבען די אידען אונטערגעקויפט די הויכע באַאַמטע אין דער פוילישער ארמיי. מען האָט אויך געגרינדעט פאַר׳ן געלט ספּעציעלע געזעלשאַפטען, וואָס האָבען זיך פאַרנומען מיט פאַרטיילען שפּייז־פּראָדוקטען צווישען דער אָרימער באַ־פעלקערונג, מען האָט געעפענט קינדער־קיכען, וואו עס זיינען פאַרטיילט געוואָרען צווישען 400 ביז 500 מיטאָגען אַ טאָג, און פילע אַנדערע הילפס־דינסטען זיינען געשטעלט געוואָרען צו דער פאַרפיגונג פון דער אידישער באַפעלקערונג. דאָס אַלעס איז דערגרייכט געוואָרען אַ דאַנק דער חכמה און ענערגיע פון ר׳ יעקב׳ען, וועלכער האָט זיין לעבען אַוועקגעגעבען פאַר דער שטאָט — פאַר׳ן פּרט און פאַר׳ן כלל צוגלייך.

אין ארץ־ישראל וואוינען איצט ר׳ יעקב׳ס צוויי זיהן: עזריאל ברושי און משה ברעסטאָוויצקי.

# אידישע ערציהונג אין וואָלקאָוויסק

די אידישע ערציהונג אין וואָלקאָוויסק איז ביז צום אָנהויב פונ'ם איצ־טיגען יאָרהונדערט געווען — ווי אינ'ם גאַנצען אידישען „תחום־המושב" — הויפּטזעכליך אַ רעליגיעז־טראַדיציאָנעלע. די ערציהער פונ'ם דור זיינען מייסטענס געווען די דרדקי־מלמדים, די העכערע מלמדים — פאַר תנ"ך און גמרא — און די תלמוד־תורה מיט דער ישיבה. ס'זיינען אויך געווען אַ צאָל לעהרער — וועלכע האָבען געגעבען „שטונדען" פאַר העברעאישע און אַלגעמיינע לימודים — און אַ טייל פון זיי האָבען אָנגעפיהרט פּריוואַטע שולען, וואו ס'איז געלערענט געוואָרען אויף אַ מער־מאָדערנעם, „היינט־וועלטיגען" אופן. אָבער דער רוב מנין ובנין פון די ערציהער איז באַ־שטאַנען פונ'ם אַלט־מאָדישען היימישען טיפּ מלמדים, צווישען וועלכע ס'האָבען זיך אויך געפונען גרויסע תלמידי־חכמים און אינטערעסאַנטע פערזענליכקייטען.

## די דרדקי־מלמדים

צווישען די ד ר ד ק י ־ מ ל מ ד י ם פון וואָלקאָוויסק זיינען געווען באַקאַנט: משה מאיר (דער גביר'ישער דרדקי־מלמד), וועלכער איז געווען זעהר באַליבט סיי ביי די קינדער און סיי ביי זייערע עלטערען, און זיין חדר איז געווען צווישען שמואל יונה'ס געסעלע און דער נייער געסעל, ניט ווייט פון די הייזער פון כתריאל דעם שניידער און מאָטיע דעם בלעכער; יעזערסקי; חנא (וואָס זיין חדר איז געווען אויפ'ן שוהל־הויף און זיין פּרוי האָט דאָרט געהאַט אַ שפּייז־קראָם), וועלכער איז געווען זעהר טעטיג פאַר'ן „לינת־חולים"; חיים, וואָס זיין חדר איז געווען אין דער געסעלע, וואָס האָט געפיהרט פון דער אָסטראָגער גאַס צו דער כאָלאָדאָיסקער גאַס; אלי בולוואַטער, וואָס זיין חדר איז געווען אין געסעלע לעבען שואל דעם שענקער.

די דרדקי־מלמדים האָבען, ווי באַקאַנט, געהאַט „באַהעלפערס", וועלכע האָבען באַדאַרפט ארויסהעלפען די מלמדים, אַכטונג געבען אויף די קליינע קינדערלעך, זיי ברענגען אין די חדרים אריין און זיי אָפּפיהרען אַהיים. שבת

און יום־טוב פלעגען אלע באַהעלפערס פון די דרדקי־מלמדים אויפקלייבען די קינדער פון די הייזער און זיי ברענגען אין די חדרים אריין און פון דאָרט זיי פיהרען, צוזאַמען מיט די מלמדים, אין דער אַלטער הילצערנער שוהל אריין (איידער זי איז אָפגעברענט געוואָרען). דאָרט פלעגען זיך די קינדערלעך אויסזעצען אויף דער גאַלעריע און די באַהעלפערס מיט די מלמדים פלעגען שטעהן אין פראָנט און זיך צוהערען צום חזנ׳ס דאַווענען און ענטפערען צוזאַמען מיט די קינדער „ברוך הוא וברוך שמו" און „אמן" און זאָגען מיט זיי „קדושה".

## די שרייבער

ס׳איז אויך געווען אזא מין סאָרט דרדקי־מלמדים, וועלכע זיינען גע־רופען געוואָרען מיט׳ן נאָמען „שרייבער". די ש ר י י ב ע ר פלעגען לערנען מיט יעדען איינעם אַ שטונדע אָדער אַ האַלבע שטונדע. זייערע שילער זיינען באַשטאַנען פון קליינע קינדער אָנפאַנגער און זיי זיינען הויפט־זעכליך געווען מיידלעך. די לימודים זיינען באַשטאַנען פון „עברי" (אויס־לערנען לעזען און דאַווענען) און „שרייבען", דאָס הייסט, אָנשרייבען אַ בריף אויף אידיש און אַ רוסישען אַדרעס. צווישען די „שרייבער" זיינען געווען באַקאַנט: ראוביקע דער שרייבער, יעקב לייב (דער פּאַטשטאַר), וועלוועל דער שרייבער און אַלטע די שרייבערקע.

## די מלמדים

דער מלמדים־יריד איז געווען „בין הזמנים" — חול המועד פסח און חול המועד סוכות. דעמאָלסט פלעגען די מלמדים זיך באַמיהען אַריינ־קריגען וואָס מער תלמידים פאַר׳ן נייעם „זמן", און בעלי־בתים פלעגען פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט פאַרשיידענע מלמדים וועגען זייערע קינדער, און וועגען דער גרויס פונ׳ם שכר־לימוד.

ביים דרדקי־מלמד האָט דאָס קינד אָנגעהויבען אלף־בית, זיך אויסגע־לערענט דאַווענען און פאַרשיידענע ברכות, און נאָכדעם אַריבער צו אַן אַנדער מלמד, וואו ער האָט שוין געלערענט חומש און רש"י, און נאָכדעם נביאים און כתובים. שפּעטער איז דאָס קינד אריבער צו אַ גמרא־מלמד, וואָס דאָס האָט זיך שוין גערעכענט אַלס די העכסטע שטופע פון חדר־ערציהונג.

אין די חדרים פלעגען די מלמדים לערנען מיט׳ן טייטעל אין דער האַנט. אויסער די אויבענדערמאָנטע לימודים האָט מען אויך געלערענט אין די חדרים מיט די תלמידים, אז זיי זאָלען קענען שעהן שרייבען (קאַלי־גראַפיע). פרייטאָג פלעגט מען מעביר זיין די סדרה אויפ׳ן קול. ווינטער, ווען די קינדער פלעגען לערנען אין די אָווענטען, פלעגען זיי זיך אומקערען אַהיים מיט לאַמטערנעס אין די הענט.

**צווישען די מלמדים זיינען געווען באַקאַנט:**

משה בער ליפעס, וועלכער האָט געוואוינט אויף דער ברייטער גאַס און איז געווען באַוואוסט אַלס אַ שטרענגער — לויט'ן שטייגער פון די אַמאָליגע אלטע מלמדים.

נפתלי, וועלכער איז געבוירען געוואָרען איז איזאַבעלין, אַ זוהן פון דעם מלמד משה לייב, א'ז געווען באַקאַנט אַלס אַ גרויסער וויצלינג און האָט געוואוינט אויף דער ברייטער גאַס לעבען שוהל־הויף. זיין פרוי איז געווען די טאָכטער פון חיים שמחה דעם שוחט. ער האָט געהאַט פופצעהן קינדער. זיינע שעהנע טעכטער, וועלכע זיינען געווען זעהר פּאָפּולער, האָבען ליב געהאַט צו זינגען ביי זייער אַרבייט. זייער זיס געזאַנג האָט זיך אָפט צוזאַמענגעגאָסען מיט'ן האַרציגען גמרא־ניגון פון זייער פאָטער דעם גמרא־מלמד. ר' נפתלי איז געשטאָרבען באלד נאָך דעם ערשטען וועלט־קריג.

אַלטער בערנשטיין, דער אַמסטיבאָווער — „דער רבי'לע".

ר' נתן — אַ גמרא־מלמד. אַ קורץ שט־קעל צייט איז ער געווען מיין רבי און ער האָט געוואוינט אין פייוועל דעם שוחט'ס הויז, אין סלוצקי'ס געסעלע. ער איז געווען אַ בעל־מידות און זעהר אַ שטילער.

שמעון אָדעס („שמעון דער מלמד") — „מיט'ן ביינדעל". ער איז געווען באַוואוסט אַלס אַ מומחה אָפּצושפּרעכען אַ עין־הרע מיט אַזא מין ביינדעל וואָס ער האָט געהאַט. אַ שטיק צייט איז ער געווען מיין רבי.

נאָשקע דער מלמד.

נפתלי הערץ נאַחימאָווסקי — האָט געלערענט גמרא. ער איז געווען אַ למדן און אין זיין חדר האָבען געלערענט די קינדער פון די חשוב'סטע בעלי־בתים פון שטאָט.

חנא דער מלמד — שמש פון דער מויער־שוהל. ער איז פריהער געווען אַ דרדקי־מלמד און נאָכדעם געעפענט אַ העכערען חדר.

משה הערשעל קאַפּלאַן.

הערשעל יאַנקעל.

זלמן „אַרעשטאַנט". — ער איז געווען באַקאַנט אונטער אָט דעם צו־נאָמען, ווייל ער איז געווען באַוואוסט אַלס איינער וואָס קען פאַרוואַנדלען ווילדע אינגלעך, וועלכע זיינען געווען אַזוי שלעכט ווי „אַרעסטאַנטען", אין פיינע מענשען.

נחמן בערעזאָווסקי. — ער איז געווען מיין רבי און זיין חדר איז געווען לעבען שפּיטאָל. שפּעטער האָט ער געהאַט זיין חדר ביי לאַפּינ'ען אויפ'ן הויף לעבען טייך. נאָכדעם ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַנטוויקלען דער מאָדערנער העברעאישער שול־וועזען, און ס'זיינען געבליבען ווייניג קינדער

וועלכע זיינען געגאַנגען אין די חדרים, האָט ר׳ נחמן אויפגעגעבען זיין חדר און ער איז אויפגענומען געוואָרען אַלס לעהרער פון גמרא אין דער וואַל־קאָוויסקער ישיבה. אין די צוואַנציגער יאָרען האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע און ער אונטערריכטעט תלמוד אין דעם שיקאַגא׳ר „קאָלעדזש פאַר אידישע לימודים״. ר׳ נחמן איז געווען זעהר איבערגעגעבען צו זיינע תלמידים, וועלכע האָבען אים זעהר געליבט און געאַכטעט.

דוד מאָסטער.

אלי לעוו (אלי דינה׳ס).

משה וועלוועל דער מלמד.

פסח גורוויטש, וואָס האָט געוואוינט אויף דער אָסטראָגער גאַס. ער האָט געלערענט מיט קינדער התחלת־גמרא.

איטשקע באַטווינסקי (פון קארטשיזנע).

הי הרכבי, וועלכער איז געווען באַוואוסט אַלס אַן אָרענטליכער איד און עניו. ער איז געשטאָרבען נאָך פאַר׳ן ערשטען וועלט־קריג און זיין פאַמיליע האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. זיין טאָכטער חוה קאַמענעצקי איז אומגעקומען מיט איר מאַן און צוויי טעכטער, אין אוישוויץ.

לייב באַרטנאָווסקי (לייב ראַנעס).

צבי יעקב רוטשיק (צבי יעקב פייגעל׳ס).

לייב אָרע (לייב אהרן פרידענבערג), וועלכער האָט געלערענט מיט קינדער חומש, תנ״ך און התחלת־גמרא. לייב אָרע איז געווען מיין רבי און ער איז געווען באַוואוסט אין שטאָט אַלס אַ צדיק און גרויסער ירא־שמים. ער איז נפטר געוואָרען אין יאַנואַר 1934, און די שטאָט האָט אים דעמאָלסט געמאַכט אַן אימפּאָזאַנטע לויה. נאָך זיין טויט האָט דאָס „וואָלקאָוויסקער לעבען״ (פונ׳ם 19טען יאַנואַר 1934) וועגען אים געשריבען:

„אַ גרויסער „ירא־שמים״ — האָט ער זיין גאַנצען לעבען געווידמעט דעם לימוד־התורה, סיי אַליין און סיי מיט אַנדערע, שטרעבענדיג מקיים צו זיין דעם „ללמוד וללמד״. אויסער זיין גרויסער צדקות האָט זיך ר׳ לייב אָרע אויסגעצייכענט מיט זיין נדבנות און הכנסת־אורחים. לעבענדיג אליין אין די אָרימסטע באַדינגונגען, פלעגט ער זיין גאַנצען פאַרדינסט צוטיילען אויף צדקה, און ביי יעדער אַקציע איז זיין נדבה געווען די גרעסטע און די ערשטע. יעדער אורח האָט געוואוסט, אַז ביי ר׳ לייב אָרע׳ן איז פאַר אים שטענדיג אָפען די טיר. עס זיינען באַקאַנט פאַלען ווען ער פלעגט דעם אורח אָפּטרעטען זיין אייגענע בעט און אליין איבערנעכטיגען שטילערהייט אויף דער ערד. און אַלץ מיט דער גרעסטער באַשיידענקייט און מיט דער גרעסטער שטילקייט. — — —

„עס איז דאַריבער גאַנץ פאַרשטענדליך, וואָס טראָץ דעם מאַרק־טאָג, מיטוואָך, האָט זיין לוויה צוגעצויגען אַ ריזיגען עולם און אויף דעם גאַנצען וועג וואָס די לוויה איז געגאַנגען האָבען אַלע קרעמער געשלאָסען זייערע קראָמען. — — —

„דעם נפטר האָבען מספיד געווען הרב ר' ירחמיאל דניאל, ר' אברהם שפירא, ר' אברהם נחום פרוש, ר' מרדכי מורשטיין ר' אליעזר שאליוטע".

## מאָדערנע חדרים

אין וואָלקאָוויסק זיינען אויך געווען אַ צאָל מאָדערנע חדרים (אָדער „פריוואַטע שולען"), וועלכע זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען דורך אייגיגע העברעאישע לעהרער, וועלכע האָבען מייסטענס אויך געגעבען פריוואַטע שטונדען, אָדער „אוראָקען", אין די רייכערע הייזער. צווישען די דאָזיגע לעהרער זיינען געווען באקאנט:

ישראל מאיר רובינשטיין. — ער איז געווען מיינער אַ לעהרער און האָט אָנגעפיהרט אַ פריוואַטע מאָדערנע שולע, וואָס איז געווען אויף סלוצקי'ס געסעלע אין בערעל שמחה'ס (קושניר) וואוינונג. זיין שולע איז געווען פאַררעכענט אַלס איינע פון די בעסטע מאָדערנע חדרים אין וואָלקאָוויסק. ער האָט געלערנט תנ"ך, דקדוק און איינגעשטודירט מיט די קינדער פיל העברעאישע לידער אויף אויסענווייניג. די דיסציפלין אין זיין שולע איז געווען זעהר אַ גוטע. ווען ער פלעגט לערנען מיט זיינע תלמידים אַ קאַפּיטעל תנ"ך, זיינען די קינדער ווי פאַר'כישופ'ט געוואָרען פון זיין ענטוזיאַזם, און די איינוואוינער פונ'ם געסעלע פלעגען אָפט שטעהן אונטער די פענסטער און זיך צוהערען. זיינע תלמידים האָבען אים זעהר רעספּעקטירט און זיי זיינען אים שטענדיג געבליבען געטריי. זיי פלעגען אים קומען באַזוכען אַפילו מיט יאָרען שפּעטער, נאָכדעם ווי זיי זיינען שוין געווען דערוואַקסענע און זעלבסטשטענדיגע מענשען. — ישראל מאיר רובינשטיין איז געבוירען געוואָרען אין פּיעסק, לעבען וואָלקאָוויסק, און זיין פאָטער ר' יהודה האָט אים געגעבען אַ טראַדיציאָנעלע ערציהונג. ער האָט געלערנט אין פאַרשיידענע ישיבות און ער האָט אויך, מיט זיינע אייגענע כוחות, ערוואָרבען אַן אַלגעמיינע בילדונג. ער האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכענט מיט זיינע קענטעגישען פון דער העברעאישער שפּראַך און מיט זיין בקיאות אינ'ם תנ"ך. די לעצטע יאָרען האָט ער אָנגעפיהרט וויכטיגע ערציהונגס־אַנשטאַלטען אין ביאַליסטאָק — און אַלע זיינע תלמידים דערמאָנען זיין נאָמען מיט דאַנקבאַרקייט, ווייל ער האָט זיך באַליבט געמאַכט ביי זיינע תלמידים ניט נאָר דורך זיין וויסען נאָר אויך דורך זיינע גוטע מידות. כאָטש

ער איז געווען אַ פרומער, איז ער אָבער געווען אַ טאָלעראַנטער מענש און ער האָט פאַרקערט אין פאַרשיידענע קרייזען און שטענדיג געפונען אַ גע־מיינזאַמע שפראַך מ״ט אַלעמען. די לעצטע יאָרען, זייענדיג אין ביאַליסטאָק, איז ער אויך געווען זעהר טעטיג פאַר׳ן אַלגעמיינעם בית־יתומים און פאַר אַנדערע אנשטאַלטען. — ער האָט זיך אויך באַטייליגט אין פאַרשיידענע העברעאישע צייטשריפטען, און אין יאָר 1938 איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אין ביאַליסטאָק אַ זאַמלונג פון זיינע אַרטיקלען און ערצעהלונגען, אונטער׳ן נאָמען „כתבים״. זיין פרוי, פון די יונאָוויטש׳עס (פון דער גראָדנער גאַס), וועלכע האָט שטענדיג ערמוטיגט איר געשעצטען מאַן אין אלע זיינע אַר־בייטען, איז געשטאָרבען אין ביאַליסטאָק אין 1940, בשעת דער רוסישער אָקופּאַציע, און זי האָט זוכה געווען צו אַ גרויסער לוויה מיט פיל הספדים.

סקאָפּ דער לעהרער.

נחום האַלפּערין. — ער האָט געשטאַמט פון פּיעסק. ער האָט געהאַט אַ פּאַטריאַרכאַלען אויסזעהן און ער איז געווען ביי אַלעמען שטאַרק באַ־ליבט. אַ גרויסע ווייסע באָרד האָט באַפּוצט זיין שעהנעם רונדען פּנים, פון וועלכען ס׳האָבען ארויסגעשיינט אַ פּאָר קלוגע אויגען פון אַ תלמיד־חכם. ר׳ נחום איז אויך געווען אַ מיטאַרבייטער אין דער „הצפירה״, און צו אים פלעגען קומען יונגע „חובבי שפת עבר״ (ליבהאָבער פון דער העברעאישער שפראַך), צו כאַפּען מיט אים אַ שמועס אין העברעאיש. ער איז געווען באַ־וואוסט אַלס ציוניסט און איז געווען פאַררעכענט אַלס דער אַריסטאָקראַ־טישער לעהרער. ר׳ נחום האַלפּערינ׳ס חדר איז געווען אויף דער ברייטער גאַס, און ער האָט געלערענט מיט די פיינסטע קינדער פון שטאָט. ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין תנ״ך און אין דקדוק. ער פלעגט רעדען גע־לאַסען, מיט ישוב־הדעת, און איבערלאָזען אַ טיפען איינדרוק אויף יעדען איינעם מיט וועמען ער איז געקומען אין באַריהרונג.

שלמה סוקעניק. — ער איז געווען אַ זוהן פון חנה דער קצב׳טע, וועלכע האָט געוואוינט לעבען טייכעל אויף דעם וועג צום בית־הקברות. אייניגע יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך דער יונגער שלמה סוקעניק אומגעקערט קיין וואָלקאָוויסק פון אָדעס, וואו ער האָט געלערענט אין דער דאָרטיגער ישיבה. סוקעניק איז אַ שטיק צייט געווען אַ פּריוואַטער לעהרער (געגעבען שטונדען). ער האָט איינגעפיהרט אין זיין לערן־פּראָגראַם דעם „ביכורים״ פון פּנחס שיפּמאַן, און ער האָט געפאָדערט פון זיינע תלמידים, אַז זיי זאָלען קענען אויף אויסענווענינ די לידער פון ביאַליק און טשער־ניכאָווסקי. שפּעטער האָט ער אליין געעפענט אַ פּריוואַטע שול פונוואַנען ער האָט פאַרשפּרייט אין שטאָט די העברעאישע שפראַך און קולטור.

אייזיק לולב. — לולב'ס שולע האָט זיך געפונען אויף אַ הויף אין דער גראָדנער גאַס אַקעגען פענסטער'ס באַנק־קאַנטאָר. די לעקציעס אין דער שולע זיינען געפיהרט געוואָרען אויף העברעאיש. מען האָט געלערענט מיט געשמאַק תנ"ך, דקדוק, אידישע געשיכטע, חשבון און אַנדערע לימודים. די תלמידים האָבען גערעדט מיט דעם לעהרער, און אויך צווישען זיך, אויף העברעאיש. דער לעהרער לולב, וועלכער איז געווען זעהר איבערגעגעבען זיין פּראָפעסיע, פלעגט אַרומגעהן פיין געקליידעט און זיין באָרד איז געווען שעהן פאַרקעמט. ער איז געווען אַ גרויסער קענער פון תנ"ך און דקדוק. דאָס אַלעס האָט געהאַט אַ גוטע ווירקונג אויף די תלמידים און עלטערען.

הערשעל לינעווסקי (פּינעס'עס איידעם). — אויך ער האָט געהאַט אַ פּריוואַטע העברעאישע שול.

א. ראַבינאָוויטש (דער פּאַרזעווער). — ער האָט נאָך אָנגעפיהרט זיין פּריוואַטע שול אין די לעצטע יאָרען פאַר'ן צווייטען וועלט־קריג.

אין די מאָדערנע שולען, וואו מען האָט געלערענט העברעאיש, זיינען געשטאַנען שול־בענק. די קינדער פלעגט מען אויפרופען מיט אַ גלעקעל. זומער־צייט פלעגען דאָרט די קינדער באַקומען קאַניקול („וואַקאַציע").

ס'איז דאָ כדאי צו דערמאָנען, אַז אין וואָלקאָוויסק איז אויך געווען אַ „חדר מתוקן", וואו ס'האָבען אונטערריכטעט די לעהרער ברוך זוסמאַנאָוויטש און ישראל גאַרבאַכער.

## די רעאַל שולע

אין וואָלקאָוויסק איז אויך געווען אַ פּריוואַטע רוסישע פּיר־קלאַ־סיגע רעאַל־שולע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען דורך דוד הובאַר, שלום באַראַש און אַנדערע פאַרמעגליכע בעלי־בתים. די שולע האָט זיך געפונען אויפ'ן באַרג, אין דער געביידע פונ'ם לאַזאַרעט, וואָס איז איבערגעבויט געוואָרען אין אַ שול־בנין. אין דער רעאַל־שולע האָבען גע־לערענט אידישע און קריסטליכע קינדער, און דער קורס פון די לימודים איז געווען דער זעלבער וואָס אין אַ רעגירונגס־רעאַל־שולע. אין די יאָרען 1908־1909 בין איך געווען אַ שילער אין דער רעאַל־שולע. צווישען די שילער וועלכע האָבען דאָרטען געלערענט זיינען אויך געווען: אליהו גאָלאָמב, זוסקע בערמאַן, נח ליוביטש, די דוואָרעצקיים, די גאַלינים, ישראל הובאַר, נח קאַפּלינסקי, קאַמינער און די סאַלמאַנס. די שולע האָט זיך אָבער דע־מאָלסט, צוליב פאַרשיידענע סיבות, פאַרמאַכט און ס'האָט זיך אין יענער געביידע געעפענט אַ רוסישע רעגירונגס־גימנאַזיע פאַר מיידלעך, וועלכע האָט עקזיסטירט ביז צו דער דייטשער אָקופּאַציע אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.



א גרופּע תלמידים פון פינפטען קלאַס פון דער וואָלקאָווישקער
רעאַל־שולע אין יאָר 1908

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע פון אונטען: נח ליוביטש, מוליע פשעניצקי, מענדעל ווינאָגראַדסקי, יצחק קאַמינער; צווייטע רייהע: ישראל גובאַר, איוואַן מאַכוויץ (אַ קריסט), זוסקע בערמאַן, אליהו גאָלאָמב.

## פּריוואַטע לעהרער

אין וואָלקאָוויסק זיינען אויך געווען פיל פּ ר י וו אַ ט ע  ל ע ה ר ע ר — פאַר אלגעמיינע און העברעאישע לימודים — וועלכע האָבען געגעבען לעקציעס אין די הייזער פון זייערע תלמידים. צווישען די פּריוואַטע לעהרער פאַר אַלגעמיינע לימודים זיינען געווען באַקאַנט: ווייסענבערג, ישראל מערקין קאָברינסקי, לייזער סאָקאָלסקי און אליהו עליאַוויטש. צווישען די פּריוואַטע לעהרער פאַר העברעאישע לימודים זיינען געווען באַקאַנט: הערשעל לינעווסקי (וועלכער האָט אויך געהאַט אַ פּריוואַטע העברעאישע שולע), פּאַרבער, שערעשעווסקי (פון רוזשנאַי), קאַנצאָפּאָלסקי און יעזערסקי (פון דער נייער געסעל).

## די תלמוד תורה און ישיבה

אַ באַזונדערס־חשוב׳ען פּלאַץ צווישען די וואָלקאָווישקער ערציהונגס־אַנשטאַלטען האָבען פאַרנומען די  ת ל מ ו ד  ת ו ר ה  א ו ן  י ש י ב ה (דער נאָמען פון אָט די צוויי פאַראייניגטע אַנשטאַלטען איז לעצטענס געווען: בית־ספר „תחכמוני״ — תלמוד־תורה וישיבה).

אין דער  י ש י ב ה ,  וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם שוהל־הויף,



קינדער פון דער „תלמוד־תורה" אין יאָר 1923
אין דער ערשטער רייהע רעכטס: דער ראש־ישיבה ירחמיאל דניאל; לינקס: חנה נאָוויק, די לערערין.

לעבען דעם הילצערנעם בית־המדרש, האָבען אַמאָליגע יאָרען געלערענט הונ־דערטער בחורים. דער ראש־הישיבה איז געווען הרב ר׳ ירחמיאל דניאל — אַ מענש אַ חכם, מיט אַ שאַרפען קאָפּ און אַ גרויסער למדן. ער פלעגט זאָגען אַ שיעור פאַר די תלמידים פון זיין כיתה. אָבער ער פלעגט זיי דאָס רוב לאָזען לערנען אַליין, און בלויז זיצען ביי אַ גלאָז הייסען טעה, מוכן ומזומן זיי אַרויסצוהעלפען אין אַ שווערער סוגיא, אויב זיי האָבען זיך גענויטיגט אין זיין הילף. ער איז געווען זעהר באַליבט אין וואָלקאָוויסק און ער האָט גענומען אַ טיכטיגען אַנטייל אינ׳ם קהל׳שען לעבען פון דער שטאָט.

די נאַכט פון דאָנערשטאָג אויף פרייטאָג, פלעגען פילע פון די ישיבה־בחורים פאַרברענגען אין בית־המדרש אין לערנען. אנדערע פלעגען לערנען אין לעוו׳ס בית־המדרש, אין כאָלאָדאָיסקען בית־המדרש און אויף זאַ־מאָשטשע. אויך דאָרט פלעגט מען לערנען מיט גרויס פלייס און התמדה, און מען פלעגט זיך גרייטען צום פאַרהער פון הרב אבא יעקב באָרוכאָוו, הרב אברהם זלמן קורץ, הרב ר׳ יעקב ברעסטאָוויצקי (דער דיין) און אַנדערע.

אין דער ישיבה האָבען אויך געלערענט פילע בחורים פון די אַרומיגע שטעטלעך. אַ טייל פון זיי פלעגען עסען טעג ביי זייערע קרובים און באַ־קאַנטע, און די וועלכע האָבען ניט געהאַט אין שטאָט קיין קרובים אָדער באַקאַנטע, פלעגען עסען ביי סתם אידען פון שטאָט. די בעסטע „טעג" זיינען געווען ביי די קצבים, וועלכע פלעגען געבען די פרומע בחורים עסען ביד

רחבה, און זיי האָבען עס באַטראַכט אַלס אַ כבוד און אלס אַ הייליגע פליכט. עס האָבען זיך אויך געפונען אין שטאָט סתם־אידען, וועלכע פלעגען געבען עסען גאַנצע גרופּעס ישיבה־בחורים. צווישען די דאָזיגע אידען זיינען געווען: ר׳ יוסף ברעסטאָוויצקי (דער בירער), ביי וועמען אין הויז עס פלעגען יעדען מיטוואָך עסען אַ 10־15 בחורים. זיין פרוי, גיטעל ראשע, מיט איר קוזינע, חוה, און די דינסט אין הויז האָבען זיך דערמיט מטפל געווען מיט יראת־הכבוד און גרויסער ערענסטקייט. ווען די בחורים פלעגען זיצען ביים טיש און עסען מיט אַפּעטיט די מאכלים, און שפּעטער בענשען ב„מזומן", אויף אַ הויכען קול — פלעגען די הויז־לייט שטעהן אין אַ ווינקעלע און קוועלען פון נחת!

אזוי האָבען די וואָלקאָוויסקער אידען אויסגעהאַלטען די ישיבה, גע־פלעגט אירע תלמידים און שטאָלצירט מיט זייער רעליגיעזען קולטור־צענטער.

נאָך דער גרויסער שריפה, ווען עס איז אויפדאָסניי אויפגעבויט גע־וואָרען די ישיבה, מיט דער הילף פון דער פאַמיליע העלער און ר׳ יוסף ברעסטאָוויצקי (יאָסעל דער בירער), איז אויך איינגעריכטעט געוואָרען אַ בית־המדרש אויפ׳ן צווייטען עטאַזש. דאָרט פלעגט מען קענען טרעפען די נכבדי־העדה דאַוונען צוזאַמען מיט די ישיבה־בחורים און דעם ראש־הישיבה.

איינער פון די גבאים פון דער ישיבה איז געווען ר׳ אהרן ליפשיץ, דער באקאנטער מאַנופאַקטור־סוחר. ער איז געווען אַ גרויסער משכיל און אַ זעהר אינטעליגענטער איד. ער האָט געקעמפט פאַר מאָדערניזירען די ישיבה און האָט געשטיצט בלב ונפש די אידישע קולטור און די העברעאישע שפּראַך.

צווישען די מלמדים און לעהרער פון דער תלמוד־תורה און דער ישיבה — אין פאַרשיידענע צייטען — זיינען געווען: סוויעטיצקי; אייזיק לולב; שערעשעווסקי (האָט אונטערריכטעט תנ״ך), וועלכער פלעגט אויך צייטענ־ווייז שרייבען אין דעם „העולם": שלום דער סופר (הערשעל דעם סופר׳ס זוהן); ר׳ ירחמיאל דניאל, וואָס אַחוץ זיין ארבייט אַלס ראש־ישיבה איז ער אויך געווען זעהר פיל פאַרנומען מיט דין־תורה׳ס, ווייל מען פלעגט אים שטענדיג אויסקלייבען אַלס בורר; ר׳ נתן — גמרא־מלמד; אברהם פּסח פּיעגאַל (פון זאַמאָשטשע); אלי דינהים (האָט געלערענט גמרא); הערצל נאַחימאָווסקי (האָט אויך געלערנט גמרא); נחמן בערעזאָווסקי (האָט גע־לערענט גמרא און אויך תנ״ך מיט מפרשים): ישראל גאַרבאַכער; נפתלי דער מלמד; חיים נחום אַרעס (וואָס זיין פרוי האָט געהאַנדעלט מיט קעז).

צווישען די וועלכע האָבען אונטערריכטעט אין דער תלמוד־תורה און ישיבה זיינען די לעצטע יאָרען געווען אַזעלכע מלמדים און לעהרער, וועלכע

האָבען פריהער אָנגעפיהרט מיט זייערע אייגענע חדרים, אָבער צוליב דעם וואָס אין וואָלקאָוויסק האָט זיך אין דער לעצטער צייט זעהר אַנטוויקעלט דאָס מאָדערנע העברעאישע שול־וועזען — מיט פאַרשיידענע שולען און גימנאַזיעס — און די חדרים האָבען אָנגעהויבען פוסטעווען, האָבען זיי אָנגענומען שטעלעס אין׳ם געזעלשאַפטליכען ערציהונגס־אַנשטאַלט (תלמוד־תורה און ישיבה), וואו ס׳האָט נאָך געלערענט אַן אָנגעזעהענע צאָל קינדער פון שטאָט.

לויט אַ „רעפּאָרט" וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אין דעם „וואָלקאָוויסקער לעבען" (אַרויסגעגעבען דורך דעם „וואָלקאָוויסקער צענטער" אין ניו־יאָרק) פון יאַנואַר 1929, האָבען זיך דאַן געפונען אין דער תלמוד־תורה אומגעפער 250 תלמידים, פון וועלכע אַכציג פּראָצענט זיינען געווען פון אָרימע הייזער און האָבען געלערענט אומזיסט, זאָהן שכר־לימוד. לויט דעם זעלבען „רעפּאָרט", זיינען דאַן געווען אין דער תלמוד־תורה זיבען קלאַסען, אין וועלכע מ׳האָט געלערענט: תפילה, חומש און רש״י, טעמים (מעביר זיין די סדרה), תנ״ך, גמרא און תוספות, העברעאיש, דקדוק, היסטאָריע, געאָגראַפיע, נאַטור־וויסענשאַפט, פּויליש, גראַמאַטיק און חשבון. די תלמוד־תורה האָט געהאַט 9 לעהרער, אַ מנהל און אויך אַ „סטאָראָזש". די יעהרליכע הוצאה איז געווען אַריבער דרייסיג טויזענט זלאָטעס. די אויסגאַבען זיינען טיילוויז געדעקט געוואָרען דורך שכר־לימוד (פון די צוואַנציג פּראָצענט תלמידים וועלכע האָבען געצאָלט פאַר׳ן לערנען) און ביישטייערונגען פון וואָלקאָוויסקער אידען — וואָס דאָס האָט אריינגעבראַכט אַריבער צוועלף טויזענט זלאָטעס; די איבעריגע סומע איז געדעקט געוואָרען דורך דער אַמעריקאַנער „עזרת־תורה", וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט און אַנדערע מקורות.

דעם 7טען פעברואַר 1930 האָט די פאַרוואַלטונג פון דער תלמוד־תורה פאַרעפענטליכט — אין דער וואָלקאָוויסקער וועכענטליכער צייטונג „וואָלקאָוויסקער לעבען" (נומער 148) — „אַן אָפענעם בריף צו דעם וואָלקאָוויסקער פרויען פאַראיין אין ניו־יאָרק און שיקאַגאָ, אין וועלכען זי בעט הילף פון די פאַראיינען פאַר דער וואָלקאָוויסקער תלמוד־תורה. אין׳ם „אָפענעם בריף" ווערט צווישען אַנדערעס געשריבען:

„אין דער היגער תלמוד־תורה לערנען בערך 160 קינדער פון דער אָרימסטער אידישער באַפעלקערונג פון אונזער שטאָט. עס געפינען זיך אין דער תלמוד־תורה 8 לערער פון אידישע און אַלגעמיינע לימודים און די הוצאה באַטרעפט העכער 2 טויזענט זלאָטעס אַ חודש. קיין הכנסה־קוואַלען האָבען מיר ניט, ווייל די עלטערען, וועלכע זיינען די אָרימסטע פון דער

**שטאָט, זיינען ניט אומשטאַנד צו צאָלען פאַר דעם לימוד פון זייערע קינדער און די ביישטייערונגען זיינען אויך זייער קליינע צוליב דער שרעקליכער נויט, וואָס הערשט ביי אונז אין שטאָט, אַזוי אַז ס'קומט די לערער פון תלמוד־תורה פאַר עטליכע חדשים, און ווען מיר זאָלען ניט באַקומען אַ גענעריגע שטיצע מן הצד שטעהען מיר חס־ושלום פאַר אַ קאַטאַסטראָפע, און די תלמוד־תורה, וועלכע איז דער איינציגער אַנשטאַלט צו געבען די אָרימע אידישע קינדער אַ געהעריגע רעליגיעזע און וועלטליכע־ערציהונג, שטעהט פאַר אַ סכנה פאַרמאַכט צו ווערען."**

**אויפ'ן "אָפענעם בריף" זיינען געווען אונטערגעשריבען:** הרב יצחק קאַסאָווסקי — **החופ"ק**, יעקב ברעסטאָוויצקי — **דומ"צ**, אליהו בייקאָווסקי — **גזבר התלמוד־תורה והישיבה**, דוב יצחק פינחאַסאָווסקי, אייזיק ניימאַן, זאב וואָלף בליאַכער, יוסף ברעסטאָוויצקי (**בירער**), יעקב מאַצקעוויטש, דוב ב"ר ראובן פאָליאַטשעק, יצחק נאָוואָגרודסקי, יוסף גורוויטש, מיכל יעזערסקי, אברהם יצחק טשאַפקין, נחום לייטוז, יוסף יונאָוויטש, אליעזר שאַליוטע, יהואש בינקאָוויטש, שמואל שלום וויינער, יחזקאל אַדין, יהושע גינצבורג, אברהם־אליי מאַרקוס, שמואל זאַפּאָליאַנסקי (**שמואל חיים ביילקע'ס**), משה רוטשיק (**זשילינעוויטשער**), מרדכי מורשטיין, לייב אהרן פרידענבערג (**לייב־אָרע**), שלום גאָרדאָן (**סופר**), אלתר ב"ר שמואל שאַלאַכאָוויטש, לייב דיטקאָווסקי, זאב ב"ר קלמן קאַפּלאַן, יוסף־לייב רובינאָוויטש.

**און דאָך, ניט קוקענדיג אויפ'ן שווערען פינאַנציעלען מצב פון דער תלמוד־תורה, האָט די פאַרוואַלטונג פאַרגעזעצט איר טעטיגקייט אויף אַן ענערגישען אופן און זיך באַמיהט אריינצוברענגען פיל פאַרבעסערונגען אין דער ארבייט פון דער תלמוד־תורה. אַזוי, צום ביישפּיל, לייענען מיר אינ'ם "וואָלקאָוויסקער לעבען" פונ'ם 13טען אָקטאָבער 1930 (נומער 178) פאָלגענדע באַקאַנטמאַכונג פון "תחכמוני":**

**"די פאַרוואַלטונג פון דער היגער ,תחכמוני'־שול (ת"ת), שטרעבענדיג צו געבען די קינדער אַחוץ אַ רעליגיעזער ערציהונג, אין פולען זין פון וואָרט, אויך וועלטליכע בילדונג אין אַ ברייטער מאָס, אַזוי אז זיי זאָלען אויס־וואַקסען אַלס פרומע אידען, מענשען קולטורעלע און נוצליכע פאַר דער גע־זעלשאַפט, האָט אויפ'ן לויפענדען יאָר אַנגאַזשירט אַלס לייטער (קעראָווניק) זעהר אַן ענערגישען מענשען, דעם ה' גראָסבאַרט.**

**"אַחוץ דעם וואָס ער דערפילט אויסגעצייכענט זיין פליכט אַלס לעהרער פון פויליש און וועלטליכע געגענשטאַנדען — — — האָט ער אויך צו־זאַמען מיט'ן גאַנצען לעהרער־פּערסאָנאַל זיך ענערגיש גענומען איינצו־פיהרען אַ שטאַרקע דיסציפּלין צווישען די קינדער און אין אלגעמיין מאַכען**

כון „תחכמוני" אַ מוסטערהאַפטע שולע.

„די שוין דערגרייכטע רעזולטאַטען זיינען גאָר באַדייטענדע. די קינדער זיינען געוואָרען שטאַרק דיסציפּלינירט, עס האָט זיך באַדייטענד געבעסערט דער היגיענישער אויסזעהן פון דער שולע — אויסערליך און אינערליך. עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ שעהנע פאָרם פון שול־היטלעך, וועלכע עס טראָגען שוין אַלע שול־קינדער — — —.

„גרויס אַכט ווערט געלייגט אויף דעם דאָס די קינדער זאָלען זיין שטענדיג ריין געקליידעט און ריין געוואַשען. די לעהרער קאָנטראָלירען יעדען טאָג די ריינקייט פון די קינדער. עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ רעקרעאַציאָנס־זאַל פאַר די קינדער, וועלכע פאַרברענגען דאָרט די צייט פון די הפסקות אונטער דער השגחה פון אַ לעהרער.

„אויף ווייטער פּראָיעקטירט זיך — — — צו שאַפען אַ שול־ביבליאָטעק, ווי אויך איינצוקויפען אַ סך פיזישע מכשירים, וועלכע זיינען אומבאַדינגט נויטיג. — — —"

אין 1937 איז פאָרגעקומען אַ אסיפה פון די נכבדי־העיר, און ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אונטערצונעמען אַן אַקציע אויף צו פאַרגרעסערען די הכנסות פון דער תלמוד־תורה דורך מיטגליד'ס אָפּצאָל, יאָרצייטען, ליכט־צינדען, א. אַז. וו. די אויפגאַבע איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ קאָמיטעט פון 15 בעלי־בתים, וואָס איז דאַן געוועהלט געוואָרען. ס'איז אויך באַשלאָסען געוואָרען צו שאַפען ביים קאָמיטעט אַ פּעדאַגאָגישע קאָמיסיע מיט'ן צוועק אַוועקצושטעלען די לימודים פון דער תלמוד־תורה אויף אַ געהעריגער הויך, לויט די פאָרשריפטען פון דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק.

---

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט זיך אין וואָלקאָוויסק, ווי אין פיל אַנדערע שטעט פון פּוילען, אָנגעהויבען די באַוועגונג פאַר אַ מאָדערנעם אידיש־נאַציאָנאַלען שול־וועזען אויף העברעאיש — וואָס האָט אין משך פון דער צייט געבראַכט צו דער גרינדונג פון אַ גאַנצער רייהע פאַרשיידענאַרטיגע מאָדערנע העברעאישע פאָלקס־שולען און מיטעל־שולען אין וואָלקאָוויסק.

וואָלקאָוויסק איז געווען באַוואוסט אַלס אַ ציוניסטישע שטאָט, און די ציוניסטען און העברעאיסטען האָבען געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין דעם געזעלשאַפטליכען און קולטורעלען לעבען פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער קהילה. אָבער פונדעסטוועגען האָבען אויך די אידישיסטישע און סאָציאַליסטישע קרייזען פון וואָלקאָוויסק פאַרמאָגט די לעצטע יאָרען אַן אייגענע



לעהרער פּערסאָנאַל פון פאָלקס־שולע אין יאָר 1917

פון רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: פינקעלשטיין, אַ אומבאַקאַנטע, הערשעל גאַליאַצקי; צווייטע רייהע: פריילין חאַנאַנאָוויטש, פעריל לעוו (דעם ביאַליסטאָקער בעקער׳ס טאָכטער); דריטע רייהע: אליהו חמעלניצקי, פראַנק, רפאל לעמקין, משה קאַפּלינסקי.

אידישע פאָלקס־שול וואָס האָט געהערט צו דער שול־נעץ פון דער ציש״אָ (צענטראַלע אידישע שול־אָרגאַניזאַציע) פון פוילען, אַרום וועלכער ס׳האָבען זיך גרופּירט די אַזוי־גערופענע „וועלטליכע״ און „פּראָגרעסיווע״ עלעמענטען פון דער וואָלקאָווויסקער אידישער באַפעלקערונג.

## אידישע פאָלקס־שול

נאָך פאַר דער גרינדונג פון דער ציש״אָ־שולע האָט שוין אין וואָלקאָוויסק עקזיסטירט אַ אידישע פאָלקס־שול, וואָס איז געעפענט געוואָרען אין יאָר 1919. מיר וועלען דאָ ברענגען אַ קאַפּיטעל זכרונות וואָס ס׳האָט אונז צוגעשיקט דער באַוואוסטער פּעדאַגאָג שמעון קרינסקי (וועלכער וואוינט איצט אין אמעריקע, אין ווילמינגטאָן) און אין וועלכען ס׳געפינען זיך אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען וועגען יענער תקופה:

„יענעם היסטאָרישען צוזאַמענקונפט וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

פורים איז דאָס געווען אין יאָר 1919. אַ גרופּע לערער און קולטור־טוער, פון די אידישיסטישע קרייזן, האָבען מיט גרויס יראת־הכבוד זיך צוגעהערט צו אַ „רעפּאָרט" איבער קינדער־דערציהונג אין דעם גרויסען זאַל פון דעם ביאַליסטאָקער „ועד הקהל". נאָך דעם רעפּעראַט האָט דר. ישראל רובין, דירעקטאָר פון די אידישע פאָלק־שולען און סעקרעטאַר פון דער קולטור־ליגע אין דעם ביאַליסטאָקער קרייז, מיך אַריינגערופען צו זיך אין צימער און געזאָגט: „קרינסקי, מיר האָבען עראָבערט אַ וויכטיגע פּאָזיציע: וואָלקאָוויסק. אַ פאָלק־שולע וואַרט פאַר דעם ריכטיגען פּעדאַגאָג און קולטור־מענש. אַ הויז, קינדער, אַ קאָמיטעט און געלט — אַלעס איז אָרגאַניזירט. מיר טאָרען קיין צייט ניט פאַרלירען. די שולע מוז געעפענט ווערען גלייך נאָך פסח. איר מוזט גלייך פאָרען צו אַ זיצונג מיט דעם קאָמיטעט".

„ווי דער אמת איז, האָב איך זיך אַביסעל געשראָקען פאַר וואָלקאָוויסק. איך האָב גוט געקענט די שטאָט נאָך זייענדיג דאָרט אין דעם „קיבוץ" פון הרב אבא יעקב באָרוכאָוו. וואָלקאָוויסק מיט אירע העברייער און אידעאַלע ציוניסטען האָבען געהאַט אַ שם אין פּוילען. איך האָב זיך געשראָקען פאַר אַזעלכע „קנאים" ווי יודעל נאָוואָגרודסקי, משה רובינאָוויטש, באַטינקאָ, יאַנקעל ניימאַן, צבי ווײנשטיין, רפאל לעמקין, מרדכי לייב קאַפּלאַן און לעווין. די העברעאישע שולע האָט גע'שמ'ט פאַר איינע פון די בעסטע צווישען ביאַליסטאָק און באַראַנאָוויטש. נאָר נאָכדעם ווי איך האָב זיך געטראָפען מיט דעם קאָמיטעט, אין חמעלניצקי'ס הויז האָב איך ערשט באַגריפען דר. רובינ'ס שמחה: מיר האָבען עראבערט אַ וויכטיגע פּאָזיציע — וואָלקאָוויסק. מיט אַזעלכע מענשען, ווי חמעלניצקי, ראָזע איינהאָרן, לייזער סאָקאָלסקי, יצחק מערקין, לאַנצעוויצקי און יעלסקי. וועט לעבען אַ מאָדערנע אידישע פאָלק־שולע אין וואָלקאָוויסק.

„מיט גרויס פּירסום און יום־טוב'דיגקייט האָט זיך נאָך פסח געעפענט די ערשטע פאָלק־שולע אין פּראָכטפולען הויז מיט 8 צימערען אין דער אָסטראָגער גאַס. דער לערער־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון: קאַגאַן, קענטאָר, שניידער, מירקין, לאַנדעוויצקי און קרינסקי. איך האָב איבערגענומען די העברעאישע לימודים אין אַלע קלאַסען און געשיכטע אין די העכערע קלאַסען. אַלע געגענשטאַנדען זיינען אונטערריכטעט געוואָרען אין אידיש. די פאָלק־שולע איז געוואָרען דער צענטער פאַר אידישער קולטור און וויסען. לעקציעס און קורסען אין אידיש און העברעאיש פאַר דערוואַקסענע זיינען געווען אָפען יעדען אָווענט. אַרום דער שולע האָבען זיך גרופּירט די פּראָגרעסיווע עלעמענטען פון שטאָט. הונדערט מיט דרייסיג קינדער האָבען אָנגעפילט די אַכט לופטיגע צימערען פון דער שולע.

„ניט נאָר אין די פועלי־ציוניסטישע און אידישיסטישע קרייזן אַליין האָט מען זיך געגרויסט מיט אָט דער נייער און וויכטיגער אינסטיטוציע, נאָר די שטאָט, די אידישע געמיינדע און אפילו די ציוניסטען האָבען גע־ענדערט זייער שטעלונג. דער ערשטער קאָנצערט וואָס די שולע האָט גע־געבען שבת אָוונט דעם 3טען יולי, 1920, אין באַטווינסקי׳ס קינאָ־טעאַטער, האָט עדות געזאָגט, אַז די פאָלק־שולע וועט מאריך־ימים זיין. לאַנצעוויצקי, מיט זיין מסירות־נפש׳דיגער אַרבייט און ליבשאַפט צו דער שולע האָט זעהר פיל בייגעטראָגען צו דעם גרויסען דערפאָלג פון דעם קאָנצערט. דער טע־אַטער איז געווען יום־טוב׳דיג דעקאָרירט מיט אַן אויסשטעלונג פון קינ־דערשער אַרבייט אויף אַלע געגענשטאַנדען. — — —

„נאָך דעם קאָנצערט האָבען מיר געהאַט אַ זיצונג אין דער שולע און אויסגעברייטערט די אַקטיוויטעטען פון דער אינסטיטוציע און געהאָפט צו שעפען נחת פון אונזערע קינדער, די צוקונפטיגע בויער פון דעם גרויסען פראָדוקטיווען קיבוץ אין פוילען. עס איז אונז אָבער ניט באַשערט געווען. צוליב דעם רויטען מאַרש (פון די באָלשעוויקעס) און שפּעטער די אַנטיסע־מיטישע גוזעצען פון דער נייער „פרייער" פוילען, איז די לופט געוואָרען ענג און געפערליך פאַר די פּראָגרעסיווע עלעמענטען וועלכע האָבען זיך גרופּירט אין די ד׳ אמות פון דער פאָלק־שולע, און דער ליכטיגער שפּעטרי־שער קאַפּיטעל „פאָלק־שולע" אין וואָלקאָוויסק האָט זיך געשלאָסען — — —"

---

ה. ש. קרינסקי האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט פון פוילען — און היינט געפינט ער זיך אין אמעריקע, וואו ער פאַרנעמט אַן אָנגעזעהענעם אָרט אַלס אַ באַוואוסטער העברעאישער ערציהער און מחבר פון פאַרשיידענע ווערק. אָבער אַ אידישע פאָלקס־שולע איז שפּעטער ווידער גע־עפענט געוואָרען אין וואָלקאָוויסק, און האָט, ווי געזאָגט, אָנגעפיהרט איר אַרבייט אַלס די וואָלקאָוויסקער אָפּטיילונג פון דער אידישער שול־אָרגאַני־זאַציע אין פוילען.

ס׳זיינען אויך געעפענט געוואָרען (אין יאָר 1929) דורך דער אידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין וואָלקאָוויסק אָוונט־קורסען פאַר דערוואַקסענע.

די אידישע פאָלקס־שולע פלעגט אויך דורכפיהרען פאַרשיידענע אונ־טערנעמונגען און קינדער־ימים־טובים. אזוי, צום ביישפּיל, איז דעם צווייטען טאָג שבועות פון יאָר 1929 אַראַנזשירט געוואָרען דורך דער אידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין וואָלקאָוויסק (לויט דעם „וואָלקאָוויסקער לעבען", נומער 206) „אַ גראַנדיעזער פריהלינגס־יום־טוב פון קינדער פאַר קינדער — אויס־

געפירט דורך די קינדער פון דער אידישער פאָלקס־שולע. אין פּראָגראַם: מאַרשען, געזאַנג, שפּיל, טאַנץ, דעקלאַמאַציע, א. א."

אין 1930 זיינען שוין אין דער וואָלקאָוויסקער אידישע פאָלקס־שולע געווען פיר קלאַסען און אויך אַ קינדער־גאָרטען. פופציג פּראָצענט פון די קינדער האָבען לגמרי ניט געצאָלט קיין שכר־לימוד, און די איבעריגע האָבען געצאָלט אַ קליינעם אָפּצאָל, וואָס האָט קוים געדעקט 25 פּראָצענט פונ'ם בודזשעט, און נאָר אַ דאַנק דער גרויסער אָפּפערווילי׳גקייט פון די לעהרער און שול־טוער איז געלונגען אויפצוהאַלטען די שולע און זי אַנטוויקלען.

אין וואָלקאָוויסק האָט אויך פונקציאָנירט אַ „אידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", אין וועלכער ס'האָבען זיך געפונען די שעהנסטע שאַפונגען פון דער אידישער און אַלוועלטליכער ליטעראַטור.

***

ווי מיר האָבען שוין פריהער באַטאָנט, איז אין וואָלקאָוויסק געווען שטאַרק פאַרשפּרייט און איינגעוואָרצעלט דער מאָדערנער העברעאישער שול־וועזען. די באַוועגונג פאַר אַ מאָדערנער העברעאישער שולע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט אין וואָלקאָוויסק גע־פונען אירע טרייע און איבערגעגעבענע טוער אין די פּערזאָנען פון יודעל נאָוואָגרודסקי און משה רובינאָוויטש, וועלכע האָבען אומערמידליך געאַרבייט פאַר דער באַפעסטיגונג פונ'ם העברעאישען חינוך אין זייער היימשטאָט. אַ דאַנק זייער ענערגיע און מיה זיינען אין וואָלקאָוויסק געגרינדעט געוואָרען: קודם כל — אַ העברעאישער קינדער־גאָרטען („גן־ילדים"), שפּעטער — אַ העבר׳עאישע פאָלקס־שולע („בית־ספר עברי עממי בוולקוביסק"), און לבסוף אַ העברעאישע גימנאַזיע („הרצליה").

פאַר אונזערע וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט וועט געוויס זיין אינטערסאַנט צו לעזען די שילדערונגען פונ'ם אויבען־דערמאָנטען קולטור־עסקן ה׳ יודעל נאָוואָגרודסקי וועגען דעם אויפקום פונ'ם וואָלקאָוויסקער העברעאישען שול־וועזען, מיר דרוקען דאָ דערפאַר, מיט פאַרגעניגען, אַן אַרטיקעל וועגען דעם העברעאישען שול־וועזען, וואָס ה' נאָוואָגרודסקי — וועלכער געפינט זיך איצט אין ארץ־ישראל — האָט אונז צוגעשיקט פון תל־אביב.

# דער העברעאישער שול־וועזן אין וואָלקאָוויסק

פון **יודעל נאָוואָגרודסקי,** תל־אביב

די טעמע וועלכע איך באַהאַנדעל איצט וואַרפט מיך צוריק צו דער פאַרגאַנגענהייט וואָס איז דערטרונקען געוואָרען אין אַ ים פון בלוט, וואָס האָט אויך פאַרשלונגען דעם לעבען פון מיין טייערען און אומפאַרגעסליכען חבר משה רובינאָוויטש, דעם שאַפער און בויער פונ׳ם העברעאישען שול־וועזען.

עס שווימען ארויף דעראינערונגען פון פאַרגאַנגענע צייטען, ווען צוויי באַגייסטערטע יונגעלייט (נאָוואָגרודסקי און רובינאָוויטש. — מ. א.), וואָס האָבען נאָך געהויכט מיט דעם טוי פון דער ערשטער יוגענד, האָבען גע־טרוימט וועגען דער אויפלעבונג פון דער אַלט־נייער העברעאישער שפּראַך.

די בחורים האָבען דאַן אין זייערע געשפּרעכען געוועבט די פּלענער ווי צו דעראָבערען די אידישע יוגענד אין וואָלקאָוויסק פאַר דער ציוניס־טישער אויפלעבונגס־באַוועגונג, ווי צו לייגען די יסודות פאַר דער דער־ציהונג פון דעם אויפוואַקסענדען דור אין גייסט פון אידישען רענעסאנס. טריט ביי טריט זיינען זיי געגאַנגען אויף דעם וועג וואָס זיי האָבען געהאַלטען פאַר דעם איינציגען לעבענס־וועג פון אידישען פאָלק. מיט קליינע באַגרע־ניצטע מיטלען האָבען זיי געלייגט דעם יסוד פאַר דער העברעאישער ביב־ליאָטעק וואָס האָט זיך מיט דער צייט אַנטוויקעלט אין אַ חשוב׳ער אינסטי־טוציע, וואָס האָט געליפערט גייסטיגע שפּייז פאַר דער יוגענד. אַרום דער ביבליאָטעק האָט זיך געבילדעט אַ יוגענדליכער קרייז פון „חובבי שפת עבר״, צו וועלכען עס האָט אין יענער צייט אויך געהערט דער גימנאַזיע־שילער רפאל ליעמקין, איצט באַרימטער פּראָפעסאָר פון אינטערנאַציאָנאַלען רעכט אין אַמעריקע. שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר האָבען זיי געגרינדעט דעם ערשטען „גן־ילדים״ אין וואָלקאָוויסק. איך דערמאָן זיך ווי איך מיט משה רובינאָוויטש׳ען זיינען געגאַנגען אין די הייזער פון די עלטערען כדי צו משפּיע זיין, אַז זיי זאָלען שיקען זייערע קינדערלעך אין גן־ילדים, וואָס האָט אויסגעוויזען אין זייערע אויגען ווי אַ מין אויסטערלישע שולע, וואו מען לערענט די קינדער צו שפּילען זיך און טאַנצען. אונזערע באַמיהונגען זיינען געקרוינט געוואָרען מיט דערפאָלג. דער גן־ילדים האָט דעראָבערט די סימפּאַטיע פון די עלטערען, וועלכע האָבען מיט גרויס חשק געשיקט זייערע קינדערלעך אין דער ערשטער און איינציגער פּרעבעל־שולע אין וואָלקאָוויסק. נאָר די פּרעבעל־שולע איז געוועזן אַ שטאַפּעל צו דער שאַפונג פון דער העברעאישער פאָלקס־שולע. דאַן, מיט 39 יאָר צוריק, זיינען העברעאישע שולען, לויט דעם פּראָגראַם פון פאָלקס־שולען, געווען אַ זעלטענע דער־



**די עסקנים און לערער פון מאָדערנעם העברעאישען שול-וועזען אין וואָלקאָוויסק, אין יאָר 1920**

רעכטס צו לינקס — ערשטע רייהע, פון אונטען: **מרדכי לייב קאַפּלאַן, אַ אומבאַקאַנטע, אַ אומבאַקאַנטע, צבי וויינשטיין** (כרמלי), **שערעשעווסקי**; צווייטע רייהע: **יוסף פּינעס, יעקב מיליקאָווסקי, עזריאל ברעסטאָוויצקי** (ברושי), **משה רובינאָוויטש, סקאָפּ, יעקב גורוויטש, באַטענקאָ.**

שיינונג, און משה רובינאָוויטש קען זיך מיט רעכט אָנרופען איינער פון די ערשטע פּיאָנערען פון דעם העברעאישען שול-וועזען אין פּוילען בכלל.

„מיר טאָרען זיך ניט אָפּשרעקען פאַר קיינע שוועריגקייטען" — פלעגט צו מיר טענה'ן משה. „די העברעאישע פאָלקס-שולע מוז געשאַפען ווערען. אונזערע אַלטע עסקנים שלום באַראַש און דוד הובאר, האָבען פאַר אונז גע־זאָרגט צו שאפען אַ רוסישע רעאַל-שולע אויף דעם לאזארעטנעם באַרג. מיר מוזען אָבער זאָרגען אז אונזער נייער דור זאָל זיך דערציהען אין דער אַטמאָספערע פון דעם ציוניסטישען אויפלעבונגס-גייסט, אַז פון קינדווייז אָן זאָל ער זיך אָנזאַפּען מיט'ן גייסט פון אונזערע נביאים און חשמונאים, און אז אויך די אלגעמיינע בילדונג זאָל אים געגעבען ווערען אין העברעאיש. — דאַן וועט אויסוואַקסען אַ דור מיט אַ שטאָלצען אידישען באַוואוסטזיין, וועלכער וועט איבעררייסען מיט דעם גלות-לעבען און דורכברעכען דעם וועג צו דער נייער פרייער אידישער צוקונפט."

ס׳איז צו שטוינען ווי אַזוי צוויי יונגע מענשען האָבען געהאַט די דרייסט־קייט צו אונטערנעמען זיך שאַפען אַזאַ לערן־אַנשטאַלט וואָס נאָר גרויסע געזעלשאַפטען קענען זיך עס דערלויבען. אָבער גלויבען און באַגייסטערונג שאַפען וואונדער, און די העברעאישע פאָלקס־שולע אין וואָלקאָוויסק איז געוואָרען אַ פאַקט.

פילע הונדערטער קינדער האָבען זיך אין שול געלערענט. אָרימע עלטערען האָבען בכלל קיין שכר־לימוד ניט געצאָלט. אויך אַ גרויסער טייל געדריקטע עלטערען האָבען געצאָלט בלויז אַ מינימאלען שכר־לימוד. עס זיינען אַנגאַזשירט געוואָרען לערער פון ערשט־קלאַסיגען פעדאַגאָגישען ראַנג, צווישען זיי פילע מיט הויכער בילדונג. צווישען די ערשטע לערער פון דער פאָלקס־שול, וועלכע האָבען פיל געלייסטעט פאַר דער אנטוויקלונג פון דער שולע, דאַרפען דערמאָנט ווערען די נעמען פון צבי כרמלי (וויינשטיין), וואָס געפינט זיך היינט אין אַמעריקע, און עזריאל ברושי (ברעסטאָוויצקי), וואָס איז היינט אַ באַקאַנטע פיגור אין ארץ־ישראל.

צווישען די דירעקטאָרען פון דער שולע זיינען באַזונדערס ווערט באַ־צייכענט צו ווערען: א. לובאַשיצקי, אַ באַרימטער העברעאישער פּאָעט, פּאַרפאַסער פון פילע פעדאַגאָגישע ווערק; דר. שאפעל, דער באַרימטער פעדאַגאָג און יודאַאיקער; יצחק שקאַרלאַט; און דער זעהר פּאָפּולערער פעדאַ־גאָג גאָטעספעלד. דאָס זיינען אַלץ נעמען וואָס רעדען זעהר פיל צו די הערצער פון די געוועזענע תלמידים און תלמידות פון דער וואָלקאָוויסקער פאָלקס־שולע, וועלכע לעבען איצט אין ארץ־ישראל, אַמעריקע און אַנדערע לענדער. מיט דער שאַפונג פון דער פּאָלקס־שולע האָט משה רובינאָוויץ געפונען זיין ציעל אין לעבען. פיל מאָל האָט ער פאַרלאָזען זיינע געשעפטען און זיך אָפּגעגעבען יומם ולילה מיט די ענינים פון דער שולע. עס לעבען אויף אין מיין זכרון בילדער פון יענע צייטען, ווען מיר פלעגען אויפנעמען

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 111

## די ערשטע יאָרען פון דער העברעאישער פאָלקס־שולע

דאָס אויבערשטע בילד שטעלט פאָר די ערשטע תלמידים מיט זייערע לערער. רעכטס צו לינקס, שטייען די לערער: פּאַווע, מרדכי לייב קאַפּלאַן, משה רובינאָוויטש, צבי וויינשטיין (כרמלי), צוויי אומבאַקאַנטע לערערינס און באַטינקאָ.

דאָס בילד אין צענטער שטעלט פאָר די אינגערע קלאַסען פון דער פאָלקס־שולע אין יאָר 1920. צווישען די לערער געפינען זיך (פון רעכטס צו לינקס): יוסף פינעס, יעקב מיליקאָווסקי, סקאָפּ און באַטינקאָ.

דאָס אונטערשטע בילד שטעלט פאָר דעם העכערען קלאַס אין יאָר 1919. רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע — די לערער: שערעשעווסקי, וויינשטיין און קאַפּלאַן.









**די ערשטע יאָרען פון דער העברעאישער פאָלקס-שולע**

**דערקלערונג פון בילד איז אויף זייט 110**



קינדער און לערערינס פון דער פאָלק־שולע אין יאָר 1923

צווישען די לערערינס געפינען זיך: בעלא אַלפערין, אסתר וואַלאַך, ראָזענפעלד, שרה ליס.
צווישען די קינדער געפינען זיך: פנינה לעווין, יענטע פּאַצאָווסקי, נחמה רעזניק, בלומע סטאָלאָוויצקי, משה ווילק, סאָניע פּיסעצקי, נחמה שקלאַווין, ראָזע בערג, ראָזע וולאָסקי, חאַשע ווײַנשטיין, קראַווטשיק, סאָניע נאָוואָגרודסקי, קאַלמאַנאָוויטש, חיה קאַמענעצקי, שוב.

יעדען פּאָטער וואָס איז געקומען פאַרשרייבען זיין קינד אין דער שולע מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ, איבערפולט פון פרייד און גליק. טרייסלענדיג זיך פון קעלט פלעגען מיר זיצען אין די שלעכט־געהייצטע לאָקאַלען פון פּאַפּע'ס הויז אויף גראָדנער גאַס און פאַרברענגען לאַנגע ווינטער־נעכט אין דיס־קוסיעס מיט דעם לערער־פּערסאָנאַל וועגען דעם פּראָגראַם פון די לימודים. אַ דאנק די איבער־נאַטירליכע אַנשטרענגונגען וואָס זיינען געווידמעט גע־וואָרען צו דער אַנטוויקלונג פון דער שולע, האָט זי ווירקליך פּראָגרעסירט פון יאָר צו יאָר הן אין כמות, הן אין איכות.

די שולע האָט געדינט אַלס ביישפּיל פאַר די אַרומיגע שטעט און שטעטלעך, וואו עס האָבען זיך אויך געעפענט ענליכע שולען. די שולע האָט אויך געהאָלפען אַריינצוברענגען ד'עם אידישען אויפלעבונגס־אידעאַל אין די הערצער פון די תלמידים און זייערע פאַמיליעס. און אַזוי־אַרום איז די העברעאישע פאָלקס־שולע געוואָרען אַ ציוניזירענדער פאַקטאָר פון ערשטער מדרגה. נישט נאָר די וואָלקאָוויסקער יוגענד נאָר אויך דער עלטערער דור איז מיטגעריסען געוואָרען פון דעם ציוניסטישען שטראָם.



**אַ גרופּע לערער פון דער „תרבות"־שולע אין יאָר 1932**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **פריילין זילבערמאַן, פישעל וויינשטיין, פריילין לאַנדסבערג**; צווייטע רייהע, זיצען: **אליזער קאַפּעלושניק, ראָטפעלד, ליבושיצקי, משה רובינאָוויטש** (דער גרינדער), **יודעל נאָוואָגרודסקי** (מיטגרינדער), **פריילין בער־לינער**; דריטע רייהע, שטייען: **זילבער, חנה טורבאָוויטש, י. איצקאָוויטש, חדוה.**

**עס מוז דערביי באַצייכענט ווערען, אז וואָלקאָוויסק איז באַרימט געוואָרען אין ד'ער צענטראַלע פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע אַלס אַ ציוניסטישע פעסטונג. וואָלקאָוויסק האָט זיך אויסגעצייכענט מיט די פאַר־העלטניסמעסיג־גרויסע סומען וואָס זי האָט בייגעשטייערט פאַר דעם „קרן־קימת" און „קרן־היסוד". עס האָט זיך אויך אַנטוויקעלט אַ גרויסע חלוצישע באַוועגונג צווישען דער יוגענד, וואָס האָט אויך באַאיינפלוסט די אַרומיגע שטעטלעך. און אויב מיר האָבען איצט אין ארץ־ישראל אַ גרויסע וואָלקאָ־ווויסקער לאַנדסמאַנשאַפט, האָבען מיר עס אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דער אונדירעקטער השפעה פון דער וואָלקאָוויסקער פאָלקס־שולע.**

**די עסקנים פון דער שולע האָבען אויך געטרוימט וועגען שאַפען אַ העברעאישע גימנאַזיע, וואו די אביטוריענטען פון דער שולע זאָלען קענען פאָרזעצען זייער נאַציאָנאַלע און אַלגעמיינע בילדונג. „מיר מוזען" — האָט צו מיר געזאָגט משה רובינאָוויטש —, „אויסבילדען אַ נייעם טיפּ פון אַ אידישען אינטעליגענט, וועלכער זאָל ציהען זיין גייסטיגע יניקה פון די**




**אַ קלאַס פון „תרבות" שולע אין יאָר 1923**

רעכטס צו לינקס — ערשטע רייהע, פון אונטען: אַסיע געצעלעוויטש, ווינעצקי (דעם טייסטער־מאַכער׳ס טאָכטער), יונה טראַנסקי, חאַסיע געצעלעוויטש; צווייטע רייהע, די לערער: שושנה לעווין, פריילין גאַרבאַרסקי, שקלאַווין, אַ אומבאַקאַנטע, אַ אומ־באַקאַנטע; דריטע רייהע: ווינעצקי (דעם טייסטער־מאַכער׳ס אַ צווייטע טאָכטער), טשאָפּקין (יאַנקעל׳ס טאָכטער), חיה לאַזאַראָווסקי, אַ לערער, גאָלדע גאָרדאָן (דעם סופר׳ס טאָכטער), מלכה פוקסמאַן (דעם חסיד׳ס טאָכטער), רבקה טענענבוים (דעם אייזענקרעמער׳ס טאָכטער).

אידישע קולטור־אוצרות, און זאָל זיין ראוי אויסצופילען די גרויסע היס־טאָרישע אויפגאַבע פון אונזער דור׳.

משה רובינאָוויץ איז געווען ניט נאָר אַ „נאה דורש", נאָר אויך אַ „נאה מקיים". פאַר אים האָבען ניט עקזיסטירט קיינע שוועריגקייטען וועלכע זאָלען אים אָפּהאַלטען. שטאַרק איז געווען זיין ווילען און פעלזען־פעסט זיין גלויבען אין דער אויפלעבונג פון דער אלט־נייער אידישער קולטור. און דער ווילען האָט מיט דער צייט אָנגענומען רעאַלע פאָרמען. מיר האָבען געדונגען אַ פּאַסענדען לאָקאַל אין דער אַמאָליגער טאַבאַק־פאַבריק פון יאַנאָווסקי אויף דער ברייטער גאס, וואָס איז איבערגעבויט געוואָרען און צוגעפּאַסט גע־וואָרען פאַר אַ גימנאַזיע־לאָקאַל, און עס איז אַנגאַזשירט געוואָרען אַ קוואלי־פיצירטער לערער־פּערסאָנאל. און אין שיינעם פריהמאָרגען זיינען אויסגעקלעפּט געוואָרען אין שטאָט פלאַקאטען וואָס האָבען אָנגעזאָגט דעם עולם וועגען דער געבורט פון דער נייער העברעאישער גימנאַזיע „הרצליה".




קינדער פון דער טאָג-שולע מיט זייערע לערערינס אין יאָר 1925

רעכטס צו לינקס, די לערערינס: חנה טורבאָוויטש, אסתר וואַלאַך, בתיה לאַנדסבערג. צווישען די קינדער געפינען זיך: מרים לעווין, טייבעל לינעווסקי, ראַכמאַן, שושנה נאָוואָגרודסקי, אַניע פּאַיסיק, חיה קאַמענעצקי, דאָרע קאַפּלאַן, שרה גאַלאַי, ראַניע קימעלמאַן, נתן לעווין, איסער שקאָלניק, מרדכי פּאָלאָנסקי, שושנה גאָלדבערג, חיים וויינער, מאַניע איינשטיין, גאָלדריי, משה מורשטיין, פּעריל ווילק, דאָרע טאַראַן, שרה מושאַצקי, ליובע קאַבוזשאַצקי.

דער דערפאָלג פון דער גימנאַזיע האָט איבערגעשטיגען אַלע דערוואַרטונגען. די גימנאַזיע איז געווען איינע פון 16 העברעאישע גימנאַזיעס אין פּוילען.

אַ דאַנק דער העברעאישער פאָלקס־שולע און דער גימנאַזיע איז וואָל־קאָוויסק געוואָרען אַ „מרכז רוחני" פאַר דער אַרומיגער פּראָווינץ. אויך פון גרעסערע שטעט, ווי סלאָנים און באַראַנאָוויטש, האָבען זיך געצויגען תלמידים און תלמידות צו דער וואָלקאָוויסקער גימנאַזיע. די השפעה פון די וואָל־קאָוויסקער לערען־אַנשטאַלטען האָט איבערגעשריטען ניט נאָר די גרעניצען פון וואָלקאָוויסקער קרייז, נאָר אויך די גרעניצען פון דער צייט, אין וועלכער זיי זיינען געווען טעטיג . . .

מיט עהרפורכט און דאַנקבאַרקייט דאַרפען די געוועזענע תלמידים און תלמידות פון דער וואָלקאָוויסקער פאָלקס־שולע און גימנאַזיע, וועלכע לעבען אין ארץ־ישראל און אין אַנדערע לענדער, דערמאָנען דעם נאָמען פון משה רובינאָוויטש, דער שעפער און בויער פון דעם העברעאישען שול־וועזען אין וואָלקאָוויסק, וועלכער האָט זיי געגעבען אַ ציעל אין לעבען און געוויזען אַ וועג צום לעבען . . . כבוד זיין הייליגען אָנדענק!




**אַ קלאַס פון דער „תרבות" שולע אין יאָר 1926**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **קריינע לעוויט, חיה דניאל, זלפה קאַפּלאַן,ביילע לייבקאָוויטש, צבי ווערנער**; צווייטע רייהע: **לונסקי, אַ אומבאַקאַנטער, ראָטפעלד, אהרן לובאשיצקי** (דירעקטאָר), **אַ אומבאַקאַנטע, זילבער, וויינשטיין, י. איצקאָוויטש.**
דריטע רייהע: **צפּורה מאָושאָוויטש, חיה וויניק, צפּורה סטאָלאָוויצקי, חיענקע גאָלאַנסקי, דבורה לעוו, אסתר יודזשיק, ביילע ליפשיץ**; פערטע רייהע: **יצחק גאָלדבערג, אביגדור קאליר, פייוועל פּאַווע, חנן אָזערסקי** (עוזר).

**די איבערגעגעבענע ארבייט פין יודעל נאָוואָגרודסקי און** משה רובינאָוויטש **האָט געבראַכט זעהר גוטע רעזולטאַטען, און דער העברעאישער** שול־**ווּעזען האָט געשלאָגען טיפע וואָרצלען אינ'ם לעבען פון דער וואָל־קאָוויסקער אידישע באַפעלקערונג. די העברעאישע פאָלקס־שולע האָט זיך פיין אַנטוויקעלט. ביים באַשטימען דעם שכר־לימוד פאַר די וואָס האָבען געלערענט אין דער פאָלקס־שולע האָט מען זיך גערעכענט מיט דער מאַטעריע־לער לאַגע פון יעדען איינעם און עס איז ערמעגליכט געוואָרען פאַר אלע פאָלקס־שיכטען, אָהן אויסנאַם, צו געבען זייערע קינדער אַ העברעאיש־נאַציאָנאַלע ערציהונג. די לימודים זיינען געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה. די שילער וועלכע האָבען געענדיגט די שולע זיינען אָנגענומען געוואָרען אָהן עקזאַמענעס אין די טעכנישע שולען, אינ'ם לערער־סעמינאַר און אין**




די תלמידים און לערער פון זעקסטען קלאַס „תרבות" אין יאָר 1935

ועכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: אַ אומבאַקאַנטער, מאַשע, צילע מאַזאָווער, ליובע, יאָכע ליניעווסקי, נחמיה ביקוביצקי; צווייטע רייהע: אַ אומבאַקאַנטער, י. איצקאָוויטש, אַ לערעךין, שווארץ (לערער), ראָזענפעלד (פאַרוואַלטער), פודלעס, נעמליך (לערערין), יובעל (לערער), קאַדעל.

דריטע רייהע, שטייען: טייבע ראָטבערג, מאַשע, מלכה, פאַניע, שיינדעל, יעלין, מיכלע, רבקה הורוויץ, געניע בערג.

די האַנדעלס־שולען. צווישען די באַוואוסטע לערער פון דער העברעאישער פאָלקס־שולע איז געווען ה' קאָפעל וויינשטיין.

אַרום דעם העברעאישען שול־וועזען האָבען זיך קאָנצענטרירט די בעסטע ציוניסטישע און געזעלשאַפטליכע כוחות פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג און ס'זיינען אויך פון מאָל צו מאָל, פאָרגעקומען צווישען די רייהען פון די שול־עסקנים און עלטערען רייבונגען און סיכסוכים, וועלכע האָבען געשטאַמט פון די מיינונגס־פאַרשיידענהייטען בנוגע דעם לערן־פראָגראַם און דער ריכטונג פון דער שולע. אזוי, צום ביישפיל, איז אין יאָר 1930 פאָרגעקומען אַ סיכסוך אין דער העברעאישער פאָלקס־שולע און די שול־פאַרוואלטונג האָט ענטזאגט די אלטע לערער און אָנגעשטעלט נייע לערער. די קינדער האָבען געהאַלטען מיט די אלטע לערער — און ס'זיינען פאָרגעקומען אין שטאָט פאַרזאמלונגען וועגען דעם ענין. די אלטע לערער האָבען אַראָפגעבראכט פון וואַרשע ה' משה גאָרדאָן, וויצע־פאָרזיצער פונ'ם

צענטראַל־קאָמיטעט פון „תרבות“ אין וואַרשע, און ה' א. געלמאַן, פאַר־שטעהער פון דער „הסתדרות המורים“ אין פוילען. ס'איז איינגעאָרדענט געוואָרען אַ פאַרזאמלונג און ס'איז אויסגעוועהלט געוואָרען אַ נייע פאַרוואַל־טונג פון צוועלף מענשען — מיט אינזשעניר אפרים באַראַש בראש — וואָס האָט געדאַרפט אונטערהאַנדלען מיט דער מאַכט אז די שולע זאָל איבערגעשריבען ווערען אויף דעם נאָמען פון די נייע פאַרוואלטער.

ניט קוקענדיג, אָבער, אויף די דאָזיגע קליינע רייבונגען האָט דער העברעאישער שול־וועזען פראָגרעסירט פון יאָר צו יאָר און מיט דער צייט זיינען ביי דער העברעאישער פאָלקס־שולע „תרבות“ אויך געווען וואַר־שטאָטען אויף צו לערנען ארבייט.

## די פאָלקס־שולע „קדימה“

אין 1931 איז אויך ערעפענט געוואָרען אַ נייע פאָלקס־שולע וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „ק ד י מ ה“. די אונטעררריכטס־שפראַך פון „קדימה“ איז געווען פויליש. אַלע לימודים זיינען געלערענט געוואָרען לויט'ן פראָגראַם פון די פוילישע רעגירונגס־שולען. ס'זיינען אָבער דאָרט אויך געלערענט געוואָרען אין אַ ברייטער מאָס: חומש, נביאים וכתובים, העברעאיש און אידישע געשיכטע. דער לייטער פון דער שולע איז געווען יעקב ניימאַן (הענאָך ניימאַנ'ס זוהן), און איינער פון די באַוואוסטע לערער פון „קדימה“ איז געווען א. ראַבינאָוויטש. די שולע „קדימה“, וואָס האָט געהאַט זעקס קלאַסען, האָט זיך געפונען אויף דער רינקאָוואַ נומער 18. די קינדער וועלכע האָבען געענדיגט די שולע האָבען געקענט אריינטרעטען סיי אין די העברע־אישע גימנאַזיעס און סיי אין די פוילישע גימנאַזיעס.

## העברעאישע שולע „יבנה“

ס'האָט אויך עקזיסטירט אין וואָלקאָוויסק אַ העברעאישע שולע וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „י ב נ ה“. די דאָזיגע שולע, וואָס האָט געהאַט זיבען קלאַסען, איז געווען אין דער נייער געסעל. דער דירעקטאָר פון דער שולע איז געווען ה. גראָסבאַרט.

די „יבנה“־שולע האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אירע באַרימטע פעדאַ־גאָגען. אין משך פון אַ באַשטימטער צייט איז דער פאַראַנטוואָרטליכער לייטער פון דער „יבנה“־שולע געווען ראַבינער דר. שייב, וועלכער האָט אויך אונטעררריכטעט אין די העכערע קלאַסען די אידישע לימודים — אויפ'ן אָרט פון פראָפ. זילבערמאַן, וועלכער האָט פריהער פאַרנומען דעם זעלבען פאָסטען אין דער „יבנה“־שולע. דר. שייב איז רעקאָמענדירט גע־וואָרען צו זיין אַמט אין דער „יבנה“־שולע — וואָס איז געפיהרט געוואָרען



זעקסטער קלאַס פון דער פאָלקס־שולע „יבנה" אין יאָר 1935
(פאָטאָגראַפירט צום אָפּפאָר פון ציפּע קאַצינ׳ס זוהן קיין ארץ־ישראל)

אין רעליגיעז־נאַציאָנאַלען גייסט — דורך דעם פאָרזיצער פון דער „תנועת תורה ועבודה" אין מזרח־גאַליציע.

## די העברעאישע גימנאַזיע „הרצליה"

ווי געזאָגט, האָבען זיך די שול־טוער ניט באַגנוגענט מיט׳ן „גן־ילדים" און מיט דער העברעאישער פאָלקס־שולע, און זיי האָבען ניט גערוהט ביז זיי האָבען אויך געגרינדעט די **העברעאישע גימנאַזיע „הרצליה"**. אין אַ באַריכט, וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען וועגען דער העברעאישער גימנאַזיע „הרצליה" אין דער „וואָלקאָוויסקער שטימע" (אַרויסגעגעבען פונ׳ם ניו־יאָרקער „וואָלקאָוויסקער צענטער") פון יאַנואַר 1929, ווערט דערצעהלט:

„שוין איבער צעהן יאָר ווי עס עקזיסטירט ביי אונז אַ העברעאישע פאָלקס־שולע, וואָס האָט זיך ערוואָרבען פּאָפּולאַריטעט און גרויסען פּרעס־טיזש צווישען אַלע קלאַסען אידען אין וואָלקאָוויסק. מיט דריי יאָר צוריק האָבען די פיהרער פון דער שולע אָרגאַניזירט אַ **גימנאַזיע** כדי צו געבען אַ מעגליכקייט פאַר די תלמידים צו קריגען אַ העכערע בילדונג. אין דער גימנאַזיע ווערען געלערענט — אויסער תנ"ך, משנה, תלמוד, ליטע־ראַטור און אידישע היסטאָריע — אויך אריטמעטיק, געאָגראַפיע און אַלע



זעקסטער קלאַס פון דער וואָלקאָווישקער „הרצליה“ גימנאַזיע
אין יאָר 1935

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: נחום לעוו, משה קאַסאָווסקי, באוער (דערציהער), חנה נעמליך (לערערין), פאַניע מאַזאָווער, אַ תלמיד פון דער פּראָווינץ, דניאל לעמקין.

צווייטע רייהע: יוסף קאַפּלאַן, אַ סוויסלאָטשער, עפּשטיין, העניע מורשטיין, יצחק שאַלקאָוויטש, אולאַ יאַפּע, מרים אָקולניצקי, שיפּיאַצקי, ליאָווע מעשענגיסער, קאַפּלאַן.

דריטע רייהע: דוד ראָסיאַנסקי, מישע שקאָלניקאָוויטש, נח לידסקי, צבי קאַבוזשאַצקי, אהרן שאַליוטע, אהרן שערעשעווסקי, אַ שילערין פון דער פּראָווינץ.

אַנדערע אַלגעמיינע צווייגען פון וויסענשאַפט אין העברעאיש. די ערציהונג אנטוויקעלט ביי די שילער דעם נאַציאָנאַלען געפיהל, גיט זיי אַ גרינדליכען באַגריף פון אונזערע ליטעראַרישע אוצרות און גיט זיי אויך אַלגעמיינע וויסענשאַפט ווי אין די העברעע רעגירונגס־שולען. — די הכנסות פון דער גימנאַזיע זיינען גאַנץ קליין. פון די 85 תלמידים צאָלען נאָר צוואַנציג, און די איבעריגע זיינען ניט אומשטאַנד צו געבען וועלכען עס איז אָפּצאָל. די מאָנאַטליכע אויסגאַבען פון דער גימנאַזיע דערגרייכען די סומע פון 2,800 זלאָטעס.“

די קינדער וועלכע פלעגען ענדיגען די העברעאישע פאָלקס־שולע פלעגען קענען גלייך אַריינטרעטען אין דער העברעאישער גימנאַזיע „הרציליה“.

די גימנאַזיע האָט די ערשטע צייט ניט געהאַט קיין שום רעגירונגס־רעכט, אָבער שפּעטער — צום שול־יאָר 1928־1929 — איז די גימנאַזיע



**אַ גרופּע תלמידים פון אכטען קלאַס פון דער „הרצליה״-גימנאַזיע אין וואָלקאָוויסק אין יאָר 1937**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **אולאַ יאַפּע, אַ שילערין פון דער פּראָווינץ, פאַניע מאַזאָווער, ליאָווע מעשענגיסער, יוסף קאַפּלאַן**; צווייטע רייהע: **נחום לעוו, צבי קאַבוזשאַצקי, מאיר מאַראַטשניק, מישע שקאָלניקאָוויטש, סערלין**; דריטע רייהע: **צוויי פון דער פּראָווינץ.**

אַריבער אין רשות פון „תרבות״. זי איז אַזוי־אַרום איינגעשלאָסען געוואָרען אין דער נעץ פון העברעאישען שול־וועזען, אין פּוילען, וועלכער האָט שוין טיילוויז ערוואָרבען עפענטליכע רעכט.

צווישען די באַוואוסטע לערער פון דער העברעאישער גימנאַזיע זיינען געווען: הי וואַלד, לערער פון אלגעמיינער געשיכטע, און יעקב איצקאָוויטש.

אין יאָר 1937 האָט אויסגעבראָכען אַ סיכסוך צווישען די גימנאַזיע־טוער, וועגען וועלכען ס'ווערט דערצעהלט אינ'ם „וואָלקאָוויסקער לעבען״ (נומער 522) פונ'ם 19טען סעפּטעמבער 1937:

„אָנגעהויבען האָבען זיך די רייבונגען אין גימנאַזיע דערפון, וואָס צוויי מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט „הרצליה״, צו וועמען די גימנאַזיע געהערט, צוזאַמען מיט איניגע לערער פון דער גימנאַזיע, האָבען בעת די וואַקאַציעס אין געהיים באַשלאָסען צו ליקווידירען די העברעאישע גימנאַזיע און אויף




די רעגירונג׳ס גימנאַזיע אויפ׳ן לאַזאַרעטנעם באַרג
רעכטס — דער וועג צום לאַזאַרעטנעם געסיל; לינקס — די קוזשניע.

איר אָרט צו גרינדען אַ נייע גימנאַזיע מיט דער פּוילישער אונטעררי־כטס־שפּראַך. דערביי האָט דער גאַנצער אינוועטאַר פון דער העברעאישער גימ־נאַזיע געזאָלט איבערגעהן צו דער נייער גימנאַזיע, וועלכע וואָלט געהערט צו אַ גאַנץ נייער געזעלשאַפט. אין דעם זין האָבען שוין אפילו די אינציאַ־טאָרען אונטערגענומען די געהעריגע שריט סיי ביי דער אָרטיגער אַדמיניס־טראַטיווער מאַכט און סיי אין ווילנער קוראַטאָריום.

„די מערהייט אָבער פון דער געזעלשאַפט „הרצליה״, צוזאַמען מיט׳ן דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע ה׳ מרדכי הלוי סאַכאַר, דערוויסענדיג זיך פון דעם דאָזיגען פּלאַן, האָבען זיך קאַטעגאָריש אַנטקעגענגעשטעלט, און אויף דעם באָדען איז אפילו געקומען צו אינצידענטען, וואָס האָבען אייניגע מאָל אָנגענומען זעהר שאַרפע פאָרמען.

„דער קאָנפליקט האָט געבראַכט דערצו, אז עס זאָלען זיך אַריינמישען פאָרשטעהער פון דער מאַכט און אויך אַ פאָרשטעהער פון קוראַטאָריום, וועלכער האָט די לעצטע טעג וויזיטירט די גימנאַזיע און האָט פעסטגע־



**אַ גרופּע גימנאַזיסטקעס און גימנאַזיסטען אין יאָר 1928**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **שמעון יודזשיק, רחל חאַנאַנאָוויטש, זלאַטקע שיין, רחל זאַיאָנץ, הירש וולאָסקי**; צווייטע רייהע: **מילע קאַפּלאַן, צילע שאַליוטע, דניאל קאַגאַנאָוויטש, חיה חאַצקעלעוויטש, עטיל קושניר, הינדע לייטוס**; דריטע רייהע: **סאַנע ליפּשיץ, לייזער בליאַכער, יעקב באָטווינסקי, בעריל ריבאַצקי**; פערטע רייהע: **אברהם טוריאַנסקי, רעגינע גראָדזענסקי, הערשעל שיין, מאַניע מאָושאָווסקי, יעקב מאַקאָוו.**

שטעלט, אז די גימנאַזיע האָט אלע שאַנסען צו עקזיסטירען און זיך צו אַנטוויקלען.

„אַ דאַנק דעם וויזיט פון פאָרשטעהער פון קוראַטאָריום, וועלכער האָט, אגב, אונטערהאַנדעלט מיטביידע צדדים, האָט זיך טאַקע די לאגע אין דער גימנאַזיע לעצטענס סטאַביליזירט, און ס'איז צו האָפען, אז דער נאָרמאַלער גאַנג פון די לימודים וועט שוין מער ניט געשטערט ווערען.“

ווי ס'ווייזט אויס פון פאַרשיידענע מודעות און באַקאַנטמאַכונגען אינ'ם „וואָלקאָוויסקער לעבען“ — און אפשר איז דאָס געווען אַ רעזולטאַט פונ'ם סיכסוך — איז דער נאָמען פון דער העברעאישער גימנאַזיע („הרצליה“) געענדערט געוואָרען און זי האָט זיך גערופען „ג י מ נ ס י ה  ע ב ר י ת  ע ל־ש ם  ח.  נ.  ב י אַ ל י ק“ („העברעאישע גימנאַזיע אויפ'ן נאָמען פון ח. נ. ביאַליק“). דער נייער נאָמען האָט ניט אָפּגעשראָקען די



גראַדואירטע פון דער רעגירונגס־גימנאַזיע אין יאָר 1937
פון רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, זיצען: הערשעל דאַווידאָווסקי, אליהו בינקאָוויטש, קאַרפּעל חאַנאַנאָוויטש; צווייטע רייהע, שטייען: חיים קאָסאָווסקי, שעפסיל עפּשטיין, משה'ל פּאָלאַנסקי, אברהם מאַקאָוו.

געגנער פון דער גימנאַזיע, וועלכע האָבען פאַרשפּרייט קלאַנגען (אין יאָר 1937), אַז די גימנאַזיע וויל פאַרקירצען די העברעאישע לימודים און איינ־פיהרען מער פויליש, אָבער דער דירעקטאָר מרדכי הלוי סאַכאַר האָט עפענט־ליך אָפּגעלייקענט די דאָזיגע קלאַנגען און גערופען די וואָלקאָוויסקער אי־דישע באַפעלקערונג צו שטיצען די גימנאַזיע.

## פּריוואַטע האַנדעלס־שולע, גימנאַזיע „תרבות", גימנאַזיע ט. ק. א. און האַנדעלס־גימנאַזיע „יבנה"

ס'האָט אויך דאַן (אין יאָר 1937) עקזיסטירט אין וואָלקאָוויסק אַ פּרי־וואַטע פיר־יאָריגע האַנדעלס־שולע. דאָס איז געווען אַ פאַך־שולע פונ'ם גימנאַזיאַלען טיפּ, וואָס האָט אויך געגעבען די שילער אַ פולען הומאַניסטישען קורס און אויך אַ יודאַאיסטישען קורס לויט'ן פּראָגראַם פון די העברעאישע מיטעל־שולען.

אַ קורצע צייט פאַר'ן אויסברוך פונ'ם צווייטען וועלט־קריג האָט זיך אין וואָלקאָוויסק געעפענט אַ העבראישע גימנאַזיע

„תרבות". דער דירעקטאָר פון דער „תרבות"־גימנאַזיע איז געווען אין 1939) הי וואָלפּסטאַל, און דער פּרעזידענט פון'ם סניף „תרבות" אין וואָלקאָוויסק איז געווען דר. יצחק וויינבערג.

וואָלקאָוויסק, וואָס איז ניט געווען קיין באַזונדערס־גרויסע שטאָט, האָט פונדעסטוועגן פאַרמאָגט אַלערליי מיטעל־שולען, וועלכע האָבן פאַרטראָטען פאַרשיידענע ריכטונגען אינ'ם העברעאישען ערציהונגס־וועזען. אַזוי, צום ביישפּיל, איז די לעצטע צייט, פאַר'ן אויסברוך פונ'ם צווייטען וועלט־קריג געווען אין וואָלקאָוויסק אַ גימנאַזיע, וועלכע האָט געטראָגען דעם נאָמען: „גימנסיון עברי ט. ק. א. בוולקוביסק". די דאָזיגע גימנאַזיע איז געווען אָנגעשלאָסען אין דער שול־נעץ פון ברוידע'ס טיפּ שולען און די יודאַאיסטישע לימודים זיינען איר געלערענט געוואָרען לויט דער פאַרפליכטענדער פּראָגראַם אין די מיטעל־שולען פון דעם אויבענדערמאָנטען טיפּ. ס'איז אויך געווען אין וואָלקאָוויסק אַ מיטעל־שולע וואָס האָט געהייסען: „גימנסיון קואודוק. למסחר" ליד הסתדרות „יבנה" בוולקוביסק (האַנדעלס־גימנאַזיע ביי דער וואָלקאָוויסקער „יבנה"־אָרגאַניזאַציע). די דאָזיגע גימנאַזיע האָט באַזיצט פולע רעכט פון רעגירונגס־שולען. אַלס פרעמד־שפּראַך איז געלערענט געוואָרען ענגליש. פאַר די יודאַאיסטישע לימודים — וועלכע זיינען געלערענט געוואָרען לויט דער פאַרפליכטענדער פּראָגראַם אין די מיטעל־שולען פון ברוידע'ס טיפּ — זיינען געווען באַשטימט אַכט לערן שעה'ן וועכענטליך פאַר יעדען קלאַס.

***

דאָס פאַרצווייגטע העברעאישע שול־וועזען אין וואָלקאָוויסק האָט אויך אַרומגענומען די ערוואַקסענע אידישע באַפעלקערונג. אַזוי, צום ביישפּיל, האָבן עקזיסטירט אין וואָלקאָוויסק העברעאישע אָוונט־קורסען (געגרינדעט דורך דער „תרבות"־געזעלשאַפט). ס'איז אויך געווען אין וואָלקאָוויסק אַ העברעאישע ביבליאָטעק —אונטער דער אָנפיהרונג פון יעקב עיין — וועלכע האָט נאָך אין יאָר 1926 געצעהלט 1,700 ביכער און 160 לעזער. ס'האָט אויך פונקציאָנירט אין שטאָט (אויף דער ברייטער גאַס) אַ „בית־עם" („פאָלקס־הויז"), אין וועלכען ס'זיינען אָפט פאַרגעקומען פאַרזאַמלונגען און לעקציעס — אויף פאַרשיידענע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטליכע טעמעס — וועלכע זיינען געהאַלטען געוואָרען דורך היימישע כוחות און אויך דורך ספּעציעל־אַריבערגעבראַכטע געסט, באַקאַנטע אידישע שריפטשטעלער און לעקטאָרען פון וואַרשע און אנדערע מקומות.




די גימנאַזיע אויף דעם לאַזארעטנעם באַרג

דאָס אידישע קולטור־לעבען אין וואָלקאָוויסק איז געווען רייך און פיל־פאַרביג. אמת, אין וואָלקאָוויסק זיינען, פאַרשטעהט זיך, אויך געווען פוילישע שולען, און אפילו אַ פוילישע רעגירונגס־גימנאַזיע אין וועלכער ס'האָט אויך געלערענט אַ קליינע צאָל אידישע קינדער. אָבער בדרך־כלל איז די אידישע געזעלשאַפטליכקייט געווען קאָנצענטרירט אַרום דעם מאָדערנעם נאַציאָנאַלען אידיש־העברעאישען שול־וועזען, און אַלע גרופּעס און שאַטירונגען פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג האָבען געהאַט זייערע אייגענע קולטור־און ערציהונגס־אינסטיטוציעס, ארום וועלכע זיי האָבען אַנטוויקעלט אַ גרויסע אידיש־גייסטיגע טעטיגקייט אויף די יסודות פון זייערע פּאָליטישע און פּאַרטייאישע איבערצייגונגען.

ביז צום סאַמע אויסברוך פונ'ם לעצטען וועלט־קריג האָט אין וואָלקאָוויסק פולסירט אַ געזונט און שטאַרק קולטורעל־אידיש לעבען — אַ לעבען וואָס איז אין זיין סאַמע בליה־צייט פאַרשניטען געוואָרען צוזאַמען מיט דער גאַנצער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג דורכ די אכזריות'דיגע הענט פון די רוצח'ישע נאַציס.

# ציוניסטישע באַוועגונג אין וואָלקאָוויסק

נאָך פיל יאָרן אידער ס'איז דערשינען אויף דער אידישער גאַס דער פּאָליטישער ציוניזם איז אין וואָלקאָוויסק געווען זעהר שטאַרק דער סענטימענט פאַר ארץ־ישראל און אירע אינסטיטוציעס, און די וואָלקאָוויסקער אידישע באַפעלקערונג האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט די ארץ־ישראל'דיגע ישיבות און כוללים.

שפּעטער, ווען די „חובבי־ציון" האָבען אָנגעהויבען זייער טעטיגקייט, האָט די „חיבת־ציון" באַוועגונג געפונען אין וואָלקאָוויסק פיל וואַרימע אָנהענגער און אונטערשטיצער. אויך די גרויסע רבנים, וועלכע זיינען אין יענער עפּאָכע געזעסען על כסא־ההוראה אין וואָלקאָוויסק זיינען אַלע געווען הייסע חובבי־ציון, און זיי האָבען, פאַרשטעהט זיך, שטאַרק געהאָלפען צו פאַרשפּרייטען די „חיבת־ציון"־אידעע צווישען די וואָלקאָוויסקער אידען.

איינער פון די גרעסטע און אָנגעזעהנסטע וואָלקאָוויסקער רבנים איז געווען דער גאון רבי יונתן עליאַשבערג, וועלכער האָט פאַרנומען דעם רבנות־שטול פאַר הרב אבא יעקב הכהן באָרוכאָוו. דער גאון ר' יונתן, וועלכער איז געשטאָרבען זעהר יונג, איז געווען באַוואוסט ניט בלויז אַלס איינער פון די גדולי־התורה פון יענעם דור, נאָר אויך אַלס אַ חכם, אַ סופר און אַ דענקער, און אַלע חכמי־הדור פלעגען זיך מיט אים איבערשרייבען און שעצען זיינע מיינונגען. אזוי, צום ביישפּיל, דערצעהלט הרב יצחק קאָסאָווסקי — אין זיין אַרטיקעל, וואָס ער האָט פאַרעפענטליכט אין „חורבן וולקוביסק" — אַז ער האָט געפונען צווישען די ביכער פון הרב עליאַשבערג אַ בריף געשריבען פון ר' ש. י. פין פון ווילנע, דער באַוואוסטער העברעאישער שריפטשטעלער און „חובב־ציון". אין דעם בריף איז באַהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע פון אַ וויכטיגער אסיפה, וואָס איז פאַררופען געוואָרען פאַר דער ערשטער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין קאַטאָוויץ, מיט אומגעפער זעכציג יאָר צוריק.

ווען ס'איז ענטשטאַנען דער פּאָליטישער ציוניזם האָט ער געפונען אַ גרויסען אָפּקלאַנג אין וואָלקאָוויסק און צוגעצויגען אַ גאַנצע רייהע פון

חשוב'ע וואָלקאָוויסקער בעלי־בתים, וועלכע האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ פאַראיין וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „בני ציון". אין יאָר 1902 האָבען צו דעם דאָזיגען פאַראיין געהערט: אהרן שיפּמאַנאָוויטש, יקותיאל וַוימאַן, יקותיאל נאָוויק, אריה לייב מאַרקוס, משה מרדכי זעליצקי, שמואל יונה נאָוואָגרודסקי און אהרן ליפשיץ. דער „ועד" פונ'ם פאַראיין איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדע פּערזאָנען: קאָפּעל איסר וואָלקאָוויסקי — ראש הועד; שמואל שאַפּיראָ — קאַסירער; נחום האַלפּערין (דער לעהרער) — סעקרעטאַר; ישראל אפרת, משה לייב כמעלניצקי, משה גאַלאַי, אליעזר יודזשיק און שמואל דוד יונאָוויטש — מיטגלידער פונ'ם ועד.

אויף אַ אסיפה פון זייער פאַראיין, וואָס איז פאָרגעקומען אין זומער פון 1902, האָבען די וואָלקאָוויסקער „בני־ציון" אויסגעקליבען אהרן ליפשיץ אַלס זייער פאָרטרעטער אויף דער ציוניסטישער קאָנפערענץ, וואָס איז דעמאָלסט פאָררופען געוואָרען אין מינסק.

דער ציוניסטישער סענטימענט איז וואָלקאָוויסק האָט אָנגעהויבען אָנעמען קאָנקרעטע פאָרמען, און אין די ערשטע יאָרען פונ'ם איצטיגען יאָרהונדערט, פאַר'ן אויסברוך פונ'ם ערשטען וועלט־קריג, זיינען איינציגע וואָלקאָוויסקער אידען אַוועקגעפאָרען קיין ארץ־ישראל און זיך דאָרט באַזעצט. אַנדערע ווידער האָבען איינגעקויפט באָדען אין ארץ־ישראל — מיט דער האָפנונג זיך דאָרט צו באַזעצען אין דער צוקונפט. מאַנכע וואָלקאָוויסקער ציוניסטען האָבען אַוועקגעשיקט זייערע קינדער צו שטודירען אין דער „הרצליה" — די ערשטע העברעאישע גימנאַזיע וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין ארץ־ישראל.

צוזאַמען מיט דער אַלגעמיינער ענטוויקלונג פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג מיט אַלע אירע פראַקציעס און פּאַרטייען האָבען אויך אין וואָלקאָוויסק זיך באַוויזען די פאַרשיידענע ציוניסטישע שאַטירונגען און גרופּירונגען, פון וועלכע איינציגע האָבען אָנגענומען אַ קאָנקרעטע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרם ערשט אין די לעצטע יאָרען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך דער פאַרעפענטליכונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

אָבער דער רוקענביין פון דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג אין וואָלקאָוויסק זיינען דאָך געבליבען די אַלגעמיינע ציוניסטען, וועלכע זיינען געווען דער רוב מנין און רוב בנין פון די נאַציאָנאַלע עלעמענטען פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג. די אַלגעמיינע ציוניסטען האָבען מייסטענס ווערבירט זייערע מיטגלידער אין וואָלקאָוויסק פון צווישען די שיכטען פון די סוחרים און פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ. די אַלגעמיינע ציוניסטען האָבען אויך מייסטענס געטראָגען די לאַסט פון די געלט־ביי־



**פייערונג פון דער באַלפור דעקלאַראַציע אין יאָר 1919**

צווישען די באַטייליגטע געפינען זיך: **צבי ווײנשטײן (כרמלי), אנשיל בליאכער, עזריאל ברעסטאָוויצקי (ברושי), שפרינצע ביאלסקי, אליהו מאָטשע גינזבורג, פּרעס, שרה און צבי דיטקאָווסקי, אײזשיק קאָנצאָפּאָלסקי, יוסף פינעס, אַרטשיק מאַרקוס, סאָלוצקי (דער אַפּטײקער), יעקב מיליקאָווסקי, גורוויטש, מאַשע דאָמבראָווסקי, יעקב פּאַווע, אַמסטי־באָווסקי, שרה חוואַלאָווסקי, חנה שיפּיאַצקי, באָבעלע מאַראַטשניק, צווײ פּרײלינס פּאָנאַר, לײבעל קאַפּלאַן, דעם פּיעסקער רב׳ס טאָכטער.**

**שטײערונגען פאַר אַלע וויכטיגע ציוניסטישע פאָנדען, ווי דער קרן־היסוד, קרן־קימת, החלוץ א. אַז. וו. פון צווישען די רײהען פון די אַלגעמײנע ציוניסטען זײנען אַרויסגעקומען די מײסטע וויכטיגסטע עסקנים פאַר אַלע ציוניסטישע און נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַקטיוויטעטען. אַ טײל פון די אָנ־געזעהענסטע עסקנים פון די אַלגעמײנע ציוניסטען האָבען אין זײערע יונגע יאָרען געהערט צו אנדערע ציוניסטישע גרופּירונגען — „צעירי־ציון", „קדימה", „חרות ותחיה" א. אַז. וו. — אָבער שפּעטער האָבען זײ זיך אָנ־געשלאָסען אין דער אַלגעמײנער ציוניסטישער באַוועגונג און געאַרבײט פאַר דער פאַרשפּרײטונג פונ׳ם ציוניסטישען אידעאַל.**

**צווישען די הויפּט־טוער פון די וואַלקאַוויסקער א ל ג ע מ י י נ ע צ י ו נ י ס ט ע ן אין פאַרשײדענע צײטען זײנען געווען:** שלום באַראַש, אינזשעניר אפרים באראש, ישראל אפרת, משה שאַפּיראַ, צבי אינקער, משה רובינאָוויטש, יודעל נאוואָגרודסקי, אַנשעל בליאַכער, יאָסעל ווינאָגראַדסקי, שוואַרץ, משה צבי מרגלית, בן־ציון ליפשיץ, אליהו שײקעוויטש, אשר




**אַ גרופּע חברים פון „החלוץ" אין יאָר 1920**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **י. חאָמסקי, שלמה׳קע מאַרקוס, שלמה׳קע בערעשקאָווסקי, נאַכימזאָן, חיים יודעל שיפּיאַצקי, אַמסטיבאָווסקי, משה סעראָקע.**
צווייטע רייהע, זיצען אינמיטען: **י. גאָשטשינסקי, יאַנקעל צוקערמאַן**; דריטע רייהע, זיצען: **יוסף מאָסטקאָוו, חיים בורשטיין, עטעל ליפשיץ, הערשעל דוואָרעצקי, עזריאל ברעסטאָוויצקי (ברושי), אַ סטודענט (דער גרינדער פון וואָלקאָוויסקער „החלוץ"), שפּרינצע ביאַלסקי, משה זעליצקי, יאַנקעל דיטקאָווסקי. משה ליפשיץ, אַ אומבאקאנטער, אליהו מאָטשע גינזבורג, ניאָנע כוואַלאָווסקי.**
פערטע רייהע, שטייען: **אַ סאָלדאַט (אומבאַקאַנט), פריילין גאָלדבערג, אַ אומבאַקאַנטע, אַ אומבאַקאַנטער, קיילע שיין, מוניע שוואַרץ, רחל גאָטהילף, פייוועל דאָמבראָווסקי, אַ אומבאקאנטער, מורשטיין, קאַפּלאַן, אַ אומבאַקאַנטער, הענאָך סעראָקע, עליע זניידין, דאַווידאָווסקי**; פינפטע רייהע: **שמואל איינהאָרן, יאַנקעל שאַפּיראָ, דיטקאָווסקי, הערשיל פּאדאלינסקי, חנה לאַפּין, חאַנטשע קאַצינ׳ס פלימעניצע, אַ אומבאַקאַנטע, לאַנע וויינשטיין, פּירע גראָדזענסקי, מאַניע מאָווּשאָווסקי, טאַראַן, פריילין גאַליאַצקי,ביילע גאַליאַצקי, פייגעל יונאָוויטש, רחל ריף.**

יודזשיק, עקיבא יודזשיק (**דער ברודער פון אשר יודזשיק**), חנא קאַבוזשאַצקי, ש. ח. קאַפּוטשעווסקי, עוזר קאַפּלאַן, לייב העלער, דוד הובאַר, לייזער שאַליוטע, מרדכי טאַרמאָ, יאַנקעל גורעוויטש, הענאָך ניימאַן, נפתלי גאָלאָמב (**פאָטער פון אליהו גאָלאָמב**), זלמן חפץ, אברהם אלי מאַרקוס, דר. שלמה מאַנדעלבוים, דר. אייזיק וויינבערג, אַזערניצקי, דר. יעקב סעדלעצקי **און** ל. קאַפּעליושניק.

**די „צעירי־ציון" פּאַרטיי — וועלכע איז געווען טעטיג אין וואָלקאָוויסק נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָט צוגעצויגען אַ גרויסען**

טייל פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער אַרבייטענדער אינטעליגענץ, און צווישען אירע אַקטיווע וויכטיגע מיטגלידער זיינען געווען: מאָטע־לייב קאַפּלאַן (שפּעטערדיגער רעדאַקטאָר פון׳ם „וואָלקאָוויסקער לעבען״), משה רובינאָוויטש, צבי וויינשטיין (כרמלי), יודעל נאָוואָגרודסקי און חנה נאָוויק. די וואָלקאָוויסקער „צעירי־ציון״ האָבען אָנגעפירט אַ פאַרצווייגטע טעטיגקייט פאַר׳ן העברעאישען שול־וועזען אין וואָלקאָוויסק, פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדען און פאַר דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטשער באַוועגונג.

ס׳איז דאָ אויך כדאי צו דערמאָנען: די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי פּועלי־ציון — צ. ס., מיט אירע איבערגעגעבענע מיטגלידער, ווי אַדוואָקאַט לייזער בליאַכער, מ. א. קושניראָווסקי, אייזענשטיין און אַנדערע; די ציוניסטישע אַרבייטער־פּאַרטיי „התאחדות״, מיט אירע טרייע מיטגלידער, וועלכע האָבען זיך שפּעטער — באַלד נאָך דעם ווי ס׳האָבען זיך אין ארץ־ישראל פאַראייניגט דער „הפועל־הצעיר״ מיט דער „אחדות־העבודה״ אין דער „מפלגת פועלי ארץ־ישראל״ (מפא״י) — פאַראייניגט מיט די פּועלי־ציון — צ. ס.; די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע יוגענד־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״ (אויפ׳ן נאָמען פון א. ד. גורדון), וועלכע האָט געצעהלט בערך 150 מיטגלידער, מייסטענס יוגענדליכע אין שול־עלטער — מיט איר וואונדערבאַרער ציוניסטישער, חלוצישער און קולטורעלער טעטיגקייט, מיט איר כאָר, מיט אירע זומער־קאָלאָניעס און חלוצ׳ישע הכשרה־פּונקטען; די יוגענד־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט״ (ביי די פּועלי־ציון—צ. ס. — התאחדות); די „החלוץ־הצעיר״־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט צוגעגרייט יוגענדליכע אין עלטער פון 18־19 יאָר פאַר דער אַלגעמיינער „החלוץ״־אָרגאַניזאַציע, וואו זיי האָבען שפּעטער דורכגעמאַכט זייער „הכשרה״ אַלס פאָרבאַרייטונג צו זייער צוקונפטיגען לעבען אין ארץ־ישראל.

אין וואָלקאָוויסק האָט אויך עקזיסטירט (אין די צוואַנציגער יאָרען) אַ ציוניסטיש־קולטורעלע יוגענד־אָרגאַניזאַציע „קדימה״, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר איר אויפגאַבע צו אַנטוויקלען די וואָלקאָוויסקער אידישע יוגענד אין אַ ריין נאַציאָנאַל־אידישען גייסט.

אין דער פאַרוואַלטונג פון „קדימה״ זיינען געווען: יעקב שיפּיאַצקי, מרדכי לעוו, פּינחס שטיינוואַקס, אליעזר בליאַכער און שלמה שיפּיאַצקי. ביי דער אָרגאַניזאַציע זיינען געשאַפען געוואָרען סעקציעס פאַר אידישער און אַלגעמיינער געשיכטע, פאַר העברעאישער און אידישער ליטעראַטור, תנ״ך, ציוניסטישער געשיכטע א. אַז. וו.

די אָרגאַניזאַציע „קדימה“ האָט דורכגעפירט פיל רעפעראַטען און פאַר־




**פלוגה א׳ פון „השומר הצעיר" אין יאָר 1922**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: חיים כוואַיניק, שייקע ווערנער, מאַזיע, משה מאַנדעלבאום, 4 אומבאַקאַנטע, שאול מאַרקוס, ליאָווע גליקפעלד, ברוך בעקענשטיין; צווייטע רייהע זיצען: אַ אומבאַקאַנטער, מאָטעל עיין, משה אַלפערט, אַ אומבאַקאַנטער, שלום הובאַר, גאָלדבערג, צוויי אומבאַקאַנטע, יוסף בעקענשטיין, משה לאַנגבאָרד; דריטע רייהע, שטייען: אברהם אַנוש, הערשעל וולאָסקי, יעקב גערשוני, אַ אומבאַקאַנטער, משה סאַוואולסקי, אַ אומבאַקאַנטער, בעריל דאַווידאָווסקי.

לעזונגען, אויף וועלכע עס איז שטענדיג אָנוועזענד געווען אַ היפשע צאָל פון דער וואָלקאָוויסקער יוגענד. אַ גרויסען אינטערעס האָט אַרויסגערופען דער ליטעראַרישער משפט איבער טשערניכאָווסקי׳ס פּאָעמע „ברוך ממגנצה", וואָס די „קדימה"־אָרגאַניזאַציע האָט אַראַנזשירט.

אין דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין וואָלקאָוויסק פאַרנעמט אויך אַ באַשטימטען פּלאַץ די וואָלקאָוויסקער ציוניסטישע יוגענד־אָרגאַניזאַציע „ח ר ו ת ו ת ח י ה". צווישען די טעטיגע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען: יוסף גאַלאַי, חיים כמעלניצקי, יצחק יודזשיק, רפאל דיטקאָווסקי, רפאל קליאַטשקין (איצט אַ באַוואוסטער שוי־שפּילער, מיטגליד פונ׳ם „הבימה"־טעאַטער אין ארץ־ישראל). די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַ דראַמאַטישע סטודיע, וועלכע איז געווען זעהר טעטיג לטובת די ציוניסטישע נאַציאָנאַלע פאָנדען און דער אַלגעמיינער ציוניסטישער קולטורעלער אַרבייט. אַ גרויסע צאָל מיטגלידער פון דער „חרות־ותחיה"־אָרגאַניזאַציע זיינען געבליבען לעבען, צוליב דעם וואָס זיי



„השומר הצעיר״, פלוגה ב׳, אין יאָר 1922

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: קאַפּלאַן, מאַזיע, גאַם, ווינעצקי; צווייטע רייהע, זיצען: אַ אומבאַקאַנטער, שקאָלניק, בעקענשטיין, עיין, לייבעל קאַפּלאַן, קאופמאַן, מאָפּסיק, זלמן גאָלדבערג, נח׳קע שיין, דוד מאַרקוס; דריטע רייהע, שטייען: קאַמינער, אַ אומבאַקאַנטער, אַ אומבאַקאַנטער, גאַנדז, משה לאַנגבאָרד (גראַף), ליעוו, דאַווידאָווסקי, שמאי ווילק, יוסף גאַליאַצקי, מאָסטקאָוו.

האָבען באַצייטענס עמיגרירט קיין ארץ־ישראל און אַנדערע לענדער.

די רעליגיעזע ריכטונג אין דער אַלוועלטליכער ציוניסטישער באַוועגונג איז אויך געווען פאַרטראָטען אין וואָלקאָוויסק. ס׳האָט עקזיסטירט אין וואָל־קאָוויסק אַ „מזרחי״־אָרגאַניזאַציע, וואָס צווישען אירע הויפּט־טוער זיינען געווען: הי צבי אינקער, הי יוסף יערוזאַלימסקי (דער שוחט) און חנא קאַבוזשאַצקי. ס׳האָט אויך פונקציאָנירט אין וואָלקאָוויסק דער „השומר הדתי״ — אַן אָרגאַניזאַציע פון דער רעליגיעזער־ציוניסטישער יוגענד. די דאָזיגע אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרען אין וואָלקאָוויסק אייניגע יאָר פאַר דעם אויסברוך פונ׳ם לעצטען וועלט־קריג, און זי האָט געאַרבייט אונטער דער אָנפירונג פון זעליג קאַגאַן (דעם שוחט׳ס זוהן). די אָרגאַני־זאַציע האָט אין משך פון איר עקזיסטענץ פיל געטאָן פאַר׳ן קרן־קימת. אויף אַ פאַרזאַמלונג פונ׳ם וואָלקאָוויסקער „השומר הדתי״, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 5טען יולי 1935, איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ פאַרוואַלטונג, וואָס איז




„בית־אלפא" גרופע פון „השומר הצעיר" אין יאָר 1928

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: משה'ל שערעשעווסקי, שעפסיל פּאָלאַיקע, אהרן אַגולניק (זיצט דער ערשטער אין פראָנט), אברהמ'ל קיליקאָווסקי, מענדעל דאַווידאָווסקי, דער ראש הקן יעקב איינשטיין (זיצט אין צענטער); צווייטע רייהע: נאַק־דימאָן, מרים חאַזאַן, משה פּאַווע.

באַשטאַנען פון די פאָלגענדע חברים: ז. קאגאן — ראש־הקן; ח. קאפּלאן — סעקרעטאַר; מ. גאַלאַי — קאַסיר; ו. מינקאָוויטש — פאָנדען און ווירט־שאַפט; ש. לאזאראָווסקי — פּרעסע.

אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער וואָלקאָוויסקער ציוניסטישער באַווע־גונג האָט פאַרנומען די „ה ש ו מ ר ־ ה צ ע י ר" ־ אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט פאַרמאָגט ביי אַ הונדערט־און־פופציג מיטגלידער — מייסטענס יוגענד־ליכע פון שול־עלטער. דער וואָלקאָוויסקער „השומר־הצעיר" איז געווען אַ לעבעדיגע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַראַנזשירט פיל פאַראַנשטאַלטונגען און




**אַ זיצונג פון עקזעקוטיוועז קאָמיטעט פון „החלוץ" אין יאָר 1925**
רעכטס צו לינקס: שלמה לייבאָוויטש, מירסקי (שטייט), יאַנקעל דיטקאָווסקי, חנוך סעראָקע, לאה טרונסקי, שמחה גאָלדבערג.

פייערליכע אַקאַדעמיעס. איבערהויפּט האָבען זיך קונה־שם געווען די אַקאַ־דעמיעס וואָס דער „השומר־הצעיר" פלעגט דורכפירען ל"ג בעומר. די „השומר־הצעיר"־מיטגלידער פלעגען דורכמאַכען אַ „הכשרה קבועה" און אַרבייטען ביי טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס און אין „טאַרטאַק" (וואו מען זעגט ברע־טער), כדי זיך צוגרייטען פיזיש צו דער עליה קיין ארץ־ישראל. די וואָל־קאָוויסקער „השומר־הצעיר"־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַן אייגענעם אָר־קעסטער און אַ כאָר און אויך דראַמאַטיש־קינסטלערישע און גימנאַסטישע סעקציעס.

אין וואָלקאָוויסק, ווי אין אַלע אנדערע וויכטיגע אידישע קהילות פון פּוילען, האָט אויך עקזיסטירט אַ ליגע פאַר'ן אַרבייטענדען ארץ־ישראל, וועלכע האָט געזאַמעלט געלט פאַר די אינסטיטוציעס פון דער „הסתדרות" און געהאָלפען פאַרשפּרייטען די אידעאַלען פונ'ם אַר־בייטער־ציוניזם. אין דער ליגע זיינען געווען פאַרטראָטען די אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייען, וועלכע זיינען געווען דירעקט פאַרבונדען מיט'ן אַרבייטענדען ארץ־ישראל: פועלי־ציון, התאחדות, החלוץ, פרייהייט, השומר־הצעיר און גורדוניה. צווישען די הויפּט־טוער פון דער ליגע זיינען געווען: יעקב




**אַ גרופּע חלוצים אין יאָר 1925**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **ראובן זילבערבלאַט, שמחה גאָלדבערג;** צווייטע רייהע: **חנוך סעראָקע, יאַנקעל דיטקאָווסקי;** דריטע רייהע: **מענדעל גרין, שלמה לייבאָוויטש, זאב מאָסטקאָוו, משה לאַנגבאָרד.**

איצקאָוויטש, לייזער בליאַכער, שישאצקי, **דירעקטאָר** מרדכי סאַכאַר **און** יצחק שקאַרלאַט. **אַנדערע טעטיגע מיטגלידער פון דער ליגע זיינען געווען:** ל. זיסקינד, ר. נישעוויצקי, מ. א. קושניראָווסקי, פרל. סאָקאָלסקי, י. באַשיצקי, א. נאָוויק, ק. ביאַלאָסטאָצקי **און** מ. טקאַטש.

**זעהר טעטיג איז געווען אין וואָלקאָוויסק די „ה ח ל ו ץ"־אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע. גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געגרינדעט געוואָרען אין וואָלקאָוויסק דער „החלוץ", און וואָלקאָוויסקער בחורים האָבען גענומען מאַכען צוגרייטונגען פאַר דער עליה קיין ארץ־ישראל. זיי האָבען געאַרבייט ביי גערטנעריי און באמיהט זיך צוגעוואוינען צו אַ האָרעפּאַשנעם לעבען.**

**אַן אינטערעסאַנטע שילדערונג וועגען דער עליה פון דער ערשטער גרופּע וואָלקאָוויסקער חלוצים, אין דער צייט פון דער אַזוי־גערופענער „דריטער עליה" און זייערע איבערלעבונגען אין ארץ־ישראל — האָט אונז**




**די אָרקעסטער פון „השומר הצעיר" מיט'ן גרינדער און דיריגענט יצחק אַלפּערט אין יאָר 1927**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע פון אונטען: **ביילע לוואָוויטש, העניע לידסקי, סלאַפּאַק דעם בעקער'ס זוהן, טאַניע פּילאַטאָווסקי;** צווייטע רייהע: **מאָזעס מאַנדעלבאום, יצחק אַלפּערט** (דיריגענט), **יעקב איינשטיין, בוניע לעווין;** דריטע רייהע: **מוניע זילבערמאַן, ביילע ראָזענבלום, שעפּסיל סלאַפּאַק, ראָזע פאַנטער, באַשע מורשטיין, קאַסאָווסקי.**

צוגעשיקט אַ מיטגליד פון דער דאָזיגער גרופּע, עזריאל ברושי (ברעסטאָוויצקי), וועלכער געפינט זיך איצט אין תל־אביב:

„אין אַ העלען שעהנעם זומערדיגען טאָג, אין יאָר 1920, האָט אַ גרופּע פון צעהנדליגער וואָלקאָוויסקער און ליסקאָווער בחורים פאַרלאָזען זייער היימשטאָט, באַגלייט מיט די ברכות פון זייערע קרובים און פריינד, און זיך געלאָזען געהן אויפ'ן וועג קיין ארץ־ישראל. מיר האָבען זיך פאַרזאַמעלט אויף בריסקער און זאַמאָשטשער גאַסען און אויף וועגענער זיינען מיר אָפּגעפאָרען קיין ביאַליסטאָק, וואו מיר זיינען פייערליך אויפגענומען געוואָרען אין דעם דאָרטיגען „בית־העם". ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין וואַרשע האָבען מיר זיך אָנגעשלאָסען אָן אַנדערע גרופּען, און צוזאַמען האָבען מיר זיך געלאָזט צו דער עסטרייכישער גרעניץ. מיט אונזער באַוועגונג האָט זיך דאַן אָנגעפאַנגען די אַזוי־גערופענע „עליה שלישית".

„אונזערע לעבענס־באַדינגונגען אין ארץ־ישראל זיינען די ערשטע צייט ניט געווען פון די בעסטע. מען האָט אונז, באַלד נאָכ'ן אָנקומען אין לאַנד,



„גורדוניה" יוגענד־קרייז אין יאָר 1928
רעכטס צו לינקס: מענדעלסאָן, רחל קאַגאַן, סאָניע סמאָזאַנאָוויטש, סאָניע ראַוויצקי, אָליע אַבראַמיצקי, הערשעל לעוו.

אָוועקגעשיקט בויען דעם שאָסיי פון ג'ידה (דזשידא) קיין חיפה. מיר זיינען אַלע געווען פאַראייניגט אין איין גרופּע, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען פון אונזער פאָרשטעהער מעטשיק. צו אונז איז אויך אין ארץ־ישראל צו־געשטאַנען סאָניע ביאַלסקי, וועלכע האָט זיך שוין דאַן געהאַט געפונען אַ קורצע צייט אין לאַנד. מיר זיינען אויך ניט אָפּגעקומען אָהן קרבנות. איינער פון אונזערע חברים, דיטקאָווסקי, האָט פון דער הייסער דרום'דיגער זון, צו וועלכער ער איז ניט געווען געוואוינט, באַקומען אַ זון־שלאָג, פון וואָס ער איז פאַראַליזירט געוואָרען. מען האָט אים באַהאַנדעלט אין חיפה און שפּעטער אין איטאַליע, וואו ער איז, ליידער, געשטאָרבען. אַ סך חברים אונזערע זיינען געפאַלען קרבנות פון מאַלאַריע און כמעט אלע האָבען מיר געליטען פון דיזענטעריע, צוליב'ן שלעכטען וואַסער און מאַנגעל אין פרישע שפּייז־אַרטיקלען און צוליב די שלעכטע סאַניטאַרישע באַדינגונגען, וואָס האָבען דאַן געהערשט אין לאַנד. טראָץ די אַלע שווערע באַדינגונגען איז אָבער דער גייסט ניט געפאַלען ביי די חברים. מען איז געווען פאַראייניגט און פול מיט מוטה און אַרבייטס־לוסט. בייטאָג פלעגט מען טאָן די שווערסטע פיזישע אַרבייטען, און ביינאַכט פאַרברענגען אין זינגען און טאַנצען.




מיטגלידער פון צענטראַל-קאָמיטעט פון „החלוץ" (אין יאָר 1928)
רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, זיצען: וועלוועל נאָוויק, איזאַק פּאַווע, אפרים באַראַש, יודעל נאָוואָגרודסקי, משה'ל שאַכנאָוויטש; צווייטע רייהע, שטייען: י. טאַראַן, ראַשע סיגעל, יוסף גאַנדז און חיים מאָרדעצקי.

„אַ לענגערע צייט זיינען מיר אויך געווען אינגאַנצען אָפּגעריסען פון אונזער היימשטאָט וואָלקאָוויסק, ווייל צוליב דער רוסישער אָקופּאַציע איז דאַן אָפּגעשטעלט געוואָרען דער בריף־פאַרקער מיט אויסלאַנד. אָבער אונזער מוטה איז ניט געפאַלען. מיר האָבען דאָס ערשטע יאָר פון אונזער לעבען אין ארץ־ישראל אומעטום געארבייט אַלס איין קבוצה אין פאַרשיידענע גע־געגנדען פון לאַנד — בית־שאן, סאַראַפאַנד, ג'דה, און אין דער חיפה אומ־געגענד. אונזער אַרבייט איז באַשטאַנען אין גראָבען שאָסייען, אויפרייסען פעלזען מיט דינאַמיט אין דער בית־שאן געגענד, פונוואַנען די שטיינער זיינען אָפּגעשיקט געוואָרען מיט דער באַן קיין עפולה פאַר לייגען שאָסייען און באַן־רעלסען. מיר האָבען געהאַט אונזער אייגענע קיך, וואו מיר האָבען געפירט אַ גאַנצע באַלעבאַטישקייט. געשלאָפען האָבען מיר אין געצעלטען אויפ'ן אָפענעם פעלד.

„ווען עס האָבען אין 1921, פסח־צייט, פּלוצים אויסגעבראָכען די אומ־רוהען, זיינען אייניגע פון אונזער גרופּע געווען אין תל־אביב, וואו זיי האָבען פאַרבראַכט דעם יום־טוב. זיי האָבען זיך דאָרט באַלד אָנגעשלאָסען אָן די רייהען פון די באַשיצער. די איבעריגע פון דער גרופּע, וועלכע האָבען זיך

געפונען אויף זייער אַרבייטס־פּלאַץ אין סאראפאנד, האָבען זיך באַפעסטיגט ציזאַמען מיט די אַנדערע חברים פון מחנה, אויף צו פאַרטיידיגען דעם פּלאַץ אַנטקעגען אַנגריף פון די אַרומיגע אראבישע דערפער.

„נאָך אַ יאָר צוזאַמענלעבען איז זיך אונזער קבוצה צעפאַלען. די מייסטע חברים האָבען זיך צעשפּרייט איבער'ן לאַנד — אין דאָרף און אין שטאָט. איינער פון אונזערע באַליבטע חברים, יעקב שאַפּירא, אַ העלדישער בחור, איז געוואָרען אַ חבר אין קיבוץ „מרחביה", ער איז אָבער קראַנק געוואָרען אויפ'ן האַרצען און איז שפּעטער צוריקגעפאָרען צו זיינע עלטערען אין וואָלקאָוויסק, וואו ער איז אין יונגען עלטער געשטאָרבען. די מערהייט פון אונזערע חברים, פון דער „עליה שלישית", האָט קיינמאָל ניט אויפגעגעבען זייער אַרבייטס־אידעאַל. ניין־און־ניינציג פּראָצענט פון אונזערע ערשטע וואָלקאָוויסקער חברים, ווי אויך פון די וואָס זיינען געקומען נאָך זיי, לעבען פון אַרבייט אויף אַלע געביטען."

די וואָלקאָוויסקער אָפּטיילונג פון „החלוץ" האָט געדינט אַלס ראַיאָן־קאָמיטעט. הונדערטער חברים פון דער ציוניסטישער יוגענד אין וואָל־קאָוויסק און אין דער אומגעגענד האָבען דורכגעמאַכט זייער הכשרה דורך דער „החלוץ"־אָרגאַניזאַציע.

שוין אין יאָר 1920־1921 האָט די „החלוץ"־אָרגאַניזאַציע אין וואָלקאָ־וויסק אָנגעהויבען זיך צו באַשעפטיגען מיט טאבאק־פּלאַנטאַציעס אויף גרע־סערע שטחים באָדען — ניט ווייט פון אידישען שפּיטאָל. אין יאָר 1925־1926 איז געשאַפען געוואָרען אין וואָלקאָוויסק דער „בית החלוץ", אויף דער נייער געסעל, ביי רחל עיין אין הויז, וואו די מיטגלידער האָבען געפירט אַ קאָלעקטיוו לעבען און געאַרבייט ביי פאַרשיידענע פיזישע אַרבייטען אין שטאָט, ווי האָלץ־האַקען, בוי־אַרבייטען א. אַז. וו. קורץ נאָכדעם זיינען געשאַפען געוואָרען צוויי קיבוצים אין וואָלקאָוויסק, וועמעס מיטגלידער זיינען דאַן געווען באַשעפטיגט אין די וואָלקאָוויסקער טאַרטאַקען, מיהלען און ביי פאַרשיידענע אַנדערע אַרבייטען. דאָרט אויך האָבען חלוצים און חלוצות באַקומען זייער הכשרה פאַר ארץ־ישראל. די „החלוץ"־אָרגאַניזאַציע האָט געגרינדעט אין דער וואָלקאָוויסקער אומגעגענד אייניגע לאַנדווירטשאַפט־ליכע הכשרה־פּונקטען אויף קריסטליכע גיטער ווי אויך דעם באַקאַנטען הכשרה־פּונקט אין מיכאלאָווקע ביי לייזער מיכאלאָווקער (לייזער געצילע־וויטש). די וואָלקאָוויסקער חלוצים האָבען זיך אויך באַטייליגט אין די חלוצים־קבוצות, וועלכע האָבען זיך געפונען אין דאָרף כאַראשעוויטש, אין פּאָדראָיסק און אין יוזעף־פּאָליע.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַציהונג פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער

**באַפעלקערונג צו די חלוצים, איז העגאַך ווינעצקיים אַ ליד, וואָס טראָגט דעם נאָמען „צום חלוץ"** („געווידמעט דעם חבר דוד פאַרבער, צו זיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל") **און איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אינ'ם „וואָלקאָוויסקער לעבען"** (פונ'ם 20טען דעצעמבער 1929):

„פאָרסט — גיי וועלט צו בויען,
אונזער לעבען צו דערהויבען,
אונז באַנייען, אונז באַפרייען,
מיט דיין גרויסען טיפען גלויבען.

מיט אַ מעכטיג־שטאַרקען ווילען
אונזער לעבען צו פאַרבייטען,
אויף קרבנות גרייט, ענטשלאָסען
פאַר דעם לאַנד און פאָלק באַפרייטען.

פאָרסט — מיט לאַנד זיך צו באַהעפטען
און אויף אייביג זיין צוזאַמען,
ס'האָט נאָך באַדען זיך פאַרבענקט דיר,
ס'האָט פאַרבענקט זיך קינד נאָך מאַמען.

ס'שרעקט דיך ניט קיין שווערע ארבייט,
ס'שרעקט דיך ניט קיין שוויים פון שטערען,
וואו דו שטעלסט זיך — הויבט־אָן בליהען,
מדבר וועט גן־עדן ווערען.

מאַכסט — אין זאַמדען שפּראָצען גראָזען
און אויף פעלזען וואַקסען בלומען
און עס הערט זיך אין דער לופטען:
— ס'איז די אויסלייזונג געקומען!"

**צווישען די ערשטע עסקנים פונ'ם וואָלקאָוויסקער „החלוץ" זיינען געווען:** משה שאַפּיראָ'ס זוהן און זעליצקיים זוהן. **צווישען די הויפּט־טוער פונ'ם „החלוץ", אין פאַרשיידענע צייטען, זיינען געווען:** אברהמיעל נאָוויק, **די** ברידער סאָראָקאַ, משהיל שאַכנאָוויטש, דיטקאָווסקי, לייזער זאַמאָש־טשאַנסקי, טאַראַן, **די** ברידער פּאַווע, מענדעל סאָלאָמיאַנסקי, **די** ברידער פּיק, יערוסאַלימסקי (**דעם שוחט'ס זוהן**) ראַשע סעגאַל **און** יצחק שקאַרלאַט.

ס׳האָט אויך עקזיסטירט אין וואָלקאָוויסק דער „ה ח ל ו ץ ה מ ר כ ז י״, אַ חלוצישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געשטיצט געוואָרען פון׳ם רעכטען פליגעל אין ציוניזם. דער עהרען־פּרעזידענט פון׳ם „החלוץ המרכזי״ איז געווען אינזשעניר אפרים באַראַש, און פּרעזידענט — יועלוועל נאָוויק. צווישען די טיכטיגע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען: יוסף גאַנדז און איזי מינץ. די צענטראַלע פון׳ם „החלוץ המרכזי״ האָט אויפגעבויט אין דער געגענד פון וואָלקאָוויסק הכשרה־פּונקטען פאַר די „החלוץ־המרכזי״־מיטגלידער פון׳ם גאַנצען שטח פון׳ם פאַר־מלחמה׳דיגען פּוילען.

אין די לעצטע עטליכע יאָר פאַר׳ן אויסברוך פון צווייטען וועלט־קריג איז אין פאַרשיידענע לענדער, און קודם כל אין פּוילען, געשאַפען געוואָר׳ען אַ נייע חלוצישע אָרגאַניזאַציע אונטער׳ן נאָמען „ה ע ו ב ד״. דאָס האָט גלייך געפונען אַן אָפּקלאַנג אין וואָלקאָוויסק און אַן אָפּטיילונג איז אויך דאָרט געגרינדעט געוואָרען. אין דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציע האָבען זיך באַלד אָנגעשלאָסען אַרבייטס־מענשען, מיט זייערע פאַמיליעס, אין עלטער פון 30־45 יאָר. מענשען וואָס זיינען זינט זייער יוגענד געווען פאַרבונדען מיט דער ציוניסטישער באַוועגונג און האָבען זיך געוואָלט צוגרייטען פאַר׳ן ארץ־ישראל לעבען. די מיטגלידער פון „העובד״ האָבען — נאָך אַ געוויסער אויסבילדונג — געקענט באַקומען סערטיפיקאַטען פון זייער אָרגאַניזאַציע אויף צו פאָרען קיין ארץ־ישראל. ליידער זיינען אָבער אויך זייערע לעבענס אָפּגעשניטען געוואָרען איידער זיי האָבען זוכה געווען צו זעהן די פאַרווירקליכונג פון זייערע פּלענער.

אויך די רעוויזיאָניסטישע ריכטונג אינ׳ם ציוניזם איז געווען ווי געהעריג פאַרטראָטען אין וואָלקאָוויסק. ד׳ער הויפּט־טוער פון די וואָלקאָוויס־

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 143

## אַ גרופּע פון „ביתר״ אין יאָר 1938

ר׳עכטס צו לינקס, פון דער פאַרוואַלטונג אין צענטער רייהע: אַ אומבאַקאַנטער, אליעזר סוקעניק, רבקה מאַרקוס, בעריל וועלוועלסקי (קאָמאַנדיר), שמואל דוד לינעווסקי, הערשיל דניאל.

צווישען די אַנדערע געפינען זיך: מענדעל שטיינמאַן, לידסקי, חאַצקעלעוויטש, טענענבוים, מוליע יאַפע, עפּשטיין (פון סאָדע־וואַסער), משה מורשטיין, יהושע פּאַצאָווסקי, שערעשעווסקי, שאַרף, פּיטאָצקי, יצחק צמח, רחל פּילאַטאָווסקי, צילע מאַזאָוועד (פון די וואורשט), טשערנע ראָסיאַנסקי, גאָלדע ווערנער, זשאַמע מאַראַנץ, חאַשע באַיאַרסקי, גאָלדע מאַרקוס, חיה גאַלאַי, איידא און פאַניע מאַזאָוועד (פון פּאַפּיר־געשעפט), חיה סוקעניק, צירולניצקי, שאַלקאָוויטש, אסתר בעקענשטיין, ראָזע סוקעניק, רבקה ראָטפאָרד, סלוצקי, רחל מאַרקוס, דאָראָטשינסקי.



א גרופע פון „בית״ר״ אין יאָר 1938

נעמען אויף זייט 142

קער ציוניסטען רעוויזיאָניסטען איז געווען אינזשעניר יעקב שיפּיאַצקי. ביי דער וואָלקאָוויסקער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי האָבען אויך עקזיסטירט: די יוגענד־אָרגאַניזאַציע „ביתר", וואָס איז מייסטענס באַשטאַנען פון דער גימנאַזיאַלער יוגענד (מפקד הקן — ש. זאַן־מאַזיע); „מסדה", „ברית החיל" — אין וועלכער ס'זיינען געווען זעהר טעטיג דער אויבענדערמאָנטער אינזשעניר שיפּיאַצקי און אַפּל. נעזשעריצקי. די רעוויזיאָניסטען מיט זייערע סימפּאַטיקער האָבען אַוועק־געגעבען פיל צייט און ענערגיע פאַר'ן רעוויזיאָניסטישען פאָנד „קרן תל־חי".

אויף ווי ווייט וואָלקאָוויסק איז געווען אַ צענטער פאַר רעוויזיאָניסטישער טעטיגקייט ביז צו די סאַמע לעצטע יאָרען פאַר'ן צווייטען וועלט־קריג, איז צו זעהן פון דער פאָלגענדער באַקאַנטמאַכונג — וועגען אַ „קרייז־קאָנ־פערענץ פון הצה"ר און אַ כינוס פון בית"ר אין וואָלקאָוויסק" — וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אינ'ם „וואָלקאָוויסקער לעבען" פונ'ם 14טען מאי 1937:

„זונטאָג דעם 23טען ה. ח. וועט אין וואָלקאָוויסק פאָרקומען אַ קרייז־קאָנפערענץ פון הצה"ר און אַ כינוס פון בית"ר מיט דער באַטייליגונג פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי אין פּוילען רעד. י. קלאַרמאַן. אויפ'ן סדר־היום שטעהט אַ רייהע אַקטועלע פראַגען און עס ווערען דעריבער דערוואַרטעט אַ סך דעלעגאַטען און געסט פון דער פּראָווינץ".

אַ באַזונדערס־חשוב'ען פּלאַץ אינ'ם לעבען פון דער ציוניסטישער באַ־וועגונג אין וואָלקאָוויסק האָט פאַרנומען די וואָלקאָוויסקער ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע (געגרינדעט אין 1934) „וויצא", וועלכע האָט ענטוויקעלט אַ ברייטע קולטורעלע און געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט. די הויפּט־טוערינ'ס פון וויצ"א זיינען געווען: דר. יוכבד באַראַש — די פרוי פון אפרים באַראַש — פּרעזידענטין פון וויצ"א, פרוי חיה שרה יודזשיק, די פרוי פון נחום קראַל דעם אַפּטייקער, פייגעל (גאַליאַצקי'ס טאָכטער) און פרוי מאַסטקאָוו.

---

די וויצ"א פלעגט אָפט אַראַנזשירען אַ „באַזאַר" לטובת דעם קרן־קימת. די פרויען פון וויצ"א פלעגען צונויפזאַמלען די סחורות פאַר'ן באַזאַר ביי די וואָלקאָוויסקער קרעמער און אויך ביי די האַנדעלס־פירמעס פון אַנדערע שטעט — וואָס די וואָלקאָוויסקער קרעמער זיינען געווען זייערע קונדען.

די וויצ"א האָט אויך געשאַפען קורסען וועגען ציוניזם און אַראַנזשירט פאַרשיידענע לעקציעס אין „בית־עם". פורים און חנוכה פלעגט וויצ"א אויך איינאָרדענען פאַרשיידענע אונטערנעמונגען און בעלער — אין זאַל פון די



בלימעל־טאָג פאַר׳ן קרן־קימת

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **ראָזע קאַפּלאַן, אַרטשיק שאַפּיראָ, פריילין פרידמאַן** (דער מאָסטאַרקע׳ס טאָכטער); צווייטע רייהע: **איזאַק פּאווע, חנה דאָמבראָווסקי, פישעל מירסקי, יאַכע זאַפּאָליאַנסקי, רחל ריפּ, פריילין גורעוויטש**; דריטע רייהע: **א. נאָוויק, יצחק אַלפּערט, שלמה שיפּיאַצקי, זעליג קאַגאַן** (דעם שוחט׳ס).

פּייערלעשער. באַזונדערס פּאָפּולער זיינען געווען די וויצ״א־בעלער אויף וועלכע מען פלעגט וועהלען אַ „מיס יודעא וואָלקאָוויסק״. אויף איינעם פון די דאָזיגע בעלער איז ביילע גאַליאַצקי דערוועהלט געוואָרען אַלס שעהנ הייטס־קעניגין פון וואָלקאָוויסק.

אויסער דער אַראַנזשירונג פון פאַרשיידענע פאַראַנשטאַלטונגען פאַר׳ן קרן־קימת, קינדער ימים־טובים און פאַרוויילונגען, האָט די וויצ״א — לויט אַ מיטטיילונג אין „וואָלקאָוויסקער לעבען״ (פון יאָר 1930) — אויך איינגעאָרדענט אַ קינדער־פּלאַץ אין פאַרלויף פון די זומער־חדשים. די צייטונג שרייבט: „קרוב צו הונדערט קינדער, פון גאָר יונגע ביז שול־עלטער, פאַרברענגען טאָג־טעגליך אַ פיר־פינף שעה אויף דער פרייער לופט אין געזאַנג און שפּילעריי, אונטער דער אָנפיהרונג פון צוויי פרעבעליסטינס, וועלכע האָבען גלייך נאָכ׳ן ענדיגען דעם העברעאישען גננות־סעמינאַריום געווידמעט אין די אָפּרוה־חדשים זייערע כוחות און לערע פאַר אָט דער אַרבייט (אגב,

בײדע געװעזענע תלמידות פון די היגע העברעאישע פאָרבארײטונגס־חינוך־אַנשטאַלטען, װעלכע האָבען די ביכורים־אַרבײט זײערע געבראַכט פאַר די היגע קינדער)״.

ס'פאַרשטעהט זיך, אַז אין װאָלקאָװיסק — װאָס האָט פאַרמאָגט אַזאַ שטאַרקע און לעבעדיגע ציוניסטישע באַװעגונג — איז געזאַמעלט געװאָרען פיל געלד פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדען. נאָך אין יאָר 1929 האָט װאָלקאָװיסק געזאַמעלט פאַר'ן ק ר ן ־ ה י ס ו ד די סומע פון 9,545.63 זלאָטעס — כמעט דאָפּעלט װי אינ'ם פריהערדיגען יאָר (אין װעלכען ס'זײנען געזאַמעלט געװאָרען 5,463.20 זלאָטעס).

לויט אַ באַריכט פון יאָר 1932, איז דאַן דער פאָרזיצענדער פון קרן־היסוד געװען אינזשעניר אפרים באַראַש און דער װיצע־פאָרזיצענדער — צבי אינקער.

צוליב דער װיכטיגער ראָלע װאָס װאָלקאָװיסק האָט געשפּילט אינ'ם ציוניסטישען לעבען פונ'ם פּױלישען אידענטום, פלעגט װאָלקאָװיסק אָפט באַזוכט װערען דורך די װיכטיגסטע פאָרשטעהער פון דער פּױלישער ציוניסטישער באַװעגונג און אירע צענטראַלע אינסטיטוציעס. אַזױ, צום בײשפּיל, זײנען אין יאָר 1932 געקומען קײן װאָלקאָװיסק, אין די אינטערעסען פונ'ם קרן־היסוד, דער פאָרשטעהער פונ'ם קרן־היסוד־דירעקטאָריום פון פּױלען, ה' אשר קאָלאָדני, און דער באַריהמטער אידישער היסטאָריקער דר. מ. שיפּער, װעלכער האָט געהאַלטען אַ רעפעראַט.

אַזױ שפּעט װי אין יוני 1939 — קורץ פאַר'ן אױסברוך פונ'ם צװײטען װעלט־קריג, װעלכער האָט פאַראורזאַכט דעם אונטערגאַנג פון דער װאָלקאָװיסקער אידישער קהילה — איז געקומען קײן װאָלקאָװיסק, אין די אינטערעסען פונ'ם קרן־היסוד, דער פאָרשטעהער פונ'ם קרן־היסוד דירעקטאָריום פון פּױלען יעקב ביאַלאָפּאָלסקי. דער פאָרזיצער פונ'ם װאָלקאָװיסקער קרן־היסוד איז דעמאָלסט געװען צבי אינקער. ביאַלאָפּאָלסקי האָט גערעדט אױף דער טעמא: „אונזער ענטפער אױפ'ן װײסען־בוך״. צװישען די זאַמלער פאַר דער קרן־היסוד אַקציע פון יענעם יאָר האָבען זיך באַזונדערס אױסגעצײכענט: צבי אינקער, משה רובינאָװיטש (קהלה־פּרעזעס), אַנשעל בליאַכער, דר. שלמה מאַנדעלבױם, דוד סאָליסטאָװסקי, יוסף װינאָגראַדסקי, דר. אײזיק װײנבערג, הי װאָלפּסטאַל (דירעקטאָר פון דער „תרבות״־גימנאַזיע) און ה. װאָלקין.

אױף פאַר'ן ק ר ן ־ ק י מ ת האָבען די װאָלקאָװיסקער ציוניסטישע עסקנים געאַרבײט טרײ און איבערגעגעבען. שױן אין יאָר 1925 איז געזאַמעלט געװאָרען אין װאָלקאָװיסק פאַר'ן קרן־קימת די סומע פון 8,700



מיטגלידער פון „קרן־קימת” קאָמיטעט אין יאָר 1924
רעכטס צו לינקס: שמואל מאַרקוס, אלחנן יאַשפּע, משה ליפשיץ, שלמה שיפּיאַצקי.

**זלאָטעס, און אין יאָר 1930 — 9,231 זלאָטעס.**

**צווישען די עסקנים פונ׳ם ק ר ן ־ ק י מ ת אין פאַרשיידענע צייטען זיינען געווען:** מ. לעוו, י. שיפּיאַצקי, א. שאַליוטא, יודעל נאָוואָגרודסקי, ד. קאַפּלאַן, וו. נאָוויק, י. גאַנדז, ל. טרינסקי, יצחק יודזשיק, ה. קאָוועגסקי, ק. גאָוואַרין, משה שאַפּיראָ **(וואָס איז אין משך פון אַ באַשטימטער צייט געווען קאסיר פונ׳ם וואָלקאָוויסקער קרן־קימת)**, אהרן ליפשיץ, פּרל. מאָסטקאָוו, וואַלד, יצחק שקאַרלאַט, ב.בעקענשטיין, י. גאָלדריי **און** מרדכי טאַרמאַ.

**גאַנצע דורות זיינען אין וואָלקאָוויסק דערצויגען געוואָרען אויף די אי־דעאַלען פונ׳ם קרן־קימת — פונ׳ם פאָנד וואָס לייזט אויס דעם ארץ־ישראל־באָדען פון פרעמדע הענט און פאַרוואַנדעלט אים אַלס דאָס אייגענטום פונ׳ם גאַנצען אידישען פאָלק. אַזוי, צום ביישפּיל, געפינען מיר צווישען די וואָל־קאָוויסקער טוער פונ׳ם קרן־קימת, אין פאַרשיידענע עפּאָכען, די נעמען פון** שלום באַראַש **און פון זיין זוהן אינזשעניר** אפרים באַראַש.

**אין וואָלקאָוויסק פלעגען אויך פאָרקומען ראַיאָן־קאָנפערענצען פונ׳ם קרן־קימת, אין וועלכע ס׳פלעגען זיך באַטייליגען די הויפּט־פיהרער פונ׳ם קרן־קימת אין פוילען.**



מיטגלידער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער
יוגענט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה"

רעכטס צו לינקס — ערשטע רייהע, פון אונטען: חנוך פיק, גאָטליב, ראָזענבלום, דוד אַראָנסאָן; צווייטע רייהע, זיצען: מיניע גרינגאַס, חנה פרידלאַנדער, חיה ראָכקין, אברהם נאָוויק (לייטער און פאָרזיצער), טייבעל מאָפּסיק, פעסיע מאָרדעצקי, יהודה גאַלאַי. דריטע רייהע, שטייען: ריווע ראָק, אסתר גאַלאַי, מיניע יעלין, פייגעל ראָטבערג, אסתר גאָשטשינסקי, עטעל ליכטין, חאַסיע וויינשטיין, אהרן סוקעניק; לעצטע רייהע: גדעון פיק, בתיה שטיינמאַן, גדליהו קאַפּלאַן, דבורה ראָזענבלום, ראָסיאַנסקי, פרומע שאַברינסקי, לייבאָוויטש, אליעזר מינקאָוויטש.

ווי מיר האָבען שוין פריהער באַמערקט, פלעגען די וואָלקאָוויסקער ציוניסטישע עסקנים איינאָרדנען אין דער צייט פון די אידישע יום־טובים גרויסע פייערונגען, וועלכע פלעגען דינען אַלס אַווירקזאם מיטעל צו פאַרשפרייטען דעם ציוניסטישען אידעאַל און אויך אַלס אַ וויכטיגער מקור פון פינאַנציעלער איינקונפט פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדען. באַזונדערס אימפּאָזאנט פלעגט זיין די טראַדיציאָנעלע ל״ג־בעומר־פייערונג, וועלכע פלעגט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ גרויסער מאַניפעסטאַציע פון דער וואָלקאָוויסקער ציוניסטישער יוגענד און איבערלאָזען אַ שטאַרקען איינדרוק אויף דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג. אזוי, צום ביישפּיל, לעזען מיר אין׳ם „וואָלקאָוויסקער לעבען" (נומער 112) וועגען דער „גראַנדיעזער ל״ג־בעומר־פייערונג", וועלכע איז פאָרגעקומען אין יאָר 1929:

„אָנגעהויבען האָט זיך די פייערונג מאָנטאָג פאַרנאַכט, ערב ל״ג־בעומר,



מיטגלידער פון דער ציוניסטיש־רעליגיעזער יוגענט־אָרגאַניזאַציע „השומר הדתי" אין יאָר 1935

רעכטס צו לינקס — ערשטע רייהע פון אונטען: ברוך־מרדכי (פאַמיליע־נאָמען אומבאַ־קאַנט), אַ אומבאַקאַנטער, עפשטיין, חיים עוזר איינהאָרן, יהודה ראָסיאַנסקי, ברוך אָרלאַנסקי; צווייטע רייהע: גורוויטש, באַיער, ליובע ווינעצקי, ווינעצקי (אַ שוועסטער), קאַפּעלושניק; דריטע רייהע, זיצען: מרדכי קאָפּטשעווסקי, מיכאל גאַלאַי, זעליג קאַגאַן (דעם שוחט'ס), גדליהו לעווין, סענדער קאַפּלאַן, מנחם בינקאָוויטש, יהושע לינעווסקי, הענאַך ראַפּאָפּאָרט.

פערטע רייהע, שטייען: גאַלאַי, פּיסעצקי, מאַרקוס, עפשטיין, מלכה לעווין, קאַנטאָר, אַ אומבאַקאַנטע, שוואַרץ, יונאָוויטש, ווינעצקי, ווינעצקי (אַבא יהודה'ס טעכטער); לעצטע רייהע, שטייען: דער ערשטער — משה קאָסאַווסקי; דער לעצטער — חיים קאַפּלאַן (פון דער ברייטער גאַס); די איבעריגע אין דער רייהע זיינען ניט דערקענבאַר.

דורך אַ צאַפּשטיק פון „השומר הצעיר" מיט'ן פייערלעשער־אָרקעסטער בראש איבער די גאַסען פון שטאָט.

„ל"ג־בעומר אינדערפריה איז פאָרגעקומען אַ פייערליכע אַקאַדעמיע אין דער גרויסער שוהל, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַ תפילה פון שו"ב ר' ישראל ראובן קאַגאַן. ה' שקאַרלאַט האָט געהאלטען אַ טעמפּעראַמענט־פולע און גלענצענדע רעדע אין העברעאיש מעניני־דיומא און דער כאָר, אין דער באַגלייטונג פון אָרקעסטער, האָט געזונגען נאַציאָנאלע לידער.

„נאָכדעם האָט זיך פאָרמירט אַ צוג פון דער גאַנצער היגער שול־יוגענד מיט די ציוניסטישע יוגענד־אָרגאַניזאַציעס „השומר הצעיר", „החלוץ" און „גורדוניה" מיט זייערע פענער און טראַנספּאַראַנטען, וועלכער האָט דורכ־



קאָמיטעט מיטגלידער פון וואָלקאָוויסקער „החלוץ" צוזאַמען מיט אַ גרופּע חלוצים פון לאָדזש

פון די וואָלקאָוויסקער געפינען זיך אויפ'ן בילד די פאָלגענדע:
רעכטס צו לינקס — צענטער רייהע, זיצען: צוויי לאָדזשער, וועלוועל טאַראַן, יצחק פּאַווע, וועלוועל נאָוויק (פאָרזיצער פון „החלוץ" אין וואָלקאָוויסק); לעצטע רייהע, שטייען: 4 לאָדזשער חלוצים, איזע מינץ, ראַשקע סעגאַל, אַ לאָדזשערין, יוסף גאַנדז, חיים מאָרדעצקי.

נעמאַרשירט די גאַסען בראש מיט'ן אָרקעסטער צו די בורקעס.

„קומענדיג אין וועלדעל, האָט זיך די יונגוואַרג זעהר גוט געוויילט דעם גאַנצען טאָג אין געזאַנג און טענץ און פאַרנאַכט צוריק מאַרשירט אין שטאָט.

„נאָך א דעפּיליאַדעביים שוהל־הויף האָט זיך דער צוג פאַנאַנדער־געלאָזען.

„די דורכפיהרונג פון די פייערונגען איז געווען אַ מוסטערהאַפטע אַ דאַנק דער ענערגישער אָנפיהרונג פון דער היגער קרן־קימת־קאָמיסיע מיט'ן מורשה, ה' זעליג קאַגאַן, בראש און דער באַטייליגונג פון דעם ספּעציעל־געשאַפענעם דערצו ל"ג־בעומר־קאָמיטעט."

פון אַ פריהערדיגען נומער (111) פונ'ם „וואָלקאָוויסקער לעבען" ווערען מיר געוואויר, אַז ס'איז יענעם ל"ג־בעומר דורכגעפיהרט געוואָרען אַ „ספּעציעלע געלד־זאַמלונג אין שטאָט" און אויך „אַ איין־טאָגיגע שפּאָר־אַקציע צווישען דער אַרבייטענדער אינטעליגענץ לטובת דעם „קרן־קימת־לישראל".



אַ פּאַראַד פון „השומר הצעיר" אויף דער ברייטער גאַס

צו די ל"ג־בעומר־פייערונגען זיינען אויך געקומען אויף אַ אויספלוג אַלע שומרים פון וואָלקאָוויסקער קרייז.

אַ עהנליכע שילדערונג פון אַ וואָלקאָוויסקער ל"ג־בעומר־פייערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַן אַנדער יאָר, געפינען מיר אינ'ם „וואָלקאָוויסקער לעבען":

„די היי־יאָריגע פייערונג לכבוד ל"ג־בעומר, איינגעאָרדענט דורכ'ן היגען קרן־קימת־קאָמיטעט, איז געווען אויסערגעוועהנליך אימפּאָזאַנט און מוסטערהאַפט, אַזוי אַז עס האָט אַרויסגערופען ביים צושויער־עולם, ווי אידען אזוי קריסטען, גרויס התפעלות.

„עס איז געווען אַ אמת'ער נאַציאָנאַלער יוגענד־יום־טוב אין פולען זין פון וואָרט.

„אָנגעהויבען האָט זיך די פייערונג נאָך מאָנטאָג אָוונד מיט אַ מאַרש איבער די גאַסען דורכ'ן "השומר הצעיר" מיט אַ בלאָז־אָרקעסטער בראש.

„דינסטאָג פריה, האָט דער „השומר" מיט זיין שטאַנדאַרט, ווי אויך „גורדוניה", מיט זייערע לייטענדע פערזאָנען, און די אידישע שול־יוגענד פון דער העברעאישער גימנאַזיע „הרצליה", העברעאישער שול, תלמוד־תורה, בית־יתומים, פריוואַטע חדרים און גן־ילדים מיט די לעהרערס און לעהרערינס זיך פאַרזאַמעלט אויפ'ן שוהל־הויף, זיך צעשטעלט גרופּענווייז אין רייהען מיט אידישע נאַציאָנאַלע און פוילישע פאָנען און פון דאָרטען האָט דער הערליכער, פאַרשיידענפאַרביגער און לאַנגער צוג מאַרשירט איבער די גאַסען אונטער די קלאַנגען פון אָרקעסטער אין דער ריכטונג צו די „בורקעס".

„די מוסטערהאַפטע אָרדנונג, די אויסגעהאַלטענקייט אין גאַנג, דער שעהנער, זויבערער אוניפאָרם פון „השומר״־יוגענד, און איבערהויפט די לייכטע, טאַקטיש־דיסציפּלינירטע און שטאָלצפולע טריט פון די שומרים האָבען געמאַכט אַ קאָלאָסאַלען איינדרוק אויף דעם ארומיגען נייגיריגען עולם, וואָס האָט ממש אָנגעקוואָלען קוקענדיג.

„אין די ,בורקעס׳ האָט דער צוג געלאַגערט דעם גאַנצען טאָג און פאַר־בראַכט אין געזאַנג און פארשיידענע פאַרוויילונגען.

„זעקס פאַרנאכט איז די גאַנצע יום־טוב׳דיג־געשטימטע מאַרשירענדע יוגענד צוריקגעקומען פון וואַלד און נאָך אַ דעפּיליאַדע ביים שוהל־הויף, האָט זיך דער גראַנדיעזער צוג אויפגעלייזט, איבערלאָזענדיג אַן איינדרוק פון אומ־געהויערען עקסטאַז און באַגייסטערונג אויף די באַטייליגטע״.

די נאַציאָנאַל־געזאַנגענע אידישע באַפעלקערונג פון וואָלקאָוויסק האָט ממש געלעבט און געאָטעמט מיט׳ן אידישען ישוב אין ארץ־ישראל. יעדע וויכטיגע געשעהעניש אין ארץ־ישראל האָט באַלד געפונען איר אָפּקלאַנג אין וואָלקאָוויסק און שטאַרק באַאיינפלוסט דאָס וואָלקאָוויסקער אידישע לעבען. אַן אינטערעסאַנטע שילדערונג וועגען דעם אָפּרוף פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג אויף די אַנטי־אידישע אומרוהען אין ארץ־ישראל, אין יאָר 1929, געפינען מיר אינ׳ם „וואָלקאָוויסקער לעבען״ (פונ׳ם 6טען סעפּ־טעמבער 1929). מיר ווילען דאָ ברענגען די דאָזיגע שילדערונג — וואָס טראָגט דעם נאָמען „וואָלקאָוויסק אונטער׳ן רושם פון די בלוטיגע געשעהעני־שען אין ארץ־ישראל״ — מיט קליינע השמטות:

„אין דער געדריקטער שטימונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע היגע אידישע באַפעלקערונג צוליב די איוב־בשורות, וואָס האָבען זיך געטראָגען פון ארץ־ישראל, איז סוף פאַריגע וואָך אַריינגעטראָטען אַ געוויסע באַרוהיגונג, אַ דאַנק די גינסטיגערע ידיעות פון די וואַרשעווער צייטונגען.

„אָבער שוין שבת האָט זיך די שטימונג ווידער פאַרערגערט צוליב די ראַדיאָ־קאָמוניקאַטען וועגען דער שרעקליכער בלוט־באָד, וואָס די ווילדע אראַבער האָבען אָנגעמאַכט אין צפת.

„אונטער׳ן פרישען רושם פון דער דאָזיגער נייער שחיטה איז טאַקע אַדורכגעגאַנגען די פאַרזאמלונג פון אַ גרעסערער צאָל היגע בעלי־בתים, וואָס איז צונויפגערופען געוואָרען שבת־צו־נאַכטס אין לאָקאַל פון בית־יתומים, דורך דער איניציאַטיוו פון די ציוניסטישע גרופּירונגען, קהלה און ראַבינאַט מיט׳ן צוועק צו שאַפען אַ הילפס־קאָמיטעט לטובת די געליטענע.

„ — — — ס׳איז אויפ׳ן אָרט געשאַפען געוואָרען אַ סומע פון העכער 300 דאָלאַר און ס׳איז געבילדעט געוואָרען אַ קאָמיטעט פון 30 פערזאָן. תיכף

נאָך דער פאַרזאַמלונג האָט דער קאָמיטעט אָפּגעהאַלטען זיין ערשטע קאָנ־סטרואירונגס־זיצונג. אַלס פאָרזיצער איז אויסגעוועהלט געוואָרען הרב רי יצחק קאָסאָווסקי; וויצע־פאָרזיצער — א. שלאָסבערג, אליעזר שאליוטע און עוזר קאַפּלאַן; קאַסיר — אינזש. א. באַראַש.

„— — — אין משך פון דער וואָך האָבען די קאָמיטעט־מיטגלידער באַזוכט די אידישע הייזער און געזאַמעלט ביז 800 דאָל. — — — די היגע אידישע באַפעלקערונג, אָן אונטערשייד פון שטאַנד און ריכטונג, האָט פאַר־שטאַנען איר חוב, וואָס זי האָט צו דערפילען לגבי די געליטענע אין ארץ־ישראל, און ארויסגעוויזען אַן אמת׳ען ברידערליכען מיטגעפיהל, אנטקעגענ־קומענדיג די זאַמלער מיט גרעסערע אָדער קלענערע ביישטייערונגען — — — יעדערער לויט זיינע מעגליכקייטען.

„מאָנטאָג איז אין דער גרויסער שוהל פאָרגעקומען אַ גראַנדיעזער פראָ־טעסט־מיטינג געגען די בלוטיגע געשעהענישען אין ארץ־ישראל. דערביי זיינען די קראָמען און וואַרשטאַטען פון 4 אַזייגער נאָכמיטאָג געשלאָסען גע־וואָרען אין דער גאַנצער שטאָט.

„נאָכדעם ווי דער חזן ה׳ סטאַשעווסקי פון באַראַנאָוויטש האָט געזאָגט די געהעריגע קאַפּיטלעך תהילים, האָט דער רב געמאַכט אַ הספד נאָך די געפאַלענע קדושים אין אונזער הייליגען לאַנד. דער הספד, וואָס האָט גע־דויערט אריבער צוויי שעה, איז געווען אַ אמת׳ע מייסטערווערק און האָט ארויסגערופען ביים דריי־טויזענט־קעפּיגען עולם אַ ביטערען געוויין.

„באַזונדערס האָט דער עולם אויסגעבראָכען אין אַ הילכיגער יללה בעת דער הזכרה נאָך די קדושים, וואָס דער חזן סטאַשעווסקי האָט געמאַכט. פיל האָבען גע׳חלש׳ט, איבערהויפּט די פרויען אין עזרת־נשים.

„נאָך דער הזכרה האָט דער רב ווידער גערעדט און אויפגעפאָדערט אַלע־מען צו גרעסערע מעשים פאר ארץ־ישראל, וואָס וועט זיין — זאָגט ער — אונזער בעסטער ענטפער אויף די ווילדע אָנפאַלען פון די אראבער.

„ס׳האָבען אויך גערעדט ה׳ יהודה נאָוואָגרודסקי און דער חלוץ משה ווײַנמאַן פון דער קבוצה אין הויף שושטשיק, לעבען וואָלקאָוויסק, און עס זיינען אָנגענומען געוואָרען געהעריגע פּראָטעסט־רעזאָלוציעס.

„מיט׳ן געזאַנג פון „התקוה״ איז דער מיטינג אויפגעלייזט געוואָרען.״

אויך אין דער צייט ווען די ענגלישע מאַכט האָט (אין יאָר 1939) פאַר־עפענטליכט דעם „ווייסען פּאַפּיר״ מיט זיינע גזירות אַקעגען ישוב האָט וואָל־קאָוויסק געשטורעמט מיט אויפרעגונג און פּראָטעסט.

אָט אזוי האָט אין וואָלקאָוויסק געברויזט אַ פיל־פאַרביגע ציוניסטישע טעטיגקייט. ס׳איז ניט געווען קיין איין צווייג פון דער ציוניסטישער וועלט־

באַוועגונג וואָס האָט ניט געהאַט קיין אָפּטיילונג אין וואָלקאָוויסק, און די וואָלקאָוויסקער אידישע באַפעלקערונג איז געווען רייך אין שאַפענדע און פּראָדוקטיווע עלעמענטען אויפ׳ן געביט פון קולטורעלער און ציוניסטישער טעטיגקייט.

ס׳איז דאָ כדאי צו דערמאָנען דאָס הויז וואו ס׳האָט זיך אין די יאָרען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה קאָנצענטרירט די אזוי־פאַרצווייגטע חלוצישע, קולטורעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע ציוניסטישע טעטיגקייט פון וואָלקאָוויסק — דער „ב י ת ־ ל ח ם" אויפ׳ן שוהל־הויף. די געביידע איז נאָך פריהער אויפגעשטעלט געוואָרען דורך דעם באַוואוסטען וואָלקאָוויסקער נדבן נחום העלער. אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און באַלד נאָך יענער מלחמה האָט דער בנין געדינט אַלס אַ ביליגע קיך פאַר דער אָרימער אידישער באַפעלקערונג פון וואָלקאָוויסק, ספּעציעל פאַר די אָרימע קינדער. די קיך איז דאַן אונטערגעשטיצט געוואָרען דורכ׳ן „דזשאָינט" און דורך פּריוואַטע אידישע נדבנים. דער דאָזיגער בנין איז געווען אין אָנהויב אונטער דער אויפזיכט פון לייב העלער (ברודער פון נחום העלער) און דערנאָך פון אהרן ליפשיץ (נחום העלער׳ס שוואָגער). די גאַנצע געביידע איז שפּעטער איבערגעגעבען געוואָרען דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין איר האָבען זיך קאָנצענטרירט די ביוראָס פון קרן קימת, קרן היסוד, די אַלגעמיינע „החלוץ"אָרגאַניזאַציע, די ציוניסטישע יוגענד־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה", די „השומר־הצעיר"־אָרגאַניזאַציע, די וואָלקאָוויסקער אָפּטיילונג פון ארץ־ישראל אַמט אין פּוילען, די עפענטליכע העברעאישע „תרבות"־ביבליאָטעק, און פילע אַנדערע ציוניסטישע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס. דאָרט האָט שטענדיג געברויזט מיט אַ פול־בלוטיג ציוניסטיש לעבען.

וואָלקאָוויסק איז אָפט באַזוכט געוואָרען דורך די גרעסטע ציוניסטישע פירער פון ארץ־ישראל און פון אנדערע לענדער, וועלכע פלעגען אַהין קומען האַלטען רעדעס לטובת די נאַציאָנאַלע פאָנדען און דעם ציוניסטישען אידעאַל, און זיי האָבען שטענדיג צוגעצויגען אַ גרויסען ענטוזיאַסטישען עולם. אין דעם גרויסען בראַך וואָס האָט געטראָפען דאָס פּוילישע אידענטום איז אויך דאָס קאָכעדיגע וואָלקאָוויסקער ציוניסטישע לעבען אָפּגעמעקט געוואָרען פון גאָט׳ס ערד.

# דער וואָלקאָווויסקער "בונד"

באַזירט אויף דער אינפאָרמאַציע וואָס איך האָב באַקומען פון ביילע רבקה קושניר־כהן (טאָכטער פון בערעל שמחה'ס), היימאַן שאַלקעס (כהן), משה'קע כתריאל'ס (זאיעץ) און שמואל ראַטבאַרט (כודאַזשניק)

דער "בונד" האָט אין דער וואָלקאָווויסקער אידישער געזעלשאַפטליכ־קייט געשפּילט אַ אָנגעזעהענע ראָלע. אין יאָר 1939, קורץ פאַר'ן לעצטען וועלט־קריג, האָט דער "בונד", אין די וואַהלען צום וואָלקאָווויסקער שטאָט־ראַט, געצויגען ביי אַ דריי טויזענט שטימען, און ס'זיינען דאַן דערוועהלט געוואָרען דריי בונדיסטישע ראַטמענער: ש. ראַוויצקי, יצחק מערקין (דער לערער) און ל. שלאָסבערג (פון דער ציגעלניע). די פאָרשטעהער פון'ם "בונד" אין דער קהלה זיינען געווען: ש. לעוו, דער קצב שעוואַכאָוויטש און ליפשיץ. דער "בונד" האָט געהאַט אין וואָלקאָווויסק אַ אייגענעם לאָקאַל און אָנגעפירט אַ פיבערהאַפטע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט — אָרגאַניזירט פאַרזאַמלונגען, לעקציעס, אָוונדען, דיסקוסיעס, אויספלוגען, א. אַז. וו.

ס'האָבען אויך אין די לעצטע יאָרען פאַר'ן צווייטען וועלט־קריג עקזיס־טירט ביים וואָלקאָווויסקער "בונד" די בונדיסטישע יוגענד־אָרגאַניזאַציע "צוקונפט", די בונדיסטישע קינדער־אָרגאַניזאַציע "סקיף" און דער בונדיס־טישער ספּאָרט־פאַראיין "מאָרגענשטערן". אָט די אַלע בונדיסטישע גרופּירונגען זיינען געווען זעהר טעטיג אויפ'ן קולטורעלען און געזעלשאַפטליכען געביט.

## די געשיכטע פון דעם וואָלקאָווויסקער "בונד"

די געשיכטע פון'ם "בונד" אין וואָלקאָווויסק איז ענליך צו דער געשיכטע פון "בונד" אין הונדערטער שטעט און שטעטלעך פון פוילען און ליטע. אָנהויבענדיג אין אָנפאַנג פון דעם צוואַנציגסטען יאָרהונדערט אַלס אַ קליינער "קרחשאָק" (קרייזעל), האָט ער זיך שפּעטער צעוואַקסען אין אַ מעכטיגער אָרגאַניזאַציע מיט אַ פאַרצווייגטען פאַרטיי־אַפּאַראַט, וואָס האָט ארויפגעלייגט זיין שטעמפּעל אויפ'ן לעבען פון אַ באַדייטענדען טייל פון דער וואָלקאָווויסקער אידישער באַפעלקערונג. ס'איז דעריבער, לויט אונזער מיי־נונג, כדאי דאָ צו געבען אַ קורצען איבערבליק איבער דער גרינדונג און אַנטוויקלונג פון'ם וואָלקאָווויסקער "בונד".

ביים סוף פונ'ם ניינצעהנטען יאָרהונדערט האָט וואָלקאָוויסק געצעהלט אַ פּאָר הונדערט אידישע אַרבייטער; אַ טייל פון זיי איז געווען באַשעפטיגט אין יאַנאָווסקי'ס טאַבאַק־פאַבריק, אין די ביער־ברויערייען, אין בלאָכ'ס גאַרבאַרניע, און אַ טייל איז באַשטאַנען פון געזעלען — לערן־אינגלעך ביי שוסטערס, שניידערס און אַנדערע בעלי־מלאכות. דער צושטאַנד פון די אַרבייטער און געזעלען איז געווען אַ טרויעריגער. אמת, די געזעלען זיינען כאָטש געווען זיכער מיט זייער אָרימען מאָלצייט, וואָס זיי האָבען באַקומען ביים מייסטער, אָבער די צרה איז געווען וואָס דער מייסטער האָט זיי באַ־טראַכט, איבערהויפּט אין די ערשטע יאָרען, ווי שיק־אינגלעך. זיי האָבען געדאַרפט רייניגען דאָס הויז, אַרויסהעלפען דער בעל־הבית'טע אין איר הויז־ווירטשאַפט, פאָלגען אַ גאַנג און טאָן כל'ערליי שווערע אַרבייטען איידער דער בעל־מלאכה האָט זיי אָנגעהויבען לערנען דעם פאַך. דערצו האָבען נאָך די געזעלען געמוזט אַרבייטען שבת־צו־נאַכטס. גלייך נאָך הבדלה, ווען מען האָט אין די בתי־מדרשים אָפּגעדאַווענט מעריב, פלעגען זיך די געזעלען מוזען אומקערען, ווי דער רשע אין גיהנום, אין די פינסטערע וואַרשטאַטען. אייך דער גורל פונ'ם אַרבייטער איז ניט געווען קיין פיל בעסערער. אויך ער פלעגט דאַרפען אָפּפינסטערען לאַנגע שטונדען יעדען טאָג פאַר אַ קלאָגע־דיגען געהאַלט.

## דער קאַמף פון די לערן־אינגלעך מיט די בעלי־מלאכות

נאָך דער ענטשטעהונג פון „בונד" — אין ווילנע אין יאָר 1897 — הויבט אָן דער אידישער אַרבייטער אין וואָלקאָוויסק צו דערוואַכען. עס דערגעהען צו אים גרוסען וועגען אַרבייטער־סטרייקען אין די גרויסע שטעט. אין די זומער־חדשים קומען אַראָפּ קיין וואָלקאָוויסק פון ווילנע און פון אַנדערע שטעט סטודענטען, לערער און סתם אינטעליגענטען, וואָס זיינען געווען פאַרמישט אין רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייטען, און זיי הויבען אָן אַ אויפקלערונגס־אַרבייט צווישען די האָרעפּאַשניקעס און דערמוטיגען זיי צו קעמפען פאַר בעסערע אַרבייטס־באַדינגונגען און אַ העכערען לוין און וועקען צווישען זיי דעם קלאַסען־באַוואוסטזיין.

דער ערשטער סטרייק אין וואָלקאָוויסק איז אויסגעבראָכען אונטער דעם

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 157

## אַ גרופּע „בונד"־טוער אין יאָר 1905

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, זיצען: הערשעל צוקערמאַן, זיידעל דער איינבינ־דער, יוסף קאַפּיטאַן (ליקאָווסקי), משה יאָסיל דער קירזשנער, מיכאל זאַן־מאַזיע; צווייטע רייהע, שטייען: משה כתריאל'ס (זאַיעץ), בעריל קאַרפּאָוויטש, חיים שאלקע (כהן), משה'קע דער ביין־טאָקער, ישראל דער שלאָסער (פון דער נייער געסעל).



נעמען אויף זייט 156

א גרופע „בונד"-טוער אין יאר 1905

לאָזונג: „אַרונטערנעמען די שבת־צו־נאַכטס׳ען“! די בעלי־מלאכות האָבען אָבער ניט געוואָלט נאָכגעבען און האָבען באַקעמפט די אָנפירער פון סטרייק. איינציגע פון די „שטאַרקע“ יונגעלייט אין שטאָט האָבען געהאָלפען די בעלי־מלאכות און האָבען אָנגעבראָכען די ביינער פון די „בונטאָווטשיקעס“. אַזאַ מין געשלעג איז איינמאָל אויסגעבראָכען אין פאָליש פון דער שוהל ביי „נתנה תוקף“. אָבער די יונגע אַרבייטער האָבען זיך צוגעגרייט און אַראָפּ־געבראַכט הילף פון די אַרומיגע שטעטלעך און גובר געווען די בעלי־מלאכות מיט זייערע העלפער די „שטאַרקע“. אַ טייל פון די „שטאַרקע“ האָט דאַן חרטה געקראָגען און צוגעשטאַנען צו די יונגע „בונטאָווטשיקעס“. סוף־כל־סוף האָבען די געזעלען געוואונען זייער קאַמף און די אַרבייט אין שבת־צו־נאַכטס׳ען איז בטל געוואָרען.

דער דאָזיגער זיג האָט דערמוטיגט די וואָלקאָוויסקער אידישע אַרבייטער און זיי האָבען זיך אָנגעהויבען אָרגאַניזירען אויף אַ ברייטען מאַסשטאַב. ס׳האָט זיך גראַד געמאַכט, אז ס׳איז דעמאָלט ארונטערגעקומען קיין וואָל־קאָוויסק אַ סטודענט פון ווילנע, חיים נעמזער, וועלכער האָט צוליב די צאַ־ריסטישע גזירות פאַרלוירען די מעגליכקייט פאָרצוזעצען זיין שטודיום אין דאָרטיגען אוניווערזיטעט. ער איז געוואָרען אין וואָלקאָוויסק אַ לערער פון רוסיש. ער האָט זיך אריינגעוואָרפען מיט לייב־און־לעבען אין דער אַרבייט פון אָרגאַניזירען די אידישע אַרבייטער און ער איז געוואָרען דער פירער פון דעם וואָלקאָוויסקער „קרוזשאָק“.

## אָנהויב פון „קרוזשאָק“

דער „קרוזשאָק“ האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירען די אַרבייטער — סיי די וועלכע האָבען געאַרבייט ביי פאַרשיידענע בעלי־מלאכות אין סיי די וועלכע האָבען געאַרבייט אין די פאָר פאַבריקען וועלכע זיינען דעמאָלסט געווען אין שטאָט — און זיי צו דערציהען אַלס באוואוסטזיניגע מענשען צו קעמפען פאַר אָנשטענדיגע לעבענס־באַדינגונגען פאַר זיך און פאַר אַ בעסערער צוקונפט פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

די גרינדער פונ׳ם „קרוזשאָק“ האָבען געשטרעבט ניט נאָר צו פאַר־בעסערען די מאַטעריעלע לאַגע פון די אַרבייטער נאָר אויך אויפצוהויבען די אַרבייטער אויף אַ העכערער גייסטיגער שטופע און פאַרשפרייטען צווישען זיי בילדונג און אויפקלערונג. צו דעם צוועק האָבען זיי געגרינדעט אַ ביב־ליאָטעק, אין וועלכער ס׳האָבען זיך געפונען פאַרשיידענע בעלעטריסטישע ווערק און אויך פאָפולער־וויסענשאַפטליכע און פאָליטישע ביכער און בראָ־שורען — לעגאַלע און אומלעגאַלע. אין יענער צייט, אין אָנהויב פונ׳ם



**אַ גרופּע חברות פון „בונד" אין יאָר 1917**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: מייטע פּעקאַרסקי, ראָניע פּאָנאַר, גיטעל באַיער, חאַמקע לעוו, לאה׳קע ראַביץ; שטייען: פּעשע קאַפּלאַן, (דוד הירשעלס), איטקע פון פּאָרזעווע, ראָזע לעוויט.

צוואַנציגסטען יאָרהונדערט, האָט די ביבליאָטעק געדינט ווי אַ גוט מיטעל אויף צו־צוציהען קאַנדידאַטען פאַר דער ארבייטער־באַוועגונג. די אָנפירער פון דער ביבליאָטעק פלעגען אין אָנפאַנג געבען די נייע לעזער ביכער פון אלגעמיינעם אינטערעס — ראָמאַנען און דערצעהלונגען פון זשול ווערן, טענענבוים און אַנדערע — און שפּעטער, נאָכדעם ווי מען האָט זיך צוביס־לעכווייז באקאנט מיט׳ן כאַראַקטער און גייסטיגען ניוואָ פון די לעזער, האָט מען זיי אָנגעהויבען געבען מער ערנסטע ביכער פון אַ סאָציאַליסטישען און רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער, און אויך אומלעגאַלע בראָשורען וואָס דער „בונד" האָט אַרויסגעגעבען. נאָכדעם ווי מען האָט זיך איבערצייגט, אַז דער לעזער איז אַ באוואוסטזיניגער און פאַרטרויאונגסווערטער מענש, האָט מען אים אַריינגעצויגען אין „קרוזשאָק" און אים איינגעלאַדען צו די געהיימע אָווענטען, מיטינגען און ערשטען־מאַי פאַרזאַמלונגען, וואָס דער „קרוזשאָק" פלעגט איינאָרדענען — זומער אין וואַלד און ווינטער אין באַשטימטע הייזער. אויף די דאָזיגע פאַרזאַמלונגען האָט מען זיך אויך אונטערהאַלטען, געזונגען „די שבועה" און פאַרשיידענע אַנדערע רעוואָלוציאָנערע און פאָלקס־לידער און די דאַן באַזונדערס פּאָפּולערע לידער: „דאָרטען אין ווינקעל, אין נאַסען קעלער" און „דער געזאַלצענער ים פון מענשליכע טרערען".

## די טוער פון „קרוזשאָק"

דער פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעט פון וואָלקאָוויסקער „קרוזשאָק" איז באַשטאַנען פון זיבען ביז עלף מענשען, און יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט אונטער זיין אויפזיכט צעהן מיטגלידער פונ'ם „קרוזשאָק" אויף וועלכע ער האָט געדאַרפט אויפפאַסען און זיי דערציהען פאָליטיש און געזעלשאַפטליך.

די ערשטע גרינדער פון דעם „בונד"־קרוזשאָק זיינען געווען יודעל ליקאָווסקי און זיין ברודער יוסף (קאַפּיטאַן), משהיקע זאַקראַי (פּייוועל דעם שוחט'ס זוהן),ביילע רבקה (טאָכטער פון בערעל שמחה'ס), בערעל קאַרפּאָוויטש, יאַנקעל לעווין (זוהן פון „ציפּע די זיסע") און ראָזע איינהאָרן.

גאָר פון אָנהויב איז די פאַרוואַלטונג באַשטאַנען פון אכט מענשען און דער „קרוזשאָק" האָט דאַן געצעהלט אַ דרייסיג מיטגלידער. שפּעטער האָט זיך דער „קרוזשאָק" פאַרברייטערט און געצעהלט אַרום 70־80 מענשען. צווישען זיינע אַקטיווע חברים זיינען געווען: חיים נעמזער, משה כתריאל'ס (זאַיעץ), חיים שאַלקעס (היימאַן כהן), משה דער טאָקער, ישראליקע דער שלאָסער, הערשעל צוקערמאַן, זיידעל דער איינבינדער, משה יאָסעל דער קירזשנער, מיכאל זאַן־מאַזיע, מאָטעל חנה סאָשעס, יאָסעל (פּאַפּיאַלים זוהן), וועלוועל דער בעקער, ידידיה דער בעקער, יאַנקעל דער סטאָליער, סימע הייקעלים, משה נאַכעס (לאַפּין דעם עקספּעדיטאָר'ס זוהן), דוד באַגאָמילסקי (כתריאל דעם בעקער'ס זוהן), שמואל כודאָזשניק, באַדאַני (דעם בלעכער'ס טאָכטער), חייקע דעם שלייפערס, דוואָשקע, באַבעלע אַדעף (לייזער חיים'ס טאָכטער), פּערעל לעוו (דעם ביאַליסטאָקער בעקער'ס טאָכטער), אברהמיעל אַדעף (לייזער חיים'ס זוהן), שלום באַראַשיעס זוהן, הערשעלע (באַנטשע דעם שוסטער'ס זוהן), ליטמאַן (מענדעל דעם בעקער'ס זוהן), הערשעל ראַכקין, דער יונגער ל. שלאָסבערג (פון דער ציגעלניע), יאַנקעל דער שוואַרצער, חנא גלאָק, מענדעל ניסן (דעם שוחט'ס זוהן), דוד איינהאָרן, זיידעל פיינזילבער, גאָלדע פּאָפּעס, קיילע (דוד הערשעל'ס טאָכטער), חאַסיע סאָלמאַן, ביילקע דעם חסידים, ידידיה מאַרגאָלים, משה טשאָפּער, בעריל דזשיק, איטשע ניעזשיק, יאַנקעל ליפשיץ, און אַנדערע.

אָט די מיטגלידער פלעגען זיך פון צייט־צו־צייט פאַרזאַמלען אין פאַרשיידענע הייזער און דאָרט אָפּהאַלטען זייערע מיטינגען. צווישען די פאַרזאַמלונגס־פלעצער דאַרפען דאָ דערמאָנט ווערען די הייזער פון: די ליקאָווסקיס (חנה פרידע'ס זיהן, וואָס האָבען געוואוינט אויף דער ברייטער גאַס), ביילע רבקה (בערעל שמחה'ס טאָכטער), דער לערער בערעל קאַרפּאָוויטש (וועלכער האָט געוואוינט אויף דער „סאַלקע", ביי בערעל




**קאָמיטעט פון יוגענד־בונד „צוקונפט" אין יאָר 1927**

רעכטס צו לינקס, זיצען: דער זאַבעלינער, ראָזע וולאָסקי, יודעל סטאָלאָוויצקי, יאַנקעל רובינשטיין (דעם שלאָסער׳ס), רייזעל, חנה אירמעס, שמעון לעוו (יהודה הירש דעם קצב׳ס); שטייען: חנא פאַלקאָוויטש (דער שניידער), שמואל פאַשינקער.

ק׳שניר אין סלוצקי׳ס געסעלע), און אויך צייטענווייז אין דער „תפארת בחורים" שוהל. די דאָזיגע געהיימע פאַרזאַמלונגען זיינען געווען באַקאַנט אַלס די „סכאָדקעס".

זומער־צייט פלעגען די געהיימע פאַרזאַמלונגען פאַרקומען אין זאַמקאָוועו וואַלד, און אַמאָל — אויפ׳ן „מאַיאַק". די דאָזיגע פאַרזאַמלונגען פלעגען תמיד באַוואַכט ווערען פון אַ ספּעציעלער גרופּע חברים, וועלכע זיינען געווען גוט באקאנט מיט אַלע שטעגלעך און וועגלעך פון דער אומגעגענד, כדי צו פאַרמיידען די אויפמערקזאמקייט פון פרעמדע מענשען, און מען איז שטענדיג געווען גרייט אין פאַל פון אַ מסירה זיך ארויסצודרעהען פון די פּאָליצייאישע הענט. די פאַרזאמלונגען פלעגען אַממערסטען אָפּגעהאַלטען ווערען אין די נאָכמיטאָגס פון די שבתים און יום־טובים. אין וואַלד אויפ׳ן גראָז פלעגט מען אָפּטמאָל זיך קענען צוהערען צו פייערדיגע רעדעס, וואָס האָבען געטראָגען אַ אויפקלערונגס־כאַראַקטער און אין וועלכע מען האָט די חברים אינפאָרמירט וועגען סטרייקען, זעלבסטשוץ און בכלל וועגען דער טעטיגקייט פון „בונד".

אויף די געהיימע פאַרזאמלונגען פלעגען אויך אויסגעאַרבייט ווערען



מיכאלעװיטש־קרייז ביים יוגענד בונד „צוקונפט״
רעכטס צו לינקס, זיצען: יאַנקעל לעוו, יאַנקעל פערעמינסקי, פריילין פערעמינסקי, יאַנקעל רובינשטיין (דער שלאָסער), יאַנקעל פאַשינקער, פריילין רובינשטיין, יודעל זלאָטניצקי, פרוי פאַשינקער, באַיער.

די פלענער ווי צו באַפאַלען רעגירונגס־קאָנוואָיען און שנאַפּס־מאָנאָפּאָלען און עסקספּראָפּראַאירען געלט, כדי צו האָבען מיט וואָס אָנצופירען די רעוואָלוציאָנערע אַרבייט. אַזאַ מין איבערפאַל איז איינמאל דורכגעפירט געוואָרען אין איזאַבעלין. מען האָט איבערגעשניטען די טעלעפאָן־דראָטען אויף די כלופּעס און דורכגעפירט די עקספּראָפּריאַציע.

מען האָט איינמאָל ארעסטירט פאַר פּאָליטישער טעטיגקייט בערעל דזשיקיען. האָבען די מיטגלידער פון „קרוזשאָק״ אין אַ פינסטערער נאַכט אַרומגעזעגט די אייזערנע שטאַנגען פון דער תפיסה. אַרויסגענומען בערל'ען און אים אויסבאַהאַלטען בייע ביילע רבקה'ן אין הויז. די מאַכט האָט דורכגעפירט זוכונגען אין פילע פאַרדעכטיגע הייזער. קאַרעיעוו, דער באַקאַנטער פּאָליציסט באַגלייט פון זשאַנדאַרען, האָט אויך געמאַכט אַן „אָבלאַווע״ אויף ביילע רבקה'ס הויז צו זוכען דעם אַרעסטאַנט. אָבער בערעל, פאַרשטעלט אַלס אַ אַלטע אידענע, האָט זיך אַרויסגערוקט דורך אַן אַנדער טיר און איז נעלם געוואָרען.

ס'פלעגט זיך אויך מאַכען, אז חברה פלעגט באַפאַלען די קאָנוואָיעז




סקיפּיסטען יוגענד אָרגאַניזאַציע ביים „בונד"
אויפ'ן בילד געפינט זיך יאַנקעל רובינשטיין, דער פיהרער פון „בונד".

וועלכע האָבען געפירט אַרעסטירטע רעוואָלוציאָנערען, זיי באַשאָטען די כּנים'ער מיט טאַבאַק — און אין דער בהלה, וואָס איז אַנטשטאַנען, באַפרייט די אַרעסטאַנטען.

אין אָקטאָבער 1905 — ווען גאַנץ רוסלאַנד האָט געפיבערט מיט רע־וואָלוציאָנערער טעטיגקייט און אלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען האָבען גע־פייערט דעם טאָג פון 18טען אָקטאָבער, האָבען זיך די וואָלקאָווישקער בונ־דיסטען אויך געגרייט צו אָרגאַניזירען אין יענעם טאָג אַ גרויסע דעמאָנסטראַ־ציע. ס'האָט זיך גראָד געמאַכט, אז ס'איז דערמאָלסט געשטאָרבען אַ חבר פונ'ם „קרוזשאָק" — יאָסעל קישקע. דער „קרוזשאָק" האָט באַשלאָסען צו פאַרוואַנדלען די לויה פון זייער חבר אין אַ גראַנדיעזער מאַניפעסטאַציע. ביילע רבקה (בערעל קושניר'ס טאָכטער) האָט ספּעציעל אויפגענייט צוויי פאָנען — אַ שוואַרצע און אַ רויטע. יודעל ליקאָווסקי איז געווען דער מספּיד און האָט געהאַלטען אַ פלאַם־פייערדיגע רעדע. די קראָמען זיינען אלע געווען פאַרמאַכט און מאַסען־מענשען האָבען זיך באַטייליגט אין דער גרויסער לויה — וועלכע איז געבליבען אויף אַ לאַנגער צייט אין זכרון פון די וואָלקאָוויס־קער איינוואוינער.



מאַניפעסטאַציע פון 1טען מאַי מיט דער באַטייליגונג פון „בונד"

אַ שטאַרקען שטופּ פאַראויס צו דער אַנטוויקלונג פון וואָלקאָוויסקער „בונד" האָט געגעבען דער באַזוך פון׳ם פאַרטרעטער פון׳ם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" וולאַדעק — „דער יונגער לאַסאַל", וואָס זיין פאָרטראָג אין פּאָלאַקאָוו־לעוו׳ס בית־המדרש האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק.

---

## דער „בונד" פאַר׳ן צווייטען וועלט־קריג

יאָרען זיינען פאַרביי. אין וואָלקאָוויסק זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען אַ שלאַכט־הויז און אַ פליייש־קאָנסערווען פאַבריק. ס׳זיינען צוגעקומען הייזער, בנינים, מיהלען, ציגעלניעס, וואַרשטאַטען, זעג־מיהלען, און די צאָל אידישע ארבייטער און האַרעפּאַשניקעס איז געוואַקסען, און מיט זיי איז אויך געוואַקסען דער „בונד".

צווישען די פירער און אַקטיווע טוער פון׳ם וואָלקאָוויסקער „בונד" אין די לעצטע יאָרען פאַר׳ן צווייטען וועלט־קריג זיינען געווען: יאַנקעל רובינשטיין (יודעל דעם שלאָסער׳ס זוהן), שמואל פּאַשינקער, אברהם מאַרקוס, מ. זעליוויאַנסקי, בערעל פּאַלקאָוויטש, שמעון לעוו (יהודה דעם קצב׳ס אַ זוהן), יאַנקעל לעוו, יצחק מערקין, ל. שלאָסבערג, ש. ראַוויצקי, חנא פּאַל־



די ברייטע גאַס
(לעבען דער צערקווע)

קאָוויטש, דער זאַבעלינער, ראָזע וולאַסקי, יודעל סטאָלאָוויצקי, חנה אירמעס, אבא שטומער און יאַנקעל פערעמינסקי.

**
*

דער וואָלקאָוויסקער „בונד" איז, ווי געזאָגט, געווען זעהר טעטיג אין די יאָרען וואָס צווישעןביידע וועלט־מלחמות, און ער האָט אָפט אַרונטער־געבראַכט רעדנער פון ווילנע און וואַרשע, געפייערט אויף אַ שעהנעם אופן די אַרבייטער יום־טובים און די „בונד"־יובילעאומס. אין וואָלקאָוויסק זיינען אויך פון צייט־צו־צייט פאָרגעקומען ראַיאָן־צוזאַמענפאָרען פון דעם „בונד". דער וואָלקאָוויסקער „בונד" האָט געברויזט מיט לעבען און אַקטיוויטעט און ער פלעגט איינאָרדענען אָפטע קאָנצערטען, פאָרלעזונגען, אָוועטען און אונ־טערנעמונגען — ביז ער איז אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט דער גאַנצער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג.

# סאָציאַל־מעריצינישע אַנשטאַלטען אין וואָלקאָווישק

## חברה "לינה"

„חברה לינה" איז געווען איינע פון די עלטסטע געזעלשאַפטען, וואָס האָבען עקזיסטירט אין וואָלקאָווישק שוין זייט דעם אָנהויב פון׳ם איצטיגען יאָרהונדערט. די חברה פלעגט שיקען, ווי איר נאָמען באַווייזט, „לינות" אין הייזער פון קראַנקע מענשען, ד. ה. מען פלעגט שיקען איבערצונעכטיגען צו קראַנקע צוויי מענשען — 2 מענער, אויב דער קראַנקער איז געווען אַ מאַנספּאַרשוין, און 2 פרויען, אויב דער חולה איז געווען אַ פרוי — כדי צו באַדינען און דערמוטיגען די קראַנקע און געבען אַ געלעגענהייט די בני־בית זיך אויסצורוהען און כאַפּען אַ דרעמעל.

איינע פון די הויפּט־טעטיגקייטען פון דער „חברה לינה" איז געווען דאָס גרינדען פון אַ „ליאָדאָווניע", דאָס הייסט, אַ פּלאַץ אויף צו האַלטען אייז אַ גאַנץ יאָר (אויך אין די הייסע זומער־חדשים) און אויסטיילען דאָס אייז צו די יעניגע קראַנקע, וועלכע האָבען זיך אין דעם גענויטיגט. אין אָנפאַנג האָט מען געדונגען אַ „ליאָדאָווניע" ביים אַדוואָקאַט, ה׳ ישראל אפרת, און שפּעטער האָט מען אויפגעבויט אַן אייגענע „ליאָדאָווניע" אין דעם מצרים־געסעל, ניט ווייט פון דער ברייטער גאַס. די „חברה לינה" האָט אויך געהאַט אַביסעל „כלים", וואָס זי פלעגט אויסלייהען צו די קראַנקע: אַ פענכער (פאַר אייז), טערמאָמעטערס, קליסטירס, באַנקעס און פלעשער אויף צו האַלטען הייס וואַסער. ווי עס גיט איבער הרב זלמן קורץ, האָבען די כלים זיך געפונען ביי חנא דעם מלמד, וועלכער איז אויך געווען אונטער־שמש אין׳ם מויער־בית־המדרש. ער האָט געוואוינט אין שוהל־הויף און איז געווען זעהר אַ גוטער מענש, ממש „אָהן אַ גאַל". ביי חנא׳ן איז געווען די רשימה פון די מיטגלידער פון דער „חברה לינה" און חנא פלעגט אָנזאָגען יעדען וועמעס רייהע עס איז געווען צו געהן נעכטיגען צו אַ חולה. אויב עס זיינען געווען אַזעלכע, וועלכע פלעגען צוליב עפּעס אַ סיבה ניט קענען, אָדער ניט וועלען געהן נעכטיגען, פלעגט דאַן חנא אליין אויספילען זייער פלאַץ און זיצען ביי די קראַנקע, אַזוי, אַז עס פלעגען אַמאָל אוועק

איניגע וואָכען נאָכאַנאַנד וואָס חנא האָט ניט געגעכטיגט ביי זיך אין דער היים, נאָר פלעגט פאַרבריינגען ביי קראַנקע. ס'זיינען געווען עטליכע בעלי־בתים, וועלכע זיינען געווען איבערגעגעבען דער דאָזיגער אינסטיטוציע, אָבער חנא איז געווען איר הויפּט־עסקן. ס'איז אויך געווען זעהר טעטיג אין דער חברה נחום האַלפּערין, דער לערער.

די כלים פלעגט מען אַנטלייהען אויף אַ משכון — אַ זילבערנעם לעפעל, אַ בעכער, אָדער געלט — און חנא פלעגט אַלעס פאַרשרייבען.

צבי ליבאָוויץ (וואוינט איצט אין ראשון־לציון, ארץ־ישראל), וועלכער איז געווען טעטיג אין דער וואָלקאָוויסקער „חברה לינה" און איז אַ שטיק צייט געווען דער סעקרעטאַר פון דער חברה, האָט אונז צוגעשיקט אינ־טערעסאַנטע זכרונות וועגען דער פּערזענליכקייט פון בנימין טל־ומטר און זיין איבערגעגעבענקייט צו דער „חברה לינה".

ניאָמע „דער אַגענט" (בנימין טל־ומטר) איז געווען אַקטיוו אין כאָ־לאָדאָיסקען בית־המדרש, און אויך ער, פונקט ווי חנא דער שמש, האָט אַוועקגעגעבען זיין פרייע צייט פאַר דער „חברה לינה". ער פלעגט באַ־שטעלען די מענשען (צוויי ווי געוועהנליך) צו נעכטיגען ביים קראַנקען. אַרום 11־12 ביינאַכט פלעגט ער קומען זעהן, צי די מענשען זיינען דאָ אויף זייערע פּלעצער. אויב איינער פון זיי פלעגט ניט קומען, איז ער אים געגאַנגען אויפוועקען אינמיטען דער נאַכט, און אויב יענער האָט ניט גע־וואָלט געהן אָדער ניט געקענט געהן, פלעגט ער מוזען באַצאָלען פאַר דער נאַכט, כדי מען זאָל קענען דינגען אַן אַנדער מענשען אויף זיין פּלאַץ. אויב עס פלעגט אים געלינגען צו קריגען פריי, אָהן געלט, אַן אַנדער מענשען, פלעגט ער דאָס געלט אויסגעבען אויף כלים פאַר קראַנקע. ער פלעגט אָנפילען אַ קעלער אייז פאַר'ן זומער — לטובת די קראַנקע. ער די באַדערפעניש פון אייז איז אָבער געשטיגען און דער גרויסער קעלער, וואו ער פלעגט אריינפירען דאָס אייז, איז ניט געווען גרויס גענוג צו ענטהאַלטען דעם נויטיגען זאַפּאַס פון אייז, האָט ער צונויפגעזאַמעלט געלט און אָפּגעקויפט אַ פּלאַץ אין דעם מצרים־געסעל (לעבען דער ברייטער גאַס). ער האָט זיך דאַן ארויסגעלאָזען אויף א פוהר אין די שטאָט־געגענטען און האָט צונויפגעקליבען שטיינער, וואו ער האָט זיי נאָר געפונען, און אויף דעם דאָזיגען פּלאַץ האָט ער אויסגעבויט אַ גרויסען און טיפען קעלער, וועלכען ער האָט אָנגעפילט מיט איבער פינף הונדערט פוהרען אייז.

דער ווינטער נאָכ'ן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשען זיינען אריין קיין וואָלקאָוויסק, איז געווען זעהר אַ מילדער. דער טייך איז ניט פאַרפרוירען געוואָרען, דאָס וועטער איז געווען זעהר שעהן,

די בוימער האָבן ממש געבליהט און מענשען האָבן געאַרבייט אין די פעלדער. ניאָמע טל־ומטר איז דאַן געווען זעהר שטאַרק באַזאָרגט וועגען אייז פאַר'ן קומענדיגען זומער. ער איז פשוט אויסגעגאַנגען פון זאָרג. ער האָט שוין געטראַכט וועגען קויפען אַן אייז־מאַשין, אָבער ער האָט ניט געהאַט די געלט־מיטלען פאַר דעם צוועק. פּלוצים זיינען אָנגעקומען אייניגע קעלטערע טעג, ווען די פליטקע וואַסערען אין די וועלדער זיינען געפרוירען געוואָרען, האָט ער זיך דאַן ענערגיש גענומען צו דער אַרבייט. ער איז אַרומ־געפאָרען מיט אַ פוהר און אין אַ קורצער צייט האָט ער אָנגעפילט דעם גרויסען קעלער מיט אייז פאַר די קראַנקע אויפ'ן זומער.

אין דער צייט, ווען ניאָמע איז געווען טעטיג אין דער „חברה לינה", האָט ער דעם דאָזיגען אַנשטאַלט אוועקגעשטעלט אויף אַ גרויסער הויך. אויסער דעם וואָס די קראַנקע פלעגען דאָרט באַקומען פריי זייערע רע־צעפּטען, פלעגען זיי אויך קריגען אַלס צוגאָב נאַרהאַפטע פּראָדוקטען, ווי מילך, פּוטער, צוקער א. אַז. וו.

אַט די דאָזיגע גרויסע אַרבייט האָט ער געטאָן בלויז לשם מצוה און האָט קיינמאָל פאַר דעם קיין לוין ניט באַקומען. אויף דער עלטער איז ער אָפּגעפאָרען קיין ארץ־ישראל, וואו ער האָט זיך באַזעצט אין ירושלים. אויך דאָרט איז ער זיך מתעסק מיט וואוילטעטיגע מעשים, באַזאָרגענדיג די אָרימע קראַנקע מיט די נויטיגסטע באַדערפעניש. ער איז שוין איצט 90 יאָר אַלט און ארבייט נאָך אַלץ לטובת הכלל מיט אלע זיינע כוחות.

## "לינת חולים"

מיט דעם אויסברוך פון ערשטען וועלט־קריג איז צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס פון וואָלקאָוויסק אויך ליקווידירט געוואָרען די חברה „לינה". אויב מען האָט געקענט אויסקומען אַ געוויסע צייט — בלית ברירה, פאַרשטעהט זיך, — אָהן די אַנדערע נויטיגע אַנשטאַלטען, האָט זיך אָבער מער ווי אַלעס געלאָזט פיהלען דער מאנגעל אין מעדיצינישער הילף, צוליב די פיל עפּידעמיעס און קראַנקהייטען, וואָס האָבן דאַן געהערשט אין אַן אומגעהויערען מאַסשטאַב, אַלס רעזולטאַט פון דער שטענדיגער טויט־שרעק, פאַראָרימונג און מאַנגעל אין לעבענס־מיטלען.

די עסקנים, הרב זלמן קורץ, יוסף רודי און שעפּסיל גאָרדאָן, האָבן דאַן באַשלאָסען ווידער אויפצולעבען די „חברה לינה". ס'זיינען צו זיי צו־געשטאַנען נאָך אַנדערע טעטיגע יונגע מיטגלידער: אהרן מארקוס, סיאָמע גאלין, שכנא דוואָרעצקי, מייטשיק צוקערמאַן, ידידיה מרגלית, בערל זילבערמאַן, ליפשיץ (דער ברודער פון בן־ציון ליפשיץ), שמעון לעוו (יהודה הירש, דעם קצב'ס זוהן) — און אין יאָר 1918 האָט די חברה ווידער



פאַרוואַלטונג פון „לינת חולים״ נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה
רעכטס צו לינקס ערשטע רייהע, פון אונטען: שלמה׳קע פריי דער שניידער, פוקסמאַן, אברהם קאַגאַנאָוויטש, סיאָמע גאַלין, עוזר קאַפּלאַן, ניאָמע סולקאָוויטש; צווייטע רייהע: אַרטשיק מאַרקוס, מיכל זאָן־מאַזיע, שכנא דוואָרעצקי, אברהם שאַלאַחאָוויטש (דער שניידער).

אָנגעהויבען צו פונקציאָנירען אַלס אַ פאַראיין, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „לינת חולים״.

דער נייער קאָמיטעט, וואָס האָט צוגעצויגען פיל יוגענד, האָט איינגע־פירט, אז צו די קראַנקע זאָלען געהן וואַכען פאַרלעך — אַ בחור מיט אַ מיידעל. מאַנכע בעלי־בתים זיינען אין אָנפאַנג געווען ברוגז אויפ׳ן נייעם מנהג, אָבער נאָכדעם ווי מען האָט געזעהן, אז די ארבייט פראָגרעסירט און ברענגט פיל נוצען צו די קראַנקע, האָט מען צוביסלעכווייז אָנגעהויבען שלום מאַכען מיט׳ן נייעם איינפיר.

די אַקטיוויטעטען פון דער חברה האָבען זיך פאַרברייטערט, און מען האָט קודם־כל איינגעאָרדענט אַן אמבולאטאָריע, וואו דער ניט־פאַרמעגליכער קראַנקער זאָל פאַר א מינימאלען אָפּצאָל קענען באַקומען אַ מעדיצינישע



**דער ערשטער בלימעל־טאָג פאַר׳ן „לינת־הולים" אין יאָר 1920**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע פון אונטען: **באָגאָמילסקי, נח גאָרדאָן (דעם סופר׳ס זוהן), שרה כוואַלאָווסקי, חיים וויינשטיין**; צווייטע רייהע: **זשאָמע שיין, מאַניע גאַנדז, מייטשיק יעלסקי, אַ אומבאַקאַנטע, אַרטשיק מאַרקוס.**

דריטע רייהע: **קאַפּלאַן, חיה קליאַטשקין, באָבעל מאַראָטשניק, לינע בערג (דעם פּאָד־ריאַטשיק׳ס טאָכטער), סיאָמע גאַלין, שעוואַכאָוויטש (פעלטע דער קצב׳טעס אַ טאָכטער), אַ אומבאַקאַנטע**; לעצטע רייהע: **אַ אומבאַקאַנטער, אייזשיק ווערנער, שכנא דוואָרעצקי, מאַניע סאַוואולסקי, אַ אומבאַקאַנטע, אַ אומבאַקאַנטער, פייגעל גאַליאַצקי, חנה ביאַלסקי, ראָניע פּאָנאַר(?), כהן, פריילין גורעוויטש, חנה שיפּיאַצקי.**

**עצה פון די אָרטיגע דאָקטוירים. קורץ נאָכדעם איז אויך געגרינדעט גע־וואָרען אַן אַפּטייק ביי דער אמבולאטאָריע, וואו דער אָרימער קראַנקער האָט באַקומען דעם נויטיגען רעצעפּט אויך פאַר אַ גאָר קליינעם אָפּצאָל, אָדער אינגאנצען אומזיסט. די הילפס פאַרטיילונג האָט גלייך מיט דער אַנטשטעהונג פון די דערמאָנטע אָפּטיילונגען אָנגענומען אַ מאַסען־כאַראַקטער.**

**אַ דאַנק דער הילף פון דעם „דזשאָינט" און אַנדערע אינסטיטוציעס פון אַמעריקע, האָט די „לינת חולים"־געזעלשאַפט באַקומען די מעגליכקייט אויסצוברייטערען אירע טעטיגקייטען אין אַ באַדייטענדער מאָס. עס איז געשאַפען געוואָרען שטופענוויז איין אַנשטאַלט נאָכ׳ן צווייטען, און די געזעלשאפט איז פארצווייגט געוואָרען אין פיל אָפּטיילונגען.**

**די** אמבולאטאָריע (דיספּענסערי) איז געווען טעטיג טעגליך פון 10

פריה ביז 1 בייטאָג. דער מאַקסימאַלער אָפּצאָל פון די קראַנקע איז געווען 1 זלאָטע, אין געגענזאַץ צו 5 זלאָטעס פאַר אַ וויזיט ביי א פריוואַטען דאָק־טאָר, און פיל קראַנקע האָבן באַקומען באַהאַנדלונגען אינגאַנצען אומזיסט. עס זיינען אין יאָר 1927 באַהאַנדעלט געוואָרען אין דער אַמבולאַטאָריע 6,441 קראַנקע.

די אַפּטייק איז געווען טעטיג 8 שעה טעגליך, און האָט אָנגעפירט אַן אינטענסיווע אַרבייט דורך אַ פּראָוויזאָר און איין געהילף. אין פאַרלויף פון זעלבען יאָר האָט די אַפּטייק אַרויסגעגעבען 24,183 רעצעפּטען.

וויזיטאַציע. — אַחוץ דער גרויסער הילפס־טעטיגקייט אין אמבולאַטאָריע, האָט מען אויך באַזונדערס געזאָרגט פאַר די אָרימע קראַנקע, וועלכע האָבען ניט געקענט פאַרלאָזען זייער בעט. עס זיינען געשיקט געוואָרען צו זיי אַהיים דאָקטוירים, קראַנקען־שוועסטער און פעלדשער. פאַר די, וועלכע האָבען געמוזט, לויט דער פאַראָרדנונג פון דאָקטאָר, פאָרען זיך היילען אין אַ גרעסערער שטאָט, זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען איין־מאָליגע סובסי־דיעס אין מזומן.

ציין־קאַבינעט. — די דיספּענסערי איז געווען טעטיג 3 שעה טעגליך, אונטער דער אָנפירונג פון אַ גוט פּראַקטיצירטען צאָן־אַרצט. פיל הילף איז אויך געגעבען געוואָרען אויף דעם דאָזיגען געביט צו די אומפאַרמעג־ליכע ליידענדע.

די לאַבאָראַטאָריע איז געווען טעטיג טעגליך פון 4 ביז 5 שעה און האָט באַדינט דעם שפּיטאָל און אויך די גאַנצע שטאָטישע באַפעלקערונג אָהן אויסנאַם, פאַרשפּאָרענדיג דערביי פיל צייט און קאָסטען, מיט וועלכע עס איז געווען פאַרבונדען דאָס מאכען אַן אַנאַליז, ווייל אין יענער צייט האָט מען דאָס געמוזט שיקען קיין ביאַליסטאָק אָדער קיין ווארשע. די לאַבאָ־ראַטאָריע האָט דורכגעפירט אלערליי מעדיצינישע אַנאַליזען.

כלים־פאַרטיילונג און אייז־פאַרטיילונג. — די דאָזיגע אָפּטיילונג איז גע־ווען זעהר פּאָפּולער ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג מיט איר פּינקטליכער באַ־האַנדלונג, וואו יעדער איינער אָהן אויסנאַם האָט באַקומען אלערליי נויטיגע כלים אָדער מכשירים, ווי אויך אייז פאַר קראַנקע. די דאָזיגע אָפּטיילונג איז געווען שטענדיג טעטיג, אָהן איבעררייס, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט, ווי אויך שבת און יום־טוב.

קינדער־קאָנסולטאַציע און „טראָפּען־מילך". — באַזונדערס איז געלייגט געוואָרען גרויס אַכט אויפ'ן געביט פון קינדער־הילף. עס איז געזאָרגט גע־וואָרען פאַר'ן געזונד פון קינד פון זיין געבורט אָן ביז נאָכ'ן שול־עלטער. עס איז צו דעם צוועק געגרינדעט געוואָרען אַ קינדער־קאָנסולטאַציע, וואו דאָס ניי־געבוירענע קינד איז געווען אונטער דער אויפזיכט פונ'ם קאָנסול־

טאַציע־דאָקטאָר און שוועסטער־היגיענִיסטין. גרויס זיינען דערביי געווען די נוצען פון „טראָפּען מילך", וואו עס זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען פאַר־שיידענע מילך־מישונגען פאַר די קינדער, וועלכע האָבען געמוזט, צוליב דער שוואַכער ערנערונגס־פעהיגקייט פון דער מוטער, דערנערט ווערען מיט דער פלאַש. צווישען די דאָזיגע גאַנץ אָפטע פאַלען זיינען געווען פיל קינדער, וועלכע זיינען געווען קראַנק אויף דיספעפסיע און וועלכע זיינען נאָר מיט דער הילף פון דער „טראָפּען־מילך־ערנערונג" געראַטעוועט גע־וואָרען פון אַ זיכערען טויט.

שול־מעדיצין. — עס איז אויך באַזונדערס געזאָרגט געוואָרען פאַר די קינדער אין שול־עלטער. צו דעם צוועק איז אָרגאַניזירט געוואָרען אַ שול־מעדיצין, און אַלע שולען און חדרים האָבען זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון אַ ספּעציעלען שול־דאָקטאָר, וועלכער האָט געזאָרגט פאַר דעם סאַניטאַרען צושטאַנד פון דער שול און פאַר'ן געזונד־צושטאַנד פון די תּלמידים. די קינדער, וועלכע האָבען זיך געניטיגט אין פרישער לופט און אין בעסערער ערנערונג, זיינען געשיקט געוואָרען אויף די זומער־מאָנאַטען אין ספּעציעלע קינדער־קאָלאָניעס אין אָטוואָצק, טשעכאָטשינעק און דרוזגעניק.

אַ באַזונדער שטאַרקע טעטיגקייט האָט די „לינת חולים" אַרויסגעוויזען בעת דער מאָזלען־עפּידעמיע. עס איז מיט דער פולער האַנט געגעבען גע־וואָרען די געהעריגע מעדיצינישע הילף, און ס'איז אויך געזאָרגט געוואָרען צו פאַרהיטען די קראַנקע פון די פאַרשיידענע קאָמפּליקאַציעס, וואָס קענען פאָרקומען ביי דער קראַנקהייט.

עס זיינען אויך אָנגענומען געוואָרען די נויטיגע מיטלען געגען דער שקאַרלאַטין־קראַנקהייט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען צו פאַרשפּרייטען אין שטאָט. עס זיינען צו דעם צוועק באַצייטענס דורכגעפירט געוואָרען אויף אַ גרעסערער צאָל קינדער פאַרהיטונגס־איינשפּריצונגען קעגען שקאַרלאַטין — טיילוויז אומזיסט און טיילוויז צו נידעריגע פּרייזען — און ס'איז געלונגען שנעל צו לאָקאַליזירען די קראַנקהייט און ניט צו דערלאָזען, אַז זי זאָל אָננעמען אַן עפּידעמישען כאַראַקטער.

דר. מ. וויינער (וועלכער איז אויך געווען קאַזיאָנער ראַבינער) פלעגט קומען טעגליך אין דער אַמבולאַטאָריע. דער אַפּטייקער פון דער „לינת חולים" אַפּטייק, וואָס האָט פאַרקויפט רעצעפּטען צו ביליגע פּרייזען, איז געווען שלום לעוו'ס אַן איידעם. די דענטיסטין פון דער ציין־אָפּטיילונג איז געווען פריילין ראָזע פיינזילבער. שפּעטער האָט דאָרט געאַרבייט פרוי שׂרה נאָוואָגרודסקי־פּייסיק.

די „לינת חולים" איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע אינסטיטוציעס אין וואָלקאָוויסק און איז געווען זעהר פּאָפּולער מיט איר ברייטען פאַרנעם




דער אידישער שפּיטאָל אין יאָר 1925

און גראַנדיעזער הילפס־אַרבייט — ניט נאָר אין וואָלקאָוויסק און איר אומ־געגענד, נאָר אויך אין די גרעסערע אידישע צענטערען אין פּוילען.

די „לינת חולים" האָט געדינט מיט איר הילף די גאַנצע וואָלקאָוויסקער אידישע באַפעלקערונג אָהן אויסנאַם: אַלט און יונג, אָרים און רייך. עס איז כמעט ניט געווען קיין מענש אין וואָלקאָוויסק, וואָס זאָל ניט האָבען אָנגעקומען ווען־עס־איז צו דער הילף פון דעם דאָזיגען אַנשטאַלט.

## דער אידישער שפּיטאָל אין וואָלקאָוויסק

ביז די לעצטע יאָרען פונ'ם 19־טען יאָרהונדערט איז אין וואָלקאָוויסק ניט געווען קיין אידישער שפּיטאָל. ס'איז נאָר געווען אַ מיליטערישער לאַזאַרעט. אז א איד פלעגט ווערען קראַנק, פלעגט מען דאן צו אים רופען דעם דר. מינץ (וועלכער איז געווען זעהר פּאָפּולער אין וואָלקאָוויסק) און קיינער איז ניט געגאַנגען אין שפּיטאָל.

ביים סוף פונ'ם 19טען יאָרהונדערט, אין יאָר 1898, האָט דער באַ־רימטער וואָלקאָוויסקער נדבן, נחמן (נאחצע) העלער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער סוחר און אויך אַ גרויסער פילאַנטראָפּ (זיין לעבענס־געשיכטע ווערט דערצעהלט אין דעם קאַפּיטעל „טרוימער און בויער"), אַסיגנירט אַ גרויסע

סומע געלט — 20 ביז 25 טויזענט רובעל — און אויפגעבויט דעם וואָלקאָ־וויסקער אידישען שפּיטאָל מיט אַלע נויטיגע איינריכטונגען, און האָט אויך אַרויסגעהאָלפען יערליך דעם שפּיטאָל מיט באַדייטענדע סומען. אויך זיין מחותן, דער באַוואוסטער מאָסקווער טיי־סוחר און נדבן, הי גאָץ, פלעגט שטיצען דעם שפּיטאָל און אים צושטעלען טיי און צוקער.

די אויפזיכט איבער'ן שפּיטאָל איז איבערגעגעבען געוואָרען צו ר' נחמן העלער'ס ברידער, שרגא פייוועל און לייב העלער, זיין שוואָגער ר' שמואל שאַפּיראָ און שמואל דוד יונאָוויץ. אַלס קוראַטאָרען זיינען באַשטימט געוואָרען ר' שמואל פיינזילבער (שמואל גלאָסנער) — דער איינציגער אידישער דעפּוטאַט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג — און ישראל אפרת, דער באַוואוסטער אַדוואָקאַט.

די וואָלקאָווסקער פרויען האָבען דאַן באַשלאָסען זיך צו באַטייליגען אין דער גוטער אַרבייט פון העלפען קראַנקע מענשען און זיי האָבען געגרינדעט דעם פאַראיין „ביקור חולים". זייער ארבייט איז באַשטאַנען אין געבען הילף דעם אָרימען קראַנקען, אים העלפען אָנקומען אין שפּיטאָל, אים דאָרט באַזוכען און דערקוויקען מיט גוטע זאַכען, וואָס זיי האָבען אים געבראַכט צו זיין קראַנקען־בעט. אָנגעפירט מיט דעם פאַראיין האָבען פרוי חנה כמעלניצקי, פראַדעל נאָוואָגרודסקי, מיכליע איינהאָרן און חנה העלער. אויך פרוי חיה שרה יודזשיק האָט מיטגעהאָלפען אין דער וויכטיגער אַרבייט פון דעם „ביקור חולים" פאַראיין.

די אַרבייט איז צווישען די פרויען פאַרטיילט געווען אויף דעם פאָל־גענדען אופן: איין טייל פרויען פלעגט אין פאַרלויף פון דער וואָך צונויפ־זאַמלען אין שטאָט פאַרשיידענע גוטע זאַכען — וויין, שאָקאָלאַד, געבעקס, באַרנעס, עפּעל, אַפּעלסינען, א. אַז. א. אָן דער שפּיץ פון דער זאַמלונגס־קאָמיסיע זיינען געשטאַנען ציפּקע די זיסע און אסתר די פּאַדריאַדטשיכע (וויינשטיין).ביידע פלעגען אויפזאַמלען פאַר אָרימע קראַנקע אין שפּיטאָל פאַרשיידענע זאַכען, וועלכע די קראַנקע פלעגען באַקומען שבת. עס איז אינטערעסאַנט דאָ איבערצוגעבען אַן אינצידענט, וואָס האָט אַמאָל פּאַסירט

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 175

## די פאַרוואַלטונג פון אידישען שפּיטאָל אין יאָר 1924

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: שלמה'קע פריי (דער שניידער), פוקסמאַן, אברהם קאַגאַנאָוויטש, דר. פ. בעבטשוק, סיאָמע גאַלין, דר. מ. וויינער, דר. יעקב סעדלעצקי, עוזר קאַפּלאַן, שלום לעוו'ס איידעם (דער אַפּטייקער).

צווייטע רייהע: אַ אומבאַקאַנטע, יודעל גאַשטשינסקי, ראובן ליפשיץ, אַרטשיק מאַרקוס, שכנא דוואָרעצקי, שרה נאָוואָגרודסקי, מיכל זאַן־מאַזיע, פריילין שוואַרץ, פרוי פרעס, ניאָמע סולקאָוויטש, אברהם שאַלאַחאָוויטש, דעם טעפּער'ס אַ אייניקעל.



די פאַרוואַלטונג פון אידישען שפּיטאָל אין יאָר 1924

נעמען אויף זייט 174

מיט די אויבען־דערמאָנטע צוויי זאַמלערקעס אין דער צייט, ווען הרב ר׳ יונתן עליאשבערג איז געווען רב אין שטאָט. מען האָט זיך פאַר אים באַקלאָגט, אַז די צוויי זאַמלערקעס פאַרזוכען אַלע גוטע זאַכען, וואָס זיי זאַמלען פאַר די קראַנקע איידער זיי צעטיילען זיי. דער רב האָט באַלד באַ־פוילען זיין שמש צו ברענגען פאַר אים די צוויי זאַמלערקעס. עס האָט ניט געדויערט קיין שעה צייט און ביידע — ציפּקע די זיסע און אסתר די פּאַדריאַטשיכע — האָבען זיך געמאָלדען צום רב, טרייסלענדיג זיך פון שרעק. דער רב האָט מיט אַ בייזער שטימע זיי געפרעגט, צי עס איז אמת, אַז איידער זיי פאַרטיילען די גוטע זאַכען צווישען די קראַנקע, פאַרזוכען זיי אַליין אַלעס. די פרויען האָבען אים געענטפערט: „רבי׳נקע, וואָס רעדט איר? זאָלען אונז אָפּגענומען ווערען די מיילער, אויב מיר ריהרען זיך אפילו צו צו די געזאַמעלטע גוטע זאַכען. דאָס איז דאָך פאַר פלעגע, פאַר די אָרימע קראַנקע, וועלכע קענען זיך ניט דערלויבען טועם צו זיין אַ גוט ביסעל ווייַן, אַפּעלסין אַ. אַז. וו.״ האָט זיך דער רב אויפגעשטעלט און מכריז געווען: „איך בין גוזר אויף אייך, אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָלט איר יאָ טועם זיין פון יעדער גוטער זאַך, וואָס איר זאַמעלט פאַר די קראַנקע, און אויב עס געפינען זיך פרויען, וואָס עס געפעלט זיי דאָס ניט, זאָלען זיי אַליין געהן אויפזאַמלען גוטע זאַכען און אויך פאַרטיילען זיי צווישען די אָרימע קראַנקע. דאָס איז אַ גרויסע מצוה, און איר זאָלט זיך פירען ווי איך הייס אייך״.

די צווייטע גרופּע פון פרויען־פאַראיין איז באַשטאַנען פון די פרויען, וועלכע פלעגען מיט די אָנגעזאַמעלטע גוטע זאַכען יעדען פרייטאָג־צו־נאַכטס און שבת נאָכ׳ן דאַווענען, ניט געקוקט אויפ׳ן וועטער, רעגען אָדער שניי, געהן צופוס צום שפּיטאָל און אַליין פאַרטיילען די גוטע זאַכען צווישען די אָרימע קראַנקע. די דאָזיגע לעצטע גרופּע איז באַשטאַנען פון: פּראַדעל איטשעס שמואל־יונהיס, איינהאָרן די אַפּטייקערשע, איידלע יודעל דעם אייזען־קרעמער׳ס, שרהיקע יודזשיק, אסתר יודזשיק און אַנדערע. יעדעס מאָל פלעגט מען זיך צונויפזאַמלען ביי דער אָדער יענער פרוי אין הויז. אין גאָר שלעכטע וועטערען פלעגען די פרויען באַגלייט ווערען פון די מענער.

דער שפּיטאָל האָט דאַן געדינט נאָר פאַר אָרימע אידישע קראַנקע. קיין בעלי־בית׳ישער עלעמענט האָט דעם שפּיטאָל ניט באַנוצט. ביז׳ן ערשטען וועלט־קריג פלעגען די בעלי־בית׳ישע אידען זיך קורירען אין דער היים — און דער שפּיטאָל איז געווען בלויז פאַר אָרימעלייט.

דער שפּיטאָל, אלס דער איינציגער אין וואָלקאָוויסקער קרייז, האָט גע־דינט פאַר קראַנקע ניט בלויז פון וואָלקאָוויסק, נאָר אויך פון די ארומיגע



דער פּערסאָנאַל פון אידישען שפּיטאָל אין יאָר 1929

רעכטס צו לינקס: דר. יעקב סעדלעצקי, אַ אומבאַקאַנטע, פרוי סעדלעצקי, מיליע כירורג, סיאָמע גאַלין, אַ אומבאַקאַנטע, אַ אומבאַקאַנטע, גרונע האַלפּערין (די אַקושערין).

שטעטלעך, וועלכע פּלעגען זיך קומען היילען אין דער קרייז־שטאָט, וואו זיי פּלעגען שטענדיג באַקומען די נויטיגע הילף.

זייט דעם אויסברוך פון דעם ערשטען וועלט־קריג, האָט דער שפּיטאָל, צוזאַמען מיט דער שטאָט, אָנגעהויבען איבערצוגעהן אַלס רעקוויזירטער, פון האַנט צו האַנט, לויט די פאַרשיידענע מאַכט־וועקסלונגען, און איז געווען פאַרנומען דורך פאַרשיידענע מיליטערישע און ציווילע אָרגאַנען, וועלכע האָבען אים ווי געוויינליך בלויז אין קריגס־צייט גענוצט. עס איז אָבער ניט געווען קיינער ווער עס זאָל אים רעמאָנטירען פון צייט צו צייט, ווי עס פאָדערט אזא בנין. די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך צוגעקוקט מיט פאַר־ביטערונג, ווי זייער געזעלשאַפטליכער אייגענטום ווערט רואינירט און האָט גאָרניט געקענט טאָן וועגען דעם. דאָס ערגסטע דערביי איז געווען, וואָס די שטאָטישע, ווי אויך די אָנגעפּאַרענע קראַנקע פון די ארומיגע שטעטלעך

האָבען זיך געמוזט וואַלגערען אין די פּריוואַטע ענגע וואוינונגען, וועלכע זיינען גאנץ אָפט באַשטאַנען פון איין צימער, אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען זעקס און מער נפשות. מען האָט זיך לייכט געקענט פאָרשטעלען דעם סאַניטאַרען צושטאַנד פון אַזאַ וואוינונג און אין וואָס פאַר אַ באַדינ־גונגען עס איז אויסגעקומען צו היילען דעם קראַנקען.

דער פאַראיין „לינת־חולים", פּילענדיג אַמשטאַרקסטען דעם גוואַלד־טאַט, וואָס עס איז געטאָן געוואָרען דער אידישער באַפעלקערונג, מיט'ן צו־נעמען פון דער וויכטיגסטער הייל־אַנשטאַלט, האָט אַנגעווענדעט אַלע מעג־ליכע מיטלען און דרוק, כדי ווידער צו באַקומען דעם שפּיטאָל. אָבער דאָס איז ניט געווען קיין לייכטע זאַך. עס איז אויסגעקומען צו פירען אַ קאַמף איינינגע יאָר, ביז עס איז דאָך ענדליך געלונגען אין יאָר 1924 דעם שפּיטאָל צו באַפרייען.

עס איז אָבער זעהר לייכט זיך פאָרצושטעלען אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד דער שפּיטאָל האָט זיך דאַן געפונען, נאָכדעם ווי ער איז דורכגעגאַנגען פאַרשיידענע מאַכטען, וועלכע האָבען באַטראַכט דעם שפּיטאָל ווי אַ פרעמדע אינסטיטוציע, און אים ניט רעמאָנטירט, הגם די געביידע איז איינינגע מאָל רואינירט געוואָרען, צוזאמען מיט'ן אינווענטאר אין די פאַרשיידענע שלאַכטען. מען האָט דאַן געדארפט דעם בנין פונדאַסניי איבערבויען און אַ נייעם אינ־ווענטאר איינריכטען. דערצו האָבען זיך געפאָדערט קאָלאָסאַלע געלט־סומען. אַ דאנק דער באַדייטענדער מיטהילף פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדס־לייט אין אמעריקע און די זאַמלונגען אויפ'ן אָרט גופא, איז דער שפּיטאָל ווידער אויפגעבויט און אויסגעשטאַטעט געוואָרען, מיט אָפּטיילונגען פאַר אינערליכע און כירורגישע קראַנקהייטען און אַ געווינערינס־אָפּטיילונג, מיט די אַלע נויטיגע איינריכטונגען. עס איז וויכטיג דאָ צו דערמאָנען גרוניע האַלפערן, וועמעס לייסטונגען פאַר דער געווינערינס־אָפּטיילונג זיינען געווען אומגעהויער גרויס.

די מיטלען אויף דער אָנפירונג מיט'ן שפּיטאָל, דאָס הייסט, אויף צו דעקען די גרויסע יערליכע דעפיציטען, וואָס דער שפּיטאָל האָט געהאַט, זיינען געדעקט געוואָרען דורך אַ רעגולערען מאָנאַטליכען מיטגליד־אָפּצאָל פון דער אָרטיגער אידישער באַפעלקערונג, סובסידיעס פון די אָרטיגע קאָ־

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 179

**אַ קינדער שפּיל־פּלאַץ, אָרגאַניזירט פון „טאָז" און „וויצאָ", אין יאָר 1928**

רעכטס צו לינקס, פון דער פאַרוואַלטונג, זיצען: **ד״ר. יעקב סעדלעצקי, רחל זאַיאָנץ**; **שטייען** אין דער לעצטער רייהע: **אַ אומבאַקאַנטע, פרוי זאָן־מאַזיע, פריילין מאָסטקאָוו, סיאָמע גאַלין, זלאַטע שיין, פרוי קאָוועַנסקי־בליאַכער.**



אַ קינדער שפּיל־פּלאַץ, אָרגאַניזירט פון „טאָז" און „וויצאָ" אין יאָר 1928

נעמען אויף זייט 178

מונאַלע אַנשטאַלטען (מאַגיסטראַט און סיימיק), און פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, וועלכע האָבן אויף זיך גענומען אויסצוהאַלטען בעטען אין שפּיטאָל אויף זייערע אייגענע נעמען, אָדער אויף די נעמען פון זייערע קרובים.

אויפ׳ן סמך פון די דערמאָנטע איינקונפט־קוועלן האָט דער שפּיטאָל, אין יולי 1925, אָנגעהויבן זיין פאַרצווייגטע טעטיגקייט לטובת דער אי־דישער באַפעלקערונג פון וואָלקאָוויסק און איר אומגעגענד. פיל הונדערטער קראַנקע זיינען אַ דאַנק דעם שפּיטאָל געזונד געוואָרן. אַ גרויסע צאָל אָרימע געווינערינס האָבן געהאַט די מעגליכקייט דורכצומאַכן זייערע גע־בורטען ביי די שטרענגסטע היגיענישע באַדינגונגען, מעדיצינישער אויפ־פּאַסונג, גוטער פלעגע און זאָרגפעלטיגער באַהאַנדלונג ביז דער פולקאָמער דערהאָלונג נאָכ׳ן געבורט. דאָס אַלץ האָבן די אָרימע געווינערינס באַ־קומען פאַר אַ זעהר נידעריגען אָפּצאָל אָדער אינגאַנצען אומזיסט. אַ דאַנק דעם האָט דער שפּיטאָל דערוואָרבען אין אַ קורצער צייט די פּאָפּולאַריטעט און סימפּאַטיע פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג. די הוצאות פון שפּיטאָל אין יאָר 1927 האָבן דערגרייכט די סומע פון 45,000 זלאָטעס.

ס׳איז כדאי נאָכאַמאָל צו באַטאָנען די וויכטיגע ראָלע, וואָס ס׳האָבן געשפּילט אין דער אַנטוויקלונג פונ׳ם שפּיטאָל די צוויי אומפאַרגעסליכע איבערגעגעבענע כלל־טוער, סיאָמע גאַלין און אַרטשיק מאַרקוס. די דאָזיגע צוויי מענשען האָבן ממש אוועקגעגעבען זייער גאַנצע צייט און ענערגיע פאַר דעם וואוילזיין און די געזונט־באַדערפעניש פון דער וואָלקאָוויסקער אי־דישער באַפעלקערונג. די דאָזיגע צוויי אומדערמידליכע געזעלשאַפטליכע טוער האָבן אויסגענוצט יעדע געלעגענהייט אויף צו אַנטוויקלען דעם שפּיטאָל. דער פאַקט וואָס אביגדור פּערלמוטער האָט אין יאָר 1922 גע־בראַכט אַ געוויסע סומע געלט פון אַמעריקע און אויך צוגעזאָגט ווייטערדיגע שטיצע פון אמעריקע, האָט זעהר דערמוטיגט די צוויי איבענדערמאָנטע איבערגעגעבענע עסקנים און זיי האָבן ממש ניט גערוהט, געזאַמעלט געלט מיט גוטען און מיט בייזען, ביז ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרען — פון אַ חורבה — אַ שעהנער אידישער שפּיטאָל, וועלכער האָט שוין דאַן געדינט ניט נאָר די אָרימע שיכטען פון דער אידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך די בעלי־בית׳ישע עלעמענטען צוגלייך. דער עולם איז שוין קלוגער געוואָרען און האָט אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן, אז אינדערהיים קען מען קיינמאָל ניט קריגען אזא גוטע באַהאַנדלונג ווי אין אַ מאָדערנעם גוט־איינגעריכטעטען שפּיטאָל, און אויך פאַרמעגליכע קראַנקע האָבן זיך באַמיט אויפגענומען צו ווערען אין שפּיטאָל — פאַרשטעהט זיך — פאַר אַ באַשטימטען אָפּצאָל.




**אַ גרופּע דאָקטוירים און קראַנקען־שוועסטער פון אידישען שפּיטאָל אין יאָר 1934**

רעכטס צו לינקס: **דר. יצחק רעזניק, חיענקע גאָליאַנסקי, דר. יוסף ראַביץ, מאַניע לעוו, נחמה ליפּיאַק.**

רעכטס צו לינקס: **דר. יצחק גאָלדבערג, חיענקע גאָליאַנסקי, דר. משה ניעמטשיק, דר. יצחק רעזניק, נחמה ליפּיאַק, דר. דוד קאופמאַן.**

**ווען** אַרטשיק (אהרן מארקוס) **איז אָפּגעפאָרען קיין ארץ־ישראל, איז** ס'יאָמע גאלין **געבליבען אַלס דירעקטאָר פונ'ם אידישען שפּיטאָל און פונ'ם** "לינת־חולים"־**פאַראיין ביז צום אונטערגאַנג פון דער וואָלקאָוויסקער קהילה דורך די נאַצישע מערדער.**

**ביז דער ערשטער** וועלט־מלחמה **איז דער הויפּט־דאָקטאָר פונ'ם שפּיטאָל געוועז** דר. גאַלאַי. **ס'האָט דאָרט אויך געאַרבייט דער פעלדשער** ליוביטש **(פון גראָדנע), וואָס איז אויך געווען דער אַפּטייקער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז** דר. מ. ווינער, **וועלכער איז פריהער אויך געווען דער קאַזיאָנער ראַבינער, געווען דער הויפּט־דאָקטאָר פונ'ם אידישען שפּי־טאָל. נאָך אים האָט איבערגענומען די לייטונג פונ'ם שפּיטאָל** דר. יעקב סעדלעצקי, **וועלכער האָט אָנגעהאַלטען דעם אַמט ביז'ן יאָר 1932, ווען ס'איז אויפגענומען געוואָרען אַלס לייטער פונ'ם שפּיטאָל** דר. מנשה ניעמטשיק. **אויף דער טעטיגקייט פון אָט אַ דעם ענערגישען און פעהיגען דאָקטאָר און עסקן איז כדאי זיך אָפּצושטעלען אַביסעל מער באריכות.**

# די "טאָז" אָרגאַניזאַציע אין וואָלקאָוויסק

## די "טאָז"־טעטיגקייט אונטער דער אָנפירונג
## פון דר. מנשה ניעמטשיק

מיט׳ן אָנקומען פון דר. מ. ניעמטשיק קיין וואָלקאָוויסק האָט זיך אָנגעהויבען אַ באַזונדערס פרוקטבאַרע עפּאָכע אויף דעם געביט פון אידישער סאָציאַל־מעדיצינישער טעטיגקייט אין וואָלקאָוויסק. דר. מ. ניעמטשיק — וועלכער האָט אָנגעהאַלטען זיין אמט ביז אויגוסט 1939, ווען ער איז אַלס דאָקטאָר מאָביליזירט געוואָרען אין דער פּוילישער אַרמיי — שטאַמט פון וואַרשע, וואו ער איז געבוירען געוואָרען און האָט שטודירט מעדיצין און געאַרבייט אַלס דאָקטאָר אינ׳ם וואַרשעווער אידישען שפּיטאָל ביז׳ן יאָר 1918. דאַן איז ער אַוי״פגענומען געוואָרען אַלס לייטער פונ׳ם מוניציפּאַלען שפּיטאָל אין סקידעל, און אין יאָר 1932 איז דר. ניעמטשיק אָנגעקומען קיין וואָלקאָוויסק. זיין אַמט אַלס לייטער פונ׳ם וואָלקאָוויסקער אידישען שפּיטאָל האָט דר. ניעמטשיק איבערגענומען דורך אַ קאָנקורס. די וואָלקאָוויסקער אידישע געזעלשאַפטליכקייט האָט דר. ניעמטשיק׳ען געגעבען אַ פייערליכען קבלת־פּנים, אויף וועלכען ס׳איז אויסגעדריקט געוואָרען די האָפנונג, אַז אונטער זיין לייטונג וועט די וואָלקאָוויסקער "טאָז״־געזעלשאַפט — וועלכע האָט איבערגענומען אַלע סאָציאַל־מעדיצינישע טעטיגקייטען פונ׳ם "לינת־הולים״־פאַראיין — זיך אַנטוויקלען לטובת דער גאַנצער וואָלקאָוויסקער אי־דישער באַפעלקערונג. די האָפנונג פון די וואָלקאָוויסקער עסקנים איז פאַר־ווירקליכט געוואָרען, און דר. ניעמטשיק האָט ענטוויקעלט אין וואָלקאָוויסק אַ פאַרצווייגטע סאָציאַל־מעדיצינישע טעטיגקייט, און אין זיין צייט איז די וואָלקאָוויסקער "טאָז״־אָפּטיילונג שטאַרק געוואָקסען.

דער שפּיטאָל האָט באַקומען סובסידיעס פון דער וואָלקאָוויסקער קהילה און פון דער "טאָז״־צענטראַלע אין וואַרשע. אין דער אָפּטיילונג פאַר אינערליכע קראַנקהייטען זיינען געווען צוויי זאַלען פאַר קינדער. ס׳פלעגען אויך טאָג־טעגליך קומען פון די אַרומיגע שטעטלעך — ווי ליסקאָווע, אמסטיבאָווע, פאָרזעווע, זעלווע, ראָש און אַנדערע — פּאַציענטען אינ׳ם וואָלקאָוויסקער אידישען שפּיטאָל. אַרום 15־20 פּראָ־צענט פון די קראַנקע זיינען געווען קריסטען, וועלכע האָבען געצאָלט פאַר דער שפּיטאָל־באַהאַנדלונג, און דאָס געלט איז געגאַנגען פאַר אָרימע אידישע קראַנקע. אין דער אינערליכער אָפּטיילונג האָבען, חוץ דר. מ. ניעמטשיק, אויך מיטגעאַרבייט דר. יצחק וויינבערג און די יונגע דאָק־טוירים דר. יוסף ראַביץ, דר. דוד קויפמאַן, דר. וועלוועל וועלוועלסקי און




די זומער־קאָלאָניע פון „טאָז" אין יאָר 1932

אין דער לעצטער רייהע שטייען: סלאָווע (דעם ביאַליסטאָקער בעקער׳ס טאָכטער), אינ־זשעניר יעקב שיפּיאַצקי, דר. מנשה ניעמטשיק און זיין פרוי קלאַראַ.

ביידע מאַרקוסיעס; אין דער קימפּעטאָרין־אָפּטיילונג האָט געאַרבייט דר. פיינבערג; אין דער קינדער־אָפּטיילונג האָט מיטגעאַרבייט דר. יעקב סעדלעצקי.

מיט דער הילף פון דער צענטראַלע פון „טאָז־אָזע" אין וואַרשע איז געלונגען די וואָלקאָוויסקער עסקנים אַוועקצושטעלן דעם וואָלקאָוויסקער שפּיטאָל אויף אַ הויכער מדרגה. עס איז איינגעאָרדענט געוואָרען אַ רענטגען־לאַבאָראַטאָריע, ס׳האָט זעהר גוט פונקציאָנירט אַ כעמיש־באַקטעריאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריע. דער באַקאַנטער כירורג, דר. מעלזאַק, פון וואַרשע, האָט אָנגעפירט מיט דער כירורגישער אָפּטיילונג — און דאָס אַלעס האָט צוגעצויגען ניט נאָר פיל פּאַציענטען פון וואָלקאָוויסק און אומגעגענד, נאָר אויך יונגע דאָקטוירים, וועלכע האָבען שטודירט מעדיצין אין אויסלאַנד, פלעגען קומען קיין וואָל־קאָוויסק זיך צו פאַרפולקאָמענען אין זייער פּראָפעסיע. יעדער וואָלקאָ־וויסקער געדענקט געוויס די שעהנע געביידע אויף דער שפּיטאַלנער גאַס,




טוער פון דער „טאָז" געזעלשאַפט מיט די קינדער, יאָר 1932
צווישען די טוער געפינען זיך: סיאָמע גאַלין, פרוי א. שליאַקמאַן, ניעטע חוואָיניק, ניעטע קאַפּלאַן, חיענקע גאָליאַנסקי, העניע לידסקי, פריילין יונאָוויטש.

אַרום וועלכער ס'איז געווען אַ פּראַכטפולער גאָרטען, וואוהין מען פלעגט ארויספירען די קראַנקע אויף ספּעציעלע בעטלעך, אז זיי זאָלען שעפּען פרישע לופט — און זיי פלעגען זיך טאַקע אַ דאַנק דעם שנעלער דערהאָלען.

ביים שפּיטאָל זיינען אויך געווען קורסען פאַר קראַנקענ. ניעמטשיק פלעגט יערליך פאָרען קיין אויסלאַנד אויף איניגע וואָכען זיך צו באַקענען מיט די נייעסטע מעטאָדען פון שפּיטאָל־לייטונג. דר. ניעמטשיק האָט געשענקט באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט צו דער קיך און האָט זיך באַמיט, אז דאָס עסען זאָל זיין געשמאַק און דיעטעטיש.

אין שפּיטאָל זיינען אויך געווען קורסען פאַר קראַנקען־שוועסטער, און מען דאַרף, ביי דער געלעגענהייט, דערמאָנען די איבערגעגעבענע ארבייט פון די קראַנקען־שוועסטער אונטער דער לייטונג פון פרוי ליפּיאַק, וואָס איז געווען אַ תלמידה פון די קורסען. ביי דער אַרבייט פונ'ם שפּיטאָל האָט פיל געהאָלפען, אויסער דעם אויבען־דערמאָנטען סיאָמע גאלין, אויך גאַשטשינסקי.



**טוער פון דער „קינדער־שוץ" אָרגאַניזאַציע**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **פריילין אַבראַמיצקי, דינה איינהאָרן, פריילין שוואַרץ, אַנדזשע לעוו**; צווייטע רייהע: **צוויי לערער פון דער „תרבות" שולע, אברהמ'ל נאָוויק, דר. יעקב סעדלעצקי, מילע כירורג, אַ לערער**; דריטע רייהע: **זעליג קאַגאַן, פרוי פּיטקאָווסקי, פרוי יונאָוויטש (פרידמאַן), אַ אומבאַקאַנטע, ליזע יודזשיק, מאַשע יונאָוויטש, פייגעל גאַליאַצקי, אַ אומבאַקאַנטע, פרוי רובינשטיין.**

ס'איז דערפאַר קיין וואונדער ניט, וואָס דער וואָלקאָוויסקער שפּיטאָל האָט זיך דערוואָרבען אַ נאָמען איבער גאַנץ פּוילען.

צו דער זעלבער צייט האָבען די וואָלקאָוויסקער עסקנים — אָן דער שפּיץ פון וועלכע ס'זיינען געשטאַנען, אפרים באַראַש, אדוואָקאַט בליאכער, אינזשעניר שיפּיאַצקי און סיאָמע גאַלין — אָנגעפירט אַ ברייטע טעטיגקייט אין דער וואָלקאָוויסקער אָפּטיילונג פון „טאָז־אָזע". די טעטיגקייט איז געווען פאַרצווייגט אויפ'ן געביט פון באַהאַנדלונג פון קינדער אין שול־און־קינדער־גאָרטען־עלטער, היגיעניע, דאָס אויסטיילען שפּייז צו די וואָס וועגען ווייניג, פיש־אויל, וויטאַמינען, דאָס ציינהיילען (אויף דעם געביט האָט פיל מיטגעהאָלפען פרוי דר. ראָזע איינהאָרן־

פּשעניצקא) און „טראָפּען־מילך". ס'זיינען אויך יעדען יאָר איינגע־אָרדענט געוואָרען אין די זומער־חדשים אָפּרו־קאָלאָניעס פאַר אָרימע קינדער אין דעם בורקעס־וואַלד — אונטער דער לייטונג פון אַ ספּעציעל־צוגעפּאַסטען סטעף. ביי דער דאָזיגער אַרבייט האָט פיל מיטגעהאָלפען קלאַראַ ניעמטשיק (פרוי פון דר. ניעמטשיק). אין משך פון די לעצטע זעקס יאָר פאַר'ן לעצטען וועלט־קריג זיינען 82 קינדער געשיקט געוואָרען אויף דאַטשעס. ס'זיינען אויך געווען קראַנקע קינדער, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרען צו די קוראָרטען אין דרוזגעניק און טשעכאָטשינעק.

ס'איז סיסטעמאַטיש אָנגעפירט געוואָרען אַ קיך פאַר אַריבער 100 אָרימע שול־קינדער, וואו יעדעס קינד האָט באַקומען אַ מיטאָג פון פלייש און ברויט. „טאָז" האָט באַקעמפט אומריינקייט און פאַרלייזונג צווישען די קינדער דורך וואַשען און שערען פאַר די יום־טובים, און די לעצטע צייט האָט מען באַשטימט, אז מען זאָל יעדע צוויי וואָכען וואַשען און באָדען די שול־קינדער.

## אַ רעפּאָרט פון סיאָמע גאַלין וועגען דער „טאָז"־טעטיגקייט אין וואָלקאָוויסק אין יאָר 1939

אין אַן אַרטיקעל פון סיאָמע גאַלין, וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אינ'ם „וואָלקאָוויסקער לעבען" פון 16טען יוני 1939 — איניגע חדשים פאַר'ן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — ווערען איבערגעגעבען אינ־טערעסאַנטע פרטים וועגען דער „טאָז"־טעטיגקייט אין יאָר 1939:

1. די „טאָז"־אָפּטיילונג האָט געדונגען אין צענטער פון שטאָט אַ פּראַכט־פולען לאָקאַל, אין וועלכען עס זיינען איבערגעטראָגען געוואָרען פון שפּיטאָל די עקזיסטירענדע „טאָז"־איינריכטונגען און ס'איז אויך דאָרט געעפענט געוואָרען אַ רייהע נייע אָפּטיילונגען.

2. אין דער ניי־געעפענטער אמבולאַטאָריע זיינען די לעצטע מאָנאַטען אויפגענומען געוואָרען 342 קראַנקע.

3. ס'איז געשאַפען געוואָרען אַ באַראַטונגס־שטעלע פאַר שוואַנגערע פרויען.

4. די קינדער־קאָנסולטאַציע האָט אונטער איר אויפזיכט געהאַט 76 קינדער. אין משך פון דריי חדשים זיינען באהאנדעלט געוואָרען 422 פאַלען. ס'זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען קרוב צו 10 טויזענט פּאָרציעס מילך־מישונגען פאַר זויגענדע קינדער.

5. ס'איז נאָך גרויסע שוועריגקייטען און קאָלאָסאַלע אָנשטרענגונגען געלונגען צו קויפען אַלס אייגענטום פון „טאָז" אין די בורקעס אַ גרויסע



**דאָקטוירים פּערסאָנאַל און קראַנקען־שוועסטער פון אידישען שפּיטאָל**
**(פאַר'ן אויסברוך פון לעצטען וועלט־קריג)**

רעכטס צו לינקס : דר. פיינבערג, דר. מנשה ניעמטשיק, פרוי דר. אַדעל מאַרקוס, דר. יוסף ראַביץ, אַ קראַנקען־שוועסטער, דר. יצחק וויינבערג, דר. דוד קאופמאַן, גרונע האַלפּערין (אַקושערין), דר. מאַרקוס, דר. מ. מעלזאַק, אַ קראַנקען־שוועסטער, חאַמע ליפּיאַק (קראַנקען־שוועסטער).

שטוב מיט 1,700 קוואדראט מעטער וואַלד, וואו ס'האָט געזאָלט איינגעאָרדענט ווערען די „טאָז״־קאָלאָניע פאַר אָרימע און שוואַכע קינדער. צוליב אַ רייהע אומפּאָראויסגעזעהענע שוועריגקייטען איז נאָך ניט מעגליך געווען אין יענעם יאָר (1939) אויסצונוצען דעם פּלאַץ אַלס אַן אָפּרוה־קאָלאָניע פאַר קינדער, אָבער די „טאָז״־עסקנים זיינען געווען זיכער, אַז מיט דער צייט וועלען די דאָזיגע שוועריגקייטען באַזייטיגט ווערען.

6. אין פאַרלויף פון לעצטען בודזשעט־יאָר (דאָס יאָר פאַר דער מלחמה) זיינען אין שפּיטאָל געהיילט געוואָרען 898 קראַנקע — 7444 הייל־טעג ; ס'זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען אייז און כלים אין 518 פאַלען ; כ'זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען 420 עקזעמפּלארען פון „פאָלקס־געזונט״, 60 עקזעמפּלארען פון „סאָציאַל־מעדיצין״ און 125 קאַלענדארען. 570 צוהערער



אַמבולאַטאָריע פאַר קינדער־קאָנסולטאַציע
(אויפ׳ן בילד, ביים ארייננאַנג, שטייען מיליע כירורג און דר. יעקב סעדלעצקי)

זיינען געווען אויף דריי פאַרלעזונגען וועגען היגעניע, וואָס דער „טאָז״ האָט אין יענעם יאָר איינגעאָרדענט. ס׳זיינען באַזוכט געוואָרען דריי אידישע שולען און באַטראַכט געוואָרען 690 שול־קינדער, און אין רעזולטאַט פון דעם זיינען איבערגעשיקט געוואָרען 210 קינדער אין דער זומער־קאָלאָניע אין די בורקעס און 5 קינדער אין דער ווינטער־קאָלאָניע „טאָז״ אין ביאַליס־טאָק. ס׳זיינען איבערגעשיקט געוואָרען אין סאַנאַטאָריע „מרפא״ אין אָטוואָצק דריי לונגען־קראַנקע, און אין סאַנאַטאָריע „טאָז״, אין ווילנע, צוויי לונגען־קראַנקע. אין עלעקטראָ־ליכט־הייל־קאַבינעט זיינען געמאַכט געוואָרען 40 באַשטראַלונגען מיט קוואַרץ־לאָמפען, 200 באַשטראַלונגען מיט עלעקטרישע



קינדער פון דער זומער־קאָלאָניע פון דער „קינדער־שויץ"
אָרגאַניזאַציע

רעכטס צו לינקס: הרבנית צפורה קאַסאָווסקי, מיליע כירורג, הדסה גערשאָווסקי.

וואַנעס און 68 רענטגען־דורכלייכטונגען. ס'איז דורכגעפירט געוואָרען אַ רייניגונגס־אַקציע און ס'איז פאַרטיילט געוואָרען זייף, סאָדע און וואַפנע פאַר 80 משפחות. ס'איז פאָרגעזעצט געוואָרען די באַשפּייזונגס־אַקציע פאַר איבער 100 שול־קינדער.

***

אָט אזוי ברייט האָט זיך פאַנאַנדערגעוואָקסען די סאָציאַל־מעדיצינישע טעטיגקייט פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער געזעלשאַפטליכקייט — אונטער דער לייטונג פון דר. מ. ניעמטשיק — ביז עס האָט זיך אויסגעגאָסען גאָט'ס צאָרען אויפ'ן אידישען פאָלק, און צוזאַמען מיט'ן גאַנצען פוילישען אידענטום איז אויך אונטערגעגאַנגען וואָלקאָוויסק מיט אירע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס.

דר. ניעמטשיק, וועלכער איז, ווי מיר האָבען פריהער געשריבען, מאָביליזירט געוואָרען אַלס דאָקטאָר אין דער פוילישער אַרמיי, איז נאָכ'ן צוזאַמענברעכען פון פוילען אַריבער קיין לעטלאנד און רוסלאַנד, און פון דאָרטען איז ער, נאָך פיל וואַנדערונגען און יסורים, ענדליך, אין יאָר 1945, אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, וואו ער איז טעטיג אַלס דאָקטאָר אין רמת־גן און נעמט אַן אקטיווען אָנטייל אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון ישוב.

# דער וואָלקאָווישקער
# "מושב זקנים"

וואָלקאָווישק, ווי פיל אנדערע וויכטיגע אידישע קהילות אין מזרח־אייראָפּע, האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם, גוט־איינגעאָרדענטען מושב־זקנים, וואו ס'זיינען אויסגעהאַלטען געוואָרען אויף אַ בכבוד'יגען אופן אלטע עלענדע אידישע מענער און פרויען און וואו ס'איז געזאָרגט געוואָרען פאַר אַלע זייערע מאַטעריעלע און גייסטיגע באַדערפענישען.

פון אלע קלאַסען און שיכטען פון דער אָרטיגער אידישער באַפעלקערונג זיינען געווען די איינוואוינער פונ'ם וואָלקאָווישקער מושב־זקנים: געוועזענע קרעמער, בעלי־מלאכות (קירזשנער, שניידער, בעקער, קוימען־קערער, א. אַנ.) און כלי־קודש (שמשים, מלמדים). דאָס זיינען געווען מענשען, וועלכע זיינען געבוירען געוואָרען אין וואָלקאָווישק און צונויפגעוואַקסען מיט דער שטאָט, פאַרבראַכט דאָרט זייער גאַנץ לעבען, געהאַנדעלט און געאַרבייט, געבראכט אויף דער וועלט קינדער און קינדס־קינדער, דערצויגען און חתונה געמאכט זיהן און טעכטער, און אויף דער עלטער געבליבען עלענד און איינזאַם: די קינדער זיינען זיך צעפאָרען אין דער ווייטער וועלט, די כוחות זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרען און ס'איז געווען שווער צו פאַרדינען אויף חיונה. ס'זיינען געווען צווישען זיי אויך אזעלכע מענשען, וועלכע זיינען ניט אינגאַנצען פאַראָרימט געוואָרען, אָדער זיי האָבען באַקומען אַ געוויסע שטיצע פון זייערע קינדער אין אַמעריקע, אָבער זיי זיינען געווען זעהר איינזאַם, זיי זיינען געווען אלמנים אָדער אלמנות, זיי זיינען ניט געווען ביכולת צו קאָכען פאַר זיך אליין און אַכטונג געבען אויף זיך, איבערהויפּט אין די טעג, ווען זיי האָבען זיך געפיהלט שוואַך אָדער קראַנק, ווי ס'טרעפט אזוי אָפט אויף די עלטערע יאָרען.

פאַר די דאָזיגע אלע מענשען איז דער מושב זקנים געווען אַ היים און אַ קלוב צוזאַמען. זיי האָבען דאָרטען געהאַט זייערע פריינד, מענשען אין זייער עלטער, מיט וועלכע זיי האָבען געקענט פאַרברענגען און שמועסען וועגען די „אַלטע גוטע יאָרען". זיי האָבען דאָרטען געהאַט אַ באַקוועמע וואוינונג, וואו מען פלעגט פאַר זיי צוגרייטען געשמאַקע און נאַרהאַפטע מאָלצייטען, וואו מען האָט געוואשען זייער וועש; זיי האָבען דאָרטען אויך געהאַט אַן אייגענע שוהל, אַ פּלאַץ צום דאַווענען און לערנען. זיי האָבען אינ'ם

מושב־זקנים געקענט אויסלעבען זייער עלטער אין כבוד און אין רוה — אין זייער אייגענער שטאָט, וואָס איז זיי געווען אזוי איינגעבאקען אין האַרצען, וואו זיי האָבען מיטגעמאַכט אזויפיל פרייד און לייד און וואו ס'זיינען אויך געווען די קברים פון זייערע עלטערען און אור־עלטערען, פון זייערע נאָהענטע און ליבע קרובים און פריינד.

דער וואָלקאָוויסקער מושב־זקנים האָט זיך דערוואָרבען אַ זעהר גוטען נאָמען, און אין די לעצטע יאָרען האָבען זיך צו אים אויך געווענדעט און זיינען אויך אויפגענומען געוואָרען זקנים פון די אַרומיגע שטעטלעך.

צו דער דאָזיגער הויכער מדרגה זיינער איז דער וואָלקאָוויסקער מושב־זקנים געקומען אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער ארבייט פון זיינע טרייע עסקנים: די צוויי פרעזידענטען — מאיר שיף און (נאָך זיין טויט) ה' יעקב ווינעצקי, דער טייסטער־מאַכער פון דער ברייטער גאַס — מאַניע גאַלאַי, לייב העלער (וויס), יעקב ווינשטיין, ל. עיין, פרוי אסתר ווינשטיין, א. אָפענבערג (סעקרעטאַר) און אנדערע. די דאָזיגע חשוב'ע עסקנים האָבען ניט געשפּאָרט קיין מיה און ענערגיע, כדי אַוועקצושטעלען דעם וואָלקאָוויסקער מושב־זקנים אויף אַ געזונטען יסוד, אַזוי, אז ער זאָל פאַרשאַפען כבוד דער וואָלקאָוויסקער אידישער קהילה.

**
*

דער וואָלקאָוויסקער מושב־זקנים איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר 1908 (תרס"ח) אויף דער איניציאַטיווע פון ר' שרגא פייוועל העלער. אין יאָר 1927 האָבען זיך געפונען אינ'ם מושב־זקנים 18 זקנים און 13 זקנות, וועלכע זיינען אויסגעהאַלטען געוואָרען מיט אַלעמען: מען האָט פאַר זיי געקאָכט דריי מאָל טעגליך און זיי געגעבען טעה און צוקער צו יעדער צייט, ווען זיי האָבען עס געוואָלט. די הוצאה — אַחוץ האָלץ, וואָס אַמעריקע פלעגט דעקען — האָט באַטראָפען מאָנאַטליך אומגעפער 800 זלאָטעס. די הכנסה איז געקומען פון די פאָלגענדע קוועלען: 1) פון מאָנאַטליכען אָפּצאָל פון די מיטגלידער — 150 זלאָטעס אַ חודש; 2) פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג — 80 זלאָטעס אַ חודש; 3) פון פאַרשיידענע נדבות. דאָס אַלעס האָט אָבער ניט געקענט דעקען די גאַנצע הוצאה פונ'ם מושב־זקנים, און אַ גרויסער טייל פון דער הכנסה איז געקומען פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

אונטער דער אָנפיהרונג פונ'ם זעהר ענערגישען פרעזידענט מאיר שיף איז פיל פאַרבעסערט געוואָרען די דערנערונג און באַקליידונג פון מושב־זקנים. עס איז דורכגעפיהרט געוואָרען אַ פולקאָמער רעמאָנט אינ'ם בנין און

אין די צימערען, וואָס האָט זיי צוגעגעבען אַ גאַנץ אַנדערען אויסזעהן. עס האָט צוגעצויגען פיל געלט־מיטלען פון פאַרשיידענע קוועלען. פיל עלענדע זקנים פון פריהער־פאַרמעגליכע פאַמיליעס האָבען זיך געווענדעט מיט ביטעס צו דער מושב־זקנים פאַרוואַלטונג אַריינגענומען צו ווערען אין אַנ־שטאַלט. אָבער דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס זיינען ניט געווען קיין פרייע פלעצער פאַר די נייע קאַנדידאַטען פונ׳ם מושב־זקנים. ה׳ שיף האָט באַשלאָסען אויפצושטעלען נאָך אַ בנין, כדי מען זאָל קענען באַפרידיגען אַלע, וואָס נויטיגען זיך אין דעם דאָזיגען אַנשטאַלט. דורך זיינע גוטע באַ־ציהונגען מיט דער מאַכט איז אים געלונגען צו באַקומען פון די רעגירונגס־וועלדער אַ טייל פונ׳ם האָלץ, וואָס איז נויטיג געווען פאַר׳ן בנין. עס זיינען אויך אָנגעקומעןביישטייערונגען צום נייעם בנין פון אַנדערע קוועלען, און דער בנין איז אין משך פון אייניגע מאָנאַטען אויפגעשטעלט געוואָרען.

אַן אינטערעסאַנטע שילדערונג פונ׳ם וואָלקאָוויסקער מושב־זקנים, אונ־טער דער אָנפיהרונג פון מאיר שיף, געפינען מיר אין אַן אַרטיקעל פון אליעזר קאַליר, וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אינ׳ם „וואָלקאָוויסקער לעבען״ פון סעפטעמבער 1930. דער שרייבער דערצעהלט, ווי אַזוי ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט מיט׳ן רעדאַקטאָר, מאָטעל לייב קאַפּלאַן, אויף אַ באַזוך אין נייעם בנין פונ׳ם מושב־זקנים, וואָס אויף זיין שילד זיינען געווען די פאָלגענדע ווערטער: „מושב־זקנים — אל תשליכנו לעת זקנה״:

„אַ ריינער געברוקירטער הויף, פון איין זייט די אַלטע געביידע פון מושב־זקנים, פון דער צווייטער — אַ שפּאָגעל־נייע, נאָר־וואָס אויסגעבויטע, הילצערנע געביידע, מיט אַ שעהנעם גאַנעק, מיט אַ פּריצישען פראָנט, וואָס דערמאָנט אַ ווילע אָדער אַ פּענסיאָנאַט אין אָטוואָצק אָדער אין שווידער.

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 193

## דער וואָלקאָוויסקער „מושב־זקנים״

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, זיצען: אַהרע דער שמש, ל. עיין, מאיר שיף, אסתר וויינשטיין (די פאַדריאַדטשיכע), אברהם ניסן קראַנענבערג, טוביה דער שמיד (פון זאַמאָשטשע); צווייטע רייהע, שטייען: הערשעל דער פורמאַן, צוויי אומבאַקאַנטע פור־מאַנעס, גוטקע (מענדעל דעם דיין׳ס טאָכטער), אַ אומבאַקאַנטע, יאַנקעל דעם שמיד׳ס פרוי (פון זאַמאָשטשע), מיכלע, דעם בלינדענ׳ס פרוי, חיה פון מאַנגעל, אַ אומבאַ־קאַנטע, איידלע מאַזאָווער, חאַשע פאַזוניאַק, ניאָניע דעם בעל־עגלה׳ס פרוי, ציפּע די שמש׳טע, דינה לאה יעזערסקי (די טינט־מאַכערין), אַ אומבאַקאַנטע.
לעצטע רייהע: שמעון אָדעס דער מלמד, אלי דינה׳ס (דער מלמד), אַ אומבאַקאַנטער, אַ אומבאַקאַנטער, צאַלקע דער פורמאַן, יאַנקעל דער שמיד, דער בלינדער אָרימאַן, משה גאָשטשינסקי (דער געלער), אלטע׳ס ברודער פון אונטער׳ן באַרג, שמעון דער קוימען־קערער, אַ אומבאַקאַנטער.




דער וואָלקאָווישקער „מושב-זקנים" נאָכ'ן ערשטן וועלט-קריג
נעמען אויף זייט 192

מיר געהען אריין אינעווייניג. דורך אַ קאָרידאָר קומען מיר אריין אין אַ ברייטען פרייען און ליכטיגען עס־צימער: דריי גרויסע לאַנגע טישען שטעהען אויסגעשטעלט ווי אַ „ח". איבער זיי הענגט אַ 8־לאָמפּיגער זשיראַנדאָל, אויפ'ן וואַנט — אַ גרויסער קיילעכדיגער זייגער. אַ גרויסער קאַכעל־אויוועז פאַרשפּרייט אַן אנגענעהמע וואַרימקייט. פון אויווען געהט אַרויס אַ קראַן, וואָס באַזאָרגט מיט טעה אַ גאַנצען טאָג. אַן אַ זייט — אין אַ וואַנט, אַ פּירקאַנטיג פענסטערעל, דורך וועלכען מ'דערלאַנגט דאָס עסען פון דער קיך.

מיר זיינען אַריינגעגאַנגען אין דער קיך: אַ גרויסע פּליטע, און אַרום שטעהען טישען פאַרדעקט מיט בלעכען. אייניגע ווייבער שטעהען און וועל־גערען גרויסע בלעטער לאָקשען. עס איז געווען אַ מיטענוואָכעדיגער טאָג און מיר האָבען זיך געוואונדערט: „איר מאַכט שוין לאָקשען אויף שבת?" — האָבען מיר זיי געפרעגט. „ניין" — ענטפערען זיי אונז — „אויפ'ן אָווענט קאָכט מען וועטשערע — מילכיגע לאָקשען". „דאָס זיינען די קעכינס?" האָב איך גלאַט אין דער וועלט אריין אַ פרעג געטאָן, ניט האָבענדיג אַנדערש וואָס צו פרעגען. „ניין, ניין, — איילען זיך אונז צו „באַרוהיגען" די פּאָר אידענעס, — די קעכין איז אַ יונגע!" . . . מיר האָבען געשמייכעלט פון דעם ענטפער און זיינען אַריין אין „ספּיזשאַרניע": פאַרשיידענע שפּייז, זעקלעך מעל, אַ קיילע אוגערקעס, און אַנדערע שפּייזען. בכלל האָט זיך געמערקט אַ געניטע האַנט פון אַ גוטען בעל־הבית, מיט אַ שטרענגער עקאָנאָמישערווירטשאַפט, וואו מען האָט זיך נאָר אַ קער געטאָן. פון דאָרטען קומען מיר ארויס אויף אַ גרויסען אָפּגעצאַמטען הויף. אויפ'ן גראָז האָבען זיך געפּאַשעט עטליכע שעפּסען, הינער און הענער האָבען אַרומגעשפּאַצירט.

— דאָס איז שוין אויף כפּרות — האָט אונז דערקלערט דער פּרעזעס שיף, אָנווייזענדיג אויף די עופות, און האָט אונז פון דאָרט אַוועקגעפירט צום טייכעל.

— וואָס איז דאָרטען? — האָט זיך געוויצעלט דער רעדאַקטאָר קאַפּלאַן — אפשר אַ פּליאַזשע אויך? . . . — אָבער אנשטאָט אַ פּליאַזשע זעהען מיר אַן איינריכטונג אויף וועש וואשען פאַר די אַלטע לייט, אַ פּלאַץ אויף זומער־האַלץ.

אומקערענדיג זיך צוריק, באַווייזט אונז ה' שיף דאָס גלעקעל, וואָס פאַראייניגט ביידע געביידעס, און טוט דערביי אַ ציה פאַר'ן הענטעל . . . די אַלטינקע הויבען אָן ארויסצוגעהן, באַווייזענדיג זיך אויפ'ן הויף. זיי האָבען אַ „שאַנס" צו געהן פריהער עסען מיטאָג. זאָלען זיי עסען געזונטערהייט.

אין דער אַלטער געבײדע טרעפן מיר זקנים פון פאַרשידענעם אויס־זעהן. יעדעס געזיכט זאָגט עדות, וואָס פאַר אַ לעבן דער מענש האָט גע־לעבט, וואָס פאַר אַ 70 יאָר זיינען פאַר אים פאַרבײגעגאַנגען.

אָט טרעפן מיר אַ זקן, וואָס נעמט אונז אויף מיט אַ ברייטן „באָנזשור" און גלייך ווי ער זעהט אונז הויבט ער אָן צו „סקלאָניאָען": אימעניטעלני — קטאָ טשטאָ, ראָדיטעלני — קאָווא טשעווא, דאטעלני — קאָמו טשעמו . . . — און, אויב איר האָט חשק, זאָגט ער אייך גלייך אָפּ אויף א׳ יסוויניג די באַסניע „טשיזש אי סאָלאָוויי" . . . ער האָט אַמאָליגע יאָרען געלערנט אין אַ „פּרי־כאָדסקע אוטשילישטשע", געדענקט ער עס נאָך אָהן עין הרע.

— ווער איז דער מאַן? — פרעגט רעדאַקטאָר קאַפּלאַן.

— ר׳ שמעון דער קוימענקערער — ענטפערט דער פרעזעס שיף.

— דער שאָרענשטיינפייגער! — פאַרריכט ר׳ שמעון.

מיר זעגענען זיך מיט אים מיט אַ פריינדליכען „אָרעוואואַר" און ווינשען אים אריכת ימים . . .

מיר בליקען אריין אין די צימערען. אָט שמועסט צווישען זיך אַן אַלט פּאָר־פאָלק אזוי פריינדליך, אזוי ליבליך, נאָר זיצען — זיצט מען איינע צו די אַנדערע מיט די פּלייצעס . . .

אין אַ צווייטען צימער — אַ פּאָר אלטע אידענעס. איינע ליגט אויפ׳ן בעט, שלאָפט, אַ צווייטע זיצט אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן האַנט אזוי טיף פאַר־דאגה׳ט, אזוי ביטער פאַרזאָרגט.

וועגען וואָס טראַכט זי, אָט די עלענדע אָרימע אַלטיטשקע? — פאַלט מיר איין אין קאָפּ — וועגען איר פאַרגאַנגענער יוגענד? וועגען אירע קינ־דער, וואָס זיינען צעשפּרייט איבער שבעה ימים? וועגען איר „צוקונפט"... ס׳פאַרקלעמט מיר אין האַרצען קוקענדיג אויף איר, און דאָ דערמאָן איך זיך אָן דעם „אל תשליכנו לעת זקנה", אָט דאָ ווערט מיר דער פסוק קלאָר . . .

אָבער הער שיף לאָזט ניט טראַכטען, ער פיהרט אונז אין ביוראָ אריין...

אין ביוראָ נעמט אונז פריינדליך אויף דער סעקרעטאַר אברהם אָפּענבערג, יועלכער אינפאָרמירט אונז וועגען די מיטלען, מיט וועלכע די נייע געביידע איז אויסגעבויט געוואָרען: דעם פונדאַמענט האָט מנדב געווען דער פאַר־שטאָרבענער ר׳ שלום באַראַש; 500 דאָלאַר — האָראַצי העלער (דאָס הויז איז אויף זיין נאָמען); שיקאַגער פרויען פאַראיין — 100 דאָלאַר; די גראַפּינע בראָניצקאַ — 9 פעסטמעטער ברעטער; דער באַקאַנטער גוטבאַזיצער שיראַיעוו — אַ פאַרקאַן; ראָשער צעמענטאָווניע — 15 קיילכלעך צעמענט, אַ וואַרשעווער פירמע דעגענשיין — אַ קאַסטען גלאָז; די פרוי פראָדעל שיף — דעם זשיראַנדאָל; אַ וואַרשעווער פירמע עפּעלבוים — דעם זייגער . . .




אַלטע לייט פון „מושב־זקנים" פאַר'ן צווייטען וועלט־קריג

אַלץ איז באַקומען געוואָרען דורך די באַמיהונגען פון פּרעזעס שיף — דערקלערט אונז פריינד אָפּענבערג — אומעטום איז ער אליין געפאָרען, אַליין זיך געסטאַרעט.

מיר געהען ארויס פון ביורא. אין בית־המדרש צימער זיצען שוין אַרום טיש די אַלטע לייט און לערנען אַ פּרק משניות. דער שוחט, ר' ראובן קאַגאַן, זאָגט פאַר זיי אַ שיעור . . .

מיר דאַנקען דעם פּרעזעס שיף און פאַרלאַזען דעם אַנשטאַלט.

**
*

פאַר זיין איבערגעגעבענער ארבייט לטובת דעם אנשטאלט איז באַשלאָסען געוואָרען נאָך דעם טויט פון פּרעזעס מאיר שיף, אַריינצ.שטעלען זיין בילד אין דעם נייעם בנין, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרען דורך אים.

נאָך דעם טויט פון ה' מאיר שיף (אין יאָר 1936) איז באַשלאָסען געוואָרען צו דערוועהלען אַלס פּרעזידענט פונ'ם מושב־זקנים דעם שוואַכען, באַשיידענעם טייסטער־מאַכער יעקב ווינעצקי, וועמעס פרוי איז געווען די קוזינע פון דעם באַוואוסטען וואָלקאָוויסקער עסקן און סוחר משה זעליצקי. דער טייסטערמאַכער איז געווען אַ מערקווירדיגער טיפּ פון א הארציגען

פּאָלקס־מענטשן, וועלכער האָט זיך מיט זיין פּרוכטבאַרער טעטיגקייט לטובת דעם „מתן־בסתר" (די אינסטיטוציע וואָס האָט געהאָט די אויפגאַבע צו העלפען אין געהיים „יורדים" פון'ם בעל־בית'ישען און פאַרמעגליכען קלאַס, וועלכע זיינען צוליב פאַרשיידענע סיבות פאַראָרימט געוואָרען און שעמען זיך צו בעטען שטיצע) באַליבט געמאַכט ביי אלע שיכטען פון דער וואָל־קאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג.

נאָכדעם ווי די רוסען זיינען אריין אין שטאָט, האָט דער מושב־זקנים פונקציאָנירט אויף אַ נאָרמאַלען אופן. אָבער אין דער צייט פון דער דייטשער באָמבאַרדירונג איז דער מושב־זקנים אינגאַנצען אָפּגעברענט געוואָרען. די אלטע לייט זיינען דאַן צעשיקט געוואָרען אין פאַרשיידענע הייזער, צו זייערע קרובים אָדער סתם צו באַקאַנטע.

אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע איז אַ טייל פון זיי געשטאָרבען צוליב די שווערע לעבענס־באַדינגונגען. ביים ארויסטרייבען אין די בונקערס, זיינען נאָר די שטאַרקערע צווישען זיי אַוועק מיט זייערע פאַמיליעס. די שוואַכערע, וועלכע האָבען ניט געקענט מיטגעהן, זיינען דעם 2טען נאָוועמבער 1942 צונויפגעקליבען געוואָרען אין תלמוד־תורה און דאָרט פון די דייטשען דער־שאָסען געוואָרען. די איבעריגע פון זיי, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט דעם בונקער־פּעריאָד, זיינען שפּעטער, פאַר'ן אַרויסטרייבען פון די בונקערס, צונויפגעבראַכט געוואָרען אין דעם באַרימטען בונקער „נומער דריי", וואו זיי זיינען פאַרגאַזט געוואָרען.

# די וואָלקאָוויסקער פייערלעשער

אין די אידישע שטעטלעך פונ׳ם אַמאָליגען תחום־המושב אין רוסלאַנד פלעגען פאַרנעמען אַ גרויסען פּלאַץ אינ׳ם לעבען פון דער אידישער באַ־פעלקערונג די שריפות און די מורא פאַר זיי. צוזאַמען מיט אלע אנדערע צרות, ווי עפּידעמיעס, אנטיסעמיטיזם, צאַרסקע גזירות און אַנדערע שלעק און אַנשיקענישען, פלעגען אויך שריפות געהערען צו די אומפאַרמיידליכע ערשיינונגען אינ׳ם אידישען שטעטעל. אָפט פלעגען אין אַ שעהנעם זומער־טאָג די דאָזיגע שריפות פאַרוואַנדלען אין משך פון אַ פּאָר שעה צעהנדליגער און הונדערטער בעלי־בתים און סוחרים אין אָרימע לייט, פאַר וועלכע עס פלעגט קיין אנדער ברירה ניט בלייבען ווי זיך ארויסלאָזען איבער דער וועלט מיט אַ כתב פון נשרפים, צו בעטלען אויף חיונה.

מען דאַרף אויך נעמען אין אכט, אז אין אמאָליגע יאָרען איז ניט געווען פאַרשפּרייט דער ענין פון פאַרזיכערונג, „סטראַכאָוועקע״. ווען ס׳האָט גע־טראָפען אַן אומגליק, אז אַ פייער האָט אויסגעבראָכען זומער־צייט אין אַ שטעטעל, וואו די מייסטע הייזלעך און קראָמען זיינען געווען געבויט פון האָלץ, וואָס איז געווען אויסגעטריקענט צוליב די זומערדיגע היצען, — פלעגט דאָס געשריי אַליין: „פּאָזשאַר!״ „פּאָזשאַר!״ (פייער! פייער!) אָנ־וואַרפען אויף אלע איינוואוינער אַ שרעק און אַ פּאַניק, ווייל מען האָט קיינמאָל ניט געקענט וויסען, וואו און ווען דאָס פייער וועט זיך אָפּשטעלען. אויב ס׳האָט אויסגעבראָכען אַ פייער אין איין עק שטאָט, פלעגט מען באַלד אין אלע גאַסען אויפ׳ן צווייטען עק שטאָט אָנהויבען אויסראַמען פון די הייזער דאָס מעבעל מיט׳ן בעטגעוואַנט מיט אלע אנדערע כלים. די מאַמעס פלעגען באַלד לויפען צוזאַמענזוכען זייערע קינדער, און אין שטאָט פלעגט זיך טאָן „חושך״!

אין יעדען אידישען שטעטעל פלעגען פון צייט־צו־צייט פאָרקומען שריפות, קלענערע און גרעסערע, וואָס האָבען זיך אזוי שטאַרק איינגעקריצט אין זכרון פון דער באַפעלקערונג, אז די שטאָטישע אידען פלעגען פון זיי

# קול קורא

## לאחינו היקרים והנאמנים אשר באמעריקא וביחוד לאחינו בני עירנו ילידי עיר וואלקאוויסק ברכת השם תבוא עליכם מעתה ועד עולם!

ברידער! גאטס צארן איז אויסגעגאסען געווארין אויף אונזער שטאדט ובאור ליום ג׳ לסדר „ואש יצאה מאת ד׳ ר״ח תמוז כחצות הלילה, האט א העלישער פייער פערברענט העכער 200 בלויז יודישע הייזער, אין וועלכע עס האט געלעבט דער ארימסטער טייל בע״ב פון אונזער שטאדט. מענשען וואס האבען שטענדיג געהארוועט מיט׳ן ביטערן שוויים אויפ׳ן טרוקענעם שטיקעל ברויט און איצט זיינען זיי געבליבען בערם ובחוסר כל: אהן ברויט, אהן אדאך, און אהן אקישעלע צוא קאפענס. גרויס און שרעקליך איז דאס אונגליק וואס איז געקומען אויף אונזער שטאדט, אבער נאך גרעסער און שרעקליכער איז דער חורבן פון אונזער קהילה הקדושה: אלץ וואס מיר און אונזערע עלטערן האבען דורות לאנג געקליבען, געבויט און מיסד געווען—פון אונזער הונדערטיאהריגער, וועלט בעריהמטער שול, ביז צוא דעם „מושב זקנים״ וואס מיר האבען ערשט היינטיגס זומער געעפענט; אונזער גאנצער שולהויף מיט אלע זיינע גרויסע בתי מדרשים, אין וועלכע עס איז שטענדיג אזוי פיעל תורה געלערנט געווארען; אונזער בעריהמטע „תלמוד תורה״ וישיבה הגדולה, וואס מיר האבען אין די לעצטע יאהרען פערבעסערט און פערגרעסערט, און 250 ארימע קינדער האבען אין 7 חדרים געלערנט א״ב, חומש און גמרא וגם כתב ולשון און חשבון; בית התמחוי, הכנסת אורחים, גמילות חסדים, בתי מרחץ, בית הטבילה, דער נייער גרויסער אייזקעלער פון „לינת הצדק״—אלץ, אלץ איז אוועק מיט׳ן רויך און אונז איז איבערגעבליבען נאר אביסיל אש—זכר לחורבן.

ברידער! מיר וויסען, אז איהר אין אמעריקא לעבט איצט איבער אשלעכטע צייט און דאך ווענדין מיר זיך צוא אייך בבקשה ותחנונים, אז איהר זאלט אונז קימען צוא הילף. איהר לעבט ב״ה אין א פרייער געבענשטער לאנד אונד אויב איהר האט יעצט א שווערע צייט, האפפען מיר אז דאס איז נאר לפי שעה, א קריזיס וואס וועט מיט גאטס הילף אין גיכען מיידען, און מיר בעוה״ר—וואו און ווי אזוי מיר לעבען—דאס פערשפארען מיר אייך צוא דערצעהלען. ברידער העלפט אונז! ובזכות זה וועט אייך גאט העלפען און איהר וועט אי״ה שטענדיג לעבען אין עושר און אין כבוד.

העלפט אונזערע אונגליקליכע נשרפים! העלפט אונזער קהילה אויפבויען אונזערע הרוב געווארענע הייליגקייטען, העלפט אונז צוריק אויפשטעלען אונזערע מוסדות הצדקה! און גאנץ בעזונדער איז גרויס אונזער בקשה, און מיט טרערען אין דיא אויגען בעטען מיר אייך, איהר זאלט אונז העלפען צוריק אויפבויען און אויפשטעללען אונזער תלמוד תורה וישיבה.

ברידער! ווער פון אייך האט ניט גילערנט פיעל עס איז אין א תלמוד תורה? וועמען האט איהר צוא פערדאנקען דאס ביסל עברי, דאס שטיקעל חומש, דעם פרק משניות וואס איהר לערנט אמאל? בעצאהלט זשע איצטער פאר זיך אליין אייער אמאליגען שכר לימוד—אמאלטען אבער א הייליגען חוב. ווער פון אייך פערשטעהט ניט די וויכטיגקייט פון דעם ביסעלע לערנען וואס אנ׳ארים קינד טראגט ארויס מיט זיך פון תלמוד תורה? ווער פון אייך פיהלט ניט וויא גוט דאס איז דעם פערוואגעלטען מענשען וואס קען אליין שרייבען און לייענען א בריוויל? און אט זיינען אונזערע 250 ארימע קינדער געבליבען נעבאך אהן חדרים, אהן מלמדים און אהן לעהרער—250 אינגלאך, וואס 200 פון זיי, אויב ניט אללע, וועלין אמאל מגולגל ווערין צוא אייך אין אמעריקא. ברידער! העלפט אונז מאכין אט די ארימע קינדער פיר ארענטליכע מענשען צו גאט און צו לייט. זאללען זייא אט די שפעטערדיקע בעלי מלאכות, ניט בלייבען קיין עמי ארצים; זאללען זייא קענען אביסיל לערנען, אביסעל שרייבען און זאללען דיא בעסערע פון זייא בלייבען ביין לערנען און מיט דער צייט ווערין לומדים רבנים און, ווער וויים, אפשר גאר גאוני ישראל. אט די קליינע, נאקעטע, הונגעריגע אינגלאך, זיי וועלען בויען דאס בית ישראל, און זיי וועלען אפשר שפעטער זיין אונזער שטאלץ, אונזער בעשיצונג.

ברידער! נעמט א חלק אין דער גרויסער מצוה פון החזקת התורה „עץ חיים היא למחזיקים בה״ און אז איהר וועט מחזיק זיין אונזערע בני תורה, וועט איהר און אייערע קינדער בזכות זה געבענשט ווערען מיט עושר און מיט כבוד און מיט לאנגע יאהר, ככתוב: „אורך חיים בימינה בשמאלה עושר וכבוד״.

ברידער! מיר האפפען, אז אונזער בקשה ודברי תחנונים וואס גיהען איצט ארויס פון אונזערע פערביטערטע הערצער וועלען אבקלינגען טיעף אין אייערע גוטע אידישע הערצער. און יעדער־ער פון אייך וועט אונז מיטהעלפען אליין עד כמה שידו מגעת, און וועט חוץ דעם נאך מעורר זיין זיינע בעקאנטע און גוטע פריינד זיי זאללין אויך נעהמען א חלק אין דער מצוה. ובזכות התורה הקדושה ובזכות תינוקות של בית רבן תבוא עליכם ברכת שמים ממעל, ותזכו לראות בתשועת ישראל ובנחמת ציון אמן!

**אבא יעקב הכהן בארוכאוו חופ״ק**

**מנחם יוסף הכהן וואלק מו״צ**

**טובי׳ ראוויצקי מו״צ פהק״ק**

## א הילפס־רוף צו די לאַנדסלייט אין אַמעריקע נאָך דער צווייטער גרויסער שריפה אין יאָר 1908

מאַכען די הויפּט־סימנים פון זייער צייט־רעכענונג: „פאַר דער גרויסער שריפה" און „אַזוי פ"ל און אַזוי פיל יאָרען נאָך דער גרויסער שריפה" . . . אויך וואָלקאָוויסק האָט געהאַט אַזעלכע שריפות: די ערשטע אין 1886 און די צווייטע שריפה אין 1908. דערפאַר איז אויך קיין וואונדער ניט, וואָס די גרינדונג פוון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט איז בשעתו אויפגענומען געוואָרען פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג מיט גרויס פרייד און צופרידענקייט. צו דער פייערלעשער־געזעלשאַפט האָבען געהערט אידען פון אלע קלאַסען און שיכטען, און פון יאָר־צו־יאָר איז די פייערלעשער־געזעלשאַפט אַלץ מער געוואָקסען, זיך אַנטוויקעלט און פאַרנומען אַלץ מער און מער פּלאַץ אינ'ם לעבען פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג.

די געשיכטע פון דער וואָלקאָוויסקער פייערלעשער־געזעלשאַפט שטעלט מיט זיך פאָר אַ שט"ק געשיכטע פון וואָלקאָוויסקער אידישען פאָלקס־לעבען. ווייל כאָטש די וואָלקאָוויסקער פייערלעשער־געזעלשאַפט איז געווען אַן אַל־געמיינע, אַ שטאָטישע — זיינען אָבער כמעט אלע אירע מיטגלידער געווען אידען, און צווישען אַ צוויי הונדער"ט מיטגל"דער, וואָס די געזעלשאַפט האָט פאַר דער לעצטער מלחמה געצעה"לט, זיינען קוים געווען אייניגע קריסטען. דאָס האָט מען אויך געקענט זעהן פון די נעמען פון אירע מיטגלידער, וועלכע האָבען אין פאַרשיידי"נע צייטען געהערט צו דער וואָלקאָוויסקער פייערלעשער־קאָמאַנדע און האָבען געהאָלפען אָפּהיטען די לעבענס און פאַרמעגענס פון דער באַפעלקערונג. צווישען די מיטגלידער פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע זיינען געווען מענשען, וועלכע האָבען געהערט צו אלערליי פאַכען און פראָ־פעסיעס: גלאָז־קרעמער, כלי־זמר, זייגערמאַכער, בעקער, קצבים, קרעמער, שערער, שוסטער, שניידער, שטעפּער, שוחטים, שניט־קרעמער, קאָטלער, אייזען־קרעמער, אָנגעשטעלטע, האָטעל־אייגענטימער, בלעכער, פּאַפּיראָסען־מאַכער, מוליאַרעס, קירזשנער, א. אַז. וו.

אויך דער אָרקעסטער פ"ן די פייערל"עשער, וואָס איז שפּעטער גע־גרינדעט געוואָרען, איז מייסטענס באַשטאַנען פון אידען, און האָט זיך אין משך פון דער צייט אנטוויקעלט צו גאָר אַ הויכער מדרגה.

**
*

נאָך דער ערשטער שריפה, דערצעהלט טוביה פענסטער, האָט קאַפּעל איסר וואָלקאָוויסקי פאָרגעשלאָגען מ'זאָל גרינדען אין שטאָט אַ פייער־לעשער קאָמאַנדע. דער פאָרשלאָג איז דעם עולם געפעלען געוואָרען און מען האָט זיך געווענדעט צום גראָדנער גובערנאַטאָר וועגען די נויטיגע פאָר־מאַליטעטען.



אָסטראָגער (קאָשטשושקע) גאַס פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה
אויפ'ן בילד פון רעכטס זעהט מען די אַלטע געביידע פון דער פייערלעשער קאָמאַנדע

די ערשטע זיצונג וועגען דעם איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין גערטעל ביים אַלטען יעזערסקי. צו דער גרינד, נגס־אסיפה זיינען געקומען די פּני פון וואָל־קאָוויסק; דער פּריסטאוו, דער נאָטאַריוס בייראשעווסקי, דער פּאָסטמייסטער שוואַב, דער פּאָדאַטנער אינספּעקטאָר זשדאַנאָוו און דער דאָקטאָר אָלשעווסקי. מ'האָט אויסגעאַרבייט אלע תקנות, אָבער ביי דער פראַגע וועגען אוניפאָרם פאַר די פייערלעשער זיינען געווען חילוקי־דעות. מ'האָט ניט געקענט באַ־שטימען צי דאַרפען די פייערלעשער טראָגען מונדירען, אָדער זיי קענען יוצא זיין מיט אַ רויט היטעל, און אפשר גאָר מיט אַ באַנד ארום ארבעל, און צי מעגען זיי טראָגען די סימנים אַ גאנצע וואָך אָדער בלויז ביי דער עבודה פון לעשען דעם פייער. דער אַלטער יעזערסקי האָט אָבער געהאָלפען קומען צו אַן אויסגלייך, און קאָפּעל איסער'ס פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען.

דער ערשטער פייערלעשער אין וואָלקאָוויסק איז געווען מאָטעל קילי־קאָווסקי (וועלכער איז אויך באקאנט אונטער'ן נאָמען מאָטקע פּאָס). ער איז אינגאַנצען זיבעצעהן יאָר אַלט געווען, ווען ער איז — דער ערשטער — געקומען אין דער אופראווע און האָט זיך פרייווילליג פאַרשריבען אַלס פייער־לעשער. מאָטעל קיליקאָווסקי, וועלכער געפינט זיך איצט אין אמעריקע (האַרטפאָרד, קאָנעטיקאַט), האָט אונז אויך איבערגעגעבען אייניגע אינטע־

רעסאַנטע פּרטים און עפּיזאָדען וועגען דער געשיכטע און אַנטוויקלונג פון דער וואָלקאָוויסקער פייערלעשער־געזעלשאַפט.

דער ערשטער נאַטשאַלניק פון די וואָלקאָוויסקער פייערלעשער איז גע־ווען דער היכער זשדאַנאָוו. אין זיין צייט זיינען די פייערלעשער איינגעטיילט געוואָרען אין פאַרשיידענע אָפּטיילונגען — פעסלעך־אָפּטיילונג, מאַשינען־אָפּ־טיילונג און די קלעטערער־אָפּטיילונג, די לאַזאַרשטשיקעס, ווי מען האָט זיי אין שטאָט אָנגערופען. קיליקאָווסקי איז געווען דער אָנפירער פון די לאַ־זאַרשטשיקעס, וועלכע פלעגען קריכען אויף די דעכער. זיין אַמביציע איז געווען צו ווערען דער סאַמע הויפּט פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע און ער האָט עס אויך דערגרייכט.

די נאַטשאַלניקעס זיינען געווען לויט כראָנאָלאָגישער אָרדנונג: זשדאַנאָוו, יוסאַנאָוו, צוויי קריסטליכע נאַטשאַלניקעס, אברהם ניימאַן (מיט אים האָט זיך אָנגעהויבען די טראַדיציע פון אידישע נאַטשאַלניקעס), אברהם גאַליאַצקי (דער שערער) מאָטקע קיליקאָווסקי; דער לעצטער נאַטשאַלניק איז געווען מלך חאַנטאָוו.

אין אָנהויב איז די פייערלעשער־קאָמאַנדע געווען אין אַ קליין הייזעל. אָבער שפּעטער האָט מען אויפגעבויט אַ גרויסע געביידע מיט אַ טורעם און מיט קראָמען. דאָרט האָט זיך אויך געפונען אַ גרויסער שפּייכלער, וואָס מען האָט גערופען „פּאָזשארני סאַראַי״. אין דעם שפּייכלער איז געווען אַ מאַשין מיט אַ רער, וואָס האָט זיך געדרעהט אויף אלע זייטען, כדי צו קענען שפּריצען אין אלע ריכטונגען. אכט מענשען פלעגן פּאָמפּען, פיר אויף יעדער זייט. דאָס וואסער פלעגט מען פירען אין 4־5 פעסער.

## גרינדונג פון דער פייערלעשער געזעלשאַפט און קאָמאַנדע

ענדע לעצטען יאָרהונדערט, אין יאָר 1897, זיינען אָנגעקומען פונ׳ם גובערנאַטאָר אין גראָדנע אינסטרוקציעס צו גרינדען אין וואָלקאָוויסק אַ פייערלעשער־געזעלשאַפט. די שטאָט־פאַרוואלטונג האָט זיך דעמאָלט גע־פונען אויף דער אָסטראָגער גאַס, לעבען דער וויסער טורמע. די וואָלקאָ־וויסקער אידישע יוגענד האָט שנעל רעאַגירט אויף די אַפּיעלען פון דער שטאָט־פאַרוואלטונג און זיך פאַרשריבען אלס פרייוויליגע מיטגלידער אין דער ניי־געגרינדעטער פייערלעשער־געזעלשאַפט.

דער ערשטער צו פאַרשרייבען זיך איז, ווי אויבען דערמאָנט, געווען דער יונגער זיבעצעהן־יאָריגער מאָטעל קיליקאָווסקי. און אָט ווי אזוי דאָס איז פאָרגעקומען:

## פיר אידישע קאָמענדאַנטען פון דער פייערלעשער-בריגאַדע



אברהם ניימאַן



אברהם גאַליאַצקי



מאָטעל קיליקאָווסקי



מלך חאַנטאָוו

אין אַ שעהנעם זומער טאָג האָט מאָטקע קיליקאָווסקי שפּאַצירט אין גאַס מיט אַ פּאָר בחורים חברים און דערזעהן, אז א רעדעל מענשען שטעהט לעבען חפצ׳עסביידעל, וואו מען פלעגט פאַרקויפען סאָדע־וואַסער און „מאראָזשענע״ (אייז־קרים), און ס׳איז דערפאַר דאָרטען געווען אַ מין „צענ־טער״, אַ פּלאַץ וואו די יוגענד פלעגט זיך צונויפקומען, שמועסען און פאַר־ברענגען. ווען מאָטעל איז צוגעגאַנגען געוואויער ווערען וואָס ס׳קומט דאָרט פאָר, האָט ער דערזעהן, אז אַ סטראזשניק ((פּאָליציימאַן) קלעפּט אָן אויף אַ טעלעגראַפען־סלופּ אַן „אָביאַוולעניע״, אין וועלכער ס׳ווערט דערקלערט, אַז לויט׳ן באַפעל פונ׳ם גובערנאַטאָר, ווערט אין וואָלקאָוויסק געגרינדעט אַ „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע״, און מ׳בעט, אַז וואָלונטירען זאָלען קומען זיך פאַר־שרייבען אין דער „אופראווע״. ווען מאָטקע האָט דאָס איבערגעלייענט, איז ער גלייך אַוועק אין אופראווע זיך פאַרשרייבען אין דער „פּאָזשארנער קאָ־מאַנדע״. ווען דער י. נגער קיליקאָווסקי איז אַריינגעקומען אין סעקרעטאַריאַט צו פאַרשרייבען זיך, האָט דער סעקרעטאַר, באַלדאַקאָוו, זיך געווענדעט מיט באַוואונדערונג צו די באַאַמטע, זאָגענדיג: „סמאָטריטיע, גאָספּאָדא, יעשטשע ביע וויקלעיעלי, אַ אוזשע יאַווילסיאַ אָדין ופּיסאַטסיאַ״ (זעהט, מיינע הערען,

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 205

## די פייערלעשער-דרוזשינע אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער צייט פון ערשטען וועלט-קריג

רעכטס צו לינקס — ערשטע רייהע פון אונטען: עפּשטיין (פון גלאָז־קראָם), חיים גאַליאַצקי, לאַנגבאָרד (פון די דונערס).

צווייטע רייהע: מושאַצקי (דעם קאָטלער׳ס), שמואל שקאָלניק, עסמאָנט (אַ קריסט), שמואל קאַפּלאַן, טישקעוויטש (דער בורגערמייסטער), אברהם גאַליאַצקי (קאָמענדאַנט), מאַראַנץ, אַ קריסט, מאָטעל קיליקאָווסקי (אַסיסטענט־קאָמענדאַנט), הערשעל דעם בלעכער׳ס זוהן, לאַנגבאָרד, יאָסיל פּעקאַרסקי (פּאָליאַק).

דריטע רייהע: לייב עיין, מאַזיע (דער הינקעדיקער), אַלטער גאַלאַי, גאַליאַצקי (דעם שוסטער׳ס זוהן), פייגעל דער אייזענקרעמערקע׳ס אַ אייניקעל, דוד (פון די מאַטשאַסעס), בעריל עפּשטיין (דער קאָטלער), אפרים יעלסקי, סלוצקי, יאָסיל באַיאַרסקי (דער קירזשנער, משה ווינעצקי (דער זייגער־מאַכער), שטשופּאַק (נח דעם שוחט׳ס אַ זוהן), לאַנגבאָרד (פון די דונערס), שטיין (דער קצב), שיפּיאַצקי (דער שטעפּער), גאַליאַצקי (דעם שוס־טער׳ס אַ צווייטער זוהן).

פערטע רייהע: שטשופּאַק, דובינסקי, שימקע לעווקאָוו (דער קלעזמער), לייזער שיף, יאָסיל דאַווידאָווסקי (דער שטעפּער), מאָטקע לייב קאַפּלאַן, משה פריפּשטיין, דוד פריפּ־שטיין, לאַנגבאָרד (פון די דונערס), מאָטיל קאַפּלאַן.

לעצטע רייהע: שעוואַכאָוויטש, אַ קריסט, משה׳קע רוטשיק, לייזער סאָקאָלסקי, פסח גאַליאַצקי, ישראל יעלין (אַ קלעזמער), אַ קריסט (יאָדזשיק׳ס זוהן), עפּשטיין (פון גלאָז־קראָם), מושאַצקי (פון די מאַטשאַסעס).




די פייערלעשער־דרוזשינע אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע
אין דער צייט פון ערשטען וועלט־קריג

נעמען אויף זייט 204

מיר האָבען נאָך ניט באַוויזען אויסצוקלעפּען אלע אפישען און אָט איז שוין איינער געקומען זיך פאַרשרייבען). דאַן האָט ער געעפענט אַ נייעם בוך און האָט אריינגעשריבען דעם ערשטען פּריוויליגען — מרדכי קיליקאָווסקי.

איניגע וואָכען שפּעטער איז פאָרגעקומען די ערשטע פאַרזאמלונג פון די פייערלעשער. אומגעפער פינף־און־פערציג יונגעלייט, כמעט אַלע אידען, האָבען זיך אין איר באטייליגט. צו דער פאַרזאמלונג איז אויך געקומען זשדאַנאָוו. ער איז געווען דער אינספעקטאָר פון שטאָט. געווען אַ הויכער, אַ דיקער, האָט געוואוינט אויף קארטשיזנע לעבען דער ווייסער טורמע. ער פלעגט דאַרפען קאָנטראָלירען די פאַטענטען און די דערלויבענישען פון די קראָמען, — אָבער ער פלעגט דורכקומען מיט זיינע קליענטען . . . ער האָט אַלע מיטגלידער באַדאַנקט פאַר זייער אינטערעס, און די פייערלעשער־געזעל־שאַפט האָט אים נאָכדעם אויסגעקליבען אַלס איר ערשטען קאָמענדאַנט. דער פאָרזיצענדער פון דער פייערלעשער געזעלשאַפט איז געוואָרען אַנדרעיעוו, דער וואָלקאָווויסקער אויספאָרשונגס־ריכטער. אַ קורצע צייט נאָכדעם האָבען זיך אלע פּי־ערלעשער ווידער פאַרזאמעלט, און אַ ספּעציעלער אָפיציר פון דער 16טער בריגאדע (אַרטילעריע) איז איינגעלאַדען געוואָרען צו מושטירען די פּי־ערלעשער. זשדאַנאָוו האָט די גרופּע אָרגאַניזירט און יעדער איינער האָט באַקומען זיין אויפגאַבע: אַ גרופּע ביי מאשינען, א גרופּע ביים וואסער און אַ גרופּע פון „לאַזאַרטשיקעס", וואָס קריכען אויף די דעכער און אויף די שטריק. מאָטקע קיליקאָווסקי איז געוואָרען דער הויפּט פון די קריכער. ער איז געווען דער אויפזעהער פון אַ גרופּע פון צוואַנציג מאַן. ער אליין פלעגט זיין דער ערשטער און פלינקסטער צו געהן אין פייער.

זשדאַנאָוו האָט דאַן געבראַכט נייע פּאָמפּ־מאַשינען פון וואַרשע, מען האָט פאַרגרעסערט די צאָל פעסלעך אויף 15 און מען האָט מאָביליזירט די „איז־וואָשטשיקעס", וועלכע האָבען געמוזט צושטעלען די פערד אויף דעם ערשטען פייער־סיגנאַל. די, וועלכע פלעגען קומען די ערשטע, האָבען באַקומען אַ ספּעציעלע דאָפּעלטע באַלוינונג.

## גרינדונג פון דער פייערלעשער־אָרקעסטער

נאָך זשדאַנאָוו'ען איז דער קאָמאַנדיר פון די פּייערלעשער געוואָרען רוסאַנאָוו. פאַר דעם איז ער געווען דעם פּאָליציי־אינספּעקטאָר'ס געהילף (פּאָמאָטשניק איספּראַווניק). לויט זיין איניציאַטיווע איז געגרינדעט גע־וואָרען אַן אָרקעסטער פון די פייערלעשער. ער האָט זיך פאַרשטענדיגט מיט מאָטעל קיליקאָווסקי און אים איבערגעגעבען די אָרגאַניזירונג פון דעם




די געביידע פון מאַגיסטראַט און דער פייערלעשער קאָמאַנדע

אָרקעסטער. קיליקאָווסקי האָט זיך טאַקע גענומען צו דער ארבייט און איינגעלאַדען פיל וואָלקאָוויסקער וואָס האָבען געקענט שפּילען, ווי ישראל נאקדימאן, יאַנקעל הורוויץ, רוטשיק און אייניגע פון די וואָלקאָוויסקער כּלי־זמר. אין וואָלקאָוויסק האָט געפעלט אַ קאָראָנעט שפּילער, האָט מען געשיקט מאָטעל קיליקאָווסקי׳ן מיט קערעיעוויען, דעם עלטסטען פּאָליציימאַן, קיין וואָלף און מען האָט פון דאָרט אַראָפּגעבראַכט דעם קאָראָנעט שפּילער. קאַפּעל־מייסטער איז דעמאָלסט געוואָרען ישראל נאַקדימאָן. זינט דאַן האָט מען פלייסיג געאַרבייט אייניגע וואָכען אויף די פּראָבען און די מאַרש־איבונגען.



איבונגען פון די פייערלעשער אויף פּאָליאַטשעק׳ס מויער

ווען אַלעס איז שוין געווען צוגעגרייט, זיינען די פייערלעשער אַרויס אין די גאַסען, מאַרשירענדיג און שפּילענדיג. זיי זיינען דורכגעגאַנגען אַלע גאַסען: גראָדנער, ברייטע, אָסטראָגער און דעם שוהל־הויף. די שטאָט האָט אַוועקגעוואָרפען אַלע ארבייטען, און די גאנצע באַפעלקערונג האָט בייגע־וואוינט דעם וויכטיגען יום־טוב פון דער פייערלעשער געזעלשאַפט אין וואָל־קאָוויסק. דעם נעקסטען זומער האָט מען געדונגען אַ ספּעציילען פּאַרק, לעבען יעזערסקי׳ס הויז, הינטער חיים וואַרשעווער׳ס וואוינונג. דאָרט פלעגט דער פייערלעשער־אָרקעסטער שפּילען צוויי מאָל אַ וואָך אין די זומערדיגע חדשים. מען האָט דאָרט אויך איינגעריכטעט אַ בופעט מיט כל׳ערליי געטראַנקען און „מאָראָזשענע״ (אייז־קרים). כמעט די גאַנצע יוגענד פלעגט קומען צו די קאָנצערטען. די מיידלעך האָט געצויגען צו די מונדירען־קנעפּ פון די פייערלעשער . . .

איינגע יאָר שפּעטער האָט מען געדונגען אַ נייעם פּלאַץ פּאַר דעם פייערלעשער־אָרקעסטער. דאָס איז געווען אויף דער פּריצישער גאַס. פון דאָרט האָט מען זיך אַריבערגעקליבען אין וואָלקאָווויסקער שטאָט־פּאַרק, אויף דעם פּיעסקער וועג, אין דער ריכטונג פון זאַמקאָווען וואַלד, ביי בולהאַרינ׳ען.



איבונגען פון די פייערלעשער אויף דער גראָדנער גאַס
(דאָס הויז אויפ׳ן בילד איז געווען דאָס אייגענטום פון יאַנקעל פּאַלטע׳ס שוויגער־עלטערן און האָט לעצטענס באַלאַנגט צו אַדין).

אין יענעם פּאַרק פלעגען אויך אויפטרעטען די אידישע טעאטער־טרופּעס. דאָרט איז געווען דער צענטער פון די פייערונגען אין וואָלקאָוויסק. ווען דער צירק פלעגט קומען, פלעגט ער אויך דאָרט אַראַנזשירען זיינע אויפ־פירונגען. דער אָרקעסטער האָט זיך זעהר פיין אַנטוויקעלט. אַלע זומער־אונטערנעמונגען פלעגען דאָרט געפּראַוועט ווערען. דאָס איז אַלץ געווען אין דער צייט, ווען רוסאַנאָוו איז געווען הויפּט־קאָמאַנדיר.

די פייערלעשער־געזעלשאַפט איז שוין דאַן געהאַט פאַרגרעסערט גע־וואָרען און איז באַשטאַנען פון צוויי הונדערט מאַן. עס איז אויך איינגעפירט געוואָרען, אַז ס׳זאָלען זיין „טשלענעס״ (מיטגלידער), דאָס הייסט, אַז אויסער די וואָלונטירען, וועלכע האָבען זיך באַדאַרפט פאַרנעמען מיט איבונגען און מיט לעשען די פייערען, האָבען אויך אַ סך בעלי־בתים גענומען אויף זיך די ארבייט אָפּצוהיטען די זאַכען, וואָס מען ראַמט ארויס אין גאַס אריין בשעת אַ שריפה. די אקטיווע פייערלעשער האָבען באקומען מיט עטליכע מאָנאַטען שפּעטער היטלען מיט בלויע ראַנדען, און די „טשלענעס״ — היטלען מיט רויטע ראַנדען. ס׳פלעגט פאָרקומען יעדע וואָך אַ פּראָבע.

## די אידישע פייערלעשער־קאָמאַנדירען

נאָך רוסאַנאָוו'ען זיינען געווען צוויי קריסטליכע קאָמאַנדירען, און דאַן איז געוואָרען קאָמאַנדיר אברהם ניימאן — דער ערשטער אידישער קאָמאַנ־דיר פון די פייערלעשער. נאָך אים זיינען געווען אברהם גאַליאַצקי (דער שערער) און מאָטעל קיליקאָווסקי, דער ערשטער פייערלעשער אין וואָל־קאָווישק. אין דער צייט, ווען מאָטעל קיליקאָווסקי איז געווען קאָמאַנדיר, האָט ער איינגעפירט אַ שטאַרקע דיסציפּלין און האָט אויך געווידמעט אַ סך צייט צו איבונגען, און די פייערלעשער פלעגען קלעטערען אויף פּאַליאַטשעק'ס דריי־שטאָקיגער געביידע. די גאַנצע שטאָט, אַלט און יונג, פלעגט קומען זיך צוקוקען צו די איבונגען.

מאָטעל קיליקאָווסקי איז אין דער צייט פון דער רוסישער הערשאַפט (אונטער'ן צאַר) געווען געהילפס־קאָמאַנדיר, און אין דער צייט פון די דייטשען, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אויך אַ קורצע צייט נאָכדעם (אונטער די פּאָליאַקען) — הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע.

אויף ווי ווייט די פייערלעשער געזעלשאַפט איז געווען באַליבט אין שטאָט, קען מען זעהן פון דעם פאַקט, וואָס ווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געשטאָרבען אַ „פּאָזשארניק", אפרים זילבערמאַנ'ס אַ זוהן, איז פאָרגעקומען אַ גרויסע לויה און די גאנצע שטאָט איז געקומען צוטיילען כבוד צו איינעם פון אירע טרייע דינער און היטער.

ווען מאָטעל קיליקאָווסקי איז אין יאָר 1924 אַוועקגעפאָרען קיין אמעריקע, איז אים געקומען באַגלייטען צו דער באַן דער פייערלעשער־אָרקעסטער, צוזאַמען מיט אַ גרויסען עולם. אָט אזוי האָט זיך וואָלקאָוויסק געזעגענט מיט פיל ליבשאַפט מיט'ן ערשטען מיטגליד און וויכטיגען טוער פון איר פייערלעשער געזעלשאַפט.

## פייערלעשער־קאָמאַנדע אונטער דער לייטונג פון מלך חאַנטאָוו

ווען דער סוחר מלך חאנטאוו (פּאָליאטשעק'ס אַן איידעם) האָט אין יאָר 1919 איבערגענומען די אָנפירונג מיט דער פייערלעשער קאָמאַנדע, האָט זי פאַרמאָגט בסך־הכל אַ פּאָר הילצערנע פעסער מיט איין צעבראָכענער מאַשין. אונטער חאנטאָוו'ס לייטונג האָט זיך די פייערלעשער קאָמאַנדע שטאַרק צעוואקסען. אַ דאַנק זיינע אומערמידליכע לייסטונגען, אונטער די שווערסטע באַדינגונגען, איז די דאָזיגע אינסטיטוציע אין חאנטאָוו'ס צייט אוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַ הויכער מדרגה. אין יאָר 1926 האָט שוין



די לוויה פון פייערלעשער זילבערמאַן אין יאָר 1920

דער לויה־צוג ציט זיך פון שוהל־הויף אין דער ריכטונג פון בית־הקברות; די קראַמען (רעכטס) זיינען אַלע געשלאָסען.

די פייערלעשער קאָמאַנדע געצעהלט ניינציג מיליטעריש־אויסגעבילדעטע מיטגלידער און אַ גוט אויסגעשטודירטען בלאָז־אָרקעסטער, אונטער דער לייטונג פון מאָטיע זילבערמאַן, וועלכער איז געווען באַרימט אין דער גאַנצער אומגעגענד. די קאָמאַנדע האָט שוין דאַן אויך פאַרמאָגט פאַרשיידענע פייער־לעשער מכשירים, צווישען זיי פינף מאשינען פון דער נייעסטער קאָנסטרוק־ציע, צעהן אייזערנע פעסער, אַ גרעסערע צאָל לייטערס און זעקס פערד.

אין יאָר 1929 האָט די פייערלעשער קאָמאַנדע דערוואָרבען אַ צווייטע מאָטאָר־פּאָמפּע, וועלכע איז געווען פיל גרעסער ווי די ערשטע. זי האָט געהאַט פיר שפּריצען, אזוי, אז אין פאַל פון אַ שריפה האָט מען געקענט לעשען דורך פיר קישקעס. די דאָזיגע מאָדערנע פּאָמפּע האָט געקאָסט פערצהען הונדערט דאָלאַר. אויף דעם האָט די פאַרוואַלטונג פון דער אַל־געמיינער פוילישער פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט געגעבען אַביישטייערונג פון טויזענט דאָלאַר אין מזומן. קורץ נאָכדעם האָט אויך די פייערלעשער קאָמאַנדע דערוואָרבען אַ גרויסען אויטאָ־רעזערוואואר אויף דריי טויזענט ליטער וואַסער, וואָס האָט געהאַט צוויי באַזונדערע פּאָמפּעס אויף צו באַ־שפּריצען די גאַסען, לויט'ן מוסטער פון די גרעסערע שטעט.

## פייערונג פון דעם דרייסיג־יאָריגען יובילײ אין יאָר 1929

אין יאָר 1929 האָט וואָלקאָוויסק געפייערט דעם דרייסיג־יאָריגען יובילײ פון דער פייערלעשער געזעלשאַפט, וואָס האָט אין די דרייסיג יאָר פון איר עקזיסטענץ דערגרייכט די העכסטע שטופע אונטער דער לייטונג פון מלך חאנטאָוו, וועלכער האָט דער ארבייט געווידמעט זיין גאַנצע ענערגיע און פיל צייט. דער אדיוטאנט פון דער פייערלעשער קאָמאַנדע איז אין חאַנטאָוו'ס צייט געווען אפרים יונאָוויטש. אויך דער דעמאָלסדיגער סטאַראָסטע, ה' עאוסטאכעוויטש, האָט זיך מיט גרויס אינטערעס באַצויגען צו דער פייער־לעשער־קאָמאַנדע. און ניט בלויז אויף'ן געביט פון דערוועררבען אַ מאָדער־נעם און ברייט־פאַרצווייגטען אינווענטאר האָט זיך מלך חאנטאָוו אויסגעצייכענט. ער האָט באַזונדערס אַכטונג געגעבען אויף דער אויסבילדונג פון די פייערלעשער און האָט פאַר דעם צוועק געגרינדעט ספּעציעלע אויסביל־דונגס־קורסען. אין חאנטאָוו'ס צייט האָט מען אויך צום ערשטען מאָל אָנ־געהויבען פירען דאָס וואַסער אין אויטאָמאָבילען און ניט מיט פערד־און־וואָגען, ווי ביז דעמאָלט.

אז די וואָלקאָוויסקער פייערלעשער געזעלשאַפט איז געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה און איז ניט געווען סתם קיין קליין־שטעטלדיגע דילע־טאַנטישע געזעלשאַפט, באַווייזט דער פאַקט, וואָס זי האָט באַקומען אן עהרען־דיפּלאָם פון הויפּט־פאַרבאַנד פון די פייערלעשער אין וואַרשע („וואָלקאָוויסקער לעבען", 21טער יוני, 1929). לויט דעם באַריכט פון דער אויבען־דערמאָנטער צייטונג, איז די וואָלקאָוויסקער פייערלעשער־קאָ־מאַנדע געווען די איינציגע אויף די קרעסען, וואָס האָט באַקומען אזא דיפּלאָם. דער דיפּלאָם איז געגעבען געוואָרען צו דער געלעגענהייט פון דעם דרייסיג־יאָריגען יובילײ פון דער געזעלשאַפט. דער יובילײ איז געפייערט געוואָרען אויף אַן אימפּאָזאנטען אופן. צו דער פייערונג זיינען געקומען פאַרטרעטער פון דער רעגירונג און פון די פייערלעשער פאַראיינען פון די שכנות'דיגע שטעט. די פייערונג איז דורכגעפירט געוואָרען מוסטערהאַפט לויט אַ פאַר־אויס־באַשטימטען פראָגראַם. די איבונגען און די אויסגעצייכענטע ארבייט מיט די ניי־איינגעקויפטע מאַשינען און די מאָדערנע מכשירים צו ראַטעווען הילפלאָזע בעת אַ שריפה פון די העכסטע הייזער, האָבען באַוויזען אויף וואָס פאַר אַ הויכער מדרגה די וואָלקאָוויסקער פייערלעשער קאָמאַנדע איז דאַן אוועקגעשטעלט געוואָרען.

אין אָוונט פון יענעם טאָג איז איינגעאָרדענט געוואָרען אין באַן־גאָרטען



דער 30־יאָריגער יובליי־פּאַראַד פון די פייערלעשער, אין יאָר 1929

אַן אלגעמיינער רייך־סערווירטער מיטאָג, וואו אייניגע געסט זיינען ארויס־געטראָטען מיט באַגריסונגען צום סטאַראָסטע און קאָמענדאנט חאנטאָוו פאַר זייערע לייסטונגען לטובת דער פייערלעשער קאָמאַנדע.

פופצעהן מענשען האָבען דאַן באַקומען אויסצייכענונגען פון הויפּט־פאַרבאַנד: **פאַר דרייסיג יאָר טעטיגקייט** — קאָמענדאַנט חאַנטאָוו, עסמאַנט, משה פריפשטיין, דוד פריפשטיין, אפרים יעלסקי; **פאַר צוואַנציג יאָר** — בערעל ווינבערג **און** משה ווינער; **פאַר פופצעהן יאָר** — יצחק לעווין **און** מירים שטיין; **פאַר צעהן יאָר** — אפרים יונאָוויטש (**אדיוטאַנט**), לייזער שיף, זיידעל גוראַלניק, הירש אורינאָווסקי, הירש גורעוויטש **און** יעקב פריפשטיין.

אויסער דעם איז פון וואַרשעווער הויפּט־פאַרבאַנד באַשטימט געוואָרען צו פאַרטיילען די אויבענדערמאָנטע פייערלעשער גאָלדענע מעדאלען פאר זייער דינסט אין משך פון צעהן יאָר אין דער באַפרייטער פוילען.

אויף ווי ווייט חאַנטאָוו האָט זיך אויסגעצייכענט אַלס קאָמענדאנט פון די פייערלעשער, קענען מיר זעהן פון אַ ידיעה, וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אין „וואָלקאָווישקער לעבען" פונ'ם 7טען מאַי, 1937:

„נאָך דער דעפיליאדע דעם 3טען מאַי, איז אין דער געביידע פון די היגע פייערלעשער פאָרגעקומען אַ פייערליכער דעקאָרירונג־אַקט פאַר דער מאַנשאַפט.



## וואָלקאָוויסקער פייערלעשער

רעכטס צו לינקס: לייזער שיף, חיים וועלוועל קליאַטשקין, יאַנקעל גאָלדבערג (שאָשקע קוואַטשוק׳ס מאַן), איטשע באַטווינסקי, משה׳ל שאַכנאָוויטש, אפרים יונאָוויטש און מלך חאַנטאָוו (דער קאָמענדאַנט).

„אין אָנוועזנהייט פון פּאָוויאַטאָוו׳עץ, פּאָליציי־קאָמענדאַנט און אינסטרוק־טאָר פון די פייערלעשער־אָרגאַניזאַציעס, האָט דער סטאַראָסטע אויסגעדריקט זיין אָנערקענונג דעם קאָמענדאַנט מלך חאנטאָוו פאַר זיינע לאַנג־יאָריגע פאַרדינסטען לטובת דער היגער פייערלעשער־מאַנשאַפט. אַ דאַנק חאנטאָוו׳ס לייסטונגען — האָט דער סטאַראָסטע געזאָגט — איז די מאַנשאַפט דער־צויגען געוואָרען אין אַ שטאַרקער דיסציפּלין, איז גוט אויסגעבילדעט און טעכניש צוגעגרייט, אַזוי, אַז זי קען פאַררעכענט ווערען אַלס די ערשטע אין דער וואָיעוואָדשאַפט. די באַפעלקערונג פון וואָלקאָוויסק דאַרף זיך פילען גליקליך, האָבענדיג אזא ענערגישען קאָמענדאַנט, וועלכער שטעהט אויף דער וואַך צו פאַרהיטען די שטאָט פון דער שריפה־פּלאָג.

„ווינשענדיג אים נאָך לאַנגע יאָרען צו שטעהן אויף זיין פּאָסטען, האָט אים דער סטאַראָסטע דעקאָרירט, אונטער די קלאַנגען פון אָרקעסטער, מיט דער העכסטער אויסצייכנונג — אַ גאָלדענעם מעדאל.

„די פייערלעשער זיידעל מאַפּסיק און יעקב ווײַנער, זיינען דעקאָרירט געוואָרען מיט בראָנזענע מעדאַלען; מאיר קרוס, ישראל קאָס און שמערל מינקאָוויטש — מיט פאַרדינסט דיפּלאָמען״.



**די פייערלעשער אָרקעסטער אין יאָר 1928**

רעכטס צו לינקס — ערשטע רייהע, זיצען: יאַנקעל גאָלדבערג (קוואַטשוק), מאָטשע זילבערמאַן (דיריגענט), מלך חאַנטאָוו (קאָמענדאַנט). אפרים יונאָוויטש (אַדיוטאַנט), אברהמ'ל קיליקאָווסקי, צאַליע קיליקאָווסקי, יאַנקעל פערעמינסקי, שאַלקאָוויטש, ל. טראַווינסקי.

צווייטע רייהע, שטייען: שליט (אַ קריסט), יודעל פערעמינסקי, יאַנקעל בעקענשטיין, דער שערער, י. נאַקדימאָן, זאַפּאָליאַנסקי, ליכטער (פון בית־יתומים), קאָסאָווסקי, פּאָדאָלינסקי (דער סטאָלער), ל. שיפּראָן, מאָפּסיק; דריטע רייהע, שטייען: רובינשטיין, בעקער, י. טקאַטש, לייזער שעוואַכאָוויטש.

אויך דער אָרקעסטער האָט זיך, ווי שוין פריהער דערמאָנט, זעהר שטאַרק אַנטוויקעלט אין חאנטאָוו'ס צייט. מאָטשע זילבערמאַן איז אָנגעשטעלט גע־וואָרען אַלס קאַפּעל־מייסטער, און אויף אַלע פייערונגען און שמחות פלעגט דער אָרקעסטער אויפטרעטען. עס פלעגען אויך דאַן איינגעאָרדענט ווערען גראַנדיעזע בעלער פונ'ם פייערלעשער־אָרקעסטער יעדען שבת אָווענט, און די יוגענד פלעגט גערן געהן אויף די דאָזיגע בעלער און זיך גוט פאַרוויילען. די הכנסה איז געגאנגען פאר'ן פייערלעשער־פאראיין. דער אָרקעסטער פלעגט אויך אַראַנזשירען קאָנצערטען און אָפט אַרויספאָרען אין די אַרומיגע שטעט־לעך אויף פאַרשיידענע אָווענטען, און אזוי ארום פאַרגרעסערען די איינקונפט

פונ׳ם וואָלקאָוויסקער פייערלעשער־פאַראיין.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען די ראָלע, וואָס די פייערלעשער־קאָמאַנדע האָט געשפּילט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די מאַכטען האָבען זיך געביטען און אָפטמאָל פלעגט די שטאָט בכלל בלייבען אָהן אַ בעל־הבית, און די איינציגע וואָס האָבען, אונטער די דונערען פון די הארמאטען, איינגעשטעלט זייער לעבען און אָפּגעהיט די אָרדנונג און פאַרמעגען פון די איינוואוינער זיינען געווען די פייערלעשער.

נאָך אין יאָר 1915, ווען די צאַרישע מאַכט האָט פאַרלאָזען וואָלקאָוויסק און דאָס דייטשע מיליטער האָט נאָך ניט געהאַט באַוויזען אריינצוקומען אין שטאָט און איבערנעמען די מאַכט — איז די שטאָט געבליבען אייניגע טעג אָהן אַ רעגירונג. די איינציגע שיצער פון דער שטאָט זיינען דאַן געווען די פייערלעשער, וואָס האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַ מיליציע. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין די פייערלעשער־מונדירען מיט ווייסע באַנדען אויף די אָרעמס. און אויך נאָכדעם, ווי די דייטשען זיינען אריין אין שטאָט, זיינען די פייערלעשער געבליבען אין דער שטאָטישער מיליציע.

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 217

## די פייערלעשער־דרוזשינע מיט דעם אָרקעסטער אין יאָר 1929

רעכטס צו לינקס — ערשטע רייהע, פון אונטען: **שבח, אַ קריסט, יאָשפּע, יודעל פּאָדאָלינסקי, מאָפּסיק, אברהמ׳ל קיליקאָווסקי, (הינטער דעם לעצטען) מאָטשע גורוויטש, פריפשטיין, פּערעמינסקי (הינטער דעם לעצטען) אַ קריסט, איטשע רובינאָוויטש, מאָטשע זילבערמאַן (דער קאַפּעלמייסטער), יצחק לעווין (דער סאַניטאַר), שליט (אַ קריסט), מענדעל רוטשיק, יאַנקעל וויינער.**

צווייטע רייהע: **גאָלדבערג (שטייט), מוליע איינהאָרן, אפרים יעלסקי, ניאָמקע סולקאָוויטש, יודעל שפּאַק, וועלוועל קליאַטשקין, מאָטקע קיליקאָווסקי (געוועזענער קאָמענדאַנט), מלך חאַנטאָוו (קאָמענדאַנט), פּאַוועןסקי (בורגערמייסטער), עסמאַנט (אַ קריסט, געהילפס־קאָמענדאַנט), ניאָניע פוקס (אַדיוטאַנט), אייזיק ווערנער, אפרים יונאָוויטש, משה יאַנאָווסקי, פּערעמינסקי.**

דריטע רייהע: **אַ קריסט, יאַנקעל וויינער, שטיין (יעקב אַברהם דעם דיינ׳ס אַ אייניקעל), איצעל טשאָפּער(?), גאַנדז, זיידעל (באַנטשע דעם שוסטער׳ס זוהן), אורינאָווסקי, פריפשטיין, משה׳ל מאָוושאָווסקי, אברהמ׳ל יונאָוויטש, פישעל גאָשטשינסקי, לאַנגבאָרד (גראַף), איזאַק פּאַפּע, דאָדזשקע באָטווינסקי (אין ציוויל), וואָליע לאַזאַראָווסקי (אין ציוויל), אַ אומבאַקאַנטער.**

פערטע רייהע: **אַבא בערמאַן, פריפשטיין, שיפּראַן, בעקענשטיין(?), זאַידעל, גבריאל יעלין, נאַקדימאַן, אילקע לעוו.**



די פייערלעשער-דרוזשינע מיט דעם אָרקעסטער אין יאָר 1929

נעמען אויף זייט 216



אַ גרופּע וואָלקאָוויסקער פייערלעשער

רעכטס צו לינקס, זיצען: פּאַיע יונאָוויטש, חיים וועלוועל קליאַטשקין; שטייען: לייזער שיף, משה יאַנאָווסקי.

## די ראָלע פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט אין די אומרוהען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה

אויך ווען די דייטשען האָבען פאַרלאָזען וואָלקאָוויסק אין יאָר 1919, ווען פון איין זייט שטאָט, ביים טייך נארווע, זיינען געשטאַנען די פוילישע לעגיאָנען, און פון דער אנדערער זייט, ביים טייך שצארע (סלאָנים), זיינען געשטאַנען די רוסישע סאָלדאַטען פון דער רויטער גווארדיע, איז די באַפעלקערונג פון וואָלקאָוויסק געווען אין אַ פאַרצווייפעלטער לאַגע, ניט וויסענדיג ווער פון דיביידע קעמפענדע קרעפטען וועט איבערנעמען די פירערשאַפט איבער דער שטאָט. עס זיינען דאַן אָנגעקומען ידיעות, אַז די פוילישע נאַציאָנאַליסטען, מיט דער הילף פון פוילישע פויערים, פאָגראָמירען אידען, איבערהויפּט אין די דערפער און אין די קליינע אידישע שטעטלעך, האָבען זיך דאַן צוזאמענגעקליבען אין וואָלקאָוויסק די אויסגעדינטע אידישע סאָלדאַטען און די מיטגלידער פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט און זיי האָבען באַשלאָסען צו אָרגאַניזירען אַ געהעריגע זעלבסטשוץ אין וואָלקאָוויסק גופא. מען האָט דאַן אויסגעארבייט אַ גענויען פּלאַן פון אקציע. מען האָט באַקומען



אַ גרופּע פייערלעשער

רעכטס צו לינקס, שטייען: אייזיק ווערנער, יודעל שפּאַק, וועלוועל קליאַטשקין; זיצט: ניאָניע פוקס.

געווער פון די דייטשען, וועלכע האָבען פאַרלאָזט די שטאָט, ווייל זיי האָבען געוואָלט, אַז די אידען זאָלען זיך אַנטקעגענשטעלען די פּאָליאַקען און זיי ניט דערלאָזען איבערנעמען די מאַכט, כדי אזוי ארום צו דערמעגליכען דעם צוריקקער פונ׳ם דייטשען מיליטער (וואָלקאָוויסק־דרוזגעניק איז געווען זייער איינציגער וועג). די זעלבסטשוץ האָט דאַן באַשלאָסען צו באהאלטען דאָס געווער און זיך מיט אים באנוצען בלויז געגען די פּוילישע באַנדעס און ניט געגען די פּוילישע רעגולערע לעגיאָנען, כדי ניט צו שטעלען אין געפאַר די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג. אין דער דאָזיגער אידישער זעלבסטשוץ, וואָס איז באַשטאַנען פון דער אידישער יוגענד פון אלע שיכטען, איז די גרעסטע צאָל באַטייליגטע געווען פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט.

## די פייערלעשער־קאָמאַנדע אונטער דער פּוילישער הערשאַפט

ווען די פּוילישע מאַכט האָט פאַרנומען וואָלקאָוויסק, האָט זי באַלד גע־וואָלט אויפלעזען די אידישע פייערלעשער־געזעלשאַפט און גרינדען אַ פּוי־

לישען פייערלעשער פאַראיין. עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ גרויסער קאַמף. אָן דער שפּיץ פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט זיינען דאַן געשטאַנען מלך חאַנטאָוו און זיין אַדיוטאַנט ניוּנע פוקס. די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פון וואָלקאָוויסק, וועלכע האָט גוט געוואוּסט די אומגעהויערע באַדייטונג פון דער דאָזיגער אינסטיטוציע, האָט זיך געשטעלט צו איר פּאַרטיידיגונג. שלום באַראַש, מיטגליד פון שטאָט־ראַט, און מיכאל מאַזע, סעקרעטאַר, האָבען געקעמפט ווען זיי האָבען געוואָלט, אַז די פייערלעשער־געזעלשאַפט זאָל אויפגעלעזט ווערען. די פּאָליאַקען, זעהענדיג דעם גרויסען ווידערשטאַנד מצד דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, האָבען דאַן געמוזט גרינדען אַ צווייטע פייערלעשער־קאָמאַנדע אויף דער נייער סטאַנציע (ניי וואָלקאָוויסק), וואָס האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו פאַראייניגען ביידע פאַרבאַנדען, כדי נאָך דער פאַראייניגונג צו ליקווידירען די אידישע מערהייט פון די פייערלעשער. אין די אויגען פון די, וועלכע זיינען ניט גענוג געווען באַקאַנט מיט דער לאַגע, האָט דער דאָזיגער פאָרשלאַג אויסגעזעהן צו זיין גאַנץ דע־מאָקראַטיש. אָבער די אידישע מאַסען האָבען אינסטינקטיוו געפילט, אַז עס שטעקט אין אים אַ געפאַר פאַר דער אידישער פייערלעשער־געזעלשאַפט. שוין ביי דער ערשטער שריפה, וואָס איז אין יענער צייט אויסגעבראָכען אין שטאָט, האָבען די פּאָליאַקען דערפילט דעם שטאַרקען קולאַק פון די אידישע פייערלעשער — די קצבים, טרעגער, מולער, סטאָליער און שוסטער — און זיי האָבען ענדליך געמוזט אויפגעבען דעם גאַנצען פּלאַן זייערען. אזוי אַרום זיינען די אידישע פייערלעשער געבליבען זעלבסטשטענדיג אין זייער קאָ־מאַנדע, וואָס איז דאַן באַשטאַנען פון אַכציג טרייע מיטגלידער פון דער אידישער נאַציאָנאַלער יוגענד.

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 221

## די פייערלעשער קאָמאַנדע אין יאָר 1934

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **באַסין, וויטשע קאַליר, מאַפּסיק, איטשע באַטווינסקי, נח פוקס, יצחק לעווין (סאַניטאַר), מאָטיל האַלפּערן, פּערעמינסקי.**

צווייטע רייהע: **איצעל טשאַפּער, משה מאָוושאָווסקי, יאַנקעל ווײַנער, ניאָנע כוואַלאָווסקי, אפרים יונאָוויטש, ניאָנע פוקס, איצעל בערעשקאָווסקי (אין ציוויל), וויקטעראָווסקי (אַ קריסט), מלך חאַנטאָוו (דער קאָמענדאַנט), אַ קריסט, אַ קריסט, עסמאַנד (געהילפס־קאָמענדאַנט), איינשטיין (פון זעלווע), יאַנקעל גאָלדבערג (קוואַטשוק).**

דריטע רייהע: **ליסיצקי, קושניראָווסקי, אַ קריסט (דער סטרוזש), אברהמ'ל פּאָדאָלינסקי, לייזער שיף, איטשע רובינאָוויטש, בעריל דאַווידאָווסקי, זאַידעל, משה'ל סאַוואָלסקי, שעפּסיל פייטעלעוויטש, קאַץ, שמחה שעוואַכאָוויטש, אַ אומבאַקאַנטער, לאַנגבאַרד (גראַף), אַ זעלווער, אַ זעלווער, הערשיל ווײַנער.**



די פייערלעשער קאָמאַנדע אין יאָר 1934

נעמען אויף זייט 220

די פייערלעשער־קאָמאַנדע, צוזאמען מיט איר אָרקעסטער, האָבען פאַרנומען אַן אָנגעזעהענעם פלאַץ אינ׳ם אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען ביז גאָר די לעצטע יאָרען. עס איז אָבער אינטערעסאַנט צו באַמערקען, אז נאָהענט צום אויסברוך פון דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט זיך שוין געמערקט די אנטיסעמיטישע באַציהונג צו דער אידישער באַפעלקערונג, אפילו בנוגע אזעלכע ענינים ווי פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט. אזוי, צום ביישפיל, איז אין דעם „וואָלקאָוויסקער לעבען" פונ׳ם 6טען מאי, 1938, געדרוקט געוואָרען די פאָלגענדע ידיעה וועגען דעם יום־טוב פון 3טען מאי.

„צעהן אַזייגער אינדערפריה זיינען אין די געבעט־הייזער פון אלע אמונות פאָרגעקומען פייערליכע תפילות. אין דער גרויסער שוהל, וועלכע איז געווען פול־געפאַקט, האָט דער חזן מיט׳ן כאָר געזונגען די געהעריגע קאַפיטלעך תהילים און דער רב האָט גערעדט מעניני דיומא.

„נאָך די תפילות איז אונטער די קלאַנגען פון איניגע אָרקעסטערס פאָרגעקומען אַ גאַסען־צוג. עס האָבען מאַרשירט: מיליטער, שולען, געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס און פייערלעשער.

„גרויס אויפמערקזאַמקייט האָט ביי די אידישע צושויער אַרויסגערופען דער פאַקט, וואָס דער צוג פון די פייערלעשער איז, אין געגענזאַץ צו די פריהערדיגע יאָרען, דאָס מאָל אָנגעפירט געוואָרען ניט דורכ׳ן אידישען נאַטשאלניק, מ. חאנטאָוו, נאָר דורכ׳ן געוועזענעם פאַרטרעטער פון מאגיסטראַט, ה. וואָלסקי. אויך די פאָן איז אַרויסגענומען געוואָרען פון די אידישע הענט און געטראָגען געוואָרען דורך קריסטליכע פייערלעשער. עס האָט זיך דערביי בכלל געלאָזט מערקען אַ פּלוצלינגער צופלוס פון פנים חדשות ביי די פייערלעשער — אַ היבשע צאָל קריסטען . . . ״

אין סעפּטעמבער 1939, ווען די פּאָליאַקען זיינען אָפּגעטראָטען פון וואָלקאָוויסק, איידער די רוסען האָבען נאָך באַוויזען צו פאַרנעמען די שטאָט, איז וואָלקאָוויסק ווידער פאַרבליבען אָהן אַ שוץ. און אויך דאַן האָבען די אידישע פייערלעשער אָפּגעהיט די אידישע באַפעלקערונג פון פּאָגראָמען.

ווען די נאַציס האָבען אָקופּירט וואָלקאָוויסק, האָבען זיי אויך באַשטימט די הויפּטען פון דער פייערלעשער קאָמאַנדע, חאנטאָוויען און פוקסיען, אַלס פירער פון דער אידישער באַפעלקערונג אין „יודענראַט". אַנדערע העכערע באַאַמטע פון די פייערלעשער זיינען אויך באַשטימט געוואָרען אין דער אידישער פּאָליציי אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע. דאָס אַלץ באַווייזט אויף דער גרויסער ראָלע, וואָס די פייערלעשער־געזעלשאַפט האָט געשפּילט אין לעבען פון דער אידישער באַפעלקערונג פון וואָלקאָוויסק.

# וואָלקאָוויסקער „מכבי"

אלע באַוועגונגען און ריכטונגען, וועלכע האָבען געווירקט און זיינען געווען טעטיג אין דער גרויסער אידישער וועלט, האָבען געפונען זייערע פּאַרטרעטער און נאָכפאָלגער אין וואָלקאָוויסק. די גרויסע נאַציאָנאַלע באַוועגונג, וואָס האָט זיך די לעצטע צעהנדליגער יאָרען פאַרשפּרייט אין דער אידישער וועלט, און וואָס האָט געפּרעדיגט: אַנטוויקלונג און שטאַרקונג פונ'ם אידישען קערפּער דורך ספּאָרט־איבונגען — דער „מכבי" *) — האָט אויך געהאַט אַן אָפּטיילונג אין וואָלקאָוויסק, וואָס איז געווען זעהר טעטיג אויף פאַרשיידענע געביטען, און האָט געווידמעט פיל כוחות אויף צו פאַרווירקליכען דעם לאָזונג: „אַ געזונטער גייסט אין אַ געזונטען קערפּער".

### גרינדונג פון „מכבי"

דער וואָלקאָוויסקער „מכבי" איז געגרינדעט געוואָרען אינמיטען פון די צוואַנציגער יאָרען פונ'ם איצטיגען יאָרהונדערט. די ליבע צו ספּאָרט האָט שוין צו יענער צייט אָנגעהויבען צו שלאָגען וואָרצלען צווישען פאַרשיידענע קרייזען פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער יוגענד, ס'איז בלויז ניט געווען ווער ס'זאָל דערמוטיגען די דאָזיגע יוגענד און איר ווייזען דעם וועג צו דער אָרגאַניזירטער נאַציאָנאַלער אידישער ספּאָרטס־באַוועגונג. האָט זיך אָבער דאַן גראָד געמאַכט, אַז קיין וואָלקאָוויסק איז אַראָפּגעקומען פון אַן אנדער שטאָט מיניע גאָלדענבערג, וועלכער האָט געהייראַט מיט אַ וואָלקאָוויסקער מיידעל, מיליע כירורג (פון דער מיהל). זי האָט געאַרבייט אַלס קראַנקען־שוועסטער אינ'ם אידישען שפּיטאָל און האָט באַלאַנגט צו אַ „קרוזשאָק" פון יונגעלייט — אַ גרופּע אידישע יונגעלייט אין וואָלקאָוויסק. מיניע גאָלדענבערג, וועלכער האָט זיך אין זיין היימשטאָט פיל באַשעפטיגט מיט ספּאָרט, האָט זיך, דורך זיין פרוי מיליע, באַפריינדעט מיט'ן „קרוזשאָק" פון אירע וואָלקאָוויסקער פריינד און ער האָט זיי אָנגעהויבען לערנען פוטבאָל, און אָרגאַניזירט „מעטשעס" צווישען זיי און דער פוילישער פוטבאָל־גרופּע וואָס האָט דאַן עקזיסטירט אין וואָלקאָוויסק. דעמאָלסט זיינען געקומען דר. דוד טראָפּ (דער דענטיסט), דר. פּ. בעבטשוק און מוליע שיין

---

*) באַזירט אויף דער אינפאָרמאַציע וואָס איך האָב באַקומען פון יאַנקעל צוקערמאַן און משה'ל שערעשעווסקי און אויף ידיעות און אַרטיקלען וואָס זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען אינ'ם „וואָלקאָוויסקער לעבען". — דר. מ. איינהאָרן.



דער ערשטער „מכבי״ פוטבאָל טיעם אין וואָלקאָוויסק

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: מוליע שיין, יאַנקעל גאָלדבערג (קוואַטשוק), יודעל שפּאַק; צווייטע רייהע: יודעל ריפּ, מיניע גאָלדענבערג, פּאַיע יונאָוויטש; דריטע רייהע: וואָליע לאַזאַראָווסקי, יאַנקעל צוקערמאַן, שלמה שיפּיאַצקי, ניאָניע כוואַלאָווסקי, חיים יודעל שיפּיאַצקי, שלום הובאַר.

און זיי האָבען אָרגאַניזירט די דאָזיגע יונגע אידישע ספּאָרט־ליבהאָבער אין אַ „מכבי״־פאַראיין. סיאָמע גאַלין האָט זיך משתדל געווען ביים „דזשאָינט״ און געקראָגען געלט אויף איינצוקויפען די נויטיגסטע ספּאָרט־מכשירים.

די ערשטע צייט פלעגען די „מכבי״־מיטגלידער זיך צוזאַמענטרעפען אין פּריוואַטע הייזער. איבונגען פלעגען זיי מאַכען אויפ׳ן גרויסען פּלאַץ הינטער דער העברעאישער פאָלקס־שול לעבען דעם אידישען שפּיטאָל. אין משך פון דער צייט וואָס דער „מכבי״ האָט זיך אַנטוויקעלט און פאַרברייטערט זיין טעטיגקייט, האָט ער געדונגען אַן אייגענעם לאָקאַל. דער לאָקאַל פון „מכבי״ איז אין פאַרשיידענע צייטען געווען ביי זילבערמאַנ׳ען (אויף דער מילנער גאַס), אין כוואָיניק׳ס הויז (אויף דער מילנער גאַס), ביי יאַנאָווסקי׳ן פון טאַבאַק־געשעפט (אויף ז׳ער ברייטער גאַס), און אויף קאָשושקע (אָסטראָגער) גאַס.

## אָפּטיילונגען פון „מכבי״

אָנגעהויבען האָט דער „מכבי״ זעהר באַשיידען. מיט אַ פוטבאָל דרוזשינע. און צוביסלעכווייז האָט ער זיך פאַנאַנדערגעוואַקסען ביז ער האָט



מיטגלידער פון „מכבי"

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, זיצען: מלכה פאָלאָנסקי (שאַלאַכמאַנ׳ס), מלכה רוטשיק, פריילין ליפיאַק, וואָליערקע׳ס אַן אייניקעל, גיטעל עיין, נחמה ליפיאַק, חייטשע סאָקאָלסקי, שכר אנוש, יוסף מאָרדעצקי.

צווייטע רייהע, זיצען: חיים כוואָיניק, יוסף מאָסטקאָוו, קלמן ביאַליסטאָצקי, ניאָנע כוואַלאָווסקי, פּרעזעס דר. דוד טראָפּ, וויצע פּרעזעס מוליע שיין, שאול מאַרקוס, משה׳קע מאָוושאָווסקי, אַבראַשע אָפּענבערג, צירולניצקי (אין אוניפאָרם); אין די אוי־בערשטע רייהען געפינען זיך: באַשיצקי, ישראל טשאַפּקין, מאָטיל לעווין (קאָוואַל), מאָטעלע שיפּראָן, מיליקאָווסקי, לאַסטאָווסקי, משה׳ל ליעוו, יהושע פּאַצאָווסקי (דעם שערער׳ס זוהן), זיידעל מאַראָטשניק, מאַפּסיק, וויינשטיין.

אַרומגענומען אלערליי פאָרמען פון גימנאַסטיק און ספּאָרט. דער וואָלקאָ־וויסקער „מכבי" האָט פאַרמאָגט אָפּטיילונגען פאַר פינג־פּאָנג, טעניס, פעכטען, בעסקעט־באָל, האָקיי, לויפען, אייז־גליטשעריי, וועלאָסיפּעדען־לויף, שוועדישע גימנאַסטיק און לייכטע אַטלעטיק (וואַרפען דיסק, שפּרינגען מיט שטעקענס איבער שטריק), שווימען א. אַז. וו. די אַנטוויקלונג איז אָנגעגאַנגען אומאויפהערליך ביז צו דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע אין לעצטען וועלט־קריג. עס האָט אויך עקזיסטירט ביים „מכבי", זינט 1936, אַ „יוניאָרען־אָפּטיילונג" (פון 12־יעריגע קינדער) פאַר טורנען. אין יאָר 1938, אַ יאָר פאַר׳ן אויסברוך פון דער גרויזאַמער מלחמה, וואָס האָט געפירט צו דער פאַרניכטונג פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער קהילה, האָט דער „מכבי" געגרינדעט אַ באָקס־סעקציע. אינ׳ם זעלבען יאָר (1938) האָט דער „מכבי"

אויך געגרינדעט אַ טורנע־סעקציע פאַר פרויען. די פרויען־אָפּטיילונג פלעגט אָראַנזשירען אָפּטע צוזאַמענקונפטען פון די חברות, פאַרטראַגען און שמועסען. צווישען די טעטיגע מיטגלידער פון דער פרויען־אָפּטיילונג זיינען געווען: שפרה רובינשטיין, נחמה ליפּיאַק, חייטשע סאָקאָלסקי, מלכה פּאָלאַנסקי (פון די שאַלאַכמאַנ׳ס), נחמה ביטענסקי, ריווע מאָרדעצקי, גאָלדע אייזענשטיין און סאָניע גאָלדריי.

## די טוער פון „מכבי"

צווישען די פירער און לייטער פונ׳ם „מכבי" אין פאַרשייי־דענע צייטען זיינען געווען: דר. דוד טראָפּ, פּרעזידענט פונ׳ם „מכבי" אין די לעצטע יאָרען פאַר דער מלחמה; דר. פּ. בעבטשוק, דער „מכבי"־דאָק־טאָר; מוליע שיין, וויצע־פּרעזידענט; צירעל צירולניצקי, אינסטרוקטאָר פון לייכטער אַטלעטיק; משה שערעשעווסקי, אינסטרוקטאָר פון דער וועלאָ־סיפּעדיסטען־אָפּטיילונג; לייטענאַנט כאַראַנזשי שיוואַק (פונ׳ם דריטען פּוי־לישען פּאָלק וואָס איז איינגעשטאַנען אין וואָלקאָוויסק), אינסטרוקטאָר פון פעכטען; ערענבערג, אינסטרוקטאָר פון פוטבאָל; מיניע גאָלדענבערג, קאַ־פּיטאַן פון דער פוטבאָל־דרוזשינע; יוסף מאָרדעצקי, הויפּט פון די פוטבאָל־שפּילער די לעצטע יאָרען פאַר דער מלחמה; ישראל טוריאַנסקי, ספּאָרט־לייטער אינ׳ם „מכבי" (די לעצטע יאָרען); וואַקוליק (אַ קריסט), אינסטרוק־טאָר פון דער באָקס־דרוזשינע.

אין דער פאַרוואַלטונג זיינען געווען אין פאַרשיידענע צייטען די פאָל־גענדע: יאַנקעל צוקערמאַן, ניאָניע כוואַלאָווסקי, יוסף דוואָרעצקי, פּראָפּ. באוער, חיים כוואָיניק, דר. יצחק ווינבערג, דירעקטאָר ה. גראָסבאַרט, מאָסטקאָוו, משהיל מאצקעוויטש, דאווידאָווסקי, ביאַלאָסטאָצקי, חיים יודעל שיפּיאַצקי, יצחק טשאָפּער און מרדכי לעוו.

דער וואָלקאָוויסקער „מכבי" האָט אויך אַנטוויקעלט אַן אָנגעזעהענע קולטור־טעטיגקייט. ער האָט אָראַנזשירט לעקציעס (וועגען ספּאָרט־פּראָב־לעמען, ציוניסטישע און אַלגעמיין־אידישע ענינים), קורסען פאַר גימנאַסטיק, פאַרלעזונגען, און האָט אויך איינגעאָרדענט אַ לעזע־זאַל. אָבער די הויפּט־טעטיגקייט פון דעם וואָלקאָוויסקער „מכבי" איז, פאַרשטעהט זיך, געווען אויפ׳ן געביט פון ספּאָרט. ער האָט באַוויזען צו ווערבירען פון אַלע שיכטען פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג אַרום צווי הונדערט אַקטיווע מיטגלידער — אויסער אַ באַשטימטער צאָל חברים און אונטערשטיצונגס־מיטגלידער, וועלכע האָבען אַרויסגעהאָלפען דעם „מכבי" אין זיין וויכטי־גער טעטיגקייט.



**איינע פון די ערשטע פוטבאָל דרוזשינעס פון „מכבי"**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **יודעל פערעמינסקי, ברוך בעקענשטיין, שאול מאַרקוס** (סאַניטאר); צווייטע רייהע: **אַ אומבאַקאַנטער, שמחה גאָלדבערג, משה'ל וויינשטיין, בעקענשטיין**; דריטע רייהע: **בערל דאַווידאָווסקי, גרשון בורשטיין, משה לאַנגבאָרד, צאַליע קיליקאָווסקי, פאַווע.**

## פוטבאָל דרוזשינע

**אין די פוטבאָל־דרוזשינעס פונ'ם „מכבי" האָבען אין פאַרשיידענע צייטען זיך באַטייליגט:** וואָליע לאַזאראָווסקי, יאנקעל צוקערמאַן, שלמה שיפּיאַצקי, ניאָניע כוואַלאָווסקי, חיים יודעל שיפּיאַצקי, שלום הובאַר, פּאיע יונאָוויטש, יאַנקעל גאָלדבערג, יודעל שפּאַק, שאול מאַרקוס, יערוזאַ־לימסקי (**דעם שוחט'ס זוהן**), יודעל פערעמינסקי, יאנקעל שיפּיאצקי, יאנקעל גרשוני, אַרטשיק פאָדאַלינסקי, בעניע בערג, צירעל צירולניצקי, שכר אנוש, אברהם באיער, ראוויץ, זאַפּאָליאַנסקי, ליאָווע גליקפעלד, יצחק אַלפּערט, הערץ, יאָשקע גאַליאַצקי, יהושע פּאַצאָווסקי, משהיל לעוו, זיידעל מאַראָטשניק, מאָפּסיק, לאַסטאָווסקי, מיליקאָווסקי, באַשיצקי, ישראל טשאָפּקין, מאָטעל לעווין (**קאָוואַל**), קלמן ביאַלאָסטאָצקי, אַבראַשע אָפּענבערג, משה מאָווּשאָווסקי **און** שאול מאַרקוס.

**צווישען די אַקטיווע „מכבי"־מיטגלידער און באַוואוסטע פוטבאָליסטען זיינען געווען:** יוסף מאָרדעצקי, משה לאַנגבאָרד (**גראַף**), ישראל טוריאַנסקי, שלמה שפּאַק, משהיל וויינשטיין, עוזר כמעלניצקי, יודעל פּערעמינסקי, ג.



אַ פוטבאָל דרוזשינע פון „מכבי" אין יאָר 1926

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **שלמה שפּאַק, ברוך בעקענשטיין, הערץ;**
צווייטע רייהע: **משה לאַנגבאָרד, קאַפּיטאַן פון דרוזשינע (אַ קריסט), בערל דאַווידאָווסקי;**
דריטע רייהע: **ליאָווע גליקפעלד, חיים כוואַיניק, יצחק אַלפּערט.**

קאַפּלאַן (**פון סוויסלאָטש**), ברוך בעקענשטיין, מרדכי מאַרדעצקי, מאָטעל שיפּראָן, הערשעל וולאַסקי, וויטשע קאַליר, ל. לעפּערער **און** צירולניצקי.

## אַנדערע אָפּטיילונגען פון „מכבי"

**אין דער הא ָקיי־אָפּטיילונג פון'ם „מכבי" זיינען געווען אַקטיוו אין 1932:** מאָטעל שיפּראָן, יוסף מאַרדעצקי, משה שערעשעווסקי, משה קאַצין **און** ישראל טשאַפּקין.

**אין דער באָקס־דרוזשינע האָבען זיך באַטייליגט:** משהיל שערעשעווסקי, זאַפּאַליאַנסקי, צירעל צירולניצקי, לאַפּין, פּסח סעגאַל, יאַנקעל קאַפּלאַן, צמח **און** מאַזיע.

**אין דער וועלאָסיפּעדיסטען־סעקציע האָבען זיך באַטייליגט:** זאָלאָטניצקי, מאָטעל לעווין (**קאָוואַל**), קאַסאָווסקי, יאַנקעל צוקערמאַן, שיפּראָן, משה שערעשעווסקי, געלער, יאַסקע גאַליאַצקי, שיפּראָן, חיים כוואַיניק, יאַנקעל באַטווינסקי, איינשטיין, **און** שמחה גאַנדז.

**אין דער סקי־אָפּטיילונג האָבען גענומען אַנטייל:** אנוש, לייבוש לעווין (**פון די פּאַרטיגע זאַכען**), חיים פינעס, טשאַפּקין, שכר אנוש, מיוניק זילבערמאַן, ארטשיק פּאַדאַלינסקי, וולאַסקי, זאַפּאַליאַנסקי, **חיים**



א פוטבאָל דרוזשינע פון „מכבי"

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **בערל דאַווידאָווסקי, ברוך בעקענשטיין, משה לאַנגבאָרד**; צווייטע רייהע: **יודעל פערעמינסקי, מוליע שיין, יאַנקעל שיפּיאַצקי, יאַנקעל גערשוני**; דריטע רייהע: **משה'ל וויינשטיין, עוזר כמעלניצקי, שאול מאַרקוס, אריה יערוסאַלימסקי** (ירושלמי), **הערשעל וולאָסקי.**

מאַרדעצקי, וואקוליק **דער אינסטרוקטאָר**, מוליע טזיין, גרישע קאַפּלאַן, ברוך רעקענשטיין, יאָסעל גאַליאַצקי, חיים קאַפּלאַן, לאַסטאָווסקי, וויטשע קאליר, פסח סעגאַל **און** משה'ל שערעשעווסקי.

**אין וואָלקאָוויסק האָבען אויסער דעם „מכבי" עקזיסטירט: דער ספּאָרט־פאַראיין „מאָרגענשטערן"** (פון'ם „בונד")**; דער ספּאָרט־פאַראיין** J. K. S. **און אַ פוטבאָל־דרוזשינע פון די רעוויזיאָניסטען, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „נורדיה". צווישען די אַקטיווע מיטגלידער פון דער „נורדיה" זיינען געוועזן: פרוי** רחל לעוו, דר. מנשה ניעמטשיק, אַפּל. מעזשעריצקי, פּראָפּ. בירנבאום, אברהם אָפּענבערג, חיים פינעס, צירולניצקי, דניאל **און** סוקעניק.

**הגם דער וואָלקאָוויסקער „מכבי" איז, פאַרשטעהט זיך, געווען נאַציאָנאַל פאַראנלאגט און ציוניסטיש געזאָנען, און זיינע מיטגלידער האָבען גע־טראָגען אַ ווייס־בלויען יוניפאָרם, איז ער פונדעסטוועגען ניט געווען אַ ריין־פּאַרטייאישער ציוניסטישער פאַראיין. און טאַקע דערפאַר האָט ער צוגע־צויגען חברים און סימפּאַטיקער פון אלע שיכטען פון דער אידישער באַ־**



**אַ באָקס־דרוזשינע פון „מכבי"**

רעכטס צו לינקס — ערשטע רייהע, פון אונטען: אליעזר סוקעניק, משה קאָוועַנסקי; צווייטע רייהע, שטייען: אליעזר פיטאַצקי, נחמן שאַלקאָוויטש, זלמן מאַראַנץ; דריטע רייהע, שטייען: קלמן שאַלקאָוויטש, מענדעל שטיינמאַן, חיים שאַרף, אהרן גראַדזענסקי, משה מורשטיין, דוד שיפראַן.

פעלקערונג — פון אַלע עלטערס און פוןביידע געשלעכטער. די שפּראַך מיט וועלכער דער „מכבי" האָט זיך באַנוצט ביי די איבונגען איז געווען פויליש אָדער אידיש. דער בודזשעט פונ'ם „מכבי" איז געדעקט געוואָרען פון די פאָלגענדע קוועלען: מיטגליד'ס אָפּצאָל, בעלער, מוזיק און טאַנץ־אָוונטען (מיט איינגעלאַדענע קינסטלער), „פייפּס" מיט ספּעציעלע פּראָגראַמען וואָס פלעגען איינגעאָרדענט ווערען אינ'ם זאַל פון „מכבי", לאָטערייען, ספּאָרט־פאַרשטעלונגען (האָקיי־פוטבאָל אויפ'ן אייז), מכבי'יאַדעס, פאַרשיידענע אונטערנעמונגען לכבוד אידישע יום־טובים, „מעטשעס" מיט אַנדערע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס, א. אז. וו.

## פוטבאָל־„מעטשעס"

דער וואָלקאָוויסקער „מכבי" האָט זיך אַנטוויקעלט צו אַזאַ הויכער מדרגה, אַז ער האָט געקענט אונטערנעמען „מעטשעס" ניט בלויז מיט די



אַ קאָנקורס פון „מכבי" ציקליסטען אויף דער גראָדנער גאַס



אַ ציקליסטען־אָפּטיילונג פון „מכבי"

רעכטס צו לינקס: זאָלאָטניצקי, אַפּעלבוים, מאָטעל לעווין (קאָוואַל), איינשטיין, קאָסאָווסקי, יאַנקעל צוקערמאַן, חיים קאַפּלאַן, יאַנקעל באָטווינסקי, שיפּראָן, משה שערעשעווסקי, גאַלער, יאָסקע גאַליאַצקי, חיים כוואָיניק.



**די וואָלקאָוויסקער „מכבי” פוטבאָל דרוזשינע פאַר'ן צווייטען וועלט־קריג**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: ישראל טוריאַנסקי, אַ אומבאַקאַנטער, קאַפּלאַן, זאַפּאָליאַנסקי, יוסף מאָרדעצקי (מיט'ן פוטבאָל אין צענטער); צווייטע רייהע: מוליע שיין, דאָמבראָווסקי, אַרטשיק פּאָדאָלינסקי, בעניע בערג, צירעל צירולניצקי, יששכר אַנוש, אברהם באַיער, וויינשטיין, אַ אומבאַקאַנטער, אַ אומבאַקאַנטער, אַ אומ־באַקאַנטער; דריטע רייהע: ניאָניע כוואַלאָווסקי.

„מכבי”־פאַראיינען און אַנדערע אידישע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס פון גראָדנע, באראנאָוויטש, סלאָנים, ביאַליסטאָק, סואוואלק, לאָמזשע, סוויסלאָטש, לידע און אנדערע שטעט, נאָר אויך מיט פוילישע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס פון וואָל־קאָוויסק און דער אומגעגענד. די „מעטשעס”, וואָס זיינען מייסטענס פאָר־געקומען שבת און זונטאָג, פלעגען ציהען אַ גרויסען עולם (ס'פלעגט אָפט קומען צו די „מעטשעס” אַן עולם פון א מגעפער 1,500 פּערזאָן), וואָס פלעגט אגב, אויך אריינברענגען פיל לעבען אין שטאָט. ווען עס פלעגט פאָרקומען אַ „מעטש” מיט אַ פוילישען ספּאָרט־פאַראיין פלעגט זיך אין שטאָט קאָכען און די געמיטער פלעגען ווערען אויפגערעגט. יעדער איינער פלעגט מיט גרויס אומגעדולד דערוואַרטען די ענדגילטיגע רעזולטאַטען פון'ם „מעטש” און אלע האָבען שטיל אין האַרצען תפילה געטאָן, אז ס'זאָל זיגען אונזער וואָלקאָוויסקער „מכבי” און פאַרשאַפען כבוד דעם אידישען ספּאָרט־וועזען און דעם אידישען נאָמען. און דער וואָלקאָוויסקער „מכבי” האָט מייסטענס



## די באָקס-דרוזשינע פון „מכבי״

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **יאַנקעל קאַפּלאַן, צמח, מאַזיע**; צווייטע רייהע: **מוליע שיין, משה׳ל שערעשעווסקי, זאַפּאָליאַנסקי, צירעל צירולניצקי, לאַפּין, פּסח סעגאַל, וואַקוליק** (דער אינסטרוקטאָר).



## מאַרש פון פוטבאָל דרוזשינע אויף דער ברייטער גאַס



א סקי־אָפּטיילונג פון „מכבי"

רעכטס צו לינקס: אַנוש, לייבעל לעווין (פון די פּאַרטיגע זאַכען), חיים פּינעס, טשאָפּקין, שכר אַנוש, מוניק זילבערמאַן, אַרטשיק פּאָדאָלינסקי, הערשעל וולאָסקי, זאַפּאָליאַנסקי, חיים מאָרדעצקי, וואקוליק דער אינסטרוקטאָר (אַ קריסט), מוליע שיין, גרישע קאַפּלאַן, ברוך בעקענשטיין, יאָסקע גאַליאַצקי, חיים קאַפּלאַן, לאַסטאָווסקי, וויטשע קאַליר, פּסח סעגאל, משה׳ל שערעשעווסקי (זיצט).

אויסגעהאַלטען דעם נסיון מיט כבוד און אָפט פלעגט ער באַזיגען באַוואוסטע שטאַרקע ספּאָרט־פאַראיינען. אזוי, צום ביישפּיל, ברענגט דער „וואָלקאָוויסקער לעבען" אַ באַריכט וועגען אַ „מעטש" וואָס איז פאָרגעקומען צווישען דעם וואָלקאָוויסקער „מכבי" און דעם שטאַרקען וואָלקאָוויסקער פּוילישען ספּאָרט־פאַראיין „פּשישלאָטש" — דער „מכבי" האָט געוואונען 4 צו 1. אין דער זעלבער אויבענדערמאָנטער צייטונג ווערען אויך געבראַכט באַריכטען וועגען אַ „מעטש", וואָס איז פאָרגעקומען צווישען דעם וואָלקאָוויסקער „מכבי" און דעם מיליטערישען ספּאָרט־קלוב פון גראָדנע, און וועגען אַן אַנדער „מעטש" וואָס איז פאָרגעקומען צווישען דעם וואָלקאָוויסקער „מכבי" און דעם „מאָרגענשטערן" ספּאָרט־פאַראיין פון׳ם „בונד".

די „מעטשעס" פלעגען פאָרקומען אויפ׳ן פּלאַץ לעבען די קאַזאַרמעס און אויך אויף דעם שטאָטישען ספּאָרט־פּלאַץ (לעבען דער פּריצישער גאַס אויפ׳ן וועג צו איזאבעלין.

דער וואָלקאָוויסקער „מכבי" האָט געהאַט גרויס אָנזעהן ניט נאָר צווישען דער אידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך צווישען דער ניט־אידישער באַפעל־




די ברייטע גאַס
(אַנטקעגען דעם אַריינגאַנג צום בראָם)

קערונג פון וואָלקאָוויסק און אין די רעגירונגס-קרייזן. צו אלע אָפיציעלע רעגירונגס-פייערונגען ווי, צום ביישפיל, דעם 3טען מאי (דער נאַציאָנאַלער יום-טוב פון דער פוילישער רעפּובליק), און אין טאָג פון פּילסודסקי׳ס יאָר-צייט — פלעגט דער וואָלקאָוויסקער „מכבי״ איינגעלאַדען ווערען און ער פלעגט זיך באַטייליגען אין די פּאַראַדען וואָס פלעגען דאַן דורכגעפירט ווערען צוזאַמען מיט אלע אנדערע אָרגאניזאציעס וואָס האָבען געמארשירט אין זייערע אָפיציעלע אוניפאָרמען.

צום צעהנטען יובילײ פון „מכבי״ אין וואָלקאָוויסק איז דורכגעפירט געוואָרען אַ גרויסער פּאַראַד איבער די גאַסען פון דער שטאָט מיט דער באַ-טייליגונג פון דעם „מכבי״-אָרקעסטער. עס זיינען דאַן געקומען פאַר-שטעהער פון אלע ספּאָרט-אָרגאַניזאַציעס אין וואָלקאָוויסק און דער אומ-געגענד. ביי דער אָפיציעלער אויפנאַמע, וואָס איז דאַן איינגעאָרדענט גע-וואָרען לכבוד דעם צעהנטען יובילײ, זיינען אַנוועזענד געווען פאָרשטעהער פון דער פוילישער רעגירונג און דער מיליטערישער מאַכט.

---

אָט אַזוי האָט געלעבט און געווירקט דער וואָלקאָוויסקער „מכבי״ ביז ס׳האָט זיך אויסגעגאָסען גאָט׳ס צאָרן אויף אונזער ליבער שטאָט און פאַר-ניכטעט אלע וואָלקאָוויסקער אידען, און צוזאַמען מיט זיי אויך דעם וואָל-קאָוויסקער „מכבי״.

# אַמאַטאָרען־טעאַטער אין וואָלקאָוויסק

די געשיכטע פון דעם אידישען ליבהאָבער־טעאַטער* אין וואָלקאָוויסק איז ענג פאַרבונדען מיט אַ אידישען פאָלקס־מענש, מאַטעל (כהן) קיליקאָווסקי, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין שטאָט מיט זיין פרוכטבאַרער טעטיג־קייט אין דער פייערלעשער־געזעלשאַפט. שוין אַלס קינד האָט מאָטעל קילי־קאָווסקי, וועלכער איז קליינערהייט געבליבען אַ יתום און איז אויפגעצויגען געוואָרען ביי קרובים — פריהער אין הויז פון זיין זיידען שלום פאָטשטער (וואָס זיין זוהן צאלע איז געווען מאָטעל'ס פאָטער) און שפעטער, נאָך זיין זיידענ'ס טויט, ביי זיין אָנקעל לייבע פאָטשטער מיט זיין פרוי באָבטשע די זאָגערקע — אַרויסגעוויזען נייגונגען און ליבע צום טעאַטער. ער פלעגט צונויפ־נעמען די שכני'שע קינדער און זיי לערנען מושטירען אויף רוסיש אַזוי ווי סאָלדאַטען. ס'האָט דעמאָלסט אין יענער געגענד, אויף אָסטראָגער גאַס, געוואוינט אַ פוילישער דאָקטאָר יעלעץ, וועמען ס'איז געפעלען די אַרבייט פון די קינדער, און יעדעס מאָל, ווען מאָטקע מיט זיינע „סאָלדאַטען" פלעגען מושטירען לעבען זיין הויז, פלעגט ער מאָטקע'ן, דעם אָנפיהרער, געבען אַ קליינע סומע געלט — און מאָטקע האָט פאַר דעם געלט געקויפט קינדערשע טרומייטלאך מיט פייקלאַך און געשאַפען אַ קינדערשען סאָלדאַטען־אָר־קעסטער. פורים־צייט פלעגט מאָטקע צונויפקלייבען קינדער און שפילען מיט זיי פורים־שפילען, ווי „עקדת יצחק," „מכירת יוסף", און אַנדערע.

אַביסעל שפעטער, אין עלטער פון צעהן יאָהר, איז מאָטקע אָנגעקומען אַלס באַהעלפער צו משה מאיר דעם מלמד (וועמענ'ס טאָכטער ער האָט מיט יאָהרען שפעטער געהייראַט), און אין עלטער פון דרייצעהן יאָהר האָט זיך מאָטקע אַרויסגעלאָזט וואַנדערען אויף גאָט'ס וועלט — פריהער קיין גראָדנע, וואו ער האָט געאַרבייט ביי ברוקירען גאַסען, און נאָכדעם קיין קאָונע, וואו ער האָט זיך אויסגעלערענט צו זיין אַ שערער. שפעטער איז ער ווידער געקומען קיין גראָדנע, און האָט געאַרבייט אין אַ פריזיר־אַנשטאַלט, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון דעם טעאַטער און וואוהין די אַקטיאָרען

---

*) לויט דער אינפאָרמאַציע וואָס איך האָב באַקומען פון מאָטעל (כהן) קיליקאָווסקי, ה. יורים (יערוסאַלימסקי) און יאָסעל פעקאַרסקי (פּאַליאַק) — דר. מאָזעס איינהאָרן.



מאָטעל קיליקאָווסקי

פלעגען אָפּט אריינקומען. אין יענער צייט איז קיין גראָדנע געקומען אויף גאַסטראָלען די אידישע טרופּע פון אברהם פישזאָן. דער יונגער מאָטקע האָט זיך באקענט מיט די אקטיאָרען, און מיט דער צייט האָט ער זיך אָנגעהויבען באַטייליגען אין זייערע אויפפיהרונגען — פריהער אַלס אַ סטאַטיסט און שפּעטער איז ער אויך אויפגעטראָטען אין קליינע ראָלען.

## די גרינדונג פון אַמאַטאָרען־טעאַטער

ווען מאָטקע איז אַלט געוואָרען 16 יאָר, האָט ער זיך אומגעקערט קיין וואָלקאָוויסק. אין יענער צייט — די לעצטע יאָהרען פון דעם 19טען יאָהרהונדערט — איז אין וואָלקאָוויסק געגרינדעט געוואָרען אַ חברה „לינת הצדק", וועלכע האָט זיך גענויטיגט אין געלט און אין מעדיצינישע מכשירים, און אַזוי ווי דאָס איז געווען איניגע וואָכען פאַר פּורים, האָט די נייע חברה באַשלאָסען זיך צו ווענדען צום „מאָלאָדיאָזש" (יונגוואַרג) אַז מ'זאָל אויפ־

פיהרען אַ פּורים־שפּיל פון וועלכען די הכנסה זאָל געהן פאַר דער ניי־געגרינדעטער געזעלשאַפט. ס'איז צונויפגערופען געוואָרען אַ פאַרזאַמלונג פון דעם יונגוואַרג, אין וועלכער ס'האָבען זיך באַטייליגט: שאלאכמאַן דער שוסטער, איטשע מאַטשעס, וואשטשינקע דער שוסטער, ניאָמע חיים אָרטשעס, לייזשקע חיים אָרטשעס, מאָטקע (כהן) קיליקאָווסקי און אַנדערע. מאָטקע האָט פאָרגעשלאָגען, אז אנשטאָט אַ פּורים־שפּיל, וואָס דאָס פּאַסט פאַר קינדער, זאָל מען אויפפיהרען אַ ריכטיג טעאַטער־שטיק, און נאָך אַ דיסקוסיע איז אָנגענומען געוואָרען מאָטקע'ס פאָרשלאַג און ס'איז באַשלאָסען געוואָרען אויפצופירען „שולמית", אונטער דער רעזשי פון מאָטקע קיליקאָווסקי.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז ס'איז דעמאָלסט בשום אופן ניט מעגליך געווען צו קריגען אין וואָלקאָוויסק מיידלאַך, וועלכע זאָלען מסכים זיין זיך צו באַטייליגען אין אַ טעאַטער־אויפפיהרונג, און ס'האָבען דערפאַר געמוזט שפּילען בחורים די ראָלען פון מיידלאַך. שלום קיליקאָווסקי (לייבע פּאָטש־טער'ס זוהן, אַ קוזין פון מאָטקע), האָט געשפּילט די ראָלע פון שולמית; לייזשקע ריפּסקי (חיים אָרטשע'ס זוהן), האָט געשפּילט די ראָלע פון אבשלום. אילקע דער בעקער — די ראָלע פון מנוח'ן; מאָטקע, דער רעזשיסאָר, — די ראָלע פון ציגעינטאַנג; שאלאכמאַן, דער שוסטער — די ראָלע פון נתן הכהן. די גאַנצע טרופּע איז באַשטאַנען פון זעכצעהן מאַן, און מען האָט געשפּילט פּורים אין דעם אַלטען שפּיטאָל (באָלניצע) אויפ'ן שול־הויף. זוסיא דער שמש, וועלכער איז געווען אַ סטאָליער, האָט צונויפגעשטעלט די בינע, און בענק מיט לאָמפּען האָט מען גענומען פון די בתי־מדרשים. עס איז געקומען אַ זעהר גרויסער עולם צו דער פאָרשטעלונג. ווי מען האָט נאָר גענומען שפּילען איז אריינגעלאָפען אַ זשאנדאר און איז צוגעקומען צום סופליאָר און גענומען ביי איהם דאָס ביכעל „שולמית", כדי צו זעהן אויב דער טעקסט איז דורכגעגאַנגען אַ צענזור. ווען ער האָט געזעהן, אַז ס'האָט די דערלויבעניש פון דעם צענזאָר, האָט ער אָפּגעגעבען צוריק דאָס ביכעל און האָט אָנגעזאָגט, אז מען זאָל ניט שפּילען דאָס צווייטע מאָל אָהן אַ דערלויבעניש.

די חברה האָט אויף מאָרגען שושן־פּורים געשפּילט צום צווייטען מאָל. דער זאָל איז ווידער געווען געפּאַקט און די „לינת הצדק" געזעלשאַפט האָט געהאָט אַ שעהנע הכנסה.

פון דעמאָלסט אָן האָט מאָטקע אָפט געטראַכט און געפּלאַנעוועט ווי אַזוי צו שפּילען ריכטיג טעאַטער אין וואָלקאָוויסק, מיט מיידלאַך פאַר די פרויען־ראָלען, און מיט אַלע נויטיגע טעאַטער־אַטריבוטען — ביז ס'איז פאַר מאָטקע'ן געקומען די מזל'דיגע שעה.

## אַמאַטאָרען־טעאַטער ביז'ן ערשטען וועלט־קריג

אַ פּאָר יאָהר שפּעטער האָט זיך אין וואָלקאָוויסק געגרינדעט די פייער־לעשער־געזעלשאַפט, אין וועלכער מאָטקע איז געווען זעהר טעטיג. צו דער פייערלעשער־געזעלשאַפט האָבען דאַן געהערט די „פּני" פון דער רוסישער געזעלשאַפט און באַאַמטע אין וואָלקאָוויסק, און צווישען זיי אויך דער רעוויזאָר זשדאנאָוו, וועלכער איז געווען דער נאטשאלניק פון דער געזעל־שאַפט, און דער איספּראַווניק איוואנאָוו. מאָטקע איז דאַן אַוועק צום נאַ־טשאַלניק און איהם געזאָגט אַז ער וויל שפּילען צוזאַמען מיט אַ טרופּע אידיש טעאַטער, און די הכנסה וועט געהן פאַר דער פייערלעשער־געזעל־שאַפט. ער האָט געבעטען דעם נאטשאַלניק צו באַקומען פאַר איהם אַ דער־לויבעניש. דער נאטשאלניק האָט איהם געהייסען געהן צום איספּראַווניק און אים בעטען, אין זיין נאָמען, אַז ער זאָל געבען די דערלויבעניש. מאָטקע איז אַוועק צום איספּראַווניק און אים פאָרגעלייגט זיין בקשה. אויף דעם איספּראַווניק'ס פראַגע — אויף וואָס פאַר אַ לשון מען וועט שפּילען, האָט איהם מאָטקע געענטפערט, אַז אויף דייטש — און דער איספּראַווניק האָט איהם אַרויסגעגעבען אַ דערלויבעניש אויף צו שפּילען פיער מאָהל.

דאַן האָט מאָטקע אָנגעפאַנגען צונויפשטעלען די טרופּע און אַזוי ווי ער האָט ניט געקענט קריגען אין וואָלקאָוויסק פאַר דער טרופּע קיין צוויי מיידלעך, וועלכע זיינען געווען נויטיג פאַר דער אויפפירונג פון „שולמית", איז ער אַוועקגעפאָרען קיין ביאַליסטאָק און געבראַכט אַ מיידעל מיט'ן נאָמען חוהיקע ווייסענבערג, וואָס האָט געהאַט אַ גוטע שטימע און האָט שעהן גע־זונגען. מאָטקע האָט זיך מיט איר באַדונגען פאַר צוואַנציג רובעל — אַ שעהנע סומע פאַר יענער צייט! — מיט אַ וואוינונג און עסען פאַר דער צייט, וואָס זי וועט זיין אין וואָלקאָוויסק. מאָטקע האָט מיט חוה'קען איינ־געשטודירט איר ראָלע. ער איז דאַן אויך אַוועק צו משה אייזיק דעם כלי־זמר און האָט פאַר אים געזונגען די לידער פון „שולמית", וועלכע משה אייזיק האָט אויפגעשריבען אין נאָטען. ווען זיי זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט'ן שרייבען, האָט מען צונויפגערופען די אַקטיאָרען און די כלי־זמר און זיך גענומען צו די פּראָבען. די ראָלען זיינען אַזוי פאַרטיילט געוואָרען: **רעזשיסאָר** — מאָטקע (כהן) קיליקאָווסקי; **אבשלום** — געשפּילט פון אַ יונ־געמאַן מיט אַ גוטען טענאָר (ניט קיין וואָלקאָוויסקער); **שולמית** — חוהיקע ווייסענבערג פון ביאַליסטאָק; **ציגענטאַנג** — מאָטקע קיליקאָווסקי, **דער רעזשיסאָר**; **מנוח** — אילקע דער בעקער; **אביגיל** — לאה טשיסטעראזום (פון אייזען־קראָם); **יואב גדעוני** — שלמהיקע לעוו (שמואל דעם מוליער'ס אַ זוהן); **אבינדב** — שמואל פעטיקיער; **נתן הכהן** — משה אַרקע בולאַנסקי.

די צאָל פון די באַטייליגטע, צוזאַמען מיט די וואָס האָבן געשפּילט קלענערע ראָלען און מיט די מוזיקאַנטען, איז געווען 25 פּערזאָן.

אזוי ווי די אויפפירונג איז געווען לטובת דער פייערלעשער־געזעלשאַפט, האָט מען געקענט באַנוצען פאַר דער טרופּע דעם סאָד (פּאַרק) פון בולהאַרינ׳ען. דער נאַטשאַלניק פון דער פייערלעשער־געזעלשאַפט האָט, לויט מאָטקע׳ס בקשה, באַפוילען צו ברענגען אין סאָד מאַטעריאַל פאַר אַ בינע. נאָכדעם האָט מייזעל, דער דרוקער, אָפּגעדרוקט אַפישען און מ׳האָט זיי אויסגעקלעפּט איבער דער שטאָט. אַלע פיר פאָרשטעלונגען זיינען געקרוינט געוואָרען מיט גרויס דערפאָלג. עס זיינען אַ יך געקומען זעהן די פאָרשטעלונגען מענשען פון די אַרומיגע שטעטלעך. דער עולם האָט געפאָדערט מ׳זאָל שפּילען נאָך אַמאָל, אָבער דער איספּראַווניק האָט ניט געוואָלט געבען קיין דערלויבעניש; ער האָט געזאָגט, ער איז חושד, אז ס׳איז פאַראַן אין די פאָרשטעלונגען פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע, און דערפאַר ציהען זיי צו אַזאַ גרויסען עולם.

אַ יאָר שפּעטער האָט מאָטקע געוואָלט אויפפירען די „כישוף־מאַכערין" (באָבע יאַכנע). ער האָט זיך ווידער געווענדעט צום איספּראַווניק נאָך אַ דערלויבעניש, אָבער דער איספּראַווניק האָט ניט געוואָלט געבען און האָט געהייסען זיך ווענדען צום גובערנאַטאָר אין גראָדנע. מאָטקע איז אַוועקגעפאָרען קיין גראָדנע און באַקומען אַ דערלויבעניש, און האָט אויך גלייכצייטיג אַרונטערגעבראַכט פון גראָדנע אַ מיידעל מיט אַ גוטער שטימע, פאַר דער ראָלע פון מירעלע׳ן. מ׳האָט געשפּילט נאָר איין מאָל — אין בולהאַרינ׳ס סאָד — און דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס אידישע אַמאַטאָרען האָבן געשפּילט אידיש טעאַטער אין וואָלקאָוויסק, איידער ס׳האָט אויסגעבראָכען די ערשטע וועלט־מלחמה אין יאָר 1914.

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 241

## דאָס בילד פון אונטען, רעכטס, שטעלט פאָר אַ סצענע פון „מכירת יוסף"

אונטערשטע רייהע, רעכטס: **ראובן רוטשיק (דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון „וואָלקאָוויסקער לעבען") שפּילט די ראָלע פון יוסף; זניידין — שפּילט די ראָלע פון יהודה, און גאַלאַי — שפּילט די ראָלע פון שמעון.**

## די צוויי בילדער לינקס שטעלען פאָר סצענעס פון „אוריאל אַקאָסטא"

דאָס אויבערשטע בילד, פון רעכטס צו לינקס, די פרויען: **לאה שער און טייבעל (שלום דעם סופר׳ס אַ שנור)**; די מענער: **ליסיצקי, פערעמאָלניק, יעקב פישער.**

דאָס אונטערשטע בילד, שטייען: **לייזער שיף, שעפסעל ראַוויצקי, יאָסעל פעקאַרסקי (פּאָליאַק), חיים רובינאָוויטש**; פון אונטען: **יעקב פישער און לאה שער.**









וואָלקאָווויסקער אַמאַטאָרען-טעאַטער
נעמען אויף זייט 240

# אַמאַטאָרען־טעאַטער אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין צייט פון ערשטען וועלט־קריג

## „הזמיר" און די „האַרפע"

אָנהויב 1916, אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט אַ גרופּע אידישע בחורים און מיידלעך, ליבהאָבער פון אידישען טעאַטער, געשאַפען — אונטער דער אָנפירונג פון מאָטקע פּאַס־קיליקאָווסקי — אַ אידישען אַמאַ־טאָרען־טעאַטער, „הזמיר", אין וואָלקאָוויסק, וואָס האָט אָנגעהאלטען ביז'ן סוף פון דער מלחמה.

צווישען די איניציאַטאָרען זיינען געווען: לייזער סאָקאָלסקי, לייזער שיף, ראַשע (דעם ראָשער שניידער'ס טאָכטער), יאָסעל פּעקאַרסקי (פּאָלאַק), וו. יערוסאלימסקי (דעם שוחט'ס זוהן), ישראל שיין (דער טאָקער, דער זוהן פון ידידיה דעם שמש), און אַנדערע.

די אידישע באַפעלקערונג פון וואָלקאָוויסק איז געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ אידיש וואָרט, נאָך אידישען טעאַטער, דערפאַר איז דער אָפּרוף פון די אידען צום ניי־געגרינדעטען טעאַטער געווען זעהר אַ וואַרימער.

דער טעאַטער האָט אָנגעהויבען שפּילען גאָלדפאַדענ'ס פּיעסען, ווי „שולמית", „בר־כוכבא", „די כישוף־מאַכערין". צום אָנהויב האָט באָטווינ־סקי'ס סינעמא־הויז געדינט אַלס דער פּלאַץ פאַר'ן טעאַטער, און נאָכדעם איז די טרופּע אַריבער אין פּאָלאַטשעק'ס מויער, און אַ צייט שפּעטער איז די טרופּע ווידער אַריבער אין באָטווינסקי'ס סינעמאַ־הויז, אין וועלכען עס זיינען געווען אַ פּאַרטיגע בינע און זיץ־פּלעצער פאַר עטליכע הונדערט מענשען.

די הויפּט־ראָליסטען זיינען געווען: לייזער סאָקאָלסקי, מאָטקע (כהן) קיליקאָווסקי, לייזער שיף און יאָסעל פּעקארסקי (פּאָליאַק). דער מוזיקאַלישער לייטער איז געווען ישראל שיין (דער טאָקער). צווישען די שוישפּילער פון דער טרופּע זיינען אויך געווען: ניאָמקע סולקאָוויטש (דער שניידער), מאָטע אהריעס זוהן, וו. יערוסאלימסקי (דעם שוחט'ס זוהן), ראשע (דעם ראָשער שניידער'ס טאָכטער), צביה קאַמינסקי (דעם פישער'ס טאָכטער), אילקע דער בעקער, מאָטיע לייב קאַפּלאַן, יודעל רוטשיק, צוויי שוועסטער שער (פון כאָ־לאָדאָיסקער גאַס), ישראל ווינער (פון גראָדנער גאַס), יעזערסקיים טאָכטער (פון דער ברייטער גאַס, וועלכע האָט שפּעטער געהייראַט מיט סאָקאָלסקי'ן), פּעשע (דוד הירשעל'ס טאָכטער), יאָסעל שקאָלניק און יאָסעל באַיארסקי.

די ערשטע פאָרשטעלונג איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג. ס'איז פּשוט ניט געווען גענוג פּלאַץ אין טעאַטער אריינצונעמען אַלע באַזוכער, און מען האָט געמוזט געבען די פאָרשטעלונג „שולמית" עטליכע מאָל. דאָס זעלבע



דער דראַמאַטישער קרייז ביים קבוץ „תל-חי" אין דער פּיעסע
„די גרינע פעלדער", אין יאָר 1934

רעכטס צו לינקס, אין מיטען, שטייען: אברהם גאַליאַצקי (דער שערער) און לייזער שיף.

איז אויך געווען מיט „בר־כוכבא" און „קאָלדוניע". דער עולם האָט אויפ־געגומען יעדע פאָרשטעלונג מיט גרויס באַגייסטערונג.

די אידישע אינטעליגענץ איז פון אָנהויב געשטאַנען ווייט פון דער אַמאַטאָרען־גרופּע. אָבער, זעהענדיג איר דערפאָלג, און דעם אינטערעס פון דער אידישער באַפעלקערונג פאַר אַ ריין אידישען טעאַטער, האָט זיך די אינטעליגענץ גענומען ביסלעכווייז דערנעהענטערען צום טעאַטער און מאַנכע האָבען אָנגעבאָטען זייער דינסט.

ה' גאַלאַי, וועלכער איז פאַרבליבען אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע אין וואָלקאָוויסק, און איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער רוסישער אַקטיאָר, איז נאַכהער געוואָרען דער רעזשיסאָר פון טעאַטער. אויך מעריאַן, אַ פּראָ־פעסיאָנעלע רוסישע אַקטריסע, איז צוגעצויגען געוואָרען צום טעאַטער. ס'זיינען אויך צוגעשטאַנען צום טעאַטער ידידיה מאַרגאָליס (דער אידישער שרייבער), און ליוטשע גלעמבאָצקע, וועלכע איז געווען אַן אויסגעצייכענטע זינגערין. אזוי ארום האָט דער אמאטאָרען־טעאַטער אָנגעהויבען אויפצו־פירען פּיעסען פון שלום אש, נאָמבערג, פּרץ הירשביין, יעקב גאָרדין, א. אַז. וו.

דער אמאטאָרען־טעאטער פלעגט אויך דורכפירען קליינע קונסט־אָוונטען וועלכע זיינען געווען ניט קיין קלענערער דערפּאָלג ווי די רע־גולערע פאָרשטעלונגען.

די יוגענד פון די אַרומיגע שטעטלעך פלעגט אָפט קומען צו פאָרען צו די פאָרשטעלונגען אין וואָלקאָוויסק, און דער טעאַטער האָט געקראָגען איינלאַדונגען אפילו צו קומען אין די ארומיגע שטעטלעך, כדי דאָרט אויפ־צופירען. אָבער נאַכהער האָט די דייטשע מאַכט פאַרווערט דעם טעאַטער אַרומצופאָרען איבער די שטעטלעך (אגב, איז אין סוויסלאָטש פאָרגעקומען אַן אומגליק־צופאַל: אייניגע פון דער גרופּע זיינען צעשלאָגען געוואָרען פון שיכור׳ע דייטשע סאָלדאַטען; צווישען די צעשלאָגענע איז געווען לייזער מאקאָלסקי, וועלכער איז שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרען).

אַ צאָל פון די מיטגלידער פון דער טרופּע האָבען זיך ליידער אָנגעהויבען אַרומרייסען צוליב דער פאַרטיילונג פון די ראָלען, קנאה, פערזענליכען דערפּאָלג, און אנדערע סיבות — וועלכע האָבען דערפירט צו דער גרינדונג פון נאָך אַ טעאַטער אונטער׳ן נאָמען „די האַרפּע“. די אָנפירער פון דער „האַרפּע“ זיינען געווען מאָטע־לייב קאַפּלאַן, מאָטקע קיליקאָווסקי און נאָך אייניגע. די טרופּע האָט אָנגעהויבען אויפפירען אויפדאָסניי גאָלדפאַדען׳ס פּיעסען.

צווישען די צוויי טעאַטער־גרופּען איז קיין שלום ניט געווען. ס׳פלעגען פאָרקומען צווישען זיי גרויסע קריגערייען. ווי ס׳גיט איבער מאָטקע קילי־קאָווסקי, האָבען זיךביידע פאַראיינען דאָך ענדליך אַרומגעקוקט, אַז עס האָט קיין זין ניט שטענדיג זיך אַרומצוקריגען, און זיי האָבען באַשלאָסען זיך ווידער צו פאַראייניגען אין איין טעאַטער־טרופּע. עס איז נאָר געווען אַ כראַגע, ווי אַזוי די נייע פאַראייניגטע טרופּע זאָל הייסען — „הזמיר“ אָדער „די האַרפּע“. מען האָט באַשלאָסען צו וואַרפען גורל. לויט׳ן גורל איז באַשטימט געוואָרען דער נאָמען „הזמיר“. מען האָט אויך דאַן, נאָך דער פאַראייניגונג, אויסגעוועהלט אַ נייעם פאָרזיצער.

לאַהיקע שער, אַ באמת באַגאַבטע שוישפּילערין מיט אַן אָנגענעהמער שטימע, איז געווען צווישען די, וועלכע האָבען אַ סך בייגעטראָגען צום דער־פּאָלג פון אידישען טעאַטער אין וואָלקאָוויסק.

מיט דער צייט האָט די גרופּע אויך אַראָפּגעבראַכט אַקטיאָרען פון ביאַ־ליסטאָק, און האָט מיט ערפּאָלג דורכגעפירט אייניגע פּיעסען און אָפּערעטעס. זשוקינא, אַ ביאַליסטאָקער אידישע מיידעל פון אָרימע עלטערען, פלעגט אויפ־שטורמען וואָלקאָוויסק מיט איר אויפטרעטען אויף דער בינע. זי איז געווען אַ סוברעטין מיט אַ פיינער שטימע, אַ שעהנהייט. אויך גרינהויז, אַ באַגאַב־




דראַמאַטישע סעקציע פון „תרבות" אין יאָר 1926

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **יעקב איינשטיין, הערשעל ווערנער, שאול מאַזיע**; צווייטע רייהע, זיצען: **ברוך בעקענשטיין, עלקע אַגולניק, ליבע קאופמאַן, יעקב פישער** (לייטער פון גרופע), **שרה סלאַפּאַק, הענאַך ווינעצקי**; דריטע רייהע, שטייען: **אַ אומבאַקאַנטער, יודעל שקלאַווין, אברהמ'ל וואַלאַך, מאָזעס מאַנדעלבאום, קאַנטאָר** (פון סוויסלאָטש), **נתן דאַווידאָווסקי**.

טער אידישער אַקטיאָר, פלעגט זיך אויסצייכענען אין גאָרדינ'ס און אין פּרץ הירשביינ'ס פּיעסען. צוזאַמען מיט נייע צוגעצויגענע קרעפטען פון וואָלקאָוויסק, איז דאָס אידישע טעאַטער געוואָרען באמת אַ פיינע אינסטיטוציע, וואָס האָט פאַרנומען אַ חשוב'ען פלאַץ אין וואָלקאָוויסק.

ניט קוקענדיג אויף אלע שוועריגקייטען פון יענער צייט, פון דער דייטשער אָקופּאַציע — צוואנגס־ארבייט, הונגער, און שרעקליכע באַגרעניצונגען — האָט דאָס אידישע טעאַטער, וואָס האָט עקזיסטירט אַ פּאָר יאָר, געהאָלפען צו דערמוטיגען די אידישע באַפעלקערונג פון וואָלקאָוויסק און איר פאַרשאַפט אַ גרויסען קינסטלערישען גענוס.

## אַמאַטאָרען־טעאַטער נאָך דעם ערשטען וועלט־קריג

אַ שטיקעל צייט שפּעטער, שוין אונטער דער הערשאַפט פון די פּאָליאַקען, האָט מאָטקע קיליקאָווסקי — לויט אַ בקשה פון ציוניסטישע טוער,

וועלכע האָבען אים געבעטען צו אראַנזשירען אַ פאָרשטעלונג לטובת דער ציוניסטישער באַוועגונג — אָרגאַניזירט אַ טרופּע פון יונגע בחורים און אויפ־געפירט „זרובבל". אין דער טרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ דרייסיג פּערזאָן, האָבען זיך באַטייליגט: אַ זוהן פון אַלטער גאַלאַי (דעם קצב), קליאַצקין (אַבראַמסקי דעם אַפּטייקער'ס אַ פּלימעניק), וועלכער איז איצט אַ מיטגליד פונ'ם „הבימה"־טעאַטער אין ארץ־ישראל, זניידיק, באַניע פון זאַמאָשטשע, אַ זוהן מיט אַ טאָכטער פון מאָטעל קיליקאָווסקי, א. אַז. וו.. די אויפפירונג איז פאָרגעקומען אין באָטווינסקי'ס קינאָ־טעאַטער.

אין אַ קורצער צייט ארום האָט מאָטקע קיליקאָווסקי פאַרלאָזען וואָל־קאָוויסק און איז אַוועקגעפאָרען צו זיינע קרובים קיין אַמעריקע.

## דער „הזמיר" אונטער דער רעזשי פון יעקב פישער

דער „הזמיר" האָט שפּעטער ווידער אויפגעלעבט און אָנגעפירט אַ טעאַטער־טעטיגקייט אונטער דער רעזשי פון יעקב פישער (זיין פרוי איז געווען חאַמע יודזשיק, אַ טאָכטער פון יודזשיק דעם עקספּעדיטאָר). אונטער זיין רעזשי האָט מען אויפגעפירט „אוריאל אקאָסטא", „דער קעניג ליר", די „אַמעריקאַנערין" און אויך פילע רוסישע פּיעסען, וועלכע זיינען איבער־זעצט געוואָרען אין אידיש. מען האָט געשפּילט צוויי מאָל אַ מאָנאַט אין באָטווינסקי'ס קינאָ־הויז — און די הכנסה איז געגאַנגען לטובת די וואָל־קאָוויסקער אידישע וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס, ווי דער בית־יתומים, מושב־זקנים, לינת־חולים, און אויך לטובת פּריוואַטע נויטבאַדערפטיגע מענשען.

צווישען די, וועלכע האָבען אין יענער צייט אָנטייל גענומען אין די טעאַטער־אויפפירונגען זיינען געווען: פרויען — שער, יעלסקי און זיסקינ־דאָוויטש; מענער — ריפּסקי, יאָסעל פּעקארסקי, חיים רובינאָוויטש, לייזער שיף, שקלאָווין און יודעל רוטשיק.

עס איז אינטערעסאַנט, אז צו דער געלעגענהייט פון יוסף פּעקארסקי'ס אָפּפאָר קיין קובא און פון דאָרט קיין נאָרד אַמעריקע, איז אין „וואָלקאָוויסקער לעבען" פון 27טען יוני, 1930, געדרוקט געוואָרען די פאָלגענדע נאָטיץ אונטער'ן נאָמען „אוי, אוי, יאָסעלע פאָרט אַוועק!":

„דינסטאָג פאָרט אָפּ קיין קובא דער ליבלינג פון די היגע יוגענד־קרייזען, יוסף פּעקארסקי, באַקאַנט אונטער'ן נאָמען „יאָסעלע פּאָליאַק". פּעקארסקי האָט זיך באַליבט געמאַכט מיט זיינע אָפטע אַרויסטרעטונגען אין די פאַר־שיידענע פאָרשטעלונגען פון היגען דראַמאַטישען קרייז. זיין אָנטייל האָט שטענדיג צוגעצויגען אַ גרויסען עולם, וועלכער האָט זיך גוט געוויילט און האַרציג געלאַכט פון זיינע קאָמישע ראָלען, אין וועלכע ער האָט זיך אַמ־בעסטען אויסגעצייכענט".




באַטווינסקי'ס קינאָ אויף דער ברייטער גאַס

נאָכדעם ווי פּישער איז אָפּגעפּאָרען פון וואָלקאָוויסק און אַ טייל פון די ליבהאָבער־שוישפּילער זיינען זיך אויך צעפאָרען — זיינען נאָך פונ־דעסטוועגן אָפּט פאָרגעקומען טעאַטער־אויפפירונגען דורך דער יוגענד (דראַמאַטישער קרייז פון קיבוץ תל־חי), אונטער דער רעזשי פון לייזער שיף.

***

וואָלקאָוויסק איז, אַ דאַנק דער דאָזיגער פאַרצווייגטער טעאַטער־טעטיג־קייט, געוואָרען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אידישען טעאַטער און אין אידישער קונסט, און דערפאַר פלעגען אַלע וויכטיגע אידישע טעאַטער־טרופּען פון די גרויסע שטעט אָפּט קומען קיין וואָלקאָוויסק אויף גאַסטראָלען. דאָס וואָלקאָוויסקער אידישע פּובליקום פלעגט וואַרים אויפנעמען די אי־דישע קינסטלער און זיי געבען אַ האַרציגען קבלת־פּנים.

# פערזענליכקייטען

וואָלקאָוויסק איז געווען אַ לעבעדיגע און געזעלשאַפטליך־טעטיגע שטאָט און האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל עסקנים, חשוב'ע בעלי־בתים און אינ־טערעסאַנטע פערזענליכקייטען, וועלכע האָבען ארויפגעלייגט זייער שטעמפעל אויף דער שטאָט און איר ענטוויקלונג. אין אַלע אַרטיקלען וועלכע קומען אריין אין דעם בוך זיינען פאַראַן שילדערונגען פון פאַרשיידענע וואָלקאָוויס־קער פערזענליכקייטען — טרוימער און בויער פון אונזער ליבער היימשטאָט. אָבער פ.נדעסטוועגען זיינען נאָך געבליבען פיל וויכטיגע וואָלקאָוויסקער טוער און אייגענאַרטיגע פערזאָנען, וועלכע זיינען ניט באַשריבען געוואָרען אין דעם בוך — פשוט ווייל איך האָב ניט געפונען ווער ס'זאָל וועגען זיי שרייבען. איך וועל דאָ דאַריבער שילדערען בקיצור אַ צאָל וואָלקאָוויסקער פערזענליכקייטען, וואָס אַ טייל פון זיי האָב איך געקענט פערזענליך און וועגען די איבעריגע איז מיר געלונגען צו קריגען ראַיעלע אינפאָרמאַציע.

## נאַכע און הינדע העלער

די וואָלקאָוויסקער פאַמיליע העלער, וואָס מיט איר נאָמען זיינען געווען פאַרבונדען אזויפיל וואָלקאָוויסקער אינסטיטוציעס, האָט געשטאַמט פונ'ם שטעטעל אַמסטיבאָווע (לעבען וואָלקאָוויסק) און איז באַשטאַנען פון זעקס ברידער — וועלוועל, פייוועל, ישראל־אהרן, משה, נחום (נאַכע), לייב — און צוויי שוועסטער.

באַזונדערס באַריהמט איז אין וואָלקאָוויסק געווען דער נאָמען פון ר' נחום (נאַכע) העלער. ער איז אין די לעצטע יאָרען פון זיין לעבען געווען פאַררעכענט ביי די וואָלקאָוויסקער אידען ווי אַ מין מלאך הגואל, אַ מין נסתר אין מרחקים. ער האָט געוואוינט אין דער ווייטער בערלין און דאָך האָט זיין האַרץ געקלאַפּט אזוי וואַרים און אזוי טריי פאַר די נויטליידענדע און הילפלאָזע פון זיין היימשטאָט.

טויזענטער פעדים האָבען יאָרענלאַנג פאַרקניפּט און פאַרבונדען וואָל־קאָוויסק מיט'ן גרויסען נדבן. ס'האָבען זיך אַרום זיין ליכטיגער פערזאָן געוויקעלט פאַרשיידענע לעגענדעס, געוועבט מיט זיידענעם יחוס, אַריסטאָ־קראַטיע און אַדעל; דער נאָמען העלער האָט געשיינט און געלויכטען וויט און ברייט און האָט צו זיך ארויסגערופען אַ געפיהל פון רעספּעקט און פאַרעהרונג.



נחום (נאַכע) העלער און זיין פרוי הינדע

דער נאָמען נאַכע העלער איז ביי דער וואָלקאָווויסקער אידישער באַ־פעלקערונג געווען ווי אַ סימבאָל פון גרויסער אידישער עשירות און אומ־באַגרעניצטער נדבנות, וועלכע זיינען פּאַראַלעל געוואַקסען. נאַכע העלער איז געווען א זעלטענער טיפּ פון אַ אידישען לעגענדאַרען גביר מיט אַ ברייטער האַנט, וועלכע איז קיינמאָל ניט געווען צוגעמאַכט פאַר קיינעם.

נאַכע העלער איז געשטאָרבען אין טיפען עלטער. ער האָט אַלע יאָרען געפיהרט אַ ברייט־פאַרצווייגטען האָלץ־האַנדעל אויף אַ גרויסען פאַרנעם. אין זיינע קאַנטאָרען זיינען געווען באַשעפטיגט הונדערטער אידישע פאַמיליעס אין פוילען און אין אַנדערע לענדער.

ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אַ שטעלע ביי נאַכע העלער'ן האָט זיך גערעכענט אזוי פעסט און זיכער ווי אַ רעגירונג'ס־שטעלע. ער האָט קיינ־מאָל ניט אָפּגעזאָגט קיין אַנגעשטעלטען, און אפילו בעת'ן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די גרעניצען האָבען זיך געשלאָסען און דער פאַרקער איז אָפּגעשטעלט געוואָרען, האָט נאַכע העלער פאַראָרדענט זיינע קאַנטאָרען צו אויסצאָלען יעדען זיין מאָנאַטליכען געהאַלט כסדר.

ביז'ן יאָר 1892 האָט ער געוואוינט אין וואָלקאָווויסק און דאַן זיך אריי־בערגעצויגען קיין וואַרשע. אין יאָר 1889 האָט ער אויפגעבויט דעם אי־דישען שפּיטאָל אין וואָלקאָווויסק — וואָס איז געווען פון גרויסער וויכטיג־

קייט פאַר דער שטאָט. דער גראַנדיעזער שפּיטאָל איז דאַן געווען אַ יחיד במינו אין גאַנץ גראָדנער גובערניע. ער איז געווען איינגעאָרדענט מיט אַלעם נויטיגען — וועש, מעבעל, מעדיצין־מכשירים, אַן אָפּעראַציע־זאַל מיט פיל קאָסטבאַרע מאָדערנע איינריכטונגען. די אויפשטעלונג פון׳ם שפּיטאָל האָט באַטראָפען ביי אַ דרייסיג טויזענט רובעל — אַ סומע וואָס איז אין יענער צייט געווען אַ גאָר־גרויסער קאַפּיטאַל.

נאַכע העלער האָט ספּעציעל געדונגען ביי דער יק״א אַגראָנאָמען צו פאַרפלאַנצען דעם גרויסען ארומגעצאַמטען פּלאַץ לעבען שפּיטאָל מיט בוימער און כל׳ערליי געוויקסען — אַ זאַך וואָס האָט אָפּגעקאָסט פיל געלט צוליב דעם זאַמדיגען באָדען. בעת די דייטשען זיינען, אין צייט פון ערשטען וועלט־קריג, אַוועק פון וואָלקאָוויסק, האָבען זיי אַלע טייערע שפּיטאָל־איינ־ריכטונגען מיטגענומען און געלאָזען בלויז די הוילע ווענט.

אויפ׳ן שוהל־הויף האָט נאַכע העלער אויך אויסגעבויט אַ „בית־לחם״, וואו די אָרימע קינדער פון דער תלמוד־תורה פלעגען שטענדיג, ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַקומען פרישטיק און מיטאָג.

זייט דעם יאָר 1905 האָט ער געוואוינט אין בערלין, פון וואַנען ער פלעגט צושיקען אויף יעדען יום־טוב אַ פּאָר טויזענט זלאָטעס — אונטער־שטיצונג פאַר אָרימע פאַמיליעס אויף האָלץ, קאַרטאָפעל א. אַז. וו.

זייענדיג זעהר צוגעבונדען צו וואָלקאָוויסק — האָט נאַכע העלער אַרויס־געוויזען אַן אינטערעס אין דער וואָלקאָוויסקער צייטונג „וואָלקאָוויסקער לעבען״, און האָט איר פון צייט־צו־צייט אַרויסגעהאָלפען.

נאַכע העלער׳ס פרוי, הינדע, איז ניט ווייניגער ווי איר מאַן געווען איבערגעגעבען צו וואָלקאָוויסק און זי פלעגט פיל אַרויסהעלפען די אָרימע און נויטליידענדע פון דער שטאָט.

איבערהויפּט זיינען אַלע העלער׳ס געווען זעהר געאַכטעט און געשעצט אין וואָלקאָוויסק. די וואַרימע געפילען, מיט וועלכע די וואָלקאָוויסקער אי־דישע באַפעלקערונג האָט זיך באַציגען צו די העלער׳ס, פלעגען קומען צום אויסדרוק ווען ס׳האָט פאַסירט עפּעס אַן אומגליק אין דער העלער־פאַמיליע און איינער פון אירע מיטגלידער איז געשטאָרבען. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט וואָלקאָוויסק שטאַרק געטרויערט ווען ס׳איז אָנגעקומען די ידיעה פון וואַרשע (אין יאָר 1929), אַז ס׳איז דאָרט געשטאָרבען, אין עלטער פון 57 יאָר, האָראַצי העלער, דער זוהן פון פייוועל העלער און אַ פּלימעניק פון נאַכע העלער.

האָראַצי העלער איז געווען דער גרעסטער האָלץ־אינדוסטריעלער אין פּוילען און האָט זיך גערעכענט פאַר איינעם פון די רייכסטע מענשען אין

לאַנד. ער האָט דער עיקר געהאַנדעלט מיט ענגלישע פירמעס. זיין האָלץ־עקספּאָרט איז געווען אַזוי גרויס, אז מען האָט זיך מיט אים גערעכנט אין די פּוילישע רעגירונג׳ס־קרייזען.

האָראַצי העלער האָט קיינמאָל ניט איבערגעריסען דעם קאָנטאַקט מיט זיין אַמאָליגער היימשטאָט וואָלקאָוויסק און ער האָט זיך באַטייליגט מיט גרויסע נדבות אין דער אויסהאַלטונג פון די וואָלקאָוויסקער אינסטיטוציעס.

באַלד ווי דער וואָלקאָוויסקער רב האָט דערהאַלטען די טעלעגראַפישע ידיעה פון וואַרשע וועגען דעם טויט פון האָראַצי העלער זיינען גלייך אַרויס־געפאָרען קיין וואַרשע צו דער לוויה אַ רייהע פאָרשטעהער פון די וואָלקאָ־ווויסקער אינסטיטוציעס, בראש פון וועלכע ס׳זיינען געווען דער רב און דער קהילה־פּרעזעס ה׳ בייקאָווסקי.

---

## אליהו שייקעוויטש

אליהו שייקעוויטש איז געווען באַקאַנט אין וואָלקאָוויסק אַלס אַ חשוב׳ער בעל־הבית און אָנגעזעהענער טיכטיגער עסקן, וועלכער האָט אומערמידליך געאַרבייט פאַר וויכטיגע געזעלשאַפטליכע און וואוילטעטיגע אַנשטאַלטען פון דער שטאָט.

ה׳ שייקעוויטש איז געבוירען געוואָרען אין יאָר 1872 אין אַ קליין שטעטעל אין פּאָלטאַווער גובערניע און האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דערציהונג אין חדרים און אויך פאַרענדיגט, אין יאָר 1886, אַ רוסישע שולע מיט אַן אויסצייכענונג.

צוליב דעם שוואַכען געזונט־צושטאַנד פון זיין פאָטער האָט אליהו ניט גע־קענט פאָרטזעצען זיין בילדונג, און ער האָט שוין אין זיין פריהסטער יוגענד באַדאַרפט, אַלס דאָס עלטסטע קינד אין הויז, אָנפיהרען מיט דעם קליינעם געשעפט פון זיינע עלטערען, כדי צו קענען אויסהאלטען זיין קראַנקען פאָטער, זיין מוטער און די קלענערע קינדער. דערווייל איז דער פאָטער געשטאָרבען און די לאַגע אין הויז האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט. דער יונגער אליהו איז געווען געצוואונגען אָנצונעמען אַ פּאָסטען אין דער האַנדעל׳ס־שטאָט ראָמני, אין אַ גרויס מאַנופאַקטור־געשעפט, כדי מיט זיינע פאַרדינסטען צו שטיצען די פאַר׳יתום׳טע פאַמיליע.

אליהו׳ס יוגענד־יאָרען, וועלכע זיינען פאַרלאָפען אין שווערען קאַמף פאַר חיונה, האָבען ארויפגעלייגט זייער שטעמפּעל אויף זיין גאַנצען לעבען און האָבען אין אים איינגעפּלאַנצט אַ טיפען מיטגעפיהל מיט דיליידען פון

אלע נויט־באַדערפטיגע מענשען און איבערהויפּט פון עלענדע יתומים. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסען די שווערע צייט ווען ער איז אליין געווען אַ יתום — און דאַריבער האָט ער שפּעטער, ווען ער איז געוואָרען אַ זעלבסט־שטענדיגער פאַרמעגליכער מאַן, געווידמעט פיל צייט און ענערגיע אויף צו פאַרלייכטערען די טרויעריגע לאַגע פון די אָרימע יתומים.

אין יאָר 1893, ווען אליהו איז אַלט געוואָרען 21 יאָר און האָט אָנגע־הויבען דינען אַלס סאָלדאַט, איז ער אָפּגעשיקט געוואָרען צו זיין פּאָלק, קיין וואָלקאָוויסק — וואו ער האָט זיך טאַקע שפּעטער באַזעצט, חתונה געהאַט און געוואָרען אַ שטענדיגער תושב.

מיט דער צייט האָט זיך אליהו שייקעוויטש נאָהענט באַפריינדעט מיט'ן וואָלקאָווסקער אַדוואָקאַט חיים עוזר איינהאָרן, וועלכער האָט אויסער זיין אַדוואָקאַטור געהאַט אַ אַגענטור פון דער פּעטערבורגער פייער־פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט. צוליב זיין שוואַכען געזונט־צושטאַנד האָט חיים עוזר איינהאָרן געדאַרפט אַוועקפאָרען אויף אייניגע מאָנאַטען אין אַ קאַווקאַזער קוראָרט, און ער האָט איינגעלאַדען שייקעוויטש'ען אָנצופיהרען מיט דער אַגענטור אין משך פון דער צייט וואָס ער וועט ניט זיין אין שטאָט. ווען חיים עוזר איינהאָרן האָט זיך אומגעקערט קיין וואָלקאָוויסק האָט ער געפונען דאָס געשעפט אין בעסטער אָרדנונג און דערצו איז אויך פאַרגרעסערט געוואָרען די צאָל פון די אַסעקוראַנטען. ער האָט דעריבער אין יאָר 1907, ווען ער האָט באַשלאָסען זיך צוריקציהען פון דער אַרבייט ביי דער אַגענטור, פאָר־געשלאָגען דער פּעטערבורגער פייער־געזעלשאַפט איבערצוגעבען די אַגענטור צו אליהו שייקעוויטש. שייקעוויטש האָט איבערגענומען די אַגענטור און זי אָנגעפיהרט מיט גרויס דערפאָלג. אין יאָר 1908 האָט שייקעוויטש באַקומען אַ צווייטע פאַרטרעטונג פון דער רוסישער טראַנספּאָרט־און־פייער־פאַרזי־כערונג־געזעלשאַפט, וועלכע ער האָט אויך גוט אָרגאַניזירט. ער איז אויך געווען דער אינהאַבער פון אַ ניי־מאַשינען־געשעפט.

זייענדיג מאַטעריעל איינגעאָרדענט האָט ה' שייקעוויטש גלייך אָנגע־הויבען אַ פארצווייגטע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט. זיין ערשטער שריט אויפ'ן געזעלשאַפטליכען געביט איז געווען די גרינדונג פון דער וואָלקאָ־וויסקער לייה־און־שפּאָר־קאַסע, וועלכע האָט פיל ארויסגעהאָלפען מיט הלוואות די ניט־פאַרמעגליכע שיכטען פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג.

אין צייט פון דעם ערשטען וועלט־קריג, אין יאָר 1915, ערב דער דייטשער אָקופּאַציע פון וואָלקאָוויסק, איז שייקעוויטש אַוועק קיין אוקראַינע, די אַלטע היים פון זיינע קינדהייט־יאָרען. ס'איז אים געלונגען זיך איינצו־



אליהו שייקעוויטש

אָרדענען גאַנץ גוט אין דמיטראָווקע, טשערניגאָווער גובערניע. אָבער די גיטע צייט האָט ניט געדויערט לאַנג. די איבערקערעניש אין רוסלאַנד האָט פאַראורזאַכט אַ ביטערען בירגער־קריג און ס'זיינען פאָרגעקומען גרויסע בלוט־פארגיסונגען און פאָגראָמען אויף אידען. די מאַכט האָט זיך אָפט געביטען — איינע ערגער פון דער צווייטער. די 126 אידישע פאַמיליעס פון שייקעוויטש'עס נייעם וואוין־אָרט האָבען פאַרלוירען זייערע פּרנסות. דער האַנדעל איז פאַרבאָטען געוואָרען; די סחורה, וועלכע מען האָט ניט באַוויזען צו באַהאלטען, איז רעקוויזירט געוואָרען. דער איינציגער וועג אויף צו קענען עקזיסטירען איז געווען — קאָאָפּעראַציע. דאָ האָט שייקעוויטש ווידער אַרויסגעוויזען זיינע גלענצענדע אָרגאַניזאַטאָרישע פעהיגקייטען. ער האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון די קאָאָפּעראַטיווען און איינגעאָרדענט סעקציעס פון יעדער בראַנזשע, און באַשטימט געוויסע סוחרים פון פאַרשיידענע בראַנזשעס אלס אָנגעשטעלטע אין די פאַר זיי פּאַסענדע סעקציעס. אזוי־אַרום האָט זיך דאָס לעבען טיילוויז רעגולירט.

דערווייל זיינען אין דמיטראָווקע פאָרגעקומען קהילה־וואַלען, און שייקעוויטש איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס מיטגליד פונ'ם קהילה־ראַט, וועלכער האָט נאָכדעם דערוועהלט שייקעוויטש'ן אַלס פאָרזיצענדען פון

דער קהילה. אַזאַ בכבוד׳יגער אַמט איז דעמאָלסט געווען פאַרבונדען מיט לעבענס־געפאַר, ווייל יעדע מאַכט איז געקומען מיט אירע באַרבאַרישע פאָדערונגען צום פאָרשטעהער פון דער קהילה, און אויב ער האָט ניט באַלד נאָכגעגעבען די פאָדערונגען, איז ער אָנערקענט געוואָרען אַלס ניט־לאָיאַל צו דער באַטרעפענדער מאַכט און ס׳האָט אים געדראָהט טויט־שטראָף.

אויך שייקעוויטש האָט זיך דערוואוסט אז ס׳לויערט אויף אים אַ סכנה, און ער האָט באַשלאָסען צו אַנטלויפען פון דמיטראָווקע, צוזאַמען מיט זיין פרוי און פינף קינדער, און זיך אומקערען קיין וואָלקאָוויסק. אין דעצעמבער 1920 איז אים ענדליך געלונגען, נאָך פילע שוועריגקייטען, צו קומען בשלום מיט זיין פאַמיליע קיין וואָלקאָוויסק.

ס׳האָט זיך איצט אָנגעהויבען אַ נייע תקופה אין זיין לעבען — סאַי אויפ׳ן פעלד פון מסחר און סאַי אויפ׳ן געזעלשאַפטליכען געביט. מיט זיין איינגעבוירענער ענערגיע און פעהיגקייט האָט שייקעוויטש — וועלכער האָט נאָך געהאַט פאַר דער מלחמה אַ פריוואַט ניי־מאַשינען־געשעפט — אָרגאַני־זירט אויף אַן אויסגעצייכענטען אופן, אין יאָר 1924, לויט אַ באַפולמעכ־טיגונג פון דער אינטערנאַציאָנעלער פירמע „זינגער״, אַ וואָלקאָוויסקער אָפּ־טיילונג פון אָט דער באַריהמטער וועלט־פירמע.

שייקעוויטש איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער וואָלקאָוויסקער קאָאָפּעראַטיווער סוחרים־באַנק, וועלכע האָט אויך געהאָלפען די ניט־פאַר־מעגליכע קרעמער מיט אָהן־פּראָצענטיגע הלוואות כדי זיי זאָלען זיך קענען באַזאָרגען מיט די נויטיגע יעהרליכע האַנדעלס־דערלויבענישען („פּאַ־טענטען״).

מיט זיין פיינער אָנשטענדיגער באַהאַנדלונג פון אלע מענשען, מיט וועלכע ער איז געקומען אין געשעפטליכער באַריהרונג — זיינע פילע קונדען און אָנגעשטעלטע — האָט זיך שייקעוויטש דערוואָרבען אַ גוטען נאָמען אין דער סוחר׳ישער וועלט און די וואָלקאָוויסקער אידישע באַפעלקערונג האָט זיך צו אים באַצויגען מיט גרויס רעספּעקט און אַכטונג.

גרויס אָנערקענונג האָט שייקעוויטש געקראָגען פאַר זיין פאַרצווייגטער איבערגעגעבענער געזעלשאַפטליכער אַרבייט. שייקעוויטש איז געווען טעטיג אין פאַרשיידענע וויכטיגע נאַציאָנאַלע און וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס, און ער האָט געטאָן גוטע ארבייט פאַר די ציוניסטישע פאָנדען. ער האָט אויך אָנגעפיהרט מיט דערפאָלג, אינ׳ם ווינטער פון יאָר 1936־1937, מיט דער אַקציע פון „קרבן עצים״, וואָס איר צוועק איז געווען צו באַזאָרגען די אָרימע וואָלקאָוויסקער אידישע באַפעלקערונג מיט האָלץ אויף ווינטער. אָבער די קרוין פון זיין געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט איז געווען זיין לאַנג־יאָריגע

אַרבייט פאַר׳ן וואָלקאָוויסקער בית־יתומים, פון וועלכען ער איז לעצטענס געוועזן דער פּרעזידענט. ער האָט אין דער הייליגער אַרבייט פאַר די אומגליקליכע יתומים אריינגעלייגט זיין גאַנצע נשמה, זיין גרויס ליבענד האַרץ, און ער האָט ניט גערוהט ביז ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם בית־יתומים אויף אַ גאָר הויכער מדרגה.

שייקעוויטש אליין האָט — אין אַ זעהר־אינפאָרמאַטיווען אַרטיקעל, וואָס ער האָט בייגעשטייערט פאַר דעם „יזכור״־בוך — געשילדערט די ענטוויקלונג פון דעם חשוב׳ען וואָלקאָוויסקער אַנשטאַלט, אין וועלכען ער האָט געשפּילט אַזאַ באַדייטענדע ראָלע. מיר וועלען דעריבער דאָ ניט מאריך זיין וועגען שייקעוויטש׳עס מסירות־נפש׳דיגער ארבייט פאַר׳ן וואָלקאָוויסקער בית־יתומים, און מיר וועלען זיך באַגנוגענען מיט דעם וואָס מיר וועלען דאָ איבערגעבען איניגע פּרטים (לויט אַ באַריכט פון דוד נאָוויק אין „וואָלקאָוויסקער לעבען״, נומער 521) וועגען דעם פייערליכען געזעגענונגס־אָוועט וואָס די פאַרוואַלטונג פונ׳ם בית־יתומים האָט אַראַנזשירט — צוזאַמען מיט׳ן פּערסאָנאַל, פריינט און קינדער פון אַנשטאַלט — אין אויגוסט 1937, לכבוד ה׳ שייקעוויטש׳ען, פאַר זיין אָפּפאָהרען קיין ארץ־ישראל:

דער זאַל פונ׳ם בית־יתומים איז געווען פול מיט אַ פאַרשיידענאַרטיגען ספּעציעל־געלאַדענעם עולם, מענער און פרויען, אַלט און יונג, צווישען זיי אויך קינדער פונ׳ם בית־יתומים און אַ סך פון די וועלכע האָבען זיך אַמאָל דערצויגען אין אַנשטאַלט און זיינען שוין לאנג זעלבסטשטענדיג געוואָרען.

דעם אָווענט האָט געעפענט דער פאָרזיצער פון דער פייערונג מרדכי גילער, וועלכער האָט איבערגעלייענט אַ שריפטליכע באַגריסונג פונ׳ם וואָלקאָוויסקער רב, ר׳ יצחק רובינאָוויטש, ווי אויך אַ באַגריסונג פונ׳ם ביאַליסטאָקער הויפּט־קאָמיטעט. געזעגענונגס־רעדעס האָבען געהאַלטען: דער אויבענדערמאָנטער מרדכי גילער, דער ראש־הקהל סאַליסטאָווסקי, וועלכער האָט זיך געזעגענט מיט א. שייקעוויטש אין דעם נאָמען פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג און אויך אַלס פּרעזעס פון ראַט פון סוחרים־באַנק, א. סמאַזאַנאָוויטש, א. בליאַכער, דער לערער לעווין (אין נאָמען פון „יבנה״), י. זאלאטניצקי, פרוי הדסה יונאָוויטש, ד. נאָוויק און א. לעוו. אַלע רעדנער האָבען געשילדערט די גרויסע פאַרדינסטען פון אליהו שייקעוויטש פאַר׳ן אַנשטאַלט.

אינמיטען די באַגריסונגען איז איבערגעגעבען געוואָרען צו שייקעוויטש׳ען, דורך מ. זעליצקי, אַ גאָלדענער זשעטאָן פון דער יתומים־געזעלשאַפט.

ס'איז אים אויך איבערגעגעבען און פאַרגעלייענט געוואָרען דורך גילער'ן אַ שעהן־געדרוקטער אַדרעס.

זעהר ריהרענד איז געווען, ווען איינע פון די עלטסטע קינדער פון אַנ־שטאַלט, מעראַ ערלאַך, האָט אין נאָמען פון די קינדער זיך געזעגענט מיט זייער לאַנג־יאָריגען איבערגעגעבענעם פריינד און דערביי אויסגעדריקט זייער דאַנקבאַרקייט, בענקשאַפט און האָפנונג זיך צו טרעפען מיט אים אין ארץ־ישראל.

איינדרוקספול איז אויך געווען דער מאָמענט ווען די „אַביטוריענטקע" פון'ם בית־יתומים, גיטעל עיין, האָט איבערגעגעבען צו שייקעוויטש'ען אַ שעהנעם אַלבום מיט פאָטאָגראַפיעס פון די קינדער וועלכע האָבען זיך דער־צויגען אין אַנשטאַלט און אויך פון די קינדער וועלכע האָבען זיך נאָך אויפגע־האַלטען אין אים. אַם־אינטערעסאַנטסטען אין אַלבום זיינען געווען די פאָ־טאָגראַפיעס פון די חתונה־געהאַטע יתומים צוזאַמען מיט זייערע קינדער.

אַ טיף־געריהרטער האָט ה' שייקעוויטש געענטפערט אויף אַלע באַ־גריסונגען און אַלעמען באַדאַנקט פאַר זייער אָנערקענונג און אָפּשאַצונג פון זיינע לייסטונגען און פאַר זייערע גוטע וואונשען. שייקעוויטש האָט או'ך צו־געזאָגט, אַז ער וועט נישט איבעררייסען די באַציהונגען מיט זיין טייערסטען ל'עבענס־ווערק, דעם אַנשטאַלט, און אַז ער וועט אויך אין ארץ־ישראל פאַר־זעצען זיין ארבייט פאַר די קינדער פונ'ם בית־יתומים און זיך באַמיהען זיי אַריבערנעמען אַהין.

מיט אַפּלאָדיסמענטען פאַר ה' שייקעוויטש און מיט קינדער־געזאַנג איז געשלאָסען געוואָרען דער אינטערעסאַנטער און שטימונגס־פולער געזעג־גענונגס־אָוונט.

**
*

אויך אין ארץ־ישראל האָט ה' שייקעוויטש פאָרגעזעצט זיין נוצליכע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט און ער וואָלט מסתמא אויך מקיים געווען זיין פאַרשפּרעכען אַריבערצוברענגען די קינדער פונ'ם בית־יתומים קיין ארץ־ישראל, ווען ס'וואָלט ניט אויסגעבראָכען דער צווייטער וועלט־קריג, וואָס האָט געבראַכט טויט און פאַרניכטונג צו אַלע וואָלקאָווישקער אידען און צו־זאַמען מיט זיי אויך צו די אָרימע יתומים, די ליבלינגס־קינדער פון אליהו שייקעוויטש.

היינט־צו־טאָג איז נאָך שייקעוויטש, אין עלטער פון 77 יאָר, זעהר אַקטיוו אויף פאַרשיידענע געביטען פונ'ם ברויזענדען ארץ־ישראל־לעבען, און ער פאַרנעמט אויך דעם פּאָסטען פון פרעזידענט פון דעם וואָלקאָווישקער פאַראיין אין ארץ־ישראל („אירגון עולי וולקוביסק").

## הרב אברהם זלמן קורץ

ר׳ אברהם זלמן קורץ איז געבוירען געוואָרען אין סופּראַסלע, לעבען ביאַליסטאָק. זיין פאָטער, יצחק אייזיק קורץ, איז געווען דער שוחט און חזן פון׳ם שטעטעל. יונגערהייט האָט אברהם זלמן געלערענט אין דער ביאַליסטאָקער ישיבה און אין ראַדין ביים „חפץ חיים״. ער האָט געהייראַט יענטע פריידע, אַ טאָכטער פון ציפּע מענדעל ריוועס, פון וואָלקאָוויסק, וועלכע האָט געהאַט אַ טראַקטיר אַקעגען די קראָמען. נאָך דער הייראַט איז ער ווידער אוועק לערנען אין קאָוונער ישיבה און געקראָגען סמיכות ביי ר׳ הירש ראַבינאָוויטש (דער זוהן פון׳ם קאָוונער גאון ר׳ יצחק אלחנן) און ביי דעם סלאָבאָדקער רב, ר׳ משה דאַנישעווסקי. ער האָט זיך דאַן אומגעקערט קיין וואָלקאָוויסק, וואו ער האָט געוואוינט אויף דער גראָדנער גאַס, ביי משה יונאָוויטש׳ען אין הויז. ער איז אריין אין מסחר און געעפענט אַ מאַנופאַקטור-געשעפט און זיך אויך פיל אָפּגעגעבען מיט געזעלשאַפטליכער אַרבייט.

אין צייט פון דעם ערשטען וועלט-קריג האָט ר׳ אברהם זלמן קורץ פיל געלייסטעט פאַר דער וואָלקאָוויסקער פּאַראַרימטער אידישער באַפעלקערונג. גלייך ביים אויסברוך פון דער מלחמה, אין 1914, זיינען געבליבען אין וואָלקאָוויסק פיל אידישע נויט-באַדערפטיגע פאַמיליעס, די פרויען און קינדער פון די סאָלדאַטען וועלכע זיינען אַוועק אויפ׳ן פראָנט, און ר׳ אברהם זלמן קורץ האָט — צוזאַמען מיט יוסף רודי און אַנדערע בעלי-בתים — איינגע-אָרדענט פאַר זיי אַ ביליגע באַקאַליי-קראָם, אין הויז פון יאָסעל דעם בירער (ברעסטאָוויצקי), אויף דער צערקאָוונער גאַס. דאָס געלט פאַר דעם דאָזיגען צוועק איז געקומען פוןביישטייערונגען פון די בעלי-בתים פון שטאָט.

שפּעטער, אין 1915, בשעת די דייטשען האָבען אָנגעהויבען אָקופּירען די געגענד און פיל אידען זיינען אַנטלאָפען פון זייערע היימען און דורכגע-פאָרען וואָלקאָוויסק אויפ׳ן וועג קיין טיף-רוסלאַנד, האָט הרב קורץ אָרגאַ-ניזירט אַ קאָמיטעט, וואָס פלעגט באַגעגענען די „בעזשענצעס״ ביי דער באַן-סטאַנציע און זיי ברענגען עסען און אַנדערע באַדערפעניש׳ן. איינער פון די הויפּט-טוער פון דעם דאָזיגען קאָמיטעט איז געווען גדליה פּערעשעצקי, ד׳ער שניידער. ס׳האָבען אויך מיטגעאַרבייט אין דעם קאָמיטעט: יוסף רודי, הערשעל סופרים אַ איניקעל, קלמן גאַליאַצקיס זוהן, ליזע איינהאָרן-חאַראַך, און אנדערע.

נאָכדעם ווי די דייטשען האָבען, אין צייט פון׳ם ערשטען וועלט-קריג, אָקופּירט וואָלקאָוויסק, איז געווען אין וואָלקאָוויסק אַ מאַנגעל אין ברויט, און די פּויערים האָבען אויסגענוצט די דאָזיגע לאַגע און געהעכערט די פּרייזען פון תבואה — און דאָס אַלעס האָט זיך זעהר שלעכט אָפּגערופען



הרב אברהם זלמן קורץ

אויפ׳ן מצב פון דער פאַראָרימטער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג. הרב קורץ איז דאַן — צוזאַמען מיט יוסף יונאָוויטש (יאָסעל טאַמאַרעס) — אַוועק אין מאַגיסטראַט און גע׳פּועל׳ט, אז דער מאַגיסטראַט זאָל זיי אויס־טיילען פופציג פּוד קאָרען אויף צו באַקען ברויט און עס פאַרקויפען דער באַפעלקערונג פאַר ביליגע פרייזען. די דאָזיגע אונטערנעמונג איז געווען אזוי דערפאָלגרייך, אז דער מאַגיסטראַט האָט באַוויליגט פאר די ענערגישע טוער נאָך עטליכע הונדערט פּוד תבואה און זיי האָבען פאַרטיילט ברויט צווישען דער באַפעלקערונג, אידען און קריסטען. 468 משפחות האָבען גע־קראָגען ברויט לויט׳ן פרייז פון דריי קאָפּיקעס אַ פונט. און אַז די פויערים האָבען געזעהן, אז דער ברויט־מאַנגעל איז אַביסעל געלינדערט געוואָרען און מען דאַרף שוין ניט אזוי שטאַרק אָנקומען צו זיי, האָבען זיי אויך אַרונ־טערגעלאָזען פון די הויכע פרייזען — און די לאַגע האָט זיך פיל פאַרבעסערט.

הרב קורץ איז אויך געווען איינער פון די הויפּט־עסקנים פונ׳ם „לינת־חולים" און פונ׳ם שפּיטאָל און אַ טוער אינ׳ם „בית־יתומים", אין „קרבן־עצים" און אין חברה ש״ס. ער איז אויך געווען אַקטיוו אין דער וואָלקאָ־וויסקער חברה „מלביש ערומים", וואָס איר צוועק איז געווען צו באַזאָרגען

קליידונג פאַר דער אָרימער אידישער באַפעלקערונג. אין די פריהערדיגע יאָרען, פאַר׳ן ערשטען וועלט־קריג, האָט זיך די חברה — אין וועלכער ס׳איז דאַן געווען זעהר אַקטיוו זלמן לייב סלוצקי — באַשעפטיגט בלויז מיט דער באַזאָרגונג פון הלבשה פאַר די קינדער פון דער תלמוד־תורה; אָבער שפּע־טער, אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע בשעת דעם ערשטען וועלט־קריג, האָט די חברה פיל פאַרגרעסערט איר טעטיגקייט און געזאָרגט פאַר ברייטע שיכטען פון דער אָרימער אידישער באַפעלקערונג. אזוי, צום ביי־שפּיל, האָט דאַן די חברה אריינגעקראָגען נײַנצעהן הונדערט בקשות פאַר שיך. אין דער ארבייט פון דער חברה האָבען אין יענער צייט גענומען אַ גרויסען אָנטייל שמואל דוד יונאָוויטש און אברהמיעל זאַקהיים. זיי האָבען צוזאַמענגעקליבעןביישטייערונגען אין שטאָט און זיי האָבען אליין איינגע־קויפט לעדער ביי אַביגדור בלאָך און אַוועקגעגעבען צו יוסף לייב שיפּיאַצקי דעם שטעפער, און נאָכדעם צעטיילט די ארבייט צווישען עטליכע שוסטער. אַלע בעלי־מלאכות האָבען געטאָן די ארבייט אומזיסט אָדער פאַר אַ ביליגען פּרייז. און אַזוי־אַרום האָבען די עסקנים פון דער חברה געשאַפען די מעג־ליכקייט צו באַזאָרגען מיט שיך די וועלכע האָבען זיך אין זיי גענויטיגט.

איינינע יאָר נאָכ׳ן ערשטען וועלט־קריג, אין יאָר 1923, איז ר׳ אברהם זלמן קורץ אָפּגעפאָרען קיין אַמעריקע, וואו ער פאַרנעמט דעם פּאָסטען פון רב אין ראָטשעסטער, ניו־יאָרק — און ער איז אויך אויפ׳ן אַמעריקאַנער באָדען זעהר אַקטיוו אויף פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע און וואוילטעטיגע געביטען און געאַכטעט פון דער באַפעלקערונג אין ראָטשעסטער.

---

## שרה פּערלים (שרה די פישערקע)

שרה די פישערקע האָט געוואוינט אין וואָלקאָוויסק אויף דער לאַזאַ־רעטנער געסעל, לעבען שיפּמאַנאָוויטש׳עס הויז. זי שטאַמט פון אַ פאַמיליע פון פיש־הענדלער און סאַי זי און סאַי אירע עלטערען, יאַנקעל און לאה, זיינען געבוירענע וואָלקאָוויסקער. אירע עלטערען האָבען געוואוינט אויף באָלאָדאָיסקע גאַס און שרה׳ס פאָטער, יאַנקעל דער פישער, האָט געהאַט טייכען אין אַרענדע. אירע צוויי ברידער — אברהם הלל און חיים משה — זיינען אויך געווען פישער. שרה׳ס מאַן בצלאל (צאַלע) פּערצאָוויטש, וועלכער האָט שפּעטער אין אַמעריקע געענדערט זיין נאָמען אויף פּערליס, האָט געשטאַמט פון אַ פישער־פאַמיליע אין קאָסאָווע, און נאָכדעם ווי ער האָט חתונה געהאַט מיט שרה׳ן און זיך באַזעצט אין וואָלקאָוויסק, איז ער אויך געווען אַ פישער. דער הויפּט־מסחר מיט די פיש איז געווען צוויי טעג אין



שרה פערלים

וואָך — דאָנערשטאָג און פרייטאָג — ווען די וואָלקאָווישקער באַלעבאָסטעס האָבען איינגעקויפט פיש אויף שבת. מוצאי־שבת פלעגען די פישער ארויס־פאָרען פון שטאָט און אָנהויבען אַרבייטען אויף צו באַזאָרגען די נויטיגע פיש אויף דאָנערשטאָג. מאָנטאָג פלעגען די פרויען פון די פישער מיט זייערע קינדער אַרומגעהן איינמאָנען דאָס געלט ביי די קונים וועלכע האָבען איינגעקויפט פיש אויף שבת.

שרה די פישערקע האָט געהאַט אַ שותּפ'טע, אסתר די ברוקירערקע, און אַ שותּף, לייבעל דער פישער, און זי איז געווען זעהר פאַרנומען מיט איר מסחר; אָבער זי האָט פונדעסטוועגען באַוויזען צו דערציהען אַ פיינע פאַמי־ליע. זי האָט זיך אויך זעהר פיל אָפּגעגעבען מיט וואוילטעטיגער אַרבייט. זי האָט זיך שטאַרק באַשעפטיגט מיט „הכנסת־כלה"; זי פלעגט קריגען ביי־שטייערונגען און איינאָרדענען אַלץ וואָס איז נויטיג געווען פאַר די חתונות פון אָרימע מיידלעך. זי פלעגט ארויסהעלפען נויט־באַדעפטיגע מענשען, און אָרימע קינדער האָבען ביי איר געגעסען טעג. שרה פלעגט אויך געבען אומזיסט פיש פאַר דער קאָשעוואַרניע און פאַר דעם „הכנסת־אורחים" און „מושב־זקנים".

אין יאָר 1917 איז שרה געקומען מיט איר מאַן און דריי קינדער קיין אַמעריקע — צו אירע אַנדערע קינדער, וועלכע האָבן שוין געוווינט פון פריהער אין שיקאַגאָ. שרה'ס מאַן איז שפּעטער געשטאָרבן אין אַמעריקע.

אין שיקאַגאָ האָט שרה די פישערקע פאַרגעזעצט איר געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט לטובת איר היימשטאָט און זי האָט דאָרט געגרינדעט דעם שיקאַ־גאָער „וואָלקאָוויסקער פרויען־פאַראיין", וואָס פלעגט יעהרליך איבערשיקען קיין וואָלקאָוויסק, פאַר פאַרשיידענע וואוילטעטיגע צוועקען, 1000—1200 דאָלאַר. אין דער גרינדונג פונ'ם „וואָלקאָוויסקער פרויען־פאַראיין" אין שי־קאַגאָ האָבן שרה'ן אַרויסגעהאָלפען אירע טעכטער: פרידע בערלינגער, ליליען ראָזענסטאָן, זיסעל (סילוויע) לואיס און הילדע ליס. צווישען די אַנדערע פרויען, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפען אין דער אַרבייט פונ'ם שי־קאַגע'ר „וואָלקאָוויסקער פרויען־פאַראיין" זיינען געווען: שרה רבקה באַרט (אַ שנור פון ראַניע דער בעקערקע), פרוי מיכאלסקי מיט אירע טעכטער מאַשע לעווין און קיילע מייזער, לילע באַרט, ציפּע געלער, בעקי זאַידעל (זרח'ס טאָכטער), גאָסיע ביין (אַ טאָכטער פון ישעיה דעם בירער), פרוי גאָנדז, לינע רימזאָן, אסתר פּאַפּער, מאַרטאַ פּען, איידע סאַלאָמאָן, איידע געטנער, טאַניאַ רובינשטיין (ציפּע'ס אַ טאָכטער), הינדע הייטאָווסקי, אסתר סיגאַל, סעם סיגאַל, שרה לאה מאָסקאָוויטש, ציליע לעווין און העניע רוט.

שרה פערליס איז אויך אַקטיוו אין פאַרשיידענע אנדערע שיקאַגער וואוילטעטיגע פאַראיינען, אָבער הויפּטזעכליך גיט זי לעצטענס אַוועק איר צייט און ענערגיע פאַר אירע אָרימע לאַנדסלייט, די אומגליקליכע קרבנות פון איר חרוב'ער באַליבטער היימשטאָט וואָלקאָוויסק.

---

## באָבטשע קיליקאָווסקי־כהן

באָבטשע איז געווען שלום פּאָטשטער'ס אַ שנור. איר מאַן האָט גע־הייסען לייבע און ער האָט געהאַנדעלט מיט האָלץ. איר פאָטער איז געווען דוד דער ראש־הישיבה. איר ברודער איז געווען פישעל, אַ העברעאישער לערער. זי האָט געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא און האָט אליין פאַרפאַסט אַ ספר'ל פון ווייבערשע תפילות — און הערשעל דער סופר האָט עס אָנגע־שריבען מיט דער האַנט. אין די ימים־נוראים פלעגט זי זיין די זאָגערקע אין שוהל פאַר די ווייבער, און ביי „תשליך" פלעגען זיך די ווייבער אַרומ־זאַמלען לעבען איר און זי פלעגט לייענען פאַר זיי. דעריבער איז זי אויך געווען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „באָבטשע די זאָגערקע". ווען ס'איז פאָרגעקומען אין שטאָט אַ חתונה, אין וועלכער די כלה איז געווען אַ יתומה,



באָבטשע קיליקאָווסקי־כהן

פלעגט באָבטשע תמיד ברענגען די כלה אויפ׳ן בית־עלמין, כדי צו בעטען ביי די טויטע זיי זאָלען קומען צו דער חופה. אין פאַל פון אַ געפערליכער קראַנקהייט, ווען מען פלעגט דאַרפען מעסטען פעלד, פלעגט מען איר בעטען דאָס צו טאָן פון מצוה־וועגען. אַלע האָבען געקענט און געאַכטעט די גוט־האַרציגע באָבטשע.

זי האָט אויפגעצויגען ביי זיך אין הויז אַ יתום ביז צו זיין חתונה. אין די שפעטערדיגע יאָרען איז זי אַריבערגעקומען צו אירע קינדער קיין אַמע־ריקע, און איז נאָך אינ׳ם נייעם לאַנד געווען טעטיג אויפ׳ן וואוילטעטיגען געביט. זי האָט געהאָלפען צו גרינדען אַ מושב־זקנים אין בעיאָן, ניו־דזשוירזי, וואו זי האָט געוואוינט ביי איר טאָכטער, דאָבע פינק. זי איז געשטאָרבען אין יאָר 1934, אין עלטער פון 81 יאָר. די גאַנצע קהילה פון דער שטאָט בעיאָן האָט זיך באַטייליגט אין דער גרויסער לוויה, וואו הרב חיים סיגאַל מיט נאָך צוויי רבנים האָבען איר מספיד געווען.

באָבטשע׳ס זוהן, היימאן כהן, וועלכער וואוינט אין ניו־יאָרק, איז דער גרינדער און פרעזידענט פונ׳ם ניו־יאָרקער „וואָלקאָוויסקער צענטער“ און איז זעהר טעטיג אין דער הילפס־אַרבייט פאַר די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט.

## משה שאַפּיראָ

משה שאַפּיראָ איז געווען אַ אײדעם פון שעפסעל גלעמבאָצקי. ער איז געווען אַ וואַלד־הענדלער און געהאַלטען א ליעסאָפּילנע (טאַרטאַק) לעבען בלאָכ'ס הויז. ער איז געווען אַ באַקאַנטער סוחר און ציוניסטישער עסקן. ער איז געווען אַ חבר פונ'ם וועד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אַ פירער פון קרן־קיימת, אַ מיטגליד אין דער גמילות־חסדים־קאַסע, אַ גרינדער און בויער פון דער סוחרים־באַנק, — אַ אידעאַליסט, וואָס איז געווען מיט לייב־און־לעבען איבערגעגעבען דער נאַציאָנאַלער ארבייט, באַזונדערס די נאַציאָ־



משה שאַפּיראָ

נאַלע פאָנדען און נאַציאָנאַלער דערציהונג. עס איז ניט געווען ביי אים קיין פראַגע פון זיינע אייגענע געשעפטען אָדער געזונט, ווען אַ אקציע פאַר'ן קרן־היסוד אָדער פאַר'ן קרן־קיימת איז אָנגעגאַנגען. ביי די נדרים־אַקציעס האָט ער שטענדיג אליין געארבייט מיט די גבאים און אויף קיינעם זיך ניט פאַר־לאָזען. אפילו קראַנקערהייט איז ער אליין געגאַנגען אויסליידיגען די פושקעס פון קרן־קיימת, — ווען ס'איז געווען נויטיג צו פאַרשטאַרקען די פאָנדען. פאַרשטעהענדיג די וויכטיגקייט פון דער דערציהונג פונ'ם צוקונפטיגען דור אין נאַציאָנאַלען גייסט, האָט ער פיל מיה און כוח אַוועקגעגעבען דער העברע־

אישער שולע. ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער העברעאישער גימנאַזיע. ער איז געווען אַ מענש מיט אַ גוטען כאַראַקטער, שטענדיג גע־נויגט צו שלום; ער האָט אָבער ניט געוואוסט פון קיין קאָמפּראָמיסען מיט שונאי־ציון.

ער איז געשטאָרבען אין יאָר 1929, אין וואַרשע. באַלד ווי די טרויעריגע ידיעה איז אָנגעקומען קיין וואָלקאָוויסק, האָט די וואָלקאָוויסקער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אָפּגעהאַלטען אַ ספּעציעלע טרויער־זיצונג, אויף וועלכער ס׳איז באַשלאָסען געוואָרען אַראָפּצוברענגען דעם קערפּער פון׳ם פאַרשטאָרבענעם קיין וואָלקאָוויסק און אים מקבר זיין אויפ׳ן וואָלקאָוויסקער בית־עלמין. ס׳איז געבילדעט געוואָרען אַ לוויה־קאָמיטעט, וועלכער האָט אַרויסגעלאָזען טרויער־מעלדונגען איבער דער שטאָט און אויפגעפאָדערט אַלע חברים און פריינד אָפּצוגעבען דעם נפטר דעם לעצטען כבוד.

דער נפטר איז געבראַכט געוואָרען קיין וואָלקאָוויסק, און זיין לוויה איז פאָרגעקומען ביי דער באַטייליגונג פון אַ אומגעהויער גרויסען עולם. דעם גאַנצען וועג פון וואָקזאַל ביז׳ן בית־עלמין האָבען חברים פון דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע געטראָגען דעם ארון. פאָראויס זיינען געגאַנגען די תלמידים פון דער העברעאישער שולע און פון דער גימנאַזיע „הרצליה״, פון וועלכער דער פאַרשטאָרבענער איז געווען איינער פון אירע גרינדער. אין דעם נייעם בית־המדרש האָבען אים מספיד געווען די ה״ה יערוסאַלימסקי, צבי אינקער און בן־ציון ליפשיץ, וועלכע האָבען אין ריהרענדע ווערטער געשיל־דערט דעם פאַרלוסט, וואָס וואָלקאָוויסק האָט געליטען דורכ׳ן טויט פון משה שאַפּיראָ.

אין „וואָלקאָוויסקער לעבען״, נומער 100, פון יענעם יאָר איז געדרוקט געוואָרען אַן אַרטיקעל פון אינזשעניר אפרים באַראַש אין אָנדענק פון דעם פאַרשטאָרבענעם. דאָרט ווערט צווישען אַנדערעס געזאָגט: „מיר האָבען היינטיגע וואָך באַגלייט אין זיין אייביגער רוה דעם בעסטען, דעם איבערגע־געבענסטען און טרייסטען חבר משה שאַפּיראָ ז״ל.

„מיר האָבען פאַרלוירען ניט נאָר אַ ציוניסט, אַ אידעאַליסט, נאָר אַ פּראַק־טישען מיט לייב און זעלע איבערגעגעבענעם טוער פאַר דער ציוניסטישער אַרבייט, איבערהויפּט פאַר די ציוניסטישע נאַציאָנאַלע פאָנדען. זיין איבערגע־געבענקייט צום ציוניזם איז געווען ביי אים אַ זעלבסטפאַרשטענדליכקייט; דער ציוניזם איז געווען צוזאַמענגעגאָסען מיט אים און געווען אין אים, און האָט אים באַוועגט צו אַרבייט פאַר זיין פאָלק און לאַנד.״

## ר׳ יוסף יערוסאַלימסקי

ר׳ יוסף יערוסאַלימסקי, וואָלקאָוויסקער שוחט און מוהל, איז געווען אַ אָנגעזעהענער עסקן אין פאַרשיידענע וואָלקאָוויסקער געזעלשאַפטליכע, רע־ליגיעזע און וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס.

ער האָט אין זיין יוגענד געלערנט אין די ישיבות פון איישישאָק און נאָוואַרעדאָק און איז געווען באַקאַנט אַלס דער נאָוואַרעדקער בקי. ער האָט געהאַט סמיכות פון די גרעסטע גאונים, צווישען זיי פון ר׳ יצחק אלחנן ספעקטאָר, ר׳ יחיאל מיכל עפשטיין (דער בעל „ערוך השלחן"), ר׳ אברהם בורשטיין (טאווריקער רב), א. אַנ. ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ בקי אין ש"ס בבלי און ירושלמי, אין פוסקים און אין דער מיטעל־אַלטער־ליכער אידישער פילאָזאָפיע. ער האָט געהאַט אַ וואונדערבאַרען זכרון און פלעגט געדענקען אַלץ וואָס ער האָט אַמאָל געלערענט. דעם תנ"ך האָט ער געקענט אויף אויסווייניג.

ער איז אויך געווען אַ משכיל. איז געווען גוט באַהאַווענט אין דער נייער העברעאישער און אידישער ליטעראַטור און האָט אויך געלייענט די רוסישע און דייטשע ליטעראַטור אין זייערע אָריגינעלע שפּראַכען.

חוץ זיין בילדונג איז ער אויך געווען אַ בעל־מידות, אַ באַשיידענער און אַ מסתפק במועט (באַגנוגענט זיך מיט ווייניג). ער האָט קיינמאָל ניט גע־זוכט קיין כבוד און ניט געגרויסט זיך איבער דעם פשוט׳ן עולם. „עמך" האָט אים דעריבער ליב געהאַט און געשעצט. ער איז געווען אַ מענש מיט פּראָגרעסיווע אָנשויאונגען און אויך מיטגלידער פון די ראַדיקאַלע פאַרטייען פלעגען זיך צו אים באַציהען מיט גרויס רעספּעקט.

ער איז אָנגעקומען קיין וואָלקאָוויסק אַלס שוחט אין יאָר 1912, און ער האָט דאָרט געוואונען דעם רעספּעקט פון אַלע שיכטען פון דער וואָלקאָוויס־קער אידישער באַפעלקערונג. ער האָט געלערענט מיט אידען תורה אין דער „עין־יעקב"־שוהל, און ער איז אויך געווען אַן אַקטיווער ציוניסט און אָפט גערעדט אויף ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען. ער איז געווען אַ גאַנץ גוטער רעדנער און ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט די הספדים וואָס ער האָט גע־האַלטען אויף די לוויות פון וויכטיגע וואָלקאָוויסקער פערזענליכקייטען. ער איז אויך געווען דער בעל־קריאה אין דער „עין־יעקב"־שוהל. אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַ מיטגליד פונ׳ם ביאַליסטאָקער ציוניסטישען קרייז־קאָמיטעט און ער איז געשיקט געוואָרען אין די ארומיגע שטעט און שטעטלעך רעדען פאַר׳ן ציוניזם.

ר׳ יוסף יערוסאַלימסקי איז געשטאָרבען אין עלטער פון 63 יאָר — דעם 16טען מערץ 1936. ביי זיין לוויה זיינען די קראָמען אין שטאָט געווען



ר׳ יוסף יערוזאַלימסקי

געשלאָסען. די נאַציס האָבען אומגעבראַכט זיין פרוי מיט אַ טאָכטער.

פון די איבעריגע פון זיין פאַמיליע — זיינען צוויי זיהן און איין טאָכטער אין ארץ־ישראל. אַן אַנדער זוהן, וויליאַם יורים, געפינט זיך אין פילאַדעל־פיע, וואו ער, צוזאַמען מיט נח פינעס, זיינען געווען די מיט־גרינדער פונ׳ם וואָלקאָוויסקער רעליף־פאַראיין אין פילאַדעלפיע, וואָס האָט פיל אונטער־שטיצט די לעבען־געבליבענע וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט נאָכ׳ן צווייטען וועלט־קריג. זיין זוהן דר. אליעזר ירושלמי, איז געווען אַ לערער אין וואָל־קאָוויסק, וואָלפּ און סוכאָוואָליע. שפּעטער האָט ער געלערענט אין ליטע און איז געווען דירעקטאָר פון דער „אָרט״־שולע אין שאַוועל. אונטער דער נאַ־צישער הערשאַפט האָט ער דורכגעמאַכט שווערע יאָרען אין געטאָ און אין קאָנצענטראַציע לאַגערען, וואו ער האָט זיך, אגב, אָפּגעגעבען מיט דער זאַמלונג פון אַרכיוו־דאָקומענטען און האָט אַליין געשריבען זיין טאָג־בוך. זינט דער באַפרייאונג לעבט ער אין איטאַליע, וואו ער איז דירעקטאָר פון קולטור־דעפּאַרטמענט ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון די אידישע פליטים. ער איז דאָרט אויך פאָרזיצער פון שרייבער־פאַראיין און מיט־רעדאַקטאָר פונ׳ם ליטעראַרישען זשורנאַל „אין גאַנג״ ווי אויך דער קאָרעספּאָנדענט פון דער תל־אביב׳ער טאָג־צייטונג „דבר״.

## משה לייב כמעלניצקי

משה לייב כמעלניצקי איז געווען אַ זוהן פונ׳ם וואַרשעווער ראש־ישיבה ר׳ יוסף חריף, און ער איז געווען אַ מערקווירדיגער טיפּ, איינער פון די „יחידי־סגולה“, ביי וועמען ס׳איז באמת געווען „תורה וגדולה במקום אחד“. ער איז געווען ראַטמאַן אין אלטען שטאָט־ראַט פון וואָלקאָוויסק, און אַחוץ זיין גרויסער לומדות איז ער אויך געווען שטאַרק באַהאַוענט אין וועלט־ליכער בילדונג און האָט באַהערשט פולקאָם זעקס אייראָפּעאישע שפּראַכען — מינדליך און שריפטליך.


משה לייב כמעלניצקי און זיין פרוי חנה

פאַרנעמענדיג זיך מיט אדוואָקאַטור, איז ער יעדען איינעם געקומען צו־הילף מיט זיינע עצות — אין וואָרט און שריפט. וואו נאָר ס׳איז געווען אַ שווער האַרץ, אַ „דיעלאָ“, אַ ספּראַווע — איז מען געגאַנגען צו כמעלניצקי׳ן. ווייל וואו נאָך האָט מען זיך געקענט אזוי אויס׳טענה׳ן און אזוי גוט אויסגע־הערט ווערען געדולדיג שעה׳ן־לאַנג פאַר אַ נישטיגען האָנאָראַר (און גאַנץ אָפט פאר א דאנק אליין) און ארויסגעהן מיט אַן אראָפּגענומענעם שטיין פונ׳ם האַרצען, אויב ניט ביים גוטמוטיגען כמעלניצקי׳ן ?

זיין וועלטליכקייט און בילדונג האָבען אים ניט געשטערט אויפצושטעהן 5 אַזייגער יעדען פאַרטאָג און געהן אין שכנות'דיגען לעוו'ס בית־המדרש, וואו ער איז אַ געוויסע צייט געווען גבאי, און זיך אַוועקזעצען דאָרטען לערנען אויפ'ן קול אַ בלאַט גמרא.

זיין טויט — אין אויגוסט 1928 — האָט אַרויסגערופען אין וואָלקאָווישק גרויס צער, און ס'זיינען נאָך אים געמאַכט געוואָרען עטליכע הספדים דורכ'ן רב, ראש־הישיבה ר' ירחמיאל, יערוסאָלימסקי (דער שוחט), ל. שאַליוטע און י. לעווין. בעת דער גרויסער לוויה האָט מען צוליב דעם נפטר'ס כבוד וועגען צוגעמאַכט די קראָמען.

זיין פרוי, חנה, איז אויך געווען זעהר פּאָפּולער און באַליבט אין שטאָט. זי איז געווען טעטיג אין פילע וואוילטעטיגע אַנשטאַלטען און איבערהויפּט זעהר אקטיוו אין דער ארבייט לטובת דעם בית־יתומים. נאָך איר מאַנ'ס טויט איז זי אָפּגעפאָרען קיין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, וואו עס וואוינען אירע קינדער. זי איז מיט איניגע יאָר צוריק דאָרט געשטאָרבען.

---

## זרח מאָשקאָווסקי

זרח מאָשקאָווסקי איז געווען פון באַרוף אַ שניידער. ער איז געווען זעהר אַן ערנסטער און אָרענטליכער מאַן. ער האָט געלעבט זעהר אָרים, ווייל צוליב זיין שוואַכען געזונט האָט ער פאַרדינט זעהר ווייניג, אָבער ער איז קיינמאָל ניט געווען פאַרביטערט און זיין היים איז תמיד געווען אָפען פאַר אָרימעלייט. ער פלעגט זיך טיילען מיט זיי מיט'ן לעצטען ביסען. ער פלעגט פאַר דעם צוועק ארומגעהן און זאַמלען נדבות פאַר די אָרימעלייט פון שטאָט. דערצו האָט ער זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו באַזאָרגען די ישיבה־בחורים מיט „טעג", און ווען עס פלעגען בלייבען איניגע פון זיי. פאַר וועמען ער האָט ניט געקענט קריגען קיין „טעג", פלעגט ער זיי אַליין ברענגען צו זיך אין הויז און געבען עסען און אַ געלעגער ביז זיי פלעגען געפינען אַן אַנדער פלאַץ וואו איינצושטעהן. יעדען פרייטאָג ביינאַכט, נאָכ'ן דאַווענען פלעגט ער ארומגעהן איבער די בתי־מדרשים און צונויפזאַמלען די איינזאַמע ישיבה־בחורים און זיי באַזאָרגען. איניגע מאָל אַ וואָך פלעגט ער אינמיטען נאַכט געהן איינער אליין אין דער פינסטער אין שוהל אריין און זאָגען תהילים.

ער האָט געוואוינט אין זיין אייגען הויז, וואָס ער האָט גע'ירש'נט פון


זרח מאָווישאָווסקי

זיין פרוי׳ס עלטערען. שפּעטער האָט ער פאַרקויפט דאָס הויז און פאַר׳ן געלט אויסגעבויט אויף דער נייער געסעל אַ שוהל, „תפארת בחורים״, און איז דאָרט געוואָרען אַ שמש.

זיין פרוי האָט געהייסען שרה, און אים אליין האָט מען אין וואָלקאָוויסק גערופען ביי זיין ערשטען נאָמען זרח. אין יאָר 1910 איז ער אָפּגעפאָרען מיט זיין פרוי קיין אַמעריקע. אין שיקאַגאָ, וואו זיי האָבען געוואוינט אַ לענגערע צייט, זיינען זיי געווען באקאנט אונטער זייער פאַמיליע־נאָמען: מאָסקאָוויטש.

---

## טוביה פענסטער

טוביה פענסטער איז געווען אַ זעהר באַקאַנטע פּערזענליכקייט אין וואָלקאָוויסק. די לעצטע יאָרען איז ער אויך געוואָרען באַוואוסט צווישען פילע אידישע לעזער־קרייזען מיט זיין זשורנאַליסטישער טעטיגקייט אין דער בעלגישער „אידישער פּרעסע״ און אין אַנדערע צייטונגען. ער האָט אין וואָלקאָוויסק געוואוינט אויף דער גראָדנער גאַס און איז געווען טעטיג אַלס באַנקיר.

טוביה פענסטער, וועלכער לעבט איצט אין אַנטווערפּען, האָט פיל גע־וואַנדערט אין זיין לעבען, פיל געלערענט און פיל באַאָבאַכטעט — און דאָס אַלעס האָט מיטגעהאָלפען צו באַרייכערען זיין אייגנאַרטיגע פילזייטיגע פּערזענליכקייט. ער האָט געהערט צו דעם טיפּ אידען, וועלכע זיינען כמעט מער נישטאָ אין אונזער דור: אַ משכיל פון אַלטען שניט, אַ תלמיד־חכם, אַ קענער פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור און אַ בעל־מידות.

טוביה פענסטער איז געבוירען געוואָרען, אין יאָר 1864, אינ'ם דאָרף שומאָווא, לעבען לאָמזשע. ער שטאַמט פון אַ יחוס'דיגער למדנ'יש־גביר'ישער משפּחה. זיין פעטער, הרב חיים לייב, איז דער פאַרפאַסער פונ'ם ספר „שער בת־רבים", וואָס איז באַריהמט אין דער לומד'ישער וועלט. טוביה'ס פאָטער, ר' יעקב משה, איז געווען אַ וואַלד־סוחר — אַ איד אַ למדן וואָס האָט אויך פאַרמאָגט וועלטליך וויסען. ר' יעקב משה פלעגט מיטנעמען טוביה'ן אויף זיינע געשעפטליכע רייזעס, און אויפ'ן וועג פלעגט דער טאַטע לערנען מיט'ן זוהן אַ בלאַט גמרא און אים דערצעהלען געשיכטעס פונ'ם אידישען לעבען. אויף די דאָזיגע נסיעות האָט דער יונגער טוביה געהאַט אַ געלעגענהייט זיך צוהערען און צוקוקען צו פאַרשיידענע מענשען — און דאָס האָט פיל מיט־געהאָלפען זיין גייסטיגער אַנטוויקלונג.

אַ שעהנע עראינערונג — וואָס האָט אויף אים געהאַט אַ גרויסען איינ־פלוס — איז ביי טוביה'ן פאַרבליבען פון זיינע קינדהייט־יאָרען: אין יאָר 1876 האָט זיין פאָטער ר' יעקב משה געמאַכט אַ לוסט־רייזע קיין ארץ־ישראל, און צוריקקומענדיג בשלום אַהיים האָט ער מיטגעבראַכט מתנות פאַר דער פאַמיליע. דאָס איז דעמאָלסט געווען אַ זעלטענהייט — און די העברעאישע צייטונג „הצפירה", וואָס איז דערשינען אין וואַרשע, האָט דאַן געשריבען וועגען דער דאָזיגער רייזע. פיל מענשען פון דער גאַנצער געגענד זיינען געקומען צו ר' יעקב משה'ן כדי צו הערען זיינע וואונדערליכע שילדע־רונגען וועגען דער געפעהרליכער רייזע וואָס ער האָט געמאַכט מעבר לים. ר' יעקב משה האָט שפּעטער באַשריבען זיין ארץ־ישראל־רייזע אין אַ פראַכטפולען העברעאיש.

אין יאָר 1885 האָט טוביה פענסטער געדינט אַלס סאָלדאַט אין טאַמבאָוו, און אין 1887 איז ער אַנגעקומען קיין וואָלקאָוויסק אַלס דער איידעם פונ'ם באַקאַנטען וואָלקאָוויסקער סוחר ר' יצחק אייזיק עדעלבוים. ער האָט דער־נאָך געלעבט אין וואַרשע און אין גוט פון זיין שווער לעבען סואוואַלק. אין יאָר 1897 האָט ער זיך אומגעקערט קיין וואָלקאָוויסק, וואו ער האָט זיך פאַרנומען מיט וואַלד־האַנדעל און באַנק־געשעפט. ער האָט געמאַכט אָפטע רייזעס קיין רוסלאנד און פינלאנד אין די אינטערעסען פון דער קראָכמאַל־



טוביה פענסטער

פאַבריקאַציע וואָס האָט זיך שטאַרק אַנטוויקעלט אין וואָלקאָוויסקער געגענד, ווייל די דאָרטיגע גוטבאַזיצער האָבן אים באַשטימט אַלס רעפּרעזענטאַנט פון זייערע קראָכמאַל־פאַבריקען.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געווען אַ גרויסער קריזיס און טוביה פענסטער האָט פאַרלוירען זיין גאַנץ פאַרמעגען. ער איז דאַן אַוועק פון וואָלקאָוויסק און געוואוינט אין פאַרשיידענע שטעט — אָדעס, אַרכאַנגעלסק און מאָסקווע. אין יאָר 1924 איז ער אָנגעקומען קיין דייטש־לאַנד, וואו ער האָט געוואוינט צוויי יאָר, און האָט פון דאָרט אויסגעוואַנדערט קיין בעלגיע, וואו ער האָט זיך באַזעצט אין אַנטווערפען. דאָרט הויבט ער אָן צו שרייבען וועגען דעם אַלטען אידישען לעבענס־שטייגער. ער באַ־שרייבט אין דער דאָרטיגער „אידישער פּרעסע" די שטומע אידישע נשמות: פּראָסטע בעלי־מלאכות, האָלץ־העקער און וואַסער־טרעגער — זייער פרייד און לייד, איידעלקייט און גוטסקייט. ער פאַרפאַסט עטליכע גרעסערע היס־טאָרישע נאָוועלען פונ'ם אידישען לעבען, בעאַרבייט דעם ראָמאַן „דוד אלרואי" און האַלט לעקציעס איבער פאַרשיידענע תקופות פון דער אידישער געשיכטע.

טוביה פענסטער באַרייכערט דאָס אידישע אַנטווערפּען נישט נאָר מיט וואָרט און שריפט, נאָר אויך מיט זיין פיינער פּערזענליכקייט, מיט זיין אַריסטאָקראַטישען שטאָלצען אויסזעהן. מבינים באַוואונדערען אויך זיין „האָבי" צו מאָלען. דער באַריהמטער אַנטווערפּענער פאַרלאַג „פּלאַנטיין" וויל אָפּקויפען פאַר'ן מוזעאום זיין „דגל ישראל", — געצייכענט אין אַ מאָזאַיק פון פאַרבען לויט דעם מדרש רבה.

אַן אינטערעסאַנטע שילדערונג פון טוביה פענסטער האָט פאַרעפענטליכט פאַר'ן לעצטען קריג אין דער לאָנדאָנער צייטונג „די צייט" י. ביאַלסקי, וועלכער האָט באַזוכט אַנטווערפּען און געהאַט אַ באַגעגעניש מיט ה' פענסטער:

„ — — — שטעלט אייך פאָר אַ זקן, אַ הויכען, אַ שלאַנקען, עהנליך צו אַ דאַרען ענגלישמאַן, כמעט אַן אַ „חתימת־זקן", געקליידעט זעהר עס־טעטיש־זויבער, האַלט זיך „מעשה איראָפּעער" און מיט רעזערוו. נאָר רעדט ער — איז ווי ער וואָלט אויסגעקאָוועט יעדען וואָרט אויף דער קאָוואַל־ניע — — — דאָס איז ה' ט. פענסטער, דער פּאָפּולערער אין אַנטווערפּען העברעאיש־אידישער שריפטשטעלער, היסטאָריקער, לעקטשורער — — —

„אָט דער דזשענטעלמאַן איז באמת אַ „צנא מלא ספרא". דאָס איז אַ געהענדע ענציקלאָפּעדיע, שיט מיט היסטאָרישע נעמען, פאַקטען און דאַטען — פיל געזעהן, פיל באַגעגענט און אַלעס פאַרהאַלטען אין זכרון . . . איך האָב זיך מיט אים איניגע מאָל שוין באַגעגענט. אַמאָל געלייענט זיינע רייכע און העכסט־אינטערעסאַנטע אַרטיקלען. איך ווייס אויך, אז ער האָט געשריבען איניגע ווערק אין רוסיש, אין העברעאיש. איין זאַך האָב איך אָבער נאָר איצט אין מיין לעצטען וויזיט אַנטדעקט און דאָס איז — זיינע מאָלערישע פעהיגקייטען. איך האָב געזעהן זיינע דריי אַרבייטען, גע־מאַכט פאַר די לעצטע פּאָר יאָר. דאָס זיינען שריפטען באַגלייט מיט אייגענע אילוסטראַציעס און פאַרבען. איך בין ניט קיין עקספּערט אין מאלעריי, אָבער דער ריטם, די סימעטריע וואָס וואַרפט זיך אין די אויגען, דער וואונ־דערבאַרער געקינסטעלטער כתב־יד פונ'ם העברעאיש — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט אויף מיר איבערגעלאָזט אַ שטאַרקען איינדרוק.

„דאָס ערשטע ווערק איז וועגען דעם גרויסען אידישען סקולפּטאָר אַנטאָקאָלסקי. מיט פעסט־איבערצייגענדע אַרגומענטען און אין אַ קינסט־לעריש־סטיליזירטער שפּראַך, ווייזט־אָן דער מחבר אויף וויפיל אַנטאָקאָל־סקי'ס אידישע נשמה האָט דורכגעשיינט דורך אַזעלכע סוזשעטען, ווי זיין יאָהאַן גראָזני, יערמאַק און אַנדערע. אַלס א ביישפּיל פון קאָנטראַסט פיהרט ער דאָ ארויס אנטאקאָלסקי'ס חבר, דעם גרויסען רוסישען קינסטלער ריעפּין.

דאָס צווייטע ווערק איז: די דגלים (פאָהנען) פון די צוועלף שבטים, גע־מאָלט אין פאַרבען, לויט די מקורות פון די מדרשים, מיט העברעאישע קאָ־מענטאַריעס. דאָס דריטע ווערק איז — זיינע אייגענע זכרונות, באַגלייט מיט בילדער, לאַנדשאַפטען א. אַז. וו., אַלץ אין פאַרבען.״

בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1940, האָט זיך פענסטער געלאָזט לויפען פון בעלגיע צוזאַמען מיט אַנדערע אידישע פליטים. ער איז פאַרוואָגעלט געוואָרען אין אַ שטעטעל אין פראַנקרייך. איינמאָל, שטעהענדיג אזוי פאַרלאָזען און עלענד, אונטער די קוילען פון היטלער׳ס אַרמייען, קומט צו אים צו אַ איד, וועמען ער האָט נישט געקענט און זאָגט צו אים:

— קומט מיט מיר!

דער פרעמדער איד, אויך פון אַנטווערפען, האָט געבראַכט פענסטער׳ן אין אַ קלויסטער, וואו די מאָנאַשקעס האָבען אים אָנגעשטעלט אַלס גערטנער און אים אזוי־אַרום געראַטעוועט.

זייט 1946 וואוינט טוביה פענסטער ווידער אין אנטווערפען.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך אויסדריקען מיין דאַנק צו ה׳ פענסטער פאַר זיין אינטערעסאַנטען אַרטיקעל „אין יענע צייטען״, וואָס ער האָט ביי־געשטייערט צו דעם „יזכור״־בוך.

---

## ר׳ אהרן ליפשיץ

ר׳ אהרן ליפשיץ (אהרן זעלדע׳ס) האָט געוואוינט ביים ווינקעל פון די גאַסען צערקאָווע און מילנער. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויס מאַנופאַקטור־געשעפט. שפעטער, ווען דאָס געשעפט האָט זיך פאַרגרעסערט, האָט ער עס אַריבערגעפיהרט אין דער געביידע פון די פייערלעשער. ער איז געווען אַ ראַיעלער סוחר און מען האָט זיך צו אים באַצויגען מיט גרויס צוטרוי. די קליינע קרעמער פון די אַרומיגע שטעטלעך פלעגען ביי אים קויפען סחורה אויף נאמנות און זיין וואָרט איז ביי זיי געווען הייליג.

ער איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ בקי אין אלע ווינקעלעך פון אונזער ליטעראַטור — ש״ס און מדרשים, זוהר און חקירה־ספרים און די ווערק פון די מאָדערנע העברעאישע שריפטשטעלער — און צו דער זעלבער צייט האָט ער פאַרמאָגט אַ ברייטע ידיעה אין וועלטליכער בילדונג און אין אייראָפּעאישע שפראַכען.

ער איז געווען פון גרויס יחוס און האָט געהאַט אַ שאַרפען מוח און איז



אהרן ליפשיץ

געווען אַ אמת'ע באַוועגליכע ענציקלאָפּעדיע. אויסער דעם האָט ער געהאַט אַ גוט און מיטפּיהלענד האַרץ און איז געווען אַ הייסער נאַציאָנאַלער איד, איינער פון די געצעהלטע פאַרבליבענע מיטגלידער פון די „בני־משה", וואָס אחד־העם האָט געגרינדעט.

ר' אהרן ליפשיץ האָט כל ימיו פאַרנומען דעם אויבענאָן אין אַלע ציוניסטישע און געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען גבאי פון דער תלמוד־תורה, פאַר וועלכער ער האָט געאָפּפערט זיין געזונט און געלט, און די תלמידים האָבען אין אים געזעהן — אַן אייגענעם פאָטער. ער איז אויך געווען איינער פון די גרינדער פון דעם „בית־לחם", וואָס האָט עקזיסטירט אין וואָלקאָוויסק פאַר'ן ערשטען וועלט־קריג. מיט זיין מיטהילף איז געגרינדעט געוואָרען דער וואָלקאָוויסקער „עונג־שבת", וואו ער פלעגט די גאַנצע צייט נעמען אַ לעבהאַפטען אַנטייל און ארויסווייזען — ביים פאַרענטפערען פאַרשיידענע פראַגעס — פיל תורה, חכמה און וועלטליכע בילדונג. ער איז אויך, ניט קוקענדיג אויף זיין שוואַכען געזונד־צושטאַנד אין די עלטערע יאָרען, געווען טעטיג אין דער אַרבייט פאַר'ן וואָלקאָוויסקער בית־יתומים.

אויף די עלטערע יאָרען האָט ער זיך געפיהלט איינזאַם, ווייל זיינע קינדער האָבען פאַרלאָזען וואָלקאָוויסק און זיי זיינען געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער דער וועלט. ער האָט דאַן באַשלאָסען זיך צו באזעצען מיט זיין פרוי אין ארץ־ישראל, וואו ס'האָט שוין פון פריהער געוואוינט זיין טאָכטער, ראָזע לאַכאָווסקי. צו דעם צוועק האָט ער פאַרקויפט זיין הויז און, אָפּשיקענדיג זיין באַגאַזש, האָט ער זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אָבער דער טויט האָט אים פּלוצלונג געטראָפען (אין עלטער פון 71 יאָר) אין יאָר 1929 אין אָטוואָצק, וואו ער האָט זיך, אויפ'ן וועג קיין ארץ־ישראל, אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצער צייט זיך צו ערהאָלען פון זיין לונגען־קראַנקהייט. אַזוי־ארום האָט דער גרויזאַמער טויט אים אַוועקגענומען פון דער וועלט אויף דער שוועל פון דער פאַרווירקליכונג פון זיין אידעאַל.

דער נפטר איז געבראַכט געוואָרען מיט אַ ספּעציעלען אויטאָ קיין וואָלקאָוויסק, און אין זיין לוויה האָט זיך באַטייליגט אַ זעהר־גרויסער עולם, צווישען וועלכע ס'זיינען אויך געווען די תלמידים פון די העברעאישע שולען און פון דער תלמוד־תורה און די קינדער פונ'ם בית יתומים, א. אַ.

אין גרויסען בית־המדרש האָבען דעם נפטר מספיד געווען: דער שו"ב יערוסאַלימסקי, שוויף (מיטגליד פון צ. ק. פון דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע) און צבי אינקער. די וואַרימע הספדים האָבען דעם עולם זעהר גע־ריהרט און אַרויסגערופען ביי אַלעמען טרערען און אויפריכטיגען טרויער.

ר' אהרן ליפשיצ'עס אַ זוהן, אינזשעניר יוסף ליפשיץ, האָט זיך גע־ראַטעוועט פון די נאַצישע הענט און ער וואוינט איצט אין בעלגיע. אַ טאָכ־טער פון אהרן ליפשיץ, ראָזע, געפינט זיך, ווי אויבענדערמאָנט, אין ארץ־ישראל. אַ צווייטע טאָכטער זיינע וואוינט אין מאָסקווע.

די פרוי פון ר' אהרן ליפשיץ, לאה, האָט צוליב'ן פאַרלוסט פון איר מאַן אָפּגעלעגט אויף אַ שטיקעל צייט איר רייזע קיין ארץ־ישראל, און זי האָט געווידמעט איר פרייע צייט צו געזעלשאַפטליכער אַרבייט. זי איז שפּעטער אָפּגעפאָרען קיין ארץ־ישראל און דאָרט געשטאָרבען.

---

## ר' ישראל אפרת

דער אַדוואָקאַט ר' ישראל אפרת איז געווען אַ וואונדערבארער טיפּ, אַ גרויסער העברעאישער משכיל נאָך פון פריהערדיגען דור, אַ טיפּ וואָס עקזיסטירט שוין מער ניט אין אונזער דור. ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט תורה און חכמה, אַ מענש, וואָס הגם ער האָט קיינמאָל ניט שטודירט, ניט אין קיין אוניווערזיטעט און אפילו ניט אין קיין גימנאַזיע, איז ער דאָך געשטאַנען העכער אין וויסענשאַפט פון זיינע קאָלעגען־אַדוואָקאַטען. זיין



ישראל אפרת

בילדונג האָט ער אליין, מיט אייגענער מיה, דערוואָרבען, און אַ דאַנק זיינע גרויסע פעהיגקייטען האָט ער דערגרייכט צו דער שטופע פון „געהילף פון אַ געשוואוירענעם אַדוואָקאַט" און האָט פאַרנומען אַ זעהר אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין די קרייזען פון אדוואָקאַטען און ריכטער פון יענע טעג. ווען ניט די באַשרענקונגס־געזעצען פון דער צאַרישער רעגירונג אין רוסלאַנד פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָלט ער זיכער געוואָרען אַ געשוואוירע־נער אַדוואָקאט און וואָלט אפילו געקענט באַקומען אַ זעהר וויכטיגען רע־גירונג'ס־פּאָסטען. אָבער זיין אידישקייט איז אים געשטאַנען אין וועג. ער איז געווען אַ גוטער און איבערגעבענער איד, און האָט אָנטייל גענומען אין אַלע קהל'שע ענינים — ניט נאָר פון דער אידישער געמיינדע אין וואָל־קאָוויסק, נאָר אויך פון גאַנצען רוסישען אידענטום. ער איז געווען אַן אי־בערגעגעבענער און פאַרברענטער ציוניסט, און אלס אזעלכער איז ער געווען זעהר טעטיג אין דער ציוניסטישער אַרבייט אין זיין שטאָט ווי אויך אין דער אַרומיגער אומגעגענד. ער פלעגט אָפט אויפטרעטען אויף ציוניסטישע פאַרזאמלונגען, און מען פלעגט זיך מיט ליבשאַפט און דרך־ארץ צוהערען צו זיינע קלוגע און גייסטרייכע רעדעס. ער איז אונטער דער פּוילישער רעגירונג געווען זעהר אַקטיוו אין דער וואָלקאָוויסקער אידישער קהילה.

# וואָלקאָוויסק און ארץ ישראל

אין וואָלקאָוויסק, אַלס אַן אַלטע אָנגעזעהענע אידישע קהילה, וואָס האָט געלעבט אַ פול אידיש לעבען און זיך געפיהלט פאַרבונדען מיט'ן אידענ־טום פון אלע דורות, איז שטענדיג געווען שטאַרק דער סענטימענט פאַר ארץ־ישראל. נאָך אין די גאַר אַלטע צייטען האָט דער נאָמען „ארץ־ישראל" געפונען אַ טיפען אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די וואָלקאָוויסקער אידען, וועלכע האָבען זיך ווארים אָפּגערופען אויף די נויטען פונ'ם אַלטען אידישען ישוב און ברייט בייגעשטייערט פאַר די אלטע ארץ־ישראל'דיגע כוללים און ישיבות; ס'האָבען זיך אין וואָלקאָוויסק שטענדיג געפונען אידען, וועלכע האָבען אויף די עלטערע יאָרען ליקווידירט זייערע געשעפטען און זיך אַוועק־געלאָזט קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט אויסצולעבען זייערע לעצטע טעג על התורה ועל העבודה אין הייליגען לאַנד און ניט דאַרפען מיטמאַכען קיין „גלגול מחילות". ר' יהושע לייב דיסקין, דער זוהן פון וואָלקאָוויסקער רב ר' בנימין דיסקין, איז אינמיטען נײַנצעהנטען יאָרהונדערט אָפּגעפאָרען קיין ארץ־ישראל און געגרינדעט אין ירושלים דעם באַרימטען בית־יתומים וואָס טראָגט עד היום זיין נאָמען.

חייקיל שיף

אין די לעצטע יאָרען פונ'ם פאָריגען יאָרהונדערט האָבען זיך באַוויזען אין וואָלקאָוויסק די ערשטע שפּראָצען פון דער מאָדערנער עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל — די אָנזאָגער פון דער שפּעטערדיגער גרויסער וואָלקאָוויסקער עליה קיין ארץ־ישראל. אַ יונג פּאָר־פאָלק, חייקעל שיף און זיין פרוי שרה טויבע, זיינען אַוועקגעפאָרען פון וואָלקאָוויסק קיין ארץ־ישראל.

אין יענער צייט, צוריק מיט פינף־און־פערציג יאָר, האָט מען באַדאַרפט זיין אַ אמת'ער אידעאַליסט און באַזיצען פול מוט און פּיאָנערען־גייסט, אויף צו באַשליסען איבערצולאָזען אַ גוט־איינגעוואָרצעלטע היים און זיך באַזעצען אין ארץ־ישראל, וואָס איז נאָך דעמאָלסט געווען זעהר אָרים און פּרימיטיוו. פון איין פונקט צום צווייטען איז מען געפאָרען רייטענדיג אויף אייזלען איבער מדבריות פון זאַמד און שטיינער, און די אידישע באַפעל־קערונג אין לאַנד איז דעמאָלסט מייסטענס באַשטאַנען פון אלטע צעבראָ־

כענע מענשען, וואָס זייער הויפּט־שטרעבונג איז געווען — אַ קבר אויפ׳ן הר־הזיתים אין ירושלים . . .

חייקעל שיף, דער זוהן פון טוביה שיף, האָט געשטאַמט פון אַ חשוב׳ער בעל־הבית׳ישער פאַמיליע אין וואָלקאָוויסק. ער איז געווען אַ זייגערמאַכער, אָבער אויך אַ תלמיד־חכם — וואָס האָט געקראָגען אַ גוטע אידישע ער־ציהונג אין אַ ישיבה. קורץ נאָכדעם ווי ער איז ארויס פון דער ישיבה, נאָך אַלס אַ גאָר יונגער בחור, האָט ער באַשלאָסען זיך צו באַזעצען אין ארץ־ישראל און דאָרט אויסצובויען זיין היים. דעם געדאַנק האָט ער באַלד פאַר־ווירקליכט און נאָך מיט 55 יאָר צוריק האָט ער זיך אַוועקגעלאָזען אין הייליגען לאַנד, וואו ער איז געוואָרען איינער פון די ערשטע בויער און גרינדער פון מאָדערנעם אידישען ישוב.

פאַר זיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל האָט ער געהייראַט מיט שרה־טויבע לעוו, פונ׳ם קליינעם שטעטעלע פיעסק (28 קילאָמעטער פון וואָלקאָוויסק), וועלכע האָט געשטאַמט פון אַ זייער אָרטאָדאָקסישער הויז און איז געווען די טאָכטער פון איינעם פון די פיעסקער חשוב׳סטע בעלי־בתים, משה שמעון לעוו.

אין ארץ־ישראל האָט חייקעל שיף געצויגען די ערשטע צייט זיין חיונה פון זיין פאַך, זייגערמאַכעריי. ער האָט אָבער אויך ניט פאַרנאַכלעסיגט דעם לימוד־התורה און ער פלעגט ניט פאַרפעלען דעם „דף־יומי״.

ווען איך בין געקומען קיין ארץ־ישראל אין זומער פון יאָר 1910, האָט חייקעל שיף געהאַט זיין זייגערמאַכעריי אין אַ ווינקעל פון ווילנער׳ס מעבעל־געשעפט אין צענטער פון יפו (נאָהענט צום הויז פון דער אַמאָליגער אַנגלאָ־פאַלעסטינאַ באַנק), און ער האָט זיך באַשעפטיגט מיט מסחר פון „נכסי דלאַ ניידי״ און פאַרמאָגט אַ וויינגאָרטען אין רחובות. דער דעמאָלסדיגער אי־דישער האַנדעלס־צענטער איז געווען קאָנצענטרירט אין דער צענטראַלער בוסטרוס־גאַס אין יפו און ווילנער׳ס מעבעל־געשעפט איז געווען נאָהענט צום צענטער. געוואוינט האָט חייקעל שיף — ווי די מייסטע אַנדערע אידען פון יפו — אינ׳ם אידישען קוואַרטאַל „נוה־שלום״.

די טירען פון זיין גאַסט־פריינדליכער הויז זיינען תמיד געווען אָפען פאַר יעדען איינעם וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישראל און זיך גענויטיגט אין ראַט און אין הילף. איבערהויפּט פלעגט ער אויפנעמען בסבר פנים יפות זיינע אייגענע לאַנדסלייט און זיי געהאָלפען מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט. דאָס האָט, פאַרשטעהט זיך, פאַרגרעסערט דעם קרייז פון זיינע פריינד און פיל געהאָלפען אין זיינע האַנדעלס־באַציהונגען, וועלכע האָבען זיך מיט דער צייט שטאַרק פאַרצווייגט. אין פאַרלויף פון די יאָרען איז שיף געוואָרען אַ


חייקעל שיף

פּרדס'ן און אַ גרויסער סוחר. ער האָט פאַרצעלירט דעם גאַנצען באָדען פון דער היינטיגער „שכונת מונטיפיורי". צו יענער צייט זיינען אָנגעקומען פיל יונגעלייט פון וואָלקאָוויסק און פון אנדערע שטעט אין פוילען כדי צו לערנען זיך אין דער דאַן נאָר־וואָס געגרינדעטער „הרצליה" גימנאַזיע. שיפּ'ס הויז איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ צענטער פאַר די יונגע עולים און גימנאַזיסטען פון וואָלקאָוויסק, וועלכע האָבען זיך דאָרט געפיהלט ווי ביי זיך אינדערהיים — אַ דאנק דער ווארימער באַציהונג פון חייקעל שיף און זיין פרוי.

ס'איז אויך כדאי צו באַצייכענען, אז הגם די שיפּ'ס זיינען געווען פונ'ם אַלטען דור, האָבען אָבער זייערע קינדער געשאַפען אין הויז אַ העברעאישע אַטמאָספערע, און העברעאיש איז דאָרט געווען די אומגאַנגס־שפּראַך.

אויך האָט מען ביי זיי אין הויז זיך שטענדיג געקענט דערוויסען וועגען אַלעס וואָס ס'האָט פּאַסירט צווישען די לאַנדסלייט, ווייל מאָטעל עפּשטיין (משיח), וועגען וועלכען איך וועל שפּעטער שרייבען, וואָס האָט ליב געהאַט אַרומצושפּאַצירען אין שטאָט און צונויפקלייבען נייעס, איז ביי זיי געווען אַ בן־בית און ער פלעגט אַהינצו ברענגען אלע נייעס וואָס ער האָט צו־נויפגעזאַמעלט אין שטאָט.

איך געדענק, אַז אַלס אַ יונגער גימנאַזיסט אין תל־אביב, ווייט פון מיינע עלטערען, פלעג איך זעהר ליב האָבען צו פאַרברענגען ביי די שיפ׳ס. אַז איך פלעג דארפען געהן פון מיין באַשיידענעם צימער (אינ׳ם תימנ׳ער קוואַרטאַל) צו דער בוסטרוס־גאַס (אין יפו) עפּעס איינקויפען, פלעג איך מאַכען אַן אומוועג, איבער די זאַמדען, און זיך אָפּשטעלען ביי שיפ׳ען, ווייל דאָרטען האָט זיין ליבע, וואוילע פרוי מיך שטענדיג מכבד געווען מיט גוטע מאכלים, און מען האָט דאָרט געקענט אָפט טרעפען וואָלקאָווויסקער לאַנדסלייט און הערען נייעס.

ביי די שיפ׳ס פלעגען אויך די וואָלקאָווויסקער לאַנדסלייט שטענדיג קענען קריגען אַ גמילות־חסד ביז ס׳איז אָנגעקומען דאָס געלד וואָס מען האָט זיי ארויסגעשיקט פון וואָלקאָוויסק.

אויף יום־טובים און שבתים פלעגען די שיפ׳ס שטענדיג איינלאַדען צו זיך די וואָלקאָווויסקער יונגעלייט. פסח צו די סדרים פלעג איך שטענדיג זיין ביי שיפ׳ען. און כאָטש די גימנאַזיע האָט איינגעאָרדענט געמיינזאַמע סדרים פאַר אלע תלמידים, און אויך די לערער פון דער גימנאַזיע און פיל תל־אביב׳ער בעלי־בתים פלעגען איינלאַדען די גימנאַזיסטען צו די סדרים — האָב איך פון אלע איינלאַדונגען אויסגעקליבען שיפ׳ס הויז, ווייל דאָרט האָב איך זיך געפיהלט ווי ביי מיינע עלטערען אינדערהיים.

שפּעטער איז חייקעל שיף געוואָרען איינער פון די ערשטע גרינדער פון תל־אביב און האָט אויפגעשטעלט זיין הויז אויף דער ליליענבלום־גאַס (ביים ווינקעל פון דער הערצעל־גאַס).

חייקעל שיף האָט מקיים געווען די מצוות פון „בין אדם לחברו" אויפ׳ן אלטען שטייגער — ער האָט געגעבען פיל צדקה, געטיילט הלוואות און ארויסגעהאָלפען מענשען מיט וואָס ער איז געווען בכוח. ער האָט אויך גענומען אַן אַקטיווען אָנטייל אין דעם אויפבוי פונ׳ם „בית הכנסת הגדול" („די גרויסע שוהל") אין תל־אביב.

## שרה טויבע שיף

גרויס איז געווען די וואוילטעטיגע און געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט פון חייקעל׳ס פרוי, שרה טויבע שיף, וועלכע האָט זיך שנעל אַקלימאַטיזירט אין לאַנד. זי האָט ניט בלויז אליין געגעבען צדקה צו די נויטבאַדערפטיגע, נאָר האָט אויך געגרינדעט וויכטיגע הילפס־אינסטיטוציעס, וועלכע האָבען באַזאָרגט די אָרימע מיט שטיצע.

זי האָט גענומען אַ זעהר אַקטיווען אָנטייל אין דער גרינדונג פון „גמילות־חסדים־קאַסעס". זי איז געווען אַ טעטיגע חברה אין די „בנות־ציון" און



שרה טויבע שיף

„בנות־ברית“ געזעלשאַפטען, און זי האָט געגרינדעט מיט אירע מיטלען אַ „גמילות־חסד“ פאָנד (ביי די „בנות־ברית“) אויף איר אייגענעם נאָמען: „גמילות־חסד על שם שרה שיף“. זי האָט זיך אויך באַטייליגט אין דער גרינדונג פון אַ פאַך־שול פאַר נייע אימיגראַנטקעס, כדי זיי פאַרלייכטערען איינצואָרדנען זיך אין לאַנד.

ווען עס איז אין יאָר 1929, אין דער צייט פון די אומרוהען, געגרינדעט געוואָרען, אונטער דער אָנפירונג פון דר. א. גרינבערג, די געזעלשאַפט „הירקן“, וועמעס אויפגאַבע עס איז געווען צו פאַרשאַפען מער גרינסען פאַר דער באַשפייזונג פון דער אידישער באַפעלקערונג, איז שרה שיף אויך צוגעשטאַנען צו דער דאָזיגער געזעלשאַפט און זי האָט דאָרט פיל גוטע ארבייט געטאָן.

אַחוץ איר פאַרצווייגטער טעטיגקייט אויף'ן געזעלשאַפטליכען געביט איז שרה טויבע שיף אויך גוט באַקאַנט געווען מיט איר פיינער מידה פון „מתן בסתר“. זי האָט קיינמאָל ניט אנטזאגט איר שטיצע צו די נויט־באַדערפטיגע און שטילערהייט פלעגט זי אויסטיילען הילף צו פיל מענשען. און אפילו אויף דער עלטער ווען זי איז שוין געווען מייסטענס צוגעבונדען צום קראַנקען בעט, האָט זי נאָך אַלץ פאָרגעזעצט איר וואוילטעטיגע אַרבייט.

אין 1945, ווען איך האָב באַזוכט ארץ־ישראל, בין איך געגאַנגען זעהן די האַרציגע אַלטינקע, שרה טויבע שיף, וועלכע האָט דאַן געוואוינט מיט איר טאָכטער, מלכה, אין ירושלים. חייקעל שיף איז געשטאָרבען מיט יאָרען צוריק, און שרה טויבע איז געשטאָרבען אין 1949.

די קינדער פון די שיפ׳ס, וועלכע האָבען באַקומען אַ גוטע אידישע און וועלטליכע דערציהונג, געהען אין זייערע עלטערענ׳ס פוסטריט און באַטייליגען זיך אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע און וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס אין לאַנד. די טאָכטער, מלכה, איז לויט איר באַרוף אַ לערערין, און איר מאַן, אברהם טאַטענבאום, איז אַ הויכער באַאַמטער אינ׳ם קאָלאָניאַל־מיניסטעריום פון דער ענגלישער רעגירונג. די צווייטע טאָכטער, דבורה, האָט אויך געענדיגט אַ לערער־סעמינאַר, און איר מאַן, יוסף ווענדעלסאַן, איז אַן אינזשעניר אין חיפה. די דריטע טאָכטער חנה וואוינט איצט אין טבריה.

דער איינציגער זוהן, משה שיף, איז, לויט זיין בילדונג, אַן אַגראָנאָם. ער האָט פאַרנומען פאַר פיל יאָרען אַ וויכטיגען פאָסטען אינ׳ם הויפּט־סעקרעטאַריאַט פון דער ארץ־ישראל־רעגירונג אין ירושלים. זיין פרוי נחמה איז געווען פון דער באַוואוסטער ירושלים׳ער פאַמיליע אַמדורסקי און זי האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אירע גוטע מידות, חן און בילדונג. ליידער איז זי געשטאָרבען ביי דער געבורט פון איר ערשט קינד און זי האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ פאַר׳יתומ׳טען זוהן און אַ צעוועהטיגטען ליבענדען מאַן. צו איר ערשטען יאָרצייט האָבען די פאַמיליען־פריינד פוןביידע משפחות (שיף און אַמדורסקי) אויפגעשטעלט אויף איר נאָמען אַ צווייַשטאָקיגען אַנשטאַלט: „בית נחמה שיף“. די אויפגאַבען פון דעם אַנשטאַלט זיינען אויפצופאַסען אויף קינדער וועלכע ווערען פאַר׳יתומ׳ט אין אַזעלכע אומשטענדען און זאָרגען פאַר אלע זייערע נויטען.

איך האָב זיך דאָ אָפּגעשטעלט אַביסעל לענגער אויף דער פאַמיליע שיף, ווייל זי איז, ווי געזאָגט, געווען די ערשטע אָנזאָגערין פון דער שפּעטערדיגער גרויסער וואָלקאָוויסקער עליה קיין ארץ־ישראל, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען אין יאָר 1909 און זיך געצויגען ביז די לעצטע יאָרען.

## ערשטע וואָלקאָוויסקער יוגענד עליה

אין יאָר 1909 האָט זיך אָנגעהויבען די אזוי־גערופענע „ערשטע וואָלקאָוויסקער יוגענד־עליה“. דאָס זיינען געווען וואָלקאָוויסקער יונגעלייט, וועלכע זיינען געפאָרען קיין ארץ־ישראל צו שטודירען אין דער דאַן נאָרוואָס געגרינדעטער ערשטער העברעאישער גימנאַזיע „הרצליה“. איך וויל דאָ פאַרצייכענען אַ ביסעל זכרונות וועגען יענער ראָמאַנטישער צייט.



די „הרצליה" גימנאַזיע אין תל־אביב



· אַלס תלמידים אין דער „הרצליה" גימנאַזיע אין תל־אביב
רעכטס צו לינקס: משה איינהאָרן און יאַנקעל ניימאַן

אין איין שעהנעם טאָג האָט זיך אין וואָלקאָוויסק פאַרשפּרייט אַ מערק־ווירדיגע ידיעה: אליהו גאָלאָמב, דער זוהן פון נפתלי גאָלאָמב (וואָס האָט געוואוינט אויף דער אָסטראָגער גאַס, לעבען הויז פון דוד הובאר) האָט פאַרלאָזען וואָלקאָוויסק און אַוועקגעפאָרען קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט צו לערנען אין דער ניי־געגרינדעטער גימנאַזיע „הרצליה״. אליהו גאָלאָמב איז געווען דער פּיאָנער, וועלכער האָט אויסגעטראָטען דעם וועג פאַר אַנדערע וואָלקאָוויסקער יונגעלייט.

אליהו גאָלאָמב'ס בריף פון ארץ־ישראל האָבען געוועקט דעם חשק ביי פיל אנדערע וואָלקאָוויסקער נאָכצוטאָן זייןביישפּיל. נאָך אליהו'ן זיינען אַוועק קיין ארץ־ישראל זיין ברודער לייזער, זוסקע (נעמן) בערמאַן, יאַנקעל ניימאַן און דער שרייבער פון די שורות — משה איינהאָרן.

אין יענער צייט, אָנהויב 1910, איז נאָך די גימנאַזיע „הרצליה״ געווען אין אַ געביידע אַקעגען דער דייטשער קאָלאָניע, ניט ווייט פון דער בוסטרוס־גאַס אין יפו. איך פלעג עסען מיטאָג ביי דער מוטער פון דוב האָז, וואָס האָט געהאַט אַ מין פּריוואַטען מיטאָג־טיש אין נוה־שלום, וואו די גאַנצע דעמאָלסדיגע „פּני״, לערער און שרייבער — און צווישען זיי י. ח. ברענער און, יבדל לחיים, ניסן טורוב — פלעגען עסען. מיינע חברים־גימנאַזיסטען פלעגען עסען מיטאָג אין אַנדערע פלעצער. די איבעריגע מאָלצייטען פלעגען מיר עסען צוזאַמען אין אונזער אַזוי־גערופענער „קאָמונע״.

אַ גרויסער שטח ארום די יפו'ער זאַמדען איז דעמאָלסט אָפּגערייניגט און אויסגעגליכען געוואָרען. פיל הייזער זיינען אויסגעבויט געוואָרען פון ביידע זייטען הערצל־גאַס. דער נייער בנין פון דער גימנאַזיע איז שוין במעט געווען פאַרענדיגט און האָט זיך שוין געדאַרפט עפענען צום נייעם סעמעסטער. יעדע וואָך זיינען צוגעקומען נייע תלמידים אין דער גימנאַזיע, און אין איין הויז פונ'ם תימנ'ער קוואַרטאַל, צווישען תל־אביב און „נוה־שלום״, האָבען געלעבט ווי אַן אָפּגעזונדערטע „קאָמונע״ אייניגע וואָלקאָוויסקער גימנאַזיסטען: אליהו און לייזער גאָלאָמב, יאַנקעל ניימאַן, זוסקע בערמאַן און דער שרייבער פון די שורות.

יעדען אָוועט פלעגען מיר זיך אויסזעצען אויף די זאַמדען, פאָרלייענען די בריף פון דער היים, דערצעהלען פאַרשיידענע מעשיות, אָדער זיך צו־הערען צו זוסקע בערמאַנ'ס מוזיק. זוסקע האָט ליב געהאַט צו שפּילען אויף דער מאַנדאָלינע. מייסטענס פלעגט ער שפּילען ליבע־לידער צו זיין געליבטער מיידעל, וועלכע איז פאַרבליבען אין וואָלקאָוויסק.

תל־אביב איז אין משך פון איין יאָר אויסגעוואָקסען. צו דער הערצל־גאַס זיינען צוגעקומען נאָך אַ פּאָר גאַסען. דער קליינער קיאָסק אויף שדרות־



**די ערשטע וואָלקאָוויסקער גרופּע אין ארץ־ישראל אין יאָר 1911**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: **מאָטעל עפּשטיין („משיח״), לייזער גאָלאָמב, שמואל גאָלאָמב**; צווייטע רייהע: **יאַנקעל ניימאַן, יקותיאל זוסמאַנאָוויטש (יקותיאלי), משה׳קע איינהאָרן, דוד גאָלאָמב**; דריטע רייהע: **אליהו גאָלאָמב, זוסקע בערמאַן, אברהמ׳ל סוכאָוואָלסקי, שלום ביאַלסקי, יקותיאל ניימאַן, משה קאַפּלינסקי.**

ראָטשילד (ראָטשילד׳ס בולווארד) מיט זיין „גזוז״ (סאָדע־וואַסער) און „גלידה״ (אייז־קרים), איז געוואָרען דער צוציהונגס־פּונקט פון יונגען דור.

די וואָלקאָוויסקער גימנאַזיסטען האָבען מייסטענס געלעבט פון דער אונטערשטיצונג וואָס זיי האָבען באַקומען פון דער היים, און טיילוויז פון העברעאישע „שטונדען״, וואָס זיי פלעגען געבען פאַר תלמידים־אָנפאַנגער.

נאָכ׳ן זומער איז די גימנאַזיע אַריבער קיין תל־אביב און די לימודים האָבען זיך שוין אָנגעהויבען אינ׳ם נייעם בנין. צוזאַמען מיט דער גימנאַזיע איז אויך דער רעסטאָראַן פון פרווי האָז אריבער קיין תל־אביב. און דע־מאָלסט איז זיך אויך צעפאַלען אונזער „קאָמונע״, ווייל אירע מיטגלידער האָבען זיך אריבערגעצויגען פונ׳ם תימנ׳ער קוואַרטאַל — ווער קיין תל־אביב און ווער קיין נוה־צדק.

ענדע 1910 איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל די פאַמיליע פון אליהו

גאָלאָמב. זיי האָבן געקויפט אַ מיהל און זיך איינגעאָרדענט אין לאַנד. אין יענער צייט זיינען אויך געקומען די פאַמיליעס פון בנימין קאליר (זיי האָבן זיך באַזעצט אין פתח־תקוה). ברוך זוסמאַנאָוויטש, דער לערער (האָט זיך באַזעצט אין יפו) — זיינע דריי זיהן, וועלכע וואוינען איצט אין ארץ־ישראל, טראָגן דעם העברעאישן נאָמען „יקותיאלי" — און אליעזר ליבער שערעשעווסקי (אויך אין יפו). שפעטער, אין יאָר 1912, איז געקומען די פאמיליע פון מרדכי חפץ און זיך באַזעצט אין פתח־תקוה.

אין זומער פון 1911 זיינען עטליכע וואָלקאָוויסקער גימנאַזיסטען פון דער „הרצליה"־גימנאַזיע געקומען אויף אורלויב אַהיים קיין וואָלקאָוויסק — און זייערע ענטוזיאסטישע דערצעהלונגען וועגן דעם נייעם לעבן, וואָס וועבט זיך אין ארץ־ישראל, האָבן באַוואויגען פיל אַנדערע וואָלקאָוויסקער יוגענטליכע ווי אויך דערוואַקסענע — אויסצואוואַנדערן קיין ארץ־ישראל.

אין די יאָרען 1911־1912 האָט זיך די וואָלקאָוויסקער קאָלאָניע אין ארץ־ישראל שטאַרק פאַרגרעסערט. אויסער די אויבענדערמאָנטע משפחות, זיינען אויך געקומען קיין ארץ־ישראל: משה קאפלינסקי, מאָטעל עפשטיין (משיח), יקותיאל ניימאן, ישראל הובאר, מרדכי חפץ (זלמן חפצ'ס זוהן), צבי וויינשטיין־כרמלי (אסתר דער פאָדריאַדטשיכע'ס זוהן), די ברידער וועל־וועלעוויטש, יצחק קאַמינער, אברהם סוכאָוואָלסקי, שלום ביאַלסקי און דוד עפשטיין.

יעדען שבת נאָכמיטאָג פלעגט תל־אביב באַזוכט ווערען פון פיל געסט. די ספרדים פון יפו'ער געטאָ, די אשכנזים פון „נוה־שלום" און „נוה־צדק", און אויך קאָלאָניסטען פון די נאָהענטע קאָלאָניעס פלעגען זיך דאַן צונויפ־קומען אין תל־אביב, אָנקוקען דעם גרויסען וואונדער, ווי עס האָט זיך געבויט די ערשטע הונדערט־פּראָצענטיגע אידישע שטאָט. די הערצל־גאַס איז געווען פול מיט מענשען. אין דער זעלבער צייט פלעגט זיך צונויפקומען אויף די זאַמדען לעבן תל־אביב די וואָלקאָוויסקער יוגענד. מען פלעגט פאַרברענגען צוזאַמען אַ פּאָר שעה, געזונגען העברעאישע לידער, און דער־נאָך האָט מען זיך אויסגעשטעלט צייל'ענווייז און אַוועקגעמאַרשירט צו דער הערצל־גאַס. לעבן דער גימנאַזיע האָבן מיר זיך אויפ'סניי אויסגעשטעלט אין איין שורה, האַנט־אין־האַנט, זינגענדיג און מיט איינמאָל האָבן מיר זיך געלאָזען פאַראויס.

— פנו דרך, הוולקוביסקאים הולכים! (מאַכט אַ וואַרע, די וואָלקאָ־וויסקער געהען!) — האָבן זיך געהערט קולות פון אונזערע חברים.

דער עולם האָט זיך ניט געגענגעשטעלט. אדרבא. מען האָט זיך אָפּ־געשטעלט און צוגעקוקט, מאַכענדיג פאַר אונז פריי דעם וועג. גאַנץ תל־



**די ערשטע גרופּע וואָלקאָוויסקער אין ארץ־ישראל אין יאָר 1913**

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: לייזער גאַלאָמב, ליפּע זוסמאַנאָוויטש (יקותיאלי), יוסף זוסמאַנאָוויטש (יקותיאלי); צווייטע רייהע: אברהמ׳ל וועלוועלעוויטש, יקותיאל ניימאַן, דוד גאַלאָמב, יצחק קאַמינער, אליהו גאַלאָמב, ליבער שערעשעווסקי׳ס זוהן, זוסקע בערמאַן; דריטע רייהע: וועלוועלעוויטש, משה קאַפּלינסקי, ישראל זוסמאַנאָוויטש (יקותיאלי), משה איינהאָרן, מאָטיל עפּשטיין („משיח”), יעקב ראַבינאָוויטש, אברהמ׳ל סוכאָוואָלסקי.

אביב האָט געוואוסט וועגען אונז און זיך געוואונדערט, וואָס אַזאַ פּאַר־העלטניס־מעסיג קליינע שטאָט ווי וואָלקאָוויסק האָט געשיקט קיין ארץ־ישראל אַזאַ גרויסע צאָל תלמידים.

אַז ס׳איז געקומען אַ יום־טוב — שמחת־תורה, חנוכה, פּורים, חול־המועד פּסח — פלעגען זיך פיל וואָלקאָוויסקער צוזאַמענקומען און פאַר־ברענגען אין אליעזר שערעשעווסקי׳ס הויז. יעדער איינער פלעגט געבען אַ באַשטימטע סומע, און פרוי שערעשעווסקי פלעגט צוגרייטען, מיט דער מיטהילף פון אַ פּאָר אַנדערע פרויען, אַ פיינעם מאָלצייט מיט גוטע מאכלים און טייערע משקאות — און די וואָלקאָוויסקער האָבען זיך משמח געווען. דאָס איז געווען אַ מין „כינוס” פון וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט. צו די דאָזיגע צוזאַמענקונפטען פלעגט אויך קומען פון פּתח־תקוה דער שריפטשטעלער




**אַ קלאַס פון דער „הרצליה" גימנאַזיע אין תל־אביב מיט דר. יוסף לוריה**
(צווישען די תלמידים געפינט זיך משה איינהאָרן)

יעקב ראַבינוביץ ז"ל, וואָס איז אויך געווען אַ וואָלקאָוויסקער לאַנדסמאַן.

איך וויל דאָ איבערגעבען איינע קורצע כאַראַקטעריסטישע שטריכען און אַביסעל ביאָגראַפישע איינצעלהייטען וועגען אַ צאָל וואָלקאָוויסקער, וועלכע האָבען זיך דעמאָלסט געפונען אין תל־אביב. איך וועל אָנהויבען פון אליהו גאָלאָמב.

## אליהו גאָלאָמב

אליהו גאָלאָמב, וואָס איז געקומען קיין ארץ־ישראל אין 1909, איז געווען אַ גוטער תלמיד אין דער גימנאַזיע „הרצליה" און געהאַט אַ זעהר שאַרפע תפיסה. ווי באַוואוסט זיינען אין יענע יאָרען נאָך ניט געווען קיין העברעאישע טעקסט־ביכער פאַר אלע לימודים, און די תלמידים פון דער גימנאַזיע פלעגען דאַרפען אויפשרייבען נאָטיצען פון די לעהרער'ס פאָרטראַגען און זיי גוט אויס'חזר'ען. אליהו גאָלאָמב פלעגט כמעט קיינמאָל ניט דאַרפען חזר'ען. ער האָט אַלעס געדענקט אויף אויסענווייניג. ער פלעגט ליב האָבען אַ סך צו לייענען זעלבסטשטענדיג — ניט דווקא לויט'ן קורס פון די לימודים. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס דער שפּעטערדיגער



אליהו גאָלאָמב

פיהרער פון דער אידישער זעלבסטשוץ־אַרמיי, די „הגנה״, האָט יונגערהייט, אַלס שילער, ניט ליב געהאַט קיין דיסציפּלין און זיך ניט געוואָלט באַ־טייליגען אין די גימנאַסטיק־שטונדען, און דער גימנאַסטיק־לעהרער, צבי נשרי (אָרלאָוו) האָט געוואָלט אָננעמען שטרענגע מיטלען אַקעגען דעם „ווידערשפּעניגען״ תלמיד, און ס׳איז אפילו גערופען געוואָרען אַ ספּעציעלע זיצונג פון די לעהרער וועגען דער פראַגע — אָבער דער ענין איז סוף־כל־סוף אויסגעגליכען געוואָרען.

ער האָט ליב געהאַט פיל צו שפּאַצירען איינער אליין — פאַרזונקען אין מחשבות. אז איך האָב אים אַמאָל באַגעגענט שפּאַצירענדיג אויף די זאַמדען און אים געפרעגט, וואוהין ער שפּאַצירט, האָט ער מיר געענטפערט: „אני חושב״ („איך טראַכט״).

אין דער גימנאַזיע האָט ער זיך זעהר באַפריינדעט מיט משה שערטאָק און דוב האָז — און אָט די קליינע גרופּע פון דריי חברים האָט שפּעטער געשפּילט אַן אומגעהויער־וויכטיגע ראָלע אינ׳ם לעבען פונ׳ם ישוב, אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אין דער „הסתדרות״.

נאָך זייענדיג אין דער גימנאַזיע איז גאָלאָמב געווען איינער פון די וואָס

האָבען אָרגאַניזירט אַ קליינע גרופּע תּלמידים — און ער איז געשטאַנען אָן איר שפּיץ — וואָס האָט זיך געשטעלט דעם צוועק צו פאַרלאָזען די גימנאַ־זיע און געהן אַרבייטען אין „בן־שמן". צוליב פאַרשיידענע סיבות האָט זיך די דאָזיגע גרופּע — אחוץ איינעם פון זיי, יצחק טורנער — שפּעטער אומגעקערט אין דער גימנאַזיע.

אין יאָר 1913 האָט אליהו גאָלאָמב געענדיגט די גימנאַזיע. אין ארץ־ישראל איז דאַן קיין הויך־שול ניט געווען און מען האָט געמוזט פאָרען קיין אויסלאַנד שטודירען. די וועלט איז געווען אָפען — מען האָט געקענט פאָרען קיין בערלין, פּאַריז אָדער אין דער שווייץ. אָבער אַ געוויסע קליינע אידעאַליסטישע גרופּע פון דעם ערשטען „מחזור" (גראַדואירטע) פון דער גימנאַזיע האָט זיך ניט געקענט לייכט באַשליסען אויף דעם שריט — צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד. זיי האָבען שטענדיג געפירט הייסע וויכוחים, וואָס צו טאָן. זיי האָבען איינמאָל ארומגעשפּאַצירט און דיסקוטירט וועגען דעם ענין אַ גאַנצע נאַכט און האָבען באַשלאָסען צוזאמענצורופען אַן אסיפה אינ׳ם הויז פון דוב האָז, כדי דאָרט אָנצונעמען אַן ענדגילטיגען באשלוס. אויף דער דאָזיגער אסיפה, אין וועלכער ס'האָט זיך אויך באַטייליגט נעמן בערמאַן, איז אליהו גאָלאָמב שטאַרק ארויסגעטראָטען אַקעגען די קאַריערע־זוכער וואָס לויפען אַוועק אין די אויסלענדישע אוניווערזיטעטען. ער האָט אונטער־שטראָכען, אַז ס'איז די פליכט פונ׳ם ערשטען „מחזור" צו ווייזען אַ ביישפּיל פאַר די קומענדיגע „מחזורים" פון דער גימנאַזיע און אָנצייכענען פאַר זיי אַ וועג פון קאָנסטרוקטיווער טעטיגקייט פאַר׳ן פאָלק און לאַנד. די טעטיג־קייט דאַרף באַשטעהן פון לאַנדווירטשאַפטליכער חלוצ׳ישער אַרבייט און פון מאָביליזירען די פאָלקס־מאַסען פאַר עליה און קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. די אויפגאַבע פון די „מסיימים" („גראַדואירטע") דאַרף זיין: אַר־בייט צווישען פאָלק — און ניט שטודירען אין אוניווערזיטעט פאַר׳ן איי־גענעם נוץ. ס'איז אויך גערעדט געוואָרען וועגען דעם, אַז די שמירה אין די קאָלאָניעס דאַרף זיין גענצליך אין אידישע הענט. ווייל אויסער יענע אידישע פּונקטען וואָס האָבען זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פונ׳ם „השומר" (די באוואוסטע אידישע וועכטער־אָרגאַניזאַציע פון יענער צייט), זיינען אויך געווען אנדערע פּלעצער וואו די שמירה איז ניט געווען אַ ריין־אידישע.

צווישען די צוויי טוצען תּלמידים, וואָס האָבען דעמאָלסט גראַדואירט, האָבען זיבען תּלמידים מסכים געווען צום פאָרגעשלאָגענעם פּראָגראַם — און אָט די דאָזיגע זיבען יונגע מענשען האָבען אויפגעשטעלט די „הסתדרות".

אליהו גאָלאָמב איז געווען זייער מדריך, דער וואָס האָט זיי געוויזען

די ריכטונג, באַשטימט דעם וועג — ווער ס׳זאָל ווערן אַ „הסתדרות״־עסקן, ווער ס׳זאָל אָנפיהרען מיט אַנשטאַלטען און אונטערנעמונגען, און ווער ס׳זאָל זיך באַשעפטיגען מיט „הגנה״־טעטיגקייט. אליהו איז געווען אַ פיהרער און וועג־ווייזער אין דער ארץ־ישראל׳דיגער ארבייטער־באַוועגונג, און פיל מענשען זיינען אונטער זיין איינפלוס ארויף אויפ׳ן וועג פון אַרבייט און לאַנדווירטשאַפט — צוגעשטאַנען צו דער מחנה פונ׳ם אַרבייטענדען ארץ־ישראל.

אין 1913 זיינען אליהו גאָלאָמב און דוב האָז ערשינען אין דגניה. אין יענער צייט זיינען געהרג׳עט געוואָרען משה באַרסקי און זאַלצמאַן, און ס׳איז דעמאָלסט פאַרפאַסט געוואָרען אַן אויפרוף צו די ארבייטער פון גליל, אַז זיי זאָלען זיך אָרגאַניזירען און קעמפען פאר זייער לעבען. דער דאָזיגער אויפרוף איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אליהו׳ן, אז ער זאָל געבען וועגען אים זיין מיינונג און אים ר׳עדאַקטירען.

ס׳איז דאַן פאָרגעקומען אַ געראַנגעל צווישען דעם „השומר״ און אַנגעזעהענע קרייזען פון דער ארץ־ישראל׳דיגער געזעלשאַפטליכקייט, וואָס האָבען פאַרלאַנגט אז מען זאָל אויסברייטערען די רייהען פון דער אידישער זעלבסטשוץ. אָן שפּיץ פון די יעניגע וועלכע האָבען ארויסגעשטעלט די דאָזיגע פאָדערונג איז געשטאַנען אליהו גאָלאָמב, וועלכער האָט געדענקט, אז מען דאַרף ארויסנעמען די פאַרטיידיגונג־טעטיגקייט פון די הענט פון יחידים און זי איבערגעבען אין די הענט פונ׳ם גאַנצען ישוב. גאָלאָמב׳ס פאָדערונג איז דורך פיל אונטערשטיצט געוואָרען — און סוף־כל־סוף האָט זיך טאָקע דער „השומר״ אויפגעלייזט און איבערגעגעבען זיינע אויפגאַבען צו אַ פאַרברייטערטען געזעלשאפטליכען קרייז.

אין אַ יאָר־צוויי אַרום איז שוין גאָלאָמב געווען טעטיג אין דער „הגנה״ אויף זיין אייגענאַרטיגען שטייגער.

אין די יאָרען 1914־1915 פלעגט ער, רייטענדיג אויף אַ ווייס פערד, אַריבערפיהרען אין פאַרשיידענע פונקטען „הגנה״־מאַטעריאַלען. אַלע אַראַבער האָבען געוואוסט ווער ס׳פאָרט אַרום איבער׳ן לאַנד אויף אַ ווייס פערד, און פיל האָבען זיך געזאָרגט טאָמער וועט וועגען דעם געוואויער ווערען דזשאַמאַל פּאַשאַ (דער טערקישער הויפּט־קאָמאַנדיר אויפ׳ן ארץ־ישראל־פראָנט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע שלעכטע גזירות אויפ׳ן ישוב), אָבער דער מוטיגער אליהו האָט זיך ניט אָפּגעשראָקען און אָנגעגאַנגען מיט זיין וויכטיגער ארבייט, און ווייטער אַרומגעפאָרען איינער אַליין מיט זיין פערד איבער די וועגען וועלכע זיינען דעמאָלסט געווען פול מיט טערקישע סאָלדאַטען.

אליהו'ס טעטיגקייט האָט זיך שטאַרק פאַרצווייגט און אויסגעברייטערט: ער איז געווען אַקטיוו אינ'ם אידישען לעגיאָן; ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון עין־חרוד; איינער פון די גרינדער פון „כנסת ישראל"; אַ מיטגליד פונ'ם „ועד לאומי", אַ פיהרענדער חבר אין דער „הסתדרות"; איינער פון די גרינדער פון „אחדות העבודה"; אַ דעלעגאַט צו די ציוניס־טישע קאָנגרעסען; ער איז געווען זעהר טעטיג אויפ'ן געביט פון דער עליה און אַרומגעפאָרען איבער גאַנץ אייראָפּע — פוילען, פראַנקרייך, עסטרייך, בעלגיע, ענגלאַנד — כדי צו אָרגאַניזירען די עליה און רופען די יוגענד, אַז זי זאָל זיך אָפּגעבען ניט בלויז מיט אידעאָלאָגישער און פּאַרטיי־אַרבייט, נאָר זי זאָל אליין פאָרען קיין ארץ־ישראל און זיך אַקטיוו באַטייליגען אינ'ם אויפבוי פונ'ם לאַנד.

זיין אַרבייט אין דער „הגנה" האָט באַפעסטיגט זיין פּאָזיציע אין ישוב אַלס אַ נאַציאָנאלער פיהרער, וועמען דער גאַנצער ישוב האָט געשעצט און געעהרט. ער איז געווען דער מוח און דאָס האַרץ און די האַנט פון דער אידישער שוץ־אַרמיי. אליהו'ס טיפער גלויבען אין דער נויטווענדיגקייט פון דער עקזיסטענץ פון אַ שטאַרקער פאַראייניגטער אידישער קראַפט, וואָס זאָל שטעהן אויף דער וואַך פונ'ם ישוב און פון אלע פאָלקס־אינטערעסען, האָט איהם געגעבען דעם מוט אָנצוגעהן מיט זיין אַרבייט פאַר דער „הגנה", טראָץ אַלע שטרויכלונגען וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג פון אָט דער גרויסער אידישער אונטערנעמונג און טראָץ אַלע נסיונות וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעהן. אליהו האָט זיך באַטייליגט אין דער אונטערדריקונג פון די אומרוהען, וואָס האָבען אויסגעבראָכען אין ארץ־ישראל אין פאַר־שיידענע צייטען — אין די יאָרען 1920, 1922, 1929. ווען ס'האָבען אין 1936 ווידער אויסגעבראָכען אַנטי־אידישע אומרוהען — וועלכע האָבען זיך געצויגען ביז 1939 — איז, דורך אליהו'ס איניציאַטיווע און גרויסער ענערגיע, די „הגנה" פאַרשטאַרקט און באַפעסטיגט געוואָרען. אַז מען האָט זיך אין יענער צייט גענומען קאָלאָניזירען אַ נייע געגענד אין לאַנד און מען איז געגאַנגען גרינדען חניתא — איז אליהו געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער אַרבייט. ער האָט באַשטימט ווער ס'זאָל זיך באַטייליגען אין דער „עולים"־גרופּע און ווער ס'זאָל זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער דורכפיהרונג פונ'ם פּלאַן — און ער אליין איז מיטגעגאַנגען מיט די מענשען וועלכע האָבען באַדאַרפט „איינעמען" דעם פּונקט פאַר דער אידישער „התישבות".

אליהו האָט זיך באַטייליגט — בשעת דער לעצטער וועלט־מלחמה — אין דער גרינדונג פון דער אידישער בריגאַדע. ער איז געווען און גע־בליבען ביז צו זיין לעצטען טאָג דער הויפּט־זייל, אויף וועלכען ס'האָט זיך

אָנגעלעהנט דער גאַנצער בנין פון אידישער זיכערקייט — אָט די גרויסע שוץ־אַרמיי, וואָס האָט געגעבען דעם ישוב די מעגליכקייט צו באַקעמפען זיינע שונאים און צו פאַרטיידיגען די אידישע פּאָזיציעס און דעראָבערונגען איבער׳ן גאַנצען לאַנד.

ס׳איז כדאי צו באַמערקען, אַז כאָטש אליהו גאָלאָמב איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרנומען מיט וויכטיגער ארבייט פון גרויסער אַלגעמיין־נאַציאָנאַ־לער באדייטונג — האָט ער אָבער ניט פאַרגעסען זיין געבורט־שטאָט וואָל־קאָוויסק, און האָט ביי פאַרשיידענע געלעגענהייטען ארויסגעוויזען זיין צו־געבונדענקייט צו וואָלקאָוויסק און אירע איינוואוינער. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט וועלען מיר דאָ ברענגען איניגע אויסצוגען פונ׳ם אַרטיקעל „בן־עירי״, וואָס עזריאל ברושי האָט פאַרעפענטליכט אינ׳ם „דבר״ (פונ׳ם 19טען יוני 1946):

„נאָך דער (ערשטער) וועלט־מלחמה איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל די ערשטע גרופּע חלוצים פון אונזער שטאָט (וואָלקאָוויסק). מיר האָבען געפונען אונזער לאַנדסמאַן, אליהו, אין דער ערשטער רייהע פון די וועלכע פאַרווירקליכען די אידעע פונ׳ם סאָציאַליסטישען ציוניזם — און מיר האָבען מיט אים שטאָלצירט. און ווי האָט ער זיך געפרעהט, ווען ער האָט געזעהן ווי זיינע לאַנדסלייט פלאַסטערען דעם שאָסיי פון חיפה־דזשעדא, האַקען שטיינער אין „בית־שאן״ און בויען די אייזענבאַן־ליניע סאַראַפאַנד־לוד.

„ביי זיינע אָפטע באַזוכען אין אויסלאַנד פלעגט זיך אליהו אַראָפּכאַפּען פון מאָל־צו־מאָל קיין וואָלקאָוויסק און זיך באַגעגענען מיט זיינע יוגענד־פריינד. ער האָט איניגע פון זיי ארויסגעהאָלפען — ווען זיי זיינען גע־קומען קיין ארץ־ישראל.

„אַ פּאָר טעג אידער ער איז געשטאָרבען האָט מען איבערגעגעבען דעם סעקרעטאַריאַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון זיינע לאַנדסלייט, אז ער וויל זיך מיט איינעם פון זיי באַגעגענען. איך האָב זיך מיט אים געטראָפען אין הויז פונ׳ם „ועד־הפועל״ פון דער „הסתדרות״. ער האָט, ווי זיין שטייגער איז געווען, ארויפגעלייגט זיין גוטע האנט אויף מיין אקסעל, גוט דורכגע־קוקט די רשימה פון זיינע געראַטעוועטע לאנדסלייט, האָט גוט געדענקט אַ טייל פון די נעמען, וועלכע ווערען דערמאַנט אין דער רשימה, און צום סוף האָט ער אַ ביטערען זיפץ געטאָן: ,פון מיינע חברים איז אפילו קיין איינער ניט געבליבען; וואו איז טעוועל סמאַזאָנאָוויטש, וואו זענט איר מיינע טייערע לאַנדסלייט?׳

„האָב איך אים געזאָגט: איך געדענק דיין עליה קיין ארץ־ישראל, אליהו! איצט געפינען מיר זיך דאָ אין די הונדערטער — צעשפּרייט אין

שטאָט און אין דאָרף. מיר האָבען זיך אָרגאַניזירט אויף צו דערלאַנגען הילף צו די געבליבענע פון אונזער שטאָט. מיר האָבען דיך ניט איינגע־לאַדען צום „כינוס" פון אונזערע לאַנדסלייט אין תל־אביב, ווייל מיר האָבען געוואוסט די משא ארבייט, אסיפות און כינוסים, וואָס ליגט אויף דיר, אָבער מיר וועלען דיר פון־מאָל־צו־מאָל לאָזען וויסען וועגען אונזער טעטיגקייט. אַ קליינע ווײַלע האָט ער זיך פאַרטראַכט און דאַן געזאָגט: „ווי גוט דאָס איז וואָס דו האָסט די רשימה פון די גרעאַטעוועטע ביי זיך אין קעשענע. דענקסטו טאַקע באמת, אַז לעוו (דער ביאַליסטאָקער בעקער) לעבט נאָך — ער איז דאָך שוין אַ זקן מופלג? וואָס פאַר אַ גוטער איד ער איז! אין דער רשימה שטעהט יוסף עיין — אין שטאָט האָט מען אים גערופען יאָסעלע עיין. איך געדענק יעדע גאַס און געסעל פון מיין שטעטעל. ווי לעבעדיגע שטעהען זיי פאַר מיינע אויגען: די מענשען, די גאַסען און די געסלעך. דער שיקזאַל פון דער וואָלקאָווישקער קהילה איז ניט בעסער ווי פון די אנדערע אידישע קהילות אין פוילען. איך בעט דיר, לאָז מיר וויסען אויב ס'וועלען זיין נאָך ידיעות פון גרעאַטעוועטע".

ליידער האָט מען זיין וואונש ניט געקענט דערפילען, ווייל, ווי געזאָגט, איז ער אין אייניגע טעג אַרום געשטאָרבען אין זיין וואוינונג אין תל־אביב.

די לעצטע יאָרען פון זיין לעבען איז זיין געזונד־צושטאַנד געווען שלעכט. ער האָט געליטען פון אַ הויכען בלוט־דרוק. די דאָקטוירים האָבען אים גע־וואָרענט אז ער זאָל ניט ארבייטען צו־שווער. אָבער ער האָט זיך ניט גע־קענט אָפּרייסען פון זיין פאַראַנטוואָרטליכער ארבייט און פאַרגעזעצט זיין טעטיגקייט ווי פריהער — מיט פאַרזאמלונגען און זיצונגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. די דאָקטוירים האָבען אים אויך פאַרבאָטען אַליין צו טרייבען זיין אויטאָמאָביל, ווייל ס'איז געווען צו־אָנשטרענגענד פאַר אים. אַ שטיקעל צייט האָט ער געהאַלטען אַ שאָפער פאַר זיין אויטאָמאָביל, אָבער נאָכדעם האָט ער ווידער אָנגעהויבען אליין צו טרייבען דעם אויטאָמאָביל און אַרומ־פאָרען איבער'ן גאַנצען לאַנד — אין אַלע פונקטען וועלכע ער האָט באַדאַרפט באזוכען אין די אינטערעסען פון זיכערקייט און שוץ. די דאָזיגע אָנגע־שטרענגטע ארבייט האָט אים סוף־כל־סוף ארויסגעשלאָגען פון די כוחות און ער איז געשטאָרבען פון אַ הארץ־אַטאַקע. אַזוי איז אליהו גאָלאָמב גע־פאַלען אויף זיין פּאָסטען — שטעהענדיג אויף דער וואַך פון זיין לאַנד און פאָלק.

דער טאָג פון גאָלאָמב'ס לוויה (11טער יוני 1945) איז פאַרוואנדעלט געוואָרען אין אַ נאַציאָנאַלען טרויער־טאָג. מען האָט געבראַכט זיין ארון אינ'ם זיצונגס־זאַל פונ'ם „ועד־הפועל" פון דער „הסתדרות". סאָלדאַטען,

מאַטראָזען, פּרויען־סאָלדאַטען און „נוטרים״ זיינען אַ גאַנצע נאַכט פּאַרביי־געגאַנגען דעם ארון. ביים ארון איז געווען אַן עהרען־וואַך פון אלע אָפּ־טיילונגען פון דער „הגנה״. פיל טויזענטער אידען — תל־אביב׳ער איינ־וואוינער און אויך פאַרטרעטער פון פיל אנדערע פּונקטען פונ׳ם ישוב — האָבען זיך באַטייליגט אין דער גראַנדיעזער לוויה.

מען האָט אליהו׳ן מקבר געווען לעבען דעם קבר פון דוב און רבקה האָז — וואָס זיינען געווען אין לעבען זיינע איבערגעגעבענע פריינד.

אַט אזוי האָט זיך אַ וואָלקאָוויסקער אידישער בחור דערהויבען צו דער מדרגה פון נאַציאָנאַלער פיהרערשאַפט אין ישוב.

## זוסקע בערמאַן

זוסקע בערמאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופען אויף העברעאיש — „נעמן״, איז געווען דער אָנפירער פון אונזער „קאָמונע״. אים האָט מען געפאָלגט, ווייל אויסער דעם וואָס ער איז געווען עלטער פון אונז אַלעמען, איז ער אויך געווען קלוג און פעסט אין כאַראַקטער. ער האָט בכלל גע־האַט זעלטענע פעהיגקייטען. זייענדיג אַ פלייסיגער תלמיד און אַ גוטער מענש בטבע, איז ער געווען באַליבט ביי אַלעמען: ביי די לערער אין גימנאַזיע, ביי די חברים און ביי זיינע לאַנדסלייט. ווען ער וואָלט געלעבט וואָלט ער געקענט ברענגען פיל נוצען פאַר׳ן ארץ־ישראל אויפבוי און ער וואָלט געווען אַ צירונג פאַר זיינע עלטערען, פאַר דער גימנאַזיע און פאַר זיינע חברים. ליידער האָט אים אָבער דער טויט אַוועקגעריסען פון אונז אין בליהענדען עלטער, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ער איז געווען אַ סטודענט אין בערלין.

## יעקב ראַבינאָוויטש

יעקב ראַבינאָוויטש, דער באַוואוסטער העברעאישער שריפטשטעלער, איז געבוירען געוואָרען אין וואָלקאָוויסק, אין יאָר 1875. זיין פאָטער, הרב ר׳ אברהם אהרן, וועלכער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און האָט פאַרפאַסט אַ פירוש אויפ׳ן ירושלמי, סדר זרעים, איז געשטאָרבען זעהר יונג. זיין זיידע ר׳ מאיר יונה — וועלכער האָט ארויסגעגעבען דעם ספר „העיטור״, „הר המוריה״ מיט „תיקוני טעויות״ און „הגהות על הרמב״ם״ — איז געווען אַ קורץ שטיקעל צייט (אַנדערהאַלבען יאָר) רב אין בריסק, און די מערסטע יאָרען זיינע — אינ׳ם שטעטעל סוויסלאָטש (גראָדנער גובערניע). זיין מוטער, חיה הדסה, איז געווען פון דער פאַמיליע ווינאָגראַדסקי.

יעקב ראַבינאָוויטש האָט באַקומען אין זיין געבורטס־שטאָט אַ טראַדי־ציאָנעלע אידישע דערציהונג אין חדר און אין ישיבה, און נאָכדעם האָט

ער אָנגעהויבען לערנען אַלגעמיינע וויסענשאַפט. ער איז אַוועק קיין אויס־לאַנד און האָט דאָרט שטודירט אינ׳ם אוניווערזיטעט פון בערן (שווייץ). איידער ער איז אַוועק קיין אויסלאַנד האָט ער צוויי יאָר צייט געוואוינט אין וויטעבסק, וואו ער האָט זיך באַשעפטיגט מיט לעהרעריי. דאָרט האָט ער אויך אָנגע־הויבען זיין ציוניסטישע טעטיגקייט. אין דער שווייץ האָט ער געלערענט פיר יאָר (1900־1904) און געוואוינט אין בערן און אין זשענעוואַ. אין יענער צייט האָט זיך אויך אָנגעהויבען זיין ליטעראַרישע טעטיגקייט. אין יאָר 1904 האָט ער זיך אריבערגעקליבען קיין אָדעס, וואָס איז דעמאָלסט געווען דער צענטער פון דער „חיבת־ציון״־באַוועג. נג. און אין יאָר 1907 איז ער ערוועהלט געוואָרען אינ׳ם ועד פון די „חובבי ציון״ און ער האָט געאַרבייט אינ׳ם אינפאָרמאַציאָנס־ביוראָ פונ׳ם ועד. ער האָט צוויי מאָל באַזוכט ארץ־ישראל אין אַ קורצער צייט און אין יאָר 1910 האָט ער זיך דאָרט באַזעצט אויף שטענדיג.

זיין ערשטע ליטעראַרישע שאַפונג איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אין יאָר 1901, און ער האָט באַלד פאַרנומען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין דער העברעאישער בעלעטריסטיק און פובליציסטיק. זיינע ערשטע שאַפונגען — די דערצעהלונגען „נסיון״ און „חיים״ — זיינען פאַרעפענטליכט גע־וואָרען אין דוד פרישמאַנ׳ס „הדור״. ער האָט דאַן אויך פאַרעפענטליכט קינדער־דערצעהלונגען און לעגענדעס אינ׳ם „עולם קטן״. נאָכדעם האָט ער אויך אָנגעהויבען שרייבען אינ׳ם „השלוח״. שפּעטער האָט ער זיך באַטייליגט אינ׳ם „הזמן״ און אינ׳ם וואַרשעווער „הצופה״.

אין ארץ־ישראל האָט ער זיך באַטייליגט אינ׳ם „הפועל הצעיר״ אַלע יאָרען וואָס דער זשורנאַל איז רעדאַגירט געוואָרען דורך יוסף אהרונוביץ. זיינע ארטיקלען — וועלכע זיינען געווען געשריבען אין אַ לייכטען און פּאָפּולערען סטיל און אין דער פאָרם פון אַ שמועס — האָבען געהאַט אַ גרויסען איינפלוס. יעקב ראַבינאָוויטש האָט געקעמפט פאַר דעם פראַקטישען ציוניזם און פאַר ריין־אידישער ארבייט אין אלע צווייגען פון דער ווירט־שאַפט, און ער איז געווען אַ געגנער פונ׳ם פּאָליטישען ציוניזם אין דער עפּאָכע פון וואָלפסאָנ׳ען. ער האָט זיך אויך באַטייליגט אין די קאָנפערענצען פונ׳ם „הפועל הצעיר״. אין די יאָרען 1910־1923 האָט ער געוואוינט אין פתח־תקוה, וואו ער האָט אויך דערוואָרבען אַן אייגען שטיקעל באָדען און פאַרפלאַנצט אַ וויינגאָרטען, אָבער צוליב פאַרשיידענע סיבות האָט זיין לאַנד־ווירטשאַפטליכע „קאַריערע״ ניט אָנגעהאַלטען קיין לאַנגע צייט.

אין זומער פון יאָר 1912 האָט ער זיך באַטייליגט, צוזאַמען מיט׳ן אַגראָ־נאָם דר. אליעזר חניאל (פיקהאָלץ) אין ד׳ער גרינדונג פון אַ לאַנדווירטשאַפט־

ליכער שולע אין פתח־תקוה און איז געוואָרען אַ מיטגליד פונ׳ם „ועד המפקח״ פונ׳ם דאָזיגען אַנשטאַלט צוזאַמען מיט ישעיהו שיטריט, פרץ פּאַסקאַל און ברוך גאָלאַמב. אין יאָר 1923 האָט ער זיך אריבערגעצויגען קיין תל־אביב.

אויסער פּובליציסטיק און דערצעהלונגען האָט ער אויך געשאַפען אויף די געביטען פון קריטיק און פּאָעזיע. אויף זיינע לידער פלעגט ער זיך אונטערשרייבען מיט אַ פּסעוודאָנים: מ. זטורי. אַ זאַמלונג פון זיינע לידער, אונטער׳ן נאָמען „סתיו״ („הערבסט״), איז דערשינען אין יאָר 1947. פון די דערצעהלונגען וואָס ער האָט פאַרעפענטליכט אין פאַרשיידענע צייט־שריפטען — „השלוח״, „העולם״, „הדור״, „הפועל הצעיר״, „רביבים״, „התקופה״, „גליונות״, „מאזנים״, „בוסתנאי״ א. אַנ. — זיינען דערשינען אין בוך־פאָרם: אַ זאַמלונג פון דערצעהלונגען, דורך דעם „תושיה״־פאַרלאַג, 1904; „באין שורש״ („אָהן אַ וואָרצעל״), 1914; „אור ואד״, 1922; „נדודי עמשי השומר״ („די וואַנדערונגען פונ׳ם שומר עמשי״) — וואו דער פאַר־פאַסער שילדערט דאָס לעבען אין ארץ־ישראל פאַר׳ן ערשטען וועלט־קריג; „נוה קיץ״ („אַ זומער־וואוינונג״) — אין וועלכער ס׳ווערט געשילדערט דאָס לעבען פון דער ציוניסטישער יוגענד אין רוסלאַנד נאָך דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און די פּאָגראָמען פון אָקטאָבער 1905. אין יאָר 1935 איז דערשינען אינ׳ם ניומאַן־פאַרלאַג זיינער אַ היסטאָריש־ביבלישער ראָ־מאַן, אונטער׳ן נאָמען „השגות״ — אין וועלכער ס׳זיינען פאַראַן אָפּהאַנדלונגען אויף פאַרשיידענע געביטען פונ׳ם מענשליכען גייסט: פילאָזאָפיע און פּסיכאָ־לאָגיע, ביאָלאָגיע און סאָציאָלאָגיע א. אַז. וו. צוריק מיט אַ פּאָר יאָר (1945) איז דערשינען אינ׳ם ניומאַן פאַרלאַג זיינער אַ היסטאָריש־ביבלישער ראָ־מאַן, אונטער׳ן נאָמען „במות עמים״ („ווען פעלקער פאַלען״), אין וועלכען ס׳ווערט געשילדערט אַן עפּאָכע, וואָס דער תנ״ך ווידמעט נאָר בלויז ווייניגע פסוקים. אַ גאַנצע רייהע פון אידישע מענער און פרויען און נאָהענטע שכנ׳ישע פעלקער שטעהען־אויף פאַר די אויגען פונ׳ם לעזער, וועלכער געפינט אין די געשעהענישען און העלדען פונ׳ם ראָמאַן אַ געוויסע עהנליכ־קייט צו אונזער צייט.

ראַבינאָוויטש האָט אויך פאַרפאַסט דראַמעס, פון וועלכע איינע, אונ־טער׳ן נאָמען „בין החרבות״ איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אינ׳ם „העומר״, און צוויי — אין „הדים״.

ער האָט אויך אַביסעל געשריבען אין אידיש. אויסער אייניגע פּראָ־פּאַגאַנדע־בראָשורען — אויף וועלכע ער האָט זיך מייסטענס אונטערגעצ־שריבען מיט פּסעוודאָנימען: „ציוני פשוט״ („פּשוט׳ער ציוניסט״), „ציוני פרוליטארי״ („פּראָלעטאַרישער ציוניסט״) א. אַנ. — האָט ער אויך פאַר־

עפנטליכט אַרטיקלען אין׳ם ניו־יאָרקער „אידישען קעמפּער״.

אין יאָר 1922 האָט ער, צוזאַמען מיט זיין פריינד אָשר באַראַש, דעם שריפטשטעלער, געגרינדעט אַ צוויי־מאָנאַטליכען זשורנאַל „הדים״, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין פיינעם ליטעראַרישען און פּובליציסטישען אינהאַלט. דער דאָזיגער זשורנאַל איז דערשינען אין משך פון זעקס יאָר. ער האָט זיך אויך אַ געוויסע צייט באַטייליגט אין די צייטונגען „דואר־היום״ און „הבוקר״. די לעצטע יאָרען איז ער געווען אַ שטענדיגער מיטאַרבייטער פון דער טעגליכער העברעאישער אַרבייטער־צייטונג „דבר״ און אין׳ם מאָנאַטליכען זשורנאַל „גליונות״, וואָס דערשיינט אין תל־אביב אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק למדן.

ער האָט אויך די לעצטע יאָרען געפירט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר׳ן פּראַקטישען ציוניזם — ער איז דערפאַר געווען אַן אָנהענגער פון דער ארץ־ישראל־צעטיילונג — און פאַר אחדות ביי אידען, און ער איז געווען אַ געגנער פון׳ם עקסטרעמען קלאַסען־קאַמף אין׳ם ישוב. אין דער צייט ווען ס׳זיינען פאָרגעקומען אין ארץ־ישראל די פאַרשאַרפטע קאַמפען צווישען די רעוויזיאָניסטען און דעם לינקען פליגעל פון׳ם ציוניזם, האָט ער פאַרעפענטליכט — אין׳ם „מאזנים״ און אין׳ם „בוסתנאי״ — אומפּאַסענדע אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט גערופען דעם ישוב צו שלום און געגענזייטיגער פאַרשטענדניש.

ער האָט אויך איבערזעצט אויף העברעאיש פאַרשיידענע ווערק פון פראַנצויזיש, דייטש און רוסיש.

ראבינאָוויטש איז, ווי געזאָגט, געווען טעטיג אין דער ציוניסטישער באַוועגונג נאָך איידער ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל און ער האָט זיך באַטייליגט, אַלס דעלעגאַט, אין פאַרשיידענע ציוניסטישע קאָנגרעסען. ער האָט זיך באַטייליגט אין דער קאָנפערענץ פון די „ציוני ציון״ אין ווילנע (אין יאָר 1925) און אין די ציוניסטישע קאָנפערענצען אין אָדעס אין די יאָרען 1906־1909. ער איז אין משך פון פיל יאָר געווען אַ מיטגליד פון׳ם ועד פון דער „אגודת הסופרים״ (די ארץ־ישראל׳דיגע שריפטשטעלער אָרגאַניזאַציע) און פון׳ם ועד פון׳ם העברעאישען פּען־קלוב. ער איז אין משך פון יאָרען געווען אַ לעהרער אין דער פתח־תקוה׳ער גימנאַזיע אויף אחד־העמ׳ס נאָמען און אין דער אָוועגד־גימנאַזיע אין תל־אביב. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד אין׳ם ועד פון „ברית ראשונים״ (די פאַראייניגונג פון די ערשטע ציוניסטען) — פון׳ם ערשטען טאָג אָן וואָס דער דאָזיגער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרען.

דעם 5טען אפּריל 1948 איז דער צוויי־און־זיבעציג־יעהריגער יעקב

ראַבינאָוויטש — איינער פון די פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע העברעאישע שריפטשטעלער און וועטעראַן פון דער ארץ־ישראל׳דיגער ארבייטער־פּרעסע און פובליציסטיק — גע׳הרג׳עט געוואָרען אין אַן אויטאָמאָביל־עקסידענט. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס אין אזא שטורמישער צייט, ווען אין ארץ־ישראל זיינען געפאַלען פילע אינ׳ם קאַמף מיט׳ן שונא, איז ראַבינאָוויטש דווקא אומגעקומען דורך אַ „געוועהנליכען" אומגליקס־צופאַל — אינמיטען שטאָט, אין איינער פון די באַלעבטסטע גאַסען פון תל־אביב. דער טויט פון יעקב ראַבינאָוויטש קען דינען ווי אַן עפּילאָג צו זיין לעבענס־דראַמע — צו אָט דער טרויעריגקייט מיט וועלכער פיל פון זיינע לידער און דער־צעהלונגען זיינען דורכגעדרונגען, צו אָט דער רעזיגנאַציע־שטימונג וואָס הערשט אין אייניגע פון זיינע ווערק — אַ רעזיגנאַציע פון איינעם וואָס אָנ־ערקענט די שיקזאַלהאַפטיגקייט פונ׳ם מענשליכען לעבען.

דער טויט פון יעקב ראַבינאָוויטש האָט אַרויסגערופען גרויס טרויער אין ישוב. מען האָט אים מקבר געווען אויפ׳ן אַלטען תל־אביב׳ער בית־עולם, לעבען די קברים פון די גרעסטע העברעאישע שרייבער. צווישען אַלע מענשען וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער לוויה האָבען זיך אויס־געטיילט די צער־פולע פּנים׳ער פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל, וועלכע האָבען מיט געבויגענע קעפּ און צעווייטאָגטע הערצער באַ־גלייט זייער גרויסען „בן־עיר" צו זיין אייביגער רוה.

**ליבער שערעשעווסקי** איז געבוירען געוואָרען אין זעלווע און ער איז געווען אַ האָלץ־סוחר אין וואָלקאָוויסק. זיין פרוי איז געווען די שוועסטער פון זוסקע בערמאַן. לכתחילה איז ער געקומען קיין ארץ־ישראל אַלס טוריסט, אָבער ער איז שוין דאָרט פאַרבליבען. ער איז געווען פלייסיג און פעהיג. ער האָט זיך שנעל אַקלימאַטיזירט אין לאַנד און אָנגעהויבען האַנדלען — און ס׳האָט אים אָפּגעגליקט. ער האָט געהאַט אַ גרויס גע־שעפט פון פאַרטיגע קליידער אויף דער בוסטרוס גאַס אין יפו — און צו די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט פלעגט ער פאַרקויפען מלבושים לויט זעלבסט־קאָסט־פּרייזען, אָהן שום פאַרדינסט. זיין הויז איז געוואָרען דער צענטער פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט. אַז ס׳האָט איינעם פון אונזערע וואָלקאָוויסקער אויסגעפעהלט געלט, פלעגט ער תמיד קענען קריגען ביי שערעשעווסקי׳ן אַ גמילות־חסד, ביז ער האָט אַריינגעקראָגען געלט פון זיין משפחה אין וואָלקאָ־וויסק. ליבער שערעשעווסקי איז געווען איינער פון די גרינדער פונ׳ם קאָ־אָפּעראַטיווען באַנק־וועזען אין ארץ־ישראל (1919־1929). די לעצטע יאָרען איז ער געווען וויצע־פּאַרזיצענדער פונ׳ם „ברית ראשונים" (אַ פאַראיין פון די ערשטע ציוניסטען אין ארץ־ישראל), אַ מיטגליד פונ׳ם „משפט השלום העליון"

(העכערער פרידענס־געריכט), איינער פון די דירעקטאָרען פון דער פאַבריק שטיין (פאַר אייזען־פראָדוקטען) און פאָרזיצענדער פון דער תל־אביבער באַנק „הלואה וחסכון".

**ברוך זוסמאַנאָוויטש** איז געווען מיט פיל יאָרען צוריק איינער פון די וויכטיגסטע העברעאישע לעהרער אין וואָלקאָוויסק. ער איז געווען טעטיג אויפ'ן פעלד פון העברעאישען חינוך און אין דער באַוועגונג פאַר אַ „חדר מתוקן". ער האָט פאַרפאַסט אַ העברעאישען דקדוק־בוך און אויך געשריבען דערצעהלונגען. אין ארץ־ישראל איז ער געוואָרען אַ לעהרער אין דער תחכמוני־שולע פונ'ם „מזרחי".

זיינע דריי זיהן — ישראל, ליפּא און יוסף — וועלכע האָבען געענדערט זייער פאַמיליע־נאָמען אויף „יקותיאלי", האָבען געהערט צו אונזער גרופּע פון וואָלקאָווסקער גימנאַזיסטען אין ארץ־ישראל.

דער עלטסטער זוהן, ישראל, איז געווען אַ זעהר איבערגעגעבענער חבר און הייסער ציוניסט. ער איז נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אַוועק־געפאָרען קיין אמעריקע, און ווען איך בין שפּעטער געקומען קיין אַמעריקע האָבען מיר זיך זעהר דערנעהענטערט. ער האָט אין ניו־יאָרק געאַרבייט מיט לייב־און־לעבען פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה צוריקגעפאָרען קיין ארץ־ישראל. די לעצטע יאָרען לעבט ער אין חיפה, וואו ער איז דער דירעקטאָר פון דער „מחלקת העליה" פון דער אידישער אַגענטור. ער איז דאָרט אויך זעהר טעטיג אין דער „הסתדרות הפקידים" (אָרגאַניזאַציע פון די באַאַמטע).

דער צווייטער זוהן ליפּא, איז דער דירעקטאָר פון אַ שולע אין תל־אביב". דער דריטער זוהן, יוסף, איז שטענדיג געווען טעטיג אינ'ם „מכבי" און ער איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרען פון די מכבי'אַדעס אין ארץ־ישראל. ער האָט געדינט אין דער טערקישער אַרמיי איי די יאָרען 1917־1918. ער האָט רעדאַקטירט דעם זשורנאַל „המכבי" אין די יאָרען 1924־1929. זייט 1931 איז ער באַשעפטיגט אַלס סעקרעטאַר פון דער באַדען־אָפּטיילונג פון דער „הנוטע"־געזעלשאַפט.

**די ברידער יאַנקעל און יקותיאל ניימאַן** זיינען די קינדער פון הענאָך ניימאַן (וואָס זיין פאָטער איז געווען אייזיק ניימאַן). יאַנקעל ניימאַן איז געווען מיינער אַ חבר, און אַלס קינדער, אין וואָלקאָוויסק, האָבען מיר געלערענט צוזאַמען אין די זעלבע חדרים. יאַנקעל איז געקומען קיין ארץ־ישראל איינינע חדשים פאַר מיר, און ווען איך בין נאָכדעם אַהין גע־קומען האָבען מיר געוואוינט צוזאַמען, ביז ס'איז געקומען זיין ברודער יקותיאל. זייער פאָטער הענאָך ניימאַן איז געווען אַ רייכער מאַן און גע־

האַנדעלט מיט גיטער, און די ניימאַן־ברידער פלעגען קריגען פיל געלט פון וואָלקאָוויסק, מער פון אלע אַנדערע וואָלקאָוויסקער תלמידים וואָס האָבען דעמאָלסט געלערענט אין דער „הרצליה"־גימנאַזיע.

אין 1913 זיינען ביידע ברידער געפאָרען אויף אַ באַזוך קיין וואָלקאָוויסק, און יאַנקעל איז שוין דאָרט געבליבען — לויט'ן פאַרלאַנג פון זיינע עלטערען — מיטצוהעלפען אין זיין פאָטער'ס געשעפטען. יקותיאל האָט זיך אומגעקערט קיין ארץ־ישראל און איז דאָרט געבליבען ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914 — און האָט זיך דאַן אומגעקערט קיין וואָלקאָוויסק. ער געפינט זיך איצט מיט זיין פאַמיליע אין ניו־יאָרק, וואו ער באַזיצט אַ גרויסע אַפּטייק־קראָם.

**ישראל הובאַר** איז געווען דער עלטערער זוהן פונ'ם באַקאַנטען רייכען וואָלקאָוויסקער בעל־הבית און ציוניסט דוד הובאַר. ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל (אין 1913) מיט דער אַבזיכט אַריינצוטרעטען אין דער „הרצליה"־גימנאַזיע, אָבער צוליב פאַרשיידענע סיבות איז ער בלויז געבליבען אין לאַנד אַ קורצע צייט און דאַן אָפּגעפאָרען קיין פאַריז, און פון דאָרט האָט ער זיך אין איניגע חדשים אַרום אומגעקערט קיין וואָלקאָוויסק.

אין דער צייט וואָס ער איז געווען אין תל־אביב, האָט ער געוואוינט צוזאַמען מיט דעם שרייבער פון די שורות אין איין צימער. ער האָט געפירט די „ווירטשאַפט". ער פלעגט צוגרייטען און אָפּקאָכען דאָס עסען. אַ גאַנצען טאָג האָט ער געשפּילט די ראָלע פון אַ פרוי און בעל־הבית'טע — נאָר אין אָווענט פלעגט ער נעלם ווערען פון הויז, שוין אַלס מאַנסביל . . . זיינע ארץ־ישראל'דיגע בריף אַהיים האָבען שטאַרק געווירקט אויף זיין פאָטער און דערוואַרימט זיין ציוניסטישע נשמה. ישראל פלעגט ליב האָבען אונז צו דערצעהלען וועגען זיינע נצחונות ביים שעהנעם מין. ער פלעגט שטענדיג דערמאָנען צום גוטען די סלאָנימער מיידלעך, וועלכע האָבען געלערענט אין דער וואָלקאָוויסקער גימנאַזיע. קיינער פון אונז האָט ניט געצווייפעלט אין זיינע דערצעהלונגען. מיר האָבען אים געגלויבט. ער איז דאָך געווען אַ שעהנער בחור, אַ הויכער, אַ בלאָנדער און דערצו ראָמאַנטיש געשטימט — און דערפאַר האָט זיך געלייגט אויפ'ן שכל, אז ער האָט טאַקע געהאַט גרויס דערפאָלג ביים „שוואַכען געשלעכט".

**יצחק קאַמינער** — אַ זוהן פון אַ וואָלקאָוויסקער סוחר, וואָס האָט געהאַט אַ געשעפט פון פאַרטיגע קליידער אינ'ם ראַד קראָמען. ער איז געווען אַ שטילער, א שווייגענדיגער, שטענדיק פארטיפט אין מחשבות, און איז געווען ביי אלעמען געשעצט צוליב דער געוואַלדיגער ליבע, וואָס ער האָט ארויסגעוויזען צו ארץ־ישראל. ער האָט געלערענט אינ'ם ירושלים'ער

לערער־סעמינאַר. נאָכדעם האָט ער זיך באַזעצט אין תל־אביב. ער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער „פיקאַ"־געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל — און איצט איז ער אַ הויז־באַזיצער אין תל־אביב.

**משה קאַפּלינסקי** איז געווען פון די מתמידים פון אונזער גרופּע. ער איז שטענדיג געווען פאַרטאָן מיט'ן לערנען, און ווען ער איז געווען פריי פון די לימודים, האָט ער געלייענט. ער האָט גע'שמ'ט אַלס לעבעדיגע ענציקלאָפּעדיע און עס איז געווען אַ פאַרגעניגען מיט אים צו שמועסן. ענדע יאָר 1914 האָט ער באַקומען אַ בריף פון וואָלקאָוויסק, אז ער זאָל וואָס גיכער קומען אַהיים, ווייל זיין מוטער איז שווער קראַנק. ער איז באַלד צוריקגעפאָרען, אָבער ער האָט זי שוין מער ניט געפונען ביים לעבען. ער איז שוין דאַן פארבליבען אין וואָלקאָוויסק.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט משה קאַפּלינסקי פאַרנומען דעם אַמט פון אַ לערער אין א דייטשער פאָלק־שול פאר אידישע קינדער. נאָך יענער מלחמה איז ער אַוועקגעפאָרען קיין רוסלאַנד מיט'ן צוועק אָנצוקומען אויפ'ן מעדיצינישען פאַקולטעט אין מאָסקווער אוניווערזיטעט. ער איז אָבער דאָרטען קראַנק געוואָרען אויף בויך־טיפוס און געשטאָרבען.

**אברהמ'על וועלוועלעוויטש** איז געווען דער עלטערער זוהן פון פרוי וועלוועלעוויטש, וואָס האָט געהאַט אין וואָלקאָוויסק אַ פּאַפּיר־געשעפט אַקעגען פיינזילבער'ס הויז (אין ווינקעל פון דער גראָדנער גאַס). ער איז געווען אַ וואונדערבאַרער בעל־זכרון און אַ גרויסער שפּראַכען־קענער. אפילו טערקיש האָט ער געקענט. ער איז אויך געווען איינער פון די ערשטע עספּעראַנטאָ־קענער אין וואָלקאָוויסק. ער האָט ניט געקענט איינזיצען אויף איין אָרט. האָבענדיג אַן אומרוהיגע נאַטור, האָט ער שטענדיג אַרומ־געוואַנדערט.

**מאָטעל עפּשטיין** — אַ זוהן פון נחמן משה עפּשטיין (וואָס איז געווען באקאנט אונטער'ן צונאָמען „משיח"). אַ ליבער בחור געווען אָט דער מאָטעל, אַ גוטער חבר און אַ פארברענטער ציוניסט. נאָך אלס אַ יונג אינגעל האָט ער שווער געהאָרעוועט אויף צו פאַרדינען זיין חיונה. אין יענער צייט איז די פאַרבינדונג צווישען די פאַרשיידענע פונקטען אין לאַנד געווען זעהר אַ שלעכטע און מען פלעגט זיך שלעפּען שטונדען־לאַנג מיט דיליזשאַנסען קיין יפו. איז מאָטעל געפאַלען אויף אַ געדאַנק — צוצושטעלען די נויטיגע ארטיקלען דירעקט אין די הייזער פון די קאָלאָניסטען. ער האָט אָנגעהויבען אַרומפאָרען איבער די קאָלאָניעס און פאַרקויפען אלערליי סחורות. אזוי ווי מאָטעל איז געווען זעהר אַן עהרליכער און אַ פרעהליכער בחור — איז



נחמן משה עפשטיין („משיח")

ער באַלד געוואָרען איבעראַל זעהר באַליבט, און די קאָלאָניסטען פון יהודה האָבען ארויסגעקוקט אויף מאָטעל'ען מיט זיין פּאַק סחורה ווי אויף משיח'ען. אלע זיינע ברידער און שוועסטער האָבען געוואוינט אין קאַנאַדע, און מאָטעל איז אַהין געפאָרען (אין 1913) זיי זעהן. אין קאַנאַדע האָט ער זיך זעהר באַפריינדעט מיט'ן באַריהמטען שריפטשטעלער ראובן ברייניך. ער האָט געאַרבייט ענערגיש און פלייסיג — כדי אָפּצושפּאָרען אַ געוויסע סומע געלט מיט וועלכער ער זאָל זיך קענען איינאָרדנען אין ארץ־ישראל.

ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרען דער אידישער לעגיאָן האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אינ'ם לעגיאָן — און איז שוין נאָכ'ן קריג פאַרבליבען אין ארץ־ישראל, וואו ער האָט זיך איינגעהאַנדעלט אַ נחלה אין רעננה און ער האָט דאָרט אַן אייגענעם „משק".

ווען איך האָב באַזוכט ארץ־ישראל אין 1945 האָב איך זיך, פאַרשטעהט זיך, געטראָפען מיט מאָטעל'ן און האָב, צו מיין פרייד, געזעהן, אַז מאָטעל האָט זיך ניט פיל פאַרענדערט און ער איז געבליבען דער זעלבער פרעהליכער, לעבעדיגער, לאַכענדיגער און איבערגעגעבענער פריינד. ווען מיר האָבען צוזאַמען שפּאַצירט ביים ברעג פונ'ם תל־אביב'ער ים האָט ער געהאַלטען אין איין דערמאָנען אונזערע אַמאָליגע שעהנע יוגענד־יאָרען אין תל־אביב.

ער האָט מיך אַרומגעפיהרט צו אַלע וואַלקאָווויסקער לאַנדסלייט און מיר איבערגעגעבען גענויע פּרטים וועגען יעדען איינעם פון זיי. ער ווייסט היינט אויך אַלע לעצטע נייעס — ווי אַמאָל!

## די פאַמיליע קאַליר

בנימין און רחל קאַליר זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל פון אַמסטי־באָווע (לעבען וואַלקאָוויסק) און האָבען זיך באַזעצט אין פּתח־תקוה. זיי זיינען דעמאָלסט געווען איינע פון די ערשטע פאַמיליעס פון אונזער געגענד וואָס האָבען זיך באַזעצט אין פּתח־תקוה און ניט אין תל־אביב.

בנימין קאַליר'ס דריי טעכטער — חנה, שרה און רבקה — וועלכע זיינען געקומען מיט אים אין לאַנד אַריין, זיינען געווען זעהר שעהנע מיידלעך. זיי האָבען זיך אַלע גיך אַקלימאַטיזירט, זיך אויסגעלערענט העברעאיש, וואָס איז ביסלעכווייז געוואָרען ביי זיי אין הויז די אומגאַנגס־שפּראַך. די עלטסטע טאָכטער שרה, האָט איינגיכען חתונה געהאַט מיט אַ גרויסען סוחר, שאול האַרבורג (ווּעמענס ברודער, ישראל האַרבורג, האָט געלערנט צוזאַמען מיט מיר אין איין קלאַס אין דער „הרצליה"־גימנאַזיע). צו דער חתונה זיינען געקומען אַלע וואַלקאָווויסקער לאַנדסלייט און זיך שטאַרק משמח געווען.

אין יענע יאָרען איז די פאַרבינדונג צווישען יפו און פּתח־תקוה געווען דורך אַ דיליזשאַנס, וואָס פלעגט איינמאָל אַ טאָג אויפנעמען אין יפו פּאַסאַ־זשירען פאַר פּתח־תקוה. אַזאַ רייזע איז דאַן געווען אַ גאַנצער ענין. מען פלעגט זיך שלעפּען שטונדען־לאַנג אינ'ם דיליזשאַנס און אָפט פלעגען די פּאַסאַזשירען מוזען, במחילה, אַרויסקריכען פונ'ם דיליזשאַנס און אים אונ־טערשטופּען איבער די זאַמדען — אַניט האָבען די פערד זיך ניט געוואָלט ריהרען פונ'ם פלאַץ. דאָס אָנקומען פונ'ם דיליזשאַנס פאַרנאַכט־צו קיין פּתח־תקוה איז געווען אַ „געשעהעניש", אויף וועלכער מען האָט אַרויסגע־געקוקט אין דער קאָלאָניע. דער פלאַץ וואו דער דיליזשאַנס האָט זיך אָפּ־געשטעלט איז געווען אינ'ם קליינעם פּתח־תקוה'ער גאָרטען. דאָרט איז אויך געווען די פּאָסט. די פּתח־תקוה'ער איינוואוינער פלעגען אָפּוואַרטען דעם דיליזשאַנס — שפּאַצירענדיג אינ'ם קליינעם גאַרטען. די יוגענד איז געווען נייגעריג צו זעהן, וואָס פאַר אַ נייע פּנים'ער זיינען געקומען פון שטאָט. קאַליר'ס הויז איז געווען פונקט אַקעגען דער דיליזשאַנס־סטאַנציע, לעבען דעם קליינעם גאָרטען.

מיר, די וואַלקאָווויסקער גימנאַזיסטען, פלעגען שטענדיג, ווען נאָר מיר האָבען געהאַט צייט, זיך אַראָפּכאַפּען קיין פּתח־תקוה צו די קאַליר'ס, און מיר האָבען זיך דאָרט געפיהלט ווי אינדערהיים — געגעסען און געטרונקען און געכאַפּט אַ שפּאַציר אינ'ם אויבענדערמאָנטען גאָרטען מיט קאַליר'ס



בנימין קאַליר

שעהנע טעכטער רבקה און חנה. אַלע בחורים פון די בעסטע און מיוחס'־דיגסטע פתח־תקוה'ער פאַמיליעס פלעגען קומען און זיך בעטען ביי אונז, אז מיר זאָלען זיי פאָרשטעלען פאַר קאַליר'ס טעכטער.

רבקה קאַליר האָט שפּעטער געהייראַט ה' דוקאַר — אַ מוזיקער אין פתח־תקוה. חנה קאַליר האָט געהייראַט ה' חופי, וועלכער איז אַ הויכער רעגירונגס־באַאַמטער אין ירושלים.

בנימין קאַליר'ס אַ זוהן, משה, איז אַוועקגעפאָרען אויף איניגע יאָר קיין בראַזיל, און ער האָט זיך נאָכדעם צוריקגעקערט קיין ארץ־ישראל, וואו ער איז טעטיג אַלס אַגראָנאָם.

קאַליר'ס אַ צווייטער זוהן, אהרן, איז איינער פון די אָנגעזעהענסטע אַרבייטער־עסקנים אין לאַנד — אַ מיטגליד פונ'ם „מרכז חקלאי" („לאַנד־ווירטשאַפטליכער צענטער") און איינער פון די גרינדער פון דער „יכין"־געזעלשאַפט.

אליעזר קאַליר, בנימינ'ס אַ דריטער זוהן, איז געבליבען אין וואָלקאָ־וויסק. ער איז געווען זעהר אַקטיוו אין פיל וואָלקאָוויסקער וואוילטעטיגע אַנשטאַלטען — דער בית־יתומים, לינת־חולים, שפּיטאָל א. אַ. — און

האָט אויך פיל געאַרבייט פאַר די פאַרשיידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס („החלוץ״ א. אַנ.). ער האָט אויך פאַרנומען אַ בכבוד׳יגען פּלאַץ אין דער וואָלקאָוויסקער קולטור־טעטיגקייט און האָט אַראַנזשירט פאַרשיידענע לעקציעס מיט באַריהמטע אידישע שרייבער וואָס ער האָט אַראָפּגעבראַכט קיין וואָלקאָוויסק.

ער איז אויך געווען איינער פון די גרינדער (אין 1926) פון „וואָלקאָוויסקער לעבען״, און ער האָט דאָרט אָפט פאַרעפענטליכט אַרטיקלען איבער פאַרשיידענע ענינים — פון אַ לאָקאַלען און אלגעמיינעם אינטערעס.

זיין פרוי איז געווען פייקע מאַרקוס (די טאָכטער פון אברהם אלי מאַרקוס). נאָכדעם ווי זיין פרוי׳ס פאַמיליע (איר פאָטער און אירע ברידער) איז אָפּגעפאָרען קיין ארץ־ישראל האָט ער זיך אויך דאָרט באַזעצט (אין 1935) — וואו ער וואוינט ביז צום היינטיגען טאָג, אין פתח־תקוה.

אין זיינע ערשטע איינדרוקען פון ארץ־ישראל, וואָס ער האָט פאַרעפענטליכט אינ׳ם „וואָלקאָוויסקער לעבען״ (פונ׳ם 6טען מאי 1938), באַשרייבט אליעזר קאַליר די געפיהלען וועלכע האָבען אים באַהערשט, ווען ער האָט זיך נאָך אזויפיל יאָרען ווידער באַגעגענט מיט זיינע אייגענע, און די געדאַנקען וועלכע האָבען זיך אין אים דערוועקט ביים אָנקומען אינ׳ם אידישען היימלאַנד. מיר וועלען דאָ ציטירען אייניגע אויסצוגען פון די דאָזיגע כאַראַקטעריסטישע „ערשטע איינדרוקען״:

„כ׳דערנעהענטער זיך צו אַ גרויסער זעלטענער זכיה, צו אַ טרוים, וואָס איז פאַרווירקליכט געוואָרען. כ׳האָב גאַנצע 25 יאָר געבענקט נאָך זיי; 25 יאָר ניט געזעהן טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער; ניט געזעהן, אויסער אַמאָל אין חלום. כ׳האָב שוין פאַרגעסען זייער אויסזעהן, זייער געשטאַלט. ניט געגלויבט שוין אַז איך וועל זיי גאָר זעהן אַמאָל . . . און אָט . . . באַלד . . . באַלד . . .

„כ׳בין ווי צעמישט. אַזעלכע נאָהענטע־אומבאַקאַנטע מענשען פאַלען אַרויף אויף דיר . . . קושען דיך און וויינען . . . קושען דיך און וויינען . . . דער טאַטע (כ׳פאַרשטעה, אַז דאָס איז דער טאַטע) מאַכט אַ ברכה „שהחיינו״!. . . כ׳וויין ספּאַזמאַטיש און קוש אים די הענט . . . טאַטינקע!... טאַטינקע!... (ווען ער איז אַוועקגעפאָרען, האָט ער זיך מיט מיר געזעגענט און געזאָגט: מיר וועלען זיך אינגיכען זעהן! . . . און דער ,אינגיכען׳ האָט געדויערט 25 יאָר! . . . ).

„— כ׳פרעג יעדען איינעם: — ווער איז דער? . . . ווער איז דער . . . און ווידער אַרויפגעפאַלען און ווידער געוויינט. כ׳האָב זיי איבערגעלאָזען קליינע, צאַרטע קינדערלעך — איצט זיינען פאַר מיר געשטאַנען מענשען

— מיטעלע מענשען, וועלכע, ניט וויסענדיג ווער זיי זיינען, וואָלט איך קיינמאָל ניט דערקענט . . . איך באַמערק ביי דער אינגסטער שוועסטער, וואָס מיר דוכט זיך — זי איז נאָך אַלץ אַ קליינינקע, אַ ציטעריגע — אינגאַנצען אַ גרויען קאָפּ האָר . . .

„— רבקה׳לע, זאָג איך, וועה איז מיר! דו ביסט דאָך אינגאַנצען גרוי! . . .

„— אין דבר! — ענטפערט זי מיט אַ שמייכעל — ס׳איז פון אַמאָל, פון די יונגע יאָרען, מ׳האָט אַביסעל געפיבערט אין עמק, אין גליל! . . .

„ס׳פאַרקלעמט מיר אין האַרצען — די אינגסטע איז געוואָרען די עלטסטע! . . .

„ערשט זיך ,אַנגעזעטיגט׳ מיט אַלעמען — דערזעה איך אין אַ זייט אַ ברייט־פלייציגען פאַרשוין מיט אַ פאַרברוינט שמייכלענדיג געזיכט, מיט אַ קוטשמע האָר — ער געהט צו מיר צו, דערלאַנגט מיר לאַכענדיג אַ שלום־עליכם! . . .

„— און ווער איז דער? — פרעג איך.

„— דאָס איז דאָך אהרן! . . .

„— וועלכער אהרן?! . . .

„— אונזער אהרן — אַרטשע! . . .

„— איר מאַכט פון מיר חוזק, — זאָג איך, — דאָס איז אַרטשע?! . . .

„כ׳וויל בשום אופן ניט גלויבען . . . לאַנג, לאַנג קוקען מיר זיך אָן, ביז מיר פאַלען ארויף איינער אויפ׳ן אַנדערען . . . איך האָב זיך קיינמאָל גאָרניט געקענט פאָרשטעלען, אז פון דעם דאַרען, שוואַכען ישיבה־אינגעל זאָל זיך אויספאָרמירען אזא מענש, אזא אויסזעהן, אזא שטעל, אזא פיגור! . . . . — — — —

„בלויז אייניגע מינוטען מיט׳ן טעקסי, — און פאַר דיר אַנטפלעקט זיך אַ פּרעכטיגע באַצויבערענדיגע שטאָט, מיט רחבות׳דיגע גאַסען, וואונ־דערבאַרע פּאַלאַצען, מיט א שפּרודעלדיגער באוועגונג, אימפּעט, לוקסוס . . .

„אַ ליכטיגע פרייד פילט אָן און צעגיסט זיך איבער דיין גאַנצער נשמה . . . נאָכאַמאָל טריפען פון דיינע אויגען טרערען פון אַנטציקונג.

„— זיי געגריסט, תל־אביב! די ערשטע אידישע שטאָט אין גאָר דער וועלט, די צאַרטע בלום אין דער טרוקענער אַזיע! — — — —

„ס׳איז שוין שפּעט אין דער נאַכט, אָבער איך קען ניט איינשלאָפען. די ערשטע נאַכט אין ארץ־ישראל, די ערשטע נאַכט אין פתח־תקוה. דורך די אָפענע פענסטער דערטראָגען זיך כסדר אָהן אויפהער געזאַנגען, לידער — נייע, פאַר מיר אומבאַקאַנטע, מוטיגע, חלוצ׳ישע לידער.

„יונגוואַרג, חלוצים שפּאַצירען, געהען אַרום איבער די גאַסען און זינגען גאַנצענע נעכט, פּריי, אומגעשטערט, ווי די גרויסע זילבערנע לבנה איבער׳ן פרייען אויסגעשטערענטען ארץ־ישראל׳דיגען הימעל. זיי זינגען — ווייל זיי זיינען יונג, ווייל זיי זיינען פריי, ווייל זיי זיינען אין ארץ־ישראל.

„כ׳קוק אַרויס אויף דער גאַס — פאַרלאַך . . . פאַרלאַך . . . אַרום־גענומען, פעסט ארומגענומען, שיר־השירים׳דיג — זיין האַנט ארום איר אַקסעל, איר האַנט ארום זיין טאַליע . . . (שטאַרק איז די ליבע אין פּתח־תקוה! . . . ).

„איך טראַכט: אַ שאַד, וואָס מ׳איז געקומען אַהער אזוי שפּעט, אזוי אַלט. ווען מ׳וואָלט געקומען אַביסעלע פריהער, אַביסעלע יונגער, וואָלט מען דאָך ערשט אויך דערפיהלט דעם טעם פון ארץ־ישראל! . . .

„ביסלעכווייז ווערען די געזאַנגען שטילער, די פאַרלאַך שיטערער. כ׳שלאָף איין. . . אָבער ניט באַוויזען אַריבערצוכאַפּען דעם ערשטען דרימעל — אַ יאָמער, אַ קלאַגעריי, אַ מאַסען־היסטעריע, אַ יללה! . . . כ׳שפּרינג אַראָפּ ניט טויט ניט לעבעדיג פון מיין געלעגער: — וואָס איז געשעהן ?!. . . אַ שריפה?! . . . אַן אָנפאַל?! . . .

„— שרעק זיך ניט, שרעק זיך ניט — באַרוהיגט מיך די מאַמע — דאָס איז גאָרניט — דאָס וואָיען די שאַקאַלען אין די נאָהענטע פּרדסים! מ׳זאָגט, גיט צו די מאַמע, אַז דאָס קלאָגען זיי אויפ׳ן חורבן בית־המקדש! . . . — — — —

„באַרוהיגט זיך פון די שאַקאַלען, מאַך איך צו די אויגען און מיר דוכט זיך — כ׳דרעמעל ווידער שוין. . . מיטאַמאָל — ווידער משונה׳דיגע קולות, פונקט ווי מ׳וואָלט געזעגט מיט אַ טעמפּער זעג אַ דעמבענע קלאָץ אָדער געסקראָבעט מיט אַ האַקמעסער אַ פאַרטריקענטע מולטער.

„וואָס שוין ווידער פאַר אַ קאָנצערט? — שריי איך אַ צוטומעלטער.

„— שלאָף, שלאָף! — באַרוהיגען מיך די שטוביגע, — דאָס ריטשעט דער אייזעל!

„אַהאַ, — זאָג איך, דאָס איז דער אייזעל! . . . ניש׳קשה פון אַ שטים! . . . כ׳האָב זיך גאָרניט פאָרגעשטעלט, אז משיח׳ס רייטפערד זאָל האָבען אַזאַ טרוקענעם הוסט, אזא קאָקלוש! . . . — — —

„ארץ־ישראל — דאָס הייליגע און געהייליגטע לאַנד! . . .

„אָבער . . . פּרנסה! . . . ברויט! . . .

„שוין באַלד אַ חודש צייט געה איך אַרום איבער די גאַסען פון תל־אביב, כ׳קלאַפּ אָפּ די טירען, געה איבער די ביוראָס, איבער די אַנשטאַלטען און זוך אַרבייט, באַשעפטיגונג — אָבער אומזיסט. מיין בוזים־קעשענע

ווערט אַלץ דיקער און פולער פון בריף, פּראָיעקציעס, המלצות פון איין באַ־קאַנטען צום צווייטען, פון איין גרויסען מענשען צום צווייטען — אָבער צו אַ תכלית — איז עס נאָך ווייט! מ׳גיט מיר גוטע האָפענונגען, הבטחות, צוזאָגענישען — אָבער קיין ישועה איז ניטאָ . . .

„אָ, די זוכעניש, אָ, די בעטעניש, אָ, די חבלי ארץ־ישראל!... — — — —

„כ׳געה מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, ווייל ווי דאָ זאָל ניט זיין, וואָס דאָ זאָל ניט זיין — ארץ־ישראל איז אונזער לאַנד! . . . ״

ווייזט אויס, אַז אָט דער טיפער גלויבען אין ארץ־ישראל האָט געגעבען אליעזר קאַליר׳ען דעם כוח און דעם מוט איבערצוטראָגען אַלע צרות און יסורים, וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט די „חבלי ארץ־ישראל״, — און ער האָט זיך סוף־כל־סוף איינגעאָרדענט אין לאַנד, און ער איז דאָרט באַשעפ־טיגט אין אַ באַנק. ער איז לעצטענס זעהר טעטיג אין דער ארץ־ישראל׳־דיגער אָרגאַניזאַציע פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט („אירגון עולי וולקו־ביסק״), און ער איז אַ מיטגליד פונ׳ם ניי־אָרגאַניזירטען ועד, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו ברענגען הילף צו די לעבען־געבליבענע וואָלקאָוויסקער.

אליעזר קאַליר האָט צוריק מיט איניגע יאָר אַרויסגעגעבען אין ארץ־ישראל אַ בוך „אבותיהם של הנאַצים״ („די עלטערען פון די נאַציס״) — וואו ער שילדערט די תקופה פון דער דייטשער אָקופּאַציע בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה — וועגען וועלכען די קריטיק האָט זיך וואַרים אָפּ־געררופען. לעצטענס האָט ער אַרויסגעגעבען אַ צווייטען בוך „עולמות״ („וועל־טען״) — וואָס אַנטהאַלט אַ גאַנצע רייהע דערצעהלונגען, דעראינערונגען און שילדערונגען פון פאַרשיידענע שריפטשטעלער און אנדערע אינטערע־סאַנטע טיפּען און פּערזענליכקייטען. דאָס בוך איז זעהר שעהן אַרויסגע־געבען און רייך אילוסטרירט דורך דעם מאַלער תשבי.

**מרדכי חפץ** איז אַ זוהן פון זלמן חפץ, וועלכער איז געווען איינער פון די חשוב׳ע וואָלקאָוויסקער בעלי־בתים און געהאַט אַ פאַבריקעל פון סאָדע־וואַסער. זלמן חפץ האָט געוואוינט אין אַ שעהן הויז, אַקעגען דר. גאלאי, ניט ווייט פונ׳ם בית־עלמין. אַרום הויז איז געװען אַ שעהנער פרוכט־גאָרטען. זלמן חפצ׳עס קינדער האָבען די מעהרסטע צייט פאַרבראַכט אין באַקו (אין קאַווקאַז) צוליב זייערע געשעפטען, און זומער־צייט פלעגען זיי קומען זעהן די עלטערען און פאַרברענגעז אין זייער שעהנעם גאָרטען.

איך געדענק, דאָס ווען איך בין, אַלס תלמיד פון דער „הרצליה״־גימ־נאַזיע, געקומען אין זומער פון 1912 אויף אַ באַזוך קיין וואָלקאָוויסק, האָט מען מיך דעמאָלסט איינגעלאַדען צו די חפצ׳עס אין הויז אַריין, און מרדכי



מרדכי חפץ

חפץ האָט מיך געבעטען צו דערצעהלען וועגען דעם ארץ־ישראל'דיגען לעבען. איך, דער יונגער גימנאַזיסט, האָב דערצעהלט וויפיל איך האָב געוואוסט, אָבער ווען מרדכי חפץ האָט מיך אָנגעהויבען אויספרעגען וועגען דער עקאָנאָמישער לאַגע פון'ם לאַנד, האָב איך אים געזאָגט, אַז די בעסטע זאַך וואָלט פאַר אים געווען אליין צו קומען קיין ארץ־ישראל און זיך באַ־קענען אויפ'ן פלאַץ מיט די דאָרטיגע באַדינגונגען. ער האָט מיך טאַקע געפאָלגט, און אין עטליכע חדשים אַרום איז ער געקומען און געקויפט אַ גרויסען פרדס אין פתח־תקוה און אויך אַריבערגעפיהרט קיין ארץ־ישראל זיין פאַמיליע.

אויך זיין הויז איז געוואָרען אַ טרעף־פונקט — צוזאַמען מיט קאַליר'ס הויז — פאַר די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט וועלכע פלעגען באַזוכען פתח־תקוה.

מרדכי חפץ האָט געשלאָגען טיפע וואָרצלען אין לאַנד און געוואָרען אַ וויכטיגע פיגור אינ'ם לעבען פון דער קאָלאָניע. ער איז געווען אַ גע־וויסע צייט דער ראש הועד פון פתח־תקוה און אויך געהאָלפען איינאָרדנען די שמירה אין דער קאָלאָניע.

ווען מרדכי חפץ האָט, איינִיגע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, באַזוכט די פאַראייניגטע שטאַאטען, אין די אינטערעסען פון די ארץ־ישראל׳־דיגע פרדסים־אינהאַבער — ער איז געווען איינער פון די גרינדער און פירער פונ׳ם פאַראיין פון די אָראַנדזש־גערטנער־אייגענטימער — האָב איך איינגעאָרדענט לכבוד אים אַ צוזאַמענקונפט פון וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט, וועלכע געפינען זיך אין ניו־יאָרק, און מיר האָבען צוזאַמען פאַרבראַכט מיט אונזער ליבען ארץ־ישריל׳דיגען גאַסט, ווען ס׳איז געווען זעהר אַנגענעם זיך צו טרעפען מיט זיינע פריינד און באַקאַנטע פון אונזער באַליבטער שטאָט וואָלקאָוויסק.

מרדכי חפץ איז געשטאָרבען אין פתח־תקוה אין יאָר 1945. זיין פאָטער זלמן חפץ איז געשטאָרבען אין ארץ־ישראל אין עלטער פון 97 יאָר. אַנאַ חפץ־סקווירסקי (אַ שוועסטער פון מרדכי חפץ) איז אַ באַוואוסטע אַקושאָרין אין פתח־תקוה. מרדכי חפצ׳עס טאָכטער, דינה, איז אַ אָנגעשטעלטע אין דער „מחלקה טכנית״ („טעכנישע אָפּטיילונג״) פון דער פתח־תקוה׳ער שטאָט־פאַרוואַלטונג. זיינער אַ זוהן, אליעזר, וואוינט אויך אין פתח־תקוה.

---

אָט די דאָזיגע עליה פון די ערשטע וואָלקאָוויסקער ביז צום אויסברוך פונ׳ם ערשטען וועלט־קריג איז בלויז געווען אַן אָנהויב. אין דער תקופה צווישען ביידע וועלט־מלחמות, אין די יאָרען 1918־1939, איז אָנגעגאַנגען אַן אומאויפהערליכע עמיגראַציע פון וואָלקאָוויסק קיין ארץ־ישראל. די גייע עולים האָבען זיך איינגעוואָרצעלט אין לאַנד, אָבער זיי האָבען ניט פאַרגעסען זייער אַלטע היים־שטאָט און אָפט באַזוכט זומער־צייט זייערע קרובים אין וואָלקאָוויסק. אויך פון וואָלקאָוויסק פלעגען פיל מענשען קומען קיין ארץ־ישראל צו באַזוכען זייערע קרובים, וועלכע האָבען זיך איינגעאָרדענט אין לאַנד, און מאַכען פלענער פאַר דער צוקונפט, ווי צו ליקווידירען די געשעפטען און זיך באַזעצען אויף שטענדיג אין ארץ־ישראל.

ווען איך האָב נאָך דער מלחמה, אין יאָר 1945, באַזוכט ארץ־ישראל, האָב איך ערפאַרען, אַז היינט־צו־טאָג געפינען זיך אין לאַנד בערך פיר הונדערט וואָלקאָוויסקער פאַמיליעס, פון וועלכע די מעהרסטע באַלאַנגען צו דעם „אירגון עולי וולקוביסק בארץ־ישראל״ (די אָרגאַניזאַציע פון וואָלקאָוויסקער עולים אין ארץ־ישראל.

דער „ועד״ וואָס פיהרט אָן מיט׳ן „אירגון״ באַשטעהט פון די פאָלגענדע מיטגלידער: אליהו שייקעוויטש, פּרעזעס; יהודה נאָוואָגרודסקי (דער זוהן פון איטשע שמואל יונה׳ס, וואָס האָט געהאַט אַ ווייך־געשעפט אין וואָל־



מיטגלידער פון ועד פון „עולי וולקוביסק" אין ארץ ישראל מיט דר. משה איינהאָרן און 2 פון די גרעסטעוועטע.

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע זיצען: **שלמה בערעשקאָווסקי, יצחק יהודאי,** (יודזשיק), **משה איינהאָרן, אליהו שייקעוויטש;** צווייטע רייהע, שטייען: **אליעזר קאַליר, צבי רויטמאַן, עזריאל ברושי** (ברעסטאָוויצקי), **יוסף קאַטליאַרסקי, מוליע שיין.**

קאָוויסק), יצחק יהודאי (**דער זוהן פון ר' עקיבא יוסף יודזשיק**), עזריאל ברושי (**ברעסטאָוויצקי, דעם דיין'ס זוהן**), שלמה בערעשקאָווסקי, **סעקרעטאַר** (**זיין פאָטער האָט געהאַט אַן אייזען־קראָם אין וואָלקאָוויסק**), שמואל (מוליע) שיין און אליעזר קאַליר.

די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל **האָבען אין יאָר 1945 צונויפגערופען אין תל־אביב אַ „כינוס" (צוזאַמענקונפט) פון אַלע עולים פון וואָלקאָוויסק און איר אומגעגענד — כדי אָנצוקנועפּען די הילפס־אַרבייט** פאַר דער שארית־הפליטה אויף אַ געהעריגער שטופע. דער „אירגון עולי וולקוביסק" האָט אַרויסגעגעבען ביולעטינען, וואָס האָבען אַנטהאַלטען אינ־פאָרמאַציע וועגען דער טעטיגקייט פון דער ארץ־ישראל'דיגער אָרגאַני־זאַציע פון די וואָלקאָוויסקער און ידיעות וועגען די לעבען־געבליבענע.

**איך בין זיכער, אַז אַלע וואָלקאָוויסקער אין דער גאַנצער וועלט זיינען פאַראינטערעסירט צו וויסען, ווער זיינען די וואָלקאָוויסקער תושבים אין ארץ־ישראל און מיט וואָס זיי באַשעפטיגען זיך דאָרט. ס'איז פאַר מיר** טעכניש אוממעגליך **צו באַשרייבען אַלע וואָלקאָוויסקער, וועלכע געפינען זיך אין ארץ־ישראל; איך וועל זיך אָבער באַמיהען דאָ צו דערצעהלען וועגען אַ גרויסען טייל פון זיי. מיין איבערבליק איז הויפּטזעכליך באַזירט אויף**

דער אינפאָרמאַציע וואָס ס'האָבען מיר צוגעשיקט אונזערע אויבענדערמאָנטע חשוב'ע לאַנדסלייט פון ארץ־ישראל — אליעזר קאַליר, יצחק בערעשקאָווסקי, עזריאל ברושי און שמואל איינהאָרן.

## די פאַמיליע יודזשיק־יהודאי

די פאַמיליע יודזשיק, וואָס רופט זיך אין ארץ־ישראל יהודאי, איז אַ זעהר פראָמינענטע וואַלקאָוויסקער משפחה וואָס האָט זיך באַזעצט אין וואַל־קאָוויסק צוריק מיט אַ פיר הונדערט יאָר. ר' לייזער יודזשיק איז געווען אַ גרויסער בר־אורין, וואָס האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות, אָבער ער האָט נ.יט געוואָלט ציהען זיין חיונה פון זיין תורה־קענטעניש און ער האָט דער־פאַר ניט אָנגענומען קיין רבנות־שטעלע. ער האָט זיך באַשעפטיגט מיט הורט־מסחר און אינדוסטריע (געהאַט אַ פאַבריק פון זייף, ליכט אַ. ד. ג.). ער איז געווען אַן עסקן אין פאַרשיידענע וואַלקאָוויסקער וואוילטעטיגע אַנ־שטאַלטען, ווי דער מושב־זקנים, הכנסת־אורחים און אַנדערע. ער איז גע־שטאָרבען אין יאָר 1917, אין עלטער פון 83 יאָר.

ר' לייזער'ס עלטסטע טאָכטער, יענטעל מאַלין, איז אין 1914, קורץ פאַר'ן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אָפּגעפאָרען מיט איר גאַנצער משפחה קיין ארץ־ישראל, וואו זי וואוינט עד היום מיט איר פאַרצווייגטער פאַמיליע — זיהן און טעכטער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך. אויך צוויי אַנדערע טעכטער פון ר' לייזער יודזשיק — לאַסקע סערלין (מיט איר פאַמיליע) און טייבעל גאָלדבערג (מיט איר זוהן און טאָכטער) — וואוינען אין ארץ־ישראל. בלויז די אינגסטע טאָכטער פון ר' לייזער'ען, רבקה, איז פאַרבליבען מיט איר מאַן און טאָכטער אין פוילען — און זיי זיינען, ווייזט אויס, אומגעקומען. רבקה'ס צווייטע טאָכטער געפינט זיך אין ארץ־ישראל.

ר' לייזער יודזשיק האָט געהאַט צוויי זיהן — ר' אשר נפתלי און ר' עקיבא יוסף — וועלכע איך געדענק גאַנץ גוט. ר' אשר, וואָס איז געווען אַ האָלץ־סוחר, האָט געוואוינט אינ'ם זעלבען הויז וואו ס'איז געווען דער חדר פון מיין מלמד ר' נחמן (ביי מאָטעל לאַפּינ'ען, לעבען טייך), און ר' אשר'ס וועגעלעך האָלץ, וועלכע זיינען געשטאַנען אינדרויסען, פלעגען ווינטער פאַרשטעלען די גאַנצע ברייטע גאַס. זיין פרוי, בת־שבע, פלעגט אונז, די קינדער פונ'ם חדר, שטענדיג מכבד זיין מיט גוטע זאַכען (לאַטקעס, צוקער־קעס א. ד. ג.).

ר' אשר נפתלי יודזשיק, וועלכער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און ירא־שמים, איז געקומען קיין ארץ־ישראל, אין יאָר 1925, מיט זיין גאַנצער פאַמיליע — אויסער זיין עלטסטער טאָכטער, וועלכע איז געבליבען אין רוסלאַנד זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה. קומענדיג אין לאַנד האָט

ר׳ אשר נפתלי אויפגעשטעלט אַ דאַמף־מיהל אין עפולה און דערנאָך גע־פיהרט גרויסע געשעפטען אין חיפה. ער האָט גע׳שמ׳ט מיט זיין חכמה און צדקות, און ער האָט אויסגעבויט אין חיפה אַ ישיבה און געשענקט אַ גרעסערע סומע געלט פאַר דער שוהל. ר׳ אשר נפתלי איז נפטר געוואָרען אין חיפה צוריק מיט אַ פאָר יאָר.

די פרוי פון ר׳ אשר נפתלי׳ן, בת־שבע יהודאי איז אַ גרויסע קענערין פון תנ״ך און פון דער העברעאישער שפראַך און אויך אַ כלל־טוערין און נדבנ׳טע.

ר׳ אשר נפתלי׳ס זיהן — יצחק, יודעל און משה — זיינען אָנגעזעהענע מענשען אין לאַנד: יצחק איז דער אייגענטימער פון די גרעסטע דאַמף־מיהלען אין ארץ־ישראל און וויצע־פרעזידענט פון דער מוניציפּאַליטעט פון עפולה; יודעל און משה זיינען גרויסע סוחרים אין חיפה.

רי עקיבא יוסף יודזשיק, דער צווייטער זוהן פון ר׳ לייזער׳ען, איז געקומען קיין ארץ־ישראל, צוזאַמען מיט זיין פרוי חיה שרה, אין יאָר 1935, נאָכדעם ווי זייערע צוויי זיהן יצחק און שמעון און זייער אינגערע טאָכטער אסתר זיינען שוין געווען אין לאַנד פון פריהער. זייער עלטערע טאָכטער לאה, וואָס איז געבליבען אין פוילען, איז, ווייזט אויס, אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן און דריי קינדער.

רי עקיבא יוסף איז געווען אין וואָלקאָוויסק אַ זעהר וויכטיגער עסקן. זייענדיג אַן איבערגעגעבענער ציוניסט פון זיין פריהסטער יוגענד און אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט „חובבי שפת עבר״ (וואָס איז געגרינדעט געוואָרען דורך דעם באַוואוסטען לעהרער ר׳ נחום האַלפּערין), האָט ער שטענדיג געפונען צייט — טראָץ דעם וואָס ער איז געווען שטאַרק פאַר־נומען אַלס אָנגעזעהענער סוחר — פאַר ציוניסטישער און געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט. ער איז געווען אַ מיטגליד פונ׳ם ציוניסטישען שטאָט־קאָמיטעט אין וואָלקאָוויסק, וויצע־פאָרזיצענדער פון דער קהילה, אַ מיטגליד אינ׳ם קרן־היסוד־קאָמיטעט, אַ מיטגליד אין דער קאָמיסיע צו וועהלען אַ רב פאַר דער שטאָט א. אַז. וו. ר׳ עקיבא יוסף איז געשטאָרבען אין חיפה, אין יאָר 1937.

ר׳ עקיבא יוספ׳ס פרוי, חיה שרה (די טאָכטער פון ר׳ מרדכי יאַנאָוויץ פון פרוזשאַני), איז געווען אַ זעהר אינטעליגענטע פרוי: זי האָט באַהערשט איניגע שפּראַכען — העברעאיש, דייטש און רוסיש — און געקענט דעם גאַנצען תנ״ך אויף אויסענווייניג. זי איז אויך געווען אַ געזעלשאַפטליכע טוערין — מיטגליד פונ׳ם בית־יתומים־קאָמיטעט, וויצע־פאָרזיצערין אין דער ציוניסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע וויצ״א, און נאָך. אין יאָר 1939

איז חיה שרה געפאָרען אויף אַ באַזוך קיין פּוילען, זיך זעהן מיט איר עלטערער טאָכטער, און צוליב דער מלחמה וואָס האָט אויסגעבראָכען האָט זי זיך ניט געקענט אומקערען קיין ארץ־ישראל, און איז, ווייזט אויס, אומ־געקומען אין פּוילען צוזאַמען מיט איר טאָכטער און פאַמיליע.

די קינדער פון ר׳ עקיבא יוסף און חיה שרה זיינען געגאַנגען אין זייערע עלטערענ׳ס וועגען און זיך אַקטיוו באַטייליגט אינ׳ם וואָלקאָוויסקער קול־טורעלען און ציוניסטישען לעבען. דער עלטסטער זוהן, יצחק, איז פון זיין פריהסטער יוגענד אָן געווען זעהר אַקטיוו אין דער וואָלקאָוויסקער ציוניסטישער יוגענד־אָרגאַניזאַציע „חרות ותחיה" („פרייהייט און אויפלעבונג"), געווען טעטיג אינ׳ם ועד פון דער העברעאישער ביבליאָטעק, און אינ׳ם ועד פון דער „תרבות"־געזעלשאַפט. ער איז אויך געווען סעקרעטאַר פונ׳ם שטאָטישען קאָמיטעט פונ׳ם אידישען נאַציאָנאַל פאָנד, קרן היסוד און פּאַלעס־טינע־אַמט — ביז ער האָט סוף יאָר 1925 עולה געווען קיין ארץ־ישראל, וואו ער פאַרנעמט אַ וויכטיגען פּאָסטען אין דער אַנגלאָ־פּאַלעסטיין־באַנק אין תל־אביב. ער שטיצט פיל די מלחמה־געליטענע און העלפט זיי זיך איינצואָרדענען אין לאַנד.

דער צווייטער זוהן, שמעון, האָט גענומען אַן אַקטיווען אָנטייל אין דער וואָלקאָוויסקער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין תל־אביב איז ער באַשעפטיגט אַלס בוכהאַלטער.

די טאָכטער, אסתר, איז געווען זעהר אַקטיוו אינ׳ם וואָלקאָוויסקער „השומר הצעיר", און אין תל־אביב איז זי באַשעפטיגט אַלס באַאַמטע אין דער „אַנגלאָ־פּאַלעסטיין באַנק".

**עזריאל ברושי** איז אַ זוהן פון ר׳ יעקב ברעסטאָוויצקי, דעם וואָל־קאָוויסקער דיין. ער איז איינער פון די באַליבטסטע פּערזענליכקייטען אין ארץ־ישראל. אין די יונגע יאָרען איז ער געווען אַ העברעאישער לעהרער אין זיין געבורטס־שטעטעלע ליסקאָווע (לעבען וואָלקאָוויסק). קומענדיג מיט יאָרען צוריק קיין ארץ־ישראל איז ער אַריינגעטראָטען אין דער אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע („הסתדרות"). ער האָט אויך פיל צייט געווידמעט צום לערנען און איז מיט דער צייט געוואָרען איינער פון ד׳ זעלטענע וויסענשאַפטלער און קענער פון לאַנד — פון איר היסטאָריע, געאָגראַפיע און עטנאָגראַפיע. עס איז ניט פאַראַן קיין שטעגעלע אין לאַנד, וואו ס׳האָט ניט געטראָטען ברושי׳ס פוס; עס איז ניט פאַראַן קיין ווינקעלע אין לאַנד, וואָס איז אים ניט באַקאַנט. מיט׳ן תנ"ך אין האַנט קען ער דורכגעהן גאַנץ ארץ־ישראל און אָנדייטען מיט׳ן פינגער אויף יעדען פּלאַץ, וואו עס זיינען געשריבען געוואָרען די וויכטיגע קאַפּיטלעך פון דער אידישער געשיכטע — פון אי־

דישער גבורה און רוחם, פון זעלבסטשטענדיגען אידישען מלוכה־לעבען. ניט אומזיסט איז ברושי איינער פון די באַריהמטע וועג־וויַיזער אין ארץ־ישראל. די גרעסטע עקסקורסיעס איבער׳ן לאַנד ווערען אָנגעפירט דורך ברושי׳ן. אָבער אויך אויסער די עקסקורסיעס אין לאַנד און אין די שכנות׳־דיגע אַראַבישע לענדער, פיהרט ברושי אָן אַ וויסענשאַפטליכע, דערציהערישע ארבייט וועגען ארץ־ישראל אין לאַנד גופא. גאַנץ אָפט קען מען טרעפען ברושי׳ן פאַרענדיג אין אַ קאָלאָניע צו האַלטען אַ פאָרלעזונג וועגען אַ פאַר־וואָרפענעם ווינקעל ערגעץ־וואו אין „בית־שאן״, אָדער אין „נגב״, און ער פיהרט מיט זיך זיין „פנס־קסם״ (סינעמאטאָגראַפישער אַפּאַראַט) אויף צו אילוסטרירען די בילדער.

זיצענדיג ביי ברושי׳ן אין ביוראָ, אין דעם גרויסען הויז פון „ועד הפועל״ פון דער הסתדרות, קען מען טרעפען אידען פון דער גאַנצער וועלט — פון אַמעריקע, זיד־אַפריקע, אַרגענטינע, בראַזיל. אַלע קומען צו ברושי׳ן צו באַקומען פון אים די נויטיגע אָנווייזונגען און אינפאָרמאַציע. ברושי׳ס ארבייט איז פילפאַכיג און פאַרצווייגט.

ברושי איז ביי אַלעמען באַליבט, ווייל ער איז ניט נאָר אַ באַדייטענדער געלערענטער, נאָר אויך אַ גרויסער בעל־מידות און זעהר באַשיידען — פשוט און גוט, אַ האַרציגער חבר און פריינד. ער איז אַ גרויסער אידישער פּאַטריאָט און הייסער ציוניסט און איז שטענדיג גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר ארץ־ישראל און פאַר׳ן ישוב. ער איז אויך אַן איבערגעגעבענער און טרייער „וואָלקאָוויסקער״ ביז׳ן היינטיגען טאָג. אין מיין אַרבייט איבער׳ן „וואָלקאָוויסקער יזכור־בוך״ האָט מיר ברושי פיל אַרויסגעהאָלפען און זיך באַמיהט אז די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל זאָלען מיר ארויס־שיקען פאָטאָגראַפיעס און מאַטעריאַלען. ער איז אויך, ווי געזאָגט, זעהר טעטיג אינ׳ם „אירגון עולי וולקוביסק״ און איז זיך שטענדיג משתדל צו קריגען אַרבייט פאַר די ניי־געקומענע וואָלקאָוויסקער.

פאַר׳ן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ברושי געווען אויף אַ באַזוך אין פוילען און דאָרט געהאַלטען אַ סעריע לעקציעס אויף זיין געביט — ארץ־ישראל וויסענשאַפט. ער האָט אויף זיין רייזע אויך באַ־זוכט וואָלקאָוויסק , וואו ער איז האַרציג אויפגענומען געוואָרען פון זיינע פילע פריינד און פאַרעהרער. משה ברושי, אַ ברודער פון עזריאל ברושי, וואוינט אויך אין ארץ־ישראל און איז אַ פאַרוואַלטער אין אַ „צרכניה״ (קאָ־אָפּעראַטיוו) אין חולון.

**רפאל קלאַטשקין** איז אַ זוהן פון חיה קלאַטשקין די דענטיסטין און אַ פּלימעניק פון אַבראַמסקי'ן (וואָס האָט געהאַט אַן אַפּטייק־קראָם). אלס קינד האָט רפאל געלערענט אין חדר פון סקאָף דעם מלמד און אין אַנדערע הדרים. אין עלטער פון 9 יאָר איז ער אַוועקגעפאָרען צוזאַמען מיט זיין ברודער, נתן — אין דער באַגלייטונג פון זיין טאַנטע חיענע אַבראַמסקי — קיין ארץ־ישראל כדי צו לערנען אין דער „הרצליה"־גימנאַזיע. ס'האָט זיך אָבער באַלד אָנגעהויבען דער ערשטער וועלט־קריג (אין 1914) און רפאל איז צוזאַמען מיט זיין ברודער און טאַנטע, צוריקגעפאָרען קיין וואָלקאָוויסק. אין 1915, ווען די דייטשען האָבען פאַרנומען וואָלקאָוויסק, איז רפאל אריין אין דער העברעאישער פאָלקס־שול וואָס איז דעמאָלסט געגרינדעט געוואָרען. שוין אין יענער צייט האָט דער קליינער רפאל ארויסגעוויזען זיין אונטער־נעמונגס־גייסט און באַגאַבונג. ער האָט דאַן, צוזאַמען מיט יאָסעל גאַלאי, ארויסגעגעבען אַ זשורנאַל פאַר קינדער — פריהער אין אידיש, אונטער'ן נאָמען „דאָס אינגעלע", און נאָכדעם אין העברעאיש, אונטער'ן נאָמען „התחיה".

אין 1920 איז רפאל קלאַטשקין ווידער אַוועקגעפאָרען קיין ארץ־ישראל — צוזאַמען מיט זיין ברודער נתן און מיט זיין טאַנטע חיענע אַבראַמסקי — און ער איז אַריין אין דער גימנאַזיע „הרצליה" און דאָרט געלערענט ביז 1923, ווען ער איז אַרויס פונ'ם זיבעטען קלאַס און אַוועק אַרבייטען קיין מקוה־ישראל. שפּעטער האָט ער געאַרבייט אויפ'ן שאָסיי טבריה־צמח און נאָכ־דעם איז ער צוריקגעקומען קיין תל־אביב, וואו ער האָט געאַרבייט ביי הייזער־בוי.

צו יענער צייט האָט ער זיך אָנגעהויבען אינטערעסירען מיט דער טעאַטער־קונסט און איז אַריינגעטראָטען אינ'ם „תיאַטרון עברי" אונטער דער פיהרונג פון דוד דאַווידאָף. נאָכדעם ווי דער „תיאטרון עברי" האָט זיך פאַרמאַכט איז רפאל קלאַטשקין אריבער אינ'ם טעאַטער „אמנות" („קונסט"), וואָס איז געשטאַנען אונטער דער דירעקציע פון י. מ. דניאל. שפּעטער איז ער אויפגענומען געוואָרען אינ'ם טעאַטער „קומקום", וואָס איז געווען אונטער דער קינסטלערישער לייטונג פונ'ם באַקאַנטען העברעאישען שריפטשטעלער אביגדור המאירי. אין 1927 איז רפאל קלאַטשקין געפאָרען קיין אייראָפּע און שטודירט די טעאַטער־קונסט אין בערלין און פּאַריז. ער פלעגט געבען קינסטלערישע אָווענטען, פון וועלכע ער האָט צוביסלעך פאַר־דינט אויפ'ן לעבען, און די איבעריגע צייט האָט ער געלערענט און פאַרברייטערט זיין טעאַטער־וויסען. נאָכדעם ווי ער איז צוריקגעקומען קיין ארץ־ישראל (אין יאָר 1928), איז ער אויפגענומען געוואָרען אַלס מיטגליד אינ'ם באַ־

ריהמטען העברעאישען טעאַטער „הבימה", מיט וועלכען ער איז פאַרבונדען ביז'ן היינטיגען טאָג.

רפאל קלאַטשקין איז מיטגעפאָרען מיט דער „הבימה", ווען דער דאָזיגער וועלט־באַריהמטער העברעאישער טעאַטער האָט געשפּילט אין פאַרשיידענע אייראָפּעאישע לענדער. אין 1929 האָט קלאַטשקין באַזוכט וואָלקאָוויסק, וואו ס'איז פאַר אים איינגעאָרדענט געוואָרען אַן אָוונט, וואָס זיין הכנסה איז געווען באַשטימט פאַר וואָלקאָוויסקער אינסטיטוציעס. אין 1937, ווען די „הבימה" האָט גאַסטראָלירט אין אויסלאַנד, איז קלאַטשקין ווידער געקומען קיין וואָלקאָוויסק און דאָרט געגעבען אַן אָוונט לטובת די וואָלקאָוויסקער אַנשטאַלטען. אין 1938 האָט זיך די „הבימה" אומגעקערט קיין ארץ־ישראל, און האָט דאָרט אָהן אויפהער פאָרגעזעצט איר קינסטלערישע טעטיגקייט ביז 1948, ווען זי איז איינגעלאַדען געוואָרען אויף אַ פּאָר חדשים קיין אמעריקע — אויך דאַן איז קלאַטשקין מיטגעפאָרען מיט'ן „הבימה" אנסאמבעל קיין אמעריקע, און זיך אויסגעצייכענט אין די ראָלען אין וועלכע ער איז אויפגעטראָטען.

קלאַטשקין האָט זיך אין משך פון די יאָרען וואָס ער שפּילט אין דער „הבימה" דערוואָרבען אַ נאָמען אַלס אַ גוטער שוישפּילער. ער איז באַזונדערס געלונגען אין קאָמישע ראָלען, ווייל ער פאַרמאָגט אַ נאַטירליכע באַגאַבונג אויפצוכאַפּען דאָס ספּעציפיש־קאָמישע אין לעבען און אין מענשליכען כאַראַקטער. קלאַטשקין האָט אויך פאַרפאַסט א היפּשע צאָל הומאָרעסקעס און לידלעך, וועלכע האָבען געהאַט גרויס דערפאָלג אויף די ביהנעס פון די ארץ־ישראל'דיגע רעוויו־טעאַטערס און קאַבאַרעטען. ער איז אויך אַ טאלאנטפולער דעקלאַמאטאָר און זעהר באַליבט ביי די ברייטע מאסען פון דער ארץ־ישראל'דיגער יוגענד. ער איז, אויסער דעם, אויך אַ זעהר ליבער און הארציגער מענש — דעמאָקראַטיש, צוגעלאָזען און פריינדליך צו יעדען איינעם. ס'איז דאַריבער ניט קיין וואונדער, וואָס רפאל קלאַטשקין איז זעהר באַליבט ביים ארץ־ישראל'דיגען עולם און הויפּטזעכליך ביים יונגוואַרג, ווייל קלאַטשקין אַליין איז שטענדיג יונג, און ער ברויזט מיט קינסטלערישען טעמפּעראמענט און עכטער לעבענס־פרייד.

רפאל'ס ברודער, נתן קלאַטשקין, וואוינט אין חיפה, וואו ער איז פאַרבונדען מיט'ן דאָרטיגען „מפעל המים" (די וואַסער אָפּטיילונג ביי דער חיפה'ער מוניציפּאַליטעט). זיין מוטער, חיה, וואוינט איצט מיט איר טאָכטער אין אויסטראַליע.

**שמואל איינהאָרן** (געווען אויך באַקאַנט אין וואָלקאָוויסק אַלס מולקע) איז אַ זוהן פון יאַנקעל און רבקה איינהאָרן. יאַנקעל, מיינער אַן ערשטער קוזין, האָט געהאַט א קליינע באקאליי־קראָם, וועלכע האָט זיך שטאַרק אַנט־וויקעלט אַ דאנק זיין פרוי רבקה, וואָס איז געווען זעהר טיכטיג און האָט דורך איר ענערגיע און אונטערנעמונגס־גייסט, פאַרוואנדעלט דאָס קליינע קלייטעל אין אַן אָפּטאָווען סקלאַד. מולקע האָט זיך שוין אַלס קליינער אינגעל אויסגעצייכענט מיט זיינע האַנדעלס־פעהיגקייטען — און ער האָט שוין דאַן באוויזען די קונסט צו קריגען סחורה פאַר זיינע עלטערען אין דער שווערער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע, בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס'איז געווען אַ גרויסער מאַנגעל אין אלערליי סחורות. ער האָט, ווייזט אויס, גע'ירש'ענט די דאָזיגע פעהיגקייטען פון זיין מוטער, וועלכע האָט, ווי געזאָגט, ארויסגעוויזען פיל בריה'שאַפט אין געשעפט.

ווען מולקע איז אונטערגעוואַקסען האָט ער, ווי פיל אַנדערע וואָלקאָ־וויסקער בחורים, זיך באַטייליגט אין דער שטאָטישער פייערלעשער־געזעל־שאַפט און ער פלעגט העלפען אַראַנזשיר'ען אירע אונטערנעמונגען און טאַנץ־אָוונטען. אַן אָוונט אין וועלכען ס'האָט אָנטייל־גענומען מולקע איז, געוועהנליך, געווען אַ דערפאָלג, ווייל מולקע איז געווען זעהר ענערגיש און געוואוסט ווי אַזוי צו אַראַנזשירען אַן אונטערנעמונג אַז זי זאָל צוציהען אַן עולם און אריינברענגען אַ גוטע הכנסה. און אויסער דעם איז מולקע — זייענדיג אַ לעבעדיגער און לוסטיגער בחור און אַ גוטער טענצער — געווען זעהר באַליבט ביי דער יוגענד. ער איז אויך געווען טעטיג אין דער ציו־ניסטסישער באַוועגונג.

מולקע האָט געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי, און נאָך זיין באַפרייאונג אַלס אונטער־אָפיצער האָט ער געגרינדעט אין וואָלקאָוויסק דעם „ברית החיל" (אַ פאַראיין פון אויסגעדינטע אידישע סאָלדאַטען).

נאָכדעם ווי שמואל איינהאָרן איז געקומען קיין ארץ־ישראל האָט ער דאָרט געהייראַט מיינע אַ קוזינע — אַ זעהר אינטעליגענטע און געבילדעטע פריילין — העלען קאַגאַן.

די ערשטע פאַר יאָר אין לאַנד האָט שמואל שווער געהאָרעוועט אויף חיונה, אָבער נאָכדעם האָט ער זיך — אַ דאַנק זיין אויסערגעוועהנליכער ענערגיע און איינגעבוירענעם געשעפטס־חוש — אַרויפגעאַרבייט, און איז גע־וואָרען דירעקטאָר פון דער באַוואוסטער האַנדעל'ס־פירמע אָקסהאָרן אין חיפה. היינט־צו־טאָג פאַרנעמט ער אין תל־אביב אַן אָנגעזעהענעם אָרט אַלס גרויסער סוחר, באַזיצער פון אַ גרויסער אימפּאָרט און עקספּאָרט פירמע. ער באַ־טייליגט זיך אין דער וויכטיגער אַרבייט, וואָס ווערט דורכגעפיהרט דורך

די אידישע נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, כדי צו רעגולירען די שפּייז־סיטו־אַציע פון׳ם ישוב.

שמואל׳ס שוועסטער, שיינדעל (סאָניא), וואוינט אין פּתח־תקוה מיט איר מאַן, יונה וואָלאַנסקי — אַ בוכהאַלטער — און אירע צוויי קינדער.

## די פאַמיליע בערעשקאָווסקי

דער ראש המשפחה, ר׳ יודעל בערעשקאָווסקי, דער זוהן פון ר׳ שלמה דעם ראש־הישיבה, האָט געהאַט אַן אייזען־קראָם ביים אריינגאַנג אין דעם בראָם (אין ראַד קראָמען, לעבען דער ברייטער גאַס). ער פלעגט דאַווענען אינ׳ם הילצערנעם בית־המדרש, און זיין „שטאָט״ איז געווען לעבען מיין פאָטער׳ס „שטאָט״. שפּעטער האָט ער מצליח געווען אין זיינע געשעפטען און אָפּגעקויפט באַראַש׳עס גרויסע אייזען־קראָם. ער איז געווען אַ ציו־ניסט און חשוב׳ער בעל־הבית. זיין פרוי, איידלע, איז געווען די טאָכטער פון׳ם גרויסען תלמיד־חכם און סוחר ר׳ דוד פיינזילבער. די קינדער פון ר׳ יודעל בערעשקאָווסקי זיינען פון קינדוויז־אָן אויפגעוואָקסען אין אַן עכט־נאַציאָנאַלער אַטמאָספערע און זיי האָבען זיך איינגעזאַפּט דעם פיינעם הומאַניטארען און ציוניסטישען גייסט וואָס האָט געהערשט ביי זיי אין הויז.

ר׳ יודעל בערעשקאָווסקי איז אָפּגעפאָרען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1929 און ער איז געשטאָרבען, אין עלטער פון 73 יאָר, אין ירושלים, אין יאָר 1944. פייגעל, אַ טאָכטער פון ר׳ יודעל בערעשקאָווסקי, וואוינט אין תל־אביב און איר מאַן איז באַשעפטיגט אַלס מוזיקער אינ׳ם ארץ־ישראל׳־דיגען סימפאָנישען אָרקעסטער. ר׳ יודעל׳ס זוהן, שלמה בערעשקאָווסקי, וואוינט אין תל־אביב, וואו ער האָט אַ ביוראָ פאַר איבערזעצונגען. ער איז דער סעקרעטאַר פונ׳ם פאַראיין פון די וואָלקאָוויסקער אין ארץ־ישראל. ער איז אַן אויסערגעוועהנליכער געזעלשאַפטליכער טוער און איבערהויפּט אַ זעל־טענער מענש און אַן איבערגעגעבענער פריינד פון אלע וואָלקאָוויסקער אין ארץ־ישראל. ווען איך האָב, אין 1945, באַזוכט ארץ־ישראל, פלעג איך אָפט אריינגעהן אין שלמה בערעשקאָווסקי׳ס איבערזעצונגס־ביוראָ (אויף דער אַלענבי גאַס, נומער 138), וואָס האָט זיך פאַרוואַנדעלט אין אַ צענטער פאַר וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט — אַ מין וואָלקאָוויסקער קאָנסולאַט אין סאַמע האַרץ פון תל־אביב. ווי פאַרנומען שלמה׳קע זאָל ניט זיין, איז אַז ס׳קומט אריין אַ וואָלקאָוויסקער לאָזט ער איבער אַלע זיינע פּערזענליכע געשעפטען און גיט זיך אָפּ מיט זיין לאַנדסמאַן און איז זיך משתדל פאַר אים.

יצחק בערעשקאָווסקי, דער ברודער פון שלמה בערעשקאָווסקי, איז געווען באַקאַנט אין וואָלקאָוויסק מיט זיין פיל־זייטיגער געזעלשאַפטליכער



וואָלקאָוויסקער קבוצה אין ג׳ידה אין יאָר 1926

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: מאַניע מאַרקוס (פרוי פון שלמה מאַרקוס), יצחק בערעשקאָווסקי, זיין פרוי, רחל, און זייערע דריי קינדער; צווייטע רייהע, שטייען: שלמה מאַרקוס, שלמה בערעשקאָווסקי, פישעל מירסקי, אַרטשיק מאַרקוס און ז. ווילק.

טעטיגקייט. ער האָט פיל געטאָן פאַר׳ן „לינת־חולים״ און זיך באַטייליגט אין אַלע וויכטיגע שטאָטישע אַנשטאַלטען — „סוחרים־פאַראיין״, פאָלקס־באַנק״, „פייערלעשער־פאַרבאַנד״ — און אויך אין די שאַצונגס־קאָמיסיעס פון דער רעגירונג. אַ באַזונדערס־אַקטיוון אַנטייל האָט יצחק בערעשקאָווסקי גענומען אין דער וואָלקאָוויסקער גמילות־חסדים־קאַסע, וועלכע האָט גע־ראַטעוועט פיל וואָלקאָוויסקער יוגענטליכע, וואָס זייערע עלטערען האָבען אַ דאַנק די הלוואות־אָהן־פּראָצענט אויף לאַנגע טערמינען, וואָס די קאַסע האָט זיי געגעבען — געקראָגען די מעגליכקייט זיי צו שיקען קיין ארץ־ישראל. אמעריקע און ארגענטינע.

יצחק בערעשקאָווסקיס מאַטעריעלע לאַגע אין וואָלקאָוויסק איז געווען אַ גאַנץ גוטע, און ער איז אויך געווען אין גוטע באַציהונגען מיט פיל אָנ־געזעהענע קריסטען אין שטאָט, אָבער ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגען דעם אַנטיסעמיטיזם פון די פּוילישע רעגירונגס־באַאַמטע און זייער נידערט־רעכטיגקייט און פאַלשקייט צו אידען — און ער האָט דעריבער באַשלאָסען זיך צו באַזעצען אין ארץ־ישראל.

הונדערטער מענשען זיינען זיך געקומען געזעגענען מיט׳ן באַליבטען עסקן פאַר זיין אָפּפאָרען קיין ארץ־ישראל און אים מיטגעגעבען זייערע

האַרציגע וואונשען און ברכות אויף זיין וועג אינ׳ם נייעם לאַנד.

ער איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל אין פעברואַר 1926. די ערשטע צייט האָט ער אין ארץ־ישראל קיין האָניג ניט געלעקט, אָבער ער האָט פונדעסטוועגען זיך באַלד אָנגעהויבען באַמיהען אריבערצובערענגען זיין גאַנצע פאַמיליע, און ער האָט אויך געווידמעט פיל כוחות אויף אַריבער־צוברענגען אין לאַנד אַריין — אויף אַלערליי וועגען — צעהנדליגער בחורים און מיידלעך פון וואָלקאָוויסק און איר אומגעגענד. ביי דער דאָזיגער וויכ־טיגער ארבייט האָבען אים פיל ארויסגעהאָלפען זיין פאָטער און יאָסעל ברעסטאָוויצקי (יאָסעל דער בירער), וועלכע האָבען אונטערגעשריבען ערבות׳ען (זשירעס) אין די בענק פאַר פיל יונגעלייט וואָס האָבען עולה געווען קיין ארץ־ישראל. די דאָזיגע בחורים און מיידלעך האָבען געהייראַט און זיך איינגעאָרדענט אין לאַנד, און זיי נעמען שטענדיג אויף מיט גרויס כבוד, ווי אַן אייגענעם פאָטער, יצחק בערעשקאָווסקי׳ן, ווען ער קומט צו זיי צוגאַסט. צוזאַמען צעהלען זיי אַכט־און־דרייסיג משפחות וועלכע געפינען זיך אין פאַרשיידענע פונקטען פונ׳ם לאַנד.

יצחק בערעשקאָווסקי איז אויך אין ארץ־ישראל טעטיג אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס. ער איז געווען סעקרעטאַר פון דער האַנ־דעלס־קאַמער אין ירושלים, און לעצטענס איז ער אַן אַקטיווער טוער אין דער „הסתדרות החקלאים״ (לאַנדווירטען־אָרגאַניזאַציע).

**דוד הובאר** מיט זיין פאַמיליע האָבען אין וואָלקאָוויסק געוואוינט אין דעם גרויסען הילצערנעם הויז, וואָס איז געווען נאָהענט צו אונזער הויז, ביז דער גרויסער שריפה אין 1908 (נאָך דער שריפה האָבען די הובאַר׳ס זיך אַריבערגעצויגען אויף דער אָסטראָגער גאַס). די קינדער פון אונזער פאַ־מיליע זיינען געווען חברים מיט דוד הובאַר׳ס עלטערע קינדער: ישראל, פאַליע און ליזע. דוד הובאַר איז געווען אַ גרויסער סוחר פון באַקאַליי־אַרטיקלען און קעראָסין. ער איז געווען טעטיג אין דער ציוניסטישער באַ־וועגונג און אין העברעאישען שול־וועזען, און ער האָט אויך גענומען אָנטייל אין פאַרשיידענע שטאָטישע אינסטיטוציעס, ווי די פאָלקס־באַנק, גמילות־חסדים־קאַסע, די בתי־מדרשים א. אַז. וו. דוד הובאַר׳ס אַלטער פרומער פאָטער איז אָפּגעפאָרען קיין ארץ־ישראל נאָך אין די ערשטע יאָרען פונ׳ם איצטיגען יאָרהונדערט. דוד׳ס קינדער זיינען אלע געווען ציוניסטען: די טעכטער זיינען געווען פאַרהייראַט צו העברעאישע פעדאַגאָגען און קולטור־טוער. זיינע אינגערע זיהן, יעקב און שלום, זיינען אין וואָלקאָוויסק געווען טעטיג אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. דוד הובאַר׳ס קינדער — סיי די זיהן (אויסער ישראל׳ען) און סיי די טעכטער מיט זייערע מענער — האָבען

זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל. דוד הובאַר מיט זיין פרוי, פעלטע, זיינען אויך שפּעטער געקומען קיין ארץ־ישראל און האָבען געקויפט אַ גרויסען פּרדס אין נס־ציונה, וואו זיי זיינען ניט לאַנג צוריק געשטאָרבען.

דוד הובאַר׳ס טאָכטער, פאַליע, איז דאָקטאָר באַקטעריאָלאָג און וואוינט אין תל־אביב. דוד הובאר׳ס זוהן, שלום, איז אַ מיטגליד פון דעם ארץ־ישראל׳־דיגען אויטאָבוסען־קאָאָפּעראַטיוו „חן״. שלום׳ס ברודער, יעקב הובאַר, האָט געדינט אין דער אידישער בריגאַדע און ער איז איצט אַ מיטגליד אין דעם טעקסי־קאָאָפּעראַטיוו „יעל״, און געפינט זיך אין „יד אליהו״ — אַ פּונקט וואו ס׳וואוינען די באַפרייטע אידישע סאָלדאַטען פונ׳ם לעצטען וועלט־קריג.

**יודעל נאָוואָגרודסקי** איז געווען איינער פון די סאַמע וויכטיגסטע ציוניסטישע עסקנים און קולטור־טוער אין וואָלקאָוויסק. אין צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער, צוזאַמען מיט משה רובינאָוויטש׳ען, געגרינדעט דעם העברעאישען שול־וועזען אין וואָלקאָוויסק: פריהער אַ „גן־ילדים״ (קינדער־גאָרטען), נאָכדעם אַ „בית־ספר עממי״ (פאָלקס־שול) און שפּעטער די „הרצליה״־גימנאַזיע. ער איז אויך געווען זעהר טעטיג אינ׳ם נאַציאָנאַל־פאָנד, קרן־היסוד, החלוץ, און נאָך.

נאָכדעם ווי ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל האָט ער אין אַ קורצער צייט ארום אַריבערגעבראַכט אין לאַנד אריין זיין פאָטער, ר׳ יצחק נאָוואָגרודסקי (איטשע שמואל יונה׳ס) — וועלכער איז אין עטליכע יאָר אַרום געשטאָרבען. יודעל (יהודה) נאָוואָגרודסקי איז אַ מיטגליד פון דער אַדמיניסטראַציע פון דער טעגליכער תל־אביב׳ער צייטונג „הבוקר״.

## די פאַמיליע מאַרקוס

שלמה מאַרקוס, דער זוהן פון ר׳ אברהם אליהו מאַרקוס, איז געווען דער ערשטער מיטגליד פון דער חשוב׳ער וואָלקאָוויסקער מאַרקוס־פאַמיליע וואָס האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל. אין וואָלקאָוויסק האָט זיך שלמה מאַרקוס אָנגעזאַפּט מיט אלע שעהנסטע און פיינסטע אידישע טראַדיציעס אין הויז פון זיין פאָטער, דעם גרויסען למדן און כלל־טוער — און ער איז דאַריבער געווען פון די ערשטע וואָלקאָוויסקער חלוצים, וואָס האָבען עולה געווען קיין ארץ־ישראל. קומענדיג אין לאַנד האָט ער געאַרבייט ביי די שאָסייען און ביי שמירה. נאָכדעם ווי ער איז קראַנק געוואָרען אויף מאַלאַריע האָט ער געמוזט צוריקקומען אויף אייניגע יאָר קיין וואָלקאָוויסק, כדי צו פאַרבעסערען זיין געזונט־צושטאַנד — אָבער ער איז שפּעטער צוריקגעפאָרען קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט זיין ברודער אהרן (אַרטשיק). אומקערענדיג זיך אין לאַנד האָט שלמה ווייטער פאָרגעזעצט זיין חלוצ׳ישע ארבייט און אין משך פון אַ באַשטימטער צייט געטרוקענט די מאַלאַריע־זומפּען אין עמק־יזרעאל.

היינט־צו־טאָג איז שלמה מאַרקוס דער אָנפיהרער פון אַ טראַנספּאָרט־אויטאָ־בוסען־קאָאָפּעראַטיוו אין „בני־ברק".

ארטשיק מאַרקוס, שלמה'ס ברודער, איז אין וואָלקאָוויסק געווען זעהר טעטיג אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, אין „לינת־חולים" און הויפּט־זעכליך אין שפּיטאָל. נאָכדעם ווי ער איז געקומען אין לאַנד אריין האָט ער געאַרבייט אויף די שאָסייען אין דזשעדאַ און — צוזאַמען מיט זיין ברודער — ביים רייניגען די זומפּען אין עמק יזרעאל. ווער ס'האָט געקענט אַרטשיק'ען פון וואָלקאָוויסק, האָט זיך גאָרניט געקענט אָפּוואונדערען דאַרויף, ווי אַזוי דער אַמאָליגער אויסגעפּוצטער „פּראַנט" מיט די גלאַנציגע שטיוועלעך און רויטע בעקעלעך, איז געשטאַנען כמעט נאַקעט אין די מאַלאַריע־זומפּען און האָט גערייניגט זיי פון מאָסקיטאָס. שפּעטער האָט זיך אַרטשיק גענומען צו פּיה־צוכט און אויך דערביי געוויזען אַ ביישפּיל פון אינטענסיווער ארבייט — און היינט־צו־טאָג פאַרמאָגט ער אַ שעהנע גרויסע ווירטשאַפט אין „כפר־גנים" לעבען פּתח־תקוה. אויך אין ארץ־ישראל איז אַרטשיק אַ גרויסער כלל־טוער און נדבן. אין זיין גאַנצער פיל־זייטיגער טעטיגקייט ווערט אַרטשיק מאַרקוס פיל ארויסגעהאָלפען פון זיין טרייער פרוי רבקה, וואָס זייענדיג אליין אַ פלייסיגע און אַרבייטסזאַמע פרוי, וועלכע איז פאַרנומען אין איר ווירטשאַפט און אין שטאַל טאָג־און־נאַכט, פאַרגעסט זי אָבער אויך ניט די קהל'שע נויטען און זי דערמוטיגט איר מאַן אין זיין געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט.

ביידע ברידער, שלמה און אַרטשיק, פיהרען אין ארץ־ישראל אַ פיין קולטורעל לעבען, נעמען שטענדיג אויף די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט מיט גרויס פרייד און כבוד — און ביי יעדער געלעגענהייט זינגען זיי איינעם פון זייער פאָטער'ס האַרציגע ניגונים.

מיט דער צייט זיינען אויך די טעכטער פון אברהם אליהו מאַרקוס גע־קומען קיין ארץ־ישראל, און שפּעטער זיינען אויך אָפּגעפאָרען קיין ארץ־ישראל ר' אברהם אליהו מיט זיין פרוי חנה. ר' אברהם אליהו'ס טעכטער זיינען אלע פאַרהייראַט. איינע פון זיי, רבקה, איז פאַרהייראַט צו הי באַכאַר, אַן אָנגעשטעלטער אין דער פּתח־תקוה'ער שטאָט־פאַרוואַלטונג. די צווייטע טאָכטער, גאָלדע, איז פאַרהייראַט צו ה' גראָף — און זיי האָבען אַ בעקעריי אין פּתח־תקוה. אַ דריטע טאָכטער, פייקע, איז פאַרהייראַט צו אליעזר קאַליר.

דער ראש המשפחה, ר' אברהם אליהו מאַרקוס, איז אין וואָלקאָוויסק געווען אַ סוחר און פאַבריקאַנט. ער האָט געפיהרט אַ גאַרבאַרניע און לעדער־האַנדעל. די גאַרבאַרניע איז געשטאַנען אונטער'ן טייך. ר' אברהם אליהו האָט געוואוינט אין זיין אייגענער הויז אויף דער ברייטער גאַס. ר'

אברהם אליהו, וואָס איז געווען אַ גרויסער ירא־שמים, איז אויך געווען אַ גרויסער למדן און גרויסאַרטיגער בעל־תפילה. אויסער דעם האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין קינסטלעריש׳ען תורה־לייענען. זיין קריאת־התורה פלעגט מאַכן אויף יעדן איינעם אַ שטאַרקן איינדרוק. איבער־הויפּט האָט גע׳שמ׳ט זיין לייענען מגילת „איכה" און די מגילת „אסתר". די ברכות אויף דער מגילה האָט ער געמאַכט מיט אזא פּאַראַד, אז זיי האָבן געקלונגען ווי אַ פייערליכער הימן. ער איז אויך געווען אַן ערשט־קלאַסיגער בעל־דרשן.

אין ארץ־ישראל האָט ער געקליבן נחת פון זיינע קינדער. ביי דער בר־מצוה פון זיין ערשטען אייניקעל אין ארץ־ישראל (אַרטשיק׳ס זוהן) האָט ער געהאַלטען אַ פיינע דרשה. זיין „שהחיינו", וואָס ער האָט דעמאָלסט געמאַכט, האָט ממש געדונערט און מיטגעשלעפּט דעם עולם נאָכצוזאָגען די ברכה וואָרט ביי וואָרט. ער האָט זיך אָבער גענומען צום האַרצען דעם טרויעריגען שיקזאַל פון זיין זוהן שאול, וועלכער איז פאַרבליבען אין וואָל־קאָוויסק און דאָרט אומגעקומען, און דאָס האָט אים פאַרקירצט זיינע יאָרען און ער איז געשטאָרבען. די פרוי פון ר׳ אברהם אליהו, חנה, האָט אַ באַקאַליי־געשעפט אין פתח־תקוה.

ליידער האָט לעצטענס געטראָפען אַ גרויסער אומגליק אין דער פאַמיליע מאַרקוס. צוויי אייניקלעך פון ר׳ אברהם אליהו — אַרטשיקס זוהן און אליעזר קאַלירס זוהן — זיינען געפאַלען אין דער באַפרייאונג׳ס מלחמה פון ישראל.

## די פאַמיליע עפּשטיין

אברהם עפּשטיין („דער שווענטשיצער") האָט אין וואָלקאָוויסק געוואוינט אויף דער ברייטער גאַס און געהאַנדעלט מיט גיטער. ער איז געווען אַ פאַרמעגליכער מענש, געהאַט אן אייגענעם מויער מיט אַ גרויסען הויף, און געפיהרט אַ פיין בעל־הבית׳יש־ציוניסטיש הויז. ער האָט געהאט אייניגע קינדער, זיהן און טעכטער, און אַלע, אפילו די מיידלעך, האָבן געקענט העברעאיש — וואָס דאָס איז דאַן געווען אַ זעלטענע דערשיינונג.

איינער פון זיינע זיהן, דוד, איז קורץ פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געקומען קיין ארץ־ישראל לערנען אין דער „הרצליה"־גימנאַזיע. נאָכ׳ן פאַרענדיגען די גימנאַזיע האָט ער שטודירט אין פאַריז און געענדיגט אויף אינזשעניר — און זיך באַזעצט אין חיפה, וואו ער פאַרנעמט זיך מיט זיין פאַך.

דוד׳ס שוועסטער, יהודית, איז אויך, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געקומען קיין ארץ־ישראל און זיך באַזעצט אין חיפה, וואו זי האָט זעהר מצליח געווען אַלס דענטיסטין, און האָט זיך אויך געשאַפען אַ נאָמען אַלס

כלל־טוערין. זי האָט שפּעטער געהייראַט מיט'ן באַקאַנטען פּעדאַגאָג און עסקן, מרדכי הלוי. יהודית האָט אַריבערגעבראַכט קיין חיפה איר פאָטער, וועלכער איז דאָרט שפּעטער געשטאָרבען.

דוד עפּשטיינ'ס צווייטע שוועסטער, ציפּע קאַצין, האָט נאָכדעם ווי איר מאַן (קאַצין פון דער ביער־ברויעריי) איז געשטאָרבען, געעפענט אין וואָל־קאָוויסק (אין איר פאָטער'ס הויז) אַ רעסטאָראַן, אין וועלכען ס'פלעגען קומען עסען די פאָרנעמסטע מענשען פון דער אַרומיגער אומגעגענד — ווייל ציפּע קאַצין איז אַ זעהר סימפּאַטישע פרוי און האָט מיט איר ליבליכקייט און פריינדליכער באַציהונג צוגעצויגען פיל מענשען. איינע יאָר פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זי ליקווידירט דאָס געשעפט און איז געקומען קיין ארץ־ישראל מיט אירע קינדער. איין זוהן אירער האָט געענדיגט אַלס ציין־דאָקטאָר, און ער האָט איבערגענומען פון זיין מומע יהודית, וועלכע איז אָפּגעפאָרען קיין אַמעריקע צוזאַמען מיט איר מאַן, מרדכי הלוי — איר קאַבינעט און פּראַקטיק. די אנדערע זיהן פון ציפּע'ן זיינען באַשעפטיגט אין דעם טראַנספּאָרט־צווייג פונ'ם לאַנד.

**יעקב איינשטיין.** — זיין פאָטער האָט אין וואָלקאָוויסק געהאַט אַ גאַלאַנטעריי־געשעפט אויף דער ברייטער גאַס און זיין מוטער איז געווען פון דער זילבערמאַן־פאַמיליע אויף דער מילנער גאַס. ער האָט געענדיגט די וואָלקאָוויסקער גימנאַזיע. ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל אַלס אַ חלוץ, און איז שפּעטער אַריינגעטראָטען אינ'ם אַרבייטער־טעאַטער „אוהל", וואו ער האָט זיך אויסגעצייכענט אין דער ראָל פון „יאָשע קאַלב". היינט צו־טאָג איז יעקב איינשטיין באַקאַנט אַלס איינער פון די בעסטע שוישפּילער און דעקלאַמאַטאָרען אין ארץ־ישראל. ער איז אויך טעטיג אין ארץ־ישראל'־דיגען פאַראיין פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט.

מאַניע, יעקב איינשטיינ'ס שוועסטער, געפינט זיך אויך אין ארץ־ישראל און איז פאַרהייראַט צו ה' שחראי — אַ לעהרער אין „כפר־אזר".

**בן־ציון ליפשיץ** — אַן איידעם פונ'ם טאָקער אַדעלבערג, וועלכער האָט געוואוינט אויף דער ברייטער גאַס — איז געווען באַקאַנט אין וואָל־קאָוויסק אלס אַ זעהר גוטער בעל־תפילה. ער איז געווען זעהר טעטיג אין דער וואָלקאָוויסקער ציוניסטישער באַוועגונג און ער האָט געווידמעט פיל צייט און ענערגיע פאַר'ן קרן־קימת־לישראל. ווען ער האָט באַקאַנט גע־מאַכט וועגען זיין באַשלוס אוועקצופאָרען קיין ארץ־ישראל האָבען די וואָל־קאָוויסקער ציוניסטען אַראַנזשירט פאַר אים אַ האַרציגען אָפּשיידס־אָוונט. אין ארץ־ישראל איז ער באַשעפטיגט אַלס אָנגעשטעלטער אינ'ם תל־אביב'ער ועד־הקהילה און ער ווערט פאַררעכענט אַלס איינער פון די חשוב'סטע און

אָנגעזעהענסטע רעליגיעזע אידען אין תל־אביב. ר' בן־ציונ'ס אַ זוהן, יחזקאל ליפשיץ — אַן אינזשעניר — איז אַ דירעקטאָר פון אַ פאַך־שול אין תל־אביב. צוויי אַנדערע זיהן פון בן־ציונ'ען, משה און ישראל — וועלכע וואוינען אויך אין ארץ־ישראל — זיינען אייגענטימער פון אַ שלאָסעריי. אין ארץ־ישראל געפינט זיך אויך בן־ציונ'ס טאָכטער, שיינע ביילע ליפשיץ. אַ צווייטע טאָכטער פון בן־ציון ליפשיץ, דבורה, געפינט זיך אין חיפה, וואו זי איז פאַרהייראַט צו ה' מאַנדעלבוים.

שיינע ליפשיץ, אַ פלימעניצע פון בן־ציונ'ען — וועלכע איז די איינ־ציגע וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון איר גאַנצער פאַמיליע אין וואָלקאָוויסק — איז געווען איינע פון די ערשטע פליטים וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל נאָך דעם לעצטען וועלט־קריג, און זי האָט געהייראַט איר'ען אַ קוזין — אַ זוהן פון בן־ציון ליפשיץ.

**אברהם נאָוויק** איז אַ זוהן פונ'ם וואָלקאָוויסקער האָלץ־סוחר ישראל נאָוויק (וואָס האָט געוואוינט לעבען יצחק נאָוואָגרודסקי'ן) און אַ ברודער פון דער באַוואוסטער ניו־יאָרקער לעהרערין חנה נאָוויק. אברהם נאָוויק איז געווען איינער פון די פיהרער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין וואָל־קאָוויסק. ער האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל, וואו ער איז געוואָרען אַן אָנגעשטעלטער פון דער אַרבייטער־קראַנקען־קאַסע („קופת־חולים") אין עפולה. לעצטענס וואוינט ער אין חדרה. ער האָט מיר פיל אַרויסגעהאָלפען מיט זיין צושטעלען פאַרשיידענע מאַטעריאַלען און פאָטאָגראַפיעס פאַר דעם בוך.

**אהרן פעדערמאַן** איז געווען 9 חדשים אַלט ווען זיין פאָטער, ר' אברהם, האָט זיך אין יאָר 1877 באַזעצט אין ירושלים. זיין מוטער איז געווען אַ פלימעניצע פון באַרימטען קאָוונער גאון ר' יצחק אלחנן ספעקטאָר. זיין פרוי חנה רייזעל מיט איר פאַמיליע זיינען געווען צווישען די ערשטע עולים פון אַמסטיבאָווע (לעבען וואָלקאָוויסק), וואָס האָבען זיך, מיט פיל יאָרען צוריק, באַזעצט אין ירושלים. ווען איך בין אין זומער פון 1910 געפאָרען קיין ארץ־ישראל, כדי דאָרט צו לערנען אין דער „הרצליה"־גימ־נאַזיע, איז מיט מיר מיטגעפאָרען חנה רייזעל פעדערמאַן — וואָס האָט זיך גראָד דעמאָלסט אומגעקערט קיין ארץ־ישראל פון וואָלקאָוויסק, וואוהין זי איז געקומען אויף אַ באַזוך צו אירע קרובים, — און מיך באַגלייט דעם גאַנצען וועג פון וואָלקאָוויסק ביז יפו, כּוונאַנען זי איז אָפּגעפאָרען צו זיך אַהיים קיין ירושלים. ווען מיר, די וואָלקאָוויסקער גימנאַזיסטען, פלעגען קומען אויף אַ באַזוך פון תל־אביב קיין ירושלים, פלעגען מיר באַזוכען דאָס הויז פון די פעדערמאַנ'ס — וועלכע זיינען זעהר האַרציגע און גוטע מענשען

— און מיר פלעגען דאָרט זעהר פריינדליך אויפגענומען ווערען. די פעדער־מאַנ׳ס וואוינען איצט אין תל־אביב, וואו זיי פאַרמאָגען אַ הויז אויף דער דיזענגאָף־גאַס, און זיי זיינען טעטיג אין דעם תל־אביב׳ער פאַראיין פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט. די פעדערמאַנ׳ס האָבען אַ טאָכטער, וואָס איז פאַרהייראַט צו ה׳ חצרוני, אַ דירעקטאָר פון דער באַוואוסטער מעדיצין־עקס־פּאָרט־פירמע „סאָלאָמאָן־לוי־עלשטיין״.

**מוליע שיין** איז געווען אַן אַקטיוועד טוער אין דער וואָלקאָוויסקער ציוניסטישער באַוועגונג און הויפּטזעכליך אינ׳ם דאָרטיגען „מכבי״. אויך נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל — וואו ער אַרבייט אלס אַ דירעקטאָר אין אַ האַנדעלס־פירמע — האָט ער אָנגעהאַלטען ענגע פאַרבינדונגען מיט זיינע פריהערדיגע וואָלקאָוויסקער פריינד, און אַ דאַנק זיינע באַמיהונגען און איינפלוס זיינען פיל וואָלקאָוויסקער געקומען קיין ארץ־ישראל. ער איז זעהר אַקטיוו אינ׳ם ארץ־ישראל׳דיגען פאַראיין פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט. ווען ס׳האָבען נאָך דער לעצטער מלחמה אָנגעהויבען צו קומען קיין ארץ־ישראל די ערשטע וואָלקאָוויסקער פליטים, וועלכע זיינען געראַטעוועט געוואָרען פון די נאַצישע־שחיטות — פלעגט מוליע שיין פאָרען קיין עתלית זיי אַרונטערצונעמען און זיי אריבערברענגען אין זייערע באַשטימטע וואוין־פלעצער.

**אברהם שיין** — אַ זוהן פון שיין דעם האָטעל־אייגענטימער פון דער גראָדנער גאַס — איז אין יאָר 1938, ווען עס איז פאָרגעקומען דער באַרימטער פּראָצעס פון בן־יוסף, אויך פאַר׳משפּט געוואָרען דורך דער ענגלישער מאַנ־דאַטען־מאַכט צום טויט. זיין ברודער, נחום, וועלכער האָט געוואוינט אין וואָלקאָוויסק, האָט אָבער אים צוגעשיקט אַ געפעלשטע מעטריקע וואָס האָט באַשטעטיגט אַז אברהם איז מינדעריעריג. דאָס האָט געווירקט, אַז דער טויט־אורטייל איז פאַרביטען געוואָרען אויף 15 יאָר תפיסה. אברהם איז מיט אייניגע יאָר צוריק באַפרייט געוואָרען, און לעצטענס אַרבייט ער אַלס אָנגעשטעלטער אין דער תל־אביב׳ער מוניציפּאַליטעט.

אין פאַרבינדונג מיט דער געפעלשטער מעטריקע איז אין וואָלקאָ־וויסקער קרייז־געריכט פאָרגעקומען אַ סענסאַציאָנעלער פּראָצעס געגען נחום שיין, וועלכער איז באַשולדיגט געוואָרען אין באַגעהן די פעלשונג. דער „וואָל־קאָוויסקער לעבען״, פון דריטען אפּריל 1939, האָט געשריבען וועגען דעם פּראָצעס דאָס פאָלגענדע:

„אויפ׳ן סענסאַציאָנעלען פּראָצעס געגען היגען איינוואוינער ה׳ נחום שיין, וואָס ווערט באַשולדיגט אין פעלשען זיין ברודער׳ס מעטריקע און איבערשיקען עס קיין ארץ־ישראל, איז דער באַשולדיגטער פאַרטיידיגט גע־

וואָרען דורך אַדוואָקאַט פירסטענבערג. דער באַשולדיגטער האָט דערקלערט, אַז ער האָט עס געטאָן ווייל ער האָט געוואָלט ראַטעווען זיין ברודער פון דער תליה ווי אויך זיין אַלטע מוטער, וועלכע איז געווען געפערליך קראַנק און וואָלט זיכער ניט איבערגעלעבט איר זוהנ׳ס טויט.

„דער ריכטער, ה׳ טאָלאָטשקאָ, האָט עס גענומען אין אַכט און פאַר־אורטיילט נחום שיינ׳ען צו זעקס חדשים תפיסה מיט אָפּלייגען די אויספירונג פון דער שטראָף.

„אין די מאָטיווען האָט דער ריכטער אָנגעוויזען, אַז שיין קאָן ניט באַטראַכט ווערען אַלס אַ פאַרברעכער, און אַז יעדער אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט געטאָן דאָס זעלבע.״

אברהם שיינ׳ס שוועסטער, זלאַטקע, איז פאַרהייראַט צו שלום הובאר. זיי פאַרמאָגען אַן אייגען הויז אין תל־אביב און זיינען טעטיגע מיטגלידער פונ׳ם „אירגון עולי וולקוביסק״.

**די פאַמיליע פינקעלשטיין** — נאָכ׳ן טויט פון משה יעקב פינקעל־שטיין, האָט זיך זיין פרוי, מיט ביידע טעכטער דאָרע און ליאָלע, באַזעצט אין ארץ־ישראל. זיין פרוי און די טאָכטער דאָרע זיינען שפּעטער געשטאָרבען. היינט־צו־טאָג געפינט זיך אין תל־אביב בלויז די טאָכטער ליאָלע (לאה) וויטענסקי.

**די פאַמיליע ראַכמילעוויטש.** — פון דער פאַמיליע ראַכמילעוויטש געפינען זיך אין ארץ־ישראל די פרוי און קינדער פון נחמן ראַכמילעוויטש, דעם געוועזענעם מיניסטער אין ליטע און שפּעטערדיגען ליטווישען גענעראַל קאָנסול אין ליטע, וועלכער איז מיט עטליכע יאָר צוריק דאָרט געשטאָרבען. נחמנ׳ס שוועסטער, דר. אסתר ראַכמילעוויטש, אַ באַקאַנטע קינדער־דאָק־טאָרין, פּראַקטיצירט אין תל־אביב.

**די פאַמיליע פון הרב קאַסאָווסקי.** אין ארץ־ישראל געפינען זיך צוויי זיהן פון געוועזענעם וואָלקאָוויסקער רב, הרב יצחק קאַסאָווסקי: דער עלטערער זוהן, שלמה קאַסאָווסקי־שחור, איז אַ באַקאַנטער אַדוואָקאַט און אַ אָנגעזעהענער טוער אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזען אין תל־אביב; דער אינגערער זוהן, חיים, אויך אַ אַדוואָקאַט, האָט זיך אַקטיוו באַטייליגט אין ישראל׳ס באַפרייאונגס־קאַמף.

**רבקה באַראָדעצקי,** אַ טאָכטער פון ישראל ראַבינאָוויטש (דעם אַמ־סטיבאָווער רב׳ס זוהן) געפינט זיך מיט איר מאַן, דר. באַראָדעצקי, שוין פיל יאָרען אין תל־אביב. ער האָט אַ לאַנגע צייט געאַרבייט אין „הדסה״ שפּיטאָל און איצט איז ער דער דאָקטאָר פון דער תל־אביב׳ער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

**שושנה און רבקה פרידמאַן** — זיינען פאַרבונדען מיט דער פאַר־וואַלטונג פון דער טעגליכער אַרבייטער־צייטונג „דבר" אין תל־אביב.

**די סאָראָקע פאַמיליע.** חנוך סאָראָקע — וואָס זיין פאָטער האָט גע־האַנדעלט אין וואָלקאָוויסק מיט „שורקעס" (וועגענער האָלץ) — וואוינט איצט אינ'ם מושב „צופית" און איז אַן אָנגעזעהענער טוער אין דער ארץ־ישראל'דיגער אַרבייטער־פּאַרטיי „מפא"י". ער איז אויך געווען, אין נאָמען פון „מפא"י", אַ דעלעגאַט צום ציוניסטישען קאָנגרעס. משה סאָראָקע, אַ ברודער פון חנוכ'ען, איז איינער פון די הויפּט־דירעקטאָרען פון דער ארץ־ישראל'דיגער אַרבייטער־קראַנקען־קאַסע („קופּת חולים").

**חנא קאַבוזשאַצקי,** וועלכער איז אין וואָלקאָוויסק געווען זעהר טעטיג אין דעם דאָרטיגען באַנק־וועזען, איז צוזאַמען מיט זיין פרוי, פרומקע, אַנט־לאָפען פון פוילען אין צייט פון לעצטען וועלט־קריג. היינט געפינען זיי זיך אין פתח־תקוה, וואו חנא איז פאַרבונדען מיט דער אויטאָבוסען־געזעל־שאַפט „דן".

**דוד לינעווסקי** — אַ זוהן פון דעם העברעאישען לעהרער הערשעל לינעווסקי — איז געווען זעהר באַליבט ביי אַלע זיינע תלמידים און איז געווען טעטיג אין דער וואָלקאָוויסקער ציוניסטישער באַוועגונג. דוד און זיין שוועסטער ימימה האָבען זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל. דוד לינעווסקי איז געווען אין משך פון אַ לענגערער צייט פאַרשיקט אין קעניא דורך דער ענגלישער מאַכט פאַר זיין ציוניסטיש־פּאָליטישער טעטיגקייט. ימימה לינעווסקי וואוינט אין תל־אביב און איז אַ אָנגעשטעלטע אין דער „הסתדרות".

**די פאַמיליעס אָגולניק און פעקאַרסקי.** שלמה אָגולניק'ס פאַמיליע פון רוזשנאַי (לעבען סלאָנים) האָט זיך באַזעצט אין וואָלקאָוויסק קורץ פאַר'ן שלוס פון ערשטען וועלט־קריג. די עלטערע טאָכטער עלקע האָט מיט יאָרען שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין מאָנטרעאַל (קאַנאַדע), וואו זי האָט געהייראַט מיט ה' בן־צבי, און איז זעהר טעטיג אין דער וואָלקאָוויסקער לאַנדסמאַנשאַפט. די אינגערע טאָכטער, חנה'לע, איז נאָך אַלס אַ גאַנץ יונגע מיידעל אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס געהילף צו מיין שוועסטער פעשקע'ן, ביי אונז אין אַפּטייק־קראָם. זי האָט זיך זעהר אויסגעטויגט צו דער אַרבייט און האָט אין משך פון אַ פאַרהעלטניסמעסיג קורצער צייט זיך אויסגע־לערענט אַליין צו מאַכען אַלערליי זאַלבען און צוגרייטען פאַרשיידענע רפואות. פיל גויים פון די דערפער פלעגען קומען פרעגען ביי איר עצות ווי אַזוי צו היילען קראַנקהייטען — אַזוי ווי זיי פלעגען אַמאָל פרעגען וועגען די זעלבע ענינים ביי מיין פאָטער — און חנה'לע פלעגט זיי ענטפערען מיט פאַרשטאַנד און שכל־הישר. זי איז אין וואָלקאָוויסק געווען טעטיג אין דער ציוניסטישער

באַוועגונג און איז שפּעטער טאַקע אָפּגעפאָרען קיין ארץ־ישראל, וואו זי האָט געהייראַט מיט אַ וואָלקאָוויסקער חלוץ, משה פּעקאַרסקי. היינט האָבען זיי אַ פּיין־איינגעאָרדענטען „משק" (ווירטשאַפט) מיט אַלע מאָדערנע באַקוועמ־ליכקייטען, אין „חרות". חנה'לע האָט נאָכדעם אַריבערגענומען פון וואָל־קאָוויסק אירע עלטערען — שלמה אָגולניק מיט זיין פרוי — און אויך זיי האָבען זיך איינגעאָרדענט אין „חרות" אין אַ אייגענעם „משק". חנה האָט אָבער קיינמאָל ניט איבערגעריסען דעם קאָנטאַקט מיט אונזער משפחה אין וואָלקאָוסיק ווי אויך מיט מיין שוועסטער ליזע אין תל־אביב, ווען זי פלעגט אָפּט קומען באַזוכען. חנה איז געווען זעהר באַליבט ביי אונזער משפחה. ווען איך האָב אין יאָר 1945 באַזוכט ארץ־ישראל, בין איך, צוזאַמען מיט מאָטעל עפּשטיינ'ען, געקומען באַזוכען חנה'לען אין „חרות". זי האָט אין יענעם יאָר געבוירען אַ טאָכטער און איר אַ נאָמען געגעבען נאָך מיין מוטער, וועמען זי האָט שטאַרק ליב געהאַט און געאַכטעט. הגם די יאָרען און דער קלימאַט האָבען, פאַרשטעהט זיך, אַביסעל געענדערט דאָס אויסער־ליכע אויסזעהן פון חנה'לען, זיינען ביי איר אָבער פונדעסטוועגען געבליבען איר ליבער שמייכעל אויפ'ן פּנים, איר פריינדליכקייט און חן — ווי אַמאָל.

**די משפּחה שפּאַק** — דאָס איז אַ גרויסע פאַרצווייגטע וואָלקאָוויסקער פאַמיליע, וואָס אַ צאָל פון אירע מיטגלידער האָבען עמיגרירט קיין ארגענ־טינע, די פאַראייניגטע שטאַטען און קאַנאַדע. אָבער אין אַלע לענדער, וואו זייער שיקזאַל האָט זיי פאַרוואָרפען, האָבען זיי זיך אינטערעסירט אין זייער היימשטאָט און אַרויסגעהאָלפען די וואָלקאָוויסקער אינסטיטוציעס. אַ טייל פון דער פאַמיליע איז געקומען קיין ארץ־ישראל און האָט זיך צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע פונקטען פונ'ם לאַנד.

פון דער פאַמיליע שפּאַק געפינען זיך אין ארץ־ישראל: אסתר שפּאַק און אירע זיהן, שלמה, יהודה און שבתי. שלמה שפּאַק וואוינט אין גדרה, וואו ער איז איינער פון די אָנפירער פון דער אויטאָבוסען־געזעלשאַפט „דרום־יהודה"; יהודה שפּאַק איז אַ מיטגליד פון דער „מועצה" (ראַט) אין חדרה; שבתי שפּאַק איז אַן אָנגעשטעלטער אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג פון תל־אביב. שעפּסעל און יצחק שפּאַק (די צוויי זיהן פון אברהם שפּאַק דעם רימער) וואוינען אין רמת־גן.

**אליהו שייקעוויטש'עס פאַמיליע** — זיינע דריי זיהן, נחום, אליעזר און יצחק און זיין טאָכטער טייבעל, זיינען שוין אין זייער יוגענד געווען אַקטיוו אין דער וואָלקאָוויסקער ציוניסטישער באַוועגונג. זיי האָבען אויס־געוואַנדערט קיין ארץ־ישראל מיט יאָרען צוריק. דער „וואָלקאָוויסקער לעבען", פון 20־טען סעפּטעמבער 1929, האָט פאַרעפענטליכט אַ נאָטיץ,

לויט וועלכער שייקעוויטש׳עס זוהן ווערט ציטירט אַלס דער „העלד פון ירושלים״ אין די דעמאָלסדיגע אומרוען. ער האָט דאַן אַרויסגעצייגט אַן אויסערגעוויינליכע גבורה און זעלבסט־אָפּפער אין קאַמף מיט די אַראַבער, און אַ דאַנק אים זיינען הונדערטער אידען אָפּגעראַטעוועט געוואָרען פון אַ זיכערען טויט.

אליעזר און יצחק זיינען היינט מיטגלידער פון דעם אויטאָבוסען־קאָאָפּעראַטעוו „אגד״ אין ירושלים. נחום האָט אַ געשעפט פון שרייב־מאַשינען אין ירושלים. אין דעם באָמבע־אויפרייס אויף אליעזר בן־יהודה גאַס איז שייקעוויטש׳עס קראָם טיילוויז פאַרניכטעט געוואָרען.

**טייבעל שייקעוויטש־גראַבאָווסקי** וואוינט מיט איר פאַמיליע אין תל־אביב. איר מאַן איז פאַרבונדען מיט דער תל־אביב׳ער שטאָט־פאַרוואַלטונג.

וועגען אליהו שייקעוויטש׳ען ווערט דערמאָנט אויף אַן אַנדער שטעלע אין בוך.

**
*

ס׳איז נאָך פאַראַן אַ גאַנצע רייהע וואָלקאָווישקער לאַנדסלייט וועלכע וואוינען אין ארץ־ישראל. ליידער איז אונז ניט געלונגען צו קריגען אַ פולע רשימה פון זיי אַלע; אָבער די טוער פון דעם וואָלקאָווישקער פאַראיין אין ארץ־ישראל האָבען געמאַכט אַלע באַמיהונגען צו קריגען פאַר אונז אַזוי־פיל נעמען פון וואָלקאָווישקער תושבים אין ארץ־ישראל וויפיל ס׳איז בלויז מעגליך געוועזן אונטער די איצטיגע אומשטענדען אין לאַנד. פון די נעמען וואָס מיר האָבען באַקומען ווילען מיר דאָ ברענגען אַ צעטעל פון וואָלקאָווישקער אידען, וועלכע האָבען אין פאַרשיידענע צייטען אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל; דאָס צעטעל איז מערסטענס איינגעטיילט לויט די גאַסען און געגענדען וואו די באַטרעפענדע פערזאָנען האָבען געוואוינט אין וואָלקאָוויסק איידער זיי זיינען אַוועקגעפאָרען קיין ארץ־ישראל.

**פון דער ברייטער גאַס** (די וואָלקאָווישקער הויפט־גאַס) זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל: משה קאַס — אַ מעכאַניקער; דר. יוסף ראַביץ (אַ זוהן פון הערשעל ראַביץ) — פּראַקטיצירט אין תל־אביב; משה פאַווע (אַ זוהן פון דושקע פאַווע) — אַ קרעמער אין תל־אביב; טייבע גאָלדבערג (יודזשיק) — וואוינט אין חדרה; לייזער דוד און אפרים גאָלדבערג (קאָפּעל איסר׳ס זיהן) — וואוינען אין תל־אביב; ס. שוואַרץ — אַן אָנגעשטעלטער אין דער ראשון־לציון מוניציפּאַליטעט; ישעיהו לעוו (דעם טאָקער׳ס איידעם)

— האָט אַ גאַלאַנטעריי־קראָם אין תל־אביב; לאה פערעכאָדניק (אַ טאָכטער פון חיים פערעכאָדניק) — האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַציס און איז גע־קומען קיין ארץ־ישראל; לאה אַשעראָוויטש (לאה פערעכאָדניק׳ס אַ טאַנטע) — וואוינט אין תל־אביב; אריה קראַסעלניק — פּאָדריאַטשיק ביי בוי־אַרבייטען אין חיפה; עדנאַ גאָרדאָן (פון הויז לעווין) — וואוינט אין תל־אביב; שמחה און יהודה מאָוושאָוויטש (דעם צוקערניק׳ס זיהן) — וואוינען אין תל־אביב; משה וויינשטיין, אסתר דער פּאָדריאַטשיכע׳ס אַ זוהן — האָט אַ געשעפט פון מוזיקאַלישע אינסטרומענטען אין תל־אביב; משה לעוו (אַ זוהן פון דינה דער בעקערקע) — וואוינט אין תל־אביב; משה לעוויט — וואוינט אין חדרה; פרוי קאַמיני (פון די פּאָליאַטשעקס) — וואוינט אין תל־אביב און איר מאַן איז דער פאָרזיצער פון לאַנדס־קאָמיטעט פון קרן־קימת.

**פון דער גראָדנער גאַס** האָבען זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל: אברהם זעליצקי (זוהן פון ר׳ משה זעליצקי) — אַן אָנגעזעהענער כלל־טוער אין תל־אביב און אַ דירעקטאָר פון אַ טעכנישער אָפּטיילונג אין רוטענבערג׳ס „חברת־החשמל״; אברהם מאַקאָוו (זוהן פון אַלעקסאַנדער מאַקאָוו פון מאַנו־פאַקטור־געשעפט) — וואוינט אין חיפה; יצחק גאָלדריי (זוהן פון בן־ציון גאָלדריי דעם אייזענקרעמער) — אַן אָנגעשטעלטער אין „מועצה״ (ראַט) פון רחובות; סאָניא גאָלדריי (געהייראַט פאַר מושינסקי), יצחק׳ס אַ שוועסטער — וואוינט אין תל־אביב; צבי דוואָרעצקי — האָט אַ בעקעריי אין „קרית־חיים״; אליהו שולראָף (אַן איידעם פון שמואל וויינער) — וואוינט אין פתח־תקוה; בינקאָוויטש (אַ קרוב פון פרומע מאָוושאָווסקי) — אַ אינזשעניר אין חיפה; יוסף בערעזניצקי — וואוינט אין כפר־עטה; שלמה יעלסקי — וואוינט אין תל־אביב.

**פון דער כאַלאַדאַיסקער גאַס** האָבען אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל: פּאַנטער — לעהרערין אין קיבוץ „מסילות״; שרה אורינאָווסקי — וואוינט אין תל־אביב; שמואל אַפּעלבוים — וואוינט אין תל־אביב; כתריאל לאַשאָוויטש — האָט געקעמפט צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנען אין פוילען און איז נאָך דער מלחמה געקומען קיין ארץ־ישראל, וואו ער האָט געעפענט אַ געשעפט פון פאָטאָגראַפישע אַרטיקלען.

**פון דער מילנער גאַס** האָבען זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל: שפרינצע ביאַלסקי־סידראַנסקי (די אלמנה פון אברהם סידראַנסקי) — וואוינט אין תל־אביב; בוניע טורבאָוויטש, די פרוי פון דר. זאַלקאי פון קופת־חולים — וואוינט אין תל־אביב; זלמן גאָלדבערג (הלל קאָשטשילקער׳ס אַ אייניקעל און זוהן פון בנימין גאָלדבערג) — אַ מיטגליד פון קבוץ „עין־השופט״; ראָזע

ליפשיץ־לאַכאָווסקי (אַ טאָכטער פון אהרן ליפשיץ) — וואוינט אין תל־אביב (איר מאַן איז אַ באַקאַנטער סוחר).

**פון דער אַסטראָגער (קאָשטשושקע) גאַס** האָבען אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל: בנימין גאַלאַי (אַ זוהן פון קלמן דעם קצב) — האָט אין תל־אביב אַ פלייש־געשעפט; עוזיאל מאַראַנץ (פון גאַלאַנטעריי־געשעפט) — וואוינט אין תל־אביב; חיהילע ווײַנער — האָט זיך געראַטעוועט פון אויש־וויץ און וואוינט איצט אין תל־אביב, וואו זי האָט געהייראַט; חיה דניאל (אַ טאָכטער פון ר׳ ירחמיאל דעם ראש־ישיבה) — וואוינט אין חיפה.

**פון דער נייער געסעל** זיינען געקומען קיין ארץ־ישראל: טאַניע פּילאַטאָווסקי (אַרטשיק׳ס טאָכטער) — איר מאַן איז אַ סוחר אין פתח־תקוה; שמואל אונטערמאַן — וואוינט אין תל־אביב; ניעטע זילבערשאַץ (פון הויז יונאָוויטש) — וואוינט אין תל־אביב.

**פון דער מאַרק (רינקאווע) גאַס** האָבען זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל: מאיר פיינשטיין (אַ זוהן פון דעם אַלטען פיינשטיין פון דער „טשיינע״ לעבען בליאַכער׳ן) — אַ באַקאַנטער בוי־מייסטער אין ארץ־ישראל און אַן אַרבייטס־אָנפיהרער אין דער פירמע „הבונה״; גדליהו פיק (דעם קירזשנער׳ס אַ זוהן) — אַ מיטגליד פון קבוץ עמיר אין גליל; משה שאַכנאָוויטש (דעם וויין־קרעמער׳ס אַ זוהן) — אַן אָנגעשטעלטער אין רוטענבערג׳ס עלעקטרי־שער געזעלשאַפט; וועלוועל קאַפּלאַן (משה שאַכנאָוויטש׳ס שווער) — וואוינט אין תל־אביב; בלומע סטאַלאָוויצקי (אשר דעם מעהל־קרעמער׳ס טאָכטער) — האָט זיך געראַטעוועט אין די וועלדער, און איז לעצטענס אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל.

**פון זאַמאָשטשע** האָבען אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל: רי לייב דיטקאָווסקי — וואוינט אין נחלת־יצחק; די ברידער חיים און יעקב דיט־קאָווסקי — מיטגלידער אין דעם אויטאָבוסען־קאָאָפּעראַטיוו „דן״; א. דיט־קאָווסקי — אַן אייגענטימער פון אַ סאָדע־וואַסער פאַבריק אין תל־אביב; יעקב איצקאָוויטש (וועלוועל קאַפּלאַן׳ס אַ איידעם) — איז געווען אַ לעהרער אין דער „תרבות״־גימנאַזיע אין וואָלקאָוויסק, און איז איצט אַ פּעדאַגאָג אין חיפה (ער האָט אויך פאַרפאַסט אַ וויסענשאַפטליך ווערק וועגען באָטאַניק אין ארץ־ישראל); משה מעטשיק — דירעקטאָר פון אַ קאָנסום־קאָאָפּע־ראַטיוו („צרכניה״) אין ארץ־ישראל און וואוינט אין באר־טוביה; פייגעל פּינעס — וואוינט אין תל־אביב; יוסף פּינעס (פייגעל׳ס זוהן) — געוועזענער סעקרעטאַר פון דער פאָלקס־שולע אין וואָלקאָוויסק, און היינט איינער פון די ערשטע ספּעציאַליסטען אין גראָבען ברונימער אין ארץ־ישראל און אויך אַ פּרדסן אין הרצליה; מרדכי פּינעס — אַ חבר אין קבוץ „גבעת־ברנר״;

אפרים ראַבינאָוויטש (ניעשע׳ס זוהן) — אַ באַאַמטער אין דער חיפה׳ער באַן־סטאַנציע; שמואל מאַלאַכאָוויצקי — האָט אַ שלאָסעריי אין תל־אביב; יוסף מאָסטקאָוו — סעקרעטאַר פון אַ קאָלאָניע לעבען נתניה; חיים און מרים נוילקאָוו (דעם קרעמער׳ס קינדער פון זאַמאָשטשע) — חיים איז אַקטיוו אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי; יודעל פעקאַרסקי — אַ קרעמער אין פתח־תקוה; יוסף פערעמינסקי און זיין ברודער (זיי זיינען געווען טעטיג אין דער וואָלקאָוויסקער פייערלעשער־געזעלשאַפט) — זיי וואוינען אין פתח־תקוה, וואו זיי האָבען זייערע אייגענע הייזער און באַשעפטיגען זיך מיט סטאָלעריי; נעמי רוטשיק (גראָדסקי) — וואוינט אין נתניה; דבורה האָכשטיין און אירע קינדער — וואוינען אין תל־אביב; חיים ראַבינאָוויטש (ניעשע׳ס זוהן) — אַ סטאָליער אין חיפה; דאָרע אווערבוך (טאראַנ׳ס טאָכטער) — וואוינט אין קרית־ספר; לאה טאַרמאַ — וואוינט אין תל־אביב; בלומע חאַנאַנאָוויטש — וואוינט אין תל־אביב; אליהו קושניר (פון די קאָכעלניקעס) — האָט זיך געראַטעוועט פון די נאַציס צוזאַמען מיט זיין פרוי, אויסבאַהאַלטענדיג זיך די גאַנצע צייט פון קריג ביי אַ קריסט אין קריניק. זיי זיינען נאָכ׳ן קריג געקומען קיין ארץ־ישראל, וואו אליהו האָט אָנגענומען אַ פּאָסטען פון אַ פּראָוויזאָר אין קופּת־חולים אין תל־אביב.

***

אַנדערע וואָלקאָוויסקער וועלכע האָבען זיך באַזעצט אין פאַרשיידענע צייטען אין ארץ־ישראל: אליעזר טוריאַנסקי (פון דער מצרים־געסעל) — וואוינט אין חדרה (זיין טאָכטער איז אַ לעהרערין אין תל־אביב); מרים לימאָן (פון קאַרטשיזנע) — וואוינט אין תל־אביב; שלמה אליהו אַמסטיבאָווסקי און זיין זוהן — וואוינען אין תל־אביב; בנימין לעווין (אַ זוהן פון פייוועל דעם וואַלקער) — אַ לעהרער אין מקוה־ישראל און אַ מיטגליד פון ועד־הלשון אין ארץ־ישראל; דוד משה ראָסיאַנסקי (אַ זוהן פון ישראל׳ן) — אַן אָנגעזעהענער כלל־טוער און מיטגליד פון שטאָט־ראַט אין רמת־גן; משה מענדעל שוואַרץ — אַ פּרדסן אין פתח־תקוה (זיין זוהן, מרדכי, איז אַ הויכער באַאַמטער אין „אונראַ״); יצחק שאַלקאָוויטש (יהושוע׳ס זוהן) — אַ מיטגליד אין קבוץ מפעלי־ים אין עתלית; די ברידער סוועטיצקי (דעם לעהרער׳ס זיהן) — אייגענטימער פון אַ וועלאָסיפּעדען־געשעפט אין תל־אביב; מוליע מאַרקוס (משה׳ס זוהן) — אַ פאַרוואַלטער פון אַ פּרדס אין „גאולה״; משה פּאָדאָלינסקי (אַ סטאָליער) — האָט אַ הויז אין פתח־תקוה; זיין ברודער, אהרן פּאָדאָלינסקי, וואוינט אויך אין פתח־תקוה; גרינבערג (אַן אײדעם פון „וואָיענעם שניידער״ לעוויט) — אַ חשוב׳ער און וויכטיגער כלל־טוער אין פתח־תקוה און אַ פאַרוואַלטער פון פּרדסים; מיכאל דאחאַ־

שעוויצקי — אַ בוכהאַלטער (זיבען יאָר איז ער געווען אינטערנירט פאַר ציוניסטיש־פּאָליטישער טעטיגקייט); די פאַמיליע מאַלין — זיך באַזעצט אין תל־אביב פאַר'ן ערשטען וועלט־קריג; יהודית קאַמינער־גלעמבאָצקי — אַ קראַנקען־שוועסטער (איר מאַן איז אַ לעהרער אין נס־ציונה); מישא (משה) גאַלין (בלאָכ'ס אַן אייניקעל און סיאָמע גאַלינ'ס אַ ברודער) — אַ באַקאַנטער סוחר אין תל־אביב; נחמה ראָטבאַרד (מרדכי ראָטבאַרד'ס פרוי) און איר זוהן — וואוינען אין פתח־תקוה; ראָזע בערג (שמחה בערג'ס טאָכטער) — זי און איר מאַן, אַ בוכהאַלטער, וואוינען אין תל־אביב; די ברידער ראָזענ־בלום — איינער פון זיי וואוינט אין פתח־תקוה, און דער צווייטער איז אַן אָנ־געשטעלטער אין דעם תל־אביב'ער שטאָט־ראָט; שלמה לייבאָוויטש (הער־שעל'ס אַ זוהן) — אַן אָנגעשטעלטער אין ראשון־לציון; שלמה קאַבוזשאַצקי (יעקב משה דעם מאַלער'ס זוהן) — אַן אָנגעשטעלטער אין „תנובה" און וואוינט אין תל־אביב; גאָטליב ראָזענבלום (ברוך ראָזענבלומ'ס זוהן) — אַז אָנגעשטעלטער אין תל־אביב'ער שטאָט־ראָט.

**
*

צווישען די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט, וועלכע האָבען זיך באַזעצט אין ירושלים, געפינען זיך די פאָלגענדע:

**יונתן רובינשטיין**, אַ זוהן פון דעם לערער ישראל רובינשטיין — איז פאַרבונדען מיט דער „הסתדרות הפקידים" אין ירושלים.

**חיים מאָרדעצקי**, פון דער אָסטראָגער גאַס, איז אַ ברודער פון יוסף מאָרדעצקי, וועלכער איז געווען אַקטיוו אין וואָלקאָוויסקער „מכבי". אין דעם גרויסען אויפרייס אויף אליעזר בן־יהודה גאַס אין ירושלים האָט ער פאַרלוירען זיין פרוי און צוויי קינדער, וועלכע זיינען אומגעקומען אין די חורבות.

**דר. יעקב מאַצקעוויטש** — וועלכער האָט זיך באַרימט געמאַכט אַלס נערוועז־דאָקטאָר אין וואַרשע — פּראַקטיצירט היינט אין זיין ספּעציאַליטעט אין ירושלים.

**סאַלוצקי, דער אַפּטייקער** — זיין פרוי, אַ דענטיסטין, שטאַמט פון די מירסקי'ס. ער האָט אַן אַפּטייק אין ירושלים. זיין זוהן איז לעצטענס אומגעקומען אין ישראל'ס פרייהייטס־קאַמף.

צווישען די אַנדערע געפינען זיך: דר. שמעון צמח (אַ זוהן פון צמח קרופּניק) — אַ ציין־דאָקטאָר; עטעל פאַנאַר (פון דער ברייטער גאַס); ניאָמע שוואַרצבערג („טל־ומטר") — אַ כלל־טוער אינ'ם באַקאַנטען ירושלימ'ער קוואַרטעל „מאה שערים"; אהרן לעווין (פייוועל דעם וואַלקער'ס אַ זוהן) — האָט אַ אויטאָבוסען־גאַראַזש; יפה רעזניק־ברעסלאו (דר. יצחק רעזניק'ס

שוועסטער); צפורה אלברייך־טענענבוים; ליובע ביבערמאַן; שרה גאַלאַי־האַבערפעלד; חנה חופי; שלמה ראַבאַצקי; מאַטילדא מילקאָוו־ליכטענ־שטיין; משה לאַנגער; ליובע מאַסטקאָוו; אַבראַשע מאַזור; טוביה מירסקי; מרים גאָלדבערג; ז. קאַטלער; אסתר קוטיר; שושנה קירשענבוים; אַניאַ פּייסיק־ראָזענטאַל; פרידא שאַפּיראָ.

***

די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל זיינען פעסט איינגע־וואָרצעלט אינ׳ם ארץ־ישראל׳דיגען באָדען און זיי פאַרנעמען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ צווישען די קעמפער פון דעם העראָאישען ישוב. דער פּראָצענט פון די וואָלקאָוויסקער צווישען די אידישע „שוטרים" (פּאָליציאַנטען) און די פאַר־שיידענע שוץ־קרעפטען פונ׳ם ישוב, און צווישען די וועלכע האָבען זיך באַ־טייליגט אינ׳ם לעצטען וועלט־קריג אין די אידישע „יוניטס" און אין דער אידישער בריגאַדע איז פּראָפּאָרציאָנעל זעהר אַ הויכער. אָבער נאָך פיל גרעסער ווי ביז איצט איז די באַטייליגונג פון די וואָלקאָוויסקער אין דער ישראל־אַרמיי, וואָס האָט געקעמפט פאַר דער באַפרייאונג פון לאַנד און פאָלק. עס איז נאָך איצט, ווען די שורות ווערען געשריבען, שווער אָנצוגעבען די גע־נויע צאָל פון די וואָלקאָוויסקער קעמפער אין דער ישראל אַרמיי, ווי אויך אָלע נעמען פון די געפאַלענע וואָלקאָוויסקער העלדען. מיר ווילען דאָ פונ־דעסטוועגען געבען אַ טיילווייזע רשימה פון די וואָלקאָוויסקער וואָס האָבען זיך באַטייליגט און באַטייליגען זיך נאָך היינט אין די רייהען פון די אידישע קעמפער און אויך פון די וועלכע זיינען געפאַלען אין קאַמף (די דאָזיגע רשימה איז אונז צוגעשיקט געוואָרען פון תל־אביב — פון עזריאל ברושי און שלמה בערעשקאָווסקי):

**קאָלאָנעל אפרים בן־ארצי,** זוהן פון שמאי קאָברינסקי — איז געווען אַ מאַיאָר אין דער אידישער בריגאַדע. ער דינט איצט אַלס מיליטערישער פאַרטרעטער פון מדינת־ישראל אין וואַשינגטאָן.

אַ צווייטער זוהן פון שמאי קאָברינסקי — אַ אָנגעשטעלטער אין אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט — איז אין צייט פון לעצטען וועלט־קריג גע־ווען אַ סערזשאַנט אין דער אידישער בריגאַדע און שפּעטער אין דער ישראל־אַרמיי.

**קאָרפּאָראַל יצחק באַראַש** — האָט גע׳ירש׳ענט דעם גייסט פון בראַוקייט און גבורה פון זיין פאָטער, אינזשעניר אפרים באַראַש (וואָס איז געווען דער פאָרזיצער פון דער ביאַליסטאָקער קהילה און איז געפאַלען אַלס אָנפירער פונ׳ם ביאַליסטאָקער אויפשטאַנד אַנטקעגען די נאַציס) און פון זיין זיידען, ר׳ שלום באַראַש. אין דער צייט פון דעם לעצטען וועלט־קריג

האָט יצחק באַראַש פאַרענדיגט אַ קורס פאַר לופט־פליהעריי און זיך באַלד מאָביליזירט אין דער אַרמיי. ער האָט זיך מיט שטאָלץ אַנטזאָגט צו אַרבייטען אויפ'ן לופט־פעלד און האָט גאַנץ פשוט דערקלערט, אַז זיין פּלאַץ איז ביים רודער פונ'ם באָמבאַרדירער און ניט ערגעץ־אַנדערש. ליידער איז ער קראַנק געוואָרען זייענדיג אין דער אַרמיי און געשטאָרבען יונגערהייט.

**יעקב בערג,** דער אינגסטער זוהן פון הערשעל דעם פּאָדריאַדטשיק — איז געקומען קיין ארץ־ישראל מיט די ערשטע וואָלקאָוויסקער חלוצים, געאַרבייט אויף די שאָסייען אין עמק און געווען איינער פון די ערשטע אי־דישע פּאָליציאַנטען אין ירושלים. ביים ערשטען מאָביליזאַציע־רוף פונ'ם „ועד לאומי", אין דער צייט פונ'ם לעצטען וועלט־קריג, איז ער אַריינגע־טראָטען אין דער אַרמיי און האָט געדינט צוזאַמען מיט זיין זוהן אין דער אידישער בריגאַדע. איצט דינט ער אַלס סערזשאַנט אין דעם „משמר העם" (פאָלקס־שוץ) פון ירושלים.

**קאָרפּאָראַל משה בערג,** יעקב בערג'ס זוהן — האָט געאַרבייט אין אַ קיבוץ. אין צייט פון דער לעצטער מלחמה האָט ער זיך מאָביליזירט אין דער אַרמיי און געדינט אין דער אידישער בריגאַדע, צוזאַמען מיט זיין פאָטער. נאָך דער מלחמה האָט ער זיך צוריק אומגעקערט אין קיבוץ, אָבער בלויז אויף אַ קורצער צייט. היינט דינט ער ווידער אין דער ישראל אַרמיי.

**סערזשאַנט אריה שפּאַק,** אַ זוהן פון שבתי שפּאַק — איז היינט אַ קאָמאַנדיר פון אַ מיליטערישער אָפּטיילונג פון דער ישראל־אַרמיי. ער האָט אַ גלענצענדען רעקאָרד אין דער פאַרטיידיגונג פון ישראל. ער איז צוויי מאָל פאַרוואונדעט געוואָרען אין שלאַכט.

**סערזשאַנט יונה צמח** — האָט זיך אויסגעצייכענט אין דער אי־דישער בריגאַדע און שפּעטער אין דער ישראל־אַרמיי.

**קאָרפּאָראַל שטומער** — האָט געדינט אין דער אידישער בריגאַדע און אין דער ישראל אַרמיי און האָט זיך אויסגעצייכענט אין דינסט.

**סערזשאַנט דוד בערעשקאָווסקי,** (דער אינגסטער זוהן פון יצחק בערעשקאָווסקי) — אין עלטער פון זיבעצעהן יאָר איז ער אַוועק אין דער אַרמיי און האָט דורכגעמאַכט אַ ספּעציעלען אינסטרוקטאָר־קורס און געוואָרען דער אינסטרוקטאָר פון די נייע רעקרוטען פון דער אידישער בריגאַדע. אפילו אַ ישיבה־בחור האָט געקענט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ העלד אויפ'ן פראָנט נאָך דעם ווי ער איז אַרויס פון די הענט פונ'ם דאָזיגען יונגען אינסטרוקטאָר מיט זיין דונערדיגער און דורכדרינגענדער שטימע. ער האָט זיך נאָך דער מלחמה באַטייליגט אין דעם גרויסען לאָנדאָנער פרידענס־פּאַראַד. היינט איז ער אַ אינסטרוקטאָר אין דער תל־אביב'ער פּאָליציי.

**משה מאַזאָווער,** זוהן פון הערשעל מאַזאָווער פונ׳ם פּאַפּיר־געשעפט און אַ ברודער פון איידא מאַזאָווער. — דער יונגער טאַלאַנטפולער אַדוואָקאַט האָט באַשלאָסען, אַז אין צייט פון מלחמה איז בעסער צו זיין צווישען די רייהען פון די קעמפער איידער צו נישטערען אין די פּאַרטפּעלען פון די פּראָצעסען, און ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אָן דער אידישער בריגאַדע, וואו ער האָט זיך אויסגעצייכענט. היינט דינט ער אין דער ישראל־ארמיי.

**יצחק קאַבּוזשאַצקי** (זיין פרוי איז פּאַליאַטשעק׳ס אַ שוועסטער) — האָט אין דער צייט פון דער לעצטער וועלט־מלחמה געדינט אין דער אידישער בריגאַדע.

**צבי קאַבּוזשאַצקי,** יצחק׳ס זוהן — האָט פאַרענדיגט די „הרצליה״־גימנאַזיע אין וואָלקאָוויסק, און אין ארץ־ישראל איז ער אַ לערער אין שפיה. איצט דינט ער אין דער ארמיי פון ישראל.

**חיים שאַרף** (זיינע עלטערען האָבען געהאַט אַ שוך־קראָם אין וואָל־קאָוויסק) — האָט געדינט אין דער אידישער בריגאַדע און איצט דינט ער אין דער ישראל־אַרמיי.

**זאב (וואָלאָדיא) סלוצקי,** אַ זוהן פון דעם אַפּטייקער יצחק סלוצקי און דער דענטיסטין אידא פון דער מירסקי־פאַמיליע — איז געוועזן אין אַ קיבוץ און זיך מאָביליזירט אין דער אידישער בריגאַדע. אין באַפרייאונגס קאַמף פון ישראל האָט ער זיך פרייוויליג אָנגעשלאָסען אין דער פאַרטיידיגונג פון „כפר עציון״ און איז אין יענער שלאַכט געפאַלען.

**אליהו שולראַף און זיין ברודער,** אייניקלעך פון שלום וויינער — זיינען ביידע אין דער ישראל־אַרמיי.

**שמואל און מאיר פּינעס,** זיהן פון יוסף פּינעס דעם געוועזענעם סעקרעטאַר פון די פאָלקס־שולען אין וואָלקאָוויסק — דינען אין דער ישראל־אַרמיי.

**חיים קאַפּלאַן,** אַ זוהן פון דוד יוסף קאַפּלאַן און אייניקעל פון קלמן קאַפּלאַן פון דער אָסטראָגער גאַס — אַ מיטגליד פון קיבוץ „מעלה החמישה״. ער האָט געדינט אין דער אידישער בריגאַדע, און אין ישראל׳ס קריג האָט ער זיך אויסגעצייכענט אין דער פאַרטיידיגונג פון זיין קיבוץ.

**משה קאָסאָווסקי** — האָט געדינט אין דער אידישער בריגאַדע און דינט איצט אין דער ישראל־אַרמיי.

**חיים קאָסאָווסקי,** אַ זוהן פון הרב קאָסאָווסקי פון יאָהאַנעסבורג — אַן אַדוואָקאַט, איצט איז ער אין דער ישראל־אַרמיי.

**דוד פיינשטיין,** אַ זוהן פון שמעון פיינשטיין (יודעל בערעשקאָווסקי׳ס איידעם) — האָט זיך מאָביליזירט ערשט ביים סוף פון דער לעצטער וועלט־

מלחמה, ווייל מחמת זיין יונגען עלטער האָט ער עס ניט געקענט טאָהן פריהער. ווען ער איז אָנגעקומען אין דער אידישער בריגאדע איז ער אינגאַנצען אַלט געווען זיבעצעהן יאָר. ער האָט נאָכדעם געשריבען אַהיים פונ'ם פראָנט, אַז אומזיסט האָט מען איהם אויסגעלאַכט און גע'טענה'ט, אַז ער איז אַ קינד און איז ניט צוגעפּאַסט צום לעבען פון אַ סאָלדאַט; אדרבא, ער איז אַ בראַווער סאָלדאַט און אַ אויסגעצייכענטער שיסער און ער האָט זיך שוין דערוואָרבען אַ שם אַלס אַ „סנייפּער".

**קלמן שאַלקאָוויטש** — האָט זיך באַטייליגט אין דער אידישער בריגאַדע און דינט איצט אין ישראל'ס אַרמיי.

**ציליע בערעשקאָווסקי,** אַ טאָכטער פון יצחק בערעשקאָווסקי — האָט געדינט אין דער ארץ־ישראל'דיגער פרויען־אַרמיי „א. ט. ס.". זי האָט געהייראַט מיט יוסף זעלצער, וועלכער האָט געדינט אין דער אידישער בריגאַדע. היינט געפינען זיי זיך אין תל־אביב. יוסף זעלצער דינט איצט ווידער אין ישראל'ס אַרמיי.

**אפרים רובינאָוויטש,** פון זאַמאָשטשע — איז געווען פון די יעניגע וועלכע האָבען אָנגעפיהרט מיט דער ערשטער אייזענבאַן אין מדינת ישראל אויף דער ליניע חיפה־חדרה. די ישראל צייטונגען האָבען פאַרעפענטליכט זיין נאָמען צווישען די פּיאָנערען אויף דעם אייזענבאַן־געביט אין ישראל.

**מרים זעליצקי,** די טאָכטער פון אברהם זעליצקי — אַ זעלנערין אין דער ישראל־אַרמיי. זי האָט זיך אויסגעצייכענט אייניגע מאָל אין דעם דינסט.

**הלל עפּשטיין,** אַ מיטגליד פון קיבוץ „נגבה" — האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכענט אין דער פאַרטיידיגונג פון דעם קיבוץ אינ'ם איצטיגען פריי־הייטס־קאַמף פון ישראל.

**מגן ברושי,** זוהן פון עזריאל ברושי — אַ קאָמאַנדיר פון אַן אַרמיי־אָפּטיילונג פון ישראל. ער האָט זיך באַטייליגט אין די שלאַכטען פון נגב און אין מערב־גליל.

**דוד קאַליר,** אַ זוהן פון אליעזר קאַליר און אייניקעל פון אברהם אליהו מאַרקוס — האָט געדינט אין דער ישראל־אַרמיי און געפאַלען אין שלאַכט לעבען לאַטרון.

**איזי קאַליר,** אַ צווייטער זוהן פון אליעזר קאַליר — אַ סערזשאַנט אין דער פּאָליציי פון נהלל.

**פייוועל לייבאָוויטש** — איז אומגעקומען בשעת דער באָמבאַרדירונג פון ראשון לציון דורך די עגיפּטישע עראָפּלאַנען.

**אברהם האָכשטיינ'ס פרוי** — איז אומגעקומען בשעת דער באָמ־באַרדירונג פון תל־אביב.



יעקב מאַרקוס
אַרטשיק מאַרקוסיעס זוהן
געפאַלען אין שלאַכט פאַר דער באַפרייאונג פון ישראל אין יאָר 1948

**משה לאַנגבאָרד (גראַף),** בעליגריפּציכע׳ס אַ זוהן — האָט זיך אָנ־געשלאָסען אָן דער ארץ־ישראל־פּאָליציי אין יאָר 1928. ער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכענט אין ספּאָרט־פון־לויפען און האָט אויף דעם געביט געוואונען אַ צאָל פּרייזען. ער איז געווען דער קאָמענדאַנט פון דער „ספּעשעל פּאָליס" אין עמק־יזרעאל, ער איז זעהר פּאָפּולער און געאַכטעט אין לאַנד. היינט איז ער אַ סערזשאַנט פון דער פּאָליציי אין נהלל.

**צבי מאַרקוס,** דער איין־און־איינציגער זוהן פון אַרטשיק מאַרקוס און אַ אייניקעל פון אברהם אליהו מאַרקוס — געבוירען אין ג׳דה, לעבען נהלל. ער האָט זיך אָנגעשלאָסען אין פּלמ״ח ביים אויסברוך פון ישראל׳ס פריי־הייטס קאַמף און האָט אָנטייל גענומען אין די קאַמפען אין ירושלים. ער איז געפאַלען ווי אַ העלד, אין עלטער פון 19 יאָר, אין קאַמף פאַר „רמת־רחל", לעבען ירושלים.

**אַריכא,** זוהן פון יעקב אַריכא פון אַמסטיבאָווע — געפאַלען אין שלאַכט אין שעיך ג׳ראח, אין ירושלים.

**משה גרינבערג,** איידעם פון דעם מיליטערישען שניידער לעוויט — אַ קאָמאַנדיר אין איינער פון די קאָלאָניעס אין שרון.

**חיים שפּאַק,** זוהן פון אליהו שפּאַק — האָט זיך באַטייליגט אין די שלאַכטען פון סג׳רה און פונ׳ם אויבערשטען גליל.

**אמנון לייבאָוויטש,** זוהן פון שלמה לייבאָוויטש פון וואָלקאָוויסק — געבוירען אין ראשון לציון. ער האָט זיך באַטייליגט אין דער גרויסער שלאַכט פאַר דער דעראָבערונג פונ׳ם נגב און איז געפאַלען אויפ׳ן שלאַכטפעלד אין עלטער פון 18 יאָר.

**דוד לאַזאַראָווסקי,** — איז מיט אַ קורצער צייט צוריק געקומען קיין ישראל און דינט איצט אין דער ישראל־אַרמיי.

**שרה הערברעם,** אַ טאָכטער פון שמואל און חיה לאַזאַראָווסקי — דינט איצט אין דער ארמיי פון ישראל.

**דאָרע שייקעוויטש,** אַ טאָכטער פון יצחק שייקעוויטש און אייניקעל פון אליהו שייקעוויטש — דינט אין דער ישראל־אַרמיי. זי האָט שוין באַקומען צוויי אויסצייכענונגען און אויך דעם ראַנג פון אַ קאָרפּאָראַל.

**סערזשאנט אהרן ירושלמי,** אַ זוהן פונ׳ם וואָלקאָוויסקער שוחט יערוזאַלימסקי — האָט געדינט בשעת דער לעצטער וועלט־מלחמה אין דער בריטישער אַרמיי און אַריינגעפאַלען אין געפאַנגענשאַפט. ער האָט אָבער בשום אופן ניט געקענט שלום־מאַכען מיט׳ן געדאַנק אז ער איז געפאַנגען אין די הענט פון די נאַציס, און ער האָט באַוויזען, דורך לעגענדאַרער גבורה און לעבענס־געפאַר, צו אַנטלויפען פון געפענגעניש, און נאָכדעם ווי ער איז דורכגעגאַנגען „שבעה מדורי גיהנום״, איז ער אָנגעקומען בשלום אין דער מחנה פון דעם אַליאירטען מיליטער און האָט באַקומען פונ׳ם ענגלישען קעניג אַ מעדאַל פאַר זיין אויסצייכענען זיך אין קריג.

**אליעזר סוקעניק** (זוהן פון סוקעניק דעם לערער) און **עפּשטיין** (אַן אייניקעל פון חאַשע לאה דער קרעמערקע) — האָבען ביידע געדינט אין דער פוילישער אַרמיי און די רוסען האָבען זיי געפאַנגען. נאָכ׳ן קריג זיינען זיי אָנגעקומען קיין איטאַליע און פון דאָרט האָבען זיי זיך, נאָך לאַנגע מאַטער־נישען, דערשלאָגען קיין ארץ־ישראל וואו זיי האָבען זיך גלייך אָנגעשלאָסען אָן דער ישראל־אַרמיי.

**יעקב הובאַר,** זוהן פון דוד הובאַר — האָט זיך מאָביליזירט ביים אָנהויב פון לעצטען וועלט־קריג און איז אויך געפאַנגען געוואָרען פון שונא. ער האָט אָבער ניט געוואָלט פאַרבלייבען אין געפאַנגענשאַפט ביז׳ן סוף פון קריג, און ווען זיין ערשטער פאַרזוך צו אַנטלויפען פון געפענגעניש האָט זיך אים ניט איינגעגעבען, האָט ער אַלץ ניט אויפגעגעבען דעם געדאַנק צו

אַנטלויפֿעז, ביז ס׳איז אים ענדליך געלונגען זיך צו באַפרייען.

**חיים דאַווידאָווסקי** — האָט געדינט אין דער אידישער בריגאַדע, און איז געווען געפאַנגען אַ לאַנגע צייט. באַלד נאָכ׳ן סוף פון קריג האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אָן דער „הגנה״ און איצט דינט ער אין דער ישראל־ארמיי.

**קאַגאַן** — האָט געדינט צוזאַמען מיט חיים דאַווידאָווסקי׳ן אין דער אידישער בריגאַדע און איז מיט אים געווען געפאַנגען אַ לאַנגע צייט. ער דינט היינט אין דער ישראל־אַרמיי.

**נחום נאָוואָגודסקי**, זוהן פון יהודה (יודעל) נאָוואָגרודסקי — דינט אין דעם ישראל־פלאָט.

צווישען די אַנדערע וואָלקאָוויסקער, וועלכע האָבען געדינט אין דער אידישער בריגאַדע און דינען היינט אין דער ישראל־אַרמיי, זיינען אויך כּאַראַן פאָלגענדע:

דוד לינעווסקי, סאָלא סידראַנסקי, בינקאָוויטש, די ברידער מאָווּשאָוויטש, בליאַכער, פוקס (**אַ ברודער פון נח פוקס**), שאַליוטע, קאַצין, שמחה גאָלדבערג, זלמן גאָלדבערג, דוד ראָסיאַנסקי, מרדכי גאַלאַי, צבי עפּשטיין, מיכאל דאָמאַשעוויצקי, חנוך פיק, אינזשעניר מינקאָוויטש, פאָדאָלינסקי (**זוהן פון משה פאָדאָלינסקי**) און אַנדערע.

**
*

צוליב׳ן קריגס־צושטאַנד אין לאַנד און דער ניט רעגולערער פּאָסט־פאַרבינדונג מיט ישראל איז די רשימה ווייט ניט קיין פולע. אָבער שוין אפילו פון דער אָנגעגעבענער צאָל וואָלקאָוויסקער, וועלכע האָבען זיך באַטייליגט אין גרויסען היסטאָרישען קאַמף פון ישראל, איז לייכט צו זעהן, אַז אונזערע לאַנדסלייט אין ישראל פאַרנעמען אַ בכבוד׳יגען פּלאַץ צווישען די קעמפער און בויער פון דער אידישער מדינה. די באַטייליגונג פון אונזערע וואָלקאָווסיקער ברידער און שוועסטער אינ׳ם שיקזאַלהאַפטען באַפרייאונגס־קאַמף פונ׳ם ארץ־ישראל׳דיגען ישוב אין די לעצטע יאָרען פאַרדינט אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. אין אונזער גרויסען טרויער אויף די טויזענטער פאַרשניטענע לעבענס פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג, וואָס איז אומגעקומען דורך די הענט פון די נאַצי־מערדער צוזאַמען מיט אַנדערע הונדערטער אידישע קהילות אין אייראָפּע, טאָרען מיר פונדעסטוועגען ניט פאַרגעסען די יעניגע פון אונזערע וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל וועלכע האָבען פרייוויליג אַוועקגעגעבען זייערע יונגע לעבענס פאַר דער פאַרטיידיגונג פון אונזער פאָלק און לאַנד. זאָל דער הייליגער אָנדענק פון אָט אַ די טייערע קרבנות שטענדיג לעבען אין אונזערע הערצער!

# מיינע פינף=און=פערציק יאָהר אין וואָלקאָוויסק

## פון אליהו שייקעוויטש, ירושלים

אין אָנדענק פון דער חרוב׳ער וואָלקאָוויסקער אידישער קהילה,
מיין גאַנצער משפחה און מיינע קינדער : יוהנן, שרה, שלום שכנא
און אריה לייב חאסמאן, ז״ל.

ווען איך בין אַלט געווען 21 יאָר, האָט מען מיך גערופען צום מיליטער־דינסט, און איך בין אין יאָר 1893 אָפּגעשיקט געוואָרען פון מיין שטעטעל פרילוק (פּאָלטאַווער גובערניע, אוקראינע) צו מיין פּאָלק, וואָס האָט זיך געפונען אין וואָלקאָוויסק, גראָדנער גובערניע.

דעם 22טען דעצעמבער 1893 בין איך אָנגעקומען קיין וואָלקאָוויסק, און מיט מיין מיליטערישען רענצעל, מיין איינציגען זעלנער־פאַרמעגען, אויף די פּלייצעס, האָב איך צום ערשטען מאָל באַטראָטען די פויליש־רוסישע ערד. אונזער פראַכט־צוג, מיט וועלכען מיר זיינען אָנגעקומען, האָט פאַרגעזעצט ווייטער זיין וועג. אויפ׳ן וואָקזאַל האָבען מיר ניט געזעהן קיין ציווילע מענשען, אויסער די עטליכע מיליטערלייט, וועלכע זיינען אונז געקומען באַגעגענען. אָבער פלוצים האָב איך דערזעהן שטעהן אויפ׳ן וואָקזאַל אַ פיין־געקליידעטען מיטעל־יאָריגען מאַן, לויט׳ן אויסזעהן אַ אידישער סוחר, וועלכען די מיליטערלייט האָבען באַגריסט. איך האָב אויסגענוצט די געלעגענהייט און האָב זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט. ער האָט מיר געגעבען זיין אַדרעס אין שטאָט און געבעטען די מיליטערלייט, אַז זיי זאָלען עטוואָס שפּעטער מיך ברענגען צו אים אַהיים.

מיט אָט דער באַקאַנטשאַפט איז גע׳חתמ׳עט געוואָרן מיין גורל. דער מאַן איז געווען דער אָרטיגער גאָלד־סוחר מאיר שיף, און מיט איניגע יאָרען שפּעטער איז ער געוואָרען מיין שוואָגער און מיין בעסטער פריינד אויפ׳ן גאַנצען לעבען.

מיר זיינען אַוועק אין שטאָט אריין פאַרבייגעהענדיג די גאַסען : קאָלעיאָווע (וואָקזאַלנע), זאַמאַשטשע און די ברייטע גאַס, מיט אירע קליינע היל־

צערנע הייזלעך פוןביידע זייטען וועג. די אידען האָבען אויף אונז געקוקט מיט מיטגעפיל — ווי אויף מענשען, וועלכע האָבען פאַרלוירען זייערע רעכט אויף פרייער באַוועגונג און ווי אויף אַריינגעפאַלענע אין די נעגעל פון דער שווערער מיליטערישער צאַרישער דיסציפּלין. פילע עלטערע פרויען האָבען געווישט מיט זייערע פאַרטיכער די פאַרוויינטע אויגען — וואַרשיינליך זיינען דאָס געווען מוטערס פון קינדער, וועלכע האָבען געשמאַכט אונטער׳ן יאָך פון קאַזאַרמע־לעבען. איך בין געגאַנגען ווייטער, נאָך אַלץ טראַכטענדיג וועגען דעם נייעם אַדרעס: „מאיר שיף, זייגער־געשעפט, שעראָקאַ 98״.

## וואָלקאָווויסקער שוהלען און בתי־מדרשים ביים סוף פונ׳ם נייִנצעהנטען יאָרהונדערט

אין משך פון אַ פּאָר טעג האָב איך מיך באַקאַנט, דורך מיין נייעם פריינד מאיר שיף, מיט נאָך אידישע ברידערליכע הערצער. איך האָב צום ערשטען מאָל דערזעהן אַ שטאָט, וואו כמעט אלע אירע איינוואוינער זיינען אידען. איך האָב באַשלאָסען זיך נעהענטער צו באַקענען מיט די אידען פון ד׳ער שטאָט און מיט זייער אַרט לעבען. דער פּאַסיגסטער טאָג פאַר דעם צוועק איז געווען שבת, דער טאָג, ווען מיר, זעלנער, זיינען געווען פריי פון דינסט.

פרייטאָג־צו־נאַכט בין איך מיט אַ נייעם חבר מיינעם אַוועק אויפ׳ן שוהל־הויף. אויף דער לינקער זייט איז געשטאַנען די גרויסע הילצערנע שוהל, געבויט אין אַלטען סטיל. געווען שוין דאַן אַ זייער אַלטע געביידע. אינווייניג איז זי געווען שעהן אויסגעמאָלט. דער ארון־קודש, די בימה, ווי אויך דער כסא אליהו זיינען געווען ממש צו באַוואונדערען. ביי דער מזרח־וואַנט זיינען געזעסען וואָלקאָוויסקער סוחרים — אַלע שטאַרק־אָנגעזעהענע בעלי־בתים פון שטאָט. מיין באַגלייטער האָט געצויגען מיין אויפמערקזאַמ־קייט אויף די גבאים פון דער שוהל: אהרן שיפּמאַנאָוויץ און משה יעקב פינקעלשטיין. ער האָט מיר אריינגעזאָגט אין אויער, אַז דאָס זיינען די פּראָ־דוקטען־ליפעראַנטען ביי דער מיליטערישער מאַכט. רעכטס אין ווינקעל האָב איך באַלד דערזעהן מיין באַקאַנטען פריינד מאיר שיף, פירענדיג אַן ערנסטען שמועס מיט אייניגע מענשען. פלוצים האָט געצויגען צו זיך אויפמערקזאַמ־קייט אַ נייע פּערזאָן, וואָס איז נאָר־וואָס אריינגעקומען אין שוהל אריין און וועמען אלע האָבען פריינדליך באַגריסט. דאָס איז געווען דניאל מאצקעוויטש, דער פאָרשטעהער פון דער גרויסער מאָסקווער טיי־פירמע „וואַגאו״. אונזער באַגלייטער האָט נאָך צוגעגעבען, אז מען דערוואַרט, אז מאצקעוויטש זאָל בקרוב באַשטימט ווערען אַלס שטאָט־ראַבינער. פּלוצים האָט אויסגעבראָכען



א פאַרזאַמלונג אויפ׳ן שוהל־הויף
רעכטס: דער „עין־יעקב״ בית־המדרש; לינקס: דער „מויער״

אַ שטורמישער געלעכטער צווישען דעם עולם — עס האָבען זיך באַוויזען די צוויי שטאָט־פּקחים — משה לאפּידוס מיט נפתליקע דעם מלמד. זיי, די וויצען־זאָגער, פלעגען תמיד אריינברענגען אַ פרעהליכע שטימונג אין שטעטעל. גלייך איז אָבער ווידער שטיל געוואָרען אין דער גאַנצער שוהל מיט׳ן אריינקומען פון דעם ערשטען גבאי, קאָפּיל איסר וואָלקאָוויסקי. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ רייכען שוואַרצען פראַק מיט אַ גלאַנציגען צילינ־דער־הוט אויפ׳ן קאָפּ. מיט זיין מאיעסטעטישער פיגור און קיילעכדיגער, שעהנער באָרד האָט ער אין מיינע אויגען אויסגעזעהן זעהר אימפּאָזאנט. דאַן איז געקומען צום עמוד ר׳ אהרן, דער שטאָט־שמש, און מיט זיין הילכיגער טרעל־שטימע האָט ער אָנגעפאַנגען „לכו נרננה״. אויף דער בימה איז גע־שטאַנען זיין שטענדיגער חבר, דער צווייטער שטאָט־שמש, ר׳ ידידיה, דער „הרחמן״־זינגער ביי אַלע ברית׳ען, וואָס האָט פון צייט־צו־צייט מיט זיינע דינע סאָלאָ־טענער ארויסגעהאָלפען זיין חבר ביים עמוד. עס האָבען זיך פאַרענדיגט די ערב־שבת׳דיגע תפילות. דער פייערליכער „גוט שבת״ קלינגט הילכיג אָפּ אין דער לופט פון דער הויכער שוהל. מיר כאַפּען זיך אַריבער אין דעם נגידיישען אָדער „הילצערנעם״ בית־המדרש.

דער הילצערנער בית־המדרש איז געווען פול געפּאַקט מיט מתפללים.

דאָרט איז יחוס מיט געלד געווען צונויפגעמישט. די ערשטע פלעצער אויף דער מזרח־וואַנט זיינען געווען פאַרנומען פון דעם אַדעל און יחוס פון דער שטאָט — די ברידער שרגא פייוויל און לייב העלער, ווי אויך זייער שוואָגער, שמואל שאפּיראָ, דער וואָלאָזשינער עילוי. ווייטער זיינען געזעסן: דער גוט־באַקאַנטער דר. בנימין איינהאָרן (פאָטער פון׳ם דיכטער דוד איינהאָרן), דער שטאָט־ראַבינער און גרויסער תלמיד־חכם, מיט זיין ברודער הירש איינהאָרן (פאָטער פון דר. משה איינהאָרן), דער אָרטיגער אַפּטייקער, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ סינטעז פון תורה און אַלגעמיינער בילדונג; דער אדוואָקאַט חיים עוזר איינהאָרן, דער גרויסער משכיל, וואָס איז געווען באַריהמט מיט זיין גוט הארץ; קאָפּיל איסר גאָלדבערג מיט זיין זוהן, זלמן איסר, די בעלי־אכסניה פאַר סוחרים; דער גרויסער האָלץ־סוחר אלי־לייב ראַכמילעוויטש, צוזאַמען מיט זיין זוהן (דער שפּעטערדיגער ליטווישער קאָנסול אין ארץ־ישראל) דר. נחמן ראַכמילעוויטש; יהושע דוד פּאָפּע, דער אָרטיגער בכבוד׳יגער סוחר; די באַנקירען פון שטאָט — טוביה פענסטער, יצחק וויינשטיין און הי באָם, דער פאָרשטעהער פון „פּערליס עט גינזבורג״, און נאָך פילע אָנגעזעהענע אידען פון דער רייכער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג. פון עמוד האָט זיך געטראָגען די קלינגענדיגע זיסע שטימע פון דעם גוט־באַקאַנטען בעל־תפילה, דעם שטאָט שוחט, ר׳ ניסן כהן. די פּנים׳ער פון אלע מתפללים זיינען געווען געווענדעט צום אריינגאַנג און מיט גרויס הדרת־כבוד האָבען זיי איינגעלאַדען די הערליכע כלה, דעם ליבען הייליגען שבת: „בואי כלה, בואי כלה!״ די מתפללים זיינען כמעט אַלע געווען פון דער בעסטער געזעלשאַפט פון שטאָט, אידען מיט גרויע שעהנע בערד, אנדערע מיט שעהנע צוגעשוירענע שפּיץ־בערדלעך, אַלע אין צילינדער־היט.

די תלמוד תורה. עטוואָס אין אַ זייט האָט זיך געפונען די וואָלקאָוויסקער תלמוד־תורה, וועמעס תלמידים זיינען דערנאָך אוועק אין די וואָלאָזשינער, סלאָבאָדקער און אַנדערע באַריהמטע ישיבות. דאָרט האָט דאַן געלערנט דער שפּעטער־באַריהמטער גאון ר׳ יצחק אלחנן ספּעקטאָר, דער באַוואוסטער קאָוונער רב. ביי דער מזרח זייט, ביים דאַוונען, זיינען געזעסן בלויז לומדי תורה, די מחנכים פון דעם יונגען דור, מיט זייער באַריהמטען ראש־הישיבה, ר׳ ירחמיאל דניאל, אָן דער שפּיץ. דאָרט זיינען געזעסן די זעהר־איבערגעגעבענע גבאים פון דער תלמוד־תורה, ר׳ יוסף ברעסטאָוויצקי, אליעזר יודזשיק און די גבאים פון דער חברה „מלביש ערומים״, וואָס פלעגט זאָרגען פאַר שיך און קליידער פאַר די אַרימע קינדער פון דער שטאָט.

מיר פאַרלאָזען די תלמוד־תורה און געהען ווייטער. פונדערווייטענס




אַ אַלגעמיין בילד פון וואָלקאָוויסק
(פאָטאָגראַפירט פון שלאָס־באַרג)

באַמערק איך אויף אַ וואַנט אַ צוגעקלעפּטע שילד: „אל תשליכנו לעת זקנה״. דאָס איז געווען די געביידע פון׳ם מושב־זקנים. גלייך ביים אריינגאַנג אין דעם דאָזיגען אַנשטאַלט, אויף דער רעכטער זייט, איז געווען די שוהל. עס האָבען נאָך דאָרט געברענט די הייליגע שבת־ליכט. אויף דער וואַנט איז געווען אַ הערליך בילד פונ׳ם גרינדער פון דער דאָזיגער וויכטיגער אינסטיטוציע, ר׳ שרגא פייוויל העלער. מיר געהען אריין אין עס־צימער פונ׳ם מושב־זקנים. אַלעס איז איינגעאָרדענט ווי ביי אלע אידען ביי זייערע אייגענע טישען.

שבת־פריה האָבען מיר באַזוכט דעם איינציגען מויער אין יענער צייט אויף דעם שוהל־הויף, וואו עס האָט זיך געפונען דער „בית־הכנסת״. דאָרט האָבען געדאַווענט די באַרימטע לומדים פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג. ביים ארון־קודש איז געשטאַנען די וואונדער־שעהנע, ער־ליכע און ליכטיגע געשטאַלט פון אָרטיגען רב ר׳ יהונתן עליאַשבערג. ביי זיין זייט — די דיינים פון שטאָט, ר׳ מנחם מענדיל וואָלק (ר׳ „מענדעלע״) און ר׳ טוביה ראַוויצקי (ר׳ „טעוועלע״). אויף דער צווייטער זייט — דער וועטעראַן פון וואָלאָזשינער ישיבה, ר׳ יהודה בערעשקאָווסקי (דער זוהן פון באַריהמטען ראש הישיבה ר׳ שלמה), דער גרויסער למדן משה חיים פיינסאָד, דער טאָקער אַדעלבערג פון דער ברייטער גאַס, די ברידער אשר און עקיבא



די ברייטע גאַס
(געהענדיג פון וואָקזאַל אין שטאָט אריין — אויפ׳ן בילד זעהט מען פייטעלעוויטש׳עס מויער)

יודזשיק (אין ארץ־ישראל: יהודאי), ר׳ שמואל דוד יונאָוויטש, ר׳ יצחק שמואל יונהים נאָוואָגרודסקי, יוסף און שרגא פייוועל יונאָוויטש, די ברידער שלום און יוסף ווינאָגראַדסקי, אליעזר שאליוטע. דער 24־שעה׳דיגער תושב פון בית־הכנסת, ר׳ שמואל דינעס, שטענדיג מיט אַ ספר אין דער האַנט, משה זאב יודזשיק, דעם וואָלפער רב׳ס זוהן ר׳ צבי, און משה זעליצקי. דער נר־תמיד אין דער שוהל לעשט זיך קיינמאָל ניט אויס איבער די קעפ פון די לומדים וואָס זיצען טאָג און נאַכט און זיינען זיך מפלפל איבער די שווערע סוגיות פון תלמוד. פון עמוד האָט זיך געטראָגען אַ זיסע צויבער־שטימע פון בעל־תפילה. דאָס שטעהט ביים עמוד אַ וואָלקאָוויסקער בעל־הבית, אַ סוחר, וואָס צעהלט ניט נאָר געלט, נאָר אויך די טעג פונ׳ם „דף יומי״, כדי צו מאַכען אַ סיום הש״ס. דאָס איז דער באַריהמטער ר׳ אברהם אלי מאַרקוס.

עין־יעקב בית־מדרש. די דאַוונער פון דעם דאָזיגען בית־מדרש זיינען געווען פון דער קצבים־חברה „זובחי צדק״, ווי אויך פון אנדערע שיכטען: ארבייטער, קרעמער און סתם אידען. אין דעם דאָזיגען בית־מדרש פלעגט



אַריינפיר אין דער כאָלאָדאָיסקער גאַס

רעכטס: שלום דעם סופר'ס־הויז; לינקס: חיענקע'ס הויז פון דער פאַרב־קראָם
צענטער: דער ברונעם

מען קיינמאָל ניט פאַרשפעטיגען צו קומען, ווייל מען האָט דאָרט תמיד גע־קענט געפינען אַ מנין צום דאַוונען. די גבאים און בויער פון דעם בית־מדרש זיינען געווען: ר' יוסף לייב שיפיאַצקי (דער שטעפער), יוסף גאַלאַי (דער קצב), צבי יונאָוויטש (דער קצב), און אנדערע. אויך דאָרט האָט זיך זיס צעגאָסען די שטימע פון בעל־תפילה, פון וועמעס מויל די ווערטער פון דער תפילה פלעגען פאַלען ווי געטאָקט — דאָס איז געווען קלמן גאַליאַצקי (דער שוסטער).

מיין באַגלייטער האָט מיך פון דאָרט אַוועקגעפירט אין דעם „חייטים בית־מדרש". דער דאָזיגער בית־מדרש האָט אויסגעזעהן אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע פיל אָרימער. אָבער אין זייערע תפילות זיינען שוין די מתפללים גאָרניט געווען הינטערשטעליג. זייער בעל־תפילה, אלטער דער בלעכער, איז ניט פיל אָפּגעשטאַנען פון אַנדערע בעלי־תפילות. דער עולם האָט, נאָך אַ שווערער וואָך פון ארבייט, אויסגעזעהן זעהר פייערליך, מיט רייןגע־

וואַשענע געזיכטער און מיט שבת'דיגע מלבושים. ביים ארון־קודש האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ אַ בכבוד'יגער איד, וועלכער האָט געלערנט משניות מיט'ן עולם.

איך האָב זיך אָפּגעזעגענט מיט'ן שוהל־הויף, איילענדיג זיך צו געהן אין הויז פון באַוואוסטען ר׳ שמואל שאַפּירא (דעם שוואָגער פון די ברידער העלער), וואו איך בין איינגעלאַדען געוואָרען אויף מיטאָג.

שבת נאָכמיטאָג האָב איך זיך ווידער אַ לאָז געטאָן אויף אַ באַזוך אין שטאָט. אָפּגעהענדיג אַביסעל מיט דער ברייטער גאַס, בין איך מיט מיין נייעם וואָלקאָוויסקער חבר ארויס אויף דעם קליינעם געסעל, אויף איין עק פון וועלכען עס איז געשטאַנען דער מויער פון משה רוטשיק, דער זעלענע־וויטשער גביר, און אויף דעם צווייטען עק איז געווען דער דאַן נאָר־וואָס אויסגעבויטער בית־מדרש „חיי אדם". דאָרט פלעגען דאַוונען די ניט־פאַר־מעגליכע אידען פון דער ברייטער גאַס. דער נדבן און בויער פון דעם בית־מדרש איז געווען דער באַקאַנטער האָלץ־סוחר יקותיאל בערעשקאָווסקי, וועלכער איז געווען באַוואוסט מיט זיין באַזונדערען אינטערעס אין די אָרימע מענשען פון דער שטאָט. ער האָט דערפאַר באַשלאָסען צו בויען פאַר זיי אַן אייגענעם בית־מדרש, כדי זיי זאָלען פיהלען, אז אויך זיי פאַרמאָגען זייער אייגענעם „מזרח". זיין הויז איז געווען גלייכצייטיג אַן אכסניה פאַר די אָרימע מענשען פון שטאָט. זיין פרוי, מיכלע, פלעגט באַזאָרגען די געדריקטע פאַמיליעס מיט האָלץ אויף ווינטער און מיט שפּייז דאָס גאַנצע יאָר, און זי פלעגט אויך זעהן, אז עס זאָל זיי ניט פעהלען אַ שוך און אַ מלבוש. זי פלעגט תמיד זעהן צו באַשיינען אַ שמחה אין אַ אָרימען הויז, און גאַנץ אָפט, אויך עפענען איר אייגען הויז פאַר עלענדע מענשען, אויפנעמענדיג יעדען איינעם מיט וואַרימקייט און האַרציגקייט. צו דער דאָזיגער טעטיגקייט האָט זי גע־האָט די פולע הסכמה פון איר מאַן, יקותיאל בערעשקאָווסקי. דער נאָהענט־סטער שכן פון בית־מדרש, דער העברעאישער לערער, הערשעל לינעווסקי, וועלכער איז אויך געווען אַן אויסגעצייכענטער בעל־תפילה, האָט אין דעם דאָזיגען בית־מדרש „חיי אדם" איבערגענומען דעם אַמט פון בעל־תפילה, און די מתפללים האָבען זעהר שטאָלצירט מיט אים.

נאָכ'ן איבערגעהן די בריקען, וועלכע האָבען אָפּגעגרעניצט די שטאָט פון דער פאָרשטאָט, זאמאָשטשע, זיינען מיר פון לינקס אריינגעקומען אין דעם גרוי־אַלטען בית־מדרש, דעם אַמאָליגען זאמאָשטשער בית־מדרש. דאָרט האָבען געדאַוונט אידען, דורכאויס בני־תורה. די גבאים זיינען געווען: ר׳ לייב דיטקאָווסקי, וועלכער האָט מיטגעבראַכט אַ גוטען נאָמען פון זיין שטעטעל רוזשנאַי פון די דאָרטיגע באַריהמטע ישיבות; זיין שוואָגער ר׳



די גראָדנער גאַס פון אַמאָל

רעכטס: די הייזער פון חעמע דעם קירזשנער און שאַליוטע; לינקס: פריידקע׳ס מעהל־שפייכלער און טאַמאַרע׳ס הויז.

זאב קאַפּלאַן, דער שעהנער בעל־תפילה און בעל־קריאה, און יוסף לייב רובינאָוויטש. זיי זיינען דאָס געווען די ערנסטע און איבערגעגעבענע אפּוטרופּסים פון דעם אַלטען בית־מדרש און האָבען זיך דאַן אַרומגעטראָגען מיט׳ן געדאַנק אים איבערצובויען אין אַ נייעם און פיל שעהנערען בנין. פון דעם בית־מדרש איז עס ארויסגעקומען שפּעטער דער ערשטער פּאַרזיצער פון דער וואָלקאָוויסקער קהילה, ר׳ בן־ציון ליפשיץ, וועמען ס׳איז אָנפאַרטרויט געוואָרען אָנצופירען מיט אַלע אידישע אָנגעלעגענהייטען.

איך האָב זיך אָפּגערעדט מיט מיין באַגלייטער אים ווידער צו טרעפען דעם קומענדען שבת און פאַרצוזעצען אונזערע באַזוכען.

## דער צווייטער שבת

לעווים בית־מדרש. אויפ׳ן ווינקעל פון דוואָרצאָווע און מילנער גאַס איז געווען אַ בית־מדרש, וואָס איז געבויט געוואָרען, ווי מען האָט מיר איבערגעגעבען, לויט דער איניציאַטיווע פון דעם רב אברהם שמואל און זיין טאָכטער מינדעל צירעל לעוו, און אין גרעסטען טייל מיט אירע אייגענע מיטלען, אזוי אַז מען האָט אים טאַקע גערופען „לעוו׳ס בית־מדרש״.

און הגם דער דאָזיגער בית־מדרש איז געווען פאַררוקט עטוואָס אָן אַ זייט פון צענטער גאַס, דאָך זיינען זיינע מתפללים געווען בלויז פון דער אינ־טעליגענץ. דאָרט האָבן זיך געפונען אויסער בעלי־בתים לומדי־תורה ווי אומעטום, אויך דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, אַפּטייקערס און פאַבריקאַנטען. די גאַנצע וואָך פלעגט דאָרט דאַוונען ר׳ שמואל שאַפּיראָ, דער וואָלאָזשינער עילוי, וואָס נאָך יעדען דאַוונען פלעגט ער לערנען דעם „דף יומי״. זיין וואונדערבאַרע, קלינגענדיגע שטימע פלעגט זיך הערען ווייט אין גאַס. דאָרט האָט אויך געדאַווענט דער באַריהמטער שטאָט־אַדוואָקאַט ישראל אפרת, אַן אויסגעצייכענטע פּערזענליכקייט, וואָס פלעגט אויך זיין דער וואָרט־זאָגער ביי גאָר וויכטיגע געזעלשאַפטליכע אָנגעלעגענהייטען, דער עיקר ביי קהל׳שע ענינים. ער איז געווען אַ קענער פוןביידע קאָדעקסען — דעם אידישען תורה־קאָדעקס, וואָס ער האָט שטודירט אין דער ישיבה, און אויך דעם יורי־דישען קאָדעקס פון דער רעגירונג, וואָס ער האָט שטודירט אַלס אַדוואָקאַט. ניט איינמאָל פלעגט ער זיך ביי געמיטליכע געשפּרעכען באַרימען, אַז אַ דאַנק זיינע שאַרפזיניגע תלמודיסטישע איינפאַלען, האָט ער פיל מאָל געהאַט גרויס ערפאָלג אין געריכט.

עס פלעגט אויך די גאַנצע וואָך באַזוכען דעם דאָזיגען בית־מדרש דער גוטמוטיגער אַדוואָקאַט חיים עוזר איינהאָרן, וועלכער פלעגט אין די פרייע טעג פון געריכט לערנען אַ פּרק משניות נאָכ׳ן דאַוונען, אַרויסווייזענדיג דער־מיט זיין רעספּעקט צו זיין ערשטער אידישער שולע, די ישיבה, וואו ער איז געווען דער בעסטער תלמיד. אויך פלעגט אַהין טעגליך קומען דער באַריהמטער אַדוואָקאַט משה לייב כמעלניצקי, דער זוהן פון באַרימטען וואַר־שעווער ראש־הישיבה, ר׳ יוסף חריף. אדוואָקאַט משה לייב כמעלניצקי איז געווען באקאנט אין שטאָט מיט זיין אויסערגעוויינליכער באַציהונג צו אַלע אונטערדריקטע און ער פלעגט זיי פאַרטיידיגען אין געריכט פאַר אַ גאָר קליינעם האָנאָראַר, אָדער אין פיל פאַלען אינגאַנצען אומזיסט.

עס האָט אויך פאַרנומען אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ ביי דער מזרח־וואַנט דער בכביד׳דיגער אַדוואָקאַט יעקב גראָדזענסקי. דער מיטעלפּונקט פון די מתפללים איז געווען ר׳ זלמן חפץ, וועלכער האָט געהאַט דעם חוש און די פעהיגקייט איינצושטעלען גלייכגעוויכט צווישען אַלע קלאַסען אין דעם דאָ־זיגען בית־מדרש. ניט ווינציג כבוד האָבען אויך אין די שפּעטערדיגע יאָרען צוגעגעבען דעם בית־מדרש די מתפללים: דער אָרטיגער אַפּטייקער יעקב אבראמסקי, דער פּראָוויזאָר נחום קראל, יעקב סטארינקעיס זיהן, דער סוחר לייב איינשטיין, יעקב ווינשטיין, דער באַשיידענער, קלוגער און זעהר־גע־לערנטער מאַן שבתי זימע לעוו, דער האָלץ־סוחר אלטער גלעמבאָצקי, משה




די ברייטע גאַס לעבען דער צערקווע
(געהענדיג קיין זאַמאַשטשע)

מרגלית, דער טאַבאַק־פאַבריקאַנט ניסן יאַנאָווסקי, דער באַרימטער דר. הענאָך אַראָנסאָן און רי אליעזר סאלמאַן. דער הויפּט־גבאי פון בית־מדרש איז געווען רי יצחק שווארץ, אַ גרויסער סוחר און אַ גרויסער רודף־שלום. די אינטעלי־גענציע פון יענער שוהל האָט פון אים תמיד פאַרלאַנגט נאָר שלישי און ששי, און וואו נעמט מען דאָס פעטע עליות פאַר אַלעמען? אָבער דאָך האָט ער מיט זיין קלוגען קאָפּ תמיד געפונען אַן אויסוועג.

רי מאיריקעס בית־מדרש האָט זיך געפונען אויף דער אָסטראָגער גאַס. דאָס איז געווען די שעהנע נדבה פון דעם זעהר פיינעם וואָלקאָוויסקער תלמיד־חכם און סוחר רי מאיר ראָזענבלום, וועלכער האָט זיין אייגען הויז אַוועק־געשענקט פאַר אַ בית־המדרש. זיין פרוי, זעלדע, איז געווען אַ גרויסע סוחר׳טע און מוטער פון דעם באַוואוסטען און זעהר געלערנטען רי אהרן ליפשיץ, וועמען מען פלעגט רופען ר׳ אהרן זעלדעס; אויך זיין שוועסטער איז געווען אַ גוט־באַקאַנטע פיגור און פילאַנטראָפּין אין וואָלקאָוויסק, וועלכע האָט זיך, צוזאַמען מ׳ט איר מאַן, ר׳ נחמן העלער, געשאַפען אַ גוטען נאָמען און כשר פאַרדינט — אַ דאַנק זייער גוטער באַציהונג צו די נויט־ליידענדע פון דער שטאָט — דעם כבוד און אָנערקענונג פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג.

עס איז דאָ אויך כדאי צו דערמאָנען דעם קליינעם קארטשיזנער בית־

מדרש מיט זיין גבאי, דער שמיד פון קארטשיזנע. דער דאָזיגער גבאי פלעגט תמיד האַלטען וואַכזאַם די מתפללים, זיי זאָלען געבען ביישטייערונגען פאַר די פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, און ער אליין פלעגט ברענגען מיט שמחה די געזאַמעלטע געלטער.

דער כאַלאַדאַיסקער בית־מדרש איז געווען אַן אַלטער, אָבער שעהנער און פיין־איינגעאָרדענטער בנין. זיינע גבאים זיינען געווען: ר׳ קאָפּיל איסר וואָלקאָוויסקי, יקותיאל נאָוויק און זאב ב״ר צבי קאַפּלאַן, וועלכע האָבען שטאַרק אָפּגעהיט דעם כבוד פון׳ם בית־מדרש מיט זיינע מתפללים.

„תפארת בחורים" בית־מדרש, וואָס איז בשעתו געבויט געוואָרען פון די „בחורי־חמד" — מיט זיין גבאי, ר׳ ישראל נאָוויק — האָט ווירקליך באַשיינט דאָס נייע געסעל. עטוואָס ווייטער, אויף דער גראָדנער גאַס, איז געווען דער גראָדנער בית־מדרש. דאָרט האָט זיך דאַן קאָנצענטרירט אַ טייל מתפללים פון דער גראָדנער גאַס. דעם אויבען־אָן האָט דאַן פאַרנומען דער בכבוד׳דיגער מתפלל, דער פאַרמעגליכער בעל־אכסניה פון „גראָדנער האָטעל", ר׳ לייב שיין. אין דעם בית־מדרש האָט שפּעטער באַשיינט די מזרח־וואַנט דער וואָלקאָוויסקער שטאַרק באַליבטער דיין ר׳ יעקב ברעסטאָוויצקי, וועלכער איז פאַקטיש פאַר פיל יאָרען געווען אין וואָלקאָוויסק דער שטעל־פאַרטרעטער פון רב און וועלכער האָט תמיד, אַ דאַנק זיין גרויסען וויסען און לומדות, באַשיינט דאָס לעבען פון דער אידישער וואָלקאָוויסקער קהילה.

און — אחרון־אחרון חביב — דאָס חסידים־שטיבעל, מיט וועלכען איך בין געווען באַזונדערס פאַרבונדען. דאָס שטיבעל האָט זיך געפונען אין אַ זעהר נאָהענטער שכנות מיט דער קאַזארמע, און דעריבער האָב איך גע־האַט די מעגליכקייט גאַנץ אָפט עס צו באַזוכען. אַלס קינד פון זעהר פרומע עלטערען בין איך, אין מיין זעלנערשען מונדיר, געווען אַ שטענדיגער אריינ־געהער אין דעם בית־מדרש. מיין הויפּט־באַגער איז דאַן געווען אויסגעלייזט צו ווערען פון גלות בכלל און פון דער פינסטערער און ווילדער קאַזארמע בפרט. כדי באַפרייט צו ווערען פון דער קאזארמע, האָב איך געדאַרפט אַוועקגעבען די בעסטע פיער יאָר פון מיין יונגען לעבען, אָבער דערפאַר האָב איך זוכה געווען צו פאַרבלייבען אַ וואָלקאָוויסקער תושב, אַ מיטגליד פון דער זעהר פיינער שטאָט.

ווי ס׳באַווייזט די גרויסע צאָל שוהלען און בתי־מדרשים, האָט וואָלקאָ־וויסק, ביים סוף פון דעם ניינצעהנטען יאָרהונדערט, פאַרנומען מיט אירע גרויסע לומדי־תורה און עכט־שעהנעם אידישען לעבען — אַ בכבוד׳דיגען פּלאַץ צווישען די אַרומיגע אידישע שטעט און שטעטלעך. אריינטרעטענדיג אין דעם צוואַנציגסטען יאָרהונדערט, האָט זיך וואָלקאָוויסק נאָך מער אַ רוק



אַ ווינקעל פון דער ברייטער גאַס
רעכטס: פּערעכאָדניק׳ס הויז; צענטער: דער צייטונג־קיאָסק פון קלמן לעוו דעם געלען.

געטאָן פאָראויס אויך אין וועלטליכען זין, און איר גוטער נאָמען איז גע־וואָקסען און פאַרשפּרייט געוואָרען אויך אין ווייטערע געגענטען.

## וואָלקאָוויסק אין אָנהויב פון 20טען יאָהרהונדערט

### שפּאָר־און־ליי־קאַסע

אין יאָר 1906 איז וואָלקאָוויסק באַרייכערט געוואָרען מיט אַ נייער אינסטיטוציע: די „וואָלקאָוויסקער שפּאָר־און־ליי־קאַסע״.

אין שטאָט האָט זיך פון שטענדיג אָן געפילט דער מאַנגעל אין מזומן געלט — איבערהויפּט ביים מיטעל־קלאַס און אָרימען אַרבייטער. די אָרימע שיכטען זיינען אייגענטליך געווען אין די הענט פון פּראָצענטניקעס און וואָ־כערניקעס, וועלכע פלעגען אויסזויגען פון דעם לווה דעם גאַנצען פאַרדינסט זיינעם. די „שפּאָר־און־ליי־קאַסע״ האָט געמאַכט אַ סוף צו דער וואַקכאַנאַליע. איך אליין בין געווען צווישען די גרינדער פון דער דאָזיגער נייער פינאַנ־ציעלער אינסטיטוציע. איך האָב זיך דאַן פאַרשטענדיגט מיט די אָנפירער

פון יק"א און בין געפאָרען, לויט זייערע אָנווייזונגען, קיין גראָדנע צום גובערנאַטאָר. איך האָב פאַר אים פאָרגעבראַכט די געהעריגע בקשה און באַקומען די נויטיגע דערלויבעניש, און מיר זיינען באַלד צוגעטראָטען צו דער רעאַליזירונג פון אונזער אויפגאַבע. עס איז אויסגעוויילט געוואָרען אַ פאַרוואלטונג פון די פאָלגענדע פערזאָנען: אהרן ליפשיץ, יעקב אַבראַמסקי, אייזיק ניימאַן, יעקב קאַנטאָר, יקותיאל בערעשקאָווסקי, שבתי זיסעל לעוו, צבי מאַזאָווער, דוב פינחאָסאָווסקי און איך. אונזער ערשטע שוועריגקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס יק"א האָט געפאָדערט פון אונז, אז מיר זאָלען פריהער שאַפען אַ גרונד־קאַפיטאַל און ערשט נאָכדעם וועט זי אונז העלפען — האָט זי צוגעזאָגט — מיט געלט־מיטלען. לויט מיין איניציאַטיוו האָבען מיר אַרויסגעגעבען אַקציעס און באַשטימט זייער ווערט צו דרייסיג רובעל אַן אַקציע. פאַר די אָרימע מיטגלידער האָבען מיר איינגעאָרדענט קליינע מאָנאַטליכע צאָלונגען פאַר די אַקציעס. צו דער זעלבער צייט האָבען מיר זיך געווענדעט צו אייניגע פאַרמעגליכע סוחרים אין שטאָט מיט דער בקשה, אז זיי זאָלען קויפען די אַקציעס פאַר מזומן געלט, ניט פאָדערענדיג פון דער קאַסע קיינע הלוואות, און אזוי־אַרום אונז געבען די מעגליכקייט צו שאַפען דעם נויטיגען גרונד־קפּיטאַל. די אונטערנעמונג איז אונז גאַנץ פיין געלונגען. איך וויל דאָ דערמאָנען, אויך וויפיל איך געדענק, מיט לויב די פערזאָנען, וועלכע האָבען מיט זייער ערנסטער באַציהונג צו דער נייער אינסטיטוציע פיל געהאָלפען אין איר גרינדונג און אַנטוויקלונג. צווישען זיי איז געווען דער אַדוואָקאַט חיים עוזר איינהאָרן, וועלכער האָט גלייך אריינגעשיקט אַלסביישטייערונג די סומע פון פופציג רובעל (אַלע מיטגלידער פון דער פאַרוואלטונג האָבען בייגעשטייערט צו דרייסיג רובעל יעדער איינער). אַ צאָל וואָלקאָווויסקער בעלי־בתים און סוחרים האָבען אויך אויסגעקויפט אַקציעס, און דערצו האָבען די ברידער העלער צוגעשיקט זייער ביישטייערונג פון הונדער"ט רובעל. אזוי ארום האָבען מיר צוזאַמענגעקליבען איבער אַכט הונדערט רובעל. יק"א האָט גלייך צוגעשיקט איר טייל פון דריי הונדערט רובעל, און די קאַסע האָט אָנגעפאַנגען צו פונקציאָנירען. אַ דאַנק דער קאָנטראָל פון יק"א איז די נייע אינסטיטוציע פאַרוואלטעט געוואָרען אויף אַ שטרענג קאָאָפּעראַטיווען אופן.

אין לעצטען יאָר פאַר דעם ערשטען וועלט־קריג האָבען די הלוואות פון דער קאַסע דערגרייכט די סומע פון דריי הונדערט רובעל צו יעדען מיטגליד. דאָס איז געווען אַ זעהר געלונגענער שריט, וואָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג אויף אַ קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין וואָלקאָוויסק.

## די צווייטע גרויסע שריפה אין וואָלקאָוויסק

אין דער גרויסער שריפה פון זומער 1908, איז כמעט דער גאַנצער צענטער פון וואָלקאָוויסק, אַריינגערעכענט דעם שוהל־הויף, אָפּגעברענט געוואָרען. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, בלויז אַ פּאָר יאָר, און די שטאָט איז אויפגעבויט געוואָרען אויפסניי, נאָך שעהנער און מאָדערנער. עס האָבען דערביי פיל ארויסגעהאָלפען, אַחוץ דער וואָלקאָוויסקער אידישער קהילה, אויך די אידישע שטעט און שטעטלעך פון דער אומגעגענד, וועלכע האָבען זיך ברייט־האַרציג אָפּגערופען אויפ׳ן וואָלקאָוויסקער הילפס־אַפּיל. מען האָט איבערגעבויט דעם שוהל־הויף. די נייע שוהל איז ווירקליך געוואָרען די צירונג פון דער שטאָט. אויך די תלמוד־תורה, וואָס איר אַלטער בנין איז כמעט אינגאַנצען פאַרניכטעט געוואָרען פון דער שריפה, איז אַ דאַנק דער ברייט־האַרציגער ביישטייערונג פון גבאי יוסף ברעסטאָוויצקי, וועלכער האָט געגעבען טויזענד רובעל פאַר דעם צוועק, איבערגעבויט געוואָרען אויף אַ פיל ברייטערען מאַסשטאַב.

## די אויפלעבונג אין זאמאָשטשער ווינקעל

אין יענער צייט האָט זיך אויך פאַנאַנדערגעבויט זאמאָשטשע. מען האָט איבערגעבויט דעם זאמאָשטשער בית־מדרש און אים אַ נאָמען געגעבען „ישורון״. ס׳איז כדאי דאָ צו דערמאָנען די גבאים: לייב דיטקאָווסקי, זאב קאפּלאן און יוסף לייב רובינאָוויטש, וועמען עס איז געלונגען פיל צו דער־גרייכען אַ דאַנק זייער ענערגישער אַרבייט. ס׳האָבען זיי ארויסגעהאָלפען פילע מתפּללים, ווי: בן־ציון ליפשיץ, אברהם מילקאָוו, זאב וועלוועלסקי, משה אביגדור טאַראַן, מרדכי טאַרמאַ, אהרן סמאזאנאָוויטש, און אַנדערע. אויך די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבען בייגעשטייערט צו דעם צוועק.

## דער ערשטער וועלט־קריג

אין יאָר 1914, ווען דער ערשטער וועלט־קריג האָט אויסגעבראָכען, האָט זיך אָנגעהויבען אַ טרויעריג בלעטעל אין דער געשיכטע פון דער וואָלקאָ־וויסקער אידישער קהילה.

באַלד איז וואָלקאָוויסק אריינגעפאַלען אינ׳ם אָקופּאַציע־געביט, און דער דער לויף פונ׳ם נאָרמאַלען אידישען לעבען איז אָפּגעשטעלט געוואָרען.

איך אליין בין אויך אין יאָר 1915, ערב דעם אָנקומען פון די דייטשע אָקופּאַנטען קיין וואָלקאָוויסק, אַנטלאָפען פון דאָרט און האָב זיך אומגעקערט אין מיין אַלטער היים, אוקראַינע. אַ פּאָר יאָר נאָכ׳ן אויסברוך פון דער באָל־שעוויסטישער רעוואָלוציע האָב איך זיך ווידער געלאָזט אין וועג אריין מיט דער אַבזיכט זיך צו דערשלאָגען קיין וואָלקאָוויסק. מיט גרויס מיה בין איך

אָנגעקומען קיין מינסק און פון דאָרט געוואָלט פאָרזעצען מיין וועג קיין וואָל־קאָוויסק. אָבער צוליב דער פויליש־רוסישער מלחמה האָב איך זיך געמוזט פאַרהאַלטען אויף אַ קורצער צייט אין מינסק. אין מינסק האָב איך דאַן באַגעגענט אַ סך יונגעלייט פון וואָלקאָוויסק און פון דער וואָלקאָוויסקער אומגעגענד, וואָס זיינען פון די באָלשעוויקעס אַהין פאַרשלעפט געוואָרען. הונגעריגע, נאַקעטע און קראַנקע האָבען זיי זיך אַרומגעשלעפט אויף די מינסקער גאַסען. צווישען זיי איז דאַן געווען משה רובינאָוויטש — וועלכער איז שפּעטער געווען דער לעצטער פאָרזיצענדער פון דער וואָלקאָוויסקער קהילה, דער לערער שלום רובינשטיין, דר. יאַנאָווסקי מיט זיין פרוי (פון גראָדנע), יודעל נאָוואָגרודסקי און יעקב גובאר. איך האָב זיי אַלעמען געהאָלפען אויף וויפיל איך האָב געקענט צוריקצוקערען זיך קיין וואָלקאָוויסק.

דעם 26טען דעצעמבער 1920 בין איך ענדליך, נאָך פיל שוועריגקייטען, צוריקגעקומען בשלום קיין וואָלקאָוויסק מיט אַלע מיינע באַגלייטער.

## וואָלקאָוויסק נאָך דער מלחמה

ביי מיין אָנקומען קיין וואָלקאָוויסק האָב איך געפונען די שטאָט היפּש רואינירט. פיל פאַרמעגליכע סוחרים זיינען אינגאַנצען פאַראָרימט געוואָרען. די אָרימקייט איז בכלל געווען אומגעהויער גרויס אויף דער אידישער גאַס. די נייע פוילישע מאַכט איז געווען מאַכטלאָז ביים אויפשטעלען אָרדנונג אין שטאָט און די אידישע באַפעלקערונג איז מייסטענס געווען אָנגעוויזען אויף אירע אייגענע כוחות. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, און די אידישע ענערגיע און וויטאַליטעט האָבען זיך געלאָזט מערקען אויף יעדען געביט. און ניט געקוקט אויף דעם וואָס די פוילישע רעגירונג האָט אפילו ניט ארויסגעוויזען קיין נייגונג צו באַטראַכטען די אידישע באַפעלקערונג ווי גלייכע בירגער, האָבען זיך די אידישע מאַסען צוביסלעכווייז געשטעלט אויף די אייגענע פיס און גענומען זיך צום אויפבוי־ווערק.

עס איז אין יענער צייט געגרינדעט געוואָרען אַ נייער שטאָט־ראַט, אין וועלכען עס זיינען אריין: שלום באראש, אפרים באראש, יעקב קאָנצעפּאָלסקי, אלעקסאנדער מאקאָוו, יוסף לייב שיפּיאצקי, מלך חאנטאָוו, יחיאל פשעניצקי, שלמה מאַנדעלבלום, שמואל קאַפּלאַן, משה לייב כמעלניצקי און אויך רוזשאנסקי (דעם ביאַליסטאָקער בעקער'ס אידעם). זיי האָבען זיך באַלד גענומען ענערגיש צו דער ארבייט צו באַוואָרענען די בירגערליכע און עקאָנאָמישע רעכט פון דער אידישער באַפעלקערונג.

## דער ערנסטער כלל־טוער אינזשעניר אפרים באַראַש

נאָך דעם ערשטען וועלט־קריג, ווען עס איז נויטיג געווען אויסערגעוויינליך שווער צו אַרבייטען, כדי אויפצולעבען די רואינירטע שטאָט און



אפרים באַראַש

אויפצושטעלען דאָס אידישע לעבען אין זיינע פריהערדיגע ראַמען, איז אַרויס־געטראָטען אויף דער אַרענע פון געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט דער יונגער, עהרליכער און ערנסטער כלל־טוער, אינזשעניר אפרים באַראַש. מיט זיין גרויסער ענערגישער אָרגאַניזאַציאָנס־קראַפט און שטאַרקען ווילען האָט ער זיך אריינגעוואָרפען אין דער הילפס־אַקציע פאַר זיינע ברידער, די וואָלקאָ־וויסקער אידען. זיין פּאָפּולאַריטעט אַלס איבערגעגעבענער געזעלשאַפטליכער טוער, האָט אים געגעבען די מעגליכקייט אין גאָר אַ קורצער צייט צו קאָנ־צענטרירען אַרום זיך די אידישע מאַסען און אויך אַלע אָנגעזעהענע עסקנים פון דער שטאָט. ער איז דערוועהלט געוואָרען אַלס ראַטמאַן אין שטאָט־ראַט, וואו עס איז אים דאַן אויסגעקומען צו פיהרען אַ שווערען קאַמף מיט פאַר־שיידענע געגנער און אַנטיסעמיטישע עלעמענטען — אַ קאַמף, פון וועלכען ער איז אַרויס דער געווינער. און דער קאַמף איז ניט געווען קיין לייכטער פאַר אים, ווייל זיינע געגנער זיינען געווען פאַרמאַסקירט און האָבען ניט גע־האַט די חוצפה אַרויסצוקומען אין דער עפענטליכקייט מיט זייער אמת'ען פּרצוף. אַ דאַנק דעם צוטרוי, וואָס די אידישע מאַסען האָבען צו אים גע־האַט, איז אים געלונגען, מיט געמיינזאַמע כוחות, צו באַקעמפען די פיינדליכע

האַלטונג פון דער פּוילישער רעגירונג און אויך צו באַזיגען די פינסטערע כּוחות, וועלכע האָבען געוואָלט אונטערגראָבען די עקזיסטענץ פון דעם אידי־שען ישוב אין שטאָט.

אינזשעניר בּאַראַש האָט פאַרשטאַנען, אַז אָהן שטאַרקע פינאַנץ־אַנ־שטאַלטען, וועט מען בשום אופן ניט קענען צוריק אויפבויען דעם רואינירטען האַנדעל אין שטאָט, און שטעלען אויף די פיס די ארבייטער. דעריבער איז איינער פון זיינע ערשטע שריט געווען די גרינדונג פון אַ פינאַנציעלען אַפּאַראַט, וואָס זאָל זיין דאָס אייגענטום פון דער אידישער געזעלשאַפט און איר דינען אין אַלע אירע נויטען.

## די גמילות־חסדים קאַסעס אין וואָלקאָווישק

אין אָנפאַנג יאָר 1922 האָט אינזשעניר א. בּאַראַש באַזוכט דעם דזשאָינט־דירעקטאָר, גיטערמאַן, אין וואַרשע און האָט מיט אים פאַרהאַנדעלט די ערנסטע פראַגע פון אַ גמילות־חסדים קאַסע פאַר וואָלקאָווישק. דער דזשאָינט האָט אויך דאַן פארלאנגט, אַז די וואָלקאָווישקער אידישע באַפעלקערונג זאָל צושטעלען אַ האַלבן ... נייע גלוי ... ער זאָל צוערשט שאַפען דעם גרונד־קאַפּיטאַל פאר אזא אינסטיטוציע, און דאַן וועט ער געבען זיין חלק אין געלט־מיטלען. דער מאַקסימום פון דעם דזשאָינט'ס שטיצע צו יעדער ניי־געגרינדעטער קאַסע איז דאַן באַשטאַנען פון צוויי הונ־דערט ביז פינף הונדערט זלאָטעס. אָבער אינזשעניר א. בּאַראַש האָט מיט זיין עקשנות'דיגער שטעלונג, געווירקט אויף דעם דירעקטאָר גיטערמאַן ער זאָל, אַלס אַן אויסנאַם, שטיצען די וואָלקאָווישקער קאַסע מיט פופצעהן הונ־דערט זלאָטעס, מיט'ן באַדינג, אַז אויך די וואָלקאָווישקער אידישע באַפעל־קערונג זאָל אַנטקעגען קומען מיט פופצעהן הונדערט זלאָטעס פאַר דער קאַסע אַלס גרונד־קאַפּיטאַל. אפרים בּאַראַש האָט זיך דאַן אומגעקערט קיין וואָלקאָווישק, צונויפגערופען אַ ספּעציעלע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, פאָרגע־לעגט פאַר דעם עולם די גאַנצע פראַגע און באַטאָנט די אומגעהויער גרויסע וויכטיגקייט פון דער גרינדונג פון אזא אינסטיטוציע. עס איז באַלד אויסגעוועהלט געוואָרען אַ פאַרגרעסערטער קאָמיטעט פון 41 פערזאָן, צווישען וועלכע איך בין געווען וויצע־פּרעזידענט. אָבער צוליב דער גרויסער אָרימ־קייט אין שטאָט, האָט מען בשום אופן ניט געקענט צונויפשטעלען די נויטיגע סומע פון פופצעהן הונדערט זלאָטעס. אינזשעניר בּאַראַש האָט אויף זיין איי־גענער גוטהייסונג באַקומען פון חנא קאבושאצקי, אַ רייכער תושב פון שטאָט, א הלוואה אויף זעקס הונדערט זלאָטעס, וואָס האָבען צוגעפּעלט צו דער סומע. דאָס איבעריגע איז געשאַפען געוואָרען צווישען די מיטגלידער פון קאָמיטעט — אומגעפער צוואַנציג זלאָטעס פון יעדען איינעם. אזוי אַרום האָט אינ־זשעניר בּאַראַש באַקומען די סומע פון פופצעהן הונדערט זלאָטעס פון

דזשאַינט, און מיט׳ן גרונד־קאַפּיטאַל פון דריי טויזענד זלאָטעס איז די קאַסע געגרינדעט געוואָרען. אַלס פאַרוואַלטער פון דער קאַסע איז באַשטימט געוואָרען דער ענערגישער בוכהאַלטער מ. טאַרמאַ (איצט אין חיפה).

קורץ נאָכדעם איז אויך געגרינדעט געוואָרען אַ צווייטע גמילות־חסדים־קאַסע ביים קליינהענדלער פאַראיין — אויך אויף דער איניציאַטיווע פון אינזשעניר אפרים באַראַש. פאַר מיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל האָב איך בייגעשטייערט צו פופציג זלאָטעס פאַר יעדער איינער פון די אויבען־דערמאָנטע צוויי גמילות־חסדים קאַסעס.

## די לאַגע פון די וואָלקאָוויסקער סוחרים

די גמילות־חסדים קאַסעס האָבען זעהר פיל געהאָלפען דער אידישער באַפעלקערונג אין וואָלקאָוויסק, און איבערהויפּט די קליין־הענדלער, האַנטווערקער און אַרבייטער. אָבער אינזשעניר באַראַש האָט זיך ניט באַגנוגענט מיט די גוטע פּאָזיטיווע רעזולטאַטען פון זיינע ערשטע שריט אויף דעם געביט, און ער האָט באַשלאָסען אויך אנטקעגען צו קומען די אָרטיגע אידישע סוחרים, וועלכע זיינען נאָך צו זיך ניט געהאַט געקומען פון די שווערע פאַלגען פון וועלט־קריג. די וואָלקאָוויסקער אידישע באַנקירען פון פאַר דער מלחמה זיינען אונטערגעגאַנגען. די וואָלקאָוויסקער אידישע סוחרים האָבען דורכדעם פאַרלאָרען דעם נויטיגען געלד־קרעדיט, וועלכען זיי פלעגען פריער באַקומען אין די אָרטיגע בענק. און די פאָלגען פון דעם זיינען געווען נאָך שווערערע, ווייל אויך דער וועקסעל־קרעדיט איז צוריק ניט אויפגעשטעלט געוואָרען. דער מסחר האָט זיך נאָך דאַן ניט געהאַט סטאַביליזירט נאָכדעם גרויסען חורבן, וואָס די מלחמה האָט פאַראורזאַכט. וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע גרויסע האַנדעלס־צענטערען פון פּוילען האָבען געפירט דעם האַנדעל בלויז אויף מזומן געלט.

## דער באַנק־וועזען אין וואָלקאָוויסק נאָכ׳ן ערשטען וועלט־קריג

די פּוילישע רעגירונג האָט באַלד פון ערשטען טאָג אָן פון איר מאַכט אַרויסגעגעבען אַ געזעץ איינצוהאַלטען אין אירע הענט די אויסלענדישע וואַלוטע, דער עיקר די אַמעריקאַנער דאָלאַרען, וועלכע פלעגען געשיקט ווערען אַלס שטיצע צו די אידען פון זייערע קרובים אין אַמעריקע. די דאָזיגע דאָלאַרען פלעגען צוערשט אומגעביטען ווערען פון דער רעגירונג אויף מאַרקען, און שפּעטער — אויף די וואַקלענדיגע זלאָטעס. אזוי ארום האָט די פּוילישע מאַכט אָנגעזאַמעלט — אַ דאַנק אירע אידען — אַ היפּש ביסעל פעסטע וואַלוטע, וואָס האָט איר געדינט אַלס גרונד־רעזערוו פאַר דער סטאַבילירונג פון איר צענטראַל־באַנק — באַנק פּאָלסקי. עס זיינען באַלד געעפענט

געוואָרען אָפּטיילונגען פון דער באַנק אין אלע גרעסערע פּוילישע שטעט, אָבער אומעטום איז דער קרעדיט פאַר די אידען געווען שטאַרק באַגרעניצט — ביז צו אַ מינימום. די שאָוויניסטישע פּאָליאַקען האָבען געהאָפּט אזוי־אַרום צו פאַרשטעלען פאַר די אידען דעם וועג צו מסחר, און צו קאָנצענטרי־רען דעם גאַנצען פּוילישען האַנדעל אין די קריסטליכע הענט. די רעגירונג האָט אָבער איין זאַך פאַרגעסען, אַז אחוץ פאָנדען פאָדערט זיך אויך אויף דעם געביט אַן אויסערגעוויינליך שטאַרקע ענערגיע, א ריכטיגער אָרגאַניזאַציאָנס־אַפּאַראַט, און דער עיקר סוחר׳ישער פאַרשטאַנד — אַ זאַך, וואָס אידען האָבען גראָד פאַרמאָגט.

## די קאָאָפּעראַטיווע באַנק פון אידישע סוחרים

אין יאָר 1926 איז אינזשעניר אפרים באראש צוגעטראָטען צו דער גרינ־דונג פון אַ אידישען באַנק־וועזען אין וואָלקאָוויסק. אין פאַרלויף פון עטליכע וואָכען האָט ער באַקומען די דערלויבעניש צו עפענען אַ קאָאָפּעראַטיווע באַנק פאַר אידישע סוחרים. עס האָט זיך געפאָדערט אַ געהעריגער גרונד־קאַפּיטאַל, און אויך דאָס איז געשאַפען געוואָרען אַ דאנק דער אַנטשלאָסענקייט פון דעם איניציאַטאָר באראש, וועלכער האָט באַלד פאָרגעלייגט פאַר אלע מיטגלידער פון דער פארוואלטונג צו לייהען דער באַנק די געהעריגע סומען געלט אויף פיר חדשים אָהן פּראָצענט. אַלס ביישפּיל האָט ער באַלד אריינגעטראָגען, צוזאַמען מיט זיין פאָטער שלום, די סומע פון טויזענט דאָלאַר. אויף אַזאַ אופן איז אין אַ קורצער צייט געשאפען געוואָרען דער נויטיגער גרונד־קאַ־פּיטאל און די באנק האָט אָנגעפאנגען צו פונקציאָנירען. פאַר די פּוילישע באַנקירען איז דאָס געווען אַ גרויסער קלאַפּ. די אידישע באַנק האָט באַלד פון אָנהויב פון איר עקזיסטענץ ארויסגעוויזען אַ מעכטיגע אַקטיוויטעט. זי האָט געוואונען דעם צוטרוי פון פיל אנדערע בענק און האנדעלס־אַנשטאַלטען, וועלכע האָבען איר אָנגעטרויט זייערע אינקאסאָ־חשבונות. די באנק האָט באַקומען רעדיסקאָנטאָ־קרעדיט פון דעם צענטראַלען קאָאָפּעראַטיווען סוחרים־פאַראיין, און שפּעטער אויך פון דער צענטראַלער פּוילישער באַנק.

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 365

### ראַט און פאַרוואַלטונג פון דער וואָלקאָוויסקער קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס־באַנק אין יאָר 1929

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: אהרן סמאַזאַנאָוויטש (דער שוסטער), סעראָקע פון די ראַד־קראָמען, יאָסעל יונאָוויטש, שמואל קאַפּלאַן, אברהם אליהו מאַרקוס, ידידיה מאַראַטשניק, אברהם קאַגאַנאָוויטש; צווייטע רייהע: פּייוויל צירולניצקי, הערשעל ראַוויצקי, דוד עפּשטיין (דער אַגענט), מיכל זאַן־מאַזיע, יעפים רענזאָן, מרדכי גילער; דריטע רייהע: אברהם שאַלאַחאָוויטש, שכנא דוואָרעצקי, יודעל זאַלאַטניצקי.



ראַט און פאַרוואַלטונג פון דער וואָלקאָוויסקער קאָאָפּערעאַטיווער פאָלקס-באַנק אין יאָר 1929

נעמען אויף זייט 364

צום צעהנטען יובילייאום פון דער עקזיסטענץ פון דער דאָזיגער אידישער באַנק־אינסטיטוציע, האָט דער באַנק־רעקאָרד געצייגט אַן אומזאַץ פון אייניגע מיליאָנען זלאָטעס מיט אַן אייגענעם אָנשטענדיגען גרונד־קאַפּיטאַל. אויפ׳ן פאָרשלאג פון גרינדער און פּרעזידענט פון דער דאָזיגער אינסטיטוציע, אינ־זשעניר א. באראש, האָבען די גרינדונגס־מיטגלידער איינגעשטימט איבער־צולאָזען די יערליכע דיווידענדען פון די אַקציעס צו גונסטען פון די רע־זערוועז פון דער באַנק — אַ זאַך וואָס האָט, צוזאַמען מיט די איבעריגע פאַר־דינסטען, געשטעלט די באַנק אויף אַ פעסטען פונדאַמענט. אין די יאָרען פון 1935־1936, די צייט פון שווערען קריזיס אין פּוילישען באַנק־וועזען, ווען פיל פּוילישע און אידישע בענק האָבען זיך אינגאַנצען געשלאָסען, איז די וואָלקאָווויסקער אידישע קאָאָפּעראַטיווע באַנק פאַר סוחרים, אַ דאנק דעם ריכטיגען פינאַנציעלען פּלאַן פון איר פּרעזידענט א. באראש, געווען פון די איינציגע בענק אין פּוילען, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט דעם שווערען קריזיס און זיינען בכבוד׳יג געבליבען עקזיסטירען. אין דער פאַרוואלטונג פון דער באַנק זיינען געווען: אינזשעניר א. באראש, **דירעקטאָר**; שלמה מאַנדעלבלום, עוזר קאַפּלאַן, משה רובינאָוויץ, י. מעדוועדעוו, אליהו שייקעוויטש, פּ. קאַזאַצקע, הערשיל מאַזאָווער, א. וועלוועלסקי, עקיבא יודזשיק און ר. קאפּטשעווסקי; **אין ראַט פון דער באַנק זיינען געווען**: מיליסטאָווסקי, אנשעל בליאכער, קלמן באַרטנאָווסקי, שמעון פיינשטיין, י. דוואָרעצקי, י. אינקער, חנא קאבוזשאצקי, י. לידסקי, וו. פּאטאַקאָווסקי; **אין דער רעוויזיאָן־קאָמיסיע זיינען געווען**: אינזשעניר מ. פּשעניצקי, פּראָוויזאָר נחום קראַל און חנא שיף.

עס איז אויך כדאי דאָ צו דערמאָנען די אידעלע פרוי פרומקע קאַבוזשאַצקי, וועלכע האָט פון ערשטען טאָג אָן וואָס די באַנק איז גע־גרינדעט געוואָרען פאַרשפּראָכען דעם פּרעזידענט צו קומען צו הילף אין פינאַנציעלע אָנגעלעגענהייטען, ווען די באַנק וועט זיך אין איר שטיצע נויטיגען. זי האָט אויך איר צוזאָג הייליג געהאַלטען פאַר אַ לאַנגער צייט און איז אַנטקעגען געקומען דער באַנק מיט גרויסע הלוואות.

די באַנק האָט אויך ארויסגעצייגט גרויסע קאָאָפּעראַציע אין באַצוג צו די גמילות־חסדים קאַסעס. און דאָ איז כדאי צו באַצייכענען איר שטיצע, וואָס זי האָט געגעבען צו די קאַסעס אין דער פאָרם פון יערליכע הלוואות אָהן פּראָצענט מיט׳ן צוועק ארויסצוהעלפען די אָרימערע קרעמער ענדע יעדען יאָר אויסצוקויפען אַ נייעם פּאַטענט אין צייט, כדי אויסצומיידען אַ רעגי־רונגס־שטראָף.

## די קאָאָפּעראַטיווע באַנק פון בעלי־בתים פון אומבאַוועגליכע גיטער

קורץ נאָך דער גרינדונג פון דער ערשטער קאָאָפּעראַטיווער סוחרים־באַנק, איז אויף דער איניציאַטיווע פון יונגען באַנקיר פּאַרבער, געגרינדעט געוואָרען אַ נייע קאָאָפּעראַטיווע באַנק ביי דעם פאַראיין פון די וואָלקאָוויסקער בעלי־בתים. אויך די באַנק האָט זיך זעהר שנעל ענטוויקעלט, און אין יאָר 1938 האָט זי שוין פאַרמאָגט אַן אייגענע פּרעכטיגע געביידע, וועלכע האָט פריהער געהערט צום סוחר אליעזר שאליוטע.

פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטען אויפ׳ן באַנק־געביט איז אינזשעניר אפרים בארַאש, אין יאָר 1937, דערוועהלט געוואָרען אַלס מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג פון דעם צענטראַלען קאָאָפּעראַטיווען סוחרים־פאַראיין אין וואַרשע.

אינזש. אפרים באַראַש איז געווען פאַררעכענט אַלס איינער פון די וויכטיגסטע כלל־טוער פון וואָלקאָוויסק. אויסער זיין אויסגעצייכענטער טעטיגקייט אַלס ראַטמאַן פון שטאָט, גרינדער פון גמילות־חסדים קאַסעס און פאַרשיידענע האַנדעלס־בענק, איז ער אויך געווען דער הויפּט־פירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין וואָלקאָוויסק און איז געווען זעהר טעטיג לטובת אַלע וויכטיגסטע נאַציאָנאַלע אידישע אינסטיטוציעס און פאָנדען, ווי אויך לטובת דעם העברעאישען שול־וועזען אין וואָלקאָוויסק.

## אינזשעניר א. באראש אַלס דירעקטאָר פון ביאַליסטאָקער קהילה

אין יאָר 1937 איז אינזשעניר באראש איינגעלאַדען געוואָרען אַלס דירעקטאָר פון דער באַרימטער ביאַליסטאָקער קהילה. עס איז אים געווען זעהר שווער צו פאַרלאָזען זיין געבורטס־שטאָט מיט אירע פילע וויכטיגע אינסטיטוציעס, פון וועלכע ער אליין איז געווען דער גרינדער און וועלכע האָבען זיך אזוי פיין אַנטוויקעלט אונטער זיין גלענצענדער פירערשאַפט. אָבער ער האָט אָנגענומען דעם נייעם אַמט, הגם ער איז אויך אויף ווייטער פאַרבליבען פּרעזידענט פון דער קאָאָפּעראַטיווער סוחרים־באַנק און האָט פאָרגעזעצט צו נעמען אָנטייל אין די שטאָטישע וואָלקאָוויסקער אינסטיטוציעס, ווען נאָר מען האָט זיך געווענדעט אין זיין מיטהילף. אויך אין ביאַליסטאָק האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין איבערגעגעבענער אַרבייט צו גונסטען דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג פון דער ארבייטערשאַפט און אנדערע אָרימע שיכטען. זיין פּאָפּולאַריטעט איז שטאַרק געוואַקסען אין שטאָט, און ווען ביאַליסטאָק איז אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַריבער צו די רוסען, האָט די רוסישע מאַכט גענומען אין אַכט זיין טעטיגקייט און פּאָפּולאַריטעט אין

שטאָט און האָט איבערגעגעבן אין זיינע הענט די אָנפיהרונג מיט אַלע פאַבריקען פון דער שטאָט. אַ דאַנק זיינע אויסערגעוויינליכע פעהיגקייטען האָט ער צופרידענגעשטעלט די ארבייטער ווי אויך די אינדוסטריעלער. ער האָט געשאַפען פיל אַרבייטס־פּלעצער פאַר דער אָרימער אידישער באַפעל־קערונג. ווען די רוסען האָבען זיך צוריקגעצויגען פון ביאַליסטאָק, האָט אינזשעניר בּאראש, אַ דאַנק זיינע אויפטועו און גוטע פאַרבינדונגען, געהאַט די פולע מעגליכקייט אויך צו פאַרלאָזען די שטאָט און זיך עוואקואירען קיין רוסלאנד. אָבער ער האָט דאָס ניט געטאָן, ווייל ער האָט געפילט, אז עס ליגט אויף אים די פאַראַנטוואָרטליכקייט, אַלס הויפּט פון דער אידישער קהילה, צו בלייבען צוזאַמען מיט זיינע ברידער אין צייט פון נויט — און ער איז פאַרבליבען אין שטאָט. ווען די דייטשען זיינען אריין אין ביאַליסטאָק, איז אים אין אָנפאַנג געלונגען צו געווינען אויף זייער צוטרוי, און ער האָט אַזוי־אַרום פאַרגעזעצט זיין איינפלוסרייכע ארבייט, אָנגעהאַלטען אָרדנונג אין דעם פאַבריק־וועזען, און האָט ניט צוגעלאָזען צו קיין אַרבייטסלאָזיגקייט צווישען דער ביאַליסטאָקער אידישער באַפעלקערונג — אַ זאַך, וואָס האָט אויך פאַר־לענגערט דאָס לעבען פון דער אידישער קהילה און אָפּגעלייגט די פארניכ־טונג פון דער אידישער באַפעלקערונג, וואָס דאָס איז געווען אַ טייל פון דעם נאַצי־פּראָגראַם. זיין אַמט איז ניט געווען קיין לייכטער. ער האָט שטענדיג געמוזט שטעהן אויף דער וואַך און פאַרהיטען די אָרטיגע אידען — ווי אויך די אָנגעקומענע אידען פון די ארומיגע שטעטלעך, וועלכע זיינען אויך פאַר־שיקט געוואָרען אין ביאַליסטאָקער געטאָ — פון די שווערע גזירות פון די בלוט־דורשטיגע נאַצים.

אין דער „ביאַליסטאָקער שטימע" פון יאַנואַר 1947 איז געדרוקט גע־וואָרען אַ היסטאָרישער דאָקומענט פון דעם באַוואוסטען שריפטשטעלער און רעדאַקטאָר, פּסח קאַפּלאַן, וואָס מען האָט געפונען צוזאַמען מיט אַנדערע אַרכיוו־מאטעריאַלען פון דעם ביאַליסטאָקער געטאָ. אין דעם דאָזיגען היס־טאָרישען דאָקומענט ווערט, צווישען אַנדערעס, געשריבען פאָלגענדעס וועגען דעם הויפּט־פירער פון ביאַליסטאָקער אידענראַט: „אינזשעניר באַראַש ווערט דורכין ברייטען פובליקום געהאַלטען פאַרין דיקטאַטאָר פון געטאָ. ער איז פאַקטיש דער איינציגער, וואָס האַלט כסדר די האנט אויפין דופק און פיהרט אומאויפהערליך דעם קאַמף אויף ביידע פראָנטען: סיי מיט די דייטשען צו באַזייטיגען אָדער פאַרקלענערען, אָדער אָפּרופען, שווערע גזירות, און סיי מיט אידען — צו באַזייטיגען חסרונות און עוולות, פאַר אונזער איי־גענער טובה. זיין הויפּט־מעלה איז די געוואַלדיגע ענערגיע, גראַדליניקייט, עקשנות, אומגעהויערע פּינקטליכקייט, און דער עיקר — נקי־כפּיים. מיט

אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיט שטאָלץ פון אייגענער גערעכטיגקייט, קוקט ער אַלעמען אין די אויגען און פאָדערט אומ־ברחמנותידיג דאָס זעלבע אויך פון זיינע מיטאַרבייטער.

„ער צייכענט זיך אויך אוים מיט אַ גיכער אָריענטאַציע, אומגעוועהנליכען שכל־הישר און לאָגישקייט פון טראַכטען און רעדען. אויך זיינע רעדעס זיינען שטאַאַטמענישע, קורצע, זאַכליכע, אהן איבעריגע ווערטער, מיט אַ וואונדערבאַרער געבונדענקייט און קלאָרקייט. די דיקטאַטאָרישקייט שטימט אפשר מיט זיין כאַראַקטער, אָבער ניט מיט זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען, דעריבער איז ער ביי יעדען פאַראַנטוואָרטליכען שריט זיך מיישב מיט׳ן פּרע־זידיום, אפילו עטליכע מאָל אַ טאָג. פון צייט־צו־צייט קומען אויך פאָר זיצונ־גען פון ראַט, מיט גענויע פּראָטאָקאָלען (געשריבען דורך ר. גוטמאַן), און ביי גאָר ערנסטע מאָמענטען, ווען עס שוועבט אַ סכנה פאַרין געטאָ און מען דאַרף פאַר עפּעס זאָרגען, ווערען צונויפגערופען גרויסע, עפנטליכע פאַר־זאַמלונגען אין „לינת־הצדק״, וואו די הויפּט־ראָלע שפּילט די רעדע פון אינזשעניר באַראַש, וועלכע פלעגט תמיד אין געטאָ געטייטשט און גע־פשטילט ווערען, ווי די ווערטער פון ,אורים ותומים׳.״

**לײדער איז ער אָבער אַוועק, גלייך מיט אלע אנדערע אידען, מיט איינעם פון די ביאַליסטאָקער טראַנספּאָרטען קיין מאַידאַנעק און איז דאָרט אומגע־קומען. מיט אים זיינען אויך אומגעקומען זיינע צוויי זיהן. זיין פרוי, דר. יוכבד באַראַש, איז שפּעטער אומגעקומען אין אוישוויץ. איין זוהן זיינער, וועלכער איז שוין צו יענער צייט געווען אין ארץ־ישראל און האָט שפּעטער געדינט אין דער אידישער בריגאַדע, איז אָבער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם גורל פון זיין פאַמיליע, קראַנק געוואָרען און איז אין עלטער פון 28 יאָר געשטאָרבען.**

# דער וואָלקאָווסקער בית־יתומים

די לאַגע פון די אידישע יתומים אין וואָלקאָוויסק איז אין משך פון פיל יאָרען געווען זעהר אַ טרויעריגע. אבערהויפּט האָבען די יתומים מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ דרינגענדען פּראָבלעם נאָכ'ן ערשטען וועלט־קריג, ווען זייער צאָל האָט זיך צוליב דער מלחמה שטאַרק פאַרגרעסערט, און אין שטאָט האָט זיך ניט געפונען קיין איין אַנשטאַלט, וואָס זאָל זאָרגען פאַר די אומגליקליכע נפשות. די עלענדע יתומים פלעגען מייסטענס זיך וואַלגערען אין די גאַסען — בעטלענדיג נדבות אויף אויפצוהאַלטען דעם אָפּגעצערטען קערפּער — אָהן וועלכער ס'איז דערציהונג און אויפזיכט און אָהן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ. ביסלעכווייז האָט די אידישע באַפעלקערונג אָנגעהויבען צו פאַרשטעהן די נויטוועגדיגקייט און דרינגליכקייט פון גרינדען אַ ספּעציעלען אַנשטאַלט וואָס זאָל זיך אינטערעסירען מיט דער אַלץ־וואַקסענדער צאָל אידישע יתומים. מען האָט טאַקע באַשלאָסען צו אָרגאַניזירען אַ יתומים־פאַרזאָרגונג־געזעלשאַפט, וואָס זאָל אויף זיך נעמען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער דערציהונג און דעם וואוילזיין פון די עלענדע יתומים.

ווען איך האָב זיך, צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע, צוריקגעקערט קיין וואָלקאָוויסק אין דעצעמבער 1920, האָט זיך מיר באַלד געוואָרפען אין די אויגען די גרויסע צאָל יתומים און אָרימע אלמנות — די קרבנות פון קריג — און דער געדאַנק צו גרינדען אין וואָלקאָוויסק אַ יתומים־הויז איז ביי מיר דאַן געבאָרען געוואָרען. עס איז נאָך ביי מיר געווען פריש אין זכרון דאָס בילד פון די בלוט־בעדער אין רוסלאַנד, וואו אזויפיל יונגע לעבענס זיינען אומגעבראַכט געוואָרען אויף אַ בעסטיאַלישען אופן אין די אוקראַאינער פּאָגראָמען, און הגם איך האָב זיך דאַן געפונען אין אַ שלעכטער מאַטעריעלער לאַגע, האָב איך דאָך באַשלאָסען זיך צו ווידמען דער אויפגאַבע פון אויפשטעלען אַ אידיש יתומים־הויז אין וואָלקאָוויסק, וואָס זאָל זאָרגען פאַר די עלענדע יתומים.

ווען איך האָב איבערגעגעבען וועגען מיין באַשלוס דעם וואָלקאָוויסקער רב, הרב אבא יעקב באָרוכאָוו, האָט ער אויסגעדריקט זיין צופרידענהייט מיט דער אויפגאַבע, וואָס איך האָב אויף זיך גענומען און מיר געוואונשען ערפאָלג אין מיינע באַמיהונגען. איך האָב זיך באַלד געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט אַ צאָל אָנגעזעהענע בעלי־בתים פון שטאָט, וועלכע האָבען מיר צוגעזאָגט צו געבען די נויטיגע שטיצע. פיל האָט מיר אַרויסגעהאָלפען פון אָנהויב אָן דר. ראָזע איינהאָרן, וועלכע איך האָב נאָך געקענט אַלס גימנאַזיסטין אין

גראָדנער גימנאַזיע. זי האָט געהאַט אַ גוט האַרץ און, הגם זי אַליין האָט געשטאַמט פון אַ פאַרמעגליכער פאַמיליע, איז זי אָבער געגויגט געווען תמיד צו שטיצן די אָרימע מאַסען, פאַר וועלכע עס איז איר קיין זאַך ניט געווען צו שווער צו טאָן. אויך האָבען מיר בייגעהאָלפען פרוי חנה שרה יודזשיק, וועלכע האָט געהאַט אַ געבאָרענע אייגענשאַפט פאַר געזעלשאַפטליכער אַר־בייט; פערל לעוו (דעם ביאַליסטאָקער בעקער׳ס טאָכטער), וועלכע האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איר גוטען כאַראַקטער, און דער גרויסער תלמיד־חכם הרב ר׳ אברהם זלמן קורץ.

מיר האָבען דאַן געגרינדעט אַ גרופּע, אין וועלכער עס זיינען אויך געווען די פאָלגענדע: אנשעל בליאכער, ברוך יונאָוויטש, שבתי גאָרדאָן, אליעזר קאַפּעלושניק, יוסף לייב שיפּיאַצקי, מרדכי גילער, ווי אויך דער פאַרוואלטער פון הוואווער׳ס קיך — אליהו שלאָסבערג.

דעם 6טען אפּריל 1921 איז פאָרגעקומען די ערשטע אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונג, אויף וועלכער דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון יתומים־פאַרזאָרגונג איז צום ערשטען מאָל אלזייטיג באַהאנדעלט געוואָרען. איך האָב דערקלערט פאַר די פאַרזאַמעלטע די אומגעהויערע נויטווענדיגקייט צו גרינדען אַ בית־יתומים פאַר די עלענדע קינדער פון אונזער שטאָט. עס איז אויסגעוועהלט געוואָרען אַ פאַרוואלטונג, אין וועלכער עס זיינען אריין: אליהו שלאָסבערג, פּרעזעס; אליהו שייקעוויטש, וויצע־פּרעזעס; דר. ראָזע איינהאָרן, קאַסירערין; אַנשעל בליאכער, עהרען־סעקרעטאַר; הרב ר׳ אברהם זלמן קורץ, אליעזר קאַפּעלוש־ניק, חיה שרה יודזשיק, פערל לעוו, ברוך יונאָוויטש, מרדכי גילער — מיט־גלידער פון דער פאַרוואלטונג.

אין יענער צייט האָבען זיך גראָד געפונען אויף אַ באַזוך אין וואָלקאָוויסק די דעלעגאַטען פון דער וואָלקאָוויסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע: אברהם בערג, אביגדור פּערלמוטער, חנן נאַכימאָווסקי און בערעל דאַמאָווסקי. זיי האָבען זיך פאַראינטערעסירט מיט דעם פּראָבלעם פון יתומים־פאַרזאָרגונג און האָבען פאַר דעם צוועק באַשטימט אַ סומע פון פיר טויזענד מאַרק, און דערביי אונז פאַרזיכערט, אז זיי וועלען די פראַגע ערנסט באַהאנדלען אין דער וואָלקאָוויסקער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע. די דאָזיגע סומע איז קוים געווען גענוג אויף צו רעמאָנטירען דאָס דורך דער מלחמה אָפּגעלאָזענע הכנסת־אורחים הויז, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי צימערען מיט אַ קיך. מיר האָבען באַלד אַהין אריינגענומען 25 קיילעכדיגע יתומים. עס איז שווער איבערצוגעבען אונזער ערשטע איבערלעבונג ביים עפענען דעם צייטווייליגען בית־יתומים. די קינדער זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרען איינגעוויקעלט אין

שמאַטעס, אין אַ שרעקליכען סאַניטאַרישען צושטאַנד. איך בין גלייך אַוועק־געפאָרען קיין ביאַליסטאָק, וואו איך האָב דורך דעם „דזשאָינט" באַקומען אַביסעל שטאָף אויף לייכטע בגדים פאַר די קינדער ווי אויך אַ געוויסע צאָל שפייז־פּראָדוקטען. טיילווייז האָבען מיר אויך באַקומען פּראָדוקטען פון הוווער'ס קיך. די לאַגע האָט זיך אָבער ביסלעכווייז געבעסערט און מיר האָבען געקראָגען מער מוט פאָרצוזעצען די אַרבייט.

מיר האָבען ארויסגעשיקט אונזער ערשטען אויפרוף צו די אַמעריקאַנער אידען, אז זיי זאָלען אונז קומען וואָס שנעלער צו הילף. מיר האָבען זיך באַגעגענט אייניגע מאָל אויף מיטינגען אין דר. ראָזע איינהאָרנ'ס הויז, מיר האָבען אונטערגעהאַנדעלט וועגען קויפען אַ פּלאַץ, וואו מען זאָל קענען אויפשטעלען דאָס געפּלאַנטע בית־יתומים. דאָס איז געטאָן געוואָרען, נאָך איידער מיר האָבען געהאַט וועלכע עס איז פאָנדען פאַר'ן צוועק. אָבער מיר האָבען זיך געשטיצט אויף אונזער שטאַרקען ווילען און אויף דעם פעסטען גלויבען, אז מיר וועלען געפינען די נויטיגע מענשען, וועלכע וועלען אונז צו הילף קומען. נאָך פילע זוכונגען האָבען מיר ענדליך געפונען אין שטאָט אַ פּלאַץ, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אַ חרוב'ע אָפּגעברענטע געביידע, וואָס האָט באַלאַנגט צו נח לעוו (יעקב אריה'ס איידעם) און זיין פרוי ביילקע, וועלכע האָבען צו יענער צייט געוואוינט אין אַמעריקע. מיר האָבען באַשלאָסען שריפטליך צו ווענדען זיך צו נח לעוו'ען און אים פאָרשלאָגען אונז איבער־צוגעבען דעם ליידיגען פּלאַץ, כדי אויף אים אויפצושטעלען דעם ערשטען בית־יתומים אין וואָלקאָוויסק. מיר זיינען אין אָנהויב געווען פעסימיסטיש וועגען די רעזולטאַטען פון אונזער פאָרשלאָג, ווייל מיר האָבען געוואוסט, אַז דער אייגענטימער פון פּלאַץ איז ניט קיין גביר, נאָר אַ שווער־אַרבייטענ־דער מענש. אָבער זיין פּאָזיטיווער ענטפער אויף אונזער פאָרשלאַג האָט אונז אלעמען איבערראַשט. דערצו האָט נח לעוו אונטערגעשטראָכען, אין זיין ענטפער, זיין גרויסע צופרידענהייט, וואָס אים ווערט געגעבען דער זכות בייצושטייערען דעם פּלאַץ און דאָס אָפּגעברענטע הויז פאַר אזא וויכ־טיגען צוועק ווי אויפבויען אַ בית־יתומים אין זיין אַלטער היימשטאָט, וואו ער אליין האָט זיך דערצויגען אַלס יתום. אַלס צוגאָב צו זיין גרויסער מתנה האָט ער אויך צוגעשיקט אַ היבשע געלט־ביישטייערונג.

דאַן איז שוין פאַר אלעמען קלאָר געוואָרען, אז אונזער חלום וועט אינ־גיכען פאַרווירקליכט ווערען. הרב ר' אברהם זלמן קורץ, דער ערנסטער און טרייער פאַרוואלטונגס־מיטגליד, וועלכער האָט באַקומען דעם ענטפער פון אמעריקע, איז באַלד מיר געקומען אָנזאָגען די גוטע בשורה און האָט מיך



נח אוןביילע לעווין

האַרציק באַגריסט פאַר די גוטע דערגרייכונגען פון מיינע באַמיהונגען.

אין סעפטעמבער 1921, האָט די פאַרוואַלטונג פון בית־יתומים, מיט דער צושטימונג פון הרב באָרוכאָוו, באַשלאָסען צו לייגען דעם גרונד־שטיין פון נייעם בנין אין דעם טאָג פון די ערשטע סליחות. מיר האָבען צוגעגרייט דעם גאַנצען פלאַן פונ'ם הויז מיט דעם בוי־מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבען צו־נויפגעזאַמעלט פון דער אַלטער אָפּגעברענטער געביידע וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן פּלאַץ. אַ וואַרימער אויפרוף צו דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג פון וואָלקאָוויסק איז ערב סליחות פאַרשפּרייט געוואָרען אין אַלע וואָלקאָ־וויסקער שוהלען, אז מען זאָל קומען דעם ערשטען טאָג סליחות זיך צו באַ־טייליגען אין דער מצוה פון לייגען דעם גרונד־שטיין פון דעם בית־יתומים.

גאַנץ פריה, דעם ערשטען טאָג סליחות, זיינען שוין אויפ'ן פּלאַץ פון דעם צוקונפטיגען בית־יתומים געשטאַנען פיין צוגעגרייטע טישען, גרייט אויפצונעמען די דערוואַרטעטע געסט. דעם אויבען־אָן האָט פאַרנומען דער

חשוב׳ער רב, הרב אבא יעקב באָרוכאָוו, מיט דעם דיין, ר׳ יעקב ברעסטאָוויצקי, און אַרום זיי זיינען געזעסען אַלע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג עס זיינען דאָרט אויך געווען די קאַסירערין, דר. ראָזע איינהאָרן, און דער סעקרעטאַר מיט דעם קבלות־בוך, דערוואַרטענדיג אַ גרויסע איינגאַמע. עס האָט זיך באַלד געלאָזט מערקען אויף דער שטענדיג רוהיגער כאַלאַדאָיסקער גאַס אַ געוויסע אויפלעבונג. עס האָבען גענומען שטראָמען די וואָלקאָוויסקער אידען — טאַטעס, מאַמעס און קינדער — צו באַגריסען די מוטיגע פארוואַלטונגס־מיטגלידער פון דעם צוקונפטיגען בית־יתומים און זיי ווינשען ווייטערדיגען ערפאָלג. דאָס זיינען געווען די אידען, וועלכע האָבען זיך אזוי וואַרים אָפּגערופען אויף דעם רוף „ליתום ולאלמנה״ מיט אַן איינשטימיגען ענטפער: „נעשה ונשמע!״ דער ערשטער צו באַגריסען דעם עולם איז געווען הרב באָרוכאָוו, און נאָך אים זיינען געקומען די אַנדערע רעדנער. דער עולם האָט מיט גרויס פאַרעהרונג אויפגענומען יעדעס וואָרט, ווייל יעדער איינער האָט גוט געוואוסט ווי אָפּצושאַצען די וויכטיגקייט פון דעם געפּלאַנטען אַנשטאַלט פאַר דער אידישער געמיינדע פון וואָלקאָוויסק. דאַן איז אַרויסגעטראָטען, פון צווישען די פאַרזאַמעלטע, דער חשוב׳ער וואָלקאָוויסקער בעל־הבית, דער זקן־העדה, ר׳ יצחק נאָוואָגרודסקי, מיט זיין פרוי, פּראַדעל, און זיי האָבען זיך דערנענטערט צום טיש. ער האָט גענומען אין האַנט דעם כוס, האָט געמאַכט די געהעריגע ברכה און „שהחיינו״ לכבוד דער נייער אינסטיטוציע, און דאַן האָט ער אויפ׳ן קול אויסגערופען: „מזל־טוב אידען, העלפט שטיצען די אונטערנעמונג. דאָס איז אונזער גרויסער חוב און כבוד!״ ער האָט באַלד בייגעשטייערט זיין אייגענע נדבה, און אזוי־ארום געמאַכט דעם מזל׳דיגען אָנהויב. אידען האָבען זיך גענומען שפּאַרען צום טיש, כדי צו געבען זייערע ביישטייערונגען — יעדער איינער לויט זיינע מעגליכקייטען. אָבער אלע האָבען געגעבען זייערע ביישטייערונגען מיט פרייד, ווייל זיי האָבען עס באַטראַכט ווי אַ זכות און אַ כבוד. און דערצו איז עס דאָך אויך געווען אַ גרויסע מצוה אויפ׳ן נייעם יאָר. אזוי האָט עס אָנגעהאַלטען אַ גאַנצען טאָג. די עסקנים זיינען געזעסען ביים טיש און אויפגענומען דעם עולם מיט דער ברכה — „אַ גוט יאָר!״

עס האָט גענומען אַ גאַנץ יאָר פון אָנגעשטרענגטער ארבייט, ביז מיר האָבען זוכה געווען צו פייערען דעם חנוכת־הבית פון דעם ניי־אויפגעשטעלטען בנין פונ׳ם בית־יתומים אויף דעם געשענקטען פּלאַץ פון די נדבנים נח און ביילקע לעוו. די דריי־שטאָקיגע נייע געביידע האָט פאַרשיינט די גאַנצע גאַס. אויך די אינערליכע איינריכטונג איז געווען אַ זעהר גוטע, כמעט אַלעס פון פּערזענליכע ביישטייערונגען: צוואַנציג ניקעלנע בעטען האָט געשענקט דער



די געביידע פון „בית־יתומים"

נדבן האַראַצי העלער; דרייסיג ניקעלנע בעטען האָט מען איינגעקויפט פאַר די צוגעשיקטע נדבות פון די וואָלקאָווישקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע; די שעהנע, הערליכע וועש איז געקומען פון די געזאַמעלטע ביישטייערונגען פון די וואָלקאָווישקער פרויען; די גאַנצע באַקליידונג פון די קינדער, פאַר אַ סומע פון טויזענד דאָלאַר, איז געווען די נדבה פון דעם אַמעריקאַנער סוחר און געוועזענעם וואָלקאָווישקער יתום מתתיהו רוטשיק; דאָס איזאָלאַציאָנס צימער און די שוהל מיט דעם ארון־קודש זיינען געווען די נדבה פון סאָל באַראַש (פון אַמעריקע), געגעבען אויפ'ן נאָמען פון זיינע עלטערען יקותיאל און מיכלע בערעשקאָווסקי; די נייע איינריכטונגען אין דער קיך — די נדבה פון דעם שיקאַגער פרויען־פאַראיין אונטער דער לייטונג פון שרה פערלים (שרה די פישערקע); דאָס בעט־געוואַנט מיט דעם בעט־צוג — די נדבה פון ניו־יאָרקער וואָלקאָווישקער פרויען־פאַראיין; די ניי־מאַשין — מיין ביישטייערונג; די וואַסער־לייטונג אין אַנשטאַלט — די נדבה פון שמואל מעליאַכאָוויצקי; די צעהן טוץ מעסער, לעפעל, גאָפּעל און טיי־לעפעלעך — מתנה פון דער וואָלקאָווישקער יוגענד. דער גרויסער זאַל, מיט דער עלעקטרישער באַלייכטונג און מאָדערנער איינריכטונג — אַלעס, אַלעס האָט עדות געזאָגט אויף דער גרויסער און אומערמידליכער אַרבייט און אָנשטרענגונג, וואָס די וואָלקאָווישקער אידען האָבען אין דער אינסטיטוציע אַריינגעלייגט.

נאָך מער לעבעדיגע עדות זיינען געווען די קינדערלעך יתומים גופא, וועלכע זיינען אַהין אריינגענומען געוואָרען און דאָרט דערצויגען געוואָרען. פאַר הונדערטער פאַרוואָרלאָזטע גאַסען־קינדער, וועלכע זיינען געשטאַנען

אויפ׳ן וועג צו אַ זיכערען אונטערגאַנג, אָדער אין בעסטען פאַל צו ווערען אַ פינסטערער עלעמענט פון דער אונטערוועלט, איז דער אַנשטאַלט גע־וואָרען זייער זיכערע היים, און די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער — די טרייע שטעל־פאַרטרעטער פון זייערע פריהצייטיג־פאַרשטאָרבענע עלטערען. דער טרייער און איבערגעגעבענער פערסאָנאַל פון אַנשטאַלט האָט אַרויסגעצייגט צו יעדער צייט גרויס פאַרשטענדעניש פאַר די אויפגאַבען, צו וועלכע זיי זיינען גערופען געוואָרען, און האָט זיי אויסגעפירט מיט גרויס ווירדע. באַזונדערס זיינען געווען גרויס די פאַרדינסטען פונ׳ם טיכטיגען פאַרוואַלטער פון בית־יתומים, שבתי גאָרדאָן, און פון דער באַרימטער דערציהערין שרה ביבער־גאַליק (איצט אין ראשון לציון, ארץ ישראל).

אויב ביים לייגען דעם גרונד־שטיין פון דער דאָזיגער אינסטיטוציע האָט אונז דאָס האַרץ געשראָקען, צי מיר וועלען טאַקע קענען דורכפירען מיט ערפאָלג אונזער פלאַן אויפצושטעלען דאָס דריי־שטאָקיגע יתומים־הויז, איז שוין אָבער ביי דער חנוכת־הבית פייערונג געווען אַ גאַנץ אַנדערע שטימונג. צום חנוכת־הבית איז מען שוין געקומען מיט אַ רעקאָרד פון ערפאָלגרייכע דערגרייכונגען. און אויב יענעם טאָג, צו די ערשטע סליחות, ווען מען איז געגאַנגען לייגען דעם גרונד־שטיין פון דעם אַנשטאַלט, זיינען נאָך די עלענדע יתומים געווען צעזייט און צעשפּרייט, ליידענדיג קעלט און הונגער, זיינען זיי שוין צו דער חנוכת־הבית פייערונג געקומען פיין געקליידעט, מיט פּרעהליכע און געזונטע פּנים׳ער. זיי האָבען זיך צעשטעלט אויף די טרעפּ ביים אַריינגאַנג אין בית־יתומים און האָבען מקבל פּנים געווען די געסט, זינגענדיג מיט׳ן גאַנצען כאָר דעם קאַפּיטעל תהלים „מזמור שיר חנוכת הבית".

צו דער גרויסער שמחה פון חנוכת־הבית זיינען אויך געקומען פאָר־שטעהער פון די אַרומיגע שטעט און שטעטלעך. עס זיינען צווישען די דאָ־זיגע געסט געווען מיטגלידער פון ביאַליסטאָקער הויפּט־קאָמיטעט פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג, פאָרשטעהער פון וואַרשעווער צענטראַלע „צענטאָס", פילע פאָרשטעהער פון פאַרשיידענע יתומים־קאָמיטעטען פון גאַנצען באַ־צירק, אויך פאָרשטעהער פון אַלע אָרטיגע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס.

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 377

פאַרוואַלטונג און קינדער פון „בית־יתומים" אין יאָר 1920

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: דר. פ. בעבטשוק, מרדכי גילער, בתיה קאָוועצסקי, מיכל זאָן־מאַזיע, חנה קאַגאַנאָוויטש, אליהו שלאָסבערג, אליהו שייקעוויטש, חנה כמעלניצקי, פרוי לעוו (דעם טאָקער׳ס טאָכטער), פרוי מושאַצקי, מאָרדעצקי׳ס טאָכטער, פרוי יעפים רענזאָן; צווייטע רייהע: אהרן סמאַזאַנאָוויטש, געלער (דער שטעפּער), אַ אומבאַקאַנטע, אליעזר קאַליר, שבתי גאָרדאָן, די לעצטע פיר אין דער רייהע אומבאַקאַנט.




די פאַרוואַלטונג און קינדער פון „בית-יתומים" אין יאָר 1920
נעמען אויף זייט 376

די פייערונג האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקען איינדרוק.

די פאַרוואלטונג האָט אויך באַשלאָסען צו אַראַנזשירען אַ באַנקעט פאַר פאָרשטעהער פון אלע רעגירונגס־אינסטאַנצען פון דער אָרטיגער מיליטער־רישער אָפטיילונג, מיט'ן צוועק אונטערצושטרייכען פאַר די דאָזיגע רעגי־רונגס־פאַרטרעטער און די פאָרשטעהער פון די קאָמונאַלע אינסטיטוציעס, דאָס רעכט פון דעם ניי־געגרינדעטען אַנשטאַלט צו פאָדערען און באַקומען פון זיי שטיצע, ווי אלע אַנדערע עקזיסטירענדע אַנשטאַלטען פון ענליכען כאַראַקטער. דר. ראָזע איינהאָרן האָט דאַן גענומען אויף זיך די אויפגאַבע איינצולאַדען צום באַנקעט פיל פון אירע איינפלוסרייכע פאַציענטען און זיי אויפקלערען וועגען די צוועקען פון דער ניי־געגרינדעטער אינסטיטוציע. די רעזולטאַטען פון די דאָזיגע אונטערנעמונגען זיינען געווען זעהר גוטע און דער באַנקעט איז געווען אַ גרויסער ערפאָלג.

צוערשט זיינען די אידען, וועלכע האָבען געדאַרפט ווייזען אַ גוטען ביי־שפּיל, ארויסגעקומען מיט פיינע ביישטייערונגען, און דאַן האָבען אויך די קריסטען ברייטהאַרציג מנדב געווען פאַר'ן אנשטאַלט. אויך זיינען די רע־גירונגס־פאָרשטעהער ארויסגעקומען מיט פיל לויב־רייד פאַר אונזער אויפ־טוה, און אַלס רעזולטאַט דערפון איז דער בית־יתומים אַריין אין דער ליסטע פון די אנדערע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבען באַקומען רעגולערע שטיצע פון דער שטאָט־פארוואלטונג.

## די קאָאָפּעראַציע מיט'ן „דזשאָינט"

נאָך אידער מיר זיינען צוגעטראָטען צום בויען דעם אַנשטאַלט, האָט שוין דער דזשאָינט אונז געגעבען געוויסע סובסידיעס. די סובסידיעס זיינען אָבער געווען צו־קליין און דאָס איז געווען צוליב דעם, וואָס דער דזשאָינט האָט ניט געגלויבט אין דער פאַרווירקליכונג פון אונזערע פלענער און אז עס וועט אונז ווירקליך געלינגען אין אַזא קורצער צייט אויפצושטעלען אזא פּרעכטיגען בנין מיט אַלע נויטיגע איינריכטונגען. האָבען מיר דעריבער געמוזט זוכען אנדערע קוואלען און מיטלען. און דאָס איז אונז גראָד, ווי מיר האָבען שוין אויבען באַשריבען, גאַנץ פיין געלונגען. די ארבייט איז אַנ־געפירט געוואָרען מיט אַ פיל שנעלערען טעמפּאָ ווי מיר האָבען עס אליין געקענט פאָראויסזעהן, און מיר זיינען אין אַ קורצער צייט געווען אימשטאַנד צו שטעלען די פאָרשטעהער פון דזשאָינט פאַר אַ געוויסען פאַקט. און אזוי בין איך ארום צוויי חדשים פאַר דעם פאַרענדיגען פון בנין, ביי אַ פאַרזאַמ־לונג פון הויפּט־קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק, ארויס מיט אַ פאָרשלאַג צום פאַר־זיצער, אַדוואָקאַט גומינער, און אים אין נאָמען פון אונזער וואָלקאָוויסקער



די טוער פון „בית־יתומים״

פון דער פאַרוואַלטונג זיצען, רעכטס צו לינקס: שבתי גאָרדאָן, חנה קאַגאַנאָוויטש און אליהו שייקעוויטש.

פאַרוואלטונג, איינגעלאַדען צו קומען קיין וואָלקאָוויסק און באַזוכען דעם זיך־בויענדען בית־יתומים. ער האָט געדענקט, אז עס האַנדעלט זיך וועגען אַ געלט־סובסידיע אויף צו בויען דעם אַנשטאַלט. ער איז אָבער איבער־ראַשט געוואָרען ווען ער האָט געזעהן, קומענדיג קיין וואָלקאָוויסק, אז די געביידע איז אינגאַנצען פאַרטיג, און איידער איך האָב אפילו געהאַט די געלעגענהייט אויפצונעמען מיט אים די פראַגע פון אַ סובסידיע מצד דעם דזשאָינט, איז ער אליין ארויסגעקומען מיט דער פראַגע: „וואָס דאַרף, נאָך אייער מיינונג, זיין די באַטייליגונג פון הויפט־קאָמיטעט אין דער ערפאָלג־רייכער אַקציע?״

פון יאָר צו יאָר זיינען אונזערע מאָנאַטליכע און יערליכע באַריכטען געווען אַלץ מער ערפאָלגרייך. מיר האָבען ביסלעכווייז פאַרנומען דעם ערשטען אָרט צווישען אַלע אַנדערע קאָמיטעטען. צו אונזערע פּאָרשלאַגען האָט מען זיך באַצויגען מיט גרויס אַכטונג און מיר האָבען ווירקליך געדינט

אַלס מוסטער פאַר פיל אנדערע אַנשטאַלטען. מ׳ר זיינען מיט דער צייט געוואָרען אזוי זעלבסטשטענדיג, אז דער דזשאָינט האָט באַטראַכט פאַר אומ־נויטיג ווייטער צו באַטייליגען זיך אין אונזערע בודזשעטען. און אין אַ מעלדונג פול מיט לויב פאַר אונזערע אויפטואונגען האָט ער זיך אָפּגעזאָגט מער צו סובסידירען אונזער אַנשטאַלט, טענה׳ענדיג, אז מיר זיינען גענוג רייף אָנצופירען מ׳ט דער געזעלשאַפטליכער ארבייט אויף אַ זעלבסט־שטענדיגען אופן.

מ׳ט׳ן וואוקס פון דער טעט׳גקייט אין אַנשטאַלט, וועלכע האָט זיך געהאַלטען אין איין אויסברייטערען, זיינען זעלבסטפאַרשטענדליך אויך די מאָנאַטליכע אויסגאַבען געשטיגען. די פארוואלטונג האָט דעריבער געמוזט געפינען נייע קוואַלען פון איינקונפט. מען האָט באַשלאָסען צו פאַרגרעסערען די פאַרוואַלטונג פון אַנשטאַלט און צוציהען נייע כוחות. די פאָלגענדע מיט־גלידער זיינען אויסגעוועהלט געוואָרען אין דער פארוואלטונג: אליהו שייקעוויטש, **פרעזעס**; מרדכי גילער, **וויצע־פרעזעס**; אליהו אליאָוויטש, **קאַסיר**; שמעון פיינשטיין, **עהרען סעקרעטאַר; מיטגלידער:** ליפמאַן איצקאָוויץ, משה זעליצקי, אהרן ליפשיץ, שלום לעוו, נפתלי ליסיצקי, שמואל מעליא־כאָוויצקי, אהרן סמאזאנאָוויטש, אליעזר קאַליר; **פרויען מיטגלידער:** מ. עליאוויטש, דר. יוכבד באראש, דר. ס. בערמאַן, דר. מ. שליאקמאַן, חנה כמעלניצקי, שרה לעוו, חנה העלער, חיה שרה יודזשיק, לאה ליפשיץ, רחל לעוו, מאניע מעשענגיסער, ש. סעדלעצקי, מ. סעלעצקי, דר. פרעס, רייזעל פאַרבער, חנה קאגאנאָוויטש, בתיה קאָוענסקי,ביילקע קאַפּלאן, מ. קאפּלאן, פאַליע שקאָלניק, וו. שערעשעווסקי, ר. רענזאן, חנה מושאַצקי, ז. גערשוני **און** צ. לייבאָוויטש.

**אין רעוויזיאָנס־קאָמיטעט זיינען אריין:** דר. ראָזע איינהאָרן, מיכל זאָן־מאזיא **און** אליעזר קאָפּעליושניק. **אנשטאט דעם פאַרשטאָרבענעם** דר. ה. אהראָנסאָן, **איז אויסגעוועהלט געוואָרען אַלס דאָקטאָר פון אַנשטאַלט** דר. יעקב סעדלעצקי.

**לויט׳ן ביישפיל פון ד׳ שוין עקזיסטירענדע פרויען־פאַראיינען פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדסמאַנשאַפטען אין שיקאַגאָ און אין ניו־יאָרק — וועמעס גוטע ארבייט איז שוין באַרימט געוועזן אין וואָלקאָוויסק דורך זייערע פיינע געלט־ביישטייערונגען, דער עיקר לטובת די עלענדע יתומים — איז אויך אין וואָלקאָוויסק, אויף דער איניציאַטיווע פון דער** רבנית קאָסאָווסקי, **גע־גרינדעט געוואָרען אַ פאַראיין פון די** וואָלקאָוויסקער אידישע פרויען, **וואָס האָט זיך אין אָנפאַנג געשטעלט פאַר׳ן הויפּט־צוועק צו קומען צו הילף דעם יתומים־הויז. דער מיטגליד־שטייער פון די פרויען האָט אין די ערשטע**

מאָנאַטען באַטראָפען פון 200 ביז 300 זלאָטעס אַ חודש, וואָס דאָס איז געווען אַ באַדייטענדע אונטערשטיצונג פאַר דעם בית־יתומים. מיט דער צייט אָבער האָבען זיך די פרויען אָרגאַניזירט אין אַ גאַנץ זעלבסטשטענדיגער אינסטי־טוציע, וועלכע האָט געזאָרגט פאַר אַ גאַנצער רייע וואוילטעטיגע אויפגאַבען. הגם עס זיינען שפּעטער געקומען אייניגע יאָר פון אַ שווערען קריזיס אין פּוילען, און ניט געקוקט אויף די אָרטיגע שוועריגקייטען, האָט דאָך די פאַרוואַלטונג פון בית־יתומים אַרויסגעצייגט גרויס פאַרשטענדעניש פאַר אירע אויפגאַבען, און דער אנשטאַלט האָט בשלום דורכגעמאַכט די עטליכע שווערע יאָרען, ניט צולאָזענדיג, אַז עס זאָל אָנריהרען אויף אַ וועלכען עס איז אופן די קינדער אין אַנשטאַלט און אין די פּריוואַטע יתומים־היימען.

אין אָנדענק פון די גוט־האַרציגע פּיאָנערען פון בית־יתומים — נח און ביילקע לעוו — האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסען, באַלד ביים אַריבערציהען זיך אין אַנשטאַלט, אויפצוהענגען זייערע בילדער אין הויפּט־ביוראָ, כדי זיי צו פאַראייביגען פאַר זייער שעהנעם מאַט פון אַוועקשענקען דעם באָדען, וואָס דאָס האָט אייגענטליך געגעבען דעם גייסטיגען און מאַטעריעלען שטויס צום אויפבוי פון אַנשטאַלט.

## די ערשטע אויפגאַבען פון בית־יתומים

ביים אָנפאַנג, ווען מען האָט נאָר אַריינגעבראַכט די ערשטע 25 קינדער, איז די הויפּט־אויפגאַבע פון דער פאַרוואַלטונג געווען צוצוגרייטען ווי גע־העריג די צוויי צימערען מיט דער קיך פון דעם צייטווייליגען בית־יתומים, שאַפען גוטע באַשפּייזונג פאַר די יתומים, איינשטעלען אין די ראַמען פון דער צייטווייליגער דירה די געהעריגע סאַניטאַרישע באַדינגונגען און באַ־זאָרגען די קינדער מיט אָנשטענדיגערע מלבושים ווי די אין וועלכע זיי האָבען זיך געוואַלגערט אויף די גאַסען.

די סומע פון פיר טויזענט מאַרק, וואָס מיר האָבען פון אָנפאַנג באַקומען פון הרב אבא יעקב באָרוכאָוו, וואָס איז אים איבערגעגעבען געוואָרען פון די אמעריקאַנער דעלעגאַטען פאַר יתומים־פאַרזאָרגונג, איז ווייט געווען צו־קליין צו דעקען אַלע נויטווענדיגע אויסגאַבען. עס האָט קוים געקלעקט אויף צו רעמאָנטירען די קליינע דירה. מיר האָבען דעריבער געמוזט באַקומען הלוואות, אויף וועלכע די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָבען געגעבען זייער אייגענע גאַראַנטיע, אַרויסצייגענדיג דערביי זייער שטאַרקען ווילען פאַרצו־זעצען די ארבייט אונטער אַלע אומשטענדען.

כדי ניט דאַרפען אָנצוקומען צופיל צו די טובות פון אנדערע, האָבען מיר זיך אין אָנפאַנג באַגנוגענט מיט אויפשטעלען אַלגעמיינע געלעגערס פון ברעטער מיט אַ זאַק שטרוי אונטער'ן זייט פאַר יעדען קינד. מיר האָבען

דאָס געטאָן, ווייל מיר האָבען ניט געוואָלט באַלאַסטען די געזעלשאַפט מיט צופיל פאָדערונגען. מיר האָבען דורכדעם געוואָלט קריגען אַלץ מער שטיצער פאַר אונזער אויפטו. די ערשטע, וועלכע האָבען אונז אין דעם געהאָלפען זיינען געווען: די אלטיטשקע פרויען סוכאָוואלסקי און בערג פון זאמאָשטשע; דאָס עלטערע פּאָר פּאָלק הלל לעוו־קאָשצילקער; מיכלע איינהאָרן און פראָדעל שיף. זיי האָבען אונז געגעבען קישעלעך פאַר די קינדער און עטליכע ליילאַכער. אין מושב־זקנים האָבען מיר אָפּגעזוכט פון די פאַרשטאָרבענע זקנים בעטגעוואַנט. דער פרעזעס מאיר שיף האָט אונז געגעבען אַ צאָל קישענס, און נאָכדעם ווי מיר האָבען דורכגעפירט די געהעריגע דיזענפעקציע פון די אלע באַקומענע זאַכען, האָבען מיר דערגרייכט די נויטיגע מאָס קישענס פאַר אַלע קינדער. די פרויען האָבען זיך באַלד אָנגעהויבען אָפּרופען מיט זייערע מתנות פון האַנטיכער און ליילאַכער. דאָס אַלעס האָט אונז פאַר־לייכטערט אין אַ גרויסער מאָס די זאָרג פאַר די יתומים־קינדער דאָס גאַנצע יאָר, איידער דער בנין איז פאַרטיג געוואָרען. דאָרט זיינען שוין אַלע איינ־ריכטונגען געווען מאָדערנע: ניקעלנע בעטען, פיינע געלעגערס מיט מאַטראַ־צען און אַלע אַנדערע זאַכען.

אין צייטווייליגען בית־יתומים איז די באַשפּייזונג פון די קינדער דער עיקר געווען אַ מילכיגע. אין דער הינזיכט האָבען אונז פיל אַרויסגעהאָלפען די מילך־פּראָדוקטען פון הוואווער'ס קיך. פלייש האָט מען צוליב מאַנגעל אין מזומן געלט ניט געקאָנט קויפען. אָבער די לאַגע האָט זיך באַלד גע־ענדערט. איניגע קצבים האָבען זיך אונטערגענומען צוצושטעלען טעגליך דאָס נויטיגע פלייש אין אַנשטאַלט. וועגען דעם האָט זיך זעהר פיל באַמיהט יהודית יונאָוויטש, די מוטער פון הערשעל יונאָוויטש דעם קצב. אַ דאַנק זייערע באַמיהונגען איז דער ערשטער שבת אין בית־יתומים געפייערט גע־וואָרען מיט אַ געשמאַקען טשאָלענט און אַ פעטען קוגעל, וואָס די קינדער האָבען געגעסען אפשר צום ערשטען מאָל אין זייער יתומים־לעבען. די באַ־שפּייזונגס־לאַגע איז פון דאַן אָן, מיט יעדער וואָך, בעסער געוואָרען אַ דאַנק

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 383

## די פאַרוואַלטונג פון „בית־יתומים" אין יאָר 1924

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, פון אונטען: אהרן סמאַזאַנאָוויטש, רייזעל פּאַרבער, חנה קאגאַנאָוויטש, דר. יעקב סעדלעצקי, אליהו שלאָסבערג (פּרעזידענט), ליפּמאַן איצקאָוויטש, אליהו שייקעוויטש (וויצע־פרעזידענט), לעווין (פון דער כאַלאַדאָיסקער גאַס): צווייטע רייהע, שטייען: ש. קאַפּוטשעווסקי, פּרוי ש. לעווין (אינסטרוקטאָרין ביי דאַמען־שניידעריי), שבתי גאָרדאָן (סעקרעטאַר), שלום לעוו, אליהו עליאָוויטש (קאַסירער), מרדכי גילער, פריילין ה. פרידמאַן (דערציהערין), אליעזר קאַליר.



די פאַרוואַלטונג פון „בית־יתומים" אין יאָר 1924

נעמען אויף זייט 382

די באַמיהונגען פון די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער און פון די וואָלקאָוויסקער אידען אין אַלגעמיין. עס איז קורץ נאָכדעם אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ טעגליכער „מעניו", וואָס איז געוואָרען אַ פערמאַנענטע זאַך, ווייל דער אַנ־שטאַלט האָט תמיד ביי זיך געהאַט פּראָדוקטען־רעזערוען פאַר אומגעפער דריי חדשים פאָראויס. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרען אַ שטענדיגע קאָמיטע פון מוטערס, וועלכע האָבען געזאָרגט פאַר די פאַרשיידענע קלייניגקייטען, וואָס גיבען צו דעם אַנשטאַלט אַ היימישע אטמאָספערע.

פאַרשטעהט זיך, אז אלע אידישע יום־טובים זיינען ניט אַריבער אָהן פייערונגען אין בית־יתומים. איך האָב עס געהאַלטען אַלס מיין הייליגע פליכט איינצואָרדנען יעדען יאָר פאַר די קינדער פון אַנשטאַלט די פאַסיגע שמחות מיט די טראַדיציאָנעלע אידישע מאכלים, ווי לאַטקעס אויף חנוכה, מילכיגע בלינצעס אויף שבועות און געצוקערטע המן־טאַשען אויף פורים. צו די דאָזיגע פייערונגען פלעגען איינגעלאַדען ווערען אויך אלע מיטאַרבייטער און טוער פון אַנשטאַלט, און די פייערונגען פלעגען פאַרוואַנדעלט ווערען אין גרויסע שמחות מיט געזאַנג און טענץ.

## די ערשטע אונטערנעמונג פון בית־יתומים

אזוי שנעל ווי די אָרדנונג אינ'ם בית־יתומים האָט זיך מער־וויניגער איינגעשטעלט, האָבען די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער באַשלאָסען איינצואָרדנען אַן אונטערנעמונג, וואָס זאָל אריינברענגען אַ געוויסע סומע געלט פאַר'ן אַנ־שטאַלט. מיר האָבען איינגעלאַדען דעם וואָלקאָוויסקער עולם צו קומען אין אַנשטאַלט, זיך צו באַקענען מיט דער נאָהענטער פאַרגאַנגענהייט פון יתום, מיט אַלעס וואָס דער אַנשטאַלט האָט שוין באַוויזען אין דער קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ צו געבען דעם יתום, און מיט דעם וואָס מען דאַרף נאָך דערגרייכען אויף דעם געביט, כדי צו פאַרווירקליכען די אונטערגענומענע אויפגאַבען. עס איז איבעריג צו דערמאָנען, אַז יעדער איינער וועלכער האָט נאָר באַזוכט דעם אַנשטאַלט און געזעהן די גוטע ענדערונג אין דעם אויס־זעהן פון די יתומים, וועלכע האָבען זיך ערשט ניט לאַנג צוריק אַרומגע־וואַלגערט אין די גאַסען, האָט דערפילט אַ טיפע דאַנקבאַרקייט צו די איבער־געגעבענע טוער און האָט בייגעשטייערט פאַר'ן אַנשטאַלט אַ פיינע נדבה.

## די סאַניטאַר־מעדיצינישע אויפזיכט

נאָך דערנערונג און באַקליידונג איז זעהר נויטיג געווען צו באַזאָרגען די קינדער מיט דער געהעריגער סאַניטאַר־מעדיצינישער אויפזיכט. דער־צו האָט זיך געפאָדערט אַ שטענדיגער דאָקטאָר פאַר'ן אַנשטאַלט און די נויטיגע אָנווייזונגען פון אַ העכערער אויפזיכטס־אינסטאַנץ, ווי צום ביישפיל, דער „דזשאָינט". אָבער דאָס איז געווען נאָך פאַר דעם ווי מיר האָבען זיך

פאַרבונדען מיט דעם דזשאָינט. מיר האָבען איינגעשטעלט אַ סיסטעם פון איינלאַדען יעדע וואָך אַן אַנדער דאָקטאָר, וואָס זאָל אונטערזוכען די קינדער פון אַנשטאַלט. אין פאַל פון קראַנקהייט פלעגט דאָס קינד איבערגעשיקט ווערען צום דאָקטאָר מיט אונזער דערציהערין. עס איז כדאי צו דערמאָנען די פיינע באַציהונג פון די דאָקטוירים צו די יתומים. אזוי פלעגען, צום ביישפּיל, דר. ה. אַריאַנסאָן און דר. ראָזע איינהאָרן — דערזעהענדיג די קינדער אין זייער וואַרטע־צימער — לאָזען וואַרטען די אַנדערע פּאַציענטען און באַהאַנדלען צוערשט די יתומים. אַ קורצע צייט נאָכדעם איז אָנגעקומען קיין וואָלקאָוויסק דר. פּ. בעבטשוק, וועלכער האָט זיך פרייוויליג אָנגעבאָטען צו באַזוכען וועכענטליך דעם בית־יתומים. ווען ער איז באַשטימט געוואָרען אויף אַ שטענדיגען פּאָסטען אין די קאָמונאַלע אינסטיטוציעס, האָט אים שפּעטער פאַרטראָטען אין בית־יתומים דר. ה. אַריאַנסאָן, וועלכער האָט אָוועקגעגעבען די אידישע יתומים — אָהן שום באַלוינונג — אַ סך מיה און פאָטערליכע ליבע, פאַרקניפּענדיג אַ פריינדשאַפט צווישען זיך און די יתומים ביז צום לעצטען טאָג פון זיין לעבען. נאָך זיין טויט האָט אים פאַרטראָטען אין בית־יתומים דר. יעקב סעדלעצקי, וועלכער איז אויך, נאָך מיין אָפּפאָהר קיין ארץ־ישראל, געוואָרען פּרעזעס פון אַנשטאַלט. אַן אַמט, וואָס ער האָט אויסגעפילט מיט גרויס כבוד.

אין יאָר 1921 האָבען מיר באַקומען די סאַניטאַרע אויפזיכט פון דזשאָינט. אַביסעל שפּעטער פלעגען דער הויפּט־קאָמיטעט אין ביאַליסטאָק און דער „צענטאָס״ אין וואַרשע אונז רעגולער צושיקען גענויע אָנווייזונגען וועגען סאַניטאַר־מעדיצינישער הילף. מיר פלעגען וועגען דאָס קינד, מעסטען עס און האַלטען אונטער אַ שטענדיגער מעדיצינישער אויפזיכט.

## דער שול־וועזען אין יתומים־הויז

דער יתום פון גאַס איז אין אונזער אַנשטאַלט אין זעהר אַ קורצער צייט אינגאַנצען איבערגעאַנדערשט געוואָרען. דאָס קינד האָט שוין פאַרזוכט אין אַנשטאַלט דעם טעם פון עלטערען־ליבע צו זיך. ער האָט דערשפּירט, ווי זיין יונגער קערפּער איז באַפרייט געוואָרען פון שמוץ און פּאַראַזיטען, וועלכע האָבען פריהער געזויגט זיין בלוט. ער איז שוין מער ניט געווען מוטלאָז, האָט זיך אויסגעלערענט ווי ארויסצוזאָגען זיין באַגער אָהן טרערען, מיט אַ פרעהליכער קינדערשער מינע, און אָפטמאָל מיט אַ לייכטען פרייען שטיף. דאָס זיינען געווען די גוטע רעזולטאַטען פון דער געטרייער באַהאַנדלונג אין בית־יתומים. דאָס קינד האָט זיך שוין מער ניט געשעמט מיט זיין אָנ־צוג, אָדער קליידעל, מאַנטעל און שיך, ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס, אָדער אין דער שולע. ער איז געווען גלייך מיט אַלע אַנדערע קינדער — זיינע



אַ קלאַס אין „בית־יתומים"
(אויפ'ן בילד איז פריילין פרידמאַן — די לערערין)

חברים. ער איז שוין מער ניט געשטאַנען אין שולע ערגעץ־וואו ביי דער טיר, אָדער אין אַ ווינקעלע, הונגעריג, אין דער צייט ווען די איבעריגע שול־קינדער האָבען מיט פרעהליכע פּנים'ער געגעסען זייער מאָלצייט, וואָס זיי האָבען מיטגעבראַכט פון דער היים. ער האָט אויך געהאַט זיין פּעקעלע עסען, וואָס מ׳ען האָט אים מיטגעגעבען פונ'ם יתומים־הויז.

די קינדער פון בית־יתומים האָבען געלערנט אין די תרבות־שולען, ווי אויך אין דער העברעאישער גימנאַזיע, וואו זיי האָבען זיך צוגעגרייט צו ווערען מיטבויער פונ'ם ארץ־ישראל'דיגען ישוב. ס'דאַרפען דאָ דערמאָנט ווערען צו גוטען די פאַרוואַלטונגען פון אַלע וואָלקאָוויסקער שולען, וועלכע האָבען באַפרייט די בית־יתומים קינדער פון צאָהלען שכר־לימוד.

---

דערקלערונג פון בילד אויף זייט 387

## די פאַרוואַלטונג און די קינדער פון „בית־יתומים" אין יאָר 1929

רעכטס צו לינקס, פון דער פאַרוואַלטונג, ערשטע רייהע, זיצען: אַ אומבאַקאַנטע, רייזעל פאַרבער, חנה קאַגאַנאָוויטש, פרוי מאַרקוס, פריילין אַלפּערט (פון ניו־יאָרק), אליהו שלאָסבערג, פרוי אַלפּערט (פון ניו־יאָרק), חיה שרה יודזשיק,ביילקע קאַפּלאַן, פּאָליע שקאָלניק, פרוי סעדלעצקי.

צווייטע רייהע, שטייען: אַ אומבאַקאַנטע, פּאַנטער, שעפּסיל גאָרדאָן, פרוי זעליצקי, משה זעליצקי, אהרן סמאַזאַנאָוויטש, אליהו שייקעוויטש, יששכר לידסקי, שלום לעוו, אליהו עליאָוויטש, מרדכי גילער, פיינשטיין, שטשופּאַק (דער שניידער).



די פאַרוואַלטונג און די קינדער פון „בית-יתומים" אין יאָר 1929

נעמען אויף זייט 386

## די פאַך־אויסבילדונג אין בית־יתומים

אַ באזונדער וויכטיגען אָרט האָט פאַרנומען אין אַנשטאַלט די פאַך־אויסבילדונג. יעדעס קינד, ביז׳ן עלטער פון פערצעהן יאָר, האָט באקומען אַן עלעמענטאַרע דערציהונג. אייניגע האָבען געענדיגט די תרבות־שולע און האָבען פאָרגעזעצט זייער בילדונג אין דער „הרצליה״־גימנאַזיע, און אַנדערע האָבען זיך פאַרנומען מיט אויסבילדונג אין אַ געוויסען פאַך. די פּאַרוואַל־טונג האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע, אַז אין משך פון דעם עלטער פון פערצעהן ביז אַכטצעהן יאָר זאָל יעדעס קינד באַזאָרגט ווערען מיט אַ גע־וויסען פאַך אין האַנט, אזוי אַז ווען ער וועט פאַרלאָזען דעם אַנשטאַלט, זאָל ער זיין פולקאָם פעהיג זיך איינצואָרדנען זעלבסטשטענדיג און זאָרגען פאַר זיין אייגענער עקזיסטענץ. מיר האָבען אין אַ געוויסער מאָס אָנגעהויבען צו באַקענען דאָס קינד מיט אַ פאַך, צו וועלכען ער האָט געצייגט אַ נייגונג, שוין ווען ער איז געווען אין עלטער פון צוועלף יאָר, אזוי אַז אין עלטער פון פערצעהן יאָר איז ער שוין געווען אימשטאַנד פאַר זיך אַליין פעסטצו־שטעלען גענוי דעם פאַך וואָס ער וויל זיך לערנען. צו דעם צוועק האָבען מיר געגרינדעט אין אנשטאַלט אַ שניידער־וואַרשטאַט פון דאַמען־קליידער און וועש, אונטער דער אָנפיהרונג פון דער לערערין כרמלה יושינסקא סלאווין (איצט אין חיפה). ביי איר האָבען זיך געלערנט די קינדער פון אַנשטאַלט אין עלטער פון פערצעהן יאָר ווי אויך אַנדערע יתומים פון פריוואַטע פאַר־זאָרגונגס־היימען פון זעלבען עלטער. זיי פּלעגען אָננעמען אַרבייט אין שטאָט און פון דער איינגאַמע האָט מען געצאָלט דער לערערין. דערביי האָט די אונטערריכטונג פון די יתומים פון אונזער אַנשטאַלט, ווי אויך פון די יתומים פון די פריוואַטע פאַרזאָרגונגס־היימען, גאָרניט געקאָסט דעם בית־יתומים. די קינדער אין עלטער פון צוועלף יאָר האָבען אויך, נאָך זייער טאָג לערנען אין די תרבות־שולען, געהאַט אַ מעגליכקייט נעהענטער צו באַקענען זיך מיט דעם פאַך אין אונזער ווערקשטאַט אין געוויסע נאָכמיטאָג־שעה׳ען. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס איז געווען בלויז אַ באַגרעניצטער טייל פון פאַך־אויסבילדונג אין פולען זינען פון וואָרט. ווייל עס האָט ניט אָנגערירט פיל געביטען, ווי צום ביישפּיל, דאַמען־מאַנטלען, סטאָלעריי, מענער־שניידעריי, שלאָסעריי, פאָטאָגראַפיע, מאַלעריי און אנדערע סטודיעס, וועלכע מיר האָבען נאָך דאַן ניט געקענט מאַכען צוגענגליך פאַר אונזערע קינדער.

שפּעטער האָבען מיר איינגעשטעלט אַ סיסטעם פון שיקען דאָס קינד צו אַ גוטען בעל־מלאכה, ווען מיר האָבען באַצאָלט אַ געוויסע סומע געלט, ווי צום ביישפּיל פופציג דאָלאַר, און וועלכער האָט זיך פאַרפליכטעט אויס־צולערנען דעם קינד די מלאכה אין משך פון זעקס חדשים, און נאָך דער

צייט האָט דאָס קינד שוין געמוזט קריגען אַ געהאַלט. פאַרשטעהט זיך, אַז דער בעל־מלאכה פלעגט זיך באַציהען ערנסט צום ענין, ווייל ער האָט ניט געוואָלט צאָלען קיין געהאַלט אומזיסט. נאָך דעם פעריאָד פון אַ יאָר, האָט דאָס אינגעל שוין געזאָלט באַקומען אַן אָנשטענדיג געהאַלט. דערביי פלעגען די פאַרוואלטונגס־מיטגלידער תמיד האָבען אַ רעגולערע אויפזיכט איבער די בעלי־מלאכות, מיט וועלכע זיי האָבען געהאַט די קאָנטראַקטען און זיי אָפט באַזוכען. דאָס קינד פלעגט אין דער צייט פון זיין אויסבילדונג עסען און שלאָפען אין בית־יתומים און דאָרט אויך קריגען זיין באַקליידונג.

ניט אומזיסט זיינען די קינדער פונ׳ם בית־יתומים שפעטער אריין אין די רייהען פון די האַנט־ווערקער ווי באַוואוסטזיניגע און בכבוד׳דיגע פאַכ־לייט, מיט וועלכע דער אַנשטאַלט האָט שטאָלצירט. ס׳דאַרפען דאָ דערמאָנט ווערען די גרויסע פאַרדינסטען פון דעם פרעזעס פון דער פאַך־קאָמיסיע, פרוי חנה קאַגאַנאָוויטש, און דעם וויצע־פרעזעס, אהרן סמאזאנאָוויטש (דער שוסטער), וואָס אונטער זייער אויפזיכט איז די פאַך־אויסבילדונג פון די קינ־דער אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויף אַ הויכער מדרגה.

## די רעליגיעזע דערציהונג אין בית־יתומים

די קינדער פון אונזער אַנשטאַלט זיינען אויסגעוואָקסען גוטע מענשען צו גאָט און צו לייט. ס׳זיינען צווישען די יתומים געווען קינדער פון עכט־פרומע הייזער, און די פאַרוואלטונג האָט דאָס תמיד גענומען אין אַכט. איינער פון אונזערע קינדער האָט זיך צוערשט געלערנט אין דער תלמוד־תורה און נאָכדעם איז ער, לויט דער השתדלות פונ׳ם ראש־הישיבה, ר׳ ירחמיאל דניאל, אָפּגעשיקט געוואָרען אין דער סלאָנימער ישיבה צו הרב יאָגל (געבאָרען אין פיעסק און איצט אין ירושלים). דאָס אינגעל האָט שפעטער באַקומען סמיכה אַלס אַ שוחט. אויך אַ צווייטער יתום האָט זיך געלערענט אין דער באראַנאָוויטשער ישיבה. אין דער רעליגיעזער קאָמיסיע פונ׳ם אַנשטאַלט האָט זיך באַטייליגט ר׳ צבי לייבאָוויטש (איצט אין ראשון לציון).

## די פריוואַטע יתומים־פאַרזאָרגונג

ס׳זיינען געווען פאַלען, ווען די פאַרוואלטונג פונ׳ם בית־יתומים האָט געדאַרפט דורכפירען אַ זעהר שווערע אויפגאַבע: צעטיילען קינדער פון דער זעלבער פאַמיליע, פון די זעלבע עלטערען. אַ קינד, וואָס איז געווען עלטער פון אַכט יאָר, האָט ניט געקענט אָנקומען אין אַנשטאַלט. מיר פלעגען שיקען די קינדער אין שולע אין עלטער פון פינף־זעקס יאָר, און דעריבער וואָלטען די עלטערע קינדער פאָרגעשטעלט אַ פּראָבלעם ביים אַריינפּאַסען זיך אין די ראַמען פון דער בית־יתומים טעטיגקייט. דאָך האָבען מיר אויך געזאָרגט פאַר די עלטערע קינדער אין דער פאַר׳יתום׳טער היים. מיט דער

הילף פון דזשאָינט, מיט וועלכען מיר האָבען שוין דאַן געהאַט מיטגעאַרבייט אין משך פון צעהן יאָר, האָבען מיר איינגעאָרדענט אינטערנאַטען אין שטאָט. כ׳זיינען דאָרט אַראַנזשירט געוואָרען אָוונט־קורסען, וואו די קינדער פלעגען באַקומען די נויטיגע בילדונג, ווי אויך מאָלצייטען. דאָס האָט אפילו געפאָדערט אַ פיל גרעסערע אויסגאַבע ווי צו האַלטען דאָס קינד אין אַנ־שטאַלט. דאָך, אפילו נאָכדעם ווי דער דזשאָינט האָט זיך אָפּגעזאָגט אונז צו שטיצען, האָבען מיר איבערגענומען די גאַנצע אויפזיכט איבער דער דאָזיגער היים־פאַרזאָרגונג פון די אָרימע יתומים, געגעבען זיי די געהעריגע בילדונג און אויך אַ פאַך־אויסבילדונג ביז צו דער צייט, ווען זיי האָבען זיך געקענט שטעלען אויף זייערע אייגענע פיס. און די רעזולטאַטען אויף דעם געביט זיינען געווען זעהר גוטע.

## קינדער נאָך זייער פאַרלאָזען דעם בית־יתומים

קיין שום קינד האָט ביים פאַרלאָזען דעם אַנשטאַלט זיך ניט געדאַרפט צוריקקערען צו די אומשטענדען, אין וועלכע ער איז געווען איידער ער איז אריין אין בית־יתומים. דער אַנשטאַלט האָט אָנגענומען די פאָלגענדע וויכ־טיגע מיטלען פאַר דער פאַרזאָרגונג פונ׳ם קינד׳ס צוקונפט:

1. דער אַנשטאַלט פלעגט אָנפאַנגען צו באַקענען דאָס קינד שוין אין עלטער פון צוועלף יאָר מיט אַ פאַך, וואָס ער האָט באטראכט אלס פאַסיג פאַר אים. און הגם די ארבייט, וואָס דאָס קינד פלעגט טאָן אין די ערשטע פאַר יאָר, איז געווען אומבאַדייטענד, פלעגט זי דאָך אָפּגעשאַצט ווערען פון דער פאַך־קאָמיסיע אין טערמינען פון געהאַלט, אומגעפער פון זעקס ביז צעהן זלאָטעס אַ וואָך, און ניט געקוקט אויף דעם, צי דאָס קינד פלעגט די אַרבייט טאָן אין אַנשטאַלט אָדער אויף אַ פריוואטער שטעלע — ווען עס איז שוין עלטער געוואָרען — פלעגט די פאַרוואלטונג ארייַנטראָגען דעם קליינעם געהאַלט אויפ׳ן קינד׳ס חשבון אין זיין אייגען ביכעל אין באַנק. אזוי אַרום פלעגט פאַר יעדען קינד אין פאַרלויף פון זעקס יאָר, אין עלטער פון צוועלף ביז אַכטצעהן יאָר, אויפגעזאַמעלט ווערען אַ היבשע סומע געלט.

2. דער אַנשטאַלט פלעגט אויסהאַלטען דעם יתום ביז׳ן עלטער פון אַכטצעהן יאָר מיט אלע זיינע באַדערפענישען און דערמיט אים געגעבען די מעגליכקייט אָפּצושפּאָרען זיין געהאַלט.

3. אין עלטער פון אַכצעהן ביז צוואַנציג יאָר, אויב דער יתום איז נאָך ניט געווען פאַרהייראַט און פלעגט זיך נויטיגען אין אַ היים, פלעגט דער אַנשטאַלט אים איינלאַדען אויף אלע יום־טובים צו זיין אַן אָנגעלייגטער גאַסט, אזוי ווי ביי אייגענע עלטערען.

4. ביים פאַרלאָזען דעם אַנשטאַלט, פלעגט דער יתום באַקומען דריי




אַ סדר אין „בית־יתומים" אין יאָר 1930

אין צענטער שטייען, רעכטס צו לינקס: שבתי גאָרדאָן, אליהו שייקעוויטש, מרדכי גילער, שלום לעוו — אליהו שלאָסבערג פראַוועט דעם סדר.

קאָמפּלעטען פון קליידער, וועש, שיך, קישענס, ליילאַכער און האַנטיכער.

5.ביים פאַרלאָזען דעם אַנשטאַלט פלעגט פאַר יעדען קינד איינגעאָרדענט ווערען אַ געזעגענונגס־אָוונט. די גאַנצע פאַרוואַלטונג פלעגט זיך דאַן באַטייליגען אין דער שמחה, און יעדער איינער פלעגט מיט זיך מיטברענגען נוצליכע מתנות פאַר׳ן קינד. אויב עס איז נויטיג געווען איינצושטעלען אין זיין צימער געוויסע מעבעל, פלעגט די פאַרוואַלטונג צוטראָגען אַ געוויסע סומע פאַר דעם דאָזיגען צוועק. די פאַרוואַלטונג אליין פלעגט איינצאָלען פאַר אַ גאַנץ יאָר דירה־געלט אין אַזאַ פאַל. די באַציהונגען מיט די דאָזיגע קינדער, וואָס פלעגען פאַרלאָזען דעם אנשטאַלט, האָבען ניט אויפגעהערט אויך שפּעטער. אַזוי פלעגט די פאַרוואַלטונג תמיד זיין פאַרטראָטען ביי יעדער שמחה, ווי חתונות און געבורטס־טעג. דעם יתום׳ס שמחה איז געווען אויך די שמחה פון דער פאַרוואַלטונג. די קינדער, וועלכע האָבען געהאַט פריינד און קרובים, וואָס האָבען זיי געוואָלט אַריבערנעמען אין אַנדערע לענדער, וואו זיי האָבען געוואוינט, פלעגט דער בית־יתומים באַזאָרגען מיט די נויטיגע דאָקומענטען און מיט די רייזע־אויסגאַבען צו זייערע נייע היימען.

## אַ טאָג־היים פאַר אָרימע קינדער

אַ קינד פון אָרימע עלטערען, הגם ניט קיין יתום, האָט דאָך געהאַט דאָס פולע רעכט צו דערוואַרטען פון דער געזעלשאַפט אַ געוויסע מאָס הילף פאַר זיך. די אָרימע היים פונ׳ם קינד האָט אים מיט קיין זאַך ניט באַפרידיגט. זיין באַשפייזונג איז געווען אַ מאָגערע, עס האָבען אין איר געפעלט די נויטיגע וויטאַמינען פאַר זיין אָפּגעשוואַכטען קערפּער. די סאַניטאַרע באַדינגונגען אין זיין היים זיינען געווען וויים פון צופרידענשטעלענד און ניט צוגעפּאַסט אים צו פאַרהיטען פון קראַנקהייטען. זיין באַקליידונג איז מייסטענס באַשטאַנען פון אָפּגעטראָגענע מלבושים פון עלטערע קינדער, וועלכע זיינען ניט געווען צוגעפּאַסט צו זיין יונגען קערפּער. עס האָט אים געפעלט די פרייד, וואָס אַנדערע קינדער האָבען ווען זיי קריגען אַ נייעם מלבוש. ער האָט ניט געהאַט דעם פאַרגעניגען זיך צו שפּילען אין קינדער־גאָרטען מיט אַנדערע קינדער פון זיין עלטער, ער האָט ניט געהאַט דעם זכות אַרויסצוקומען אויף דער גאַס אין דער באַגלייטונג פון זיינע עלטערען — וועלכע זיינען תמיד געווען פאַריאָגט און פאַרהאָרעוועט. ער פלעגט דעריבער פאַרברענגען זיינע מערסטע שעה׳ען, אָהן דער צערטליכקייט פון עלטערען־ליבע, צוזאַמען מיט די ניט־דערצויגענע און ניט אַנטוויקעלטע גאַסען־קינדער — אין אַ פאַרדאָרבענער אַטמאָספערע פון אומרייניגקייט און קעלט. און אפילו אין אָוונט, ווען די עלטערען זיינע פלעגען זיך צוריקקערען אהיים אויס־

געמאַטערטע, הונגעריגע און בייזע אויף זייער שווערען גורל, פלעגט ער ניט באַקומען קיין שום אויפמערקזאַמקייט פון זיי — די אָרימע, מידע מענשען האָבען זיך געוואָלט אָפּרוהען, כאַפּען אַ דרימעל. פאַר'ן מינדעסטען, ניט־פאָרזיכטיגען שריט, וואָס דאָס קינד האָט געמאַכט, פלעגען די עלטערען אים שטאַרק שלאָגען.

דער עקאָנאָמישער קריזיס אין פוילען פון די יאָרען 34־1936 האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די צאָל פון אַזעלכע אָרימע קינדער און דערמיט אויך די צאָל קינדער, וואָס פלעגען זיך אייגענטליך אַרומוואַלגערען הפקר איבער די גאַסען פון שטאָט.

אין יאָר 1937, קורץ פאַר מיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל, האָט זיך צו מיר געווענדעט דער חשוב'ער און געטרייער לייטער פון בית־יתומים, שבתי גאָרדאָן, און מיר פאָרגעשלאָגען דעם פּלאַן פון אויפשטעלען אַ היים פאַר די אָרימע קינדער. דאָס האָט געזאָלט זיין, לויט זיין פאָרשלאג, מיין לעצטער גוטער טאַט פאַר וואָלקאָוויסק ביים געזעגענען זיך מיט דער שטאָט. איך האָב דעם פאָרשלאג אָנגענומען מיט גרויס פרייד, און מיר האָבען באַשלאָסען אונטערצונעמען די ערשטע שריט, נאָך איידער מיר שלאָגען־פאָר דעם פּלאַן אויף אַ זיצונג פון דער פאַרוואלטונג פונ'ם בית־יתומים. מיר האָבען גע־וואָלט אַוועקשטעלען די פאַרוואלטונג פאַר אַ געשעהענעם פאַקט. מיר האָבען זיך דעריבער פאַרשטענדיגט מיט די אָרטיגע אייגענטימער פון די זעג־מילען, אברהם שאַפּירא און מאיר סעלעצקי, און מיט די אייגענטימער פון די האָלץ־סקלאַדען, מרגלית, מאָוושאָוסקי און סמאזאנאָוויטש. מיר האָבען זיי פאָרגעלייגט אונזער באַשלוס צו קומען צו הילף די אָרימע קינדער פון וואָלקאָוויסק און אויפשטעלען פאַר זיי אַ געביידע. די דאָזיגע מענשען האָבען גערען איינגעוויליגט אומזיסט צוצושטעלען דאָס האָלץ, וואָס איז נויטיג געווען פאַר'ן בוי פון דער געביידע. אויך האָבען די אידישע סטאָליאַרעס איינגעוויליגט צו מאַכען פון האָלץ די נויטיגע צאָל בענקלעך און טישען און אויפצושטעלען די הילצערנע געביידע, האַרט לעבען בית־יתומים. ערשט נאָכדעם האָבען מיר פאָרגעבראַכט אונזער פּלאַן פאַר דער פאַרוואלטונג פון אַנשטאַלט, וועלכע האָט אים מיט צופרידענקייט אָנגענומען. אזוי ארום איז געעפענט געוואָרען, ביים בית־יתומים, אַ טאָג־היים פאַר די אָרימע קינדער.

דער טרייער לייטער פון אַנשטאַלט, שבתי גאָרדאָן, האָט פּינקטליך אויס־געפירט דעם באַשלוס פון דער פאַרוואלטונג. מען האָט באַלד רעגיסטרירט די אָרימע קינדער אין עלטער פון פיר ביז זעקס יאָר. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס האָט ניט באַפרידיגט אַלע עלטערען, וועלכע האָבען אויך געוואָלט שיקען אין דער טאָג־היים זייערע קינדער, וועלכע זיינען געווען עלטער פון זעקס

יאָר. אָבער לײדער האָבען מיר זײ ניט געקענט אָננעמען. מיר האָבען אָבער
אַ גע׳פּועל׳ט בײ דער „טאָז״־געזעלשאַפט און די שול־אָנפירער, אַז זײ
זאָלען איבערנעמען די אויפזיכט איבער די קינדער, וועלכע זײנען עלטער
פון זעקס יאָר. מיר האָבען רעגיסטרירט אַרום זעכציג קינדער. די ערשטע
זאַך האָבען מיר געדאַרפט זאָרגען פאַר זײער באַקלײדונג, װײל זײ זײנען
כמעט אַלע געװען אָנגעטאָן אין שמאַטעס. מיר האָבען אײנגעקױפט אין די
מאַנופאַקטור־געשעפטען, וואָס זײערע אײגענטימער האָבען אונז גוט גע־
קענט און אונז געגעבען גוטע באַדינגונגען, די נויטיגע קוואַנטיטעט שטאָף
און אין דרײ טעג צײט איז די באַקלײדונגס־אַקציע פאַרענדיגט געוואָרען.
מיר האָבען געמאַכט אַ ספּעציעלען אַפּיעל צו דער אידישער באַפעלקערונג,
און דער אָפּרוף איז געװען אַ גלענצענדער. אַלע אונזערע קאָסטען זײנען
געדעקט געוואָרען פון פרײוויליגע בײשטײערונגען.

מיר האָבען אָנגעשטעלט אַ ספּעציעלע דערציהערין, וועלכע האָט זיך
באַשעפטיגט מיט די קלײנע קינדער אַ גאַנצען טאָג. די עלטערען פלעגען
ברענגען די קינדער פאַר אַכט אַזײגער אינדערפריה, אויף זײער וועג צו דער
אַרבײט, און קומען זײ אָפּנעמען זיבען אַזײגער אין אָװענט אויף זײער וועג
אַהײם. די קינדער האָבען אין משך פון טאָג באַקומען דרײ זאַטע מאָל־
צײטען און צוויי מאָל טײ מיט קיכלעך. זײ האָבען דאָרט געהאַט די פּאַסיגע
שפּילצײג מיט די בילדער־ביכלעך, מיט וועלכע זײ האָבען זיך געשפּילט,
זיצענדיג אין די פאַרביגע קלײנע שטילכלעך בײ קלײנינקע טישלעך. אַ סך
שפּילצײג, פאַרבען און בלײפעדער האָט די אידישע יוגענד צוגעטראָגען אַלס
בײשטײערונג.

די ערשטע טעג האָבען די קינדער באַקומען זײערע מאָלצײטען פון דעם
בית־יתומים. אָבער שטעהענדיג שוין פאַר אַ געשעהענעם פאַקט, האָט די
פאַרוואַלטונג אײנגעלאַדען דעם הויפּט־קאָמיטעט אויף אַ גלאָז טײ לכבוד
דער אַנטשטעהונג פון דער קינדער־הײם. בײ דער אויפנאַמע האָבען די
פאַרטרעטער פון הויפּט־קאָמיטעט, אַן שפּיץ פון וועלכען ס׳איז געשטאַנען
הי דאָמבראָצקי, דערזעהן דעם וואונדערליכען אויפטו, דעם עקזיסטירענדען
אַנשטאַלט פאַר די אָרימע קינדער — און פאַרשטעהט זיך, אַז זײ האָבען
באַלד באַוויליגט אַ שטענדיגע מאָנאַטליכע סובסידיע, וועלכע האָט כמעט
געדעקט די אויסגאַבען פון דערנערונג. די צײטונגס־לײט האָבען זיך אויך
וואַרים אָפּגערופען אויף דער גרינדונג פון נײעם אַנשטאַלט און אַ סך גוטעס
איז געשריבען געוואָרען אין דער אָרטיגער אידישער צײטונג „וואָלקאָוויסקער
לעבען״ וועגען דער טאָג־הײם. אַ סך וואָלקאָוויסקער האָבען אָנגעפאַנגען
קומען באַזוכען דעם נײעם אַנשטאַלט, און פאַרשטעהט זיך, תמיד מיט אַ פּאַר־



קינדער פון „בית־יתומים" מיט דער פאַרוואַלטונג אין יאָר 1930

רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, זיצען: אהרן סמאַזאַנאָוויטש, חנה קאַגאַנאָוויטש, חיה־שרה יודזשיק, אליהו שלאָסבערג, פרוי פון דר. שליאַקמאַן, פרוי יעזערסקי, רייזעל פאַרבער, מרדכי מורשטיין; צווייטע רייהע: חיענקע׳ס שותף, דר. יעקב סעדלעצקי, שעפסיל גאָרדאָן, פרוי מיכל זאַן־מאַזיע, פרוי ווילק.

טיגער נדבה און אַ פּעקעלע אין האַנט.

דער אַנשטאַלט האָט אַ סך געגנאָסען פון דער גוטער און טרייער אָנ־פירערשאַפט פון שבתי גאָרדאָן, און פון דער ערנסטער אויפזיכט פון דער קינדער־דערציהערין, און ער האָט זיך שנעל אַנטוויקעלט. אזוי ארום האָבען די אָרימע קינדער, אנשטאָט זיך אַרומצואוואָלגערען אין די גאַסען, באַקומען אַ פיינע דערציהונג און גוטע צוגרייטונג פאַר דער אָנפאַנג־שולע.

## שטיצע־קוואַלען פאַר׳ן בית־יתומים

עס איז שווער אָנצוגעבען די אַלע קוואַלען פון פאַרשיידענע אונטער־שטיצונגען, איינקונפטען און מתנות, וואָס זיינען צוגעשיקט געוואָרען צום בית־יתומים מצד אָרגאַניזאַציעס, פאַראיינען און אינדיווידועלע פריינד פון עלענדען קינד. איך קען בלויז דאָ דערמאָנען אייניגע נעמען פון מנדבים, וועמעס פאַרדינסטען זיינען געווען גרויס אויף דעם געביט: מתתיהו רוטשיק, ביילקע און נח לעוו, סאָל באַראַש, די וואָלקאָוויסקער שוהל אין ניו־יאָרק, דער וואָלקאָוויסקער פאַראיין אין ניו־יאָרק, דער וואָלקאָוויסקער פרויען פאַראיין אין שיקאַגאָ, וועמעס פּרעזעס עס איז געווען שרה פערליס (שרה די פישערקע) און די איבערגעגעבענע סעקרעטאַרין ליבע בארטנאָווסקי, און אויך אַ גרויסע צאָל יחידים אין אַמעריקע, וועלכע האָבען אויף אַ פיינעם אופן בייגעשטייערט פאַר׳ן אַנשטאַלט, אָבער וועמעס נעמען איך קען זיך ניט דערמאָנען. מיר האָבען אין בית־יתומים דורכגעמאַכט פאַרשיידענע צייטען, אויך פּעריאָדען ווען די לאַגע איז געווען ממש קאַטאַסטראָפאַל אין פינאַנציעלען זין, אָבער קיינמאָל האָט עס ניט באַווירקט די לאַגע פון עלענדען קינד. מיר האָבען אין יענע שלעכטע צייטען פון קריזיס תמיד געפונען אַ פיינעם און ברייט־האַרציגען אָפּרוף מצד דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג, וואָס פלעגט ברייט־האַרציג מנדב זיין. און אזוי אַרום האָבען מיר, די פאַרוואלטער, שטענדיג געקענט טראָגען אין דער הויך און בכבוד די שטאָלצע פאָן „ליתום ולאלמנה", וועלכע איז קיינמאָל אין אונזער שטאָט ניט פאַרשעמט געוואָרען.

## חתונות פון יתומים־קינדער

כדי צו פאַרפולקאָמען דעם קאַפּיטעל וועגען דעם בית־יתומים, מוז מען אויך צוגעבען עטליכע ווערטער וועגען דעם אופן פון חתונה־מאַכען די יתומים־קינדער. אין דעם פאַל פלעגען די פאַרוואלטונגס־מיטגלידער זאָרגען פאַר׳ן קינד ווי אייגענע טאַטע־מאַמע. מען פלעגט אויסשטאַטען דאָס פאַר־פאָלק מיט אַלעס מעגליכע. די וואָלקאָוויסקער אידען האָבען תמיד געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר די נויטען פון די יתומים, אָבער באַזונדערס פיין פלעגען זיי זיך אָפּרופען ביי די יתומים׳ס חתונות און העלפען איינאָרדענען די עלענדע קינדער אויף שטענדיג.

די חופּה־צערעמאָניע פּלעגט מייסטענס איינגעאָרדענט ווערן אין אַנשטאַלט גופא, מיט דער באַטייליגונג פון אַלע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אַלס די הויפּט מחותנים, וועלכע פּלעגן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די יונג־פאַרשטאָרבענע עלטערן. ביי מיר, אַלס פּרעזעס פון אַנשטאַלט, ווי אויך ביי אַלע אַנדערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, פּלעגט ביי דער געלעגענהייט די שמחה זיין אַפילו גרעסער ווי ביי מיין אייגענער משפחה, ווייל דאַן פּלעגן מיר זעהן די רייפע פּרוכט פון אונזער לאַנג־יאָריגער און אומדערמידליכער אַרבייט לטובת דעם קינד.

איך געדענק נאָך היינט, ווי די ערשטע חופּה־צערעמאָניע איז דורכגע־פירט געוואָרען. אויף דעם פאַרלאַנג פון איינעם פון די פאַרוואַלטונגס־מיט־גלידער, צבי לייבאָוויץ (איצט אין ראשון לציון), איז זי אַראַנזשירט גע־וואָרען אין זיין אייגענעם הויז. דער מסדר־קידושין איז דאַן געווען הרב יצחק קאַסאָווסקי (איצט אין יאָהאַנעסבורג). דאָס פּאָר־פאָלק וואָס מען האָט חתונה געמאַכט, איז געווען אויסגעשטאַט מיט אַלעם גוטען. וועגען דער באַקליידונג און אויסשטאַטונג האָב איך דאַן פּערזענליך, צוזאַמען מיט רייזעל פאַרבער, באַזוכט אייניגע פון אונזערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, וועלכע האָבען זיך אָפּגערופען זעהר ברייט־האַרציג אויף אונזער אַפּיעל. ווען איך בין אַריינ־געקומען אין דער וואוינונג פון פּרוי דר. פּרעס וועגען דעם ענין, האָט זי פאַר מיר געעפענט איר קליידער־שראַנק און האָט מיר פאָרגעשלאָגען אַרויס־צונעמען וואָס איך וויל נאָר. איך האָב צופעליג אָנגעוויזען מיט מיין פינגער אויף אַ מלבוש, וואָס איז געווען אַ נייער מאַנטעל. וועלכען זי האָט געהאַט געמאַכט מיט אַ קורצער צייט צוריק. זי האָט באַלד אַרויסגענומען דעם מלבוש און האָט מיר אים געגעבען צוזאַמען מיט נאָך אַ צאָל אַנדערע זאַכען. אַזוי האָבען אויך בייגעשטייערט פאַר דעם צוועק וועלוועל קאַפּלאַן, פון דער כאָלאָדאָיסקער גאַס (איצט אין תל־אביב), וועלכער האָט געגעבען אייניגע גוטע קליידער פון זיינע טעכטער; דר. ראָזע איינהאָרן־פּשעניצקא און איר מאַן, אינזשעניר פּשעניצקי, וועלכע האָבען געשאָנקען די נויטיגע געשיר פאַר דער נייער ווירטשאַפט פון חתן־כלה; אַלעקסאַנדער מאַקאָוו, וועלכער האָט געגעבען ליילאַכער פון זיין געשעפט; לייזער זאַמאָשטשאַנסקי, וועלכער האָט געגעבען צוויי איבערדעקען פאַר די בעטען; יעקב גאָלדבערג, וועלכער האָט געגעבען טישטוכער. אויך פיל אַנדערע וואָלקאָוויסקער אידען האָבען געבראַכט זייערע ביישטייערונגען מיט אַ ברייטער האַנט.

די חתונות אליין פּלעגן תמיד פאַרוואַנדעלט ווערן אין שטאָט־שמחות, ווייל אַחוץ די קרובים און די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער און פריינד, פּלעגן אויך קומען אָנטיילנעמען אין די שמחות פיל אַנדערע וואָלקאָוויסקער אידישע

תושבים. דאָרט פלעגען זיי זעהן אַ רייכע אונטערנעמונג, וואָס איז ניט צו־שטאַנד געקומען דורך קלאַפּען אין די פּושקעס, נאָר אַ דאַנק די באַמיהונגען פון די פאַראַנטוואָרטליכע שטעל־פאַרטרעטער פון די פאַרשטאָרבענע על־טערען, וועמעס לעצטער וואונש איז דערמיט דערגרייכט געוואָרען. מיר, די פאַרוואַלטונגס מיטגלידער, פלעגען זיין די אונטערפירער, און אין די מאָמענטען פלעגען מיר איבערלעבען די זעלבע פרייד, פּונקט ווי מיר וואָלטען געפירט אונזערע אייגענע קינדער צו דער חופּה.

## די אַמעריקאַנער לאַנדסלייט

די וואָלקאָוויסקער, וועלכע האָבען געלעבט אין אַמעריקע, האָבען קיינ־מאָל ניט פאַרגעסען זייער געבורטס־שטאָט. זיי האָבען תמיד געהאַט אַ וואַרימע און ברודערליכע באַציהונג צו זייערע קרובים און לאַנדסלייט אין וואָלקאָוויסק און זיינען שטענדיג גרייט געווען צו געבען הילף צו אַלע וואָל־קאָוויסקער געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס. עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס וואָלקאָוויסק האָט אלעמאָל שטאָלצירט מיט אירע לאַנדסלייט אין אַמעריקע, וועלכע האָבען איר פאַרשאַפט פיל כבוד.

די וואָלקאָוויסקער אידען אויפ׳ן אַמעריקאַנער קאָנטינענט האָבען זיך, אויפ׳ן אלטען טראַדיציאָנעלען שטייגער, אויך אין זייער נייעם לאַנד גע־האַלטען זעהר נאָהענט איינער צום אַנדערען, שטענדיג געדענקענדיג זייערע אייגענע און פריינד אין דער אלטער היימשטאָט. עס האָבען זיך אויסגע־צייכענט צווישען זיי יחידי־סגולה, וואָס פלעגען אויף אַן אינדיווידועלען אופן פיל ביישטייערען פאַר די נויטווענדיגע צוועקען פון זייערע ברידער אין דער אַלטער היים. צווישען זיי איז כדאי צו דערמאָנען אזעלכע נעמען, ווי סאָל באַראַש — וועלכער האָט אָפּגע׳ירש׳ענט אזויפיל גוטע מידות פון זיינע איידעלע עלטערען, יקותיאל און מיכלע בערעשקאָווסקי — וועלכע פלעגען קיינמאָל ניט פאַרגעסען צוצושיקען זייערע ברייטהאַרציגע ביישטייערונגען צוויי מאָל אַ יאָר. זייערע ביישטייערונגען האָבען אויך פיל געהאָלפען אין דער אויפהאַלטונג פון אונזער בית־יתומים און קינדער־היים אין משך פון פיל יאָרען. סאָל באַראַש פלעגט אויך פאַר דעם צוועק זאַמלען פאָנדען צווישען אַנדערע וואָלקאָוויסקער און סתם אַמעריקאַנער אידען, וועלכע ער פלעגט פאַראינטערעסירען אין די וואָלקאָוויסקער אידישע אָנגעלעגענהייטען. עס פלעגען אויך תמיד מיטהעלפען מיט זייערע גאָר אָנגעזעהענע נדבות די פאַרשטאָרבענע מאיר סיגעל און מתתיהו רוטשיק, וואָס אַ דאַנק זייער הילף זיינען פיל מענשען אין וואָלקאָוויסק געראַטעוועט געוואָרען פון אונטערגאַנג. עס וואָלטען נאָך אויף דעם פּלאַץ געדאַרפט דערמאָנט ווערען אַ צאָל אַנדערע וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט, וועלכע האָבען תמיד אויף אַ זעהר רעגולערען

אופן בייגעשטייערט לטובת זייערע ברידער אין וואָלקאָוויסק, אָבער לײדער געדענק איך ניט זייערע נעמען.

אַחוץ די יחידים, דאַרפֿען דאָ אָבער דערמאָנט ווערען די פֿאַראייניגטע וואָלקאָוויסקער לאַנדסמאַנשאַפֿטען, ווי דער געוועזענער וואָלקאָוויסקער פּרויען־פֿאַראיין אין ניו־יאָרק, דער וואָלקאָוויסקער פּרויען־פֿאַראיין אין שיקאַגאָ, די וואָלקאָוויסקער שוהל אין ניו־יאָרק, און אַנדערע וואָלקאָוויסקער לאַנדסמאַנשאַפֿטען אין אמעריקע, ווי אויך די קאַנאַדער וואָלקאָוויסקער לאַנדסמאַנשאַפֿט — וואָס אַ דאַנק זייער שטיצע האָבען פֿיל וואָלקאָוויסקער געזעלשאַפֿטליכע אינסטיטוציעס, ווי אויך יחידים, געהאַט צו פֿאַרדאַנקען זייער עקזיסטענץ. ספּעציעל האָבען זיי זיך אויסגעצייכענט מיט זייער שטיצע צום בית־יתומים אין וואָלקאָוויסק די צוויי פּרויען־פֿאַראיינען אין ניו־יאָרק און אין שיקאַגאָ, וועלכע פֿלעגען אַחוץ זייערע רעגולערע סובסידיעס, וואָס זיי האָבען געזאַמעלט צווישען די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט און צווישען אַנדערע אַמעריקאַנער אידישע קרייזען, אויך פֿיין זיך אָפּרופֿען אויף אונזערע אַפּיעלען פֿאַר הילף. אין דעם שיקאַגער פּרויען־פֿאַראיין זיינען געווען זעהר טעטיג זיינע צוויי גרינדערינס — שרה פּערליס (די פּישערקע) און ליבע באַרטנאָווסקי, וועלכע האָבען ביי זייער אָפּפֿאָר פֿון וואָלקאָוויסק קיין שיקאַגאָ אויף זיך גענומען צו העלפֿען, אויף ווי ווייט מעגליך, די אָרימע יתומים און זקנים, ווי אויך אַלע געזעלשאַפֿטליכע אַנשטאַלטען, וועלכע האָבען זיך געראַנגעלט פֿאַר זייער עקזיסטענץ. זיי האָבען זייער צוזאָג דערפֿילט, גרינדענדיג דעם וואָלקאָוויסקער פּרויען פֿאַראיין אין שיקאַגאָ און צוציהענדיג פֿאַר הילפֿס־צוועקען באַדייטענדע כוחות פֿון שיקאַגער אידישע קרייזען, ניט נאָר וואָלקאָוויסקער. מיט זיי האָבען טיכטיג געאַרבייט: שרה רבקה באַרטנאָווסקי, ש. באַרט, פֿרוי ליואיס, פֿרוי בערלינגער, און אַנדערע.

איך וויל דאָ אויך דערמאָנען דעם קאַנאַדער וואָלקאָוויסקער פֿאַראיין פֿאַר דער הילף, וואָס ער האָט שוין באַוויזען צו געבען לטובת די געצעהלטע וואָלקאָוויסקער פּליטים, און פּליטים פֿון אנדערע שטעט, זינט עס האָט זיך געענדיגט דער צווייטער וועלט־קריג. באַזונדערס טעטיג און פֿאַראינטערעסירט אין דער הילפֿס־אַקציע האָבען זיך ארויסגעוויזען צו זיין די פֿאָלגענדע וואָלקאָוויסקער: מ. מירמאַן־שײקעוויטש, אברהם שײקעוויטש, כמעלניצקי, וייפֿ, דאווידאָווסקי, קאָס, יונאָוויטש און פֿרוי בן־צבי. אָט די אַלע, וועלכע לעבען היינט אין קאַנאַדע, זיינען אַמאָל געווען פֿון די אַקטיווע עסקנים אין דעם געזעלשאַפֿטליכען אידישען לעבען אין וואָלקאָוויסק. זיי האָבען געהאָלפֿען בויען די שטאָט, האָבען אָנטייל־גענומען אין אירע פֿריידען און

לײדען. אַ דאַנק זײער שנעלער אַקציע, האָבען מיר שוין דאָ, אין ארץ־ישראל, באַזאָרגט מיט די ערשטע באַדערפענישען, ווי קלײדער און פינאַנציעלע הילף, די קלײנע צאָל וואָלקאָווינסקער פּליטים, וועלכע האָבען זיך, נאָך אומבאַשרײבליכע לײדען, פון די לעצטע מלחמה־יאָרען, ענדליך דערשלאָגען צו די ברעגען פון אונזער לאַנד. מיר זײנען אויך איצט אימשטאַנד אויפצונעמען מיט אַ שעהנעם ברודערליכען קבלת־פּנים נאָך פערזאָנען פון די װײניגע בײם לעבען־געבליבענע וואָלקאָווינסקער ברידער און שוועסטער.

## וואָלקאָווינסקער שוהל און וואָלקאָווינסקער רעליף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק

די וואָלקאָווינסקער שוהל אין ניו־יאָרק האָט זיך נאָך באַרימט געמאַכט מיט איר גרויסער הילפס־אַקציע פאַר די וואָלקאָווינסקער באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זי איז דאַן געווען דער צענטער פון הילף פאַר די אידען פון וואָלקאָוויסק, וועלכע האָבען שטאַרק געליטען פון דער מלחמה. דעלעגאַטען פון דער שוהל און פונ׳ם וואָלקאָווינסקער רעליף־קאָמיטעט פלעגען רעגולער קומען קײן וואָלקאָוויסק מיט געלט־שטיצעס פאַר קרובים, פרײנד און סתם־אידען, וועלכע האָבען זיך גענויטיגט אין הילף. און אַזעלכע האָבען דאַן ניט געפעלט אין דער שטאָט. פיל צעהנדליגער פאַמיליעס, וואָס זײנען צוליב דעם קריג פולשטענדיג רואינירט געוואָרען, האָבען זיך אַ דאַנק דער שטיצע פון דער שוהל און פונ׳ם רעליף־קאָמיטעט צוריקגעשטעלט אויף זײערע אײגענע פיס. זײערע גרויסע פאַרדינסטען זײנען באַשטאַנען ניט בלויז אין דער פינאַנציעלער הילף, וואָס זײ פלעגען צוטראָגען צו די אידען אין וואָלקאָוויסק, נאָר אויך אין דעם צוזאַמענברענגען פון קרובים און פרײנד פונדערווײטענס און פון איבערשיקען די הילף צו די נויטבאַדערפטיגע.

בײ דער געלעגענהײט וויל איך דאָ דערמאָנען די נעמען פון עטליכע וואָלקאָווינסקער פרויען: מלכה קרינסקי (אַ קרובה פון אפרים בעקענשטײן דעם קאַנאוואַל פון דער ברייטער גאַס), דבורה ווײנער (שאלקע יונאָוויטש דעם מולער׳ס אַ קרובה), ניעשע שניאור, חוה אסנעס און בערל אלפערט (דער סעקרעטאר), וועלכע האָבען געזאַמעלט די ערשטע פערצעהן הונדערט דאָלאַר פאַר דעם בית־יתומים, דורך אײנאָרדנען אַ טעאַטער־בענעפיט פאַר־שטעלונג, פון וועלכער די גאַנצע אײננאַמע איז געגאַנגען פאַר׳ן אַנשטאַלט.

אויך נאָך דעם צווײטען וועלט־קריג, האָבען די לאַנדסלײט אין אַמעריקע באַוויזען אויף שנעל אויפצושטעלען דעם געהעריגען הילפס־אַפּאַראַט פאַר די אומגליקליכע רעשטלעך, פון וועלכע אַ באַדײטענדע צאָל האָבען איר צו פאַרדאַנקען זײער שנעלע אײנאָרדנונג אין ארץ־ישראל.

# די בויער און טוער פון וואָלקאָווויסקער "בית־יתומים"

**הערשעל גאָרדאָן** (דער סופר) און **שבתי** (זיין זוהן) — די לייטער פון בית־יתומים — האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט צוויי באַזונדערע דורות. דער פאָטער, הערשעל גאָרדאָן, האָט אַ דאַנק זיין פיל־יאָריגער פאַרצווייגטער מעטיגקייט, פאַרמאָגט אַן אומגעהויערע מאָס פון געזונטער, אויסגעהאַל־טענער פראַקטיק; דער זוהן, שבתי, האָט זיך מערסטענס געשטיצט, ווי דאָס איז דער וועג פון יונגען דור, אויף טעאָריע. און ווייל זיי האָבן ביידע געאַרבייט אויף דעם זעלבען געביט, האָבן זיי זיך אויף אַ וואונדערבאַרען אופן דערגענצט.

דער פאָטער, הערשעל דער סופר, איז געווען אַ איד, פאַר וועלכען מען האָט אויף דער גאַס געדאַרפט פריי מאַכען דעם וועג, ווען מען האָט אים געטראָפען געהענדיג, און דאָס ניט בלויז צוליב דעם הדרת־פּנים זיינעם, נאָר גאָר איינפאַך, ווייל מען האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל ניט אַרויפטרעטען אויף די פיס פון די פאַרבייגעהער — אויף אַזויפיל האָט דער איד ניט גע־וואָלט וויסען פון קיינע הנחות. ער האָט זיך ליב געהאַט צו האַלטען אַלס דער פאַרטרעטער פונ'ם אַלטען דור, און דאָך האָט ער געהאַט אַ גרויסע פאַרשטענדעניש פאַר דעם מאָדערנעם סיסטעם פון יתומים־דערציהונג, מיט וועלכען זיין זוהן, שבתי, דער היינט־וועלטיגער, האָט פאַרוואַלטעט. ביידע, פאָטער און זוהן, האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער איבערגעגעבענקייט צום אנשטאַלט און צו די יתומים.

**שבתי גאָרדאָן,** דער דערציהער, האָט פאַרנומען אַ זעהר בכבוד'יג אָרט אין דער געשיכטע פונ'ם בית־יתומים. ער איז יאָרען לאַנג געווען אריינ־געטאָן מיט'ן גאַנצען האַרצען אין דער אַנטוויקלונג פון אנשטאַלט, און אין דער דערציהונג און דעם וואוילזיין פון זיינע קינדער. אויך נאָך מיין אָפּ־פאָר פון וואָלקאָוויסק פלעגט ער מיר רעגולער צושיקען קיין ארץ ישראל לאנגע מאָנאַטליכע באַריכטען וועגען זיין ליבלינג — דעם בית־יתומים.

**אברהם און חנה** (נחמה) **קאַגאַנאָוויטש,** האָבען זיך שטאַרק פאַר־דינט פאַררעכענט צו ווערען צווישען די איבערגעגעבענסטע טוער פונ'ם וואָלקאָוויסקער בית־יתומים. נחמה קאַגאַנאָוויטש האָט אַליין געשטאַמט פון דאָרף בעזוואָדניע, לעבען זעלווע. ביז'ן יאָר 1915 האָט זי געוואוינט אין ביאַליסטאָק און דערנאָך אין זעלווע. הגם זי איז ניט געווען קיין וואָלקאָ־וויסקער געבאָרענע און האָט פאַרבראַכט איר קינדהייט און אויך די יוגענד־



אברהם קאַגאַנאָוויטש

יאָרען אַנדערש־וואו, האָט זי דאָך פון דעם ערשטען טאָג פון איר באַזעצען זיך אין וואָלקאָוויסק פיל בייגעטראָגען צו דער גרינדונג און אַנטוויקלונג פון אַ צאָל קהל׳שע וואָלקאָוויסקער אינסטיטוציעס, ווי די וואָלקאָוויסקער אידישע פאָלקס־שול, די פאָלקס־ביבליאָטעק, דער יתומים־הויז און אַנדערע. אויפ׳ן געביט פון יתומים־הויז איז זי געווען טעטיג פון די ערשטע יאָרען פון זיין גרינדונג. אפילו נאָך פאַר זיין גרינדונג, דאָס הייסט איידער די געביידע פון אַנשטאַלט איז אויפגעשטעלט געוואָרען, און די יתומים־קינדער זיינען געווען אויף אַ צייטווייליגען אופן איינגעאָרדענט אין פריוואַטע היימען, פלעגט נחמה קאגאנאָוויטש געהן באַזוכען יעדען איינעם פון די דאָזיגע יתומים אין די פאַרשיידענע הייזער — פון קאַרטשיזנע ביז אונטער׳ן באַרג. זי פלעגט עס טאָן ניט געקוקט אויפ׳ן וועטער — אין רעגען און שניי. נחמה קאגאנאָוויטש איז ניט געווען קיין גביר׳ישער טיפּ פון אַ וואוילטעטיגער דאַמע, וועלכע האָט געזוכט צו „דער׳הרג׳ענען״ אירע לאַנגווייליגע שעה׳ען. זי איז אַליין געווען אַן ארבייטס־פרוי, וועלכע האָט, אונטער׳ן געררויש פון די ניי־מאַשינען און אונטער די טענער פון פרייהייטס־לידער, איינגעזאַפּט אין זיך די ליבע צו אלע געקריוודעטע, צו אלע אָרימע און הילפלאָזע. אָט דערפאַר האָט זי



חנה קאַגאַנאָוויטש

געווידמעט אירע באַשרענקטע פרייע שעה'ען נאָך דער ארבייט צו וואויל־טעטיגע צוועקען, דער עיקר, פאַר די אָרימע און עלענדע יתומים פון שטאָט. זי האָט באַזיצט אַ הויכע אינטעליגענץ און אַן אומגעהויערע מוטערליכע צערטליכקייט. באַלד ווי זי האָט זיך אריינגעוואָרפען אין דער ארבייט פאַר דעם בית־יתומים, איז זי געוואָרען די פאָרזיצערין פון דער פאַך־קאָמיסיע. זי פלעגט ניט פאַרפעלען קיין זיצונג פון דער פאַרוואלטונג, און תמיד פלעגט זי קומען מיט פאַרטיגע פלענער ווי אזוי ארויסצוהעלפען דעם אָדער יענעם יתום און באזאָרגען אים מיט דעם פאַסיגען פאַך, וואָס זאָל אים געבען די מעגליכקייט, ביים פאַרלאָזען דעם אַנשטאַלט צו שטעהן אומאָפּהענגיג אויף זיינע אייגענע פיס. זי מיט איר מאַן, אברהם קאגאנאָוויטש, האָבען, לויט דער באַשטימונג פון יתומים־הויז, איבערגענומען צוויי יתומים, אַ מיידעל און אַן אינגעל, וועמען זיי האָבען אויסגעבילדעט, יעדען איינעם אין זיין פאַך, און זיי געגעבען אַ היים מיט עלטערען־ליבע, פּונקט ווי זיי וואָלטען געווען זייערע אייגענע קינדער. פרוי קאַגאנאָוויטש פלעגט ניט פאַרפעלען קיין אונטערנעמונג אינ'ם בית־יתומים, און אָפטמאָל פלעגט זי דאָרט פאַר־ברענגען אַ גאַנצע נאַכט, און דאַן אָהן שלאָף אָנפאַנגען א נייעם ארבייטס־

טאָג. אין איר ווארשטאט זיינען געווען באשעפטיגט כמעט אלע יתומות. זי פלעגט זיי גוט אויסלערנען דעם פאַך און ווען זיי פלעגען פון דאָרט ארויס־געהן, זיינען זיי שוין געווען פולקאָמע אַרבייטערינס. מיט איר מסירת־נפש'דיגער איבערגעגעבענהייט צו דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט, וועלכער זי האָט געווידמעט אַכטצעהן יאָר פון איר לעבען, האָט זי תמיד אַרויסגע־רופען דעם גרעסטען רעספּעקט מצד אַלע, מיט וועמען זי האָט נאָר געהאַט אַ וועלכען עס איז קאָנטאַקט. און נאָכדעם ווי זי איז מיט איר מאַן, אין 1936, ארויסגעפאָרען צו זייערע קינדער אין ארגענטינע, האָט זי אויך דאָרט מיט נייעם אימפּעט זיך גלייך אריינגעוואָרפען אין איר שעפערישער אַרבייט און געוועקט און גערופען און געשטורעמט די הערצער פון די וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט זיי זאָלען ניט פאַרגעסען די אָרימע יתומים אויף יענער זייט ים. לײדער האָט דער טויט איבערגעריסען איר אַקטיווע און ענערגיש לעבען אין עלטער פון 53 יאָר. זי איז געשטאָרבען אין יאָר 1941 (י"ט תמוז, תש"א).

די טרויעריגע ידיעה וועגען דעם טויט פון דער פון אלעמען געשעצטער פרוי, דער געוועזענער פאַרוואלטונגס־מיטגלידערין פון בית־יתומים און פרעזעס פון דער פאַך־קאָמיסיע, חנה קאגאנאָוויטש, האָט מיר פאַרשאַפט פיל לייד און שמערצען. איך האָב אין איר פאַרלאָרען די בעסטע און טרייסטע חברה, מיט וועמען איך האָב פאַר לאַנגע יאָרען, אַלס פרעזעס פון בית־יתומים, מיטגעאַרבייט.

אויך ער, אברהם קאַגאַנאָוויטש, איז געווען אַ חשוב'ע און פאַרדינסט־פולע פערזענליכקייט אין אידישען געזעלשאַפטליכען לעבען פון וואָלקאָוויסק פון פאַר דער מלחמה. מיט זיין הויכער, אימפּאָזאַנטער פיגור און גוטמוטיגען שמייכעל, האָט ער זיך שוין אין זיין יוגענד אויסגעצייכענט מיט אַ טיפער נייגונג פאַר קולטור, קונסט און געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט. שטאַמענדיג פון עלטערען, וועלכע זיינען געווען אָרימע בעלי־מלאכות, איז ער נאָך אַלס יונגער בחור אַוועקגעפאָרען קיין ביאַליסטאָק און האָט זיך דאָרט אויסגע־לערענט דעם פאַך פון מעטאַליסט. ווען ער איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1918, צוריקגעקומען קיין וואָלקאָוויסק, האָט ער געפונען די שטאָט אַ חרוב'ע. די אידישע אינסטיטוציעס זיינען דאַן געווען צעשטערט, די פאָלקס־כוחות צעשפּליטערט. עס האָט זיך געפאָדערט אַ געניטע האַנט פון אַ גוטען אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט זיך באַלד אריינגעוואָרפען מיט'ן פולען ברען אין דער געזעלשאַפטליכער ארבייט און איז געוואָרען אַ פירענדע פער־זענליכקייט אין אַזעלכע אנשטאַלטען ווי דער האנדווערקער פאַראיין, לינת־חולים, דער אידישער שפּיטאָל, דער בית־יתומים, די צעכען־פאָלקס־באַנק, א. אַז. וו. אויך אין אַרגענטינע איז ער שטאַרק טעטיג אין דער אַרבייט

לטובת די וואָלקאָוויסקער. ער איז אויסגעוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזעס פון דעם וואָלקאָוויסקער פאַראיין אין ארגענטינע. באַלד נאָכ'ן צווייטען וועלט־קריג האָט ער אָנגעפירט מיט דעם הילפס־קאַמפּיין פאַר דער קליינער צאָל לעבען־געבליבענע וואָלקאָוויסקער פּליטים. ער האָט געשאַפען אַ סומע פון פינף טויזענט פּעזעס, פאַר וועלכער מען האָט איינגעקויפט זאַכען און וואַרימע אונטערוועש פאַר די פּליטים, וועלכע געפינען זיך צעזייט אין פאַרשיידענע לענדער: פוילען, איטאַליע, עסטרייך און דייטשלאַנד. יעדער פּליט האָט באַקומען אַן אָנצוג, שיך און וואַרימע אונטערוועש. די אַקציע ווערט נאָך ביז היינט פון אים אָנגעפירט.

**הלל לעוו (קאָסטשילקער) און זיין פאַמיליע.** — איך האָב דאָס אַלטע פּאָר־פאָלק לעוו־קאָסטשילקער געקענט נאָך פון די פריהערדיגע יאָרען פון קאָסטשילקער הויף. אין די לעצטע יאָרען, ווען איך האָב זיך פאַרנומען מיט דער ארבייט פאַר'ן בית־יתומים איז נאָך אונזער פריינדשאַפט פיל שטאַרקער געוואָרען. ווען זיי האָבען שוין מער ניט געקענט, צוליב זייער עלטער, אליין זיך אַקטיוו באַטייליגען אין דער ארבייט לטובת דעם בית־יתומים, האָבען זיי אַרויסגעהאָלפען דעם אַנשטאַלט מיט זייערע רעגולערע ברייט־האַרציגע ביישטייערונגען. נאָך זייער טויט האָבען זייערע קינדער איבערגענומען זייער פּלאַץ און אין משך פון פיל יאָרען זיינען זיי געווען צווישען די אַקטיווסטע שטיצער פון אַנשטאַלט. לעוו'ס זוהן און זיין פרוי, רחל (די טאָכטער פון פּאָמעראַנץ, איינער פון די פיינסטע און פּאָפּולערסטע אידען אין קרעמיאַ־ניצע), ווי אויך לעוו'ס טאָכטער, מאַניע מעשינגיסער, און די אַנדערע צוויי טעכטער, קאַראָטניאַנסקי און גאָלדבערג, האָבען אַלע פיל אויפגעטאָן פאַר אונזער אַנשטאַלט. אַדאַנק זייער ברייט־האַרציגקייט און שטענדיגער גרייט־קייט צו העלפען די יתומים און נויט־באַדערפטיגע, ווי אויך דורך זייער גרויסען איינפלוס אויף אַנדערע מענשען, אז זיי זאָלען נאָכפאָלגען זייער ביישפיל, זיינען זיי געווען פאַררעכענט צווישען די שטיצער פון בית־יתומים.

אויך אויסער דעם בית־יתומים פלעגען זיי זיין זעהר טעטיג אין ארויס־העלפען אָרימע און עלענדע קינדער. אָט אזוי, צום ביישפיל, האָט ביי זיי אין גרויסען שנאַפּס־געשעפט געאַרבייט אַן אָרימע יתומה, וועמעס מוטער פלעגט פאַרקויפען אין גאַס געבעקס, וואָס די צוויי שטאָטישע בעקער, אברהם לעוו (דער ביאַליסטאָקער בעקער) און זיידקע קאַפּלאַן (דער גרויסער חסיד), פלעגען איר אויסלייהען אָהן געלט און אפילו אין אָוועגט צוריקנעמען דאָס געבעקס, וואָס זי האָט ניט געקענט פאַרקויפען. זיי האָבען דאָס געטאָן, כדי איר ארויסצוהעלפען, אז זי זאָל קענען מאַכען אַ לעבען און דערנערען אירע

יתומים־קינדער. ווען די עלטסטע טאָכטער פון דער אלמנה, וועלכע האָט געאַרבייט ביי לעוו'ען, האָט געזאָלט חתונה האָבען, האָבען זיך די לעוו'ס באַצויגען צו איר ווי צו אַן אייגען קינד. לעוו'ס זוהן האָט איר געגעבען אלס חתונה מתנה ערשט־קלאַסיגע מעבעל פאַר איר נייער היים, די עלטערע לעוו'ס האָבען זי באַזאָרגט מיט אַלע נויטוועדיגסטע זאַכען און זיי זיינען געווען די הויפּט־מחותנים אויף דער חתונה, באַגריסענדיג יעדען איינעם פון די געסט מיט פרייד און צופרידענקייט. אויך לעוו'ס קינדער זיינען אַלע געקומען אָנטייל־נעמען אין דער גרויסער שמחה, אין דער פאַרווירקליכונג פון וועלכער ס'האָבען אויך פיל מיטגעהאָלפען די אַלטיטשקע יונאָוויטש (הער־שעל דעם קצב'ס מוטער) און איך אליין מיט אַ געוויסער הלואה, וואָס איך האָב געליהען פאַר דעם צוועק אין באַנק, כדי צו דערמעגליכען דער אָרימער אלמנה דורכצופירען די חתונה אויפ'ן פיינסטען שטייגער. די דאָזיגע אָרימע חתונה איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ גרויסער שטאָטישער שמחה. די פרייד פון די לעוו'ס איז געווען גרויס, פּונקט ווי זיי וואָלטען חתונה געמאַכט זייער אַן אייגען קינד. די אַלטע פרוי יונאָוויטש, וועלכע האָט באַזאָרגט די חתונה מיט פלייש, פיש און געבעקס, וואָס זי האָט געשאַפען אין שטאָט, איז אויך געווען אַ הויפּט־מחותנת'טע ביי דער שמחה. איר שטאָלץ מיט'ן ערפאָלג האָט מען געקענט זעהן אין ד'עם אופן ווי דאָס קאָפּ־טיכעל איז געווען פאַרריסען אויף איר שטערען, און איר אומבאַשרייבליכע פרייד — אין דעם טאַנץ, מיט וועלכען זי האָט באַגלייט די חתן־כלה מיט דער מוטער פון דער חופּה. באַלד זיינען אלע ווי דורך אַ צויבער אריינגעצויגען געוואָרען אין אַ פרעהליכען טאַנץ, וואָס האָט אָנגעהאַלטען לאנגע שעה'ען.

די גוטע און ברייט־האַרציגע הילפס־אַרבייט פאַר די אָרימע יתומים מצד דער משפּחה לעוו איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרען, ווען זייער זוהן איז אויף אַ פּלוצימדיגען אופן געשטאָרבען אין יונגען עלטער. זיין אלמנה, רחל, האָט זיך נאָך דאַן אינטענסיווער אריינגעוואָרפען אין דער ארבייט לטובת דעם יתום, און אירע לייסטונגען זיינען געווען אומגעהויער גרויסע.

**וועלוועל קאַפּלאַן און עקיבא יודזשיק.** — די דאָזיגע צוויי וואָלקאָ־וויסקער בעלי־בתים זיינען געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס מענשען, אויף וועמען מען האָט תמיד געקענט רעכענען אין אַן עת־צרה. זייער אָפּפער־וויליגקייט און שטענדיגע גרייטקייט צו קומען צו הילף דעם נויט־באַ־דערפטיגען האָט גאָר קיין גרעניץ ניט געהאַט. איך געדענק ווי איינמאָל, בשעת דעם קריזיס פון 34־1936, איז אַ וואָלקאָוויסקער איד זעהר געטראָפען געוואָרען און ער האָט באַשלאָסען צו נעמען זיך דאָס לעבען. ער האָט זיך ארונטערגעוואָרפען אונטער אַ באַן און איז גע'הרג'עט געוואָרען, איבער־

לאָזנדיג אַן אלמנה מיט קליינע קינדער. גראָד האָט זיין עלטסטע טאָכטער געזאָלט דאַן חתונה האָבען און די שרעקליכע טראַגעדיע פון איר פאָטער'ס זעלבסטמאָרד האָט כמעט צונישט געמאַכט איר צוקונפטיגע חתונה. איך האָב זיך דאַן באַלד געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט וועלוועל קאַפּלאַן פון זאמאָשטשע און עקיבא יודזשיק, און ווי תמיד, זיינען זיי באַלד אַנטקעגען־געקומען מ.ט ממשות'דיגער הילף. מיר האָבען באַשלאָסען אונטער אַלע אומשטענדען חתונה צו מאַכען די טאָכטער צו די „שלושים" און אויך, אויף ווי ווייט מעגליך, צו פאַרזאָרגען די אלמנה פינאַנציעל. מיר האָבען זיך באַלד פאַרשטענדיגט מיט דעם וואַלד־סוחר פון סלאָנים, פאַר וועמען דער יתומה'ס פאָטער האָט געאַרבייט אין פאַרלויף פון פיל יאָרען, און בלויז צוליב'ן קריזיס איז ער געצוואונגען געווען אים אָפּצוזאָגען זיין שטעלע, וואָס האָט טאקע גורם געווען צום זעלבסטמאָרד. דער וואַלד־סוחר האָט מנדב געווען אַ סומע פון פיר הונדערט זלאָטעס, וואָס מיר האָבען איינגעלייגט אין באַנק אויפ'ן נאָמען פון דער אלמנה, כדי זי צו פאַרזאָרגען מיט אַ באַשעפטיגונג, וואָס זאָל זי מפרנס זיין מיט אירע קינדער. אויך האָבען מיר אָנגעפאַנגען אַ הילפס־קאמפּיין פאַר דעם צוועק צווישען אַלע וואַלקאָווישקער אידען, וועלכע האָבען זיך, ווי תמיד, ווארים אָפּגערופען אויף אונזער רוף. צווישען זיי האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין פיינער ביישטייערונג פאַר'ן יונגען פאַר־פאָלק דער מאנופאַקטור־סוחר יעקב גאָלדבערג. אזוי ארום האָבען מיר געקענט ביים שלוס פון דער „שבעה" באַזוכען די אומגליקליכע פאַמיליע און זיי פאָרלייגען די נויטיגע הילף, כדי דורכצופירען די חתונה פון דער טאָכטער געענוי צו די „שלושים". דאָס איז געווען אַ פולשטענדיגע איבער־ראַשונג פאַר דער אלמנה, וועלכע האָט ממש ניט געוואָלט גלויבען אונזערע ווערטער, ווען מיר האָבען איר פאָרגעלייגט אַרויסצוגעהן אין די קראָמען און איינקויפען די נויטיגע זאַכען פאַר דער חתונה. מיר האָבען באַקומען אַ שעהנע וואוינונג פאַר'ן יונגען פאָר־פאָלק אין קושניר'ס הויז און דער בית־יתומים האָט באַלד איינגעצאָלט די סומע פון 120 זלאָטעס פאַר דעם ערשטען יאָר דירה־געלט. דער חתן איז איינגעאָרדענט געוואָרען אויף אַ פאָסטען אין דער סוחרים־באַנק. איך האָב ביי דער געלעגענהייט צוגעגרייט אַ נייע חופה אַנשטאָט דער אַלטער און אָפּגענוצטער חופה פונ'ם ראַבינאַט — וואָס איז באַנייט געוואָרען דורך די יונגע קינדער פונקט צו די „שלושים" פון דער כלה'ס אומגעקומענעם פאָטער.

**חנה העלער** — מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג און ווירטשאַפט־קאָמיסיע. חנה העלער איז געווען די פרוי פון לייב העלער, פון די באַקאַנטע ברידער העלער, די נדבנים. הגם זי איז אַריינגעטראָטען אין דער אַקטיווער

אַרבייט פאַר׳ן בית־יתומים שוין אין איר שפּעטען עלטער, ווען זי איז אַלט געווען 72 יאָר, האָט זי דאָך אין די לעצטע יאָרען פון איר לעבען, פאַר דער צייט פון אַכט יאָר, טיכטיג געאַרבייט לטובת דעם עלענדען קינד. זי האָט ניט פאַרפעלט אין די אַכט אַקטיווע יאָרען פון איר לעבען קיין איין פאַר־זאמלונג און קיין איין אונטערנעמונג. אָנגעשפּאַרט אויף דעם שטעקעלע, פלעגט זי קומען צו די מיטינגען און געהן אין די הייזער פון אירע באַקאַנטע, וועלכע זי פלעגט וועקען צו טאָן אַרבייט און געבען ביישטייערונגען פאַר׳ן עלענדען אידישען יתום. זי איז געשטאָרבען אין וואַרשע, אָבער פאַר׳ן טויט האָט זי געבעטען מען זאָל זי מקבר זיין אין וואָלקאָוויסק. זי האָט אויך אין איר צוואה איבערגעלאָזען אירע קליידער און וועש פאַר׳ן אַנשטאַלט. דער גאַנצער בית־יתומים האָט זיך באַטייליגט אין איר לויה, וועלכע איז געווען איינע פון די אימפּאָזאנטסטע אין שטאָט. איר מאַן, לייב העלער, וועלכער איז אויך געווען אַקטיוו אין אונזער אַנשטאַלט, האָט ביי דער לויה באַמערקט, אַז ער וואָלט זיך געשעצט גליקליך ווען ער וואָלט געוואוסט, אַז נאָך זיין טויט וועט ער האָבען אַזאַ לויה, פּונקט ווי ער וואָלט שוין דאַן פאָראויסגעזעהן די שוואַרצע וואָלקענס וואָס זיינען געהאַנגען איבער דער שטאָט.

**אהרן און לאה ליפשיץ** — מיטגלידער פון פינאַנץ אוןווירטשאַפט קאָמיסיעס. די אָנגעזעהענע פאַמיליע פון אהרן ליפשיץ (אהרן זעלדעס) איז געווען גוט באקאנט ניט נאָר אין וואָלקאָוויסק, נאָר אויך ווייט אויסער די גרעניצען פון זייער וואוין־אָרט. ר׳ אהרן און זיין פרוי, לאה, זיינען געווען מענשען מיט אַ הויכער בילדונג. ער איז געווען אַ גרויסער ציוניסטישער עסקן, נאָך פון די בני־משה צייטען, און האָט גענומען אַן אַקטיווען אָנטייל אין די שטאָט־אָנגעלעגענהייטען. אליין אַ מאַנופאַקטור־סוחר פלעגט ער, פונ־דעסטוועגען, זיך טיכטיג באַטייליגען אין אַלע אסיפות פון ראַבינאַט, פאַר וועמען ער פלעגט, מיט זיין אויסגעהאַלטענעם און קלוגען ראַט, תמיד זיין דער וועג־ווייזער. געדענקענדיג נאָך דעם צושטאַנד פון דעם אידישען יתום אין זיינע יונגע יאָרען, האָט ער זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען פון דעם אויפטו פון בית־יתומים און ער פלעגט זיין באַגייסטערונג גאַנץ אָפט אויס־דריקען, און הגם זיין געזונד־צושטאַנד האָט אים ניט דערלויבט צופיל צו ארבייטען, האָט ער דאָך געווידמעט פיל צייט לטובת דעם אנשטאַלט.

ר׳ אהרן ליפשיץ האָט געשטרעבט זיך צו באַזעצען אין ארץ ישראל, וואו עס האָט שוין געלעבט זיין טאָכטער, ראָזע, אָבערליידער איז ער געשטאָרבען איידער ער האָט פאַרווירקליכט זיין באַגער. זיין פרוי, לאה, האָט אויף אַ צייט אָפּגעלייגט איר רייזע קיין ארץ ישראל צוליב׳ן פאַרלוסט פון איר מאַן, און זי האָט אַ געוויסע צייט פאָרגעזעצט איר וואוילטעטיגע ארבייט לטובת

דעם בית־יתומים, אַלס איינע פון זיינע טיכטיגסטע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. הגם זי איז געווען שוואַך אין געזונט, פלעגט זי דאָך קיינמאָל ניט פאַרפעלען קיין זיצונג, און די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, וועלכע זיינען אין מערסטען טייל געווען אינגערע מענשען, פלעגען לייגען גרויס געוויכט אויף אירע מיינונגען און עצות. זי פלעגט אויך ניט אָפּשטעהן, טראָץ איר עלטער און שוואַכען געזונט, פון אָנטייל צו נעמען אין יעדער זאַמלונג אין שטאָט לטובת דעם אַנשטאַלט, און זי פלעגט תמיד זיין צווישען די ערשטע אָנצובאָטען איר אַקטיווע מיטהילף. זי האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין ארץ־ישראל.

**שרגא פייוויל קאָזאַצקע** — מיטגליד פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע. ער איז געקומען פון ווילנע קיין וואָלקאָוויסק אין יאָר 1935 און האָט דאָרט גע־עפענט אַ קאָנפעקציע־געשעפט אין לאָקאַל פון יוסף יונאָוויטש שוסטאַק. מיט זיין באַנעמען האָט ער זיך שנעל דערוואָרבען אַ גוטען נאָמען אין דער שטאָט. ער האָט זיך אויך שטאַרק אינטערעסירט אין אלע שטאָטישע אָנגעלעגענ־הייטען און זיינע ביישטייערונגען און נדבות פלעגען תמיד זיין פון די שעהנסטע. ווען מען פלעגט אין אָנהויב קומען צו אים נאָך ביישטייערונגען, פלעגט ער עפענען זיין טאַש און זאָגען: „איך בין נאָך אַ פרעמדער אין שטאָט. איך ווייס ניט וויפיל איך דאַרף געבען פאַר דער זאַך. נעמט, דעריבער, וויפיל איר דענקט אַז איך דאַרף געבען, כדי איך זאָל זיין אין אָרדנונג“. קורץ נאָך זיין אָנקומען אין שטאָט איז ער דערוועהלט געוואָרען אַלס פאַרוואַל־טונגס־מיטגליד פון דער קאָאָפּעראַטיווער אידישער באַנק, און באַלד נאָכ־דעם, אויך אלס מיטגליד און וויצע־פּרעזעס פון בית־יתומים פאַרוואַלטונג. ווייל ער האָט קיין אייגענע קינדער ניט געהאַט, האָט ער אַדאָפּטירט אַ יתומה, וועמעס עלטערען זיינען אומגעקומען אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. ער האָט זי דערצויגען און איר געגעבען אַ גוטע בילדונג. ליידער איז זי אין עלטער פון זעכצעהן יאָר, צוזאַמען מיט אירע אַדאָפּ־טירטע עלטערען, אומגעקומען אין טרעבלינקע.

**משה זעליצקי** איז געווען אַ גרויסער ליפּעראַנט פון האָלץ־טראַנס־פּאָרטען פון פּוילען קיין דייטשלאַנד. ער איז געווען אַן איידעלער, אָנשטענ־דיגער און קלוגער מענש. אין יאָר 1924 איז ער אויסגעקליבען געוואָרען אין דער פאַרוואַלטונג פון בית־יתומים און שפּעטער אַלס פּרעזעס פון דער בוי־קאָמיסיע. ער איז תמיד געווען געשעצט פאַר זיין איבערגעגעבענקייט צום אַנשטאַלט און גרויסער זאָרג פאַר'ן אָרימען יתום. הגם ער האָט ניט גע־קענט ווידמען דעם אַנשטאַלט אזוי פיל צייט ווי ער וואָלט עס געוואָלט טאָן, צוליב זיין אייגענעם פינאַנציעלען צושטאַנד, פלעגט ער דאָך דינען דעם אַנשטאַלט מיט וואָרט און פּען. זיינע אויפרופען און אַרטיקלען אין דעם

„וואָלקאָוויסקער לעבען" וועגען די קאַמפּיינען לטובת דעם בית־יתומים פלעגען תמיד ברענגען גוטע רעזולטאַטען.

**רייזעל פּאַרבער** — מיטגליד פון די קאָמיסיעס פאַר ווירטשאַפט־און־באַקליידונג און פינאַנץ. רייזעל פאַרבער איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע כלל־טוערינס אין שטאָט. זי איז אויסגעוועהלט געוואָרען אין דער פאַרוואלטונג פון בית־יתומים אין יאָר 1924 און איז געווען זעהר טעטיג אין דער ווירט־שאַפט־און־באַקליידונגס־קאָמיסיע, וואו זי האָט איינגעפירט אַ נייעם סיסטעם פון באַקליידונג. אין יאָר 1926 איז זי דערוועהלט געוואָרען אַלס קאַסירערין פון אנשטאַלט, אויף וועלכען אַמט זי איז פאַרבליבען ביז׳ן לעצטען טאָג פון דער עקזיסטענץ פון בית־יתומים. מיט איר גוטען עקאָנאָמישען חוש האָט זי פיל געהאָלפען דער אַנטוויקלונג פון אַנשטאַלט.

**מרדכי גילער** — מיטגליד פון בילדונגס־קאָמיטעט — איז געווען אַ סוחר׳ישער מענש מיט אַ גוטער בילדונג. ער איז אויסגעוועהלט געוואָרען אין דער פאַרוואלטונג אין יאָר 1921, און אלס וויצע־פּרעזעס פון אַנשטאַלט — אין יאָר 1924. ער האָט פיל געהאָלפען דעם אַנשטאַלט מיט וואָרט און שריפט. זיינע אַרטיקלען וועגען דעם אַנשטאַלט פלעגען זעהר ערנסט אויפ־גענומען ווערען פון די לעזער — וואָס דאָס האָט פאַרשטעהט זיך, פיל גע־האָלפען דעם בית־יתומים.

**ליפּמאַן איצקאָוויטש** — מיטגליד פון דער פינאַנץ־קאָמיסיע — איז געווען איינער פון די גרעסטע אייגענטימער פון נאַפט־גרובען אין באַקו, רוס־לאַנד, וואו זיין הויז איז געווען אַ טרעף־פּונקט פאַר דער דעמאָלסדיגער יונגער ציוניסטישער באַוועגונג. זיין פרוי איז געווען אַ געבאָרענע וואָלקאָוויסקער, וועלכע האָט קיינמאָל ניט פאַרלאָרען איר ליבע צו איר היימשטאָט. ווען זי איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין וואָלקאָוויסק, האָט זי מיט אַ ברייטער האַנט אויסגעטיילט נדבות צו דער אָרימער אידישער באַפעלקערונג. אין דער צייט פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט איז איצקאָוויטש באַזייטיגט געוואָרען פון זיינע געשעפטען און גרויסע פאַרמעגענס און האָט זיך על־פּי נס געראַ־טעוועט און איז געקומען קיין וואָלקאָוויסק.

אין וואָלקאָוויסק האָט ער דורך אַ צופאַל געשלאָסען אַ זעהר נאָהענטען קאָנטאַקט מיט דעם יתומים הויז. ער האָט געזעהן דעם אונטערשייד פון דער באַציהונג וואָס דער אידישער יתום האָט באַקומען אין דעם אַנשטאַלט אין פאַרגלייך מיט׳ן הפקר׳דיגען לעבען אויף די גאַסען וואָס דער יתום האָט דורכגעמאַכט אין רוסלאַנד, און האָט עס געוואוסט ווי אָפּצושאַצען. ער האָט באַשלאָסען צו ווידמען זיין גאַנצע פרייע צייט, ביז צו זיין אָפּפאָר צו זיינע קינדער אין ארץ־ישראל, דעם בית־יתומים. זיינע עצות און אָנווייזונגען אויף

דעם געביט פון בית־יתומים זיינען תמיד געווען גוט אָפּגעשאַצט פון אַלע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער און זיינען געווען פון גרויס וויכטיגקייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַנשטאַלט. ער איז שפּעטער אָפּגעפאָרען קיין ארץ ישראל. ביי מיין אָנקומען אַהין האָט ער אָבער שוין ניט געלעבט. זיין פרוי איז נאָך ביז היינט זעהר טעטיג אין געזעלשאַפטליכער אַרבייט אין ארץ־ישראל.

**דר. ראָזע איינהאָרן** — מיטגליד פון דער סאַניטאַר־מעדיצינישער קאָמיסיע.

עס איז שווער שלום צו מאַכען מיט דעם געדאַנק, אַז די דאָזיגע יונגע פאמיליע — דר. ראָזע איינהאָרן און איר מאַן אינזשעניר פשעניצקי, און זייער ליבלינגס־קינד, דבורה׳לע — לעבען שוין מער ניט. דר. ראָזע איינהאָרן איז געווען זעהר אַקטיוו אין דער פאַרוואַלטונג פונ׳ם בית־יתומים און איז געווען אַ טיכטיגער מיטגליד פון דער סאַניטאַר־מעדיצינישער קאָמיסיע. זי פלעגט זיך אַקטיוו באַטייליגען אין יעדער נייער אונטערנעמונג לטובת דעם אַנשטאַלט — אליין געבען מיט אַ ברייטער האַנט און אויך באַווירקען אירע פריינד צו טאָן דאָס זעלבע. דער אַנשטאַלט האָט תמיד גערעכענט אויף איר שטיצע, וואָס האָט אין אַ גרויסער מאָס געהאָלפען צום דערפאָלג פון די אונ־טערנעמונגען פאַר׳ן בית־יתומים. זי איז שטענדיג, אין יעדער נויט, געווען גרייט צו העלפען און פלעגט אַנטקעגען־קומען די נויט־באַדערפטיגע מיט אַ שמייכעל אויפ׳ן פנים.

**חיה שרה יודזשיק (יהודאי)** — מיטגליד פון דער בילדונגס־קאָמי־סיע. איך האָב שוין וועגען איר געשריבען, אָבער וויפיל איך זאָל ניט אונטער־שטרייכען אירע באַמיהונגען און אויפטוהען לטובת די אָרימע שיכטען פון שטאָט, וואָלט עס ניט געווען איבערטריבען. פאַרקערט, איר אויסגעצייכענטע ארבייט אויף די געביטען קען אייגענטליך ניט גענוג באַשריבען ווערען. ביי מיין געזעגענען זיך מיט איר, פאַר איר אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל, צוזאַמען מיט איר מאַן, מיין חשוב׳ען פריינט עקיבא, האָב איך זיך געטרייסט, אַז מיר וועלען נאָך קענען צוזאַמען פאָרזעצען די גוטע ארבייט אין ארץ ישראל און אז אירע אויסערגעוועהנליכע געזעלשאַפטליכע פעהיגקייטען און גרויסע אַר־בייטס־קראַפט וועלען פיל נוצען ברענגען אונזער לאַנד. ליידער האָט זי אָבער אין ארץ ישראל לאַנג ניט געלעבט. זי איז געווען טעטיג אין בית־יתומים פון ערשטען טאָג פון זיין גרינדונג און האָט פאַר אים אַוועקגעגעבען פופצעהן יאָר פון שווערער, אָנגעשטרענגטער און אומדערמידליכער אַרבייט.

**חנה כמעלניצקי**, איז געווען אַ קלוגע פרוי. זי האָט זיך אויסגעצייכענט מיט איר איידעלקייט און גוטסקייט. ווען עס איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג

אין פרויען פאַראיין, האָט זי אויפגעגעבען איר אַקטיווע באַטייליגונג אין דעם אַנשטאַלט און האָט אים בלויז געהאָלפען מיט ראַט. דאַגעגען האָט זי אָבער געפילט אַ טיפע פאַראַנטוואָרטליכקייט לגבי דעם יתומים־הויז און האָט ביז דעם לעצטען טאָג פאַר איר אָפּפאָר קיין קאַנאַדע אַרויסגעוויזען גרויס אינטערעס אין דער ארבייט פון דעם אַנשטאַלט.

**שרה לעוו,** וויצע־פרעזעס פון פרויען־פאַראיין, איז אויך געווען אַן אַקטיווע טוערין. אַ דאַנק איר טיפען פאַרשטאַנד האָט זי תמיד געהאָלפען לייזען די שווערע אויפגאַבען פונ׳ם אַנשטאַלט.

**אהרן סמאזאנאָוויטש,** „די ווייסע קעפּעלע״, איז געווען אַן אייגענ־אַרטיגער מענש. הגם ער האָט געצויגען זיין חיונה פון שוסטעריי (אויף זאמאָטשטשע), איז ער דאָך געווען באַשעפטיגט מיט אַלע שטאָט־אָנגעלעגענ־הייטען. די גאַנצע שטאָט האָט ער געטראָגען אויף זיינע פּלייצעס. ער איז געווען אַ פאַרוואלטונגס־מיטגליד אין אייניגע בתי־מדרשים, אין שפּיטאָל, אין מושב זקנים, אין בית־יתומים, אין עטליכע תלמוד־תורות, אין די חברות „מלביש־ערומים״, „מעות־חטים״, „קרבן עצים״, האַנדווערקער־פאַראיין, „גמילות־חסדים״, און, פאַרשטעהט זיך, אויך אין שוסטער־פאַראיין. אפילו אין באַנק־וועזען האָט ער אָנגעשפּאַרט. עס איז כמעט ניט געווען קיין איין פאַרוואלטונג אין שטאָט, אין וועלכער אהרן סמאזאנאָוויטש איז ניט געווען באַטייליגט. ער איז געווען אַ זעהר ערליכער מענש, פלעגט קיינמאָל אויף זיין לעבען ניט זאָגען קיין רכילות, און דעריבער איז ער זעהר געשעצט געווען אין שטאָט.

**דר. יוכבד באַראַש** — מיטגליד פון דער בילדונגס־קאָמיסיע. אין דער געזעלשאַפטליכער אַרבייט אַרום דעם בית־יתומים האָבען זיך באַטייליגט פיל עסקנים. אַ טייל פון זיי זיינען צופעליג געקומען צו דער פאַרוואלטונג און אויך אומבאַמערקטערהייט אַוועק, ניט איבערלאָזענדיג נאָך זיך קיין שום שפּור. דאָס איז געווען צוליב דעם וואָס ס׳האָט זיי געפעלט דער געהעריגער סענטימענט פאַר דעם יתום־קינד. זיי האָבען בלויז פאַרגרעסערט מיט זייערע נעמען די צאָל מיטגלידער. עס זיינען אָבער צווישען די פאַרוואלטונגס מיט־גלידער אויך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבען מיט זייער איבערגעגעבענקייט און אָפּפערווילּיגקייט אויסגעקריצט זייערע נעמען אין דער געשיכטע פון דעם אַנשטאַלט. איינע פון זיי איז געווען דר. יוכבד באַראַש. בלויז צוויי יאָר האָט זי געאַרבייט פאר דעם אנשטאלט, אָבער אין אָט דער קורצער צייט האָט זי מיט איר איבערגעגעבענער ארבייט לטובת דעם יתום זיך דערוואָרבען אַ גוטען נאָמען. זי איז אליין געווען פון פאַך אַ פּעדאַגאָג און דעריבער האָט זי געהאַט אַ ריכטיגען צוגאַנג צו קינדער. זי פלעגט אָפט קומען אין די

שפּעטע אָוונט־שעה'ן אין אַנשטאַלט און דאָרט אונטערזוכען דעם קינד'ס רעקאָרד און זוכען אַ וועג ווי אַזוי אים אַרויסצוהעלפען. זי פלעגט קיינמאָל ניט קומען אין אַנשטאַלט אָהן אַ וועלכער עס איז מתנה פאַר דעם אָדער יענעם קינד. אין דעם האָט זיך אויסגעדריקט איר צוגעבונדענקייט צו די יתומים — ווי אַ מוטער צו אירע קינדער. זייטיגע פּריוואַטע אָנגעלעגענ־הייטען האָבען זי, ליידער, געצוואונגען אויפצוגעבען איר גוטע ארבייט לטובת דעם יתום. אין 1937 האָט זי זיך אריבערגעקליבען מיט איר פאַמיליע קיין ביאַליסטאָק, וואו איר מאַן איז געוואָרען דער פּרעזידענט פון דער ביאַליס־טאָקער קהילה. ווי באַקאַנט, איז איר מאַן, אפרים באַראַש, שפּעטער אומגע־קומען מיט זייערע צוויי זיהן אין מאידאנעק, און זי, יוכבד, איז אומגעקומען אין אוישוויץ.

**פרוי דר. ג. בערמאַן און פרוי דר. מ. שלאַקמאַן** — מיטגלידער פון דער סאַניטאַר־מעדיצינישער קאָמיסיע. בלויז צוויי יאָר האָב איך געהאַט דעם כבוד און די געלעגענהייט מיטצואַרבייטען מיט די אויבען־דערמאָנטע צוויי פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. זייער אריינטריט אין דער פאַרוואַלטונג האָט מיט זיך געבראַכט אַ לעבעדיגען שטראָם פון נוצליכע טעטיגקייטען. ניט בלויז זיינען זיי געווען אַקטיוו אין דער סאַניטער־מעדיצינישער קאָמיסיע, נאָר אויך אין דער פאַרוואַלטונג גופא, און בכלל איז זייער טעטיגקייט געווען מערקבאַר אין כמעט אַלע אַנדערע אָנגעלעגענהייטען פון'ם אַנשטאַלט.

## די טרוימער און בויער פון וואָלקאָוויסק

**זלמן לייב סלוצקי און זיין מוטער שפרה ר' עקיבא'ס.** — זלמן לייב איז געווען אַ שטילער און רוהיגער איד, אַ גרויסער למדן. זיין פאָטער, ר' עקיבא, אז שוין אין זיין צייט געווען איינער פון די וויכטיגסטע מענשען אין שטאָט. ר' עקיבא איז געווען דער הויפּט־גבאי פון דער דעמאָלסדיגער איינ־ציגער אידישער אינסטיטוציע אין שטאָט, דער תלמוד־תורה און ישיבה. די גבאות איז איבערגעגאַנגען בירושה צו זיין איינציגען זוהן, זלמן לייב. ער האָט אָפּגעהיט די תלמוד־תורה ווי דאָס אויג אין קאָפּ. ער האָט געהאַט די אויפזיכט אויף דעם געזאַמעלטען געלט אין די פּושקעס, און ער פלעגט עס אליין צעהלען, דעקען די שכירות פון די מלמדים און דעם ראש־הישיבה ווי אויך אַלע אנדערע קלענערע הוצאות.

זיין מוטער, שפרה ר' עקיבא'ס, איז געווען אַ געזונטער טיפּ פון אַ פרוי פון'ם אַלטען דור. אַ קלוגע און איידעלע פרוי, מיט אַ גוטען חוש פאַר

מסחר, האָט זי געגאָסען דעם צוטרוי פון אלע, וואָס זיינען מיט איר געקומען אין באַרירונג.

**מאיר און פראַדעל שיף.** — אין נאָהענטער שכנות מיט די סלוצקי׳ס האָט זיך געפונען דאָס הויז פון מאיר שיף. פאַר׳ן ערשטען קריג איז ער געווען איינער פון די גרעסטע סוחרים אין שטאָט. ער האָט געהאָט אַ גרויס געשעפט פון זייגערס און גאָלד. אַ דאַנק זיין אויסערגעוועהנליך ערליכען כאַראַקטער האָבען אלע געהאַט גרויס צוטרוי צו אים, און ער פלעגט האָבען דעם גרעסטען פדיון אין שטאָט. ער איז געווען אַ גרויסער בעל גמילות־חסדים און ער פלעגט אויסטיילען זיין גאַנצען פדיון, וואָס פלעגט צייטענווייז באַטרעפען ארום פינף טויזענט רובעל אַ חודש, אין גמילות־חסדים. הגם ער איז געווען זעהר רייך, האָט ער דאָך אָנגעהאַלטען אַן ענגען קאָנטאַקט מיט דער אָרימער באַפעלקערונג פון שטאָט און זיין הויז פלעגט תמיד שטעהן אָפען, שבתים און ימים־טובים, פאַר אלע אָרימע און פרעמדע אין שטאָט. אויך פלעגט ער פיל אַרויסהעלפען די אידישע יונגעלייט פון אַנדערע שטעט, וועלכע האָבען געדינט אין וואָלקאָוויסק, און ער פלעגט זיי אָפט איינלאַדען צו זיך אין הויז אריין. ער פלעגט זיי אליין שטיצען און אויך זיי פאַרבינדען מיט אַנדערע אָנגעזעהענע וואָלקאָוויסקער אידען, פון וועמען זיי פלעגען באַקומען פינאַנציעלע הילף. אַ דאַנק מאיר שיף האָב איך זיך אויך באַקענט מיט דער רייכער יחוס־פולער פאַמיליע פון ר׳ שמואל שאַפּיראָ, דעם וואָלאָזשינער עילוי (אַ שוואָגער פון די באַוואוסטע גבירים און גרויסע נדבנים — די ברידער העלער), און פלעג דאָרט זיין אַ שטענדיגער אורח אויף שבתים און ימים־טובים אין דער ערשטער צייט פון מיין מיליטער־דינסט אין וואָלקאָוויסק.

אפילו אין די שפּעטערע יאָרען, ווען די גרויסע זאָרג פון „הכנסת אורחים" איז אַריבער צו גדליהו פּערעשעצקי, דעם שניידער, האָט מאיר שיף מיט אים געמאַכט אַ תנאי, אז ער מוז צו זיך ברענגען אַהיים אויף שבתים און ימים־טובים איינעם אָדער צוויי אורחים.

ער איז געווען אַן אמת׳ער פאָלקס־מענש אין פולען זינען פון וואָרט. זיין לאָזונג פלעגט זיין: „יגיע כפיך כי תאכל, אשריך וטוב לך." דעריבער האָט דער פשוטער מענש אין שטאָט אים זעהר געאַכט און געטרויט און פלעגט אין אים זעהן זיין שטאָלצען פאַרטרעטער פאַר דער מאכט. און בכלל פלעגט מען זיך מיט אים באַראַטען אין אלע שטאָטישע אָנגעלעגענהייטען און לייגען גרויס געוויכט אויף זיין מיינונג.

נאָך דעם ערשטען וועלט־קריג איז ער שטאַרק רואינירט געוואָרען פינאַנציעל און צוליב זיין עלטער האָט ער איבערגעגעבען זיינע געשעפטען צו זיינע קינדער. ער האָט די לעצטע יאָרען פון זיין לעבען געווידמעט דעם

מושב זקנים, וואו ער האָט פאַרנומען דעם אַמט פון פּרעזעס.

זיין פרוי, פּראַדעל, האָט גע'שמ'ט אין שטאָט מיט איר גוט־האַרציגקייט. זי האָט ניט ליב געהאַט דעם גלעקעל פון אַ גבאי'טע, אָבער אויף אַ שטילען אופן פלעגט זי פיל ביישטייערען פאַר אלע נויטוועדיגע צוועקען און פלעגט אויך ווירקען אויף אַנדערע צו טאָן דאָס זעלבע. איר הויז פלעגט שטענדיג זיין אָפען פאַר אָרימע און הונגעריגע, וואו זי פלעגט זיי אויפנעמען ניט נאָר מיט אַ זאַטען מאָלצייט, נאָר אויך באַשטאַטען מיט'ן נויטיגען מלבוש און מיט אַ פיינער נדבה און הערצליכער ברכה אויפ'ן וועג. זי האָט צו זיך אהיים אריינגענומען די יתומים־קינדער, וועלכע זיינען פאַרבליבען עלענד, נאָכדעם ווי איר מאַנ'ס ברודער און זיין פרוי זיינען געשטאָרבען, און האָט זיי דערצויגען מיט גרויס ליבשאַפט און איבערגעגעבענקייט, פונקט ווי איי־גענע קינדער.

**הירש און מיכלע איינהאָרן. —** די משפחה איינהאָרן שטאַמט פון גרויס יחוס. די סימפּטאָמען פון עכטער אידישקייט זיינען געווען טיף איינגע־וואָרצעלט אין טאָג־טעגליכען לעבען פון דער איינהאָרן משפחה, אפילו נאָכ־דעם ווען די וועלטליכע בילדונג האָט אַהין אַריינגעדרונגען. דאָס לערנען פונ'ם „דף־יומי" איז ביי זיי פאַרבליבען אַ הייליג געזעץ און וועלטליכע ענינים זיינען אין זייער הויז ענג צוזאַמענגעפלאָכטען געוואָרען מיט מעשים טובים. באַזונדערס האָבען גע'שמ'ט אין דער פאַמיליע: דער אַפּטייקער הירש איינהאָרן, דר. בנימין איינהאָרן, דער אדוואָקאַט חיים עוזר איינהאָרן, די ציין־דאָקטאָרין ראָזע איינהאָרן־פּשעניצקי, דר. משה איינהאָרן און דוד איינהאָרן, וועלכע לעבען איצט אין אַמעריקע.

איך וויל דאָ דערמאָנען איניגע כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון דעם אַפּטייקער הירש איינהאָרן און זיין פרוי מיכלע. הירש איינהאָרן איז געווען פון די פּאָפּולערסטע פּערזענליכקייטען אין שטאָט. ער איז שטענדיג געווען באַשעפטיגט אין זיין אַפּטייק. ניט בלויז פלעגט ער צוגרייטען די רעצעפּטען, נאָר ער פלעגט אויך אָפטמאָל פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אַ דאָקטאָר גופא. די אָרימע־לייט, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין געלט צו רופען אַ דאָקטאָר, האָבען שטענדיג געוואוסט, אַז זיי קענען קומען צו הירש איינהאָרן אין אַפּטייק, דער־צעהלען אים וועגען דער קראַנקהייט און פון אים אליין באַקומען דעם גוטען ראָט צוזאַמען מיט דער מעדיצין, פאַר וועלכער ער פלעגט רעכענען אַ קלע־נערען פּרייז, אָדער — אין פאַלען פון גרויסער נויט — אַוועקגעבען אומזיסט.

אויך פלעגט ער אין יענע צייטען, ווען די צאָל מענשען מיט וועלטליכער בילדונג אין שטאָט איז געווען אַ זעהר קליינע, ארויסהעלפען אלעמען אין שרייבען די אַדרעסען און בריף צו זיהן אין מיליטער און צו קרובים אין

אויסלאַנד. דער גוט־האַרציגער הירש איינהאָרן פלעגט עס טאָן מיט ליב־שאַפט און מיט גרויס צופרידענהייט. מאַנכע מענשען, פאַר וועמען ער האָט געשריבען די אַדרעסען, פלעגען אויס דאַנקבארקייט אריינוואַרפען אַ מטבע אין דער פושקע פונ׳ם שפיטאָל, וואָס איז געהאַנגען אין אַפטייק.

ער איז פון דער נאַטור געווען זעהר אַ שטילער מענש און ער פלעגט זיך באַציהען צו אַנדערע מענשען מיט גרויס כבוד. ער פלעגט זיך מיט קיין פּאָליטיק ניט פאַרנעמען. דאָך אין דער צייט פון ערשטען וועלט־קריג האָט ער ארויסגעוויזען אַ גרויסע מאָס פון אינטערעס אין גאַנג פון קריג. ער האָט אַראָפּגעבראַכט אַ דעטאַלירטע מאַפּע פון וואַרשע און דאָרט פלעגט ער אָנ־צייכענען מיט שטעך־נאָדלען די פּאָזיציעס פון די רוסישע און דייטשע אַר־מייען. די רוסישע פלעגען ביי אים פאַרצייכענט ווערען מיט רויטע קעפּלעך אויף די שטעך־נאָדלען און די דייטשע — מיט שוואַרצע. אזוי פלעגט ער יעדען פריהמאָרגען, נאָכ׳ן לייענען די טעגליכע נייעס, פאַרצייכענען גענוי די מיליטערישע פּאָזיציעס פון יעדער אַרמיי. אין שטאָט פלעגט קיינער ניט ארויסזאָגען קיין נבואה וועגען זיג אָדער דורכפאַל פון דער אָדער יענער אַרמיי, איידער מען האָט אַ קוק געטאָן אויף איינהאָרנ׳ס „מאַפּע".

אין דער צייט פון דער ערשטער מלחמה בין איך געווען אויסער וואָל־קאָוויסק גאַנצע פינף יאָר. ווען איך האָב זיך צוריקגעקערט אַהין האָט שוין הירש איינהאָרן מער ניט געלעבט.

מיכלע איינהאָרן, הירש איינהאָרנ׳ס פרוי, וועלכע האָט געשטאַמט פון לידע פון דער זעהר אָנגעזעהענער פאַמיליע קאגאן, איז געווען איינע פון די איידעלסטע און אינטעליגענטסטע פרויען אין וואָלקאָוויסק. זי איז געווען שעהן און שלאַנק, אויך האָט זי גע׳שמ׳ט מיט איר גוטסקייט און פיינעם כאַ־ראַקטער. זי פלעגט תמיד זיין טעטיג אין הילפס־זאַמלונגען פאַר די נויט־באַדערפטיגע צווישען די רייכע אידען פון שטאָט. הגם דער פאַרלוסט פון איר מאַן האָט זעהר שטאַרק געשעדיגט איר געזונט און זי האָט מער ניט געקענט זיך באַטייליגען אַקטיוו אין די פאַרשיידענע וואויל־טעטיגע אָנגעלעגענהייטען פון וואָלקאָוויסקער אידישען געמיינדע־לעבען, האָט זי דאָך ביז דעם לעצטען טאָג פון איר לעבען אַרויסגעצייגט אַ טיפען אינטערעס אין דער אַנטוויקלונג פון פיל געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטען און דער עיקר פונ׳ם בית־יתומים, אין דער גרינדונג פון וועלכען איר טאָכטער, ראָזע, האָט שוין דאַן געשפּילט אַ דאָמינירענדע ראָלע. זי פלעגט — אויסער די מאָנאַטליכעביישטייערונגען פון אירע צוויי טעכטער, ראָזע און פעשקע, לטובת דעם אַנשטאַלט — אויך אַליין צוטראָגען מיט אַ ברייטער האַנט איר אייגענעם ביטראָג. איך פלעג זי אָפט באַזוכען אין איר הויז און איר

אָפּגעבען באַריכטען וועגען אונזערע דערגרייכונגען, וואָס פלעגען איר פאַר־שאַפען פיל נחת. ווען די טרויעריגע ידיעה וועגען איר טויט איז פאַר־עפענטליכט געוואָרען, האָט די פאַרוואַלטונג פון בית־יתומים באַשלאָסען צו באַטייליגען זיך מיט אלע קינדער אין דער לויה, כדי אָפּצוגעבען דעם לעצטען כבוד צו אַ מענשען, וואָס האָט תמיד ארויסגעצייגט פיל ליבשאַפט און איבער־געגעבענקייט דעם אָרימען יתום.

**דר. פיינבערג** — ער איז געקומען קיין וואָלקאָוויסק נאָך אַלס אַ יונגער מענש און גאָר שנעל האָט ער זיך דערוואָרבען אַ גוטען נאָמען, אַ דאַנק זיין שטאַרקען אינטערעס אין די געזעלשאַפטליכע אידישע אינסטיטוציעס און זיין גרייטקייט און ווילליגקייט תמיד אנטקעגען צו קומען מיט אַ ברייטער האַנט אין אלע זאַמלונגען. ער האָט זיין מעדיצינישע פראַפּעסיע באַטראַכט ווי אַ הייליגע אויפגאבע, און דעם אָרימען קראַנקען איז ער איבערהויפּט תמיד גרייט געווען צו באַהאַנדלען אינגאַנצען אומזיסט. ווען איך פלעג צו אים קומען בעטען אַ הנחה פאַר דעם אָדער יענעם אָרימען קראַנקען, פלעגט ער צו מיר זאָגען מיט אַ פריינדליכען אויסדרוק אויף זיין פּנים: „איך בעט אייך תמיד פאַר מיר פאַרצושטעלען די אָרימע קראנקע, וועלכע זיינען ניט אימשטאַנד צו צאָהלען פאַר זייערע וויזיטען, און איך וועל זיי באַהאַנדלען אומזיסט.“

**אַדוואָקאַט אברהם בליאכער** — ער האָט אַ דאַנק זיינע אומגעהויער גרויסע פעהיגקייטען אין אַ קורצער צייט זיך דערוואָרבען אַ נאָמען פון אַן ערשט־קלאַסיגען אַדוואָקאַט. אויך האָט ער ארויסגעוויזען גרויסען אינטערעס אין אלע קהל׳שע שטאָט־אָנגעלעגענהייטען און פלעגט זיך אין זיי אַקטיוו באַ־טייליגען. די שטאָט האָט אין אים געזעהן אַ פּאַסיגען פאַרטרעטער פון די געוועזענע פאַרשטאָרבענע אַדוואָקאטען: חיים עוזר איינהאָרן, י. אפרת און מ. ל. כמעלניצקי.

**מיכל זאַנדמאַזיע און זיין פרוי פרומקע** —איך האָב אים געקענט נאָך פון זיינע יונגע יאָרען. ער איז געווען אַ רוהיגער און שטילער מענש, און אַ דאַנק זיין טיכטיגער אַרבייט לטובת הכלל, איז ער שפּעטער פאַררעכענט געוואָרען אַלס איינער פון די וויכטיגע עסקנים פון שטאָט. ער איז אין זיינע אינגערע יאָרען געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַ רוסישער פייער־געזעלשאַפט, און שפּעטער, נאָכ׳ן ערשטען וועלט־קריג, איז ער געוואָרען אַן אָנגעזעהענער באַאַמטער אין שטאָטישען־ראַט (מאגיסטראט), וואו ער האָט זיך אַ דאנק זיין ערליכען כאראקטער דערוואָרבען אַן אויסגעצייכענט נאָמען. ער איז אויך געווען טעטיג אין פילע פאַרוואַלטונגען פון אידישע אינסטיטוציעס, וואו מען האָט אים זעהר געשעצט און געאַכטעט. אויך זיין פרוי, פרומקע, האָט גע׳־

שמ׳ט מיט איר גוטען אוןברייט־האַרציגען כאַראקטער. אויך זי איז געווען זעהר אַקטיוו אין אייניגע פאַרוואלטונגען פון קהל׳שע אינסטיטוציעס, וואו זי האָט פאַרנומען אַ זעהר בכבוד׳יג אָרט.

**יצחק בערמאַן.** — ער האָט אַלס בוכהאַלטער געאַרבייט ביי מיר, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין מיין פייער פאַרזיכערונגס ביוראָ, און איז שפעטער געוואָרען אַן אָנגעשטעלטער אין דער באקאנטער פירמע „קאָלאָנ־טאַי". הגם ער איז ניט געווען קיין רייכער מענש, האָט ער דאָך תמיד בייגעשטייערט מיט זעהר אַ ברייטער האַנט לטובת אַלע וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס.

**דער שמיד דוביצקי פון דער גראָדנער גאַס.** — דאָ דאַרף אויך צום גוטען דערמאָנט ווערען דער נאָמען פונ׳ם שמיד דוביצקי, וועגען וועלכען איך וויל דאָ איבערגעבען דעם פאָלגענדען פאַל.

עס איז געווען אין חודש נאָוועמבער, 1921, ווען מיר האָבען שוין גע־האַלטען ביים פאַרענדיגען די געביידע פון בית־יתומים. מיר האָבען עס געוואָלט פאַרענדיגען ווי אַמשנעלסטען, ווייל די שניידענדע ווינטען האָבען שוין פאָראויסגעזאָגט דעם אָנקומענדען שווערען און קאַלטען ווינטער. אָבער עס האָבען אונז אויסגעפעלט שטיינער פאַר דער געביידע. איך בין דאַן געגאַנגען פון הויז צו הויז און געקליבען דאָ און דאָרט צוואָרפענע שטיינער און ציגעל. אָבער דאָס האָט אַלץ ניט געקענט לייזען אונזער פּראָב־לעם. געהענדיג אַזוי אין גאַס, האָב איך אָנגעטראָפען דעם שמיד דוביצקי. איך האָב אים דערצעהלט וועגען אונזער פאַרלעגענהייט, און ער האָט מיר באַלד אָפּגעענטפערט, אז איך זאָל זיך מער ניט זאָרגען. ער האָט גראָד גע־האַט איינגעקויפט שטיינער מיט ציגעל, כדי אויפצושטעלען פאַר זיך אַ שפייכלער, אָבער, האָט ער געזאָגט, די עלענדע יתומים זיינען פיל בילכער, און נאָך דעם זעלבען טאָג האָט ער אָפּגעשיקט אין עטליכע פורען זיין אייגענעם בוי־מאַטעריאַל, און דער שטאָק איז באַלד פאַרענדיגט געוואָרען. דווקא ווייל ער איז געווען אַן אָרימער אַרבייטער, האָט ער בעסער פאַרשטאַנען די נויט און האָט זיך געפילט גליקליך וואָס ער האָט געקענט צוטראָגען אזא נדבה פאַר׳ן עלענדען יתום.

**שיינע חיה די יורש׳טע.** — אין אירע אָרימע און אַלטע קליידער האָט זי אויסגעזעהן ווי אַ שלעפּערקע, אָבער זי איז געווען די הויפּט־פיגור אין דער „סומך נופלים" חברה. זי איז געווען די הויפּט־פאַרזאָרגערקע פון די אָרימע און הונגעריגע. אליין אַן אויסגעמאָגערטע מיט אַן איינגעבויגענעם קערפּער, אָנגעטאָן אין אַלטע קליידער, צעקרימטע שיך מיט אַן אַלטער שמאַטע אויפ׳ן קאָפּ, פלעגט זי תמיד מאַכען דעם איינדרוק ווי זי וואָלט געליטען

הונגער און געלעבט פון נדבות. אין שטאָט האָט זי יעדער איינער געקענט אַלס „שיינע חיה די יורש'טע". פיזיש איז זי געווען שוואַך און פלעגט אויך ניט אַכטונג געבען אויף איר געזונט, ווייל פריהער פון אַלעס האָט זי אין זינען געהאַט די אָרימע און ליידענדע, וועמעס שווערע באַדינגונגען זי פלעגט תמיד זוכען צו לינדערען. איבערהויפּט פלעגט זי זיך שטאַרק אינטערעסירען מיט די פאַראָרימטע אָבער בכבוד'יגע בעלי־בתים, וועלכע פלעגען ליידען הונגער און קעלט, אָבער האָבען ניט געוואָלט אַז די עפענט־ליכקייט זאָל וויסען וועגען דעם. אין פאַרלויף פון לאנגע יאָרען האָט שיינע חיה פיל געלייסטעט לטובת די אָרימע־לייט אין שטאָט. מען האָט זי אומעטום געקענט, און וואו זי פלעגט נאָר קומען פלעגט מען זי אויפנעמען מיט פיינע ביישטייערונגען. זי פלעגט זיך צוריקקערען אהיים אין איילעניש, ווייל אין איר אָרימער היים פלעגט זי נאָך שטענדיג צוגרייטען אַ מאָלצייט פאַר עטליכע אָרימעלייט, כדי צו לינדערען זייער הונגער. זי איז געווען איינע פון די זעלטענע טיפּען אויף דער וועלט, וואָס אליין האָט זי זעהר ווייניג גע־נאָסען פון לעבען, אָבער דערפאַר האָט זי פיל געגעבען פאַר אַנדערע. לויט דער פאַראָרדנונג פונ'ם רב, האָט מען איר נאָכ'ן טויט מיטגעגעבען אין קבר אַלס ארון פאַר איר קערפּער דעם טיש, אויף וועלכען זי האָט ביים לעבען געשפּייזט די הונגעריגע.

**משה לאַפּידוס.** — ער איז געווען פאַררעכענט פאַר איינעם פון די קלוגסטע מענשען אין שטאָט. ער האָט זיין פאַרמעגען אָנגעזאַמעלט אַלס פאַר־מיטלער פאַר רייכע אידען, וועלכע פלעגען גוט באַצאָלען, כדי זייערע זיהן זאָלען ניט דאַרפען געהן דינען אין מיליטער . . . עס זיינען געווען איניגע אידען אין שטאָט, וועלכע האָבען דערפון געמאַכט אַ לעבען, און משה לאַפּידוס איז געווען איינער פון זיי. ער איז רייך געוואָרען און האָט זיך איינגע־האַנדעלט אויף דער ברייטער גאַס אַ צוויי־שטאָקיגען מויער מיט עטליכע אַנ־דערע געביידעס אויפ'ן הויף. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין קינדער, און אויף דער עלטער, ווען ער איז שוין געווען קראַנק, האָט ער באַשלאָסען אָוועקצוגעבען זיין גאַנץ פאַרמעגען פאַר געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס. ער האָט מיך איינגעלאַדען צו זיך און האָט מיר פאָרגעלייגט זיין פּלאַן, לויט וועלכען ער האָט מיר פאָרגעשלאָגען צונויפצושטעלען זיין צוואה. אויף מיין רעקאָמענדאַציע האָט ער צוגעשטימט, אַז עס זאָל באַשטימט ווערען אַ קאָ־מיטע, וואָס זאָל אויסאַרבייטען אלע איינצעלהייטען פון זיין צוואה. אין דער דאָ־זיגער קאָמיטע זיינען אַריין: יצחק נאָוואָגרודסקי, ידידיה מאַראַטשניק, יעקב ליפשיץ, אברהם ליפשיץ, וו. קאָסאָווסקי און איך. די צוואה איז צונויפגע־שטעלט געוואָרען ביים נאָטאריוס און געריכטליך באַשטעטיגט געוואָרען.

לויט דער צוואה איז די אָנפּאַרטרויטע מענשען פון דער קאָמיטע געגעבען געוואָרען דאָס רעכט צו פאַרוואַלטען מיט דעם פאַרמעגען פון משה לאַפּידוס און צו פאַרטיילען אַכציג פּראָצענט פון דער ריינער הכנסה צו פיר אינסטי־טוציעס — תלמוד־תורה, שפּיטאָל, בית־יתומים און מושב־זקנים — צוואַנציג פּראָצענט צו יעדער אינסטיטוציע, און די איבעריגע צוואנציג פּראָצענט פון דער הכנסה האָבען געזאָלט געהן פאַר די קלענערע אינסטיטוציעס פון שטאָט, ווי מעות־חיטים, קרבן־עצים, בקור־חולים, מלביש־ערומים — יעדע איינע האָט געזאָלט קריגען צו פינף פּראָצענט. משה לאַפּידוס איז געווען זעהר גליקליך מיט דעם אופן ווי ער האָט פאַרטיילט זיין פאַרמעגען. ער האָט געגעבען שרייבען אַ פּרעכטיגע ספר־תורה, וואָס ער האָט אַוועקגעגעבען דעם בית־יתומים, וואו שבת און יום־טוב פלעגט איינגעאָרדענט ווערען אין גרויסען זאַל אַ מנין פאַר די קינדער.

**פרוי דר. קלאַראַ ניעמטשיק.** — זי איז געווען אַ זעלטענע פרוי. הגם זי איז קיינמאָל ניט געווען קיין פאַרוואלטונגס־מיטגליד אין אונזער אַנשטאַלט, האָט זי דאָך אַקטיוו זיך באַטייליגט אין אלע זיינע אָנגעלעגענהייטען. די זאָרג פאַר'ן אָרימען קינד איז געווען איינע פון די גרעסטע אויפגאַבען אין איר לעבען. גרויס איז געווען איר פרייד ביי דער גרינדונג פון דער טאָג־היים פאַר די אָרימע קינדער, ווייל דאָרט, אונטער'ן שוץ פון דעם בית־יתומים, לעבען וועלכען די טאָג־היים האָט זיך געפונען, איז זי געווען זיכער, אז דאָס אָרימע קינד וועט געפינען אַ היים. זי איז געווען איינע פון די, אויף וועמעס הילף דער אַנשטאַלט האָט זיך תמיד געקענט פאַרלאָזען. ליידער איז זי, צו־זאַמען מיט איר איינציג קינד, אומגעבראַכט געוואָרען פון שונא'ס מערדע־רישער האַנט.

**ביילקע קאַפּלאַן און איר שוועגערין.** ביילקע קאַפּלאַן, די פרוי פון חשוב'ען בעל־הבית, בערל קאַפּלאַן, און איר שוועגערין, די פרוי פון דעם באַוואוסטען מעהל־סוחר, דוד יוסף קאַפּלאַן, זיינען ביידע געווען מיטגלידער פון דער פארוואלטונג פון בית־יתומים ווי אויך פון פרויען־פאַראיין. זי איז געווען פון די איידעלע וואַלקאָוויסקער פרויען, וועלכע האָבען אַוועקגעגעבען דעם גרעסטען טייל פון זייער לעבען פאַר קהל'שער אַרבייט. אַחוץ זייערע שטענדיגע ביישטייערונגען לטובת אונזער אַנשטאַלט, האָבען זיי אויך אָנ־געהאַלטען דעם מנהג פון געבען אַ „מעשר“ פון זייערע מיהל־פּראָדוקטען פאַר די יתומים.

## צוויי וואוילטעטיגע וואָלקאָוויסקער אינסטיטוציעס

### „מתן בסתר"

וואָלקאָוויסק איז פון שטענדיג אָן געווען רייך אין פאַרשיידענע וואויל־טעטיגע אינסטיטוציעס, וואו די נויטען פון די שטאָטישע אָרימעלייט פלעגען אויף כל׳ערליי אופנים שטענדיג באַזאָרגט ווערען. מען האָט קיינעם ניט געלאָזען פאַלען פון הונגער און נויט און די אָרימעלייט פלעגען זיך ניט שעמען און קומען נאָך זייער שטיצע. אָבער אַ גאַנץ אנדער פּראָבלעם האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט די יעניגע בעלי־בתים, וועלכע זיינען פלוצים פאַר־אָרימט געוואָרען, האָבען פאַרלוירען דעם קוואַל פון זייער פּרנסה און זיינען ענדליך אויסגעשטעלט געוואָרען צו הונגער און דחקות. זיי האָבען ניט געקענט שלום מאַכען מיט זייערע נייע שווערע אומשטענדען און זיך ווענדען צו די שטאָטישע וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס נאָך הילף און שטיצע. אָפט־מאָל פלעגט עס טאַקע ברענגען צו זעלבסטמאָרד־פאַלען און צום אונטערגאַנג פון דער גאַנצער פאַמיליע. אַזעלכע פאַלען פון פלוצימדיגער פאַראָרימקייט פון וואָלקאָוויסקער בעלי־בתים זיינען געווען אַ גאַנץ אָפטע דערשיינונג אין שטאָט. עס האָט דעריבער עקזיסטירט אין וואָלקאָוויסק אַ געהיימע וואויל־טעטיגע אינסטיטוציע אונטער׳ן נאָמען „מתן בסתר", וועלכע פלעגט שטי־לערהייד קומען צו הילף די דאָזיגע געפאַלענע בעלי־בתים און זיי אויפ־האַלטען ביים לעבען. אין די מערסטע פאַלען פלעגט זי בלויז אויף אַ ציטווייליגען אופן ארויסהעלפען די פאַראָרימטע מענשען, ביז זיי פלעגען זיך צוריק קענען שטעלען אויף זייערע אייגענע פיס. די שטיצע פלעגט תמיד געגעבען ווערען אויף אַ געהיימען אופן, בסודי סודות, דורך אַ ספּעציעל פאַרטרויטען מענשען, פון וועלכען קיינער האָט גאָרניט געקענט געוואויער ווערען. פאַר פילע יאָרען איז אָן דער שפּיץ פון דער חברה „מתן בסתר" געשטאַנען דער טייסטערמאַכער יעקב ווינעצקי פון דער ברייטער גאַס. ער האָט יאָרען לאַנג פאַרוואַלטעט מיט דער געהיימער רשימה פון דער „מתן בסתר" חברה און זי אָנפאַרטרויט בלויז צו אייניגע געצעהלטע מענשען, אויך פון מיטעלשטאַנד, וועלכע זיינען תמיד גרייט געווען אַנטקעגענצוקומען מיט אַ ביישטייערונג אָדער אַ הלוואה. די אויפגאַבע פון דעם שטילען און פאַר־טרויאונגס־פולען ווינעצקי, וואָס איז אליין ניט געווען קיין רייכער, איז ניט גע־ווען קיין לייכטע. די דאָזיגע געפאַלענע ביי זיך מענשען, ווען די אויסערע וועלט האָט אָפטמאָל אפילו געהאַלטען פאַר רייכע, פלעגען קיינמאָל אליין זיך ניט ווענדען נאָך שטיצע. פאַרקערט, זיי פלעגען זייער אָרימקייט און שווערען צושטאַנד מיט אלע כוחות זיך באַמיהען אויסצובאַהאַלטען פון זייערע

שכנים און פריינד. האָט מען דעריבער געדאַרפט אויף אַ שטילען און דע־ליקאַטען אופן דאָס פּראָבלעם באַהאַנדלען. גראָד דער ניט־פאַרמעגליכער, שטילער און באַשיידענער טייסטערמאַכער איז געווען דער אַקטיווסטער טוער און די טרייב־קראַפט אין דער „מתן בסתר" חברה. די מענשען האָבען אין אים דערפילט אַ וויכטיגע קראַפט פון אַ געזעלשאַפטליכען טוער אין וועמען מען האָט געקענט אַלע שווערסטע אָנגעלעגענהייטען אָנפאַרטרויען מיט דער פולסטער זיכערקייט. לײדער, איז ער אויך, צוזאַמען מיט אַלע וואָלקאָוויס־קער אידען, אומגעקומען פון שונא'ס מערדערישער האַנט.

## „קרבן עצים"

יעדען ווינטער, נאָך די יום־טובים, פלעגט די געזעלשאַפט „קרבן עצים" ווערען טעטיג איפ'ן געביט פון באַזאָרגען די אָרימעלייט מיט האָלץ אויף ווינטער. מען פלעגט ערוועהלען אַ נייעם קאָמיטעט, אין וועלכען עס פלעגען זיך באַטייליגען כלל־טוער און סתם יחידים, וואָס פלעגען זעהן צו באַ־קומען וואָס מער האָלץ פאַר די אָרימע הייזער אין שטאָט. די טעטיגקייט פלעגט אָנגעהן אַ גאַנץ ווינטער, און וואָס שטאַרקער די קעלט איז געווען אַלץ אינטענסיווער האָבען די פרייוויליגע טוער געאַרבייט ביי די זאַמלונגען פון האָלץ כדי צו לינדערען די ליידען פון די אָרימעלייט, אַז לכל הפּחות זייערע אָרימע היימען זאָלען זיין באַהיצט. אויך אויף דעם געביט האָט יעקב ווינעצקי, דער טייסטערמאַכער, זיך אָפּגעגעבען מיט דער גרעסטער אָפּפער־וויליגקייט און אין דער שטיל געאַרבייט לטובת די אָרימעלייט.

איך האָב מיט יעקב ווינעצקי מיטגעאַרבייט אין די ביידע אויבענדער־מאָנטע אינסטיטוציעס ביז מיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל ענדע יאָר 1937. דעם זעלבען יאָר, ערב פּסח, האָט מיך דער רב נאָמינירט אַלס פאַרטרויאונג'ס־מאַן צו יעקב ווינעצקי. און בלויז דאַן האָב איך געהאַט די פולע געלעגענהייט צו באַקענען זיך נאָהענט מיט דער וויכטיגער און פאַרטרויאונגס־אַרבייט וואָס ד'ער שטילער טייסטערמאַכער האָט אָנגעפירט אין די ביידע אינסטיטוציעס. ביי איינער אזא געהיימער זיצונג האָט דער טייסטערמאַכער פאַר מיר אַנט־פּלעקט די נעמען פון די נויטבאַדערפטיגע בעלי־בתים וועמען „מתן בסתר" האָט שטילערהייד געשטיצט. די מערסטע פון זיי זיינען געווען באַקאַנט אין שטאָט אלס פאַרמעגליכע מענשען. ווען מען האָט אָנגעפאַנגען אויסצורופען די נעמען פון די משפחות, האָב איך מיין קאָפּ אַראָפּגעבויגען און אַ קעלט איז אַדורך איבער מיין לייב. דאַן האָב איך פאַרשטאַנען די סיבה פאַרוואָס יעקב ווינעצקי, דער באַשיידענער כלל־טוער, איז פון אַזויפיל מענשען אין שטאָט אזוי שטאַרק געאַכטעט געווען.

## די אַמאָליגע דערציהער פון דער יוגענד

אין די זכרונות פון יעדען מענשען פאַרנעמען אַ גאָר וויכטיגען פּלאַץ די לערער־פּעדאַגאָגען, וועלכע האָבען אים געגעבען זיין ערשטע בילדונג. וואָל־קאָוויסק האָט מיט יאָרען צוריק פאַרמאָגט פיל מלמדים, פון וועלכע ס'איז דאָ כדאי צו דערמאָנען די פאָלגענדע נעמען: ר' לייב ראָנעס־באַרטנאָווסקי, ר' אליהו דינעס־לעוו, ר' נפתלי הערץ נאַכימאָווסקי, ר' צבי יעקב פייגעלים רוטשיק, און פילע אַנדערע. חול־המועד סוכות און פסח פלעגט שטענדיג פאָרקומען אין שטאָט דער יריד פון די מלמדים. די מלמדים פלעגען דאַן באַזוכען אלע בעלי־בתים, וועמען גאָט האָט געבענשט מיט קינדערלעך, כדי צו רעקרוטירען די תלמידים פאַר זייערע תלמוד־תורות. עס איז אינטערע־סאנט צו זעהן פון די אייניגע פון די אויבען־דערמאָנטע נעמען, אז עס איז געווען אַ מנהג צווישען די מלמדים צו באַנוצען זיך מיט די נעמען פון זייערע פרויען, ווי צום ביישפּיל — ר' לייב ראנע'ס, ר' אליהו דינע'ס, ר' צבי יעקב פייגעל'ס. דאָס זיינען ווי געוועהנליך געווען די שוואַכערע צווישען די מלמדים, וועלכע האָבען פאַר זייער פּאָפּולאַריטעט געמוזט אויך צוציהען דעם גוטען נאָמען פון זייערע פרויען. פאַרשטעהט זיך, אז אזעלכע פאַלען פלעגען אויך זיין עדות אויף דעם שלום־בית, וואָס פלעגט הערשען אין זייערע היימען.

די בעסערע מלמדים פלעגען זיך באַמיהען צו מאַכען אַן איינדרוק אויף די בעלי־בתים מיט זייער לומדות, מיט זייערע תלמידים, וועלכע זיי האָבען דערצויגען און וועלכע זיינען אויסגעוואַקסען אַלס גרויסע לומדי־תורה. אַזוי, צום ביישפּיל, וויל איך דאָ דערמאָנען איינעם פון זיי, ר' נפתלי הערץ נאַכימאָווסקי, וועלכער האָט ביי מיר מיט יאָרען צוריק זעהר שטאַרק אויס־גענומען. אין אינטימע געשפּרעכען מיט אים, פלעגט ער ליב האָבען צו דערמאָנען דעם פאַקט, וואָס ער האָט געהאַט דעם זכות צו לערנען מיט די ברידער העלער (וועלכע זיינען שוין דאַן געווען פאַררעכענט צווישען די רייכסטע סוחרים אין שטאָט). ר' נפתלי הערץ נאַכימאָווסקי איז געווען זייער אַן איידעלער איד, מיט אַ שוואַכען פיזישען אויסזעהן. דעריבער האָט אים קיינער ניט געקענט חושד זיין, אַז ער זאָל קענען אויפהויבען אַ האַנט אויף אַ קינד, וואָס איז אין יענע צייטען געווען פאַררעכענט פאַר אַ זעלטענער אייגענשאַפט ביי די אידישע מלמדים, וועלכע האָבען נאָך דאַן שטאַרק גע־גלויבט אין דער שיטה פון שמייסען די קינדער, כדי צו דערגרייכען בעסערע רעזולטאַטען. ער איז געווען פאַררעכענט פאַר איינעם פון די פּאָפּולערסטע מלמדים אין שטאָט און האָט גענאָסען דעם צוטרוי פון די בעסטע בעלי־בתים.

נאָך דער עפּאָכע פון די מלמדים, וועלכע פלעגען זיין די הויפּט־דער־

ציהער פון דער אידישער יוגענט אין וואָלקאָוויסק, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייע עפּאָכע פון וועלטליכער דערציהונג מיט מאָדערנע לערער. די ערשטע לערער אין וואָלקאָוויסק זיינען געווען פון פּיעסק. פון זיי איז כדאי דאָ צו דערמאָנען די פאָלגענדע: נחום האַלפּערן, ישראל מאיר רובינשטיין, און אַביסעל שפּעטער — יעזערסקי און דער באַריהמטער לערער לינעווסקי. זיי האָבען שוין געווירקט אין דער צייט פון דער אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און האָבען זי געהאָלפען פאַרשפּרייטען צווישען דער אידישער באַפעלקערונג אין וואָלקאָוויסק. ר׳ נחום האַלפּערן איז אייגענטליך געווען דער ערשטער ציוניסט אין וואָלקאָוויסק, און ער פלעגט ניט נאָר לערנען תורה מיט זיינע תלמידים, נאָר אויך זיך אָפּגעבען אויף אַן אַקטיווען אופן מיט דער פאַרשפּרייטונג פון ציוניסטישען געדאַנק אין שטאָט און פלעגט אליין פאַרקויפען אַקציעס פון דער ציוניסטישער באַנק, א. אַז. וו.

## וואָלקאָוויסקער לאַנדסלייט אין ארץ־ישראל

אין אַ באַזונדער ארטיקעל פון דר. משה איינהאָרן וועגען די וואָלקאָוויסקער אין ארץ־ישראל ווערט געגעבען אַן איבערבליק פון די ערשטע וואָלקאָוויסקער פאַמיליעס, וועלכע האָבען זיך באַזעצט אין ארץ ישראל, אָנהויבענדיג מיט חייקעל שיף, וועלכער איז געווען איינער פון די ערשטע וואָלקאָוויסקער, וואָס האָבען פאַרלאָזט זייער היימשטאָט און זיך באַזעצט אין ארץ ישראל. דאָ וויל איך בלויז געבען שטריכען וועגען איניגע וואָלקאָוויסקער, וועלכע זיינען מיר געווען זעהר גוט באַקאַנט.

**לאה חאַראַך־איינהאָרן.** — דער אומנאַטירליכער אומקום פון זעקס מיליאָן אידען האָט מיט זיך צוגעצויגען נאָך פיל אומדירעקטע קרבנות, וועלכע האָבען בשום אופן ניט געקענט שלום מאַכען אין זייער געדאַנק מיט׳ן גרויסען חורבן. שטאַרק דערשיטערט פון דעם גרויסען פאַרלוסט פון זייערע טייערסטע און נאָהענטסטע, זיינען זיי אויך אליין פריהצייטיג אַוועק פון דער וועלט. איינע פון דעם דאָזיגען מין קרבנות איז געווען די פון אַלעמען געשעצטע פרוי לאה חאַראַך־איינהאָרן. הגם זי האָט פיל יאָרען געלעבט אין ארץ־ישראל, האָט זי אָבער קיינמאָל ניט איבערגעריסען די פאַרבינדונג מיט איר אלטער היימשטאָט וואָלקאָוויסק, וואו עס האָבען געלעבט אירע שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס. זי פלעגט אָפט קומען אויף באַזוכען קיין וואָלקאָוויסק און אָנהאַלטען אַ שטענדיגע קאָרעספּאָנדענץ מיט איר משפחה און מיט אירע פריינד אין דער היימשטאָט. די מלחמה האָט איבערגעריסען אַלע פאַרבינדונגען און די פעסטגעשטעלטע ידיעות וועגען דעם גרוילּיכען אומקום פון אירע טייערע שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס און פון דער

גאַנצער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג האָבען איבערגעהאַקט איר לעבען.

**דער שריפטשטעלער — יעקב ראַבינאָוויטש.** — איך האָב אים גע־קאָנט נאָך פון זיינע יונגע יאָרען, ווען ער איז געווען איינער פון די מתמידים פון דער וואָלקאָווויסקער יוגענד, ווען ער פלעגט אין בית־הכנסת אָפּהיטען די משמרות פון לערנען אַ גאַנצע נאַכט גמרא, ווי ער דערמאָנט עס אליין אין זיינע לעצטע זכרונות. זיכער האָט ער שוין דאַן, אין די לאַנגע ווינטער־דיגע נעכט אויסגעלייגט זיין וועג — דעם וועג פון אַן איינפלוסרייכען העברע־אישען שריפטשטעלער.

**אליהו גאָלאָמב.** — איך געדענק אים נאָך אַלס אַ יונגען אינגעל ביי זיינע עלטערען אין הויז, וואָס איך האָב געהאַט דעם כבוד צו באַזוכען. שוין אַלס אינגעל איז ער געווען גוט ענטוויקעלט פיזיש און גייסטיג. ער האָט ניט געוואָלט זוכען קיין בילדונג ביי פרעמדע פעלקער, נאָר איז נאָך יונגערהייט אַוועקגעפאָרען קיין ארץ־ישראל, וואו ער האָט געלערנט אין דער „הרצליה״־גימנאַזיע. פון דאָרט האָט ער אָנגעהויבען זיין וועג צו זיין פאָלק. פיל יאָרען פון אומדערמידליכער ארבייט האָט ער אַוועקגעגעבען פאַר׳ן אויפבוי פון לאַנד. זיין גרעסטער אויפטו איז געווען אין דער גרינדונג פון דער אי־דישער זעלבסטשוץ — די הגנה — וואָס האָט געשפּילט אַזאַ אומגעהויער גרויסע ראָלע אין דער פאַרטיידיגונג פון ישוב און אין פרייהייטס קאַמף פון ישראל.

## חורבן וואָלקאָוויסק

אין סעפּטעמבער 1938 האָב איך זיך געזעגענט מיט מיין טאָכטער און איר מאַן מיט זייערע קינדער, וועלכע זיינען צו מיין גרויסען באַדויערען גע־בליבען אין וואָלקאָוויסק און זיינען אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע אנדערע וואָלקאָוויסקער אידען. איך האָב זיך אויך געזעגענט מיט אַלע מיינע קרובים און פריינד, מיט דער גאַנצער שטאָט וואָלקאָוויסק און אלע אירע אינסטי־טוציעס און אויך מיט די טייערע קינדערלעך פונ׳ם בית־יתומים. דעם 25טען סעפּטעמבער בין איך שוין געווען אין ארץ ישראל — דאָס הייליגע לאַנד, וואוהין איך האָב געשטרעבט מיין גאַנץ לעבען.

ווער האָט זיך דאמאָלסט געקענט ריכטען, אז ס׳וועט מיר אויסקומען צו שטעלען אַ שריפטליכע מצבה אויף מיין ליבער שטאָט וואָלקאָוויסק.

וואָלקאָוויסק! אַ שטאָט, וואָס איז באַקאַנט געווען מיט איר גרויסען פאָרשריט אין דער גאַנצער אומגעגענד און וואָס אירע קינדער האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער לומדות, וועלטליכער בילדונג און גרויסע פעהיג־

קייטען אויף אלע געביטען פונ׳ם לעבען, און האָבען זיך געמאַכט נוצליך און באַליבט איבעראַל וואו זיי האָבען זיך באַזעצט.

וואָלקאָוויסק! אַ שטאָט, וואו דאָס אידישע לעבען איז געווען רייך אין אידישע טראַדיציעס. אַ שטאָט מיט אַ גרויסער צאָל געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, וואוילטעטיגע און פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטען, וואָס זיינען מיט גרויס מיה אויפגעבויט געוואָרען פון אירע בעסטע זיהן און טעכטער.

וואָלקאָוויסק! אַ שטאָט, וואו דער ציוניסטישער געדאַנק האָט נאָך אין זיין ערשטער פאַזע געפונען אַזאַ טיפען אָפּקלאַנג צווישען דער דאָרטיגער אידישער באַפעלקערונג, פון וועלכער די מערהייט איז געווען איבערגעגעבען דעם דאָזיגען אידעאַל ביז צום לעצטען טאָג.

ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלען, אַז איך וועל זי דאַרפען מספיד זיין! — מספיד זיין ניט איינצעלנע מענשען, נאָר די גאַנצע שטאָט מיט איר גאַנצער אידישער באַפעלקערונג! ווער האָט עס זיך געקענט פאָרשטעלען אַזאַ גרויליך בילד, אַז אַ גאַנצע שטאָט, יונגע מענשען, זקנים און קליינע קינדער, וועלען אַלע מיטאַמאָל אומגע־בראַכט ווערען!

איך, וואָס האָב אין וואָלקאָוויסק פאַרבראַכט פינף־און־פערציג יאָר, די שעהנסטע און בעסטע יאָרען פון מיין לעבען — דאַרף איצט מספיד זיין אַלע וואָלקאָוויסקער זיהן און טעכטער!

איך האָב פאַר מיינע ליבע קינדער, די יתומים, דורכגעטראָטען אַ וועג צו אַ גליקליכען מאָרגען, צו אַ גליקליכער צוקונפט, און איצט איז עס מיר באַשערט דער אומגליק צו באַקלאָגען זייער פריהצייטיגען און טרויעריגען טויט — ניט ווייסענדיג אפילו, וואו זייערע קברים זיינען!

גאָט, וואו נעמט מען כוח מיין ביטער האַרץ אויסצוגיסען, מיין וועה־געשריי אויסצושרייען!

# אין יענע צייטען

פון **טוביה פענסטער**, אנטווערפען

אין אָנדענק פון מיין ברודער יוסף פון לאָדזש און מיין שוועסטער רחל
פון ביאַליסטאָק, וועלכע זיינען אומגעקומען דורך די נאַציס.

## דער אַלטער וואָלקאָווישקער בית־המדרש

דער קאָוונער רב ר׳ יצחק אלחנן ספעקטאָר ז״ל, דער ליטווישער מיניס־טער דר. נחמן ראַכמילעוויטש ז״ל, דער אַדוואָקאַט חיים עוזר איינהאָרן ז״ל, וועלכער פלעגט ביי דער גמרא שרייבען אַרטיקלען איבער יוריספּרודענץ אין פּעטערבורגער סענאַט־זשורנאַל, און פיל אַזעלכע פון גאָט געבענטשטע עילוי׳אישע קעפּ, דאָס זיינען אַלץ געוועזענע תלמידים פון אַלטען וואָלקאָ־ווישקער בית־המדרש.

***

איין מאָל, ווען מ׳האָט זיך געשראָקען אין וואָלקאָווישק פאַר אַ שריפה, איז געקומען צו מיין שווער, ר׳ יצחק אייזיק עדעלבוים ע״ה, אַן עלטערע פרוי פון דער באַקאַנטער פאַמיליע איינהאָרן מיט אַ פּעקעל איבערגעבונדענע פּאַפּירען און האָט געבעטען, מ׳זאָל דאָס באַהאַלטען אין דער אייזערנער קאָסע. דאָס זיינען געווען אלטע בריף פון אַ מיטגליד פון דער איינהאָרן־פאַמיליע, וועלכער האָט צוריק מיט יאָרען געשטודירט מעדיצין אין איטאַליע.

אין דעם פּעקעל זיינען געווען אַ צעהנדליג בריף פון גרויסען פאָרמאַט, געדיכט באַשריבען מיט אַ וואונדער־שעהנער האַנטשריפט. ווען איך האָב גענומען לייענען די בריף, בין איך איבערראַשט געוואָרען. איבערראַשט ניט אַזוי פון דעם קאַליגראַפישען שעהנעם כתב־יד, אויך ניט פון דעם ברילִיאַנ־טענעם העברעאישען סטיל, נאָר גראָד פון קלייניגקייטען.

די בריף זיינען געשריבען פון איטאַליע, פון פּאַדוא, רוים, פון אַ יונגען סטודענט צו זיין פאָטער איינהאָרן אין וואָלקאָווישק.

ווייזט אויס, אז דער פאָטער האָט זיך אינטערעסירט מיט דער מעדיצי־נישער וויסענשאַפט. ווייל אין עטליכע בריף גיט דער זוהן אַ געוויסע וויסענשאַפטליכע דערקלערונג איבער פאַרשידענע מעדיקאַמענטען, פּרעפּאַ־

ראַטען, רעצעפּטען, באַצייכענט מיט זייערע לאַטיינישע טערמינען.

דאָס מערקווירדיגסטע דערביי איז דאָס, וואָס לעבען יעדען לאַטיינישען וואָרט שטעהט אַ העברעאישער אָדער אַראַמייאישער וואָרט, וואָס פּאַרט זיך צוזאַמען מיט'ן לאַטיינישען אויסדרוק און האָט די זעלבע באַדייטונג. דאָס זיינען זעלטענע אומבאַקאַנטע ווערטער, וואָס מ'זעהט זיי ניט אפילו אין דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור.

דער איטאַליענישער סטודענט איז, ווייזט אויס, געווען אַ טיפער קענער פון תנ"ך און תלמוד און אַ זעלטענער בקי אין אונזער אַלטער ליטעראַטור — מדרשים, ילקוט, ספרי, זוהר.

און מערקווירדיג איז נאָך עטוואָס:

לויט דעם כאַראַקטער פון די בריף, לויט דעם אַרט און סטיל פון דער שפּראַך, זעהט מען דייטליך, אַז דאָס איז געשריבען ווי מ'זאָגט: פון דער האַנט, לייכט, אָהן גרויסער קלערעניש, אָהן ווערטער־ביכער, כמעין הנובע.

אזוי שרייבט אַ גאון.

**
*

שבת־צו־נאַכטס, נאָך הבדלה, פלעגען קומען צום שווער צוויי פאַר־ברענטע שאַך־שפּילער, ר' נחום האַלפּערן, אַן אַלטער משכיל און תלמוד'יסט, און ר' שמואל פיינזילבער, אַ וועלטליך־געבילדעטער איד, אַ פּקח.

ס'איז איין מאָל אויסגעקומען צו ריידען וועגען דעם מחבר פון די איטאַ־ליענישע בריף.

„דער דאָזיגער איטאַליענישער סטודענט, איינהאָרן — האָט געזאָגט ר' נחום האַלפּערן — איז אַ געוועזענער תלמיד פון ר' ישראל סאַלאַנטער, מיט אים האָט אַמאָל שטאַלצירט גאַנץ וואָלקאָוויסק און זיין נאָמען האָט געקלונגען איבער גאַנץ ליטע. צו דרייצעהן יאָר האָט ער געהאַלטען אַ דרשה אין אונזער אַלטען בית־המדרש, און ווען ער איז אַראָפּגעגאַנגען פון דער בימה, האָט דער גאַנצער „מזרח" זיך אויפגעהויבען אָפּצוגעבען אַ „יישר־כוח" דעם דרייצעהן־יאָריגען עילוי. און מ'דאַרף וויסען, אַז אין אַלטען בית־המדרש זיינען געווען אידען מופלגים בתורה, פקחים, שאַרפע מוחות, און די דאָזיגע מבינים האָבען דעמאָלסט געזאָגט, אז איצטער וועט זיך וואָלקאָ־וויסק, אי"ה, אויסגלייכען מיט ווילנע, ווייל ביי אונז וואַקסט אַ צווייטער ווילנער גאון . . . אָבער עס איז ניט געווען באַשערט . . ."

דער וואָלקאָוויסקער עילוי איז געוואָרען אַ מיליטערישער דאָקטאָר און האָט שפּעטער געטראָגען גאָלדענע עפּאָלעטען און איז געווען טיטולירט מיט'ן שם הכבוד — גענעראַל.

*
**

פאַרשידען זיינען געווען די תלמידים פון אַלטען בית־המדרש:
אין וואָלאַדיוואָסטאָק האָט געלעבט אַ אידישער מיליאָנער סקידעלסקי, געשעצט און געאַכט ביי דער רוסישער רעגירונג פאַר זיינע גרויסע פאַר־דינסטען אין דער צייט פון דעם רוסיש־יאַפּאַנישען קריג.
איינער אַ באַקאַנטער האָט אים אַמאָל געפרעגט :
„הער סקידעלסקי, איר שטאַמט פון אַ קליינעם ליטווישען שטעטעל וואָלקאָוויסק, אָבער איר זייט זעהר אַ באַגאַבטער מענש, — וואו האָט איר שטודירט ?"
„אין אַ גאַנץ אַלטער אַקאַדעמיע" — האָט סקידעלסקי געענטפערט.
„מסתמא אין דער סאָרבאָנע אין פּאַריז ?"
„ניין, אין אַלטען וואָלקאָוויסקער בית־המדרש."

## ר' יהונתן עליאַשבערג ז"ל

ווער געדענקט ניט די שעהנע געשטאַלט פון וואָלקאָוויסקער רב, זיינע ליכטיגע קלוגע אויגען, די שוואַרצע באָרד און דעם גוט־האַרציגען שמייכעל ? ער איז געווען אַ וועלט־מענש, קלוג און אינטעליגענט. זיינע שיחות־חולין זיינען געווען אינטערעסאנט און אינהאַלטסרייך. אַ מאמר חז"ל, אַ פּסוק פון תנ"ך, אָדער אפילו פּשוט'ע באַקאַנטע ווערטער פון דאַוונען פלעגען באַ־קומען אין זיין וויסענשאַפטליכער דערקלערונג אַ נייע באַלייכטונג און אַ טיפערען זין.

עס טרעפט פיל מאָל, וואָס מיר באַוואונדערען אַ פרעמדע ווערטפולע זאַך, פאַרגעסענדיג דערביי, אז די זאַך איז ניט קיין פרעמדע, נאָר אונזערע אַן אייגענע. אין אַזאַ פאַל, האָט אמאָל ר' יהונתן, אויף אַ גאַנץ אָריגינעלען אופן, מקיים געווען די מצוה פון „השבת אבידה".

ס'איז געווען אַ קליינע פאַרזאַמלונג ביים רב שבת־צו־נאַכטס. אַ איד, וועלכער איז געווען אין דער שווייץ, האָט דערצעהלט, וואָס פאַר אַ שטאַרקען איינדרוק ס'האָבען אויף אים געמאַכט די שווייצארישע אָנפאַנגס־שולען, וואו מען גיט די קינדער אַ וואונדער־שעהנע דערציהונג לויט פרעבעל'ס מעטאָדע.
„און אין וואָס אייגענטליך באַשטעהען די גרונד־פּרינציפּען פון פרע־בעל'ס מעטאָדע ?" — האָט ר' יהונתן אַ פרעג געטאָן.
„דער הויפּט־פּרינציפּ לויט פרעבעל'ס מעטאָדע — האָט דער איד גע־ענטפערט — באַשטעהט אין דעם, אז מיט אַ קינד דאַרף מען שטענדיג פאַר־ברענגען, ווען מ'האָט נאָר צייט. דאָס איז דער ערשטער חוב פון עלטערען לגבי זייערע קינדער. און אפילו גאַנץ קליינע קינדערלעך, וואָס וויסען נאָך גאָרניט, דאַרפען אויך זיין אין אַ געוויסער גייסטיגער אטמאָספערע, אין אַ פרעבעל־גאָרטען, ווייל די פּעדאַגאָגישע וויסענשאַפט זאָגט, אז דאָס הערען

אליין האָט אַ געוויסע ווירקונג אויפ׳ן קינד. דאָס קינד, וואָס וועט נאָר הערען, וועט שפּעטער זיין פעהיגער און וועט בעסער קענען לערנען.״

„דאָס איז ניט פּרעבעל׳ס מעטאָדע״ — האָט ר׳ יהונתן אָפּגעשניטען.

„אָבער רבי, די גאַנצע וועלט האָט דאָך אָנגענומען און באַשטעטיגט, אַז דאָס איז פּרעבעל׳ס מעטאָדע ?״

„די וועלט מעג אויך אַ טעות האָבען — האָט ר׳ יהונתן געענטפערט — און דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס די וועלט האָט אַ טעות. אָט וועלען מיר נעמען אַ חומש און פאַרטייטשען עטליכע ווערטער, וואָס זיינען אייך אַלעמען גוט באקאנט. „ולמדתם אותם את בניכם״ — איר זאָלט לערנען מיט אייערע קינדער. ווי אזוי ? מיט וועלכער מעטאָדע ? — „לדבר בם״ — ריידען און פאַרברענגען מיט זיי. ווען ? שטענדיג, ווען דו האָסט נאָר צייט. „בשבתך בביתך, בלכתך בדרך, בשכבך ובקומך״ ; ווען דו זיצסט אינדער־היים, ניט אין געשעפט, ווען דו געהסט שפּאַציִרען אָדער פאַר׳ן שלאָף, אָדער אינדערפריה ביים פרישטיק, ביים טיי, פאַרברענג מיט דיין קינד. און ווייטער געפינט איר אין חומש אַ קורצע ביילאַגע צו דער דאָזיגער מעטאָדע :

„ובניהם אשר לא ידעו״ — און קליינע קינדערלעך, וואָס ווייסען נאָך גאָרניט — „ישמעו״ — זאָלען זיי נאָר הערען, זאָלען זיי זיין אין אַ גייס־טיגער סביבה, „ולמדו״ — וועלען זיי שפּעטער בעסער קענען לערנען.

„ווי איר זעהט, רבותי, איז די מעטאָדע עלטער פון פרעבעל. די מעטאָדע איז ניט קיין פרעמדע, נאָר אַן אייגענע, דאָס איז די מעטאָדע פון משה רבנו.״

---

## וועגען באַטיושקא

אין שטאָט האָבען זיך געטראָגען קלאַנגען, אַז ס׳וועט צוגעגרייט אַ פּאָגראָם אויף דער אידישער באַפעלקערונג. מיר, איניגע פאָרשטעהער פון דער קהילה, זיינען געגאַנגען זיך משתדל זיין ביים „באַטיושקא״.

. . . ס׳איז געווען זעהר אַ הייסער טאָג. דער „באַטיושקא״ מיט זיין פרוי די „מאַטושקא״, זיינען געזעסען ביי זיך אין זייער קליינעם גערטעלע און געטרונקען טיי. אויפ׳ן טיש, צווישען ארומגעשטעלטע פלעשער מיט סעלצער־וואַסער און סלאָאיקעס מיט קאָנפיטורען, האָט געברומט אַ ברייט־בייכיגער סאַמאָוואַר. דער באַטיושקא, ווישענדיג זיין פאַרשוויצטען געזיכט מיט אַ גרויסען האַנטוך, האָט געזופּט לאַנגזאַם דעם טיי פון אַ געבלומטען טעצעלע, וואָס ער האָט געהאַלטען, לויט׳ן רוסישען שטייגער, אויף אַלע זיינע פינף צושפּרייטע שפּיציגע פינגער.

אויסהערענדיג אונזער בקשה, האָבען מיר באַקומען אזא תשובה :

„וואָס זאָגט איר, גאָספּאַדאַ, צו דער היינטיגער היץ? אָט טרינקען מיר פון פריה־מאָרגען אָט די דאָזיגע סעלצערסקע, וואָס ס'פאַבריצירט דאָ איינער אַ אידעל און גאָרניט, ס'העלפט ניט. דער דורשט ווערט נאָך אַלע מאָל שטאַרקער. דער טייוועל ווייס וואָס ער מישט דאָ אריין אין זיין סעלצערסקע. איך מוז אייך זאָגען, גאָספּאָדאַ, אז געדעכט איז די מאַטושקאַ. זי זאָגט אַז ס'איז ניטאָ קיין בעסערע משקה ווי אונזער רוסישער קוואַס. אמת'ע ווערטער. אָבער יאָ, איר האָט דאָ עפּעס דערצעהלט וועגען ביאַליסטאָק. יאָ, געהערט אַביסעל. געווים, געוויס, דאָס איז ניט קיין „פּאַריאַדאָק", גלאַט אַזוי באַפאלען און שלאָגען אידען. איך ווייס, אז ביי אידען געפינען זיך אויך אָרענטליכע מענשען, און אין דער הייליגער שריפט שטעהט דאָך, אַז מ'דאַרף ליב האָבען אפילו שונאים. אָבער דעם אמת זאָגענדיג, זייט איר אליין שול־דיג, דאָס הייסט, ניט איר, נאָר אייער יוגענד. איך ווייס ניט אייגענטליך, וואָס וויל אייער יוגענד. אויף אייך, עלטערע מענשען, ליגט אַ חוב איינ־האַלטען די יוגענד און געבען זיי צו פאַרשטעהן, אז זיי געהען מיט אַ שלעכטען וועג. יאָ, גאָספּאָדאַ, דאָס איז אייער חוב."

נאָך דעם דאָזיגען מענה־לשון זיינען מיר אַוועק צום גענעראַל.

## דער רב און דער גענעראַל

ס'איז באַקאַנט אז דעם ביאַליסטאָקער פּאָגראָם האָט געמאַכט דער ביאַ־ליסטאָקער מיליטערישער גאַרניזאָן, אָנגעפירט פון גענעראַל באָגאָיעווסקי. דאָס איז געווען אַ נייער שוואַרץ־מאה'דיגער נוסח אין הלכות פּאָגראָמען, און דער נייער נוסח האָט געוואָרפען אַ טויט־שרעק איבער דער גאַנצער אומ־געגענד. מ'האָט גערעכענט, אז די ביאַליסטאָקער מגפה איז נאָר אַן אתחלתא דפורעניות און עס וועט באַלד דערגרייכען וואָלקאָווישק.

לויט דער איניציאַטיוו פון ענערגישען ר' קאָפּעל איסר וואָלקאָווישקי, איז פאָרגעקומען ביים רב ר' אבא יעקב באָרוכאָוו, אַן אסיפה, אין וועלכער ס'האָבען זיך באַטייליגט די דיינים ר' מענדעלע און ר' טוביהילע (טעוועלע), דער גבאי פון מויער בית־המדרש ר' יהושע דוד פּאפּע, דער אַדוואָקאַט חיים עוזר איינהאָרן, ר' ישראל אפרת און נאָך חשוב'ע בעלי־בתים.

נאָך אַ שקלא וטריא וועגען פאַרשידענע פּראָיעקטען און מיטלען, וואָס מ'דאַרף אָננעמען געגען דער גרויסער סכנה, איז געבליבען בהסכם כל הקהל, אַז מ'זאָל זיך ווענדען צום גענעראַל איוואַנאָוו, דעם קאָמאַנדיר פון דער זעכ־צענטער אַריטלעריע־בריגאַדע, וואָס איז געשטאַנען אין די נייע קאַזאַרמעס, און בעטען אים, ער זאָל פאַרהיטען די שטאָט פון אַ פּאָגראָם. אגב, אַזוי ווי זיין ווייב, די גענעראַלשע, איז איצטער אַוועקגעפאָרען קיין מאָסקווע דורכ־מאַכען אַ שווערע אפּעראַציע, וועט מען אים, ביי דער געלעגענהייט, איבער־

געבען אַ ברכה פון דער אידישער געמיינדע, אז גאָט זאָל איר צושיקען אַ רפואה שלימה.

דער גענעראַל, אַ זקן, אַ וועטעראַן פון דעם טערקישען קריג, אַ בראווער רוסישער מענש, האָט אויפגענומען זעהר פריינדליך די אידישע דעפוטאציע, וועלכע איז באשטאנען פון רב און נאָך עטליכע בעלי־בתים, געבעטען זיצען, מכבד געווען מיט פאַפּיראָסען און האָט פאַרזיכערט, אז ער וועט ניט דער־לאָזען צו קיינע אומרוהען.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט דער גענעראַל אָפּגעשטאַט אַ וויזיט דעם רב, און נאָכאַמאָל באשטעטיגט, אז מען מעג זיין רוהיג.

דער רב האָט געוואוינט אין דעם צווייטען הויז פון זלמן איסר'ס אכסניה. און ווען דעם גענעראל'ס עקיפּאזש, געשפּאַנט אין דער רוסישער טראָיקע, איז צוגעפאָרען צום רב'ס הויז, איז די גאַנצע גאַס געוואָרען לעבעדיג.

און בשעת דער רב האָט אַרויסבאַגלייט זיין גרויסען גאַסט צווישען אַן עולם אידען, וועלכע זיינען געשטאַנען ארום, האָט לייזער שאליוטא, וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט באַגעהן אָהן אַ פסוק, געמאַכט אַ באַמערקונג, אז ווען מען זעהט אַ רב צוזאמען מיט א גענעראל, איז דאָס פונקט ווי די גמרא זאָגט: „הספר והסייף ירדו כרוכים לעולם".

דער דאָזיגער וויזיט האָט געמאַכט אַ גוטען איינדרוק. דער עולם האָט זיך איבערצייגט, אז די הבטחה פון גענעראַל איז געמיינט ערנסט.

ס'איז געבליבען אז מ'דאַרף מיט עפּעס אָפּדאַנקען דעם גענעראַל.

דער רב האָט אויפגעשריבען אַ דאַנק־בריף אין העברעאיש, פון וועלכען מיר ברענגען דאָ אַ קורצען אויסצוג.

„לכבוד הגנרל הוקם על, הגבור הנערץ הנודע לשם ולתהלה וכו' . . . מר איוואַנאָוו.

„בשם כל עדת ישראל דק"ק וולקביסק באתי להודות לכבודו על כל הטוב והחסד שעשה עמנו וכו' וכו' . . . ד' יברך אותו בחיים ושלום ויסיר ממנו כל מחלה . . . והנני מסיים בברכת כהנים: יברכך ד' וישמרך, יאר ד' פניו אליך ויחונך."

„הרב אבא הכהן באָרוכאָוו."

אַ טאָג נאָכדעם האָב איך באַקומען פון גענעראַל אַן איינלאַדונג וועגען א נויטיגען ענין. די זעלבע איינלאדונג האָט אויך באקומען דער הער זלמן חפץ פון דער סאָדע־פאַבריק.

„איך האָב דערהאַלטען אַ בריף פון אייער רב — האָט דער גענעראַל זיך געווענדעט צו אונז — און איך בעט אייך, איר זאָלט מיר איבערזעצען

דעם בריף וואָרט אין וואָרט, ווייל דאָס האָט פאַר מיר אַ געוויסע באַדייטונג, ווי איך וועל אייך שפּעטער דערקלערען.״

דער בריף איז מיר גוט באַקאַנט געווען און איך האָב אָנגעהויבען אי־בערזעצען וואָרט אין וואָרט.

דער גענעראַל האָט זיך איינגעהערט צו יעדען וואָרט זעהר אויפמערקזאַם.

— זאָג מיר נאָר מיין האַרציגער — האָט דער גענעראַל זיך אָפּגערופען, אויסהערענדיג דעם גאַנצען אינהאלט פון רב׳ס בריף און גלעטענדיג זיין גרויע באָרד — אַט אזוי שטעהט עס דייטליך אין בריף: „אַז גאָט זאָל פון מיר אָפּקערען אַלע קראַנקהייטען?״

— יאָ, אזוי שטעהט עס דייטליך.

— אינטערעסאַנט, ווי קלינגען די ווערטער אין דעם העברעאישען אָריגינאַל?

„יסיר ממנו כל מחלה.״

דער גענעראַל האָט עס געוואָלט איבערזאָגען, אָבער ס׳איז אים אויס־געקומען אַביסעל שווערליך.

— זאָג מיר נאָר, מיין האַרציגער — האָט דער גענעראַל ווייטער גע־פרעגט — אייער רב וואָס טראָגט אַ רוסישען נאָמען באָרוכאָוו, איז טאַקע אַן אמת׳ער קאַגאַן (כהן)?

— אַן אמת׳ער.

— פון די „קאַגאַנים״, וואָס שטאַמען פון פאטריארך אַראָן?

— פון די זעלביגע.

— און די ברכה, וואָס ער האָט מיר געגעבען, איז טאַקע די אמת׳ע „קאַגאַנסקע״ ברכה?

— די אמת׳ע.

— און אזוי האָט מען געבענשט דעם נאַראָד אין אַלטען „כראַם״ (בית המקדש) אין „יערוזאלעם״?

— פונקט אזוי.

— איוואַן! — האָט דער גענעראַל אַ רוף געגעבען זיין דיענשציק, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אָן דער זייט — דערלאַנג מיר נאָר די קליינע איקאָנע פון מיין שלאָף־צימער.

דער דיענשציק האָט אריינגעבראַכט און איבערגעגעבען דעם גענעראַל אַ קליינע זעהר אלטע איקאָנע.

„דער אינהאַלט פון רב׳ס בריף האָט מיר דערמאָנט די דאָזיגע איקאָנע — האָט דער גענעראַל געזאָגט גאַנץ ערנסט — זיי ביידע, די איקאָנע און דעם רב׳ס בריף, האָבען פאַר מיר, אין אַ געוויסען זין, עטוואָס געמיינזאַמעס.

איך קען דאָס פּאָרקומען אַביסעל פרעמד און איך מוז אייך דעריבער געבען אַ קורצע דערקלערונג. הערט אַ מעשה. דאָס האָט מיט מיר פּאַסירט אין דעם טערקישען קריג ביי פּלעוונאַ. איך בין געווען אין שטאַב פון גענעראַל סקאָבעלעוו. איינמאָל באַקום איך אַ באַפעל צו באַזיכטיגען אַ געוויסען פּונקט אין אומגעגענד. גוט! אויפגעזעצט זיך אויף מיין רייטפערד, צוויי קאָזאַקען מיט מיר, — און פאַשאָל. אַ שטילע נאַכט געווען. אַסמאַן פּאַשאַ, דער קאָ־מענדאַנט פון פּלעוונאַ, שווייגט. אונזער קאָמאַנדיר סקאָבעלעוו שווייגט אויך. מיר רייטען שטיל, פאָרזיכטיג. און דאָ, פּלוצלונג, שטעלט זיך אָפּ מיין פערד און וויל ניט געהן. ס'העלפען ניט די שפּאָרען. ער שטעהט ווי איינגעגראָבען. ניט פאָראויס און ניט צוריק, סטאָפּ. און איר דאַרפט וויסען, אז מיין פערד איז געווען אַ קאַווקאַזער בערג־פערד, א ריכטיגער קאַבאַרדין, וואָס שרעקט זיך ניט אין פייער פון קריג. וואָס איז דאָ מיט אים געשעהן! איך הייס איינעם פון מיינע קאָזאַקען, ער זאָל אַ קוק געבען, וואָס איז דאָ אַזוינס. דער קאָזאַק האָט זיך איינגעבויגען, געזוכט, געטאַפּט ארום מיין פערד און האָט אויפגעהויבען . . . אָט די דאָזיגע קליינע איקאָנע. ווען ניט דער אינ־צידענט וואָלטען מיר אַרויף אויך אַ טערקישען „סעקרעט" און ווער ווייס, וואָס פון אונז וואָלט געוואָרען. די קליינע איקאָנע האָט געראַטעוועט. דאָס האָב איך מיך דערמאָנט נעכטען, ווען איך האָב דערהאַלטען דעם רב'ס בריף. מיין פרוי איז געווען אין אַ געפעהרליכען צושטאַנד. און אין זעלבען מאָמענט, ווען איך האָב דערהאַלטען דעם רב'ס בריף מיט דער „קאַגאַנסקע" ברכה, איז מיר אָנגעקומען די דעפּעשע פון מאָסקווע, אז די אָפּעראַציע האָט זיך גליקליך איינגעגעבען און מיין פרוי איז פולשטענדיג געזונד. היינטיגע געלעהרטע ווילען פון מיר לאַכען, זאָלען זיי לאַכען. איך בין אַ גלויביגער, איך האָב פיל געזעהן אין מיין לעבען און איך האַלט, אז ס'זיינען דאָ פיל זאַכען, וואָס היינטיגע געלעהרטע מיט זייער גאַנצער חכמה קענען עס ניט פאַרשטעהן. און איצטער איז אָט־וואָס: דעם רב'ס בריף וועל איך איינ־פאַסען אין אַ שעהנער ראַם און עס וועט הענגען איבער מיין בעט צוזאַמען מיט מיין קליינער איקאָנע. און דעם רב זאָלט איר איבערגעבען אַ הערצליכען דאַנק פאַר זיין „קאַגאַנסקע" ברכה און זאָגען אים, אַז וואָלקאָוויסק קען רוהיג שלאָפען. כל זמן מיין בריגאַדע שטעהט דאָ, וועט קיין הונט ניט בילען".

און אַזוי איז געווען. דעם רב'ס בריף און די קליינע איקאָנע זיינען צו־זאַמען געהאַנגען ביים גענעראַל, און ס'איז געווען שטיל, שלום על ישראל.

זיינע לעצטע יאָרען האָט דער גענעראַל פאַרבראַכט אין פּעטערבורג, אָבער וואָלקאָוויסק האָט ער גוט געדענקט און ביי יעדער געלעגענהייט פלעגט ער זיך נאָכפרעגען וועגען וואָלקאָוויסקער בעלי־בתים און איבער־

הויפט וועגען רב באָרוכאָוו, וועמעס אָנדענק איז אים געבליבען זעהר טייער.

---

## די פאַמיליע איינהאָרן

אין בית המקדש איז געווען אַ ספּעציעלער אַרכיוו, וואו יעדע אידישע משפחה האָט געהאַט איר באַזונדערען ספר היוחסין, איר שטאַם־בוך. נאָכ'ן ערשטען חורבן האָט עזרא הסופר געהייסען אויפזוכען און קאָנטראָלירען די אַלטע יחוס־דאָקומענטען: „בקשו כתבם המתיחסים.“ שפּעטער נאָכ'ן צווייטען חורבן האָבען יענע היסטאָריש־באַרימטע שפּאַניש־אידישע משפחות, ווי מיימון, אַברבנאל, הלוי, אַבולעפיא, און אנדערע, באַהאַלטען זייערע יחוס־בריף ווי טייערע פאַמיליען צירונג. יחוס־אבות, ווי מ'זעהט עס פון תנ"ך, האָט ביי אידען געשפּילט אַ גרויסע ראָלע פון אור־אַלטע צייטען.

דער פאָרשטעהער פון דער לאָנדאָנער ספרד'ישער געמיינדע, דער באַרימטער געלערטער הרב גאַסטער, האָט כל ימיו געזוכט, געפאָרשט, געאָפּפערט צייט, מיה און געלט, כדי אויפצוזוכען יחוס־בריף פון אלטע אידישע פאַמיליעס.

דער גלות האָט אַלעס פאַרניכטעט.

אָבער טראָץ דעם זיינען נאָך היינט אויך דאָ אידישע משפחות, וואָס זייער אַלטען יחוס דערקענט מען, ניט פון שריפטליכע דאָקומענטען, נאָר פון זייערע מעשים טובים און פון זייערע באַגאַבטע פון־גאָט־געבענשטע קינדער.

וואָלקאָוויסק האָט געקענט שטאָלצירען מיט אירע שעהנע אידישע פאַמיליעס. איינע פון זיי איז געווען די איידעלע פאַמיליע איינהאָרן.

***

### דער אַפּטייקער

אין דער אַפּטייק, וואָס געפינט זיך לעבען מאיר שיפּ'ס זייגער־אויס־שטעלונג, עמפּפאַנגט אייך דער אַפּטייקער, אַ פריינדליכער, גוטמוטיגער מענש. ער איז אַ גוטער ספּעציאַליסט אין זיין פאַך. איר זעהט דאָך, ווי שנעל און פּינקטליך ער ארבייט. דאָס צורעכט מאַכען פון אייער רעצעפּט — זאָגט ער אייך — מוז דויערען אַ גאַנצע האַלבע שטונדע. און כדי איר זאָלט זיך ניט לאַנגווייליגען, בעט ער אייך זיצען און ציהט אייך אריין אין אַ געשפּרעך. און ווען ער באַמערקט, אַז איר זייט אַ מענש וואָס פאַרשטעהט מאי דקאמרי רבנן, וואַרפט ער אריין אַ קלוג וואָרט פון דער גמרא אָדער פון מדרש, וואָס פאַסט זיך זעהר גוט צום געשפּרעך, און דעמאָלסט זעהט איר פאַר זיך ניט קיין אַפּטייקער, נאָר אַ אידען אַ תלמיד־חכם. דער דאָזיגער תלמיד־

חכם, וואָס מישענדיג פאַרשיידענע מעדיקאמענטען, מישט ער אויך צו מאמרי־חז״ל, דערמאָנט אייך יענע תלמוד׳ישע טיפען, וועלכע האָבען פאַראייניגט תורה עם דרך ארץ. די חז״ל, וועלכע האָבען זעהר געשעצט יעדען פאַכ־מאַן, וואָס ברענגט נוצען דער מענשליכער געזעלשאַפט און ווערען זעלבסט טיטולירט מיט זייער פאַך, ווי ר׳ יוחנן הסנדלר אָדער ר׳ יצחק נפחא, האָבען געהאט אַ באַזונדערע אכטונג פאר דער דראָגערי־וויסענשאַפט, פאַר דער אַפּטייקער־קונסט, וועלכע, לויט פרשה „כי תשא״, איז שוין געווען באַקאנט אין משה רבנו׳ס צייט. חז״ל האָבען געזאָגט: „אשרי מי שאומנותו בשם״. חז״ל האָבען דערמיט געמיינט ניט קיין פשוט׳ען טרוקענעם פאַכמאַן, נאָר אַזעלכען, וועלכער איז באַהאַוונט ניט נאָר אין „קטורת־הסמים״ פון דראָ־געריי, נאָר אויך אין „קטורת־הסמים״ פון דער אידישער קולטור. און אַזאַ אַריגינעלער, שעהנער אידישער טיפּ איז געווען דער גוט־באַקאַנטער און באַליבטער וואָלקאָוויסקער אַפּטייקער ר׳ הירש איינהאָרן.

**
*

דער דאָקטאָר

אין אַלטען בית־המדרש אויף מזרח זיצט אַ איד מיט אַ שעהנער באָרד פאַרטיפט אין לערנען. לויט זיין הדרת פנים און זיין שאַרפען בליק זעהט אויס, אז דער איד איז אַ רב אָדער אַ ראש־ישיבה. ס׳איז ניט קיין טעות. דער איד איז טאַקע אַ גרויסער למדן און דערצו אַ דאָקטאָר־מעדיצין. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט דער דאָזיגער איד געטראָגען גאָלדענע עפּאָ־לעטען אַלס מיליטערישער אַרצט אין דער רוסישער ארמיי. ער איז געווען זעהר געאכטעט אין זיין רעגימענט ניט נאָר אלס דאָקטאָר, נאָר אויך אַלס אַ מענש מיט שעהנע מידות. ער האָט געהאַט פאר זיך אַ שעהנע צוקונפט. ער האָט געקענט שטייגען און דערגרייכען אַ הויכע קאַריערע. אָבער צוליב אַ געוויסער פּאַסירונג, וואָס האָט געמאכט אויף אים אַ שווערען איינדרוק, האָט ער אין איין שעהנעם טאָג אויסגעטאָן די בגדי־מלכות, אריינגעגאַנגען אין גאונ׳ס קלויז אין ווילנע און האָט זיך געזעצט לערנען. אַ טיפע גייסטיגע דראַמע האָט דער מענש געמוזט דעמאָלסט איבערלעבען, צעברעכענדיג זיין מאטעריעלע גלענצענדע צוקונפט. צו דעם שריט האָט אים געפירט אַן אייזערנער שטאָלץ, אַ ירושה פון אַמאָליגע דורות, אַ טיפע אמונה אין עטוואָס העכערעס, שעהנערעס פון אלע הבלי־העולם. פון יענעם טאָג, ווען ער האָט דורכגעמאַכט דעם שווערען גייסטיגען קריזיס, פירט ער אַן אָפּגעשלאָסען לעבען, רעדט ווייניג און איז שטענדיג פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען. איצ־טער איז ער אָפיציעלער ראַבינער אין וואָלקאָוויסק און פראַקטיצירט אויך אַלס דאָקטאָר. ער שרייבט ניט אום שבת קיינע רעצעפּטען, ער געהט אליין

אין אַפּטייק און זאָגט מינדליך ווי מ׳זאָל מאַכען דעם רעצעפּט. די שטאָט באַוואונדערט זיין שטאַרקען גייסט און באַציהט זיך מיט גרויס רעספּעקט צום דעם טראַגישען און פרומען דאָקטאָר איינהאָרן.

***

## דער אַדוואָקאַט

דער פּעטערבורגער סענאַט גיט ארויס פון צייט־צו־צייט אַ ספּעציעלען זשורנאַל געווידמעט צו פאַרשיידענע יורידישע פּראָבלעמען. אין דעם דאָזיגען זשורנאַל נעמען אָנטייל ספּעציאַליסטען־אַדוואָקאַטען. ווען איר האָט אַ געלעגענהייט אריינצוגעהן אין דער דרוקעריי פון סענאט און איר באַמערקט, אז צווישען די מאַנוסקריפּטען, וואָס ווערען איבערגעגעבען צום דרוק, געפינט זיך אַ שריפט פון אַ פאַרוואָרפענעם ליטווישען שטעטעלע וואָלקאָוויסק, אונטערגעשריבען מיט אַ נאָמען, וואָס קלינגט אידיש, מוזט איר פרעגען: ווער איז דאָס דער דאָזיגער קליין־שטעטעלדיגער קאָרעספּאָנדענט.

געהט אריין אין וואָלקאָוויסקער אלטען בית־המדרש וועט איר אים טרעפען, ווי ער זיצט ביים שטענדער און לערנט עפּעס אין אַ ספר. דאָס איז אַ גאַנץ שעהנער און ליבליכער יונגערמאַן. איר קענט מיט אים פאַרברענגען אין דברי־תורה אָדער וועגען אידישער און וועלטליכער ליטעראַטור. ער האָט ניט באַזוכט קיין אוניווערזיטעט. ער איז פון יענעם טיפּ משכילים, וועלכע האָבען ביי דער גמרא שטודירט די רוסישע גראַמאַטיק, רוסישע קלאַסיקער און אלגעמיינע אייראָפּעאישע וויסענשאַפט. איר קענט אים אויך טרעפען אין געריכט, ווען ער טרעט־אויף אַלס אדוואָקאט. אָבער אַמבעסטען וועט איר טאָן אויב איר וועט אריינגעהן צו אים אין הויז. ער און זיין געבילדעטע פרוי אסתר נעמען־אויף יעדען גאַסט זעהר פריינדליך. זיין אַדרעס וועט אייך צייגען יעדער, וועמען איר וועט אַ פרעג טאָן אין גאַס. אלע קענען דעם יונגען אַדוואָקאַט חיים עוזר איינהאָרן.

***

## דער פּאָעט

דאָס איז דאָס בחור׳ל, וועלכער באזוכט שטענדיג דאָס הויז פונ׳ם דענטיסט לעאָפּאָלד האַלפּערן און שרייבט לידער. די מאַדאַם האַלפּערן, וועלכע אינטערעסירט זיך מיט אידישער ליטעראַטור, און איר אינטימע פריינדין, פריילין אָלגאַ פּאַפּע, זיינען באַגייסטערט פון די לידער. זיי מאַכען דעם בחור׳ל אַ שעהנעם נאָמען אין שטאָט. זיי זאָגען, אז דאָס בחור׳ל וועט אויסוואקסען אַ פּאָעט און זיין נאָמען וועט זיין בארימט אין דער אידישער ליטעראַטור.

און אַ מערקווירדיגע זאך, זייער נבואה וועגן דעם בחור׳ל, ווייזט אויס, וועט זיך באַשטעטיגען. די וואַרשעווער צייטונגען שרייבען שוין וועגען דעם וואָלקאָוויסקער בחור׳ל און די אמעריקאנישע בלעטער דרוקען שוין זיינע ערשטע לידער מיט דער אונטערשריפט: דוד איינהאָרן.

---

## ר׳ שמואל פיינזילבער

ביי דער ערשטער וואָלקאָוויסקער שריפה אין תרמ״ו (1886) איז אין דער רעטונגס־ארבייט, צוזאמען מיט די פייערלעשער, ר׳ שמואל פיינזילבער אומגליקליכערווייזע שטארק פאַרוואונדעט געוואָרען. ער איז נאָך געווען אין זיין בעסטען לעבענסאַלטער, אָבער די פיס האָבען אים שוין גאַנץ שוואַך געדינט. דעריבער פלעגט ער זומער־צייט זיצען אויף אַ שטול פאַר זיין קליינעם ווייסען הייזעל אויף גראָדנער גאַס. אָבער ער איז קיינמאָל ניט געזעסען אליין. אַרום אים זיינען שטענדיג געווען פאַרשידענע מענשען. אָט איז אַ שליח פון דער „אופּראַווע״ מיט אַ שאלה וועגן אַ וויכטיגען קהל׳שען ענין, אָט קומט דער שטאָט־זשאַנדאַרם מיט אַ ראַפּאָרט און אָט קומען פּריוואַטע מענשען מיט פּאַפּירען און מיט שאלות צו „ר׳ שמואל דעם גלאַסנער״. אַלע ווענדען זיך צו אים, ווייל ער איז באַהאַוונט אין אַלע צווייגען פון דער שטאָטישער ווירטשאַפט, ווייל ער האָט אַ שאַרפען קאָפּ, אַ קלאָרען פאַרשטאַנד און איז פון דער נאַטור אַ גוטער פּאָליטיקער און אַ קלוגער אַדמיניסטראַטאָר. מ׳קען זאָגען, אַז פיל שטאָטישע תקנות זיינען איינגעפירט געוואָרען לויט דער איניציאַטיוו און לויט די אָנווייזונגען פון שמואל דעם גלאַסנער.

דאַביי איז ר׳ שמואל געווען אַ מענש פון טיפער מאָראַל און אַ גאַנץ וואַרימער איד.

שבת און יום־טוב פלעגט ביי פיינזילבער׳ען זיין אַ מנין. געדאַוונט האָט מען אין ערשטען צימער. פיינזילבער פלעגט זיצען ביי אָפענע טירען אין צווייטען צימער. נאָכ׳ן דאַווענען פלעגט דער עולם אריינגעהן אין צווייטען צימער אָפּגעבען פיינזילבער׳ען אַ „גוט שבת״ און אַביסעל פאַר־ברענגען.

***

איינמאָל איז ביים מנין געווען אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך געהאַלטען פאַר אַן „אויפגעקלערטען״ און האָט גע׳טענה׳ט, אַז ער האַלט ניט פון דאַווענען און פון די איבעריגע רעליגיעזע צערעמאָניעס. מ׳קען זיין אַ איד אָהן דעם אַלעמען. ס׳איז געווען אז מ׳האָט אין זיך דאָס פּינטעלע איד.

„טאָ זייט אזוי גוט, יונגערמאַן — האָט זיך אָפּגערופען ר׳ שמואל פיינזילבער און האָט אויפגעעפענט אַ סידור — לייענט מיר איבער די פּאָר ווערטער : „מה טובו אהליך יעקב״.

דער יונגערמאַן האָט איבערגעלייענט.

„איצטער — האָט פיינזילבער ווייטער געזאָגט און האָט מיט דער האַנט פאַרשטעלט די נקודות אונטער די אותיות — זייט אזוי גוט און לייענט איבער נאָך איין מאָל.״

דער יונגערמאַן האָט איבערגעלייענט.

„איצטער — האָט פיינזילבער ווייטער עקזאַמינירט דעם יונגענמאַן און האָט פאַרשטעלט מיט דער האַנט די אותיות — זייט אזוי גוט און לייענט מיר איבער די נקודות״ . . .

דער יונגערמאַן איז געבליבען שטעהן. נקודות קען מען ניט לייענען.

„זעהט איר — האָט פיינזילבער ווייטער דערקלערט — אותיות מיט נקודות קען מען לייענען, אותיות אָהן נקודות קען מען אויך לייענען, ס׳האָט אַ זין, עס זאָגט עפּעס. אָבער נקודות, פינטעלעך, אָהן אותיות זאָגען גאָרניט. אונזערע תפילות, אונזערע מנהגים זיינען „אותיות מחכימות״, זיי האָבען אַ טיפען אינהאַלט און אַ מאָראַלישען זין. באמיהט זיך, יונגערמאַן, אַוועקשטעלען די דאָזיגע אותיות איבער אייערע קליינע פינטעלעך.״

ר׳ שמואל פיינזילבער איז געווען אַ איד אַ חכם.

---

## די פאַמיליע ראַכמילעוויטש

דער וואָלקאָוויסקער עולם האָט געהאַט פיל צו דערצעהלען וועגען דער גביר׳ישער חתונה, וואָס מ׳האָט געפּראַוועט אַכט טעג נאָכאַנאַנד אין דעם גוט נאָראָזניצע. די שעהנע מחותנים, די פאַרשידענע געסט, די כלי־זמרים און דער וועלט באַרימטער בדחן ר׳ אליקום צונזער, וואָס מ׳האָט אַראָפּגעבראַכט פון מינסק. דאָס האָט ר׳ יצחק אייזיק עדעלבוים חתונה געמאַכט זיין טאָכטער נחמה. מ׳האָט שטאַרק געריהמט דעם חתן, אַ שעהנער יונגערמאַן, אַ משכיל, לערענט גוט אַ בלאט גמרא, האָט שארפע איינפאַלען אין שאַךשפּיל און שפּילט אויך פידעל — אַ מושלם דער דאָזיגער סלוצקער בחור אליהו לייב ראַכמילעוויטש.

אלי׳ לייב ווערט אַ וואַלד־סוחר, אַ גרויסער עושר מיט אַ גרויסען נאָמען. די קרעדיטען, וואָס די באַנקען האָבען פאַר אים געעפענט, באַנוצט ער ניט, ער האָט, ברוך השם, אייגענס. ער איז קלוג, פּראַקטיש און האָט אַ שאַרפען קאָפּ. די שווערסטע פאַרדרעהטסטע חשבונות קאָמבינירט ער און רעכענט און



אלי לייב ראַכמילעוויטש

גלייכט אויס אָהן אַ בליישטיפט, אין קאָפּ, אויף אויסענווייניג. אין זיין גע־
מ'יערטען ווינקעל־הויז פון מילנער און ברייטע גאַסען, אין דער פיין איינ־
געאָרדענטער וואוינונג, פירט נחמה אַ אידישען שטאַט, שבתים און יום־
טובים לויט'ן אלטען שטייגער, אזוי ווי ביי טאַטע־מאַמע. ר' מענדעלע דער
דיין איז דאָרט אַן אָפטער גאַסט, וועלכען מען נעמט אויף מיט'ן גרעסטען
כבוד, און דער שמש פון אַלטען בית־המדרש איז דאָרט אַן אייגענער מענש.

אלי' לייב איז תמיד אויף רייזעס — ווילנע, וואַרשע, דאַנציג, בערלין.
און ווען ער קומט אַהיים, ווערט לוסטיג, לעבעדיג: מתנות פאַר זיין פרוי
נחמה, מתנות פאַר די קינדער, מ'פרעהט זיך מיט'ן טייערען גאַסט און מ'פאַר־
ברענגט געמיטליך. אָבער אלי' לייב, דער געטרייער מאַן און איבערגעגע־
בענער פאָטער, קען זיך ניט פיל אָפּגעבען מיט זיין הויז־געזינד, ווייל דער
קאָפּ טראַגט און די געדאַנקען זיינען פאַרנומען מיט וואַלד, „ספלאַוו", קורס.
אָט זיצט שוין דער אָבער־שאַפער, ר' שמואל, אַ פרומער איד, מיט אַ
שוואַרצער באָרד, וועלכער האָט די ממשלה איבער אַלע וועלדער. גרויס
און ברייט און פאַרצווייגט זיינען די וואַלד־אָפּעראַציעס, אָבער ר' שמואל
האָט פיינט שרייבעכטס און גראָבע ביכער. ר' שמואל האָט אַ קליין טאַשען־

ביכעלע און אַ גרויסען אידישען מוח — און דאָס קלעקט. אַלץ געהט ביי אים כשורה. דעריבער זיצט אלי' לייב גאַנץ רוהיג און הערט אויפמערקזאַם דעם ברייטען ראַפּאָרט פון ר' שמואל'ען און האָט ניט וואָס צוצוגעבען, ווייל ס'איז ניטאָ וואָס צוצוגעבען צו די ווערטער פון אַ אידען אַ פּקח און אַ מומחה אין זיין פאַך, ווי ר' שמואל דער אָבער־שאַפער.

אָט איז דער געלאַסענער און מיושב'דיגער אַדמיניסטראַטאָר ר' יאַשע ראַגאָוו, אַ הויך געוויקסיגער איד מיט אַ הדרת פּנים. מ'זאָגט, אַז דער רייכער גוט־באַזיצער סטאַניסלאַוו סעגען האָט אַ מיניסטערשען קאָפּ, אָבער דער זעלביגער סעגען קען זיך ניט באַגעהן אָהן ר' יאשע ראגאוו'ס אַן עצה. און אָט איז ר' איטשע שוואַרץ, וועלכער רעדט זעהר געשווינד און מאַכט מיט די הענט. ר' איטשע שוואַרץ איז אויסגעמישט מיט אַלע פּריצים און האָט קיינמאָל ניט קיין צייט. ער טראָגט אַ לאַנגע קאַפּאָטע און אַ קאַפּעל און זיין פּוילישע שפּראַך איז אויסגעמישט מיט אַ שעהן ביסעל אידיש. אָבער ס'מאַכט ניט אויס, די פּריצים מוזען אים האָבען, דעם ר' איצע שוואַרץ, אפילו מיט דער קאַפּאָטע און מיט דעם קאַפּעל.

און אָט איז דער אַדוואָקאַט און תלמיד־חכם ר' ישראל אפרת, אַ בקי אין רוסישען קאָדעקס. ווען מען שרייבט קאָנטראַקטען, מוז מען האָבען דעם דאָזיגען יוריס־קאָנסול מיט זיין געזונטען שכל.

מסתמא וועט מען דאָ באַלד שרייבען אַ קאָנטראַקט מיט דעם דאָזיגען דייטש, וועלכער זיצט דאָ און רויכערט זיין גראָבען ציגאַר, ער איז אַ פּאָר־שטעהער פון דער בערלינער האָלץ־פירמע אלברעכט־לעוואַנדאָווסקי.

און נחמה איז שטאַרק פאַרנומען מיט דערלאַנגען דעם עולם טיי און כיבוד.

און שפּעטער, אין אָוונט, וועט מען מאַכען אַ פּרעפערענס און דאָרט אין סאלאָן וועט שפּילען פּיאַנאָ די בת־יחיד'קע אסתר'קע, אַ שעהנהייט מיט קלוגע אויגען און אַ ליכטיגען פּנים. זי שטודירט מעדיצין אין קיעווער אוני־ווערזיטעט און שפּעטער אין אויסלאַנד, באַרייזט גאַנץ אייראָפּע און איז באַגאבט מיט הומאָר און חכמה.

ר' אלי' לייב'ס אלע דריי זיהן זיינען געראָטענע קינדער, שעהן, קלוג און אַקאַדעמיש געבילדעט, און אלי' לייב האָט מיט זיינע קינדער געטאָן די גרעסטע און פיינסטע שידוכים.

איבערהויפּט איז געווען באַרימט דער בכור, דר. נחמן ראכמילעוויטש, פרום, געבילדעט, פילאנטראָפּיש, שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין ווילנע און בער־לין אַלס וואַלד־סוחר און איז אַן ענערגישער טוער אין כלל־זאַכען. ער ווערט מיניסטער אין קאָוונע, און שפּעטער ווערט ער באַשטימט פון דער ליטווישער

רעגירונג אַלס גענעראַל קאָנסול פאַר ארץ־ישראל, סוריע און עגיפּטען. שמעון האָט געענדיגט זיין שטודיום און האָט געלעבט גליקליך מיט זיין שעהנער פרוי אין קאָוונע, וואו ער האָט באַזיצט אַ פּאַפּיר־פאַבריק. ליפּע איז געווען דער איידעם פון דעם רייכען צוקער־סוחר דאָבקין אין וואַרשע.

***

ס׳ברעכט אויס דער ערשטער וועלט־קריג. אליי לייב, געשעפטליך אין מינסק, ווערט על־פּי טעות אַרעסטירט ערב פּסח פון דער רוסישער אַרמיי, ווערט באַלד באפרייט און שטאַרבט דעם זעלבען טאָג ביים ערשטען סדר. צעהן יאָר שפּעטער שטאַרבט זיין פרוי נחמה ביים עלטסטען זוהן אין בערלין. נחמן שטאַרבט אין זיינע מיטעלע בעסטע יאָרען אין תל־אביב. שמעון געהט אַוועק זעהר יונג פון דער וועלט אין קאָוונע, און ליפּע מיט זיין פרוי סאַלע ווערען דערשאָסען פון געסטאַפּאָ אין וואַרשע.

פון דער רייכער גליקליכער פאַמיליע ראַכמילעוויטש איז נאָר געבליבען אין תל־אביב אסתריקע, איר צו לאַנגע יאָר.

---

## ר׳ קאָפּעל איסר וואָלקאָוויסקי

איינער פון די בכבוד׳יגע וואָלקאָוויסקער בעלי־בתים, געשעצט און באַליבט ביי אידען און קריסטען, איז געווען ר׳ קאָפּעל איסר וואָלקאָוויסקי. מיט זיין שעהנעם וואוקס און סימפּאַטישען געזיכט, אַרומגענומען מיט דער בלאָנדער באָרד, שטענדיג נעט און זויבער געקליידעט, האָט קאָפּעל איסר געמאַכט דעם גוטען איינדרוק פון אַן אינטעליגענטען שטאָלצען אידען. זיין אויסערליך אויסזעהן האָט זעהר גוט האַרמאָנירט מיט זיין איידעלען כאַראַקטער און וואַרים אידיש האַרץ. ער האָט פאַרמאָגט אַ טיף געפיהל פאַר וואוילטעטיגער ארבייט און אַן ערנסטע באַציהונג צו אלעס וואָס האָט פּאַסירט אין דער אידישער וועלט. הגם קאָפּעל איסר איז ניט געווען פאַררעכענט אין יחוס פון די וואַלד־סוחרים און האָט ניט געפירט קיין גרויסע געשעפטען, איז דאָך זיין לעבענסשטייגער געווען אַריסטאָקראַטיש־גביריש. דירה נאה וכלים נאים. אַ באַקוועמע וואוינונג, מאָדערנע מעבעל, אַ קאַבינעט מיט אַ שרייבטיש, א שעהנע נדבה, פריינדליכע אויפנאַמע, אַ מזרח־שטאָט אין שוהל און שבת אַ צילינדער הוט.

זיין קלוגע פרוי, זיין אַקאַדעמיש געבילדעטער זוהן און די געראָטענע בת־יחיד׳קע, די פּקחית, האָבען געבילדעט אַ געוויסען גייסטיגען צענטער, אַרום וועלכען ס׳האָט זיך גרופּירט די וואָלקאָוויסקער יוגענד. דאָרט האָט מען זעהר אָפט געזעהן די קלוגינקע פריילין ליזע איינהאָרן, די שטענדיג

פרעהליכע אסתריקע ראכמילעוויטש און די באַשיידענע רחליע עדעלבוים, וועלכע מ׳האָט גערופען „די גוטע רחל׳ע".

אַ גרויסער יום־טוב פלעגט זיין ביי קאָפּעל איסר׳ען, ווען ס׳איז געקומען צו גאַסט זיין פינסקער איידעם ר׳ שמואל סאָלץ, אַ גוט באַקאַנטע און באַ־ליבטע פערזענליכקייט אין גאַנץ וואָלקאָוויסק. דער נאָמען סאָלץ איז געווען באַרימט אין ווילנע, מינכען, האַמעל, ביי אַלע גרעסטע וואַלד־סוחרים, וועלכע פלעגען זיך ווענדען צו אים אין שווערע ענינים, האַלטענדיג אַז סאָלץ איז דער בעסטער עקספּערט און בורר. און זיי האָבען קיין טעות ניט געהאַט. מיט זיין גוטען אידישען קאָפּ, פלעגט ער פאַנאַנדערפלעכטען די פאַרוויי־קעלסטע סכסוכים און פאַרדרעהטע חשבונות, אויסגלייכען טענות און פרע־טענסיעס און צופרידענשטעלען ביידע צדדים. אַ באַזונדערע באַגאָבונג פון אַ עושה שלום. פאַרברענגען מיט סאָלצ׳ען, וועלכער האָט געקענט די גאַנצע וועלט, איז געווען אַ גייסטיגער פאַרגעניגען. וואָלקאָוויסקער דאַמען האָבען איבערגעריסען די קאָרטען־אָוועטען, ווייל פאַרברענגען מיט סאָלצ׳ען איז פיל אינטערעסאַנטער. און אפילו ר׳ מענדעלע דיין האָט באַדויערט, וואָס דער טייער׳ער גאַסט פאָרט שוין אַוועק.

**
*

נאָך דער ערשטער שריפה אין 1886 האָט קאָפּעל איסר פּראָיעקטירט מ׳זאָל גרינדען אַ פייער־לעשער קאָמאַנדע. דער פּראָיעקט איז דעם עולב געפעלען געוואָרען און ביים אַלטען יעזערסקי אין גערטעלע, איז וועגען דעם פאָרגעקומען די ערשטע אסיפה.

ס׳איז געווען די גאַנצע פני פון וואָלקאָוויסק: דער פּריסטאַוו, דער נאָטאַריוס ביירּאשעווסקי, דער פּאָטשטמייסטער שוואַב, דער פּאַדאַטנער אינספּעקטאָר זשדאַנאָוו און דער דאָקטאָר אָלשעווסקי. מ׳האָט אויסגעאַרבייט אַלע תקנות. נאָר ביי דער פראַגע וועגען אַן אוניפאָרם פאַר די נייע פייער־לעשער איז פאָרגעקומען חלוקי דעות. צי דאַרפען די פייער־לעשער טראָגען מונדירען אָדער זיי קענען יוצא זיין מיט אַ רויט היטעל און אפשר גאָר מיט אַ באַנד ארום ארבעל, און צי מעגען זיי טראָגען די סימנים אינדערוואָכען אָדער נאָר ביי דער עבודה פון לעשען דאָס פייער. אַרום דער דאָזיגער פראַגע פון מלביש ערומים זיינען געווען שאַרפע דעבאַטען. נאָר דער אַלטער יעזערסקי האָט אויסגעגלייכט דעם גאַנצען ענין. קאָפּעל איסר האָט דורכ־געפירט זיין פּראָיעקט, און וואָלקאָוויסק האָט באַקומען אַ פייערלעשער קאָמאַנדע.

**
*

דער פּריסטאָוו האָט געגעבען צו וויסען, אַז דער גראָדנער גובערנאַטאָר סטאָליפּין, וועט באַזוכען וואָלקאָוויסק. און אַזוי ווי צום קבלת־פּנים וועלען זיין עטליכע דעפּוטאַציעס, זאָל אויך דערביי אָנטייל נעמען אַ אידישע דעפּוטאַציע.

משמעות, אַז וואָלקאָוויסק האָט סטאָליפּינ׳ס וויזיט אויפגענומען גאַנץ ערנסט, ווייל קאַפּעל איסר האָט שוין עטליכע מאָל באַזוכט זיין פריינד ר׳ שמואל פיינזילבער און האָט זיך מיט אים באַראַטען דאָרט אין דער קליינער הייזקע אויף גראָדנער גאַס.

אַ קלאַנג איז אומגעגאַנגען, אַז סטאָליפּין פאַרלאָזט גראָדנא. היינט, מאָרגען וועט ער ווערען פּרעמיער־מיניסטער און ער פאָרט איצטער אַרום געזעגענען זיך מיט דער גובערניע.

ס׳איז געווען אין יענער צייט, ווען די פּעטערבורגער דומע האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט אידען, ווען דער אַנטיסעמיט פורישקעוויטש האָט דאָרט פאַרטייטשט דעם באַקאַנטען פּסוק פון המנ׳ס תורה, אַז „דתי המלך אינם עושים״, אַז אידען זיינען געגען די לאַנד־געזעצען און פאַרדינען ניט קיין בירגער־רעכט, און זיין תלמיד קרושעוואַן האָט געשריבען אין זיין גיפטיגען בלעטעל „זנאַמיאַ״ אַ נייעם פּירוש אויף דער צווייטער העלפט פון זעלביגען פּסוק, „ולמלך אין שוה להניחם״, אַז דער צאַר דאַרף באַ־פרייען רוסלאַנד פון די אידען.

מ׳האָט אָבער געהאט אַ געוויסען גרונד צו רעכענען, אַז סטאָליפּין, דער אייראָפּעער, האָט אַ גאַנץ אַנדערע מיינונג וועגען אידען. ער האָט געקענט קאָוונער אידען און איז געשטאַנען אין באַציהונגען מיט די גראָדנער אידען — מיט די לאַנדוי׳ס, שערעשעווסקי׳ס, העלער׳ס. ער ווייס אויך דעם נאָמען פון ר׳ נחום׳צע גראָדנער, וועלכען קריסטען האָבען געהאַלטען פאַר אַ גרוי־סען צדיק.

דעריבער דאַרף מען איצטער אויסנוצען די גוטע געלעגענהייט. דער־מאָנען מיט עטליכע וואַרימע ווערטער די אידישע לאַגע, וואָס קען רעגולירט ווערען מיט׳ן גוטען ווילען פון דעם מאַן, וועלכער געהט איצטער ווערען פּרעמיער־מיניסטער פון רוסלאַנד.

***

די אידישע דעפּוטאַציע איז באַשטאַנען פון דריי אויסדערוועהלטע בעלי־בתים: ר׳ קאַפּעל איסר וואָלקאָוויסקי, ר׳ יהושע דוד פּאַפּע און ר׳ ישראל אפרת. אָט דער חוט־המשולש איז געווען באַשטימט מיט אַ געוויסען מאָטיוו, מיט אַ געוויסער אויסרעכענונג.

ר׳ יהושע דוד, דער גבאי פון מויער בית־המדרש, איז אַ איד מיט אַ הדרת פנים און אַ בלאָנדער באָרד ווי ביי קאָפּעל איסר. אָבער ניט דאָס איז געווען דער עיקר. דער עיקר איז געווען אַן אנדער זאַך.

די צוויי אידען, קאָפּעל איסר און יהושע דוד, פאַרמאָגעןביידע אַ יחוס־אבות, וואָס ווערט זעהר געשעצט ביי לייטען. דער בריסקער פּאַפּע, וועלכער האָט געהאַט געוויסע פאַרדינסטען ביי דער רעגירונג אַלס ליפעראַנט ביי דער בריסקער פעסטונג, איז יהושע דוד׳ס פאָטער, און דער פעטערבורגער פּאַפּע, וועלכער האָט נאַפט־קוואַלען אין באקו און איז געאכטעט אין מיניסטעריום, איז יהושע דוד׳ס אַ לייבליכער ברודער.

און פון קאָפּעל איסר׳ען איז דאָך אָפּגערעדט. אַ פלימעניק פון ביאַ־ליסטאָקער פילאנטראָפּ ר׳ יחיאל בער וואָלקאָוויסקי. וועמען דער צאַר ניקאליי האָט אויפגענומען אין אַ פריינדליכער אודיענץ.

און ווען די צוויי שעהנע אידען מיט די בלאָנדע בערד וועלען זיך באַ־וויזען פאַר׳ן גראָדנער גובערנאטאָר סטאָליפּין און ער וועט זיך פאַראינ־טערעסירען און אַ פרעג טאָן ווי דער שטייגער איז: ווער? וואָס? וועט זיין מיט וואָס צו ענטפערען און מיט וואָס זיך צו באַווייזען.

ועל כולם ר׳ ישראל אפרת, דער אַדוואָקאַט. מיט זיין קלוגען קאָפּ און מיט זיין שאַרפער רוסישער צונג וועט שוין ביי דער געלעגענהייט אריינ־שמוגלען וואַרימע האַרציגע ווערטער לטובת כלל ישראל.

**
*

אויפ׳ן פעררעאָן פון וואָלקאָוויסקער וואָקזאל האָבען אָפּגעוואַרט סטאָ־ליפּינ׳ס צוג דריי דעפּוטאַציעס: פאָרשטעהער פון די ארומיגע פויערישע דערפער אין פוטערנע קוטשמעס און ברוינע סוקמאַנעס, פאָרשטעהער פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג מיט קאָקאַרדעס אויף די היטלען און די אידישע פאָר־שטעהער אין צילינדער־היט.

סטאָליפּין איז אַרויס פון וואַגאָן איז צוגעגאַנגען צו די פוטערנע קוטשמעס, פריינדליך באַגריסט, געשמייכעלט און געשטעלט עטליכע פראַגען, דערנאָך צו די קאָקאַרדעס, מיט וועלכע ער האָט אויך גוטמוטיג פאַרבראַכט אַ גע־וויסע ווײלע און ערשט נאָכדעם האָט ער זיך געווענדעט צו די צילינדער־היט.

אפרת האָט אים זעהר שעהן באַגריסט, איבערגעבענדיק אַ דאַנק פון דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע שעצט זיך גליקליך מיט׳ן באַזוך פון זיין עקסעלענץ.

סטאָליפּין האָט גלייכגילטיג אויסגעהערט דעם „מי שברך״, אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און געענטפערט, אז מאָרגען וועט ער האָבען אַ זיצונג

וועגען שטאָטישע ענינים, זאָל די אידישע דעפּוטאַציע אויך זיין דאָרטען.

אַן איינלאַדונג? אָדער אַ באַפעל? ס'האָט אויסגעזעהן ניט אַהער און ניט אַהין.

אפרת האָט געוואָלט עפּעס ווייטער ריידען, אָבער זיין עקסעלענץ האָט באַוויליגט נאָכאַמאָל אַ שאָקעל צו טאָן מיט'ן קאָפּ צו אלע דריי צילינדערס, אַ צייכען, אז די אודיענץ איז געענדיגט.

זיין עקסעלענץ מיט דער סוויטע האָבען זיך געווענדעט צום אויסגאַנג, וואו ס'האָבען געוואַרט זייערע עקיפּאַזשען.

*****

— אַן אַנדער וועלט, רבותי — האָט קאָפּעל איסר באַדויערט. — די פריי־ערדיגע גובערנאַטאָרען, ווען זיי פלעגען באַזוכען ביאַליסטאָק, איז די ערשטע זאַך געווען, זעהן דעם פעטער יחיאל בער און פאַרברענגען מיט אים; און איינער פון זיי, ווען ער איז באַשטימט געוואָרען אַלס סענאַטאָר, איז אַראָפּ־געפאָרען ספּעציעל קיין ביאַליסטאָק, געזעגענען זיך מיט'ן פעטער. היינט בלאָזען דאָרט אויבען נייע ווינטען און ווער ווייס וואָס זיי וועלען ברענגען...

---

## ר' נפתלי דער מלמד

ער מאַכט וויזיטען פרייטאָג־צו־נאַכטס אין אלע בתי־מדרשים, הערט זיך צו וואָס דער עולם רעדט, וואַרפט אריין אַ וואָרט און געהט ווייטער.

„איר האָט דאָך מסתמא געלייענט אין די צייטונגען, אז גראָד שביעי של פסח איז ביי פּאָרט־אַרטור פאַרזונקען געוואָרען אין ים די גרויסע קריגס־שיף „פּעטראָפּאַוולאָווסק" מיט'ן אַדמיראַל מאַקאַראָוו?" — פרעגט נפתלי דעם עולם אויף מזרח.

„יאָ, געלייענט."

„און איר געדענקט, אז פאַראַיאָרען, פונקט שביעי של פסח, האָט מען אין קישענעווער פּאָגראָם דער'הרג'עט אין שוהל פאַר'ן ארון קודש דעם שמש משה קירא?"

„יאָ, נו, איז וואָס?"

„די מעשה ביי פּאָרט אַרטור — דערקלערט ר' נפתלי — דאָס איז משה קירא'ס אַ שטיקעל ארבייט, פונקט צו זיין יאָרצייט. מאַקאַראָוו שרייבט מען אין העברעאיש „מקרב". דאָס זיינען ראשי תיבות: „משה קירא רמה בים"..."

„אָבער ר' נפתלי"...

„וואָס „אָבער", כ'האָב קיין צייט ניט. איך געה אין לעוו'ס בית־המדרש. אַ גוטען שבת".

## „מר־דרור" און „קנמן־בשם"

שבת, קריאת התורה. קאָפּעל איסר פּאַטשט איבער'ן חומש: „שאַ!" אָבער זיין בר פלוגתא, חיים עוזר איינהאָרן, קען ניט שווייגען. חיים עוזר איז אַן אַדוואָקאַט און ער מוז אַלץ וויסען געניי, גרינדליך. ער האָט דאָ דערזעהן אין דער היינטיגער סדרה אַ געוויסען „מר־דרור" מיט זיינעם אַ קאָלעגע „קנמן־בשם", מ'דאַרף זיך ערקונדיגען, ווער זיינען זיי די צוויי פּאַרשוין, און פונוואַנען שטאַמען זיי. חיים עוזר פּאַראינטערעסירט דעם עולם און עס געהט שוין אַ געמורמעל איבער'ן מזרח: רש"י, תרגום אונקלס, אבן עזרא, מענדעלסאָהן, מ'הערט ניט קאָפּעל איסר'ס פּראָטעסטען. ס'געהט אָן אַ לעבעדיגע דיסקוסיע. פון מזרח־ווינקעל הויבט זיך אויף הירשעל דער אַפּטייקער און מאַכט שטילערהייט אַ באַמערקונג דעם נאָהענטען שכן זיינעם, ר' יצחק אייזיק עדעלבוים. און די באַמערקונג לויפט באַלד דורך דעם גאַנצען מזרח־פּראָנט און קאָפּעל איסר באָמבארדירט מיט פּעטש איבער'ן חומש.

מיט „מר־דרור" און „קנמן בשם" — רופט זיך אָפּ אליהו לייב ראַכמי־לעוויטש — איז ר' הירש בעסער באַקאַנט ווי מיר אלע. דאָס זיינען דאָך אַלטע אַפּטייק־מאַטעריאַלען, מ'דאַרף הערען וואָס אַ פאַכמאַן זאָגט", און עס בלייבט הלכה כר' הירש.

---

## וואָלקאָוויסקער וואַלד־סוחרים

אין די פינסטערע פּאָליעסער און ביעלאָרוסער וועלדער, איבער דער וואָלגא און ביים אוראַל האָבען אידישע וואַלד־סוחרים, מיט זייערע אַגענטען און קאָנטאָרען, געבראַכט דער אָרטיגער באַפעלקערונג ליכט, לעבען און פּרנסה. אַ גרויסען חלק אין דעם האָבען געהאַט וואָלקאָוויסקער וואלד־סוחרים, אַ ר' איטשע לעוו, די העלערים, די ראַכמילעוויטשיעס, די יעזערסקיים — דאָס זיינען געוועזן טיפּען פון אידיש־ליטווישער אינטעליגענץ, שאַרפע קעפּ מיט אַ גרויסען פאַרנעם. זיי פאַרברענגען פיל צייט אין אויסלאַנד. מ'זעהט זיי אין דער בערזע, אין האָלץ־קאָנטאָרען, אין די בענק. איר זעהט זיי אין קאַרלסבאד אָדער אין דאַנציג, טילזיט, מעמעל, פּאַרטאָן אין מסחר און אָפּריכטען חצות אין פרעפעראַנס. אָבער זיי זיינען געוועזן מענשען מיט אַ טיפען אידישען געפיל, צוגעבונדען און טריי דער אַלטער אידישער טראַ־דיציע. צווישען די דאָזיגע וואַלד־אידען זיינען געוועזן תלמידי־חכמים און גוטע העברעאישע סטיליסטען. וועגען אַ צוזאַמענקום פון וואַלד־סוחרים, וועלכע האָבען געדאַרפט אויסגלייכען געוויסע סיכסוכים צווישען זיך, האָט אַ וואָלקאָוויסקער וואַלד־איד אָנגעשריבען אַ גאַנצע הומאָריסטישע פּאָעמע, פון וועלכער ס'איז מיר געבליבען אין זכרון נאָר די הקדמה:

ארזי הלבנון אדירי התורה,
בעלי תריסין ביערות ושאר מיני סחורה,
נזדמנו לפונדק, לדון ולהורות,
דבר איזו סיכסוכים ועבירות,
איזו חטאים ודברים לא כן,
בין כל מן דעסקין באוריתא הדן,
וכדי לפשר ולהשוות ולמנוע מריבה,
היה שם הכל מתוקן בישיבה,
כדבעי למהווי, על כסא שש,
ישב המשנה על יד היושב ראש,
הכל מסודר ודולקים הנרות,
יש כוסות חמין ואפילו קטורת,
ודברי חכמים נשמעים בנחת,
והטענות מצטרפות אחת לאחת,
גם אומרים דברי חדודים,
כנהוג בין אנשים יהודים.

---

## „לא תגשו אל אשה"

פורים. ביי ר' לייב העלער איז דער טיש שעהן סערווירט. מ'ווערט באלד שפילען פּרעפערענס. דער עולם האָט שוין גענומען אַביסעל משקה און מ'איז בגילופין. ס'קומט אריין אַ שעהנע באקאנטע פרוי. איינער פון די אַנוועזענדע מאַכט איר אַ קאָמפּלימענט: „ווען איר קומט אריין, מאַדאַם, ווערט ליכטיג. שעהנע אויגען דערמאָנען דעם יהי אור!"

„אָבער — האָט זיך אָפּגערופען אַ צווייטער גאַסט — אין דער גמרא איז אַ פּלוגתא, וואָס מיינט דאָס וואָרט אור: „לילא" אָדער „יממא".

די מאַדאַם האָט פאַרשטאַנען העברעאיש און די לעצטע באַמערקונג איז איר, נאטירליך, ניט געפעלען.

אויף מאָרגען האָט דער גאסט, וועלכער האָט געמאכט די צווייטע באַמערקונג, באַקומען אַ בריוועלע מיט אַזאַ „משלח מנות".

אור לילא או אור יממא,
מחלוקת הגמרא מימים ימימה,
אבל כל אריסטאָקראַט,
היודע אפילו מעט,

חוקי באָן טאָן,
והלכות סאַלאָן,
לא יחלל כבוד אשה סתם,
ומכל שכן מאַדאַם.
מזכירים את אסתר בכבוד ואהבה,
ובזכותה גם כל בנות חוה,
ומי ששכח והכריע את הכף,
הרי זה עבר על לאו:
לא תגשו אל אשה.

---

## ר' בנימין ביאַלסקי

אין דער פּרענומעראַנטען־ליסטע, וואָס ר' מענדעלע דיין האָט פאַר־צייכענט אין זיין ספר, איז דאָ אַ נאָמען: הגביר ר' בנימין ביאַלסקי מפּעטער־בורג. דער נאָמען פון דער רוסישער רעזידענץ גיט צו אַביסעל חשיבות. אָבער באמת איז דער דאָזיגער פּעטערבורגער סוחר געווען און געבליבען אַ וואָלקאָוויסקער.

***

אין די ניינציגער יאָרען פון פאָריגען יאָרהונדערט, האָט זיך אָנגעהויבען אַנטוויקלען אין די פריצישע הויפען פון דער וואָלקאָוויסקער אומגעבונג די פּראָדוקציע פון קאַרטאָפעל־מעל (קראָכמאַל). דאָס איז געווען אַ פּרימי־טיווע פאַבריקאַציע, וואָס האָט געהאט אַ באַגרעניצטען אָרטיגען אָפּזאַץ און האָט ניט געקענט רעכענען אויף אַ גרעסערען עקספּאָרט.

מ'האָט געוואוסט, אַז אין יאַראָסלאַוו איז דאָ פאָניזאָווקין, דער קראָכמאַל־קעניג, וואָס באַזאָרגט גאַנץ רוסלאַנד מיט קאַרטאָפעל־מעל. מ'האָט אויך געהערט, אַז פינלאַנד מיט אירע פּאַפּיר און פּאַטאַקע פאַבריקען פאַרברויכט זעהר פיל קראָכמאַל און זי באַציהט עס איבערהויפּט פון האָלאַנד. געוויס וואָלט גוט געווען צו באַקומען קונדשאַפט אין פינלאַנד. אָבער ווער איז דאָס אימ־שטאַנד צו קאָנקורירען מיט אַ פאָניזאָווקין אָדער מיט אַ האָלאַנד, וואָס גיבען אַרויס ערשט־קלאַסיגע סחורה באַרימט און רענאָמירט אויף אַלע מערק.

די גוטבאַזיצער פלעגען מעהרסטען טייל פאַרברענגען אין אויסלאַנד און האָבען ניט געהאט קיין צייט אָפּצוגעבען זיך מיט אַזוינע זאכען, וואָס פּאַסען זיך פאַר סוחרים ספּעקולאַנטען, אָבער ניט פאַר אַריסטאָקראַטען. און די הויפישע אַדמיניסטראַטאָרען, וואָס האָבען געדאַרפט זאָרגען פאַר דער פאַר־

בעסערונג און אנטוויקלונג פון דער פּראָדוקציע, האָבן וועגן דער אויפ־גאַבע אזויפיל געזאָרגט ווי זייערע פּרינציפּאַלען.

האָט זיך מיישב געווען ר׳ דוד ביאַלסקיס אַ פעהיגער בחור, בנימין, אַז ס׳וואָלט געווען אַ יושר אַריבערצושאַפן זיך קיין פינלאַנד און אַ קוק טאָן וואָס הערט זיך דאָרטען מכוח קראָכמאַל. ס׳איז אפילו אַ צרה מיט דער רוסישער פּראַוואָזשיטעלסטוואָ (וואוינרעכט) און מיט דעם פינישען תרגום לשון, אָבער דער אויבערשטער וועט מסתמא העלפען.

בנימין לאָזט זיך אַוועק קיין פינלאַנד, וואַנדערט איבער די פאַבריק־ראַיאָנען פון העלסינגפאָרס, אַבאָ, טאַמערפאָרס, באַקענט זיך מיט דירעק־טאָרען, ווערקמייסטער, סוחרים, פרעגט, פאָרשט, שטודירט און קומט אַראָפּ מיט וויכטיגע ידיעות בעל־פּה און מיט אַ האָלענדישער תורה שבכתב, אַ בראָשור געדרוקט אין אַמסטערדאַם און געווידמעט ספּעציעל דער קראָכ־מאַל־אינדוסטריע. די דאָזיגע בראָשור איז געווען זעהר אַ וויכטיגע פאַר פאַכלייט, אַ סאָרט קיצור שולחן ערוך מיט גרינדליכע הלכות און דינים, וואָס געהערען צו דער פאַבריקאַציע פון קאַרטאָפעל־מעל.

דאָס איז געווען ראשית חכמה פאַר די פּראָדוצענטען פון וואָלקאָוויסקער געגענד. און ס׳האָט געהאַט אַ פּראַקטישע ווירקונג. וואָלקאָוויסקער קראָכ־מאַל האָט זיך פאַרבעסערט, און מיט דער פאַרמיטלונג פון דעם רעפאַרמאַ־טאָר בנימין האָט מען אָנגעהויבען ביסלעכווייז עקספּאָרטירען קראָכמאַל קיין פינלאַנד.

בנימין ביאַלסקי עפענט שפּעטער אַ ביוראָ אויף סואוואָראָווסקי פּראָס־פּעקט אין פּעטערבורג, ברענגט אַראָפּ זיינע אינגערע ברידער, ווערט אַ פּעטערבורגער ערשטע גילדע קויפמאַן און שפּילט אַ באַדייטענדע ראָל אויף דער קאָלאָשניקאָווער פּראָדוקטען־בערזע.

די ברידער ביאַלסקי, אלע בני תורה, ענערגישע וואָלקאָוויסקער ליט־וואַקעס, גמרא־קעפּ, האָבן אַנטוויקעלט און באַלעבט די קראָכמאַל־פּראָ־דוקציע פון וואָלקאָוויסקער געגענד. זיצענדיג אין פּעטערבורג, האָבן זיי געהאַט אַ מעגליכקייט נאָכצופאָלגען דעם קורס פון גרויסע קראָכמאַל טראַנז־אַקציעס און צו געבען גענויע באַריכטען.

זייערע באַריכטען זיינען געווען קורץ און שאַרף. געשריבען אין אַן אָריגינעלען וויציגען העברעאיש מיט פאַרשטעלטע אויסגעטראַכטע נעמען. אַ סגולה געגען אַן עין־הרע פון קאָנקורענץ.

די באַרימטע פינישע פירמע „יאָקיסאָקער אקציעבאָלאָזעט״ האָט ביי זיי געהייסען פּשוט „יאָקל״. די פינישע רעזידענץ העלסינגפאָרס האָט באַ־קומען דעם נאָמען פון אברהם אבינו׳ס רעזידענץ „אלני ממרא״, און קראָכ־

מאַל, דער בעל־דבר זעלבסט, האָט נעבעך געמוזט יוצא זיין מיט׳ן נאָמען „קרח״.

איז געגאַנגען צווישען פעטערבורג און וואָלקאָוויסק אַ סאָרט קאַבאַליס־טישע קאָרעספאָנדענץ געפלאָכטען מיט רמזים, וויצען און גראַמען.

„יאָקל מטופל ואינו מבקש את קרח,
כי מכרכי הים בא אליו אורח.״

(ס׳הייסט, די פירמע יאקיס סאָקער דאַרף איצטער ניט קיין קראָכמאַל, ווייל זי האָט באַקומען פון האָלאַנד אַ טראַנספּאָרט סחורה).

„פרשת קרח מפסיקים לגמרי,
עד שתבוא בת קול מאלני ממרא.״

(ס׳הייסט, ניט שליסען קיינע נייע קראָכמאַל־עסקים, ביז ס׳וועט קומען אַ דעפּעשע פון העלסינגפּארס).

„עליכם שלום! קרח עלה למרום.״

(ס׳הייסט, אַ פּרעהליכער גרוס, קראָכמאַל האָט אָנגעהויבען שטייגען).

די ברידער ביאַלסקי האָבען געפירט אַ אידישען שטאָט. די ביוראָ שבת געשלאָסען. אורחים ביים טיש, קידוש, זמירות און דברי תורה. אַ שטיק וואָלקאָוויסק אין פעטערבורג.

און ווען אַ וואָלקאָוויסקער אידען איז אויסגעקומען צו זיין אין פעטער־בורג, האָט ער שוין געוואוסט, אז וועגען פּראַוואָזשיטעלסטוואָ וועט ר׳ בנימין אַרויסהעלפען, ווייל די מלאכי השרת פון סואוואָראָווסקי פּראָספּעקט זיינען דאָך ר׳ בנימינ׳ס גוטע באַקאַנטע.

און ווען אזא איד איז אריין בשלום און ארויס בשלום פון פעטערבורג, פלעגט ער אָפּגעבען ר׳ דוד׳ען אַ גרוס פון זיינע קינדער און אַ יישר־כוח פאַר פּראַוואָזשיטעלסטוואָ.

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ דוד׳ען, ווי אזוי האָט זיך זיין בנימינ׳קע אזוי ארויפגעארבייט און פאַרענטפערט אזא שווערע קשיא וועגען פּאָניעס תורה פון פּראַוואָזשיטעלסטוואָ?

— אַ פּשוט׳ע זאַך, — האָט ר׳ דוד געענטפערט — מבטל מאַכען פּאָניעס קשיות איז גאָרניט אַזוי שווער פאַר דעם וואָס האָט זיך אַמאָל געמאַטערט פאַר־ענטפערען אַ שווערען רמב״ם. און איבעריגענס האָבען דאָך אלע בנימינ׳ס אַ פּריווילעגיע פון משה רבנו, אז זיי מעגען רוהיג זיצען איבעראל אפילו אין פעטערבורג, דייטליך פאַרשריבען אין חומש דברים, פרשה וזאת הברכה:

„לבנימין אמר ידיד ד׳ ישכון לבטח.״

## שבת בייטאָג — אַ שפּאַציר איבער וואָלקאָוויסקער גאַסען

ווען מ׳האָט דורכגעפירט אין די 80ער יאָרען די נייע אייזענבאַן־ליניע ביאַליסטאָק־באַראַנאָוויטש, האָט וואָלקאָוויסק אָנגעהויבען וואַקסען. ס׳איז אַראָפּגעקומען ציגעל, דער באַרימטער פּאָדריאַדטשיק, און האָט גענומען בויען די נייע קאַזאַרמעס מיט א גרויסען פּארנעם. גאַסען, סקווערען, מאַגאַזינען, גרויסאַרטיגע מויערען, אַ נייע וועלט, א נייע שטאָט. דאָ וועט שטעהן אַ גאַנצע בריגאַדע אַרטילעריע.

דער אלטער בלאָך, אַ איד אַ תלמיד־חכם און אַ ספּעציאַליסט אין דער לעדער־בראַנזשע, האָט אויסגעבויט די גרויסע גאַרבאַרניע, וואָס האָט שוין אַ ברייטע קונדשאַפט אין דער וועלט און באַשעפטיגט פיל ארבייטער. באַראַש בויט די אייזען־גיסעריי פאַבריק, בערצע מינץ פּראָיעקטירט אַ פּאַראָווע ציגעלניע אין דאָקטאָר יעליצ׳עס הויפעל, הינטער די שווועדישע בערג. דאָס אַלטע וואַסער־מילכעל מיט דעם גרויסען ראָד, וואָס רוישט טאָג און נאַכט דאָרט לעבען דעם פּוילישען קאָשציאָל, וועט איצטער בלייבען מער ניט ווי אַן אָנדענקונג פון אָמאָליגע צייטען. ווייל ביים נאַסיפ שטעהט שוין אַ פּאַר־טיגע דריי־שטאָקיגע געמויערטע דאַמפּף־מיהל. נאחע העלער האָט אויסגע־בויט ביים ראָשער וועג דעם שעהנעם מאָדערנעם האָספּיטאַל, אַ מתנה דער שטאָט. פּערעלים און גינצבורג האָבען געעפענט אַ באַנק־הויז. מאָניע גאַלאַי האָט אָפּגעפרישט זיין האָטעל, ווייל ס׳וועלען זיין אורחים. דער גבאי, אהרון שיפּמאַנאָוויטש, וועט רעמאָנטירען די אַלטע שוהל און פאַרבען דעם דאָך. מ׳שמועסט שוין וועגען טראָטואַרען און אַ טעלעפאָן. וואָלקאָוויסק וואַקסט ברוך השם און ווערט אַ כרך מיט לייטען גלייך. מ׳וועט זיך שוין באַגעהן אָהן ביאַליסטאָק. ביי דוד הובאַר קענט איר באַקומען פון כל טוב. אפשר ווילט איר קויפען אַ מתנה פאַר חתן־כלה, א גאָלדען זייגערעל, אַ סיגנעט, אָדער גאָר אַ דיאַמאַנט, טאָ זייט מוחל געהט אריין צו ר׳ מאיר שיף.

דאָס האָט מען אַלץ צו פאַרדאַנקען דער נייער באַן, און דעריבער דער־מאָנט מען זיי צו גוטען ביי יעדער געלעגענהייט.

**\
*

ס׳איז שבת, אַ שעהנער זומער־טאָג. די יוגענד איז אַוועק שפּאַצירען אין זאַמקאָווען וואַלד. עלטערע מענשען זיצען פאַר די הייזער און מ׳שמועסט.

ביי דעם לערער ר׳ נחום האַלפּערן, אויף דעם הויכען הילצערנעם גאַנעק, זעהט איר אַ קרייזעל אידען, וועלכע האָבען ליב אויסצוהערען ר׳ נחומ׳ס אַ דערקלערונג וועגען דער היינטיגער סדרה. ר׳ נחום איז אַ שאַרפער מדקדק, קען תנ״ך אויסענווייניג און גיט איבער אַ זאַך וויסענ־

שאַפּטליך און אינטערעסאַנט. דערנאָך שמועסט מען וועגן דעם נייעם חזן ר׳ נח, ווען ר׳ אייזיק נחמניצעס האָט אַראָפּגעבראַכט קיין וואָלקאָוויסק, און וועלכער האָט היינט ״אָוועקגעלייגט״ אַזאַ גרויסאַרטיגען ״תכנת שבת״. אַ קליינינקייט, ר׳ נח! זיינס אַ שטיקעל ״ברוך שאמר״, אָדער ״אדון עולם״, איז דאָך אַ מחיה נפשות. און איר ווייסט, מיט וואָס ער האָט גענומען דעם גאַנצען עולם? דאָס איז געווען, אויב איר געדענקט, ביי די ערשטע סליחות, ווען ער איז ארויסגעפאָרען מיט דעם ״קולי שמע וראה דמע עיני״. טרערען האָבען זיך געשטעלט אין די אויגען ביים גאַנצען עולם. איר שפּילט זיך מיט ר׳ נח׳ען! ניטאָ זיין גלייכען. דעם אמת זאָגענדיג, ווען ניט די נייע באַן, וואָלטען מיר אים ניט געהאָט. מיט בעלי־עגלות וואָלט אים ר׳ אייזיק נחמנ׳צעס ניט אַראָפּגעבראַכט. מ׳דאַרף דאַנקען דער באַן, ״וגם חרבונה זכור לטוב.״

***

איר פרעגט, וואָס איז דאָס פאַר אַ רעדעל אידען דאָרט ביי די פּאַר־מאַכטע קראָמען? איר זעהט דען ניט, ווער ס׳שטעהט אין דערמיטען און רעדט מיט אזא התלהבות און מאַכט אזוי מיט די הענט. דאָס איז דאָך ר׳ לייזער שאַליוטע, אַ איד אַ חריף, אַ תלמוד׳יסט מיט שאַרפע איינפאַלען. ער גיט צו פאַרשטעהן דעם עולם, אז ס׳איז ניטאָ וואָס נתפּעל צו ווערען פון דער נייער באַן. וואָרום וואָס איז באמת דער שכל פון אַ באַן? אויסגלייכען א וועג, אָפּגראָבען אַ בארג, פארשיטען א טאָל און דורכגראָבען אַ טונעל. טאָ גיט אַ קוק אין ישעיהו, קאַפּיטעל מ׳: ״פנו דרך, ישרו בערבה מסילה, כל גיא ינשא, וכל הר וגבעה ישפלו״. אָט האָט איר דאָך דאָ די גאַנצע ארבייט פון אַ באַן. און אויב איר מיינט אז טעלעפאָן איז אַ נייעס, האָט איר אַ גרויסען טעות. מישט אויף רבנישע ספרים מיט הונדערטער יאָרען צוריק, וועט איר געפינען שאלות ותשובות וועגען דעם: צי מעג מען ריידען אום שבת אויף אַ געוויסע דיסטאַנס? וואָס איז דער טייטש ״דיסטאַנס״? וואָס מיינט עס צו זאָגען? טעלעפאָן, רבותי. ס׳איז קלאָר, ניטאָ קיין נייעס, אין כל חדש תחת השמש.

***

קענט איר ר׳ יעקב גראַדזענסקי, דעם אַדוואָקאַט? מ׳רופט אים אין אַ שפּאַס איוואַן גראָזני. מיינט איר חלילה, אז ער איז טאַקע אַ איד אַ כעסן, אן אכזר? חס ושלום! גראַדזענסקי איז אַ הויכער שטאַרקער איד, וועלכער פאָדערט שטענדיג ביים עולם יושר, משפט, גערעכטיגקייט. און האָט ליב ארייניזאָגען יעדערען דעם אמת אין די אויגען. און זאָגען זאָגט ער עס בקול

רם, מיט אַ שטים אָהן עין הרע, וואָס קליין־שטעטלדיגע חזנים מעגען אים מקנא זיין. ס׳געהט אום אַ ווערטעל, אז ווען ר׳ יעקב גראָזני רוימט עמיצען אַ סוד אין אויער אויף קאַרטשיזנע, הערט מען דעם סוד אויף זאַמאָשטשע. אָט צוליב די אַלע מעלות האָט מען אים צוגעגעבען דעם נאָמען „גראָזני״. ס׳הייסט אַ שטרענגער איד. אָבער באמת איז ר׳ יעקב אַ גוט־האַרציגער מענש, וואָס האַלט שטאַרק פון הכנסת אורחים און איז שטענדיג גרייט צו העלפען דעם צווייטען. ר׳ יעקב האָט אַ שעהן הויז און אַ גרויסען גאָרטען. אָט דאָרטען צווישען די בוימער אַרום דעם טיש, וואָס ר׳ יעקב׳ס ווייב, די אשת חיל, האָט אַרויסגעשטעלט מיט גלעזער טיי, קוכענס און וואַרעניעס. אַלץ אייגענע אַרבייט, דאָרט זיצט אַן עולם געסט און מ׳רעדט וועגען דעם מאַמוט.

איר ווייסט ניט, ווער עס איז דער „מאַמוט״?

אַ שעהנע מעשה! דאָס ווייסט דאָך שוין די גאַנצע וועלט. היגע און אויסלענדישע בלעטער האָבען דאָך עס באַשריבען מיט אַלע פּרטים.

דאָס איז געווען, בשעת מ׳האָט געמאַכט די נייע באַן. גראָבענדיג דעם פונדאַמענט פון וואָלקאָוויסקער וואָקזאַל האָט מען געפונען אַ צאָהן פון אַ מאַמוט, וואָס האָט געלעבט פאַר׳ן מבול. ס׳רעדט זיך אזוי, אַ צאָהן, אָבער זייט אַ בעלן און הויבט אויף דעם דאָזיגען צאָהן, וואָס זעהט אויס ווי אַן אויסגעבויגענער דישעל פון אַ וואָגען. האָט מען דאָס דאָזיגע ציינדעלע אריינגעשטעלט אונטער אַ גלאָז אין א ספּעציעלער נישע אין וואַנט פון וואָקזאל, און דערביי אַן אויפשריפט מיט מעטאַלענע בוכשטאַבען, וואָס דער־קלערט ווען און ווי אזוי מ׳האָט דעם צאָהן געפונען, למען ידעו לדורותיהם, מ׳זאָל וויסען ווער דער מאַמוט איז געווען. זיצט מען עס איצטער אין גאָרטען ביי ר׳ יעקב גראָדזענסקי און מ׳רעדט וועגען אים.

דער דאָזיגער מאַמוט איז געוואָרען, אזוי צו זאָגען, אַ שטיקעל אייגענער ביי וואָלקאָוויסקער אידען. מ׳האָט געפונען, אז דער דאָזיגער מאַמוט האָט עפּעס אַ שייכות מיט׳ן אַלטען נח פון חומש. ס׳איז דאָך אַ פּשוט׳ע זאַך, אז ווען דער זעלביגער מאַמוט האָט איבערגעלעבט דעם מבול, איז ער דאָך געוויס געווען אַ קעסט-קינד ביים אַלטען נח אין דער תיבה און איז מיט אים צוזאַמען מיטגעפאָרען ביז די הרי אררט. היינט זעהט נאָר אַ בעלנות פון א מאמוט, געזעגענט זיך מיט׳ן אלטען נח און לאָזט זיך אוועק אין אַ נסיעה, פאָלג מיך אַ גאַנג, פון אררט ביז וואָלקאָוויסק — און דאָ פאַרבראַכט זיינע לעצטע ביסעל יאָרען.

„איר זייט גערעכט, רבותי — רופט זיך אָפּ ר׳ יעקב גראָדזענסקי — אָבער פאַרגעסט ניט, אַז מ׳האָט אים שוין געמאַכט אַ הזכרה אין די ציי־

טונגען, געזאָגט אַ קדיש, און געשטעלט אַ שעהנע מצבה אין אונזער וואָקזאַל. טאָ זייט זיך איצטער מכבד מיט טיי און גוטע וואַרעניע, וואָס מיין פלונית׳טע האָט דאָ צורעכט געמאַכט.״

**
*

ס׳איז נאָך אַ שעה צו מנחה. מיר קענען נאָך מאַכען אַ וויזיט ביי ר׳ יהודה לייב דעם קצב. אָט זיצט ער דאָרט פאַר זיין קליינער געמויערטער הייזקע, וואָס ער האָט זיך אויסגעבויט נאָך דער שריפה אויף גראָדנער גאַס און ארום אים זיינע שכנים און גוטע פריינד. יהודה לייב איז אַ קלוגער איד, וועלכער האָט פיינט דאגות, שטענדיג ביי גוטען מוטה, שטענדיג גרייט אַ טובה צו טאָן יעדערען, און אַלץ מיט אַ שמייכעל און אַ גלייך־ווערטעל. יהודה לייב האַלט ניט פון דער היינטיגער וועלט. אַמאָל, זאָגט ער, איז געווען אַ וועלט. אַמאָליגע וואָלקאָוויסקער אידען זיינען געווען געזונט ווי די דעמבעס און קלוג ווי דער טאָג. ניטאָ היינט אַמאָליגער שמחת תורה און פורים, אַמאָליגער באַלעבאַטישער קידוש, ווען מ׳האָט דערלאַנגט צום פאַר־בייסען דעם פארברוינטען טייגעכץ מיט די אמת׳ע גריבינעס. איך האלט ניט פון היינטיגע שלח־מנות׳ען מיט די נאַרישע זיסיקייטען. איך שיק דעם עולם שלח־מנות מיינע געפילטע מילצען. רייבט קינדער, האָט הנאה און פאַרשטעהט, וואָס עס הייסט אַן אמת׳ער אידישער מאכל.

יהודה לייב דערצעהלט איצטער דעם עולם, וואָס מיט אים האָט פאַסירט בשעת מ׳האָט געבויט די נייע באַן.

— די טעלעגראַפישע סלופּעס — דערצעהלט יהודה לייב — זיינען שוין געווען צעשטעלט איבער דער גאַנצער ליניע, נאָר איבער די אויבערשטע פאַרצעלייענע קידוש־גלעזלעך זיינען נאָך די דראָטען ניט געווען פאַרצויגען.

אין די דערפער, וואָס האָבען זוכה געווען צו אזא סלופּ, האָבען די פויערים געגלויבט, אז דורך דעם סלופּ קען מען שוין ריידען אפילו מיט פעטערבורג. מ׳דאַרף נאָר וויסען אזא וואָרט, אזא שפּראך. אַ לץ מסתמא האָט זיי עס איינגעשמועסט. מאַכט זיך מיר גראָד דורכצופאָרען אַ דאָרף ביי בערעסטאָוויץ און איך פאַל אריין אין אַ מחלוקה צווישען גויים, מ׳הרג׳עט זיך מכות רצח.

— שטעהט! שריי איך צו זיי, הערט זיך אויף צו שלאָגען, איך גיב, זאָג איך, אַ דעפּעש און רוף אַרויס סאָלדאַטען. און געה מיר אזוי צו צום טעלעגראַפנעם סלופּ.

די גויים שטעלען זיך אָפּ און קוקען, וואָס וועל איך דאָ טאָן. נו, טראַכט איך מיר, איך וועל אייך באַלד פאַרטייטשען אַ פּסוק אין חד גדיא.

די גויים האַלטען אין איין קוקען.

איך הויב אָן שטילערהייט זאָגען „אשר יצר". דערנאָך לייג איך צו דעם אויער צום סלופ און הער זיך איין אַ ווײַלע. דערנאָך דערלאַנג איך מיט'ן פויסט אַ טאַראַבענץ דעם סלופ און גיב אַ געשריי „יקום פורקן מן שמיא"? בונט! פריסלאַט וואָיסקא! (שיקט מיליטער).

די גוי'עצעס האָבען זיך דערשראָקען.

הער אויף, לייבא! הויבען זיי אָן בעטען, מיר שלאָגען זיך ניט, מיר גיהען זיך פונאַנדער, רוף אָפּ.

נו, זאָג איך, גוט. נאָך אַמאָל געמאַכט די זעלביגע מאַכערייקע מיט'ן „אשר יצר" און ווידער אַ געשריי געגעבען „יקום פורקן מן שמיא!" סטאָפּ! ניע נאַדאָ! סמירנאָ! (מ'דאַרף שוין ניט, רוהיג!).

אָט אויף אזא אופן האָב איך ביי די גויים געמאַכט שלום.

---

## אידישע גוט־באַזיצער

אין די הויכע ספערען אין פעטערבורג איז געווען אָנגענומען, אז אידען זיינען אומפעהיג צו ערד־ארבייט, הגם אין כערסאנער קאָלאָניעס אין פוילען האָט מען געקענט טרעפען אידישע פויערים און גוט־באַזיצער, וועלכע זיינען געווען געטריי און איבערגעגעבען דער לאַנדווירטשאַפט. דאָס זעלבע האָט מען אויך געקענט זעהן אין וואָלקאָוויסקער געגענד, וואו גרויסע גיטער זיינען געווען ארענדירט און מוסטערהאַפט געווירטשאַפט מיט'ן אידישען קאָפּ און באַאַרבייט מיט אידישע הענט. די דאָזיגע אידישען אַרענדארען האָבען ניט באַזוכט קיין אַגראָנאָמישע שולען און דאָך זיינען זיי אנערקענט געווען פון אַלע ארומיגע שכנים אַלס גוטע פאַכלייט.

***

דער דר. זשיוואָטאָווסקי, גוטבאַזיצער פון לעווואָווא ביי בערעסטאָ־וויצי, איז געווען אַ שול־קאָלעגע פון דעם פרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין. דער לעצטער האָט אים איינגעלאַדען אַלס רעדאַקטאָר פון דער צייטונג „ראָסיאַ". ס'איז געווען די צייט, ווען די שוואַרצע מאה האָט געגעבען דעם טאָן אין רוסלאַנד, און אַ רעדאקטאָר פון אַ פאַטריאָטישער צייטונג האָט געוויס ניט געדאַרפט האָבען קיין מגע־ומשא מיט א אידען. און דאָך איז דער אַרענדאַטאָר פון לעווואָווא געווען דווקא אַ איד, ר' יונה כאַזע, וועלכער האָט געפירט אין לעווואָווא אַ גאַנץ ברייט אידיש לעבען: אַ מנין ביי זיך, אַ שראַנק מיט ספרים, און א רבי א תלמיד־חכם פאַר זיין בן־יחיד. דער רעדאַקטאָר פון דער פאַטריאָטישער צייטונג „ראָסיאַ" און דער ארענדאַטאָר פון לעווואָווא זיינען געווען הערצליך פאַרבונדען, אמת'ע אהובים ידידים. סטאָליפּינ'ס קאָלעגע האָט געשעצט דעם אידען ניט נאָר אַלס פאַכמאַן, נאָר

אויך אלס מענש און אינטימען פריינד. אפילו דער רבי פון ר׳ יונה׳ס בן־יחיד האָט פאַרנומען אַ גרויסען אָרט ביים פעטערבורגער אַריסטאָקראַט. די קאַנצעלאַריע פון פעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק האָט איינמאָל באַקומען אַ טעלעפאָן פון זשיוואָטאָווסקי׳ן, אַז זיינער אַ פריינד קומט קיין פעטערבורג און וועט איינשטיין אין דעם־און־דעם האָטעל, על כן זאָל די פאָליציי אים ניט באַאומרוהיגען מיט שאלות וועגען דאָקומענטען. די מלאכי־חבלה האָבען געמיינט, ווער ווייס וואָס פאַר אַ גרויסע פערזענליכקייט עס דאַרף דאָ אָנקומען, נאָר ווען זשיוואָטאָווסקי האָט ארויסגעזאָגט דעם אידישען נאָמען פון זיין פריינד, האָט די פאָליציי פאַרביסען די ליפען און געמאַכט אַ שווייג.

די גרויסע פערזענליכקייט איז געווען דער רבי פון ר׳ יונה׳ס בן־יחיד, וועלכער האָט געדאַרפט זיין אין פעטערבורג, נאָר אַלס איד האָט ער ניט געהאַט קיין וואוין־רעכט.

**
*

ר׳ בערצע מינץ, וועלכער וואוינט אין זיין גוט ביי זעלווע איז באַקאַנט אלס אַ גרויסער מכניס־אורח. ווען איר קומט צו אים, מוזט איר פאַרבלייבען לכל הפחות אַ מעת־לעת, ווייל ר׳ בערצע פאַרשטעהט ניט, ווי אזוי קען מען ארויסלאָזען אַ גאסט אָהן אַ מיטאָג און אָהן אַ נאכטלעגער. און טאָמער קומט איר פרייטאָג אינדערפריה, זייט איר שוין אַ פאַרפאַלענער. פאר זונטאָג נאָכמיטאָג וועט איר שוין ניט אוועקפאָרען. ר׳ בערצע׳ס זוהן, דער הארציגער גוט מוטיגער שאול׳קע, וועט עס שוין באַזארגען, אָדער מ׳וועט אַראָפּנעמען אַ ראָד פון אייער וואָגען, לויט׳ן אלטען נוסח פון דאָרפישע אידען, אָדער שאול׳קע וועט עפּעס אויסטראכטען אַן אנדער מאַכערייקע. בקיצור, איר בלייבט אויף שבת. און באמת, וואָס איז דאָ די איילעניש, ווי ר׳ בערצע זאָגט. אַ מנין איז דאָ, ברוך השם, און אַן עליה באקומט איר אַ גאַנץ פיינע, און ווען איר זייט אַ בעלן אויף טשאָלענט און ווען איר זייט אַ מבין אויף די אמת׳ע שבת׳דיגע מאכלים, וואָס אונזערע טייערע באָבעס פלעגען מאַכען, וועט איר דאָס, אי״ה, געניסען אַ דאַנק דער עקרת־הבית. גאָט זאָל אייך נאָר געבען דעם אמת׳ען אַפּעטיט, כדי איר זאָלט קענען מקיים זיין אַ שבת כהלכתו. ער איז גערעכט, דער אַלטער ר׳ בערצע, ווייל ס׳איז דאָך גוט באקאנט, וואָס מענשען זאָגען, אז אַ שבת ביי ר׳ בערצ׳ען גיט כוחות אויף אַ גאַנצער וואָך.

**
*

גרויס אוןברייט זיינען די רייכע גיטער פון באַראָן בישפינג אין וואָל־קאָווישקער געגענד. די אַרענדאַטאָרען זיינען אידען. ווען איר זעהט דאָרט

איבער די פעלדער פאַרט אַרום אַ רייטער, אַ ברייט־ברוסטיגער מאַן מיט אַ שווארץ באַזילבערטער באָרד. ווען איר באַטראַכט דאָס טייערע רייט־פערד און דעם שעהנעם זאָטעל, מיינט איר אַוודאי, אז דאָס איז דער באַראָן זעלבסט. ניין, דער באַראָן איז אין פּאַריז אָדער אין איטאַליע. דער רייטער איז ר׳ מאיר ווירבאַלער, דער אַרענדאַטאָר פון אַלע ווירבאַלער גיטער. איר מעגט צו אים אויך אַריינפאָרען. איר וועט זיין אַ גוטער גאַסט. אין ווירבאַלער איז אויך דאָ אַ מנין און אַ טיש כיד המלך. די זילבערנע טיש־געשיר, וואָס מ׳זעהט ביי ר׳ מאיר ווירבאַלער פּסח צום סדר, זעהט מען ניט ביי די גרעסטע שטאָטישע גבירים.

די באַרימטע פּוילישע שריפטשטעלערין עליזא אָרזשעשקאָוואַ, וועלכע האָט געקענט אויסגעצייכענט דאָס לעבען פון דאָרפישע אידען, האָט אַלעמאָל געזאָגט נחום סאָקאָלאָוו׳ען, ווען ער האָט זי באַזוכט אין איר היים אין גראָדנאָ, אז זי איז זעהר צופרידען ווען זי זעהט, אז די אידיש דאָרפישע טיפּען, וואָס זי האָט באַשריבען אין אירע ביכער, עקזיסטירען נאָך אין לעבען. ליידער, היינט לעבען די טיפּען שוין ניט.

## אַ איד אַ שווינדלער

ס׳איז געווען אַ ברענענדיגער פראָסט, אָבער אין דער שאַפאַרניע (וואַלד קאַנטאָר) איז געווען ווארים. די שאַפאַרעס זיינען נאָר־וואָס געקומען פון וואַלד, אַוועקגעלייגט די פּיטעס (האַלץ מעסטער), די קליינע שטעמפּעל־האַמערס, אויסגעטאָן די קורצע פעלצלעך, אָפּגעווישט די פאַרפראָרענע בערד און זיך געזעצט צו די ביכער איבערשרייבען פון די קליינע נאָטיץ־ביכלעך די צאָל האָלץ־קוביקען, וואָס זיי האָבען היינט אָפּגענומען אין וואַלד.

פייגע די קעכין האָט געגרייט צום טיש, דערלאַנגט אַ הייסען קרויט־באָרשט מיט קאַרטאָפעל און זיך געקליבען צו דערלאַנגען נאָכדעם דעם גענזענעם־בראָטען מיט בעבלעך און רייז.

דער עולם האָט זיך געוואַשען, געמאַכט אַ שנאַפּס און מ׳איז אַריין אין אַ שמועס מכוח „טשאָסקע־וואָזקע" (האַקען, פירען), שליפער, שוועלען, שטאַנדאַרטען, שיחות חולין פון פאַכלייט, וואַלד־אידען.

אגב, איז מען ארויף אויף אַ שמועס מכוח וואַלד־סוחרים, היינטיגע און אַמאָליגע. אָט נעמט, למשל, אזא אידען ווי ר׳ איטשע לעוו, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ גרויסען נאָמען ביי אונז, איך גאַנץ ליטע און אין אויסלאנד. אַ טייערער איד געווען ר׳ איטשע לעוו.

„וואָס איז דאָ פאַראַן צו ריידען — האָט זיך אָפּגערופען דער אלטער שאַפער ר׳ מאָטיע — אַוודאי איז ר׳ איטשע לעוו געווען אַ גרויסער איד. און מיר האָט ער איינמאָל צעדרייט אַ פּאָר הונדערט קאַרבען."

„ווער? — האָט דער גאַנצער עולם אַ געשריי געגעבען — ר׳ איטשע לעוו? איך? צעדרייט? איר זייט משוגע צי חסר דעה?"

„ס׳איז אַ גרויסע חוצפה — האָט אָנגעהויבען אַ יונגער שאַפאַר — אַז אַ איד זאָל זאָגען" . . .

„שווייג! — האָט אים איבערגעריסען נחמן דער אָבער־שאַפאַר — ר׳ מאָטיע איז ניט שיכור, מיר ווילען פריהער הערען."

„אָט הערט אַ מעשה — האָט ר׳ מאָטיע אַ שמייכעל געגעבען צום גאַנצען עולם — דאָס איז געווען נאָך דער גרויסער שריפה אין וואָלקאָוויסק (אין 1886) ניט דאָ געדאַכט. אַ ביטערע צייט געווען אפילו פאַר אַזאַ געזונטען בחור׳ען ווי איך. ר׳ איטשע לעוו, כ׳ווייס ניט פאר וועלכע מעשים טובים, האָט מיך שטאַרק מקרב געווען. וואָס מאַכסטו מאָטיע? ווי געהט עס? אָט נעם אַ קלייניגקייט, מיר וועלען זיך אַמאָל אויסרעכענען. — און פלעגט מיר אזוי שטילערהייט אריינשטופען א גמילת־חסד. כ׳האָב גענומען, וויל כ׳האָב זעהר נויטיג געהאַט אַביסעל מזומן און כ׳האָב געוואוסט, אז ר׳ איטשע לעוו גיט עס פון גאַנצען הארצען. ס׳איז אריבער אַ געוויסע צייט, כ׳האָב זיך ארומגעזעהן, אז מיט די גמילת־חסדים׳ס בין איך שוין אריינגעפאָרען אין אַ חוב איבער צוויי הונדערט קאָרבען. שלעכט! מ׳דאַרף באַצאָהלען. צוזאַמענגעקלאַפּט ווי ס׳איז הונדערט קארבען און איך געה אריין צו ר׳ איטשע לעוו. געטראָפען גראָד מינדעל צירעל, אַ טייערע נשמה ווי איר מאָן.

— וואָס מאַכסטו מאָטיע? — אזוי און אזוי, — זאָג איך — געקומען אָפּגעבען אַ חוב.

— האָסט פאַרגעסען, מאַכט זי צו מיר, — אַז ס׳איז פאַר יום־טוב, און פאר יום־טוב דאַרף מען געבען אָבער ניט נעמען. מיין מאַן איז איצט געקומען אויף סוכות פון אויסלאַנד און איז זעהר פארנומען. ווען דו ווילסט אים זעהן, קום בעסער אריין חול המועד.

— גוט!

אריינגעקומען חול המועד. ר׳ איטשע לעוו פאַרבעט מיך צו זיך אין קאַבינעט, הייסט דערלאַנגען וויין, כיבוד. גאַנץ פיין.

איך דערמאָן אים וועגען מיין חוב און לייג אוועק אויפ׳ן טיש מיין הונדערטער.

איך זעה, ר׳ איטשע לעוו האָט זיך פאַרטראַכט און קוקט זעהר שאַרף אויפ׳ן הונדערטער.

— איך וואָלט זיין אַ בעלן וויסען, — זאָגט ער צו מיר — וויפיל פוד וועגט דער הונדערטער. אויף אים ליגען דאָך גאַנצע בערג האָראָוואַניע,

שווייס, דאגות. ווער האָט עס כּוח אויפהויבען אזא משא? שאַר עס אַראָפּ פון טיש, מאָטיע, דו האָסט דאָך אַ פּאָר געזונטע ידים.

— אָבער ר' איטשע, — זאָג איך, — אַ חוב, גמילות־חסדים . . .

— וואָס דרעהסטו מיר אַ קאָפּ מיט גמילות־חסדים! — האָט ער זיך צעבייזערט — ווער? וואָס? ווען? באָבע מעשיות! איך געדענק גאָרניט, און דאָס וואָס מען פאַרגעסט, טאָר מען צוריק ניט נעמען. אַ בפירוש'ער דין אין דער תורה, ס'איז אפילו אַ גרויסע מצוה, „שכחה" הייסט עס, פאַרגעסען. וואָס ווילסטו איך זאָל עובר זיין אויף אַ דין פון דער תורה? מעגסט אויך מקיים זיין די זעלבע מצוה. אזא שעהנע, אזא זעלטענע און אזא גרינגע און פּשוט'ע מצוה. שכחה! פאַרגעסען און אַן עק. שלאָג דיר ארויס פון קאָפּ דאָס וואָס ס'איז געווען; ניט איך האָב געגעבען, ניט דו האָסט גענומען. פאַרגעס, און אַראָפּ פון מאַרק. אָבער איין זאַך זאָלסטו ניט פאַרגעסען. ווען מ'דאַרף אַ גמילות־חסד זאָלסטו געדענקען, אַז אין וואָלקאָוויסק איז דאָ איטשע לעוו.

„אָט אויף אזא אופן, מיט פּסוקים און משלים, האָט ער מיר צעטומעלט דעם קאָפּ און איך בין געבליבען אָהן לשון.

„קיצור הדבר, אַהין אַהער, ר' איטשע לעוו האָט מיר צעדרעהט איבער צוויי הונדערט קאַרבען, און ס'איז פאַרפאַלען עד היום הזה."

— כן ירבו! — האָט נחמן דער אָבער־שאַפאַר אַ זעץ געגעבען מיט'ן פויסט איבער'ן טיש, — אזוינע דרייער, אזוינע שווינדלער זאָל גאָט געבען וואָס מער ביי אידען. פייגע! דער סאַמאָוואַר און דאָס קעסטעלע ציגאַרען פון דער אויבערשטער פּאָליצע! מ'דאַרף מכבד זיין ר' מאָטיע'ן.

# דריי וואָלקאָווויסקער תושבים

## פון הרב אברהם זלמן קורץ, ראָטשעסטער

די שטאָט וואָלקאָוויסק האָט זיך אויסגעצייכענט אויפ'ן געביט פון לימוד התורה. אַ באַדייטענדער טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט געוואוסט, אַז עס איז אַ פליכט „קובע עתים לתורה" צו זיין. מען האָט געלערענט תורה — ווער אליין, און ווער — מיט דער מיטהילף פון אַ רבי'ן. דער ערשטער אידישער קאָאָפּעראַטיוו אין וואָלקאָוויסק איז אייגענטליך געגרינדעט געוואָרען אויפ'ן גייסטיגען געביט, אויפ'ן געביט פון לערנען תורה בציבור. אפילו די געוועהנליכע, פשוט'ע אידען האָבען געהאַט זייער אייגענעם בית־המדרש, דעם בית־המדרש „עין־יעקב", וואו זיי האָבען טאָגטעגליך געלערענט תורה — פאַר'ן זון־אויפגאַנג, און שפּעטער, בין מנחה למעריב. מען האָט געלערענט משניות, חיי־אדם און עין־יעקב. דעריבער האָט וואָלקאָוויסק פאַרמאָגט אַזעלכע פשוט'ע אידען, ווי למשל, מאָשע דער איזוואָשטשיק, וועלכער האָט גוט פאַרשטאַנען אַ פרק משניות און פלעגט קענען פרעגען ביים לערנען אַ האַרבע קשיא, אויף וועלכער דער שיעור־זאָגער פלעגט זיך אָפּטמאָל דאַרפען מאַטערען צו געפינען אַ ענטפער; אָדער דער צדיק אפרים דער סטאָליער, צו וועמען דער שטאָט־דיין, הרב הגאון ר' טוביה ראוויצקי, איז געקומען אַמאָל בעטען אַ ברכה, אַז זיין זוהן זאָל באַפרייט ווערען פון פריזיוו. און עס זיינען געווען אין וואָלקאָוויסק אַ סך אַזעלכע איינפאַכע אידען, אָבער גוטע למדנים, וועלכע האָבען געשטאַמט פון „עמך".

דאַגעגען די מיוחסים פון דעם געמויערטען בית־המדרש אָדער פון דעם הילצערנעם בית־המדרש האָבען זיך שוין ניט פאַרלאָזט אויף די שיעור־זאָגערס. משניות, ש"ס — דאָס איז פאַר זיי געווען בלויז אַ פּת־שחרית. אין די דאָזיגע בתי־מדרשים פלעגט מען לערנען אַלפס און ר"ן — און געלערענט האָבען דאָרט גרויסע תלמידי־חכמים פון יענער צייט, ווי דער אויבענדערמאָנטער דיין הגאון ר' טוביה — אָדער, ווי מען האָט אים גערופען: ר' טעוועלע — וועלכער איז געווען אַ גרויסער בקי און האָט נאָך דערצו פאַרמאָגט אַ שכל־הישר אויף מחדש צו זיין חידושי־תורה, און ר'

יואל עזריאל שישאַצקי, וועגן וועלכען איך וויל זיך דאָ אַביסעל לענגער אָפּשטעלען.

## ר' יואל עזריאל שישאַצקי

הרב ר' יואל עזריאל איז געווען געבענשט מיט צוויי גוטע אייגענשאַפטען: מיט אַ זעלטענעם זכרון און מיט אַ שטאַרקען חשק צום לערנען. עס איז דערפאַר געווען נאַטירליך וואָס ער איז געוואָרען אַ אויסערגעוועהנליכער בקי בש״ס מיט תוספות און מפרשים. ער האָט אַלץ געלערענט און אַלץ געוואוסט. אין צווייפעלדיגע ענינים פלעגט זיך אפילו דער שטאָטישער דיין, הרב ר' טוביה, ווענדען צו הרב יואל עזריאל מיט אָנפראַגען. בלויז איין חסרון האָט ר' יואל עזריאל געהאַט — ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט וועגען זיין אייגענער חשיבות, און דעריבער האָט בלויז אַ באַגרעניצטע צאָל מענשען וועגען אים געוואוסט און אים ריכטיג אָפּגעשאַצט. די מערהייט מענשען האָבען אפילו אים ניט געקענט ביי זיין נאָמען, נאָר בלויז אַלס אפרים הערשעל'ס איידעם, דער מעהל־קרעמער. זיין פרנסה איז טאַקע באַשטאַנען דערפון, און הגם די חכמים האַלטען, אז עס איז פאַראַן אַ שייכות צווישען תורה און קמח, איז עס אָבער ביי אים געווען פונקט דער פאַרקערטער פאַל — ער האָט פאַרמאָגט אַ סך תורה און זעהר ווייניג קמח. כדי צו קויפען מעהל דאַרף מען האָבען געלט, און דער אַרטיקעל איז ביי אים געווען בצמצום. כמעט זיין גאַנץ לעבען איז ער געווען אָנגעוויזען אויף גמילות־חסדים. ווען ער פלעגט באַקומען דעם נויטיגען גמילות־חסד, פלעגט ער עס געבען זיין פרוי, פייגע, כדי זי זאָל געהן אַהיים פון דער קאַלטער קראָם און אָפּקאָכען עפּעס צום עסען. ער אליין פלעגט זיך געפינען ביז די שפּעטע שעה'ן אין הילצערנעם בית־המדרש, פאַרטיפט אין די דיקע ספרים, וואו ער פלעגט געפינען זיין עולם־הזה מיט'ן עולם־הבא.

בלויז אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרען, אונטער דעם איינפלוס פון מיר און נאָך אַ אָנצאָל אָנהענגער, האָט ר' יואל עזריאל דערוואָרבען מער פּאָפּולאַריטעט אין שטאָט און איז אפילו באַקרוינט געוואָרען מיט'ן טיטול „הרב". ער איז איינמאָל באַאיינפלוסט געוואָרען, געגען זיין אייגענעם ווילען, אויפצוטרעטען אויף דער בימה און זאָגען אַ „הדרן", וואָס האָט געדויערט גאַנצע צוויי שעה און האָט זיך אויסגעצייכענט מיט גרויסער בקיאות און מיט חידושים. דאָך איז ער אין אַלגעמיין פאַרבליבען אַ „נסתר".

**
*

## ר׳ משה ציגעלניק

אַ אינטערעסאַנטער טיפּ איז געווען ר׳ משה דער יון, פון דער גראַד־נער גאַס, אָדער ווי מען האָט אים אויך גערופען, ר׳ משה ציגעלניק, ווייל ער האָט זיך באַשעפטיגט מיט אויסאַרבייטען ציגעל. דער צונאָמען „יון״ האָט אים נאָך באַגלייט פון די צייטען ווען ער איז געווען אַ סאָלדאַט.

איך האָב אים צוערשט באַגעגענט אין געמויערטען בית־המדרש, ווען ער איז שוין געווען אַ עלטערער איד. אין בית־המדרש איז ער געווען באַ־קאַנט אַלס אַ בייזער איד, אָבער אין שטאָט איז ער גראָד געווען באקאנט אַלס אַ מענש מיט אַ אויסערגעוועהנליך גוטען כאראקטער. אין בית־המדרש פלעגט ער שטאַרק מקפּיד זיין אויף יעדען איינעם וואָס איז נכשל געוואָרען מיט אַ וואָרט אין חזרת הש״ץ, אָדער ביי קריאת־התורה. דערפאַר פלעגט ער זיך אָבער אויסצייכענען אין טאָג־טעגליכען לעבען מיט זיין גוטסקייט און זיין זאָרג פאַר די אָרימעלייט. ער פלעגט ארומפאָרען מיט זיין וועגעלע פון הויז צו הויז און זאַמלען ברויט און שפּייז פאַר די אָרימעלייט פון שטאָט, איבערהויפּט פאַר די וועלכע האָבען געוואוינט אויף זיין גאַס, וואָס איז געווען דער וואוין־צענטער פון די אָרימעלייט.

אין שטאָט האָט מען ווייניג געוואוסט וועגען זיין פאַרגאַנגענהייט. בשעת זיין קראַנקהייט, פון וועלכער ער איז שפּעטער געשטאָרבען, האָב איך אים אייניגע מאָל באַזוכט און דאַן האָב איך געהאָט די געלעגענהייט זיך צו דער־וויסען וועגען דער מערקווירדיגער געשיכטע פון זיין לעבען, איבערהויפּט פון זיין יוגענד.

ווען ער איז געווען אַ אַכט־יאָריגער אינגעל האָבען אין שטאָט שטאַרק געבושעוועט די „כאַפּערס״. מען פלעגט אַוועקכאַפּען קינדער פון זייערע עלטערען׳ס היימען און זיי פאַרפירען אין ווייטע מקומות, וואו זיי פלעגען דערצויגען ווערען פון יונגוויז אָן אַלס סאָלדאַטען. די „דערציהער״ פלעגען זיך אויך שטאַרק באַמיהען אָפּצו׳שמד׳ען די דאָזיגע קרבנות. דערצו פלעגען זיי זיך באַנוצען מיט די שרעקליכסטע געוואַלט־מיטלען אין באַצוג צו די פאַר׳עקשנ׳טע קינדער, וועלכע האָבען פרייוויליג זיך ניט געוואָלט אונטער־געבען. ר׳ משה ציגעלניק, וועלכער איז געווען איינער פון די אַוועקגע־כאַפּטע יונגע קרבנות, האָט געהערט צו די דאָזיגע פאַר׳עקשנ׳טע אינגלעך, און ער האָט דעריבער געמוזט דורכגעהן שבעה מדורי גיהנום אין זיין קאַמף געגען שמד. איינמאָל, האָט ער דערצעהלט, איז ער אריינגעפירט געוואָרען אין אַ הייסער באָד, וואו די היץ איז געווען מורא׳דיג. מען האָט אים גע־טריבען מיט שמיץ ביז דער סאַמע העכסטער באַנק, וואו עס איז ממש געווען אומדערטרעגליך הייס, כדי אויף אים אויסצואווירקען אָנצונעמען

דעם שמד. בלויז אַ צושטימונג פון זיין זייט אָנצונעמען דעם שמד וואָלט אים דאַן באַפרייט פון די שרעקליכע יסורים. דאָך האָט ר׳ משה ציגעלניק אויסגעהאַלטען דעם נסיון און ניט אָנגענומען דעם שמד. איינמאָל — האָט ר׳ משה ציגעלניק פאַרגעזעצט זיין דערצעהלונג — האָבען די שרעקליכע יסורים אזוי געווירקט אויף אים, אַז פאַר אַ מאָמענט האָט ער צו זיך גע־זאָגט, אז אויב ער וועט נאָך אַמאָל אַזוי געפּייניגט ווערען, וועט ער זיך אונ־טערגעבען. אַ ווײַלע שפּעטער, האָט ער זיך אָבער באַטראַכט, אז בלויז אַזאַ געדאַנק אליין איז שוין א שרעקליכע עבירה, און ער האָט זיך גענומען קלאַפּען זיין קאָפּ אין דער וואַנט: ניין! טויזענט מאָל ניין! אָבער, צו זיין גליק, איז דאָס געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס ער איז דורכגעגאַנגען די שרעקליכע עינויים. פון דאַן אָן האָט מען אים שוין אָפּגעלאָזט און מער ניט געפּייניגט, אז ער זאָל אָננעמען דעם שמד.

מיט יאָרען שפּעטער, אין עלטער פון 18 יאָר, איז ער מגולגל געוואָרען אַלס סאָלדאַט קיין ווילנע. ביי דער ערשטער געלעגענהייט איז ער אריין אין איינער פון די דאָרטיגע שוהלען, און ווען ער האָט געעפענט אַ סידור, האָט ער ניט געוואוסט ווי מען לייענט אין אים: פון רעכטס צו לינקס, אָדער, פאַרקערט. ער האָט זיך דאַן גענומען מיט חשק צום לימוד התורה.

נאָך זיין טויט האָט ער געקראָגען אַ שעהנע לויה און מען האָט גע־מאַכט נאָך אים אַ הספד, אין וועלכען מען האָט באַטאָנט זיין מאַרטירער־שאַפט פאר דער אידישער אמונה.

## ר׳ אהרן לייב פרידענבערג (לייב אָרע דער מלמד)

רי אהרן לייב פרידענבערג איז געווען מער באַקאַנט אין שטאָט אונ־טער׳ן נאָמען רי לייב אָרע דער מלמד. ר׳ לייב אָרע האָט געלעבט ווי אַ צדיק. אַלע שיכטען פון דער אידישער באַפעלקערונג האָבען אים הויך גע־שעצט און רעספּעקטירט, ווייל ער איז געווען אַ מענש פון לויטער אמת און האָט באַזיצט גרויסע מידות טובות.

ער איז געווען אַ מענש מיט אַ אונטערנעמונגס־קראַפט, הגם אין אַ קליינער מאָס. אין זיינע יונגע יאָרען האָט ער געאַרבייט ביי לעדער־אויס־ארבייטונג. אין די ערשטע יאָרען פון דעם ערשטען וועלט־קריג, בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען עס איז געווען שווער צו באַקומען מעהל־פּראָדוקטען, האָט ר׳ לייב אָרע ביי זיך אין הויז איינגעשטעלט אַ קליין מיל־כעל פון צוויי שטיינער, וואָס ער האָט אליין געדרעהט מיט די הענט ביז ער האָט באַקומען אַביסעל מעהל. ווען עס איז ניט געווען קיין זייף אין שטאָט, האָט ער אליין פּראָדוצירט זייף, וואָס איז ארויסגעקומען האַרט ווי

אַ שטיין. די הויפּטזאַך אָבער איז געווען זיין שאַפונגס־קראַפט. אַט די אַלע געשעפטען האָבען אים צו קיין גליקען ניט געפירט, און ער האָט זיך געווענדעט צו מלמדות. ער האָט געעפענט אַ חדר, וואו ער האָט געלערענט מיט די קינדער תנ"ך, און התחלת גמרא. אין משך פון אַ קורצער צייט האָט ער זיך דערוואָרבען אַ זעהר גוטען נאָמען אַלס מלמד. זיין סיסטעם פון לערנען איז געווען אַ גאַר אַנדערער ווי דער אָנגענומענער, ווייל ער האָט געהאַט אַן אַנדער צוגאנג צום פּראָבלעם פון דערציהונג פון יונגען דור. צום אַלעם ערשטען, האָט ער געַ'טענה'ט, דאַרף דאָס קינד אויס־וואַקסען אַ מענש מיט גוטע מידות, עס דאַרף וויסען ווי צו רעדען צווישען מענשען, ווי צו רעספּעקטירען די עלטערען, און ווי זיך צו באַנעמען בכלל. דעריבער האָט ר' לייב אָרע די ערשטע צייט אין חדר געווידמעט הויפּט־זעכליך דער תורה פון גוטע מידות, ווי צו באַנעמען זיך ביים טיש א. אַז. וו. ביי אים אין חדר האָבען די קינדער געלערענט אַ גאַנצען טאָג. דעם מיטאָג האָט מען זיי געמוזט ברענגען אין חדר־אריין, כדי ר' לייב אָרע זאָל אליין קענען משגיח זיין אויף דעם, אז זיינע שיעורים אין הלכות עסען זאָלען ווירק־ליך פּראַקטיצירט ווערען. ער פלעגט זיך אפילו דערמיט ניט באַגנוגענען און פלעגט יעדען שבת בייטאָג, נאָכ'ן דאַווגען, באַזוכען אַ אנדער תלמיד אין הויז און צוזעהן מיט זיינע אייגענע אויגען, ווי זיין תלמיד פירט זיך אויף ביים טיש, ווי ער רעדט צו די שטוביגע און ווי ער עסט. אויסער דעם, פלעגט זיך ר' לייב אָרע פיל אָפּגעבען מיט דעם שטודירען פון יעדען תלמיד'ס כאַראַקטער און צום שלוס פלעגט ער ארויסזאָגען זיין מיינונג וועגען דעם צו וואָס פאַר אַ מלאכה אָדער פּראָפעסיע יעדער איינער פון זיי איז אַם־בעסטען צוגעפּאַסט, ווי אויך וועגען זיין צוקונפטיגען ערפאָלג אין לעבען. זיינע פאָראויסזאָגונגען האָבען זיך שפּעטער אַרויסגעצייגט צו זיין ריכטיג.

ר' לייב אָרע איז אויך געווען דער איינציגער מלמד אין זיין צייט, וועלכער האָט ניט געשלאָגען זיינע תלמידים. די העכסטע שטראָף פלעגט ביי אים זיין אַ קלאַפּ צו טאָן מיט דער „לינייקע" איבער דער האַנט. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און פלעגט לערנען מיט געשמאַק און פאַר־שטאַנד, תמיד אונטערשטרייכענדיג די באַציהונגען בין אדם לחברו.

ער איז קיינמאָל ניט געווען דערפאָלגרייך וואָס אַנבאַלאַנגט פּרנסה טראָץ זיין גרויסער פּאָפּולאַריטעט אַלס מלמד, אָבער וואָס אַנבאַלאַנגט צדקה פלעגט ער תמיד זיין פון די ערשטע מנדב צו זיין. צוליב זיין אָרימקייט פלעגט מען צו אים ניט קומען נאָך אַ נדבה. ער האָט אָבער געהאַט אַ חזקה, און תיכף נאָך סוכות פלעגט ער אליין קומען צו די גבאים מיט זיינע ברייט־האַרציגע נדבות פאַר מלביש־ערומים, מושב־זקנים און אַנדערע אַנשטאַלטען.

# זאַמאָשטשע

## פון וועלוועל קרינסקי, אַרגענטינע

געווידמעט אַלע מאַרטירער פון מיין גאַס און פון מיין חרוב׳ער
געבורטס־שטאָט וואָלקאָוויסק.

זאמאָשטשע האָט זיך גערעכענט ווי אַ באַזונדערער טייל פון שטאָט, ווי להבדיל ברוקלין פון ניו־יאָרק. דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס קיין ברוק־לין דאַרף מען אַריבערגעהן נאָר איין בריק, איבער׳ן איסט־ריווער, און צו זאַמאָשטשע האָט מען געדאַרפט אַריבערגעהן גאַנצע צוויי בריקען: איינער איבער אַ שטעהענדיגען וואַסער און אַ צווייטער איבער דעם טייכעל „וואָל־קאָוויא״ . . . און אויב אונזערע בריקען זיינען ניט געבויט געוואָרען, אַז זיי זאָלען זיך קענען אויפהויבען, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל קיין שיפען פלעגען דורך זיי ניט דאַרפען דורכפאָרען . . . זאמאָשטשע איז געווען אין איין עק פון שטאָט, פונקט ווי „קארטשיזנע״ איז געווען אין דעם צווייטען עק . . . און ווען מען פלעגט ווען מעסטען די ווייטקייט, פלעגט מען זאָגען: „פאָלג מיך אַ גאַנג פון זאַמאָשטשע ביז קאַרטשיזנע״ . . .

זאמאָשטשע איז געווען ווי אַ באַזונדערע רעפובליק — מיט אן אייגע־נעם בית־המדרש, מיט אַ באַזונדערען אייגענאַרטיגען לעבען. דאָס איז געווען אַ לאַנגע גאַס מיט עטליכע זייטיגע געסלעך, אַרומגערינגעלט מיט זומפען פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט — מיט דער באַן־ליניע. פלעגט טאַקע דערפאַר די הויפט־גאַס הייסען ביי די רוסען „וואָקזאַלנאַיאַ״, ביי די דייטשען (אין 1915) „באַנהאָף״־שטראַסע, און „קאָלעיאָווא״ — ביי די פאָליאַקען. אָנגעהויבען האָט זיך זאמאָשטשע ביים ערשטען בריק (געהענדיג פון שטאָט, נאַטירליך). צווישען ביידע בריקען זיינען געשטאַנען פון איין זייט די קוזשניע פון יאַנקעל דעם שמיד — אַ איד מיט אַ צעפּאַטעלטער באָרד, וואָס אפילו אין די יום־טוב׳דיגע טעג פלעגט ער זיך ניט קענען דערוואַשען פון דער סאַזשע אין קוזשניע, — און פון דער צווייטער זייט (לינקס) איז געשטאַנען טעווקעס קוזשניע, וואָס איז געווען אַ שם־דבר, אַ קוזשניע וואָס אַ ליאַדע ווינט פלעגט זי איינוואַרפען און יעדע פאַרפלייצונג האָט זי אַראָפּגעשווענקט . . . טעווקע אַליין איז געווען אַ קליין דאַר אידעל מיט אַ קורץ בערדעל. ווען ער פלעגט אין כעס ווערען, האָט מען געקענט מיינען, אז ער געהט חרוב




די באַן (קאָלעיאָווע) גאַס אויף זאַמאָשטשע

מאַכען די וועלט, נאָר עס פלעגט אַזעלכעס ניט געשעהן. ער פלעגט האָרעווען אין זיין קוזשניע יומם ולילה מיט זיין טעוועליכע, וועלכע פלעגט אים אַרויס־העלפען ביי דער שווערער ארבייט.

נאָך דעם צווייטען בריק האָבען זיך געצויגען זומפען פוןביידע זייטען גאַס, באַוואָקסען מיט לאַנגע גראָזען, מיט אַהיר, ווי מ׳פלעגט עס רופען, וואָס מיר פלעגען געהן רייסען צו באַפּוצען די שטוב לכבוד שבועות . . . אַ פּאָר מאָל אין יאָר פלעגען קומען די גויים, די מעשטשאַנעס, קאָסען דאָס גראָז. זיי פלעגען שטעהן ביז׳ן גאַרטעל אין זומפּ; אזוי טיף איז דאָרט געווען . . . נאָך די בלאָטעס איז געשטאַנען אונזער שטוב. פון דער גאַס האָט מען געזעהן אַ לאַנגען פּארקאַן, אינמיטען אַ קרעמעל און דערנאָך אַ גרויסען גאָרטען, וואו מ׳פלעגט זומער פאַרזייען רעטעכלעך און אוגערקעס. אריינ־קומענדיג אויפ׳ן צווייטען זייט פּאַרקאַן, האָט מען געקענט זעהן אַ נידעריג שטיבעל, די פענסטערלעך שוין באַלד ביי דער ערד, דער דאַך מיט אַ סך לעכער און פון די ווענט האָט געגאָסען. מען האָט דאָך געמוזט וואוינען דאָרט, אַ ברירה האָט מען געהאַט? . . . דער טאַטע איז כל ימיו געווען אַ

קבצן אין זיבען פּאָלעס, קיינמאָל קיין פּרנסה ניט געהאַט, ער פלעגט שטענדיג אַרומלויפען לייהען ערגעץ אַ גמילות־חסד, און גאָר אָפט האָט ער אפילו ניט געהאַט דעם זעקסער צו געבען מיר אין חדר אריין אויף אַ גאַנצען טאָג לעבען . . . ער האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט אַרויסרייסען פון זיין שלים־מזל. אַמאָל, גאָר אַמאָל, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, האָט ער זיך זאָגאָר אַריבערגעכאַפּט אַזש קיין אָדעס זוכען גליק, איבערלאָזענדיג די פאַמיליע אָהן פּרנסה. נאָר אין אַ צייט אַרום איז ער צוריקגעקומען נאָך מער דערשלאָגען, נאָך אָרימער.

גלייך נאָך זיין חתונה איז דער טאַטע געוואָרען אַ דרדקי־מלמד. ווי דורך אַ חלום געדענק איך אַ גרויסען צימער מיט אַ סך בענק, וואו עס פלעגען זיך אויסזעצען אַ וועלט מיט קינדער. געווען זיינען זיי פון גאַנץ זאמאָשטשע, מיידלעך מיט אינגלעך צוזאַמען. צווישען זיי זיינען געווען רייכע און אָרימע. אפילו די גבירים, די בלאָכ׳ס, פלעגען צו איהם שיקען זייערע קינדער — סיאָמע גאלין, דוואָרעצקי און אַנדערע. אלע פלעגען זיצען און לערנען דעם קמץ־אלף — אָ . . . און דערנאָך שעפּטשען די „עברי״. אפילו שפּעטער, ווען ער האָט פאַרביטען דעם חדר אויף אַ קרעמעל פון טעפּ, פלעגען נאָך יעדען שבת קומען לערנען „עברי״ גרויסע מיידלעך, וואָס פלעגען שוין לערנען אין גימנאַזיע, מיידלעך פון רייכע פאַמיליעס, ווי די טאַרמאַ׳ס און חנה דיטקאָווסקי, מיט וועלכער איך בין געפאָרען אין דער זעל־בער באַן קיין רוסלאַנד אין 1920. זיי פלעגען קומען יעדען שבת, אָפּזאָגען אַ שטיק עברי אין סידור און אַוועקגעהן. דאַן האָט יעדער איד געהאַלטען פאַר זיין חוב, אז אפילו זיינע טעכטער זאָלען קענען דאַוונען.

די מאַמע איז געווען אַן איינפאַכע, שטילע אידענע, מיט קיינעם קיין געשעפטען ניט געהאט. ניט געטשעפּעט אפילו אַ פליג אויף דער וואַנט, דערפאַר אָבער האָט זי געפירט אַ ביטערע מלחמה מיט׳ן דלות . . . איבער־הויפּט פלעגט זיין דער קאַמף פאַרביסען ערב־שבת, ערב יום־טוב און באַ־זונדערס ערב־פסח . . . אין שוהל פלעגט זי זיך בלויז אויסוויינען יום־כפור צו הזכרת־נשמות.

אַנטקעגען אונז האָבען געוואוינט די רוטשיקס — פייגעל באַשקעס מיט דער פאַמיליע. זי איז געווען אַן אשת־חיל, וואָס האָט אויף זיך גענומען דעם יאָך פון פּרנסה, האָדעווען די קינדער און מאַכען זיי פאַר לייט. די קינדער אירע האָט זי געהאַלטען אַרום זיך ווי אַ קוואָקע, און האָט אין דער ניי־אויפגעבויטער שטוב יעדען איינעם פון זיי באַזאָרגט מיט אַ דירה. דערצו האָט נאָך פייגעל באַשקעס געהאַט פיל פעהיגקייטען: זי האָט געקענט שטעלען באַנקעס און בכלל היילען אלערליי קראַנקהייטען. אַז עמיצען פלעגט



די באַן (קאַלעיאָווע) גאַס אויף זאַמאָשטשע
(געהענדיג פון וואָקזאַל אין שטאָט)

ניט גוט ווערען, פלעגט מען גלייך זאָגען: „מ'דאַרף אריינרופען פייגעל באַשקעס". אָט די מערקווירדיגע פרוי האָט צו זיבעציג יאָר אָנגעהויבען דרוקען לידער אויף אידיש (איינער פון אירע זיהן, ראובן רוטשיק, איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „וואָלקאָוויסקער לעבען").

ווייטער אין דער הויפּט־גאַס האָבען געוואוינט כמעט דורכאויס אידען, וואו־ניט־וואו פלעגט זיין אַ גוי'אישע שטוב. דערפאַר אָבער, אין די זייטיגע גאַסען פלעגען שוין וואוינען דורכאויס קריסטען. דאָרט האָט מען שוין זעלטען געקענט געפינען אַ אידיש הויז. אידען האָבען דאָרט מערסטענס געלעבט פון קליינעם מסחר, געהאַט קרעמלעך, און אויך אין אַ געוויסער מאָס געצויגען זייער חיונה פון דער באַן. עס האָבען אין יענער געגענד גע־וואוינט בעלי־מלאכות, אייניגע פּאָדריאַדטשיקעס ביי דער רעגירונג, ווי די פאַמיליעס הערשעל בערג און לייב קלמן דיטקאָווסקי. צווישען די קראָמען זיינען געווען משהיקע וועלוועלים שענק, די בעקערייען פון יצחק דרעט־טשינסקי און ראכע סעגאל, די יאַטקע פון חנה רחל דער קצב'טע און די מילך־קראָם פון אהרעלע.

דאָס לעבען איז אָנגעגאַנגען ווי אין אַלע אידישע שטעטלעך. דער הויפּט־צענטער איז געווען אַרום דעם זאַמאָשטשער בית־המדרש.

## דער אַלטער זאַמאָשטשער בית־המדרש

דער בית־המדרש איז בלויז געווען אַ פּאָר הייזער פון אונזער שטוב. נאָך מיין אַוועקפאָרען האָט מען אויסגעבויט אויפ'ן הויף אַ נייעם געמויערטען בית־המדרש, נאָר אין מיינע צייטען איז נאָך געשטאַנען דער אַלטער בית־המדרש, אַ הילצערנע געביידע, מיט אַן אויבער־שטיבעל פאַר פרויען. מ'פלעגט אַהין דאַרפען ארויפגעהן אויף אַ בריקעל עטליכע טרעפּ. קליינערהייט פלעגען מיר זיך געבנוג שרעקען פאר'ן בריקעל, מ'האָט אונז אָנגעשראָקען, אַז דאָרט אונטער'ן בריק באַהאַלטען זיך אויס שדים, וועלכע קענען ניט אַריינגעהן אין בית־המדרש צוליב דער מזוזה . . .

אריינגעהענדיג אין בית־המדרש, איז פון דער רעכטער זייט געווען „דאָס שטיבעל", וואו מען פלעגט מאַכען אַמאָל נאָך אַ מנין, וואו מ'פלעגט זיך אריינכאַפּען רויכערען אין די יום־טוב טעג, וואו מ'פלעגט שמחת־תורה אויך לייענען די תורה, כדי צו קענען וואָס גיכער אַלעמען אויפרופען צו דער תורה ווי עס איז דער מנהג שמחת־תורה, און אויך וואו מ'פלעגט זיך אריינכאַפּען אַ שמועס־טאָן צו קריאת־התורה . . . לינקס, איז געווען דער בית־המדרש אליין. ביים אַריינגאַנג איז געהאַנגען אַ קופערנער כיור, מיט אַ שעהן ביסעל גרינע פלעקען וואָס האָבען זיך אויף אים אָנגעקליבען אין משך פון זיין לאַנג־יאָריגער עקזיסטענץ . . . איבער אים זיינען געווען פּאָליצעס ספרים. דאָרטען פלעגען די באַזוכער געפינען דעם רמב"ם, דעם אלפס, דעם משנה ברורה און נאָך אנדערע ספרים. נאָך דעם גרויסען קאַכ־לאָווען אויוועון אויף רעכטס, זיינען געשטאַנען נאָך עטליכע אלמערס אָנגע־פּאַקט מיט ספרים. דאָ זיינען שוין געשטאַנען די ש"ס'ן, אַ פּאָר פון די אַלטע און אַ שפּאָגעל נייער ווילנער ש"ס. יעדער גמרא־לערנער האָט געזוכט צו פאַרכאפּען וואָס פריהער דווקא א גמרא פון דעם ווילנער ש"ס צום לערנען. אינמיטען בית־המדרש איז געשטאַנען אַ גרויסע, קיילעכדיגע בימה (בעלעמער), אויף וועלכער מ'פלעגט ארויפגעהן אויף טרעפּלעך פון ביידע זייטען. די „גניזה" אונטער דער בימה, איז געווען אָנגעפּאַקט מיט שמות. ניט איינמאָל פלעג איך נישטערען דאָרטען און אויסזוכען בלעטער פון זעל־טענע ספרים און אַמאָל אויך טיילען פון ספרים חיצונים . . . נאָר דער שמש פלעגט ניט לאָזען זיך ראָיען ווייט . . . אין מזרח איז געשטאַנען אַן איינפאַכער ארון־קודש מיט אַן עמוד ביי דער זייט און מיט די געהעריגע אויפשריפטען. אויף דעם עמוד איז שטענדיג געלעגען דער גרויסער „כל־בו"




אַ בילד פון זאַמאָשטשע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה

סידור. ביי דער מזרח־וואַנט מיט די ביידע זייטיגע ווענט זיינען געווען אויסגעשטעלט ברייטע בענק מיט „שטעט", געקויפטע אָדער גע'ירש'ענטע, מיט קעסטלעך אונטער'ן זיץ־פּלאַץ וואו מ'פלעגט באַהאַלטען דעם טלית, ספר און אַ ליכט צום לערנען אין די אָווענטען. אנדערע פלעגען האַלטען פאַרשלאָסען די קעסטלעך. לעבען יעדער „שטאָט" איז געווען אַ שטענדער, וועלכער פלעגט אונז, ווייסע חברה'ניקעס, גוט צונוץ קומען. מיר פלעגען זיי אויפשטעלען אין איין רייהע איינעם הינטער'ן אַנדערען און דאַן אומ־וואַרפען דעם ערשטען און אַנקוועלען, ווען אלע שטענדערס פלעגען פאַלען איינער נאָכ'ן אַנדערען . . . מיר פלעגען אָבער גוט „אַריינכאַפּען", ווען דער שמש פלעגט אונז פּאַקען ביי אונזערע „מעשים".

דעם מזרח האָבען פאַרנומען די לומדים, די חברה משניות אידען און סתם רייכערע מענשען. אויך די מיטעלע און זייטיגע בענק זיינען גע־ווען פאַרנומען אויף אַזאַ אופן. נאָר וואָס ווייטער צו מערב־זייט פלעגען די „שטעט" זיין פאַרנומען אויך מיט בעלי־מלאכות. ביי דער מערב־וואַנט, לעבען די ביידע גרויסע קאַכלאָווע אויוועס, פלעגען שטעהן צוויי גרויסע טישען מיט פּראָסטע בענק אַרום זיי. דאָרט פלעגט שוין זיצען ווער עס וויל און ווער עס פלעגט קומען פריהער. ווינטער־צייט, ווען אינ־דרויסען פלעגט קנאַקען דער פראָסט און די אויוועס זיינען געווען גוט אָנגעהייצט, פלעגען זיך די מזרח־מענשען אויך אַראָפּכאַפּען צום אויוועז... פאַרשטעהט זיך, אַז ס'איז געווען „כל הקודם זכה" . . . אין בית־המדרש

פלעגען קיינמאָל ניט אויספעלעלן קיין אורחים, אָרימעלייט, וועלכע פלעגען געהן איבער די הייזער און שלאָפן אין בית־המדרש. ס'פלעגט קיינמאָל ניט פעלען קיין „פרוש", וועלכער פלעגט זיצען שטענדיג און לערנען, נאַטירליך אויך שלאָפען דאָרטען ביים אויוועז. געוועהנליך פלעגט זיך דער פרוש יאָווען אין בית־המדרש אומגעריכט. אין אַ שעהנעם טאָג פלעגט זיך באַווייזען אַ בחור מיט אַ שפּראָץ בערדעל און אמאָל אַן עלטערער אויך. ער פלעגט זיך זעצען ביים טיש און נעמען לערנען. קיינער האָט אים ניט געפרעגט ווער ער איז און פונוואַנען ער איז, און אויף קיין פּאַספּאָרט אַוודאי ניט . . . מ'האָט אים געלאָזען רוהיג לערנען און שלאָפען ביים אויוועז, און מ'האָט געזעהן אים צו געבען אַביסעל שפּייז אויך. די שכנ'ישע פרויען פלעגען אים צושיקען יעדען אָוונט אַביסעל געקעכץ, און יעדען פרייטאָג פלעגט מען זיך אַדורכגעהן איבער זאַמאָשטשע „מאַכען פאַר'ן פרוש". מערסטענטייל איז דאָס געווען מיין אַרבייט צו געהן מיט יאָסעל פּינעסיען (היינט אין ארץ ישראל). מיר פלעגען האָבען אַ באַזונדער ביכעל מיט אַ רשימה און מיר פלעגען ניט דורכלאָזען קיין איינציגע אידישע שטוב. יעדער פלעגט עפּעס געבען, ווער אַ קאָפּיקע, ווער אַ זעקסער, און אַנדערע זאָגאַר אַ גאַנצען צעהנער . . . מ'פלגט צונויפמאַכען אמאָל אַ היבשע סומע, אמאָל כמעט צוויי רובעל . . . מיר פלעגען דאָס גלייך איבערגעבען דעם פּרוש, וועלכער פלעגט זיך אַביסעל קרימען: „עפּעס אַזוי ווייניג". מיר זיינען נאָך דאַן צו יונג געווען אריינצוטראַכטען זיך אין דעם וואָס עס קומט פאַר אינ'ם האַרצען פונ'ם פּרוש, וואָס פאַר אַ חשבונות ער פלעגט דאַן מאַכען. אפשר פלעגט ער טראַכטען ווי צו קענען אויסהאלטען זיין ערגעץ־געלאָזענע פאַמיליע מיט אזא סומע . . .

פון צייט צו צייט פלעגט זיך אַראָפּכאַפּען אַ מגיד אין בית־המדרש. אַ געוועהנליכער, „פּעכאָטנער" מגיד פלעגט אַ פּאַטש טאָן אין אַ פּשוט'ען וואָכענטאָג אויף אַ שטענדער ביים ארון־קודש און אויסרופען: „שטיל זאָל זיין, אַ מגיד איז דאָ". אַזאַ איינער איז געווען אַ קליינער למדן. ער פלעגט זיך טשעפּען צו אַ פּסוק פון תהילים, צו א ווערטעל פון קהלת. און דער עיקר האָט פון אים ארויסגעשריהען די אָרימקייט, די הונגעריגע פאַמיליע, וואָס ער האָט ערגעץ איבערגעלאָזען .. . נאָך מעריב פלעגט ער זיך שטעלען ביים אריינגאַנג מיט אַ שיסעלע, מיט א ליכטעל אָן דער זייט, און די ארויסגעהענדע מתפּללים פלעגען דאָרטען אריינוואַרפען אַ קופּערנע מטבע. קיין גרויסען „פאַרמעגען" פלעגט ער דערביי ניט מאַכען. אַ גרעסערער מגיד פלעגט שוין קומען האלטען אַ דרשה אויף שבת, און פרייטאָג־צו־נאַכטס פלעגען שוין די מתפּללים לייענען אויף דער טיר פון בית־המדרש דעם באַ־

קאַנטען נוסח: „. . . אי״ה מחר, שבת . . . וועט דרש'נען דער באַרימטער מגיד . . . מעניני דיומא״ . . . צו אַזאַ מגיד פלעגט זיך שוין דער עולם גרייטען. מ'פלעגט אויפשטעהן אַביסעל פריהער ווי געוועהנליך פונ'ם שבת'־דיגען נאָכמיטאָג־דרעמעל און לויפען הערען דעם מגיד. אזא מגיד פלעגט שוין זיין אַ גרעסערער למדן. אין זיין דרשה פלעגט ער זיך שוין טשעפּען צו אַ סוגיא פון תלמוד, זיך אָפּשטעלען אויף שווערע פלעצער אין דער גמרא און זיי פאַרענטפערען מיט אַ פילפול. קיין קערה ביי דער טיר פלעגט מען נאַטירליך ניט שטעלען, נאָר אויף מאָרגען פלעגען זיך לאָזען אַ פּאָר בעלי־בתים, צוזאַמען מיט'ן מגיד, איבער זאַמאָשטשע צו זאַמלען אַביסעל געלט פאַר אים . . . די באַרימטע וועלט־מגידים פלעגען אין אונזער בית־המדרש ניט קומען. ווען דער באַוואוסטער מגיד ראַפּאָפּאָרט פלעגט קומען אין אונזער שטאָט, פלעגט ער האַלטען דרשות נאָר אין „מויער״־בית־המדרש, דעם גרעסטען נאָך דער שוהל. אַזאַ מגיד פלעגט מען אַלץ־איינס קומען הערען פון אלע עקען שטאָט, אפילו מיידלעך גימנאזיסטקעס . . . אויך דער קאַ־פוליער משולח פון דער ישיבה „מאה שערים״ אין ארץ־ישראל פלעגט רעדען אין גרויסען בית־המדרש. זיינע דרשות זיינען געווען תלמוד'ישע, און נאָר לומדים פלעגען אים געהן הערען. צו אונז קיין זאמאָשטשע פלעגען אַזעלכע ניט קומען . . .

אין די וואָכעדיגע טעג פלעגען דאַוונען אַ סך מנינים, די בעלי־מלאכות פלעגען אָפּדאַוונען פריהער. די רייכערע בעלי־בתים פלעגען זיך ניט יאָגען, זיי פלעגען דאַוונען מיט'ן לעצטען מנין, און נאָכדעם ערשט אָפּלערנען אַ בלאַט גמרא אָדער אַ פּרק משניות. בין מנחה למעריב פלעגט אמאָל דער אַלטער ר׳ נתן לערנען מיט'ן עולם אַ שטיקעל „חיי אדם״, אָדער „עין יעקב״

פרייטאָג־צו־נאַכטס פלעגט זיין דער בית־המדרש איבערגעפּאַקט. עס פלעגען תמיד אויך זיין פילע אורחים, אָרימע־לייט, פון די אַרומיגע שטעטלעך, וועלכע מען פלעגט שטענדיג באַזאָרגען מיט עסען און שלאָפען אויף שבת (אַ סך פלעגט זיך אָפּגעבען מיט דעם מיין טאַטע). שבת פלעגען אַ טייל דאַוונען דעם ערשטען מנין, גאָר באַגינען; דער צווייטער מנין פלעגט דאַוונען נאָכדעם. מ'פלעגט דאַן זעהן איבער די גאַסען פון שטאָט מאַסען אידען אַרויסקומענדיג פון דאַוונען מיט די טליתים אונטער זייערע אָרעמס. אויף אלעמענ'ס פּנימ'ער איז געווען אויסגעגאָסען אַ הייליגקייט, אַ נשמה־יתירה'דיגקייט . . . גאַנץ אָפט פלעגען זיך פאַרמירען גרופּען צו געהן ערגעץ־וואו אויף לעקאַך־און־בראָנפען צוליב אַ בר־מצוה, אָדער אַ ברית־מילה. די דאָזיגע פייערונגען פלעגען ניט געפּראַוועט ווערען אין שוהל, ווייל אונזערע מתפללים זיינען געווען מתנגדים. פאַר מנחה פלעגען זיך אידען

קלייבען אין בית־המדרש — ווער כדי צו לערנען אַ פּרק משניות און ווער צו כאַפּען אַ שמועס, אַ רעד־טאָן אַביסעל וועגען וועלט־פּאָליטיק און וועגען אידישע ענינים. שמואל דער שניידער, אַ פּשוט׳ער איד מיט א גרויסער באָרד און מיט הויכע שטיוועל, פלעגט שבת פארנאכט צונויפקלייבען אַ כאַפּטע קינדער, קליינע און גרויסע, און זאָגען מיט זיי תהילים, אויסזינגענ־דיג דעם לעצטען קאַפּיטעל מיט אַ באַזונדער האַרציגען ניגון.

נאָך שלוש־סעודות איז מען ווידער געגאַנגען אין בית־המדרש צו „כאַפּען" אַ קאַפּיטעל תהילים ביז מעריב. איינציגווייז איז מען זיך דאַן צעגאַנגען אַ היים. עס איז ניט געווען נאָך וואָס זיך צו איילען. אין דער היים פלעגט מען דאַן מאַכען הבדלה, אויסזינגען דעם „ויתן לך", און די נייע וואָך האָט זיך ווידער אָנגעהויבען מיט די טאָג־טעגליכע זאָרגען, מיט דאגת־פּרנסה.

**
*

די קינדער און די יוגענד האָבען נאַטירליך געהאַט אַן אַנדער פּראָ־גראַם פאַר׳ן שבת׳דיגען טאָג. די ווייסע־חברה׳ניקעס פלעגען אָפּט פירען מלחמות — זאַמאָשטשע מיט גראָדנער גאַס, אַמאָל אויך מיט דער ווייטער כאַ־לאַדאָיסקער גאַס, און מיט דעם נייעם געסעל. אין די זומערדיגע שבתים פלע־גען די זאמאָשטשער איינוואוינער (און אויך אַ סך שטאָטישע) זיך לאָזען צום „כמיזשניק" (יונג וועלדעל). מען פלעגט אַדורכקרייצען די באַן־ליניעס און מ׳פלעגט שוין זיין דאָרטען אין וועלדעל. דאָרט פלעגט זיך ערשט אָנהויבען אַ לעבען. די קולות פון די קינדער האָבען זיך געטראָגען ווייט אַרום. די גרעסערע בחורים פלעגען שוין ארומשפּאַצירען מיט מיידלעך, פאַרגעהן אַזש ביז׳ן „נאַסיפּ". אַנדערע האָבען געהאַט זייערע געזעלשאַפטליכע טעטיג־קייטען, פאַרוויילונגען א. אַז. וו.

## די ימים נוראים

אין בית־המדרש פלעגט מען שטענדיג דערקענען וואו מ׳האַלט ערגעץ אין לוח. ווען די אלול׳דיגע ווינטען האָבען אַ בלאָז געטאָן, האָט מען עס באַלד דערפילט אין בית־המדרש. אידען פלעגען אָפטער זאָגען תהילים. די דערנעהענטערונג צו די ימים־נוראים פלעגט זיך נאָך מער לאָזען פילען. מען פלעגט אָפּט אויספּרובירען דעם שופר. מיר, קינדער, פלעגען זיך צום שופר צוכאַפּען, ווען מיר האָבען נאָר געקענט לייגען אַ האַנט אויף אים. מען פלעגט זיך אָנבלאָזען ווי אַ פּענכער און דאָך ניט קענען אַרויסגעבען קיין לייטישען קול־תרועה . . . אָבער דער שמש האָט אונז ניט געלאָזען פּראַקטיצירען. אַ וואָך פאַר ראש־השנה פלעגט שוין דער שמש געהן וועקען צו סליחות. מ׳פלעגט האַלטען אין בעסטען שלאָף און פלוצלינג טאַק־טאַק־

טאָק אין לאָדען און דער שמש פלעגט אויסרופען: „שטעהט־אויף, שטעהט־אויף צו סליחות!" קיין ברירה איז ניט געווען. מיט פאַרשלאָפענע אויגען און ציטערענדיג פון דער פריהמאָרגען קעלט, פלעגט מען לויפען „לעבודת הבורא" . . .

ראש השנה האָט מען זיך ערשט גענומען צום דאַווענען און תשובה טאָן. מען האָט געפילט, אז דאָס זיינען ימים־נוראים. צו תשליך האָט מען דער־פאַר ניט גערדאַרפט געהן זעהר ווייט. דאָס טייכעל איז דאָך געווען אַ טריט פון אונז. קליינערהייט פלעגען מיר זיך גוט צוקוקען צום טייכעל, צי עס ווערט ניט פולער פון די פילע עבירות, וואָס די אידען האָבען אַהין אַריינ־געטרייסעלט. די עשרת ימי־תשובה האָט מען געקענט באַמערקען אויפ'ן פנים פון יעדען אידען.

ערב יום־כפור האָט מען איבעראַל געזעהן, ווי אידען שלאָגען כפרות און זאָגען מיט גרויס כוונה דעם „בני אדם". אין גאַס איז דער טומעל געווען גרויס. אידענעס פלעגען טראָגען די גרויסע יאָרצייט־ליכט פון די קלייטען. אַנדערע פלעגען געהן צו זייערע פריינד און באקאנטע זיי איבער־בעטען פאַר וועלכע עס איז באַליידיגונגען, וואָס זיינען באַגאנגען געוואָרען דורכ'ן יאָר, און, אגב אורחא, אויך עפּעס טועם זיין, ובפרט אַז יענעם טאָג איז עס געווען אַ מצווה. מנחה פלעגט מען געהן דאַוונען זעהר פריה. ביים אריינגאַנג אין בית־המדרש איז שוין געשטאַנען אַ לאנגער טיש מיט פיל „קערות", פון פאַרשיידענע אַנשטאַלטען, פאַר כל'ערליי צוועקען. און יעדער איד, אפילו דער אָרימסטער, פלעגט זיך סטארען אריינצוואוואַרפען עפּעס אין יעדער קערה — „צדקה תציל ממות" . . . אויף דער זייט, לעבען דער בימה, פלעגט שטעהן דער שמש מיט אַ רימען אין דער האַנט, און שלאָגען מלקות, שמייסען יעדען אידען, אָהן אונטערשייד, רייך צי אָרעם, געלערנט צי פּראָסט — אַלעמען גלייך און אלעמען די זעלבע צאָל שמיץ. דאָך איז מעגליך, אז די רייכערע פלעגט ער בעסער שמייסען, זיי פלעגען דאָך פאָרט בעסער באַצאָלען דערפאַר . . . ביים פאַרפאַסטען האָט מען ניט גערעדט קיין וואָרט. מען האָט געבענשט מיט מער כוונה ווי תמיד. מען האָט געפילט, אז דאָס איז ניט קיין געוועהנליכע סעודה, נאָר אז מען עסט דאָ פאַר'ן שטעלען זיך צום העכסטען געריכט . . .

דער בית־המדרש פלעגט גיך ווערען געפּאַקט, מען האָט פריהער גע־זאָגט די „תפילה זכה", בלחש, כמעט אין זיך. מען פלעגט אַרומטראָגען די ספרי־תורות און זיי קושען, און דערביי געזאָגט „אור זרוע לצדיק ולישרי לב שמחה", ביז מען האָט אָנגעהויבען זאָגען „כל נדרי". ווען מען פלעגט אַ זאָג טאָן „על דעת המקום", פלעגט דורכנעמען אַ ציטער. מען פלעגט

דערזעהן פאַר די אויגען די שייטער־הויפענס אין שפּאַניע און די צעשראָקענע אנוסים (מאראנען) וועלכע האָבען זיך צונויפגעזאַמעלט אין די געהיימע קע־לערען, מתפלל צו זיין ביי גאָט, ווען זיי זיינען געצוואונגען געוואָרען צו פאַרלאָזען . . .

אידען אין שוהל פלעגען קוים אויסזעהן ווי ערדישע וועזענס, נאָר ווי הימלישע באַשעפענישען, ווייט אָפּגעשיידט פון דעם טאָג־טעגליכען לעבען, מיט וועלכען מען איז געווען פאַרנומען דאָס גאַנצע יאָר. זיי זיינען געווען איינגעוויקעלט אין קיטלען, אנדערע אין זייערע טליתים איבער די קעפּ. ארום־און־אַרום זיינען געווען צעשטעלט הונדערטער לאַנגע יאָרצייט־ליכט. די פּאָדלאָגע איז געווען באַדעקט מיט שטרוי, און ווען דער חזן האָט אַ זאָג געטאָן „כחומר ביד היוצר״, האָט מען זיך געפילט אַזוי נישטיג, אַזוי אומ־באַהאָלפען, טאַקע ווי אַ חרס הנשבר . . . ווען איך האָב שוין אָנגעהויבען „זינדיגען״ אויפ׳ן אייגענעם חשבון (געוואָרען בר־מצוה), פלעג איך, און נאָך אַ סך מיט מיר, אויף־זיין אין שוהל אַ גאַנצע נאַכט, ניט צולייגענדיג זיך אפילו שלאָפען . . .

דעם גאַנצען יום־כפור׳דיגען טאָג פלעגט מען האַלטען אין איין דאַוונען. אַמאָל פלעגט יום־כפור דאַוונען ביים עמוד הילקע דער שוסטער, אַ איד אַן אביון, אַ דאַרער, מיט אַ שיטער בערדעל, וואָס האָט געוואוינט מיט זיין אַלטיטשקער און אייניקעל אין אַ חרוב׳ען שטיבעל. ער פלעגט דאַוונען מיט אַ וויינענדיגער געבראָכענער שטימע און בעטען רחמים פאַר׳ן כלל ישראל.

מוסף פלגט דאַוונען פאַר׳ן עמוד דער גביר, ר׳ שלמה שאול דוואָרעצקי, און ווען ער פלעגט אַ זאָג־טאָן „הנני העני ממעש״, פלעגען ציטערען די ווענט פונ׳ם בית־המדרש. מנחה האָט מייסטענס געדאַוונט דער שמש. צו נעילה איז געוואָרען נאָך שווערער אויף די געמיטער. מען האָט דאָך שוין געהאַלטען ביים שטעלען דעם „פּעטשאט״ („חתימה״) אויף יעדענ׳ס גורל. פלעגט זיך טאַקע אָנפאַנגען אַ געוויין. דער חזן פלעגט מיט אַ געבראָכענער שטימע בעטען „שערי שמים פּתח״ . . . עס איז דאָך שוין געווען דער סוף פון טאָג, פונ׳ם יום־הדין. די זון איז שוין געווען ווייט, שיקענדיג אירע לעצטע רויטע שטראַלען אויף דער ערד. אינדרויסען האָט גענומען ווערען טונקעל, דער טאָג איז שוין געווען פאַרביי. מעריב האָט לאַנג ניט גענומען, מען האָט עס אָפּגעדאַוונט אויף גיך. מען האָט אַ בלאָז געטאָן שופר, געוואונשען איינער דעם אַנדערען „אַ גוט יאָר״ און געלאָזען זיך אַהיים, מיטנעמענדיג מיט זיך די רעשטלעך פון די גרויסע יאָרצייט־ליכט. אָבער מען איז ניט געלאָפען גלייך אַהיים. מען פלעגט נאָך מחדש זיין די



אָנהויב פון דער ברייטער גאַס
געהענדיג פון זאַמאָשטשע אין שטאָט

לבנה. אַ איד יאָגט זיך ניט אזוי נאָך דער אכילה, אפילו ניט נאָך אַ לאַנגען תענית.

סוכות איז שוין געווען אַ פרעהליכער יום־טוב, מען האָט געוואוסט, אז דער משפט איז פאַרענדיגט און מען מעג זיך שוין אַביסעל פרעהען. אויף אַ טייל הייזער פלעגען „אַנוואַקסען" צווייגען און ווען מען האָט זיי אויפ־געהויבען, האָט מען געהאַט אַ געבויטע סוכה. אַנדערע פלעגען אויפקלאַפּען אַ סוכה פון אַלערליי ברעטלעך און באַדעקען זי מיט סכך. דער שמש פלעגט טראָגען דעם אתרוג איבער די הייזער פאַר די מענשען צו בענטשען. פאַר דעם פלעגט מען זיך ניט דערלויבען נעמען עפּעס אין מויל אריין. הושענא רבה איז מען געזעסען דעם גאַנצען אָוונט און געזאָגט גאַנץ משנה־תורה, און די גאַנצע נאַכט געזאָגט תהילים. אנדערע פלעגען אָפּוואַרטען אַ האַלבע נאכט צו זעהן, אויב דער הימעל שפּאַלט זיך טאַקע . . .

שמחת־תורה איז געווען דער פרעהליכסטער יום־טוב. גלייך ביים דאַוו־נען אין אָוונט האָט מען שוין גענומען הוליען. דער שמש איז גאָר גע־וואָרען אַן אַנדער מענש. אין די ימים־נוראים פלעגט ער זיך האַלטען שטייף און ערנסט; איצט איז ער געווען אויפגעלייגט, פרעהליך. ער האָט שוין זיכער געמאַכט קידוש ביי אַ פּאָר בעלי־בתים . . . עס פלעגט זיך אָנהויבען דאָס פאַרקויפען עליות פאַר'ן גאַנצען יאָר. עס פלעגט ווערען א יריד, אידען האָבען זיך געדונגען, איבערגעשטיגען איינער דעם אַנדערען, שיער ניט גע־

קריגט זיך. עפּעס אַ קליינִיגקייט, איינהאַנדלען אַ מפטיר אויף אַ גאַנץ יאָר, אָדער הגבה און גלילה . . . דאַן ערשט פלעגען זיך אָנהויבען די הקפות. אין די הקפות פלעגען פאָראויס געהן די „שעהנע אידען" מיט די ספרי־תורות אין די הענט, און דערנאָך די קינדער מיט די פאָנען, וואָס פלעגען פאָרשטעלען משה'ען מיט אהרנ'ען. אויפ'ן שטעקען פון דער פאָן איז געווען ארויפגעשטעקט אַן עפּעל, און פון אויבען אַ ליכט. מען פלעגט זיך דרייען אַרום דער בימה, זינגען „עוזר דלים הושיעה נא" . . . די בימה איז געווען געפּאַקט מיט קינדער, אויך מיט מיידלעך, וואָס פלעגען זיך מאַכען אַ היתר אַריינצוקומען אין דער מענערשער שוהל. עס איז דאָך עפּעס געווען שמחת־תורה! אויף מאָרגען אינדערפריה פלעגט זיך דאָס דאַווענען ציהען זעהר לאַנג. מען האָט דאָך באַדאַרפט יעדען אויפרופען צו דער תורה, אפילו קליינע קינדער. מען פלעגט זיי איינוויקלען אין טליתים און איינער (דער וואָס פלעגט איינהאַנדלען דעם „כל הנערים") פלעגט מאַכען די ברכה מיט אַלעמען.

נאָכ'ן עסען האָט דער עולם זיך ערשט גענומען גרייטען צו דער סעודה וואָס די חברה־משניות פלעגט אלע יאָרען פראַווען שמחת־תורה. גאָר אַמאָל פלעגט מען עס פראַווען ביי ר' אפרים סוכאָוואלסקי, נאָר נאָך זיין טראַגישען טויט דורך גזלנ'ישע הענט, איז די סעודה געפּראַוועט געוואָרען אַמאָל ביי וועלוועל קאַפּלאַניען און אַמאָל ביי שלמה שאוליען. דער שמש פלעגט זיך לאָזען איבער די גאַסען, ניט אויסמיידענדיג קיין איין שטוב, און מאַכען אַ לחיים. דערביי פלעגט ער אויך ארויסשלעפּען פון די אויוועַנס אַלץ וואָס ער האָט געפונען: אַ לאָקשענעם קוגעל, אַ טייגאַכץ, אַ צימעס, אַ טאָרט, און וואָס עס פלעגט אים קומען אין די הענט אריין . . . נאָך אים פלעגען נאָכ־לויפען אַ גרופּע קינדער. דער שמש פלעגט זיך אַלע ווײַלע אָפּשטעלען און אויסשרייען אויפ'ן קול: „צאן קדשים!" און די קינדער פלעגען ענטפערען אין איין כאָר, מיט נאָך גרעסערע קולות: „מע" . . . און אַזוי ביי יעדער שטוב, אויף דער גאַנצער גאַס. קיינער פלעגט אים ניט שטערען. צו דער סעודה פלעגען קומען אַלע מיטגלידער פון דער חברה משניות. איך פלעג מיטגעהן מיט'ן טאַטען. מען פלעגט נעמען צוביסלעך בראָנפען, צובייסען, רעדען אַביסעל תורה, נאָר וואָס מער מען האָט געגעסען און געטרונקען, אַלץ פרעהליכער איז מען געוואָרען. מען פלעגט נעמען זינגען אַלערליי זמירות און צום סוף איז מען אריינגעפאַלען אין אזא עקסטאז, אז איינִיגע, זייענדיג שוין שטאַרק שיכור, פלעגען ארויף אויף די טישען טאַנצען. און פונדעסט־וועגען האָט מען קיין איין אידישען שיכור ניט געפונען אין רינשטאָק . . . אזוי פלעגט מען אָפּהוליען ביז שפּעט אין דער נאַכט. נאָך די יום־טובים האָט זיך אָנגעהויבען אַ לאַנגער ווינטער — פאַר וועמען אַ שווערער, פאַר



די קאַזאַרמעס

יועמען א לייכטער.

## די אַנדערע יום־טובים

ס'איז געקומען חנוכה, און אין די אידישע פענסטער פלעגט יעדען טאָג צוקומען נאָך אַ ליכטעל. קינדער פלעגען שפּילען אין דריידלעך און גרויסע פלעגען שפּילען אין קאָרטען. אין די קאַלטע ווינטער נעכט זיינען אידען געזעסען ביים הייסען אויוועז אין בית־המדרש. זיי האָבען זיך ניט געאיילט אַהיים צו געהן, און אַמאָל האָט דער שמש געפּאַקט מאַפּו'ס „אהבת ציון" און פלעגט פון דאָרט לייענען יעדען אָוועגט אויפ'ן קול. אפילו דער פרוש פלעגט צולייגען אַן אויער און זיך צאַפּלען פון שרעק טאָמער וועט תמר זיך אויסמיידען מיט אמנונ'ען אין די רוישיגע גאַסען פון ירושלים, און פאַר־בייסען די ליפּען, הערענדיג וועגען די אינטריגעס פון זמיר'ען . . .

פורים־צייט פלעגט דער פראָסט נאָכלאָזען. אויפ'ן האַרצען איז געוואָרען אביסעל לייכטער. די טעג האָבען אָנגעהויבען ווערען לענגער, די זון וואַרימער, צעשמעלצענדיג דעם שניי און דאָס אייז, מאַכענדיג אזוי־אַרום פלאָץ פאַר'ן פרילינג. פורים פלעגט מען פראַוועז ווי עס באַדאַרף צו זיין. מען האָט געלייענט די מגילה, און ביים דערמאָנען המנ'ס נאָמען האָט מען געקלאַפּט מיט די גראַגערס און מיט שליסלען אָנגעפּילטע מיט שוועבעל.

נאָך פורים האָט זיך דער עולם גענומען גרייטען צו פסח. אַ קלייניגקייט, אזא יום־טוב! מען האָט גלייך נאָך פורים גענומען באַקען מצות. ביי פייגעל באַשקע׳ס האָט זיך אָנגעהויבען דער „פּאָדראַד״. דאָרט איז געווען אַ רעש, אַ טומעל, מיט געשרייען פון אלע זייטען. די וועלגערינס, די זעצער, די וואַסער־גיסער און אזוי ווייטער — אלע פלעגען בייטראָגען צום גרויסען טומעל. די קינדער פלעגען פריי ווערען פון חדר און זיך לאָזען איבער די לאָנקעס זוכען געלע בלומען, די ערשטע וואָס קומען ארויס אין פרילינג, און וואַקסען נאָך אונטער׳ן שניי . . . אַנדערע פלעגען זיך שטופּען צו דעם „פּאָדראַד״ לעבען די מאַמעס אָדער די שוועסטער. אַז מען פלעגט אַמאָל כאַפּען אַ שטיקעל מצה, איז דאָס געווען אַ גאַנצער געווינס. עס פלעגט זיך דאַן אָנהויבען די ערב־פסח׳דיגע „עמיגראַציע״ . . . מען האָט געראַמט און געוואַשען. מען האָט גע׳כשר׳ט כלים, אַרויסגענומען די דאָפּעלטע פענסטער און אַמאָל אויך געקאַלכט די הייזער פון דרויסען (פון אינווייניג — איז אָפּגערעדט).

פסח פלעגט זיין דער פרעהליכסטער יום־טוב ביי אידען. מען פלעגט זיך באַנייען מיט אָנצוגען, מיט געפעס און כוסות מיט אויפשריפטען „פסח״. געוועהנליך פלעגען פסח־צייט די טעג זיין פּרעכטיגע, און די ליכטיגע לבנה־נעכט פלעגען ממש פאַר׳כישופ׳ען. די קינדער זיינען ארומגעגאַנגען מיט פולע קעשענעס ניס. דער מלמד פלעגט קומען צו יעדען איינעם אין הויז אויפצוקלייבען אַ נייעם חדר פאַר׳ן קומענדיגען זמן, אָבער די קינדער פלעגען שפּילען אין ניס און ניט טראַכטען וועגען דער „צוקונפט״.

נאָך פסח פלעגט זיך אָנהויבען דאָס זומער־לעבען, פאַרשטעהט זיך, אָביסעל אידישלעך. מען טאָר זיך ניט באָדען צוליב ספירה. מען טאָר ניט לויפען הינטער דער שטאָט, ניט שיפען זיך איבער׳ן טייכעל. מען דאַרף זיצען ביי דער גמרא פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט, כאָטש דער זומער פלעגט רייצען. דער יצר־הרע פלעגט זיין שטאַרק, אָבער אידישע קינדער זיינען נאָך שטאַרקער. נאָר דאָך פלעגט מען אַביסעל געניסען פון זומער. פרייטאָג פאַרנאַכט פלעגט מען זיך לאָזען באָדען אין טייכעל ביים גלח אויף דער בלאָטע, אָדער געהן אזש קיין וואטישטשינע, צום גרויסען טייך ראָס. מען איז געשפּרונגען אין וואַסער, איבערגעקערט די וועלט און דערנאָך אַהיים געגאַנגען מיט געזאנג . . .

שבועות פלעגט מען פייערען גאָר פרעהליך. פאָרט די בעסטע צייט פון יאָר. מען פלעגט אָנבאַקען מילכיגע געבעקעס. מיר, יונגוואַרג, פלעגען זיך לאָזען צו די זומפּען, אָנרייסען אַהיר אויף צו פאַרפּוצען די שטוב לכבוד יום־טוב.

דער זומער פלעגט גיך פאַרשווינדען; אַ גוטע צייט לויפט, געוועהנליך, שנעל פאַרביי. תשעה באב פלעגט זיין אַ סיגנאַל, אז דער זומער רוקט זיך און מען דאַרף זיך נעמען אַביסעל טרויערען. אין בית־המדרש פלעגט מען אויסלייגען ברעטער נידעריג ביי דער ערד. פון דעם ארון קודש האָט מען ארונטערגענומען דעם פרוכת. אידען פלעגען זיצען אין די זאָקען און קלאָגען אויפ'ן חורבן בית המקדש און אויף דער גאַנצער טרויעריגער געשיכטע פון אונזער פאָלק.

---

אזוי פלעגען זיך ציהען מאָנאַטען און יאָרען. זאמאָשטשע האָט געלעבט ווי אלע אנדערע שטעטלעך. מען האָט געפראוועט חתונות, געמאכט ברית'ען, געפראַוועט בר־מצוות, און ווידער חתונות . . . דאָס לעבען איז געגאַנגען אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג פון הונדערטער דורות.

*****

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען אַן עמיגראַציע, ווער קיין נאָרד אַמעריקע, ווער קיין ארץ־ישראל און ווער אין דער ווייטער ארגענטינע. אַ סך נעסטען זיינען געבליבען פוסט און די עלטערען פלעגען מיט ציטער אָפּוואַרטען דעם בריף־טרעגער. זאַמאָשטשער זיינען אויך פאַר־פלויגען ווייט פון דער היים. נאָר וואו מען איז ניט מגולגל געוואָרען, פלעגט מען שטענדיג זעהן פאַר די אויגען די אלטע היים, דאָס היימישע רוהיג לעבען. איצט איז דאָס אַלץ פאַרניכטעט געוואָרען. פון דער אַלטער היים איז געוואָרען אַ באַרג אש, און פון אונזערע טייערע איז אפילו קיין זכר ניט געבליבען. עס ווילט זיך בשום אופן ניט גלויבען אין דעם. לעבען שוין טאַקע מער ניט די אלע אידען פון מיין זאמאָשטשע? איז שוין טאַקע ניטאָ מער אַזאַ איד ווי יאָסעל לייב ראַבינאָוויטש, אַ איד אַ חכם, וואָס זיין שיחת חולין איז געווען פּערעל? אז ער איז איינמאָל געקומען שפּעט דאַוונען (אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה) און מען האָט אים געפרעגט: „היתכן, ווי קומט עס צו אייך, פאַרשפּעטיגען זיך צו דאַוונען?" — האָט ער געענטפערט: „עס שטעהט דאָך ,לשמוע אל הרינה ואל התפילה', מען דאַרף פריהער מאַכען ריין די ,רינה' (קאַנאווע) און דערנאָך געהן צו תפילה" . . . איז שוין טאַקע ניטאָ אַזאַ איד ווי וועלוועל קאַפּלאַן, וואָס איז געווען אזא האַרציגער איד, אז ווען ער פלעגט דערזעהן, ווי איך שלעפּ זיך צום באַן מיט די פּעקלעך (אויפ'ן וועג צו דער ישיבה), פלעגט ער מיך אָפּשטעלען און מיר מיטגעבען אַ גאַנצען פּאַק גוטע זאַכען? איז שוין טאַקע חרוב נעכעס שטיבעלע, וואו מען פלעגט אזוי גוט פאַרברענגען? און נעכע אליין — מיט איר פּנים, וואָס איז געווען ווי אן אויסשטעלונג פון גוטסקייט

— איז שוין טאָקע אויך ניטאָ? און חיים ראַבינאָוויטש מיט זיין קליין ווייבעלע, וואָס האָט געשפּילט אידיש טעאַטער אין ביאַליסטאָק, און דער־נאָך, ביי אונז? און אלע אנדערע טייערע ליבע שכנים פון אונזער גאַס? זייט איר טאַקע אלע אומגעקומען? עס ווילט זיך ניט גלויבען. דער שכל רעוואָלטירט געגען דעם? ווי איז דאָס מעגליך? אָבער ליידער איז דאָס דער ביטערער אמת, און ס'איז ניטאָ אפילו קיין ברעקעל ספק אין דעם: אַלע זיינען אומגעקומען! אַלע זיינען אומגעבראַכט געוואָרען אויפ'ן שרעקליכסטען אופן! פ אַ ר ו ו אָ ס? פאַר וועלכע זינד? וואו נעמט מען אַן ענטפער אויף דער מאַטערענדיגער פראַגע?

# נומיזמאטיקער (מטבע־קלייבערס) אין וואָלקאָוויסק

די אַמאָליגע יוגענד, פונקט ווי די היינטיגע, האָט אויך געהאַט אירע „האָ־ביס". מען פלעגט זאַמלען פּאָסט־מאַרקעס, זיך פאַרנעמען מיט פאָטאָגראַפיע און אַנדערע פלעגען זאמלען אלטע מטבעות. און אפילו איך, וואָס האָב שטענדיג געהאַט צו טאָן מיט דער גמרא, בין אויך געווען אַ פאַרקאָכטער נומיזמאַטיק. כדי צו קריגען ערגעץ אַן אלטע מטבע, פלעגט ביי מיר זיין רעכט צו פאַר־מאַכען די גמרא און לויפען אפילו אויף קארטשיזנע . . . די קינדער אין גאַס האָבען שוין געוואוסט, אז זיי פלעגען ערגעץ פאַקען אַ מטבע, וואָס דער קרעמער פלעגט ניט וועלען נעמען, פלעגען זיי קומען צו מיר זי אויסבייטען אויף אַ גוטער כדי צו קענען קויפען צוקערקעס.

יעדער אָרימאַן, וואָס פלעגט קומען צו אונז נאָך אַ נדבה, פלעגט ער אויך ביי מיר אויסבייטען אַזעלכע מטבעות. דער עיקר פלעג איך אָפּזוכען די משולחים, וואָס פלעגען קומען ארויסנעמען דאָס געלט פון די פּושקעס פון ר' מאיר בעל הנס און פון אנדערע פּושקעס. אזא איד פלעגט אויסשיטען אויפ'ן טיש אַ גאַנצען זעקעל מיט מטבעות, פון וועלכע איך פלעג אָפּקלייבען גאָר אַ סך אַלטע, ניט גאַנגבאַרע מטבעות. ווייזט אויס, אַז אַ צדקה פּושקע איז אַ גוטער מקום מקלט פאַר אַזעלכע מטבעות . . . און פאָרענדיג אויף דער פור צווישען ברעסטאָוויץ און קרינעק (אין דער ישיבה) פלעג איך אָפּט זעהן, ווי אויף די זאַמדיגע שליאַכען „גרינט" זיך עפּעס און דאַן פלעג איך אַראָפּשפּרינגען פון וואָגען און טאַקע אויפהויבען אַ פאַר־גרינטע מטבע פונ'ם 17טען אָדער 18טען יאָרהונדערט . . . צווישען די וואָלקאָוויסקער נומיזמאַטיקער זיינען געווען גימנאַזיסטען, צווישען זיי איז אויך געווען כמעלניצקי'ס זוהן. ביי אונז אויף זאַמאָשטשע זיינען אויך געווען אַ פּאָר פאַרקאָכטע נומיזמאַטיקער. איינער פון זיי איז געווען אריה וועלוועלעוויטש (אָדער וועלוועלעווסקי), אַ זיידענער יונגערמאַן, פול מיט

תורה. געקומען איז ער צו אונז פון ערגעץ אַ שטעטעל צו ווערען אַן אײדעם פון שמעון רוטשיק. די זאמאָשטשער האָבען שטענדיג געדענקט די גרויס־ אַרטיגע חתונה, וואָס איז דאַן געפּראַוועט געוואָרען. דער יונגערמאַן פלעגט זיך אויך פאַרנעמען מיט זאמלען אלטע מטבעות. אויך לייבע טשאָפּער, אַ רייכער איד פון אונזער גאַס, האָט געהאַט אַ גרויסע קאָלעקציע מטבעות. די אויבען־דערמאָנטע, זייענדיג גענוג רייך, פלעגען זיך קענען פאַרגינען איינקויפען זעלטענע מטבעות, זילבערנע און אפילו גאָלדענע. אָפט פלעגען מיר זיך טרעפען, ווייזען איינער דעם אַנדערען די צוגעקומענע עקזעמפּליאַרען, און דיסקוטירען וועגען אַלטע מטבעות. דערצו האָב איך נאָך געהאַט אַ קאַטאַלאָג פון אַלטע מטבעות פון פּעטערבורג (לענינגראַד). אַ סך מענשען פלעגען אפילו קוקען מיט ביטול אויף אַזאַ נאַרישקייט, דערפאַר אָבער פלעגט מען אַמאָל מוזען אָנקומען צו אונז. פורים־צייט, ביים „מחצית השקל", פלעגט מען קומען צו אונז לייהען האַלבע רובעלס פון די צייטען פון אלעקסאנדער דעם צווייטען, אָדער נאָך פון פריהער, ווייל די האַלבע רובעלס פון די לעצטע צוויי קיסרים פלעגען ניט טויגען, ווייל אויף זיי פלעגט שטעהן 50 קאָפּיקעס, און אויף די אַלטע פלעגט שטעהן „פּאַלטיניק" (האַלבער). צו מיר האָט אַמאָל אָנגעהויבען אריינצוקומען אַן אלטע פרוי, בעטען האַלבע גראָשענס (פּאָלושקעס). נאַטירליך פלעג איך איר געבען, נאָר אַז זי האָט גענומען אָפטער קומען בעטען ביי מיר האַלבע גראָשענס, בין איך געוואָרען נייגעריג צו וויסען אויף וואָס זי דאַרף דאָס. איך האָב איר איינמאָל ניט געוואָלט געבען ביז זי וועט מיר זאָגען אויף וואָס זי דאַרף עס. זי האָט זיך גענוג געקווינקעלט און באין־ברירה געמוזט דערצעהלען, אַז די האַלבע גראָשענס נוצט זי אלס סגולה פאַר אַ קימפּעטאָרין צו אירע קראַנקע בריסט. נאַטירליך בין איך ניט געגאַנגען אויספאָרשען, צי פון מעדיצינישען שטאַנד־ פּונקט העלפט עס טאַקע, און איך האָב איר שטענדיג געגעבען די „סגולות" . . .

# קאַרטשיזנע

## פון חיים נאַחימאָווסקי, ניו־יאָרק

געווידמעט דעם הייליגען אָנדענק פון די קינדער און אייניקלעך פון מיין ברודער
און מיינע שוועסטער און פון מיין שוואָגער ר׳ אברהם מילקאָוו ז״ל.

איך וויל דאָ שילדערען קאַרטשיזנע ווי איך געדענק זי און האָב זי געקענט מיט קאַרגע פופציג יאָר צוריק.

קאַרטשיזנע, וואָס ליגט ביים סוף מזרח פון וואָלקאָוויסק, האָט זיך אָנ־געהויבען פון „ווייסען אָסטראָג" און האָט זיך ביים סוף צעטיילט אין צווייען: איין זייט, די רעכטע, האָט געפירט קיין זאַפּאָליע, האַמיניטש און זעלווע, און די אַנדערע זייט — קיין זאַהאַליק, וויסקופּצי און נאָך אַנדערע דערפער.

הגם קאַרטשיזנע פלעגט זיין דער ארייננפאָר אין שטאָט אריין און די גויים, וואָס פלעגען פירען זייערע פּראָדוקטען צו פאַרקויפען אָדער קומען אין שטאָט אריין איינקויפען זאַכען, פלעגען דורכפאָרען קאַרטשיזנע אויף זייער וועג, איז דאָך די דאָזיגע געגענד פאַררעכענט געווען פאַר אַן אָרימער געגענד און אירע מייסטע איינוואוינער, מיט קליינע אויסנאַמען, זיינען געווען אָרימע לייט.

מיט יאָרען שפּעטער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז קאַרטשיזנע אַביסעל אויפגעריכט געוואָרען, וויניגסטענס אין אויסזעהן. עס האָבען זיך דאָרט אויפגעשטעלט איינציגע מויערען. אין איינעם פון די מויערען איז געווען די העברעאישע גימנאַזיע „תרבות". אויך האָט זיך אויף קאַרטשיזנע געפונען די „פּראָכאָדסקי אוטשילישטשע".

דער רייכסטער איד אויף קאַרטשיזנע איז געווען יואל אמסטיבאווסקי דער תבואה הענדלער. ער איז געווען אַ שעהנער איד, געקענט לערנען און האָט געהאַט אַן איידעם אַ רב וואָס האָט, אין יענע צייטען, צוגעגעבען פיל חשיבות.

אַ זעהר חשוב׳ער בעל־הבית איז דאָרט געווען משה יאַנקעל דער חילנער (פריידקין), וועלכער האָט געהאַלטען די מיהל אויף קאַרטשיזנע. די קאַרטשיזנער מיהל איז אין יענער צייט געווען זעהר פּאָפּולער, ווייל האַלב

יוֹאַלקאָוויסק פלעגט אַהין געהן פרייטאָג פאַרנאַכט, אין די זומערדיגע חדשים, זיך באָדען לכבוד שבת. דאָס איז געווען איידער מען האָט אויפגעבויט אויף דער מילנער גאַס די „קאָפּאַלניע״. משה יאַנקעל דער מילנער איז געווען אַ ליבער און צוגעלאָזענער מענש. ער איז אויך געווען דער גבאי אין קאַר־טשיזנער בית־המדרש און בכלל אַ באַקאַנטער כלל־טוער אין שטאָט. ער מיט יואל׳ען פלעגען לערנען צוזאַמען דעם „בלאַט גמרא״. ער איז גע־שטאָרבען אויף אַ טראַגישען אופן ביים פאַרריכטען די ראָד פון דער מיהל.

אַן אָנגעזעהענער בעל־הבית אויף קאַרטשיזנע איז אויך געווען הושיע נאַקדימאָן. ער האָט געהאַנדעלט מיט וועלדער און האָט געהאַט אַ גרויסען הויף, וואו מען פלעגט זעגען ברעטער. זיינע אַ טאָכטער איז אויך געווען באַשעפטיגט מיט אים אין וואַלד און זי איז געווען די איינציגע פרוי אין וואָלקאָוויסק וואָס האָט געאַרבייט אויף דעם פעלד.

צווישען די אַנדערע חשוב׳ע איינוואוינער פון קאַרטשיזנע זיינען געווען די צוויי ברידער באַטווינסקי: אַהרע „דער פּאָליווניק״ און איטשקע דער לערער. אַהרע איז געווען אַן איידעלער איד, אַ יודע־ספר און אַ בעל־תפילה. זיין זוהן, אייזיק, איז געווען דער בעל־קריאה אין קאַרטשיזנער בית־המדרש זינט ער איז געווען דרייצעהן יאָר אַלט. נאָך זיין חתונה איז אייזיק געוואָרען אַ שוחט אין וואָלקאָוויסק. איטשע באַטווינסקי פלעגט זיך פאַרנעמען מיט לעהרעריי און איז געווען פאַררעכענט צווישען די בעסטע לערער אין וואָל־קאָוויסק, ספּעציעל אויף העברעאיש. אויסער די אויבען־דערמאָנטע האָבען זיך געפונען אויף קאַרטשיזנע נאָך עטליכע פּאָליווניקעס, אַ פּאָר שוסטער, שניידער, שמידען, הענדלער און סתם אָרימע לייט.

אַ בית־המדרש האָט קאַרטשיזנע געהאַט אַ קליינינקען, און אויסער די קאַרטשיזנער איינוואוינער האָבען דאָרט אויך געדאַווענט די אידען פון דער אַרומיגער געגענד און צווישען זיי: ניאָמע דער האַמיניטשער, וועלכער האָט געהאַלטען די מיהל אויף האַמיניטש, און זיין זוהן, גדליהו, וועלכער האָט דאָרט געהאַלטען דעם פּאַכט און האָט געהאַט געטנער, וואו ער פלעגט פאַר־זייען אוגערקעס, וועלכע ער פלעגט איינזויערען און זיי גוט פאַרקלאַפּען אין פעסלעך. ער פלעגט די פעסלעך האַלטען אַ גאַנצען ווינטער אין טייך, און יעדען דאָנערשטאָג פלעגט ער ברענגען אין שטאָט אריין איניגע פעסלעך זויערע אוגערקעס צו פאַרקויפען. די וואָלקאָוויסקער פרויען פלעגען קויפען די אוגערקעס לכבוד שבת און לעקען פון זיי די פינגער. עס האָבען אויך שטענדיג געדאַווענט אין קאַרטשיזנער בית־המדרש: אברהמיל וויסקופּציער, וועלכער האָט געהאַלטען דעם הויף אין וויסקופּצי, און זיין איידעם ישראל נאָוויק —ביידע איידעלע אידען. אויך די עטליכע אידען וועלכע האָבען

געוואוינט אויף זאַפּאָליע פלעגען קומען דאַוונען אין קאַרטשיזנער בית־המדרש, צווישען זיי זיינען געווען: איטשע דער געלער, וועלכער איז שטענדיג געווען פרעהליך און פלעגט זיך וויצלען — ער פלעגט האַנדלען מיט „שורקעס" (וועגענער מיט האָלץ); עפראַיקע בלומעס (מאַניע דעם קצב'ס אַ ברודער). ער איז געוועןביים פאַך אַ וועבער און האָט געאַרבייט אין האָרעדאָק. ער פלעגט קומען אַהיים אויף די יום־טובים און אַמאָל אויך אויף שבת. ער איז געווען אַ האַרציגער בעל־תפילה און פלעגט דאַוונען ימים־נוראים די מוספים. אויך מיינע עלטערען, וועלכע זיינען דאַן געווען זאַפּאָליער איינוואוינער, פלעגען קומען דאַוונען אין דעם קאַרטשיזנער בית־המדרש.

דער קאַרטשיזנער בית־המדרש האָט פאַרמאָגט זיין אייגענעם פּרוש און אַ שמש. דער פּרוש, ר' הערש, פלעגט זיצען און לערנען „תורה לשמה", בלויז ווייל עס איז אַ מצוה צו לערנען, און ניט מיט'ן צוועק צו ווערען אַ רב. ער איז אַמאָל געווען אַ מלמד, אָבער ער איז איין זמן געבליבען אָהן אַ קנעלונג, איז ער געוואָרען אַ פּרוש, און די דאַוונער פון בית־המדרש פלעגען אים ווי עס איז אויסהאַלטען. ער האָט געהאַט צוויי שוואַכקייטען — קדיש און עליות. ער פלעגט שטענדיג זאָגען קדיש, הגם ער איז ניט געווען קיין אבל. לצים פלעגען זאָגען, אַז ער זאָגט קדיש „נאָך דער וועלט", ווייל די וועלט איז טויט און די געשעפטען זיינען טויט . . . אויך פלעגט ער תמיד וועלען מען זאָל אים אויפרופען צו דער תורה. עס האָט אים ניט אויסגע־מאכט וועלכע עליה — אַבי אַן עליה, — און מען האָט געזעהן בחוש ווי עס קומען אים צו שטיקער געזונט דערפון . . .

דער שמש, יאָשע, איז געווען פאַרקריפּעלט אויף איין האַנט און דערצו האָט ער אויך אונטערגעהונקען אויף אַ פוס. פאַרשטעהט זיך, אַז קיין גרויסע גליקען האָט ער פון זיין שמשות ניט געקענט מאַכען, און כדי צו ציהען חיונה, האָט ער געהאַט אַ זייטיגע פּרנסה — ער פלעגט געהן איבער די הייזער.

## אָפּגעדאַוועֽנט שפּעט צוליב אַ אתרוג

אין וואָלקאָוויסק איז דער קאַרטשיזנער בית־המדרש געווען באַרימט דורכדעם וואָס דאָרט פלעגט מען אָפּדאַווענען זעהר שנעל. אַ גוטער בעל־תפילה האָט דאָרט געהייסען דער וואָס האָט געקענט אָפּדאַווענען גיך . . . שבת פריה פלעגט דער צווייטער מנין פאַרטיג ווערען אַרום צעהן אַזייגער, און אויך ניט פיל שפּעטער אין די יום־טובים (אַחוץ ראש־השנה). איין מאָל האָט מען דאָרט אָפּגעדאַוועֽנט גאַנץ שפּעטלעך, און גאַנץ קאַרטשיזנע איז געגאַנגען כאַדאָראָם. דאָס האָט פּאַסירט דעם ערשטען טאָג סוכות, און די סיבה איז געווען צוליב אַ אתרוג. דער קאַרטשיזנער בית־המדרש פלעגט

פאַרמאָגען בלויז דריי אתרוגים, צווייַ וואָס האָבען באַלאַנגט צו יחידים, און איינער אַ קהל׳שער. דעם קהל׳שען אתרוג פלעגט מען געוועהנליך קויפען ביי מיין פאָטער, הערצעל דער מלמד, וועלכער פלעגט לערנען מיט עלטערע „גמרא״־קינדער.

איך וויל דאָ דערביי ווידמען איניגע ווערטער צו מיין פאָטער ע״ה. צו אַכצעהן יאָר האָט ער באַקומען סמיכה אויף רבנות. ווען ניט זיין שלעכטער מזל, וואָלט ער געווען איינער פון די גרויסע רבנים, ווייל ער האָט פאַרמאָגט אַלע אייגענשאַפטען וואָס פאָדערען זיך צו זיין אַ גרויסער רב. ער איז אָבער איניגע יאָר נאָך זיין חתונה קראַנק געוואָרען און איז אָפּגעלעגען כמעט אַ יאָר צייט אין בעט. ער האָט דורך דער צייט פאַרקרענקט זיין גאַנצען נדן, און איז נאָך געוואָרען אַ בעל־חוב. אויך מיין זיידע, מיין מוטער׳ס פאָטער, בערל זאַפּאָליער, וואָס איז פריהער געווען אַ רייכער בעל־הבית, איז דאַן ארונטער פון מעמד און האָט שוין מער מיין טאַטען ניט געקענט העלפען, אַז ער זאָל קענען זיצען און לערנען און וואַרטען ביז עס וועט זיך מאַכען אַ רבנות־שטעלע. איז ער באין ברירה געוואָרען אַ מלמד. ער האָט אָבער פאַר פילע יאָרען תמיד געשטרעבט צו ענדערען זיין פרנסה, כדי ער זאָל קענען זיך מער אָפּגעבען מיט לערנען און געבען אַ שיעור אין דער ישיבה, אָהן געהאַלט. אָבער ליידער איז זיין חלום ניט דערפילט געוואָרען. ער פלעגט, אַחוץ זיין מלמדות, זיך אָפּגעבען פאַר סוכות מיט׳ן מסחר פון אתרוגים. צווישען זיינע קונים איז אויך געווען דער קאַר־טשיזנער בית־המדרש וואָס פלעגט יעדעס יאָר פון אים קויפען דעם קהל׳שען אתרוג.

יענעם יאָר האָט מען ביי מיין פאָטער פון קאַרטשיזנער בית־המדרש ניט געקויפט דעם טראַדיציאָנעלען אתרוג, און די סיבה איז געווען די פאָל־גענדע: עס איז ארום יענער צייט געגרינדעט געוואָרען אין וואָלקאָוויסק די חברה „סומך נופלים״, פאַר׳ן צוועק צו לייהען געלטער, אָהן פּראָצענט, אויף וועכענטליכע אויסצאָלונגען. דער „וואָכער״, דער אויפמאָנער פון דער חברה „סומך נופלים״, האָט אויך געהאַנדעלט מיט אתרוגים. אָבער אַזוי ווי אַ גרויסע צאָל מתפללים פון קאַרטשיזנער בית־המדרש זיינען געווען שולדיג געלט אין „סומך נופלים״, האָבען זיי געדענקט, אַז אויב זיי וועלען קויפען דעם קהל׳שען אתרוג פון אויפמאָנער פון דער חברה, וועט ער ניט זיין אַזוי שטרענג ביים אויפמאָנען פון זיי די וועכענטליכע צאָלונגען. מיין פאָטער האָט דווקא די זאַך פאַרדראָסען, אָבער ער האָט גאָרניט געטאָן וועגען דעם. אַ פּאָר טעג פאַר סוכות, אין דערפריה, גלייך נאָכ׳ן דאַוונען, ווען דער עולם האָט זיך שוין געהאַט צעגאַנגען יעדער איינער צו זיין באַשעפטיגונג,

און אין בית־המדרש זיינען בלויז געווען דער פּרוש, דער שמש, מיין טאַטע (ביי אים איז דאַן געווען „בין הזמנים״, האָט ער זיך ניט געהאַט וואָס צו איילען אַהיים), און איך, וואָס בין דאַן געווען אַ בחור׳ל פון אַ יאָר פופצעהן און בין דאַן געקומען פון דער ישיבה אַהיים אויף יום־טוב. איז מיין טאַטע צוגעגאַנגען צום שמש און אים געבעטען ער זאָל אים לאָזען אַ קוק טאָן אויף דעם אתרוג וואָס דער בית־המדרש האָט איינגעהאַנדעלט. ער האָט דעם אתרוג גוט באַטראַכט, ער האָט געפרעגט דעם שמש דעם פּרייז פון אתרוג, און ווען דער שמש האָט אים געזאָגט, אז מען האָט פאַר דעם אתרוג באַצאָלט דריי רובעל, האָט אויף דעם מיין טאַטע באַמערקט: „עס איז ניט קיין מציאה.״

דעם ערשטען טאָג סוכות, גאַנץ פריה, ווען עס איז נאָך געווען טונקעל, האָט מיך דער טאַטע אויפגעוועקט. ער האָט זיך ענטשולדיגט, אז ער קען נאָך ניט געהן דאַווענען, און האָט מיר געבעטען, אז איך זאָל גלייך געהן אין בית־המדרש און מעלדען דעם שמש, אז דער קהל׳שער אתרוג, וואָס זיי האָבען איינגעהאַנדעלט, איז אַ פּסול׳ער, און מען טאָר אויף אים קיין ברכה ניט מאַכען. ער האָט מיך געבעטען איך זאָל זאָגען דעם שמש, אַז אין אַ געוויסען פּלאַץ אין „שולחן ערוך״, שטעהט בפירוש געשריבען, אַז אַן אתרוג וואָס האָט געוויסע פּינטעלעך, פּונקט אַזעלכע ווי דער דאָזיגער קהל׳שער אתרוג פון קאַרטשיזנער בית־המדרש האָט געהאַט, איז אַ פּסול׳ער. ער האָט מיך געבעטען צו געהן וואָס שנעלער אין בית־המדרש און וואָרנען דעם פּרוש, כדי קיינער זאָל חלילה ניט מאַכען קיין ברכה לבטלה אויף אַ פּסול׳ען אתרוג.

ווען איך בין געקומען אין בית־המדרש האָט מען שוין געהאַלטען ביים שטעלען זיך דאַווענען דעם ערשטען מנין. איך בין צוגעגאַנגען צו דער פּאָליצע, האָב אַראָפּגענומען דעם „שולחן ערוך״ און עס דערלאַנגט דעם פּרוש. איך האָב דערצעהלט די גאַנצע מעשה, און דער פּרוש מיט נאָך אַ פּאָר אידען, וואָס זיינען געשטאַנען לעבען אים, זיינען פון מיין בשורה געטראָפען געוואָרען פּונקט ווי פון אַ דונער, פּונקט ווי אַ באָמבע וואָלט געפּלאַצט אינמיטען דער בימה . . .

מען האָט אַוועקגעשיקט דעם שמש פרעגען אַ שאלה ביי ר׳ יעקב אברהם, דעם דיין, וואָס האָט געוואוינט אַנטקעגען ר׳ מאיר׳קעס בית־המדרש. ר׳ יעקב אברהם האָט גע׳פסק׳נט, אַז אויב אין בית־המדרש איז ניטאָ קיין אַנדער אתרוג, מעג מען בענשען אויף דעם אתרוג. אויב, אָבער, עס איז דאָ אַן אנדער אתרוג, זאָל מען מיט אים ניט בענשען. אָבער איידער „וואָס ווען״, איידער דער שמש, וואָס האָט נאָך אַביסעל אונטערגעהונקען אויף איין

פוס, איז צוריקגעקומען אין בית־המדרש מיט דער תשובה, איז אַריבער אַ היפּשע צייט, אומגעפער אַנדערטהאַלבען שעה. און ווען דער צווייטער מנין האָט אָפּגעדאַווענט, איז שוין געווען נאָך צוועלף אַזייגער. וואָס עס האָט באַדייט פאַר דעם קאַרטשיזנער בית־המדרש צו פאַרענדיגען דאַוונען נאָך צוועלף אזייגער — קען בלויז אַ קארטשזינער פאַרשטעהן . . .

## געדאַווענט אונטער'ן פרייען הימעל

אין צוזאַמענהאַנג מיט קאַרטשיזנע און קאַרטשיזנער בית־המדרש זיינען מיר פאַרבליבען אין זכרון אייניגע פאסירונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער צייט ווען אין וואָלקאָוויסק האָט אויסגעבראָכען די כאָלערע:

עס איז געווען אָנהויב אלול ווען אין די שוהלען פלעגט זיך הערען יעדען אינדערפריה דער קול פון שופר און שפּעט אין די אָוונטען — דער קול התורה (זומער פלעגט מען, געוועהנליך, אין די אָוונטען ניט לערנען). עס איז דאָך געגאַנגען צו די ימים־נוראים ווען אפילו „אַ פיש אין וואַסער ציטערט”. יעדער איינער פלעגט ווערען פרימער, מען האָט געדאַווענט מיט מער כוונה, געלערענט אָדער געזאָגט מער תהילים און מען איז בכלל געוואָרען מיסטיש געשטימט. — אָט דאַן האָבען זיך איין יאָר גענומען אַרומטראָגען קלאַנגען אַז אין שטאָט געהט אַרום אַן „איבערגאַנג”. מענשען האָבען געליטען פון קראַמפען אין בויך און מען האָט געבלוטעט. וואָס ווייטער איז די לאַגע געוואָרען ערגער ביז עס האָט אָנגענומען די פאָרם פון אַן עפּידעמיע און עס זיינען אפילו געווען אייניגע פאַלען וואָס האָבען זיך געענדיגט פאַטאַל.

די שרעק איז געוואָרען נאָך גרעסער ווען מען האָט זיך דערוואוסט אַז וואַטשע בער, דער קצב, איז פון דער קראַנקהייט געשטאָרבען. מאָטשע בער איז געווען אַ איד אַ גבור. וועגען זיין גבורה זיינען אין שטאָט אומגעגאַנגען לעגענדעס. האָט זיך יעדער געטראַכט, אז אויב אזא גבור האָט ניט גע־קענט ביישטעהן די קראַנקהייט — זאָל נאָר איין גאָט רחמנות האָבען אויף אלע אידען, די שוואַכע . . .

אין אָנפאַנג האָט מען געדענקט, אז די קראנקהייט קומט פון עסען אומ־צייטיגע פרוכט, איז די פאָליציי געגאַנגען אויפ'ן מאַרק און האָט די גאַנצע פרוכט, וואָס זי האָט דאָרט געפונען, אריינגעוואָרפען אין רינשטאָק און עס באַגאָסען מיט קאַרבאָל. די פאָליציי איז אויך געגאַנגען אויף „טשיסטאָטא”, דאָס הייסט, זי איז געגאַנגען בודק זיין די הויפען און געהייסען אומעטום אַרומגיסען מיט קאַרבאָל.

אַז די מיטלען האָבען ניט געהאָלפען, האָט מען אָנגעזאָגט אז מען

פאַרבאָט צו טרינקען „רויהע" וואַסער. מען האָט געמוזט דאָס וואַסער פריהער איבערקאָכען. די שטאָט, דאָס מיינט קהל, האָט דאַן אויפגעפעפנט אַ צאָהל פרייע טיי־פלעצער, וואו מען האָט עטליכע מאָל אַ טאָג געטיילט פריי טיי מיט צוקער. אמת, דער צוקער איז נאָר געווען אַ זכר פון צוקער. אַ „קלעצעלע" צוקער האָט מען „געאַכטעלט" און איין אַכטעל פלעגט מען געבען צו אַ גלאָז, נאָר אַזוי ווי צופיל „צובאַלעוועט" איז מען ניט געווען און קיין געלט האָט דאָך דאָס ניט געקאָסט, איז מען געווען צופרידען מיט דעם אויך . . .

זעהר פיל הילף האָט דאַן געלייסטעט די חברה לינה, וועמעס מיטגלידער האָבען געווידמעט פיל צייט און ענערגיע צו באַקעמפען די כאָלערע און צו דערמוטיגען די משפחות פון די קראַנקע.

אזוי איז אריבער דער גאַנצער חודש אלול, עס איז אויך אַריבער ראש־השנה, און מען האָט זיך דערנעהענטערט צום יום־כיפור — און די לאַגע האָט זיך ניט פאַרבעסערט.

פאַר דעם טאָג יום־כיפור האָט מען זיך שטאַרק געשראָקען, ווייל אויף אַ הונגעריגען, אָפּגעשוואַכטען קערפּער, האָט די קראַנקהייט אַ גרעסערע שליטה, און מען האָט אָנגענומען ספּעציעלע פּאַרזיכטס־מיטלען. פון בית־דין האָט מען פאַראָרדענט, אז דעם יאָר זאָל מען אין די בתי־תפילה ניט אויסשפרייטען קיין שטרוי אויפ׳ן דיל. יעדען יאָר פלעגט מען אויף יום־כפּור אויסשפרייטען דאָס שטרוי, כדי עס זאָל זיין ווייך אונטער די פיס, ווייל מען געהט דאָך אָהן שיך און דעם גרעסטען טייל פון טאָג פלעגט מען שטעהן אויף די פיס. פלעגט אָבער פון שטרוי ווערען אַ גרויסער שטויב, באַזונדעס ביים פאַלען „כורעים" . . . דעריבער האָט מען דאָס שטרוי מיט׳ן שטויב דעם יאָר אָפּגעשאַפט. בית־דין האָט אויך אין יעדען בית־מדרש אריינגעשיקט אַ פלאַש ווייץ און אָנגעשניטענע שטיקלעך, וויניגער ווי אַ כזית, חלה, אין פאַל טאָמער וועט אימיצען חס ושלום ווערען ניט גוט, זאָל זיין גלייך וואָס צו געבען אין מויל. אויסער דעם האָט מען אין יעדען בית־מדרש, וואָס איז געווען וויט פון צענטער פון שטאָט, אריינגעשיקט אַ פעלדשער אָדער אַ דאָקטאָר כדי, אויב עמיצער וועט קראַנק ווערען, זאָל זיין ווער עס זאָל אים ראַטעווען.

אין קאַרטשיזנער בית־המדרש האָט מען אריינגעשיקט וועלוועל דעם רופא, וואָס האָט געוואוינט אויף כאָלאָדאָיסקער גאַס. ער איז געווען פאַר־רעכענט פאַר אַ מומחה אויף — ציין רייסען . . . (קיין דענטיסטען זיינען נאָך דאַן אין וואָלקאָוויסק ניט געווען).

די פּאָליציי האָט זיך אָבער מיט ד׳י מיטלען ניט באַגנוגענט און ערב יום־כיפור בייטאָג, האָט זי פאַר׳חתמ׳עט אַלע ווייבערשע שוהלען. מיט וויפיל

קללות די ווייבער האָבן געשאָלטען דער פּאָליציי קען מען זיך פאָרשטעלען, אָבער העלפען דערצו האָט מען ניט געקענט. דער בית־המדרש אויף קאַר־טשיזנע, אין וועלכען מיר האָבן געדאַווענט, האָט געפונען אַן עצה: אזוי ווי צוויי זייטען פון בית־המדרש, מזרח זייט און צפון זייט, האָבן אַרויס־געקוקט צו אַ הויף פון ברעטער וואָס האָט באַלאַנגט צו הושיע נאקדימאַן, האָט מען ביי די ווענט אויפגעקלאַפּט טישען און בענק און אזוי ווי דער יועטער איז געווען שעהן און מילד, האָבן די פרויען דאָרט געדאַווענט.

די פרויען האָבן זיך געוויצעלט, אז זייערע תפילות וועלען גיכער דערגרייכען דעם הימעל. זיי וועלען פאַרשפּאָרען דורכגעהן דורך דער סטע־ליע און דעם דאַך . . .

דעם יום־כפור אינדערפריה האָט מען זיך געשטעלט דאַווענען שפּעטער ווי געוועהנליך. קיין פּיוט האָט מען אינגאַנצען ניט געזאָגט, נאָר די וויכטיגע תפילות און ביי זיי האָט מען אויך צופיל ניט מאריך געווען. די לײדיגע צייט וואָס איז געווען דורכ׳ן טאָג, האָט מען פאַרבראַכט אינדרויסען, אויף דער פרייער לופט. אזוי איז דער יום־כפור אריבער בשלום אָהן נייע קראַנק־הייט־פאַלען. מען האָט פרייער אָפּגעאָטעמט און מען איז זיך צעגאַנגען מיט גרינגע הערצער.

## ונקם ישיב לצריו

אין צוזאַמענהאַנג מיט יענעם מוצאי יום־כפור קומט מיר ארויף אויפ׳ן זינען דער פאָלגענדער עפּיזאָד:

דער בעל־מוסף ביי אונז אין קאַרטשיזנער בית־המדרש איז, ווי פריער געזאָגט, געווען עפראַיקע בלומיעס. דער עפראַיקע איז געווען אַ שעהנער האַרציגער בעל־תפילה. ער איז בכלל געווען אַ ליבער און צוגעלאָזענער מענש. געוואוינט האָט ער אויף זאַפּאָליע, אַ גוי׳אישער ישוב לעבען שטאָט, וואו ער האָט געהאַט אַן אייגענע הויז און אַ שטיקעל פעלד. אויסער דעם, פלעגט זיין פרוי, בלומע, אַביסעל צוהאַנדלען. בלומע, איז געווען אַן אשת־חיל און אַ האַלבע דאָקטאָרקע — „אַ האַלדז ספּעציאַליסטקע״. פלעגט ביי עמיצען פון די שכנים זיך אַ קינד באַקלאָגען אויפ׳ן האלז, פלעגט מען רופען בלומע׳ן זי פלעגט קומען אַ קוק טאָן אין האַלז, און באַלד פעסטשטעלען אז עס איז זאַוואַלקעס (טאָנסילס). זי פלעגט דאַן מיט׳ן פינגער „אָפּקוועטשען״ און זאָגען, אז מען וועט „געגעזען״ ווערען. צי מען איז „געגעזען״ גע־וואָרען איז אַן אַנדערע פראַגע . . .

קיין געלט פלעגט עפראַיקע פאַר׳ן דאַווענען ניט נעמען, נאָר פון בית־המדרש פלעגט מען אים אַריינשיקען אַ מתנה צוקער און טיי, כדי ער זאָל טרינקען זיסען טיי און האָבען אַ ריינע, זיסע שטימע . . .

יענעם מוצאי יום־כיפור, נאָכ'ן מעריב, האָט מען אויפגעעפּענט דאָס פלעשעל וויין, וואָס בית־דין האָט געהאַט אַריינגעשיקט, געמאַכט „הבדלה" און גענומען אַ „קאַפּעטשקע". עפראָיקע האָט געהאַט אַ שוואַכען „בית־קיבול", ווי נאָר ער פלעגט נעמען אַביסעלע אַלקאָהאָל, פלעגט ער שוין ווערען בגילופנ'דיג. ווען ער איז אהיים געקומען (פון בית־המדרש צו זיין היים איז געווען אַ היבש שטיקעל וועג), האָט אים זיין פרוי געפרעגט צי ער האָט שוין געמאַכט „הבדלה" — האָט ער געענטפערט, אַז ניין. האָט ער געמאַכט נאָך אַמאָל „הבדלה", און איז געוואָרען גאַנץ פרעהלעך און אַנשטאָט אָפּפּאַסטען איז ער אַוועק צו די פּאָר אידישע שכנים זיי צו ווינשען אַ „גוט יאָר". ער איז אויך געווען ביי אונז, האָט אָנגעוואונשען, און איז אַוועקגעגאַנגען.

עטליכע מינוט שפּעטער, איז צו אונז אריינגעקומען אַ גוי, אַ שכן, און אונז דערצעהלט אויף זיין לשון: „עפראָיקע ספּוואָיע אי טאַנצויע", דאָס הייסט, עפראָיקע זינגט און טאַנצט. ווען מיר זיינען אַרויס אינדרויסען האָבען מיר געזעהן ווי עפראָיקע איז געשטאַנען אויף אַ בערגעל און אַ רעדעל גויים אַרום־אים, און ער האָט געטאַנצט און געזונגען „ונקיתי דמם לא נקיתי . . . ונקם ישיב לצריו", טייטלענדיג דערביי אויף די גויים מיט'ן פינגער.

די גויים זיינען געשטאַנען פאַרוואונדערט. ביי זיי, אַז עמיצער שיכור'ט זיך אָן, שלאָגט ער זיך, מאַכט סקאַנדאַלען, און דאָ איז געשטאַנען עפראָיקע און האָט געזונגען „מאָליטוועס" (תפילות). עס איז געווען אַן אויסערגעוועהנליך בילד דאָס צוצוזעהן, און די האַלבע אונטערגעהענדע לבנה האָט נאָך צוגעגעבען אַ געלבליכען, מיסטעריעזען שיין, צום בילד.

עס איז שוין עטליכע און פופציג יאָר זינט דאָס האָט פּאַסירט, און דאָך קלינגט מיר נאָך אין די אויערען עפראָיקע'ס זינגען יענעם מוצאי יום־כפור אויף דער נאַכט: „ונקיתי דמם לא נקיתי . . . ונקם ישיב לצריו . . ." הלוואי זאָלען מיר זוכה זיין, אַז דאָס זאָל מקוים ווערען גאָר אינגיכען, במהרה בימינו.

**
*

אָט דער דאָזיגער דור קאַרטשיזנער אידען, אָט די אַלע וואוילע און ליבע אידען, זיינען שוין לאַנג געשטאָרבען.ליידער זיינען אויך אַלע זייערע קינדער און אייניקלעך — אויסער די וועלכע האָבען אויסגעוואַנדערט פאַר'ן צווייטען וועלט־קריג קיין ארץ־ישראל, אַמעריקע און אַנדערע לענדער — אומגעקומען דורך די רוצח'ישע נאַציס צוזאַמען מיט דער גאַנצער וואָלקאָווויסקער אידישער געמיינדע. ה' ינקום דמם.

# אָסטראָגער גאַס (קאָשטשושקע)

פון **הרב יעקב זאַקהיים**, ניו־יאָרק

געווידמעט מיינע עלטערן שלמה און דוואָשע,
און מיין שוועסטער טייבע.

צווישען די אָנגעזעהענע גאַסען פון אונזער געבורטס־שטאָט וואָלקאָוויסק האָט די אָסטראָגער גאַס פאַרנומען אַ זעהר חשוב'ען פּלאַץ. דער נאָמען איז איר צוגעטיילט געוואָרען אַ דאַנק די צוויי טורמעס וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען: די אַזוי־גערופענע „רויטע טורמע" פאַר די מילדערע אַרעסטאַנטען (דאָרט פלעגען אויך אָפּמאָל זיצען אידען פון די אָרימע שיכטען פאַר אַ פּראָטאָקאָל, וואָס מען האָט צונויפגעשטעלט געגען זיי פאַר ניט רייניגען דעם ברוק אָדער דעם טראָטואַר — אין איינקלאַנג מיט די דעמאָלסדיגע שטרענגע אַזוי־גערופענע „טשיסטאָטאַ"־געזעצען), און אַביסעל ווייטער, אויפ'ן וועג צו קאַרטשיזנע, די „ווייסע טורמע" פאַר האַרבערע פאַרברעכענס, ווי צום ביישפּיל: גניבות, מאָרדען, פּאָליטישע טעטיגקייטען א. אַז. וו. און הגם דער נאָמען פון דער דאָזיגער גאַס האָט ניט געקלונגען אַזוי שעהן — ווייל אויך אויף רוסיש האָט מען די גאַס גערופען מיט'ן נאָמען „אוליצאַ טיורעמ־נאַיאַ" (טורמע־גאַס), — האָט דאָס גאָרניט געשטערט דערצו, אַז דווקא אין דער אָסטראָגער גאַס זאָלען וואוינען פילע גבירים, דיינים און מורי־הוראה, כלל־טוער און סתם „שעהנע אידען", וועלכע האָבען פאַרנומען די „מזרח־וואַנט" אין דעם קהל'שען לעבען.

## דער אָסטראָגער בית־המדרש

איידער מיר וועלען שילדערען די פאַרשיידענע קאָלירפולע פּערזענליכ־קייטען און טיפּען פון דער אָסטראָגער גאַס, איז כדאי זיך אָפּצושטעלען אויף דעם אָרט, וואָס האָט אין זיך פאַראייניגט אָרעם און רייך און וואָס צווישען זיינע ווענט, די אַזוי־גערופענע „כתלי בית־המדרש", האָבען סיי די מזרח־אידען און סיי די אידען וועלכע זיינען געזעסען הינטער דער בימה זיך פאַר־אייניגט אין איין עדה און פון דאָרט צוזאַמען אַרויפגעשיקט זייערע בקשות צום רבונו של עולם — און דאָס איז ד ע ר ב י ת ־ ה מ ד ר ש פ ו ן




אָסטראָגער (קאָשטשושקע) גאַס

ר׳ מאיר ראָזענבלום, אָדער ווי מען האָט אים גערופען אין וואָלקאָוויסק בקיצור „ר׳ מאיר׳קעס בית־המדרש״.
דער דאָזיגער בית־המדרש איז געווען גאַנץ קליין געבויט, נידעריג און אָהן ספעציעלע קינסטליך־אויסגעשניצטע דברי־קדושה, ווי עס איז געווען דער מנהג אין יענע יאָרען אויסצופוצען דעם ארון־הקודש, דעם עמוד און די בימה מיט פאַרשיידענע האַנט־אַרבייטען. דאָך האָט דאָס קליינע בית־המדרש׳על אין זיך פאַרקערפערט אַ שטיק לעבען פון דער אָסטראָגער גאַס, ווייל דאָרט, אינ׳ם בית־המדרש, האָט מען זיך שטענדיג געקענט דערוויסען וועגען אלע נייעסטע פּאַסירונגען אין שטאָט און אין דער וואָלקאָוויסקער אומגעגענד: אַ לויה, אַ ברית, אַ חתונה, אָדער גאָר אַ וויכטיגע פאַרזאמלונג ביים רב אין שטאָט מיט די שבעה טובי־העיר, אָדער סתם אַ מחלוקת, וואָס צוויי בעלי־בתים, וועלכע זיינען אויך געווען שכנים, האָבען געהאַט צווישען זיך. — אַלעס, אַלעס האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג צווישען די ווענט פונ׳ם בית־המדרש.

דער גרינדער פון דעם בית־המדרש איז געווען ר׳ מאיר ראָזענבלום, וואָס אויף זיין נאָמען האָט מען טאַקע דעם דאָזיגען מקום־קדוש גערופען. ער איז געווען אַ גרויסער בן־תורה, אַ פאַרמעגליכער, און ווי מען האָט



אייזיק ניימאַן

דערצעהלט, האָט ער אויך אליין אויפגעשטעלט די געביידע. ער איז דעריבער דאָרט געווען דער בעל־מוסף אין די ימים־נוראים און אויך דער בעל־תוקע. דערצו איז ער אויך געווען אַ מוהל מומחה על מנת שלא לקבל פרס.

מיט ר' מאיר'קען האָט מיטגעאַרבייט דער דעמאָלסדיגער דיין פון שטאָט, הרב ר' יעקב אברהם שטיין, וועלכער האָט גע'שמ'ט מיט זיין לומדות און גרויסקייט. וועגען אים פלעגען אידען דערצעהלען, אַז יום־כיפור, צווישען די הפסקות, פלעגט ער דורכלערנען גאַנץ מסכת יומא מיט אַלע מפרשים. אידען פון דער אָסטראָגער גאַס פלעגען אויך דערצעהלען וועגען אים, אַז אין יאָר תרמ"ו (1886), בשעת ס'איז פאָרגעקומען די גרויסע שריפה, וואָס האָט חרוב געמאַכט אַ גרויסען טייל פון שטאָט, איז די אָסטראָגער גאַס ניצול געוואָרען פון פייער — אַ דאַנק דעם זכות פון'ם דיין ר' יעקב אברהם, וועלכער האָט דאַן מתפלל געווען, אַז דאָס פייער זאָל זיך אָפּשטעלען.

## אייזיק ניימאַן

אייזיק ניימאַן פון דער אָסטראָגער גאַס איז געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס אַ גרויסער כלל־טוער. נאָך פון זיין יוגענד־אָן איז ער געווען באקאַנט מיט די מענשען פון דער „נאַטשאַלסטוואָ", און ער פלעגט תמיד דורך זיי

אויס׳פועל׳ן פאַרשיידענע טובות פאַר אידען. אַ דאַנק זיין אינטערווענץ זיינען אַ סך פּריזיוניקעס באַפרייט געוואָרען פון מיליטער־דינסט.

אין די שפּעטערע יאָרען איז ער געווען גבאי פון ר׳ מאיר׳קעס בית־המדרש און אויך פון דער וואָלקאָוויסקער „חברה קדישא״. אין אַ טויט־פאַל פלעגט מען גלייך קומען צו אייזיק ניימאַן, כדי ביי אים צו דערליידיגען אַלע נויטיגע פאָרמאַליטעטען, ווי צום ביישפּיל, קרקע, דאָס הייסט, אויף וועלכען פּלאַץ און לעבען וועמען מען זאָל דעם מת מקבר זיין, אויך וויפיל קבורה־געלט מען זאָל ביי די יורשים נעמען. אין שטאָט האָט מען אים געהאַלטען פאַר אַ גאַנץ קלוגען מענשען. מען פלעגט אפילו אָפטמאָל קומען צו אים מיט אַ בוררות. נאָכדעם ווי הרב הגאון ר׳ אבא יעקב הכהן באָרוכאָוו האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל, האָט מען אויך באַשטימט אייזיק ניימאַן אַלס אַ מיטגליד פון דער שטאָטישער קאָמיטע צו דערוועהלען אַ נייעם רב. און אייזיק ניימאַן איז טאַקע דאַן געפאָרען קיין יאַגוסטאָוו, וואו הרב ר׳ יצחק קאָסאָווסקי שליט״א — היינט רב הכולל אין יאָהאַניסבורג, דרום־אפריקע — איז דאַן געווען מרא דאתרא. און ווי אַלעמען איז באַקאַנט, איז טאַקע ניימאַנ׳ס קאַנדידאַט, הרב קאָסאָווסקי שליט״א, שפּעטער דערוועהלט גע־וואָרען צום וואָלקאָוויסקער כסא הרבנות. די לעצטע יאָרען פון זיין לעבען איז ער שוין געווען שוואַך און קראַנק, און ער פלעגט פאַרברענגען זיינע טעג און ליידיגע צייט אין דער געזעלשאַפט פון וואָלקאָוויסקער גוט־באַ־קאַנטען פעלשער פאַדאַראָווסקי, וועלכער פלעגט זיין אַן אָפטער אריינגעהער ביי אים אין הויז. אייזיק ניימאַן איז געשטאָרבען ערב סוכות 1929, אין עלטער פון 81 יאָר.

איינער פון זיינע זיהן, אברהם, איז געווען פאַר אַ לאַנגער צייט דער ערשטער נאַטשאַלניק פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע און האָט פיל בייגע־שטייערט צו איר אַנטוויקלונג. זיינער אַ צווייטער זוהן, הענאָך, איז געווען אַ באַקאַנטער סוחר און אָרענדאַר פון הויפען. ער איז אויך געווען אַן איבער־געגעבענער ציוניסט און פלעגט שטענדיג ביישטייערען פאַר די ציוניסטישע פאָנדען.

## בערל איטשע פינחאַסאָווסקי

בערל איטשע פינחאַסאָווסקי, אָדער, ווי מען האָט אים גערופען אין שטאָט קורץ און אָהן טיטולען „בערל איטשע״, איז געווען אַ באַקאַנטע פערזענליכקייט אויף דער אָסטראָגער גאַס. זיין פאָטער האָט געהייסען שלמה בערל אָסטראָגער׳ס, ווייל ער האָט געוואוינט לעבען דער „ווייסער טורמע״, אין דער פּריצישער גאַס, ביים בריק. פון זיין פריהסטער יוגענד איז בערל איטשע געווען אַ ישיבה־בחור אין דער באַוואוסטער סלאָנימער


בערל (דוב) פינחאַסאָווסקי

ישיבה, וואו ער האָט זיך זעהר געפּלאַגט. ער האָט מקיים געווען וואָס דער תנא זאָגט אין פּרקי אבות — „פּת במלח תאכל ומים במשורה תשתה, ועל הארץ תישן וחיי צער תחיה" — אין פולען זינען פון וואָרט. ער האָט זעהר פריה חתונה געהאַט. איז שפּעטער געוואָרען אַ סוחר, אָבער האָט קיינמאָל קיין גליקען ניט געמאַכט. ער האָט געהאַט אַ יוגענדליכען געמיט און אַ שטאַרקע פאַר־שטענדעניש פאַר'ן יונגען דור. דערצו איז ער געווען אַ גרויסער וויצלינג. אַ קוואַל פון שאַרפזיניגע גלייכווערטלעך האָט תמיד געשטראָמט פון זיין מויל. ער פלעגט זיצען לאַנגע שעה'ן אין ר' מאיר'קעס בית־המדרש און לער־נען. אין יענער צייט איז אָנגעקומען קיין וואָלקאָוויסק אַ נייער רב, ר' יונתן עליאַשבערג, וועלכער איז געווען אַ חכם און אַ גוטער מטיף. בערל איטשע פינחאַסאָווסקי איז געוואָרען אַ יוצא־ונכנס ביים רב אין הויז. און ווייל ער איז געווען זעהר אַ קלוגער מענש מיט אַ שכל הישר, האָט אים דער רב פאָרגעשלאָגען צו זיין אַ בורר. אַ דאַנק זיין גרויסער מענשען־ליבע און שטענדיגער גרייטקייט צו קומען צו־הילף אַנדערע מענשען, האָט ער זעהר מצליח געווען אויף דעם געביט פון בוררות און האָט זיך געמאַכט אַ גוטען שם אַלס אַ בורר, ניט נאָר אין וואָלקאָוויסק נאָר אויך אין דער אומגעגענד.

ער איז אויך אייניגע יאָר געווען דער גבאי פון דער גרויסער שוהל און שפּעטער — נאָכ'ן טויט פון אייזיק ניימאַן — איז ער אויך געוואָרען גבאי פון דער חברה קדישא. ער האָט אויף זיין אייגענער איניציאַטיווע געגרינדעט אין אַ קליינעם מאַסשטאַב אַ חברה „לינה", וועמעס מיטגלידער פלעגען געהן צום קראַנקען אין הויז, און אים באַהאַנדלען אין די נאַכט־שעה'ן. די דאָזיגע חברה האָט עקזיסטירט אייניגע יאָר און האָט געטאָן גוטע אַרבייט. ווען דער „חפץ־חיים" איז געקומען קיין וואָלקאָוויסק צו גרינדען דאָרט אַ חברה ש"ס, האָט ער זיך אויך געווענדעט צו בערל איטשע ער זאָל העלפען דאָס דורכפירען. די זאַך איז טאַקע צושטאַנד געקומען אין מויער בית־המדרש. אויסער דעם פלעגט אויך בערל איטשע אַליין לערנען טעגליך משניות מיט'ן עולם אין ר' מאיר'קעס בית־המדרש, און אין דער אָפּוועזנהייט פון ר' משה נאַכינזאָן, פלעגט ער אויך לערנען מיט'ן עולם דעם דף־יומי אין דער גמרא. בערל איטשע איז בדרך כלל געווען זעהר אַן אַקטיווער מענש און באַליבט און געשעצט פון אַלעמען. מען פלעגט זיך מיט זיין מיינונג רעכענען ביי אַלע קהלש'ע אָנגעלעגענהייטען, ווי ביים אויפנעמען אַ נייעם רב, אַ שוחט, אָדער אַ חזן, און בכלל אין טאָג־טעגליכען קהל'שען לעבען. ער איז געשטאָרבען אין עלטער פון 80 יאָר.

## ר' ירחמיאל דניאל

הרב ר' ירחמיאל דניאל, דער ראש־הישיבה, האָט אויך געוואוינט אין דער אָסטראָגער גאַס. ער איז געווען באַוואוסט אַלס אַ גרויסער למדן און אַ בקי אין ש"ס ופוסקים. אַלס יונגערמאַן האָט ער געלערענט גמרא מיט די רייכסטע און לומדישע בחורים פון שטאָט. עס פלעגט זיין אַ זכיה ביי אַ יונגען בחור'על צו האָבען אים פאַר זיין מלמד. הרב ר' ירחמיאל איז געבוירען געוואָרען אין איזאַבעלין, 14 וויאָרסט פון וואָלקאָוויסק (וואו הרב ר' יצחק אלחנן, דער קאָוונער רב, האָט פאַרנומען זיין ערשטע רבנות־שטעלע). ר' ירחמיאל האָט געלערענט אין וואָלאָזשין און דאָן, אַלס אַ פּרוש, אין איישישאָק. ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט אין וואָלקאָוויסק מיט ר' חיים לייב'ס אַ טאָכטער, און איז פאַרבליבען וואוינען אין וואָלקאָוויסק זיין גאַנץ לעבען. ער איז אין זיין צייט געווען פאַררעכענט פאַר איינעם פון די איינפלוסרייכסטע אידען אין שטאָט. ער פלעגט אומאָפיציעל מיטאַרבייטען אַלס דיין ומו"צ ביי הרב הגאון ר' אבא יעקב באָרוכאָוו און שפּעטער ביי הרב הגאון ר' יצחק קאָסאָווסקי שליט"א. מען פלעגט קומען צו אים מיט בוררות'ן און פאַרפּלאָנטערטע ענינים פון געשעפטסלייט און דיני־ממונות און איבערהויפּט אין פאַלען ווען מען האָט געוואָלט פאַרמיידען, אַז

די סכסוכים זאָלען קומען „בערכאות של עכו״ם״. אויך מיט טעגליכע שאלות פלעגען די אידען פון דער אָסטראָגער גאַס קומען צו אים ער זאָל פּסק'נען יו׳עגען אַ הון, אָדער אַ טעפּעל מיט אַ לעפעל פון בשר בחלב א. אַז. וו. פיזיש איז ער געווען זעהר שעהן געבויט און איז געווען אַ בעל הדרת־פּנים. ער איז נפטר געוואָרען אין וואָלקאָוויסק קורץ פאַר'ן אויסברוך פון צווייטען וועלט־קריג.

## ר' משה נאַכינזאָן

רי משה נאַכינזאָן האָט זיין גאַנץ לעבען געוואוינט אין דער אָסטראָגער גאַס — ער איז דאָרט געבוירען געוואָרען, דאָרט דערצויגען געוואָרען און האָט אויך דאָרט חתונה געהאַט מיט ר' איטשע מאָסטער'ס טאָכטער, מירעל.

ר' משה נאַכינזאָן איז געווען אַ תלמיד־חכם. יעדען טאָג פלעגט ער פאַרלייענען דעם טעגליכען בלאַט גמרא פאַר'ן עולם צווישען מנחה און מעריב אין ר' מאיר'קעס בית־המדרש. ער איז געווען אַן אויסגעצייכענטער בעל־קורא און אויך אַ באַ'טעמ'טער בעל־תפילה אין די ימים־נוראים. ער פלעגט צייטענווייז איינגעלאַדען ווערען צו פאַרטרעטען ר' אברהם אליהו מאַרקוס דעם באַוואוסטען בעל־תפילה אינ'ם אַלטען מויער בית־המדרש. אין זיינע יונגע יאָרען איז ער געווען אַ בוכהאַלטער ביי ראַכמילעוויטש'ען. גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער איינגעאָרדענט, אויפ'ן וואָל־קאָוויסקער שטייגער, אַ גאַסט־הויז, וואוהין עס פלעגען פאַרפאָהרען די פּריצים פון די הויפען און אַנדערע גוי'אישע „פּאָמעשטשיקעס״, ווען זיי פלעגען קומען קיין וואָלקאָוויסק. שפּעטער איז ער אָנגעשטעלט געוואָרען אַלס בוכהאַלטער ביי אפרים באַראַש'ען אין פאַבריק, פונוואנען ער האָט געצויגען זיין חיונה. זיין זוהן שלמה, אָדער ווי מען האָט אים גערופען אין שטאָט, שלמה'קע נאַכינזאָן, האָט געלעבט אַ צייט אין אַרגענטינע. ער איז שפּעטער צוריקגעקומען קיין וואָלקאָוויסק, וואו ער האָט אויפגעעפענט אַן אַפּטייק אין דער ברייטער גאַס. זיין טאָכטער, ראָזע, האָט געענדיגט די רע־גירונגס־גימנאַזיע און האָט שפּעטער שטודירט מעדיצין אויפ'ן ווילנער אוני־ווערזיטעט. פאַר'ן אויסברוך פון צווייטען וועלט־קריג האָט זי פּראַקטיצירט אין סיימיקאָווען שפּיטאָל אין וואָלקאָוויסק.

## ר' משה יוסף ראַביץ

רי משה יוסף ראַביץ איז אויך באַוואוסט געווען אין שטאָט אַלס משה יאָסעל דער תבואה סוחר. ער איז געווען אַ זוהן פון טייבע דער מעל־שענקערקע פון וואָלקאָוויסק. ער איז געווען אַ רעליגיעזער מענש און אַ תלמיד־חכם. האָט באַלאנגט צו דער חברה ש״ס פון ר' מאיר'קעס בית־

המדרש. אַלס נאָך גאָר אַ יונגער בחור האָט ער חתונה געהאַט מיט מאַשע שבח, די עלטסטע טאָכטער פון הרב ר׳ יצחק בנימין (איטשע ניאָמע) שבח, דעם ראש הישיבה פון רוזשנאַי, וואָלקאָוויסק און בריסק דליטא. זיין הויפּט־פּרנסה האָט ער געצויגען פון תבואה־האַנדעל און האָט אויך געהאַט אַ קראָם אין זיין אייגענעם בנין. ער איז געווען פאַררעכענט פאַר איינעם פון די ראַיעלסטע סוחרים אין שטאָט און צווישען די חשוב׳ע מתפללים אין ר׳ מאיר׳קעס בית־המדרש. ער איז נפטר געוואָרען אין וואָלקאָוויסק אין 1939. משה יוסף׳ס טאָכטער, עטעל, האָט חתונה געהאַט פאַר יוסף אַלפּערשטיין און האָט געוואוינט אין רוזשנאַי. איר זוהן, נחום אלפערשטיין, געפינט זיך איצט אין ארץ־ישראל. הערשעל ראַביץ, משה יוסף׳ס זוהן, וועלכער לעבט היינט אין אַמעריקע, איז אויך געווען צווישען די גרויסע סוחרים אין וואָל־קאָוויסק. אַמאָל איז ער געווען אַ פּאָדריאַדטשיק און פלעגט האַנדלען מיט תבואה. ר׳ משה יוסף׳ס אינגסטע טאָכטער, דוואָשע, האָט געהייראַט פאַר שלמה׳קע זאַקהיים.

## ר׳ שלמה אליעזר זאַקהיים

ר׳ שלמה אליעזר זאַקהיים, מיין פאָטער, אָדער, ווי מען האָט אים גע־רופען אין דער אָסטראָגער גאַס, שלמה׳קע זאַקהיים, איז געווען זעהר אַן אָרענטליכער מענש און אַ יודע־ספר. ער האָט באַזיצט פילע ידיעות אין תנ״ך און אין תלמוד. ער איז געבוירען געוואָרען אין דער געגענד פון קאָסעווע, גראָדנער גובערניע. זיין פאָטער, דוב בער, איז געבליבען גאָר יונג אַ אלמן. אַלס דער עלטסטער זוהן, האָט ר׳ שלמ׳קע גענומען אויף זיך, נאָך אין גאָר יונגען עלטער, די דאגה פאַר פרנסה און שוין אַלס יונגער בחור׳על איז ער געוואָרען אַ וואַלד־הענדלער אַרום רוזשנאַי, וואו ער האָט אויך שפּעטער איינגעהאַנדעלט אַן אייגענע הויז. ער האָט חתונה געהאַט מיט דוואָשקע ראַביץ, די אינגסטע טאָכטער פון משה יוסף ראַביץ. נאָך דער חתונה האָט ער זיך ווידער באַזעצט אין וואָלקאָוויסק און האָט צוריק אָנגעהויבען האַנדלען מיט וועלדער. דאַן זיינען אָבער ארויס די רעגירונג׳ס גזירות, לויט וועלכע מען האָט פאַרבאָטען אויסצוהאַקען די וועלדער, און ר׳ שלמ׳קע האָט אָנגעפאַנגען צו האַנדלען מיט תבואה אין דעם שפּייכלער פון זיין שווער, ר׳ משה יוסף ראביץ. ער האָט זיך מיט דעם באַשעפטיגט ביז׳ן אויסברוך פון צווייטען וועלט־קריג, און אלס אזעלכער האָט ער זיך דערוואָרבען אַ גוטען נאָמען אלס איינער פון די ראַיעלסטע און אָרענטליכסטע סוחרים אין שטאָט. ער האָט אַ זוהן אין אַמעריקע (דער שרייבער פון די שורות) און אַ טאָכטער, זהבה זאַקהיים־לעוו, אין חיפה. זיין טאָכטער, טייבע,




אויטאָבוסען־סטאַנציע לעבען צערקווע

איז געבליבען אין וואָלקאָוויסק און האָט געטיילט דעם גורל פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג.

**ר׳ מרדכי גורעוויטש** איז געווען אַ איד אַ בן־תורה. ער האָט געהאַט אַ באַקאַליי־קראָם אין דער אָסטראָגער גאַס. פונוואַנען ער און זיין פרוי, באַשקע, האָבען געצויגען זייער פּרנסה. זיין זוהן, יעקב, איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער העברעאישער שולע אין וואָלקאָוויסק. ער האָט געוואוינט ביז׳ן לעצטען טאָג אין וואָלקאָוויסק.

**ר׳ מאיר וויינער** (מאיר דער שוסטער) איז געווען אַן איידעם פון דעם באַקאַנטען „שמעון דער מוליער״. מען פלעגט אים תמיד זעהן מיט אַ ספר אין האַנט. באַזונדערס איז ביי אים באַליבט געווען דער ספר „חיי אדם״. פלעגט עמיצער שטאַרבען אין שטאָט, פלעגט ער אַרומלויפען מיט אַ טרויעריגען פּנים, און מען האָט שוין פון זיין געזיכט געקענט לייענען די שלעכטע נייעס. ער האָט געהאַט אַ גוטען זכרון און פלעגט געדענקען אַלע יאָרצייטען אין וואָלקאָוויסק. געווען איז ער זיין גאַנצען לעבען אַן אָרעמאַן, אָבער אַ שׂמח בחלקו. זיינע צוויי זיהן, משהיקע און יאַנקעל, זיינען געווען אַקטיווע מיטגלידער אין דער פייערלעשער־קאָמאַנדע פון וואָלקאָוויסק. זיינע אַ טאָכטער איז לעבען געבליבען.

**לייב האַלפּערן** — אָדער, ווי מען פלעגט אים רופען, לייבע קאַלאַנ־טאַיער — האָט געוואוינט אין דער זייקעס געסעל, ביי דער אָסטראָגער גאַס. ער איז געווען אַן איידעם פון חיים משה באַטווינסקי פון קאַלאַנטאַיער מיהל. אין די אינגערע יאָרען האָט ער געאַרבייט אין מיהל, שפּעטער האָט ער גע־עפענט אַ גאַלאַנטעריי־געשעפט, אַנטקעגען פּאַליאַטשעק׳ס מויער. זיין פאַ־מיליע איז געווען פאַררעכענט צווישען די אינטעליגענטסטע פאַמיליעס פון שטאָט. זיין טאָכטער, גרונע, וועלכע איז געווען אַן אַקושערקע, פלעגט פאַרקערען אין די קרייזען פון די דאָקטוירים און דענטיסטען. אַ גרויסער טייל פון דער וואָלקאָווויסקער יוגענד, פון צווישען די ביידע וועלט־מלחמות, איז געקומען אויף דער וועלט מיט גרונע׳ס הילף.

***

ר׳ **שמואל האָלאנד** איז אויך געווען פאַררעכענט צווישען די חשוב׳ע בעלי־בתים פון שטאָט. ביי די קהילה־וואַלען אין וואָלקאָוויסק, פלעגט ר׳ שמואל תמיד זיין דער קאַנדידאַט אויף דער אָרטאָדאָקסישער ליסטע. ער איז געווען אַ וואַלד־הענדלער און אויך אַ מודד (מעסטער) ביי די גרויסע וואַלד־סוחרים. אין זיינע ערשטע פופציגער יאָרען האָט ער זיך צוריקגע־צויגען פון זיינע געשעפטען און זיך אינגאַנצען געווידמעט קהל׳שער אַר־בייט. פאַר פיל יאָרען איז ער געווען גבאי און קאַסירער אין ר׳ מאיר׳קעס בית־המדרש. ער איז געווען אַ זעהר איידעלער מענש מיט אַ גוט האַרץ, און פלעגט תמיד זיין גרייט צו העלפען אַנדערע מיט ראַט און טאַט. ער איז נפטר געוואָרען אָנפאַנג ווינטער פון יאָר 1929.

***

ר׳ **יששכר לידסקי** האָט געשטאַמט פון אַ דאָרף לעבען רוזשנאַי. זיין פרוי, צירעל, איז געווען אַ וואָלקאָוויסקער און האָט גע׳שמ׳ט אַלס אַ אשה משכלת. ער איז געווען זעהר דערפאָלגרייך אין זיינע געשעפטען, און איז מיט דער צייט פאַררעכענט געוואָרען, צוזאַמען מיט זיין שוואָגער, יצחק סאַלמאַן, צווישען די רייכסטע וואַלד־סוחרים. זיי האָבען זיך שפּעטער אַרי־בערגעקליבען קיין וואָלקאָוויסק, וואו זיי האָבען אויסגעבויט אַ זעהר שעהנעם מויער. יששכר לידסקי האָט געהאַט צוויי טעכטער, שיינדעל און העניע, און אַ בן־זקונים, הערשעל. אין דער אָסטראָגער גאַס האָט די פאַמיליע לידסקי־סאַלמאַן פאַרנומען אַ זעהר פראָמינענטען פּלאַץ. שפּעטער האָט יששכר אַראָפּגעבראַכט פון רוזשנאַי זיין פאָטער און האָט אים אויסגעהאַלטען ביי זיך.

**דר. העניאַך אַריאַנסאָן** איז געקומען פון ווילנע צו פראַקטיצירען אין וואָלקאָוויסק אַלס דאָקטאָר. ער האָט געעפענט זיין אָפיס אין דער אָס־טראָגער גאַס, אַנטקעגען דער „קאַסע סקאַרבאָווע״. די ערשטע צייט אין וואָלקאָוויסק איז פאַר אים געווען אַ שווערע; ער האָט זיך אָבער ביסלעכווייז אויסגעאַרבייט אַ גוטען נאָמען ניט נאָר אין שטאָט, נאָר אין גאַנצען פּאָוויאַט. ער איז געווען אַ שוואַכער אין געזונד, אָבער פלעגט זיין זעהר שטאַרק אײַ־בערגעגעבען זיין פּראָפעסיע. ער האָט געהאַט באַשטעלט ספּעציעל פאַר זיך אַ קאַרעטע, וועלכע איז געווען פאַרמאַכט פון אַלע פיר זייטען און פלעגט תמיד שטעהן גרייט צו זיין פאַרפיגונג. ער איז פון נאַטור געווען אַ גוטער מענש און פלעגט אלעמען פריינדליך אויפנעמען אין זיין קאַבינעט. ער האָט מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט אַלע וואָלקאָוויסקער אינסטיטוציעס. אין אויגוסט 1930, ווען ער האָט זיך געפונען ביי אַ חולה, האָט ער זיך פּלוצלונג דערשפּירט ניט גוט און איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזען דעם פּאַציענט.

געהענדיג צו זיך אַהיים האָט ער אויפ׳ן וועג געקראָגען אַ בלוט־שטורץ. ער האָט נאָך באַוויזען צו עפענען די טיר פון זיין וואוינונג און איז אײַנ־גאַנצען אַ באַגאָסענער מיט בלוט אַנידערגעפאַלען און געשטאָרבען.

דער פּלוצימדיגער טויט פון דעם פּאָפּולערען און פון אַלעמען באַליבטען דר. אַריאַנסאָן האָט געמאַכט אַ טיפען רושם אין שטאָט.

**די ברידער בערעזניצקי — יעקב, אברהם משה און פישעל** — האָבען געוואוינט לעבען די רוסישע מאָגילקעס, בשכנות מיט יעקב העניאַך יאַטוועצקי. יעקב האָט געהאַט אַ באַקאַליי־קראָם אין דער גראָדנער גאַס. אברהם משה איז געווען אַ איד אַ יודע ספר, אַ משכיל. ער פלעגט זיך תמיד חקרנ׳ען אין אַ פסוק חומש אָדער תנ״ך, אָדער אַ מאמר חז״ל. ער איז געווען אַ מטופל בבנים און דערצו זעהר אַ גרויסער אָרעמאַן. ער פלעגט העלפען שרייבען בריף קיין אַמעריקע און קיין ארץ־ישראל צו די קרובים און פריינד פון וואָלקאָוויסקער אידען. אָבער די הויפּט־פּרנסה איז געווען פון זיין פרוי׳ס נייטערייַ. פישעל האָט געהאַט אַ באַקאַליי־קראָם לעבען אייזיק ניימאַנ׳ס הויז. ער איז געווען אַ באַאַמטער אין דער וואָלקאָוויסקער עלעקטראָווניע, שפּעטער איז ער געוואָרען אַ בוכהאלטער. ער פלעגט תמיד שטאָלצירען דערמיט וואָס ער איז געווען אין זיינע יונגע יאָרען אַ תלמיד פון הרב ר׳ ירחמיאל.

**הערשעל ראַביץ** (לעבט היינט אין אַמעריקע), האָט געהאַט צוויי שיינע מויערען און איז געווען אַ תבואה־הענדלער. אַמאָל איז ער אויך געווען אַ פּאָדריאַדטשיק. זיינע קינדער האָבען באַקומען אַ זעהר גוטע דערציהונג. יעקב, זיין עלטסטער זוהן, איז געווען אַ געבילדעטער בחור און ער האָט חתונה

געהאַט מיט פייגעל פּערעלמאַניק; דער אַנדערער זוהן, דוד, איז געווען איינער פון די בעסטע שפּילער אין דער וואָלקאָוויסקער מכבי־מאַנשאַפט פון פוטבאָל, און דער אינגסטער זוהן, איצעל, פלעגט שפּילען אין דעם אָרקעס־טער פון דער פייערלעשער־קאָמאַנדע. זיינע צוויי טעכטער זיינען געווען טייבע און ראָזע. דוד און איצעל האָבען געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי ביים אויסברוך פון קריג אין 1939, אָבער זייער גורל איז אומבאַקאַנט. הערשעל׳ס פרוי, שפרה, איז געשטאָרבען אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

**אברהם ליפשיץ** פון האָטעל, וועלכער האָט געוואוינט געגענאיבער דעם פּאָסט־אָפיס איז געווען אַ באַלעבאַטישער איד. מען פלעגט אים רופען אברהמ׳על שלומ׳ס. אַחוץ דעם האָטעל האָט ער אויך פאַרמאָגט אייניגע הייזער. זיין זוהן, כתריאל, איז געווען אליעזר שאַליוטע׳ס אן איידעם און געווען באַקאַנט אין שטאָט אלס אַ זעהר פעהיגער און געלערענטער יונגערמאַן.

**הערשעל מאָרדעצקי** („הערשעל דער מולער״), איז געווען אַ נהנה מיגיע כפּיו; ער פלעגט ליב האָבען זיין מולעריי. ער איז געווען אייניגע מאָל אין אַמעריקע. אויף זיינע עלטערע יאָרען האָט ער איבערגעבויט זיין הויז און אויפגעגעבען זיין אַרבייט. זיין אינגסטער זוהן, יוסף (יאָסעל), איז געווען אַ פוטבאָל־שפּילער אין מכבי און פלעגט אויך שפּילען אין דעם פייערלעשער־אָרקעסטער. זיינע צוויי אַנדערע זיהן געפינען זיך אין אַמעריקע און זיין זוהן, חיים, לעבט אין ארץ־ישראל. הערשעל פלעגט זיין דער שטענ־גער בעל־תפילה אין ר׳ מאיר׳קעס בית־המדרש שבת צום ערשטען מנין. ער איז געשטאָרבען פאַר דער לעצטער מלחמה אין וואָלקאָוויסק.

**אהרן הירש גרינגאַס**, „דער פּאַקאָפּשטשיק״, האָט געוואוינט צו־זאַמען מיט זיין איידעם, אליהו זאַקלאַס, אַ היטעל־מאַכער. ער איז געווען א פריינדליכער און זעהר אַן ערליכער. אין זיינע יונגע יאָרען האָט ער גע־אַרבייט אין יאַנאָווסקי׳ס טאַבאַק־פאַבריק אין דער ברייטער גאַס. אויף די עלטערע יאָרען האָט ער שוין מער ניט געאַרבייט און פלעגט באַקומען שטיצע פון זיינע קינדער אין אַמעריקע. זיין זוהן און זיין טאָכטער,סימע, וועלכע איז פאַרהייראט צו יעקב פּאָדאָלינסקי (אברהם יצחק דעם סטאָליער׳ס אַ זוהן), וואוינעןביידע אין אַמעריקע.

**אברהם אהרן מנוך**, דער זוהן פון ר׳ צדוק הכהן מנוך, האָט נאָך זיין חתונה געוואוינט אַ צייט אין פּיעסק. אָבער נאָכדעם ווי זיין פאָטער איז אַוועקגעפאָרען קיין אַמעריקע, וואו ער איז געווען אַ רב אין דעטראָיט, האָט אברהם אהרן זיך צוריקגעצויגען קיין וואָלקאָוויסק און געוואָרען אַ „סאַדאָוו־



אָסטראָגער (קאָשטשושקע) גאַס
רעכטס: דער אריינגאַנג צו דער צענטראַלער פּאָסט; לינקס: די פייערלעשער געביידע

ניק״. ער פלעגט אָפּקויפן ביי די פּריצים די פּרוכט פון זייערע סעדער פאַר׳ן גאַנצען זומער און עס פאַרקויפען אין שטאָט. זיין ברודער, שמואל דוד, לעבט אין דעטראָיט. ווען ר׳ צדוק האָט נאָך געלעבט אין וואָלקאָוויסק פלעגט ער יעדען פרייטאָג־צו־נאָכט האַלטען דרשות אין בית־המדרש „עין יעקב״ אויפ׳ן שוהל־הויף. ער איז געשטאָרבען אין דעטראָיט.

**ר׳ מרדכי מורשטיין** איז געווען אַ שניידער פון פאַך, אָבער דערצו אויך אַ כלל־טוער. ער איז געווען גבאי פון חברה „נושאי המיטה״. ביי אים אין הויז פלעגען פאָרקומען די באַרימטע סעודות פון דער חברה. ער איז אויך געווען אַ קורצע צייט גבאי פון ר׳ מאיר׳קעס בית־המדרש. ער האָט געהאַט צוויי טעכטער: רחל, וועלכע האָט חתונה געהאַט אין ווילנע, און, באַשע, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיט יצחק טשאָפּער. זיין זוהן, יחזקאל, האָט גע־וואוינט אין דער גראָדנער גאַס. נאָך אַ זוהן זיינער לעבט אין אַמעריקע.

ביי מורשטיינ׳ען האָט אויך געוואוינט זיינע אַ שוועגערין, חנה שרה, וועלכע איז געווען אַ פאַרצייטיגער טיפּ פון אַ אשה צדקנית. אליין איז זי געווען אַן עלענדע און אַ פאַרקריפּעלטע (זי פלעגט הינקען אויף אַ פוס), דאָך

האָט זי אויף זיך גענומען די מיסיע פון העלפען די אָרימעלייט פון שטאָט. יעדען דאָנערשטאָג און פרייטאָג פלעגט זי אַרומגעהן מיט אַ גרויסען קויש איבער די הייזער פון די וואָלקאָוויסקער אידען און דאָרט צונויפקלייבען, ביי וועמען אַ נדבה, ביי וועמען אַ חלה אָדער קוכען, און עס שפּעטער צעטיילען צווישען די הונגעריגע. זי פלעגט פאַררעכענט ווערען אין שטאָט אַלס די פאַרזאָרגערין פון אָרימען קלאַס און מען פלעגט זיך צו איר באַציהען מיט גרויס כבוד און אַכטונג.

**בערעל סאַלמאַן** (בערעל דער אמיניטשער), אַ זוהן פון גדליה אַמיניטשער, איז געווען אַן עלטערער בחור, אַן אינטעליגענטער און באַוואוסטזיניגער און אויך אַ יודע־סופר. ער איז אמאָל געווען פון ר׳ ירחמיאל דניאל׳ס תלמידים. צוזאַמען מיט אים האָט אויך געוואוינט זיין ברודער, יעקב, אַ זייגערמאַכער, און זיין שוועסטער, שרה, מיט איר מאַן משה שיפּיאַצקי.

**חנה יענטע ראָזענבלום** האָט געוואוינט לעבען דעם פּאָסט־אָפּיס. דאָרט אין דער קליינער געביידע פלעגט זי זומער־צייט פאַרקויפען „מאָראָזשענע" (אייז־קרים) און לעמאָנאַד. אַהין פלעגט תמיד קומען זיך אָפּקילען די וואָלקאָוויסקער יוגענד פון דער אָסטראָגער גאַס אין די הייסע זומער־אָוונטען. דאָס ביידעל איז געווען ד׳ על ד׳, און ווען פיר מענשען פלעגען אַהין אריינקומען האָט מען זיך שוין ניט געקענט מער אַ קער טאָן. פונדעסטוועגען האָט חנה יענטע גע׳שמ׳ט אין גאַנץ וואָלקאָוויסק מיט איר אייגענאַרטיג געשמאַקער „מאָראָזשענע". איר מאַן, נחום, און אירע זיהן האָבען געהאַט אַ פאַבריקעל פון סאָדע־וואַסער אין דער כאַלאַדאָיסקער געסעל, אויפ׳ן וועג צום כאַלאַדיאָסקען בית־המדרש.

***

עס איז זעהר שווער אין די ראַמען פון אַן אַרטיקעל צו באַשרייבען אַלע כאַראַקטעריסטישע טיפּען, וועלכע די אָסטראָגער גאַס האָט באַזיצט אין אזא רייכער מאָס. אונזער וואָלקאָוויסק איז געווען אַ שטאָט וואו ס׳האָט געבליהט אַן איינגעוואָרצעלט אידיש לעבען אין משך פון פיל הונדערטער יאָרען. מיר זיינען בוכשטעבליך פאַר׳יתומ׳ט געוואָרען, פאַרלירענדיג דאָס שעהנסטע און דאָס בעסטע, וואָס מיר האָבען פאַרמאָגט, אויף אזא שוידערליך טראַגישען אופן. היינט־צו־טאָג מיינט וואָלקאָוויסק פאַר אונז — דער גאַנצער שטח פון אונזער היימשטאָט ביז טרעבלינקע און אוישוויץ, וואו די נשמות פון אונזערע ליבע און טייערע קדושים זיינען פאַראייניגט געוואָרען מיט מיליאָנען אַנדערע אידישע קדושים, וועלכע זיינען געפאַלען פון שונא׳ס האַנט מיט „שמע ישראל" אויף זייערע ליפּען.

# אַ טרער אויף דעם "וואָלקאָווויסקער לעבען"

## פון אליעזר קאַליר, פּתח תקוה

אין דעם שוידערליכען פאַרניכטונגס־פּראָצעס פון דער וואָלקאָוויסקער אידישער באַפעלקערונג דורך די טומאה'דיגע נאַציס, ימח שמם וזכרם, זיינען אומגעקומען, צווישען אלע אנדערע, מיינע אומפאַרגעסליכע חברים און פריינד: דער צאַרטער דיכטער ראובן רוטשיק און ראַפינירטער שרייבער און עספּעראַנטיסט מ. ל. קאַפּלאַן. וויפיל איך האָב זיך ניט באַמיהט צו באַקומען גענויערע פּרטים וועגען זייער „לעצטען וועג", וועגען זייער אומקום — האָט עס זיך מיר ניט איינגעגעבען. נאָר פון איינעם אַ פּליט, אַ געוויסען דר. נח קאַפּלינסקי, וואָס האָט מיטגעמאַכט מיט די וואָלקאָוויסקער אידען די עפּאָכע פון די בונקערס — האָב איך זיך בלויז דערוואוסט, אַז מאָטע־לייב קאַפּלאַן האָט די גאַנצע צייט געפיהרט אַ טאָג־בוך און האָט גע־האָפט אים אַמאָל צו פאַרעפענטליכען. ליידער האָט ער ניט זוכה געווען דערצו — און איז פאַרברענט געוואָרען צוזאַמען מיט זיינע שריפטען. ראובן רוטשיק, ווידער, האָט געלעבט שטיל, געדיכטעט שטיל און איז אומגעקומען שטיל, אז קיינער האָט אים ניט באַמערקט, און ולא ידע איש קבורתו. אויף מיינע אָנפראַגען ביי די לעבען־געבליבענע וואָלקאָוויסקער אין פוילען — האָט מען מיר געענטפערט בלויז די ווערטער: ניטאָ קיין רוטשיק, ניטאָ קיין קאַפּלאַן, ניטאָ קיין שכנא דוואָרעצקי, ניטאָ! און דאָס אַלעס!

וואָלט זיך מיר וועלען כאָטש מיט אַ פּאָר ווערטער דערמאָנען די צוויי טרוימער — די אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרען פון אונזער היימישער צייטונג „וואָלקאָוויסקער לעבען", וועלכע האָט אין פאַרלויף פון פופצעהן יאָר באַלויכטען דעם טאָג־טעגליכען לעבען פון אונזער שטאָט, געשטאַנען אויף דער וואַך פון אירע אינטערעסען און צוזאַמענגעבונדען מיט אומצערייס־באַרע פעדים אַלע וואָלקאָוויסקער אידען אין גאָר דער וועלט מיט זייער טייערער היים־שטאָט — וואָלקאָוויסק.



מיטגלידער פון דער רעדאַקציע פון „וואָלקאָוויסקער לעבען״
פאָטאָגראַפירט מיט׳ן באַוואוסטען שרייבער ז. סעגאַלאָוויטש
**אין יאָר 1928**

רעכטס צו לינקס, זיצען: ראובן רוטשיק, ז. סעגאַלאָוויטש, מרדכי לייב קאַפּלאַן;
שטייען: אליעזר קאַליר, מרדכי גילער.

ראובן רוטשיק — אַ זוהן פון אַ פּשוט׳ען טשעשלער אויף זאמאשטשע, האָט געלערענט אין תלמוד־תורה און אין ישיבות, פאַרפאָלקאָמט זיך אין תלמוד און אין אַלזייטיגער קענטניש פון דער העברעאישער שפּראַך. מיט דער צייט איז ער געוואָרען אַ לערער, פריהער אין וואָלקאָוויסק, דערנאָך אין ביאַליסטאָק. ער איז געוועזן דער ערשטער העברעאישער לערער פון צמח׳ען — דעם גרינדער פון „הבימה״. „רוטשיק האָט אין מיר איינגעפלאַנצט די ליבע צו דער העברעאישער שפּראַך, און אַ דאַנק רוטשיק׳ען איז אין מיר געבאָרען געוואָרען דער געדאַנק צו שאַפען אַ העברעאישע ביהנע״ — אַזוי האָט צמח ז״ל דערצעהלט, זייענדיג דעם לעצטען מאָל אין ארץ־ישראל. זיינע ערשטע לידער האָט רוטשיק פאַרעפענטליכט אין אַ קינדער־זשורנאַל „בן שחר״, דערנאָך אידישע לידער אין „יוד״ און אַנדערע אויסגאַבען. דיכטונג איז אים געקומען בירושה — זיין מוטער פייגעל רוטשיק, אַ פּשוט׳ע אידענע, האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אירע גראַמען. שפּעטער, ווען דער „וואָלקאָוויס־

קער לעבען״ איז דערשינען, פלעגט רוטשיק אָפּט דרוקען דער מוטער׳ס ברכות צו אירע קינדער ביי פאַרשיידענע פאַלען — געפלאָכטען אין פּרעכטיגע פאָלקסטימליכע גראַמען. ס׳דערמאָנט זיך אַן עפּיזאָד: ווען מיר האָבען צו־נויפגעשטעלט דעם מאַטעריאַל פון ערשטען נומער — איז רוטשיק אַוועק־געפאָרען אין ביאַליסטאָק איבערצוגעבען עס אין דרוק. דאָרטען, אין דרוק, האָט זיך עפּעס אָראָפּגעריסען אַ ברעט און פאַרוואונדעט רוטשיק׳ען אין קאָפּ — ער האָט זיך באַגאָסען מיט בלוט. מען האָט אים באַנדאַזשירט. גראָדע איז אין דרוק געווען פּסח קאַפּלאַן, דער רעדאַקטאָר פון ביאַליסטאָקער „דאָס נייע לעבען״ — ער איז צוגעגאַנגען צו רוטשיק׳ען און האָט אים גראַטו־לירט: „בדמיך חיי״ — דורך דעם בלוט וועט שוין די צייטונג לעבען.״ און זיין נבואה איז מקוים געוואָרען. 15 יאָר האָט זי געלעבט, און זי וואָלט נאָך געלעבט און געלעבט, ווען וואָלקאָוויסק וואָלט געלעבט!

מערקווירדיג, אז זייענדיג פון דער נאַטור אַן אומעטיגער און פאַר־טראַכטער — האָט ער גראָדע אָנגעפירט מיט דער הומאָריסטישער אָפּטיילונג פון „וואָלקאָוויסקער לעבען״, וואָס האָט געהייסען „דער לאַנד־חכם״. אויך פלעגט ער פון צייט צו צייט פאַרעפענטליכען פּרעכטיגע פערזען, אונטער׳ן נאָמען „היימישע ענינים״, וואו אין אַ לייכטען הומאָר און זעלטענעם ריטם — פלעגט ער דערצעהלען וועגען דיליידען און פריידען פון אידישען לעבען אין אונזער וואָלקאָוויסק. ראובן רוטשיק איז געווען אַ זעלטענער דיכטער. זיינע צאַרטע לידער זיינען פול מיט האַרציגקייט, בענקשאַפט און אומעט, און טראָגען אייך אַריבער אין אַנדערע וועלטען. אַן אנדער פּאָעט מיט זיין טאַ־לאַנט וואָלט מרעיש עולם געווען, זיין פּאָפּולאַריטעט וואָלט געווען גרויס, אָבער רוטשיק איז געווען דעם גאַנצען לעבען צניעות׳דיג און שטיל, האָט זיך ניט געריסען און ניט געשטופּט זיך צום אויבען־אָן, און איז אליין געווען אַ צוועהטאָגטער און איינזאַמער:

„ס׳געהט מיר ניט אין לעבען, כ׳וויים ניט ווי ביי אַלע —
מיר איז אַלץ דערווידער, אומדערגרייכבאַר הויך.
האַלט איך וואָס אין בויען — ווערט עס באַלד צעפאַלען,
גיט זיך ווען שוין איינעם איין — לאָזט זיך אוים אַ רויך.

כ׳האָב געהאַט אַ שוועסטער — איין און איינציג שטילע,
איין און איינציג ליבע, וואָס פאַרמאָגט די וועלט,
האָט אויך זי דער מזל ביין אַוועקגעריסען,
מיך געלאָזען איינזאַם אין דעם וויסטען פעלד.״

דעם זעלבען רוטשיק'ען דערקענט איר ניט ווען אין אַ לייכטען שפּילעוו־דיגען הומאָר באַשרייבט ער זיינע „היימישע ענינים" — דעם שפּרודעל־דיגען לעבען־שטראָם פון זיין און אונז טייערער שטאָט וואָלקאָוויסק:

„האָט זיך ווען געַחלומ'ט עמיצען אין שטעטעל,
אַז ס'זאָל דאָ אַ צייטונג קענען גאָר ערשיינען,
און די זעלבע צייטונג (אָדער רופט איר „בלעטעל")
זאָל ניט הערען קיינעם, ס'ארט איר קיינעמ'ס טענה'ן.
פאָרוועדטס געהט איר גאַנג, צעהלט שוין נומער הונדערט
און וועט געהן נאָך לאַנג . . .

וואָס איר זאָלט ניט זאָגען, ס'איז אַ פאַקט אין לעבען:
ס'האָט די שטעטעל איצטער גאָר אַן אַנדער פּנים.
ס'האָט די בלאַט געפּיל און גייסט אריינגעגעבען,
אַלע זיינען איצטער לויטער בני רחמנים.
מ'לאָזט ניט פאַלען קיינעם, און ניט לאַנג געטראַכט
ווערט געגעבען שטיצע, ווערט אַ הילף געבראַכט.
איז אַ שמחה, אָדער אויפ'ן הארצען זויער,
וויסען באַלד די קרובים אין דער וועלט דער גרויסער.
ווינשט מען זיך ביי שמחות, פילט מען מיט דעם טרויער
און עס ווערט די פריינדשאַפט שטאַרקער נאָך און הייסער
און אזוי פאַראייניגט ווערען איבעראַל
אַלע וואָלקאָוויסקער, אַלינקע אין כלל . . ."

ווער געשריהען! ס'איז ניט געבליבען פון אים קיין קינד, קיין זכר, קיין שטיקעל ביכעל — פון אַזוי פיעל פערעלדיגע שירים, און נאָר ווי אָרימע יתומים'לעך, אָהן אַ טאַטען און אָהן אַ מאַמען, וואַלגערען זיך אַרום אין פאַר־שטויבטע שמות פון זיין „וואָלקאָוויסקער לעבען" זיינע בריליאַנטענע לידער און מאָנען און בעטען זיך: „האָט רחמנות — איך בין רוטשיק'ס אַ ליד; ראַטעוועט אונז, מיר זיינען רוטשיק'ס, אייער ראובן רוטשיק'ס לידער..."

זאָל פאַרגאָסען ווערען אַ טרער פון וואָלקאָוויסקער אידען אין גאָר דער וועלט אויף אונזער דיכטער־מאַרטירער, וואָס איז געווען אַזוי צניעות'־דיג און הייליג אין זיין לעבען, ווי צאַרט און האַרציג אין זיין דיכטונג . . .

צוזאַמען מיט מרדכי לייב קאַפּלאַן און ראובן רוטשיק זיינען אויך אומ־געקומען די איבעריגע מיטאַרבייטער פון „וואָלקאָוויסקער לעבען": אַלטער



די אַרבייטער פון „וואָלקאָוויסקער לעבען"
רעכטס צו לינקס, ערשטע רייהע, זיצען: לעוו, מוליע קוויאַט, לאַפּין; צווייטע רייהע: קאָראַשינסקי, מאַזיע; דריטע רייהע, שטייען: קאַגאַן, אַ אומבאַקאַנטער, אַ אומבאַקאַנטער.

גילער, אַ יונגערמאַן אַ קרעמער, וואָס פלעגט שטעהן אין קרעמעל און וועגען אַ פונט זאַלץ, א לויט פעפער — און צווישען דעם זאַלץ און דעם פעפער אָפּוועגען און אָפּמעסטען אַ פרעכטיג ליד; שכנא דוואָרעצקי, וואָס איז געווען פון די גרינדער פון „וואָלקאָוויסקער לעבען", און א. צ. שוואַרץ, אַ לערער פון דער העברעאישער גימנאַזיע, וואָס פלעגט אָפט באַשיינען די שפּאַלטען פון דער צייטונג מיט זיינע וואונדערבאַרע לידער.

# In Memoriam

Dedicated

in love and reverence to the
sacred memory of my family
and the Jewish Community
of Wolkovisk.

